# ווילנער
# זאמעלבוך

אונטער דער רעדאקציע פון

**ד"ר צ. שאבאד**

צווייטער באנד

ווילנא — תרע"ח
1918

# Wilnaer Sammelbuch

herausgegeben von Dr. **Z. Schabad**

## Zweiter Band

WILNA

Buchdruckerei **N. ROSENTAL**, Gr. Stephanstr. 14.

1 9 1 8.

* * *

מער ווי אַ יאָר איז אַוועק זינט ס'איז ערשינען דער ערשטער באַנד פון „ווילנער זאַמעלבוך“. מיר האַלטען פאַר אונזער חוב אַרויס־צוגעבען דעם צווייטען באַנד, כדי נאָך ווייטער צו פערחתמענען דאָס אַלץ, וואָס ס'איז געשעהען און איבערגעלעבט געוואָרען אין די מלחמה־יאָרען אין אונזער ווילנאַ; אַזוי ווי אין דער גרעסטער מאַשין שפּילט אַ ראָלע אַפילו דער קלענסטער שרייפעלע, אַזוי איז אויך אין דער וועלט־געשיכטע וויכטיג און כאַראַקטעריסטיש דער לעבען פון דער קלענסטער שטאָט, פון דעם קלענסטען ווינקעלע. אגב פערנעהמט טאַקי ווילנא גאָרניט קיין קליינעם אָרט אין גאַנצען בעזעצטען געביט, און אַלס הויפּטשטאָט פון ליטא שפּיגעלט זי אָב דעם לעבען און די פּאָליטיק פון גאַנצען קאַנט.

מיר זיינען זיך מודה, אַז אויך אין צווייטען באַנד איז ווייט ניט אַריין אַלץ, וואָס איז ווערט געשריבען און געדרוקט צו זיין. מחמת פיל טעמים זיינען מיר געווען ביכולת צו געבען נור אַ טייל און אפשר דעם קלענסטען טייל פון דעם, וואָס איז געשעהען און איבערגעלעבט געוואָרען אין די לעצטע יאָרען. אויך ניט אַלע אַרטיקלען אין בוך האָבען דעם גלייכען היסטאָרישען ווערט, און ניט אַלע זיינען געשריבען אין דערזעלבער צייט. דאָס זאַמלען פון די מאַטעריאַלען האָט געדויערט אַ לייננגערע צייט און צוליב טעכנישע סיבות האָבען זיי ניט אומעטום אין בוך געקענט ווערען געדרוקט אין דעם געהעריגען סדר, לויט זייער וויכטיגקייט אָדער זייער שייכות איינער צו דעם אַנדערען. די אַלע חסרונות האָבען אָבער אונז ניט געקענט אָבהאַלטען צוצואַיילען זיך אַרויסצוגעבען דעם בוך, ווי ער איז.

מיר געפינען זיך דאָך אויפן שוועל פון אַ נייעם מצב, פון

אַ נייער סביבה. אפשר וועלען מיר האָבען איינגיבען גאָר נייע ווערטער, נייע רעיונות, און מסתמא דעמאָלט — אויב מיר וועלען זוכה־זיין אַרויס־צוגעבען דעם דריטען באַנד, — וועט ער שוין האָבען אַן אַנדער אויסזעהן, אַן אַנדער פאַרב.

בכלל האָבען מיר זיך געגעבען טרחה פאָרשטעלען דעם לעזער בלויז אמתע בילדער, אמתע פאַקטען, וואָס קענען מעהר־וועניגער באַלייכטען און אויפקלערען דעם יודישען לעבען אין דער צייט פון אָקופּאַציע. און דער גוטער קבלת־פנים, מיט וועלכען דער ערשטער באַנד איז אָנגענומען געוואָרען פון דער פּרעסע און פון דער געזעל־שאַפט, גיט אונז די מעגליכקייט צו האָפען, אַז אויך דער צווייטער באַנד פון „ווילנער זאַמעלבוך" וועט פערנעמען דעם געהעריגען אָרט

ד"ר צ. שאַבאַד.

אָנהויב יאַנואַר 1918.

ד"ר צ. שאַבאַד.

# איבערזיכט.

## I.

פערפאָלגט און דערדריקט האָבען די יודען געלעבט אין דעם ערשטען יאָר פון דער מלחמה. כדי צו פערענטפערען די מיליטערי־שע מפּלות האָט די צאַריסטישע מלוכה־מאַכט געזוכט די סבּות אין די יודען, און ס'האָבען זיך אָנגעהויבען די רדיפות און בעשולדיגונגען פון אַלע יודען אין שפּיאָנאַזש. ווילנא האָט איבערגעלעבט פאַר אירע אויגען דעם גאַנצען גרויש פון קאָוונער גוב. און קורלאַנד; דאָס האַרץ האָט וועה געטאָן סיי פון רחמנות, סיי פון בעליידיגונג. די ווילנער כלל־טוער האָבען זיך פון איין זייט געמוזט אָבגעבען מיט הילף פאַר די צעהנדליגער טויזענדער אַרויסגעטריבענע און אָנגעלאָפענע און פון דער אַנדער זייט זיך משתדל זיין פאַר דער העכערער מיליטערישער מאַכט (פירסט טומאַ־נאָוו, גענעראַל אַלעקסעיעוו) און אויפווייזען זיי, אַז דער חשד, וואָס איז אַרויפגעוואָרפען אויף די יודען, איז כזב ושקר. צום אָנהויב פון צווייטען יאָר מלחמה האָט שוין די ווילנער יודישע שתדלנות געמוזט אויפהערען: דער שונא האָט זיך אַלץ מעהר דערנענטערט, און די שטאָט האָט מען אָנגעהויבען צו עוואַקואירען.

די רוסישע טשינאָווניקעס האָבען אָבער שלעכט אָרגאַניזירט די עוואַקואַציע: מען האָט אפילו ניט בעוויזען איינגאַנצען אַרויסצופיהרען די מלוכה־אַנשטאַלטען און די גרויסע פאַבריקען; פאַר דער בעפעלקע־רונג איז ווייניג וואָס אויפגעטאָן געוואָרען; די קאָמיסיע פון מיטגליד פון גאָס. סאָוועט זובטשאַנינאָוו איז געקומען צושפּעט, האָט אַ סך צו־געזאָגט, אָבער קיין זאַך ניט מקיים געווען. אַזוי ווי פריהער האָט מען אָהן אַ אָרדענונג עוואַקואירט די בעפעלקערונג פון די דערפער און פון די קליינשטעטלעך, אַזוי האָט מען אויך איצט ווייניג געזאָרגט פאַר דער גרויסער שטאָט ווילנא. ס'איז ניט געווען קיין צוגען צום אַוועק־פיהרען ניט די מענשען ניט זייער גוטס. אָן שוחד האָט מען איבערהויפּט ניט געקענט קריגען ניט קיין בילעט אויפ'ן באַן, ניט קיין וואַגאָן אויף אַוועקצופיהרען די סחורה; דאָס איז פאַר קיינעם ניט גע־ווען קיין סוד. ניט אַלע פון די איינוואוינער האָבען בכלל פערשטאַנען פאַרוואָס זיי דאַרפען אַוועקפאָהרען, און וואוהין זיי זאָלען פאָהרען,

מחמת דעם איז געווען קלאָר, אַז דער גרעסטער טייל פון דער אָרימער יודישער בעפעלקערונג, ניט ריידענדיג שוין פון די אָנגעקומענע פון די אַרומיגע שטעט און שטעטלעך, וועלט בלייבען אין ווילנא, בעת דער שונא וועט קומען. און פאַר די יודישע כלל-טוער, וואָס האָבען נאָך געהאַט די מעגליכקייט אַוועקצופאָהרען, איז געשטאַנען די פראַגע: צו זאָל מען אַלץ אַוועקוואַרפען, איבערלאָזענדיג אַ גאַנצען קאַנט און אַ גרויסע קהלה אין אַ שווערער צייט אָהן שוץ און אָהן פאָרשטעהער?

אין דעם פרט איז די פסיכאָלאָגיע פון די ווילנער יודען געווען אַן אַנדערע, ווי ביי זייערע קריסטליכע שכנים. פאַר זיי איז די שאלה קיין שאלה ניט געווען. נאָכדעם ווי וואַרשא און גאַנץ פוילען זיינען איינגענומען געוואָרען פון די דייטשען, האָבען זיך די ווילנער פאָליאַקען געפילט נעהנטער צום קעניגרייך פוילען, ווי צו רוסלאַנד. די ליטווינער, בלייבענדיג אין ווילנא, האָבען גערעכענט, אַז זיי בלייבען ביי זיך אין דערהיים, אין זייער לאַנד, אפילו ווען די דייטשען וועלען קומען. כמעט אויך אַזוי האָבען זיך געפילט די ווילנער פאָליטיש-בעוואוסט-זיניגע ווייסרוסען. נור די יודישע אינטעליגענץ און דער סוחרישער קלאַס האָבען גאָר קיין חשק ניט געהאַט צו בלייבען און פערלאָזען זיך אויף נסים, ניט וויסענדיג, וואָס וועט זיין ווייטער. אַזוי זיינען פון די יודען געבליבען נור די, וואָס האָבען געמוזט בלייבען: די אַנטלאָפענע, וואָס פלעגען קריגען שטיצע פון קאָמיטעט און אַ גרויסער טייל פון דער ווילנער אָרימער בעפעלקערונג—אַרבייטער, בעלי-מלאכות, קליינהענדלער און—לופטמענשען. מיט זיי אַלעמען זיינען געבליבען אויך עטליכע אינטעליגענטען און כלל-טוער, האַלטענדיג, אַז זייער חוב איז צו בלייבען מיט די, וואָס האָבען געמוזט בלייבען.

אָט דער אונטערשייד אין די פסיכאָלאָגישע מאָטיווען ביי די געבליבענע קריסטען און יודען האָט זיך אָבגעשפיגעלט אויך אין ווייטערדיגען לעבען פאַר די 2 יאָר.

די פאָליאַקען זיינען געבליבען אַזוי ווי פריהער די בעלי-בתים אין שטאָט, אין דער שטאָט-אופראַווע. און אין משך פון ערשטען יאָר האָט זיך די גאַנצע ערנעהרונגס-פראַגע באמת געפונען ביי זיי אין די הענט; די אופראַוועסקע טשינאָווניקעס זיינען געווען פערזאָרגט מיט פראָדוקטען, מיט האָלץ און קעראסין, און די בעפעלקערונג, דער עיקר די יודישע, האָט געמוזט קליאַנטשען כדי צו קריגען כאָטש אַ טייל פון דעם, וואָס איז געבליבען פון די זאַפּאַסען אָדער אַריינגעפירט געוואָרען אין שטאָט.

די מיליציע איז אויך געווען דערהויפּט אין פוילישע הענט. די שטאָט-דומע האָט אָנגעהויבען צו קלערען וועגען אַ מיליציע נאָך אין הערבסט 1914, תיכף ווי די דייטשען זיינען אַריבער די גרעניץ,

און מען האָט געמיינט, אַז זיי געהען אויף קאָוונא. שוין דעמאָלט האָבען זיך איינינע פּוילישע דעמאָקראַטען געווענדעט צו די יודישע דעמאָקראַטען מיט אַ פּאָרשלאָג צוזאַמען צו אָרגאַניזירען אַ מיליציע, נור די יודען האָבען דעם פּאָרשלאָג אָבגעוואָרפען. בערך אין יולי 1915 האָט די שטאָט-דומע אין געשלאָסענע זיצונגען שוין אויסגעאַרבייט אַלע פּרטים פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע לויטן וואַרשעווער מוסטער און אין אויגוסט האָבען דיזעלבע דעמאָקראַטישע פאָרשטעהער בעקאַנט געמאַכט מיט דער פראַגע איניגע יודישע פאָרשטעהער. אָבער די אָרגאַניזאַציע איז שוין געווען פאַרטיג, ס׳זיינען שוין געווען אָנגעמערקט אַ קאָמענדאַנט פון דער מיליציע (זאַוואַדסקי) און אַלע 9 קאָמיסאַרען (אַלע קריסטען, דאָס רוב פּאָליאַקען). פאַר די יודען האָט מען נור געלאָזען אָרט פאַר איינינע געהילפען פון קאָמיסאַרען און פאַר פּשוטע מיליציאַנטען. די יודען האָבען נעוועזט ניט געוואָלט אַיינגעהן אויף אַזאַ צווייטע ראָלע, אָבער פּאַקטיש זיינען אויך ניט געווען קיינע פּאַסענדע יודען, וואָס וואָלטען וועלען זיין קאָמיסאַרען. אפילו צו ווערען מיליציאַנטען און דעסיאַטניקעס האָבען די יודען זיך אויך ניט גערן פערשריבען, פון איין זייט ניט האַלטענדיג דאָס פאַר לאָיאַל, בעת די רוסען זיינען נאָך געווען אין ווילנא, פון דער אנדער זייט נאָך מורא האָבענדיג פאַר׳ן אָקאָ-לאָדאָטשני: די בעשולדיגונגען געגען די יודען אין שפּיאָנאַזש און פריינדשאַפט צו די דייטשען האָבען נאָך ניט אויפגעהערט.

אַזוי האָבען די יודען קיין השפּעה ניט געהאַט אויף דער צווייטער (נאָך דעם מאַגיסטראַט) מאַכט אין שטאָט, אויף דער מיליציע, און דאָס איז אויך געווען איינע פון די סבות, וואָס די יודען האָבען קיין פריילבע שעה ניט געהאַט.

דערמיט איז אָבער ניט געזאָגט געוואָרען, אַז די אָפיציעלע בעציהונגען פון די יודען צו זייערע שכנים זיינען געווען שלעכטע. אדרבה, די גאַנצע צייט, צוליב פערשיידענע עסקים, האָבען די יודישע פאָרשטעהער געפירט פערהאַנדלונגען אַמאָל מיט די פּאָליאַקען, אַמאָל מיט די ליטווינער און ווייסרוסען, אַמאָל מיט אַלעמען צוזאַמען. אין די סכסוכים צווישען די פּאָליאַקען מיט די ליטווינער און די ווייס-רוסען זיינען די יודען תמיד געשטאַנען נייטראַל, האַלטענדיג געוועהנליך מעהר פאַרן שוואַכערען צד, דער עיקר געהענדיג צוזאַמען מעהר מיט די דעמאָקראַטישע עלעמענטען, און בלייבענדיג זעלבסטשטענדיג ווי אַ נאַציע.

לויט דעם פאָרשלאָג פון די פּאָליאַקען זיינען זיי צוזאַמען מיט די ליטווינער און ווייסרוסען אַריינגעטראָטען אין בירגער-קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעהויבען זיין טעטיגקייט תיכף ווי די דייטשען זיינען אַריין. די יודען האָבען בעקומען דאָרט 4 ערטער (ד״ר וויגאָדסקי, ד״ר שאַבאַד, אינזש.

ליטויער,—און יוסף איזביצקי פון די יודישע אַרבייטער). דער קאָמיטעט וואָלט נעקענט האָבען אַ גרויסע פּאָליטישע בעדייטונג אין גאַנצען קאַנט הן אין פּראַקטישען, הן אין ריין-מאָראַלישען זין, ווען ניט די אויסער-ליכע שוועריגקייטען פון איין זייט און די נאַציאָנאַליסטישע עקשנות פון דעם רוב פּאָליאַקען פון דער צווייטער זייט. אָפיציעל איז איינגיבען זיין טעטיגקייט בעגרענצט געוואָרען נור אויף די שטאָט ווילנא און נאָכדעם איז ער ביסלעכווייז אָבגעשטאָרבען. די פּאָליאַקען זיינען נאָך דעמאָלט געווען תקיף, אָבער ביסלעכוויז איז זייער השפעה אין דער פיהרונג פון די שטאָט-ענינים געוואָרען אַלץ קלענער, הגם אין סעפּטעמבער 1916 איז פּוילען פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס אַ בעזונדערע מלוכה.

## II.

שוין אין אָנהויב פון אָקופּאַציע האָבען די יודישע פאָרשטעהער אין ווילנא קורט-כל געהאַט צו קעמפען פאַר זייערע נאַציאָנאַלע אינ-טערעסען. די הודעות (בעקאַנטמאַכונגען א. א.) פון דער נייער מאַכט זיינען אַפריהער געווען געדרוקט אויף דייטש און אויף פּויליש, דער-נאָך אויך אויף ליטוויש, אָבער ניט אויף יודיש: מען האָט פּשוט געמיינט, אַז אין אַ „פּוילישער" שטאָט פערשטעהען דאָך אַלע יודען פּויליש און אויך דייטש, ווייל זיי רײדען דאָך אַלע אויף אַ „דייטשען דיאלעקט". די יודישע פאָרשטעהער האָבען געמוזט אָנווייזען, אַז ווילנא איז ניט קיין פּוילישע שטאָט (אין דעם האָבען זיי, פערשטייט זיך, געשטיצט דער עיקר די ליטווינער), די יודישע מאַסען פערשטעהען ניט קיין פּויליש, ניט קיין דייטש, און אַז זיי האָבען אַן אייגענע שפּראַך, אויף וועלכער זיי רעדען,—יודיש. דערמיט האָט מען געפּועלט, אַז אַלע הודעות זאָלען געדרוקט ווערען אויך אויף יודיש.

אין נאָוועמבער 1915 איז פאָרגעקומען די ערשטע פאָלקסצעהלונג, כדי צו קענען איינפיהרען ברויט-קאַרטען; די צעהלונג האָט זיך בע-גרעניצט מיט דער אויספאָרשונג פון דער צאָל דערוואַקסענע און קינדער ביז 14 יאָר און איז איינגאַנצען איבערגעגעבען געוואָרען דער מיליציע אונטערן קאָנטראָל פון די דייטשען. יעדער איינוואוינער האָט בעקומען אַ בלאַנק, וועלכען ער האָט בעדאַרפט אויספילען. אַלע פראַגען זיינען געווען געדרוקט אויף דייטש, פּויליש און ליטוויש, אָבער ניט אויף יודיש. די יודישע פאָרשטעהער האָבען זיך אויך דאָ געמוזט משתדל זיין פאַר דער מאַכט וועגען יודיש, ווייל ראשית האָט פאַר פאַלשע און ניט ריכטיגע ידיעות געקומט שטראָף, און שנית, איז טאַקי געווען וויכטיג, אַז אַלע יודען זאָלען פערשריבען ווערען, ווען ניט, האָט מען מורא געהאַט, וועלען זיי ניט קריגען קיין ברויט. דעם פּשוט'ען יודען איז אונמעגליך געווען צו פערשטעהן די בלאַנקען, און פערלאָזען זיך

אויפ'ן יושר פון די מיליציאַנטען, אַז זיי זאָלען געבען די נויטיגע ער-קלערונגען, איז ניט געווען מעגליך. די שתדלנות האָט אָבער ניט געווירקט, און אַלע אַנדערע בלאַנקען, ביי די שפּעטערדיגע צוויי פאָלקס-צעהלונגען, זיינען אויך געווען געדרוקט נור אויף דייטש און פּויליש.

די צווייטע צעהלונג, וועלכע האָט געהייסען פאָלקס-און פיה-צעהלונג, איז פאָרגעקומען אין אַ משך פון פיר טעג, אין מערץ 1916, און איז ברייט אָרגאַניזירט געוואָרען. די גרויסע פראַגע-בויגענס האָבען געהאַט פאָלגענדע רובריקעס: פאַמיליע, נאָמען, געשלעכט, נאַציאָ-נאַליטעט, אמונה, עלטער (ביז 14 יאָר און נאָך 14 יאָר), אַרבייטס-פעהיגקייט, בעשעפטיגונג און כלערליי ווירטשאַפטליכע פראַגען (וויפיל פערד, בהמות, עופות, ערד, מאַשינען, מאָטאָרען וכדומה). צו דער אַרבייט זיינען צוגעצויגען געוואָרען 400 צעהלער פאַר געצאָלט און פאָרשטעהער פון אַלע 4 נאַציאָנאַליטעטען; אין יעדען צירקעל איז געווען אַ קאָמיסיע פון 3 פערזאָן אויסצוגלייכען נאַציאָנאַלע סכסוכים. די דאָזיגע סכסוכים זיינען פאָרגעקומען צווישען די פּאָליאַקען פון איין זייט און ליטווינער און בעלאָרוסען פון דער אַנדער זייט. אַלס אומ-פּאַרטייאישע שופטים זיינען געווען די יודען. דער עיקר פלעגען זיך די ליטווינער און בעלארוסען בעקלאָגען, אַז די פּוילישע צעהלער האָבען זיי פערשריבען פאַר פּאָליאַקען. ס'האָט זיך אויך אַרויסגעוויזען, אַז די פּוילישע צעהלער האָבען לגמרי ניט פערשריבען גאַנצע הייזער מיט לויטער יודישע איינוואוינער. ווען דאָס איז קאָנסטאַטירט געוואָרען, לויט אַ פּריוואַטער נאָכאַמאָליגער צעהלונג פון די יודישע צעהלער, האָט מען וועגען דעם אָנגעגעבען אַ מעלדונג דעם שטאָט-הויפּטמאַן.

אָבער די אונצופרידענהייט פון די ליטווינער און די בעלאָרוסען איז געווען גרעסער, און זיי האָבען דעם 9 מערץ 1916 אָנגעגעבען אַן ערקלערונג, אונטער וועלכער די יודען האָבען זיך מחמת פיל טעמים ניט געקענט חתמ'נען. דער דאָזיגער דאָקומענט כאַראַקטעריזירט די בעציהונגען צווישען די קריסטליכע נאַציאָנאַליטעטען אין ווילנא און האָט אַ בעדייטונג פאַר דער וייטערדיגער פּאָליטיק אין קאַנט. אין דער ערקלערונג ווערט אָנגעוויזען, „אַז הגם די פּאָליאַקען זיינען אין ווילנא אַ מעוט, האָט זיך די גאַנצע קאַטוילישע בעפעלקערונג פערשריבען אַלס פּאָליאַקען. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס לויט דעם רוסישען געזעץ פון 1892 זיינען אין דער שטאָט-פערוואַלטונג די פּאָליאַקען געווען די איינציגע בעלי-בתים, וואָרום די יודען האָבען ניט געהאַט קיין רעכט צו זיין גלאַסנעס. אין די קאַטוילישע קלויסטערס זיינען אַלע גלחים—פּאָליאַקען און דער בישאָף האָט קיין ליטווישע גלחים ניט צוגעלאָזען. נאָך ער-גער ווערען בעהאַנדעלט די קאַטוילישע בעלאָרוסען דורכדעם, וואָס די ווייסרוסישע שפּראַך איז פערווערט אין קלויסטער, און אַזוי ווערען

די בעלאָרוסען פּאָלאָניזירט. אויך בײַ דער דײַטשער אָקופּאַציע האָט זיך די פּאָליאַקען אײַנגעגעבן אַרײַנצונעהמען אין זייער רשות כמעט די גאַנצע מיליציע. די פּאָליאַקען האָבען אויך אַרײַנגענומען אין זייערע הענט די אַלע צדקה־חברות, וואָס ווערען אויסגעהאַלטען אויף דאָס געלט, וואָס ס׳איז געקומען פון אויסלאַנד פאַר גאַנץ ליטא און וואָס ווערען אויך אונטערשטיצט פון שטאָט, און אויף אַזאַ אופן איז די גאַנצע קריסטליכע בעפעלקערונג אָבהענגיג פון דער גוט־אָרגאַניזירטער פּוילישער אינטעליגענץ, דורכדעם וואָס די פּאָליאַקען זיינען געוואָרען די פערמיטלער צווישען דער דײַטשער מאַכט און דער בעפעלקערונג. אויסערדעם האָבען די פּאָליאַקען שוין לאַנג פאַר דער פאָלקס-צעהלונג אָנגעהויבען צו אַגיטירען אין דער פּראָווינץ און אין די קלויסטערס, אַז אַלע קאַטאָליקען זאָלען זיך פערשרײַבען פאַר פּאָליאַקען, כדי אומעטום צו קענען אײַנפיהרען די פּוילישע שפּראַך. די אַגיטאַציע איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די ווייסרוסען און ליטווינער, וואָס האָבען זיך פערשריבען אַלס אַזעלכע, זיינען אָנגעשראָקען געוואָרען, אַז זיי וועלען ניט קריגען קיין ברויט, וועלען פערלירען זייערע שטעלעס, וועלען אָבגעזאָגט ווערען פון אונטערשטיצונג מצד די צדקה־חברות, וועלען ניט בעקומען אין נויטפאַל קיין מתים־צעטלעך צו בעגראָבען וכדומה. מחמת די אַלע טעמים האַלטען די ליטווינער און די בעלאָרוסען די אַלע דאַטען, וואָס די פאָלקסצעהלונג וועט געבען, פאַר ניט קיין ריכטיגע ניט נור אין ווילנא, נור אויך אין דער פּראָווינץ״.

אין דעצעמבער 1916 איז נויטיג געוואָרען אַ דריטע פאָלקס-צעהלונג, וועלכע האָט אויך געזאָלט פאָרקומען אונטער דער מיטווירקונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען, נור אויף אַן אַנדער אופן. אין יעדער ברויט־קאַרטען־ביוראָ זיינען אין אַ משך פון צוויי וואָכען געזעסען פאָרשטעהער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען און די אָנגעשטעלטע פון די ביוראָ׳ס, דערהויפּט פּאָליאַקען, אונטער דער השגחה פון אַ דײַטשען בעאַמטען. יעדערער, וואָס האָט געדאַרפט אַרויסנעמען זיין ברויטקאַרטע, האָט געמוזט ענטפערען אויף פראַגען בנוגע זיין נאַציאָנאַליטעט, פאַמיליענצושטאַנד א. אז. וו. די ליטווינער האָבען פון אָנהויב אָן זיך אָבגעזאָגט צו בעטייליגען זיך אין די קאָמיסיעס, „מחמת זיי האָבען געהאַלטען דעם מאָמענט פאַר אַ ניט פּאַסענדען צו בעריהרען די קראַנקע פראַגע וועגען דער צוגעהעריגקייט צו דער אָדער יענער נאַציאָנאַליטעט דורך אַ פאָלקס-צעהלונג״. די ווייסרוסען זיינען אין עטליכע טעג אַרום אויך אַרויסגעטראָטען. די יודען האָבען אָבער ניט געפונען פאַר נויטיג זיך אָבצוזאָגען און האָבען די גאַנצע צייט געאַרבייט צוזאַמען מיט די פּאָליאַקען, האַלטענדיג פאַר וויכטיג נאָכצוזעהן, אַז יעדערער זאָל ריכטיג זיין פערשריבען לויט די ידיעות, וועלכע ער פלעגט אָנגעבען

ווי מעגליך האָבען זיי געזעהן אויך צו אונטערשטיצען די נאַציאָנאַלע אינטערעסען פון די ליטווינער און די בעלאָרוסען.

אויך אין אַ סך אַנדערע ענינים האָבען די יודען געווירקט, אַז מען זאָל זיי אָנערקענען פאַר אַ נאַציע, ניט נור פאַר אַ אמונה. ווען מען האָט אָנגעהויבען אַרויסגעבען די פּעסער מיט פאָטאָגראַפיעס, אין וועלכע ס'איז נור אַיינגעשריבען די אמונה, אָבער ניט די נאַציאָנאַליטעט, האָט מען געוועזט קיין יודישע איבערזעצונג אין די יודישע ביכלעך ניט געדרוקט, און מען האָט געוואָלט אַרויסגעבען יודען פּעסער מיט אַ פּוילישער אָדער ליטווישער איבערזעצונג, האַלטענדיג זיי בכן אָדער פאַר פּאָליאַקען אָדער ליטווינער (מאָזאאישער רעליגיאָן). דערנאָך אָבער, אַז אייניגע יודען האָבען זיך אָבגעזאָגט צו בעקומען אַזוינע פּעסער, האָט מען געלאָזט דרוקען פאַר יודען בעזונדערע פּעסער מיט אַ יודישער איבערזעצונג. אומעטום וואו ס'איז נור מעגליך געווען אַרויסצושטעלען און צו פערטיידיגען די בעזונדערע יודישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען, האָבען די יודישע פאָרשטעהער דאָס פערשטאַנען צו טאָן, און אין דעם פּרט זיינען גראָד ביי די יודען פון פערשיידענע ריכטונגען קיינע סכסוכים ניט געווען.

אַזוי זיינען פון יודישען קאָמיטעט געווען אונטערשטיצט די בקשות אויף אַרויסצוגעבען אַ יודישע צייטונג און צו ערלויבען די יודישע טרופּע צו שפּילען. אמת „די לעצטע נייעס" האָט ניט אָבגעשפּיגעלט די פּאָליטישע אָנשויאונגען פון די ווילנער יודען, ווייל די צייטונג איז געווען אַ פּריוואַטע אונטערנעהמונג, און פאַר איר ריכטונג און פירונג טראָגען די אחריות אירע רעדאַקטאָרען. בכלל אָבער האָט די צייטונג דאָך געגעבען ווי ס'איז די מעגליכקייט אויך אָבצושפּיגלען די יודישע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטע-רעסען. מען דאַרף נאָך נעהמען אין בעטראַכט, אַז אין דער גאַנצער צייט פון דער אָקופּאַציע איז זי געווען די איינציגע יודישע צייטונג: מעהר ווי צו 1 צייטונג (אַלס מאָנאָפּאָל) אויף יעדער נאַציאָנאַלער שפּראַך (פּויליש, יודיש, ווייסרוסיש, ליטוויש) האָט מען ניט ערלויבט.

די ווילנער יודישע דראַמאַטישע טרופּע, וואָס איז בעשטאַנען כמעט פון דילעטאַנטען, האָט פיל אויפגעטאָן אין נאַציאָנאַל-קולטורעלען זין, געבענדיג דעם עולם אין אַ טאַלאַנטפולער פאָרם די מעגליכקייט צו בעקאָנען זיך מיט די בעסטע ווערק פון יודישען רעפּערטואַר. די שווערע צייט און די פיל דאגות האָבען גורם געווען, אַז דער יודישער טעאַטער, הגם מען האָט געשפּילט נור 2 מאָל אין וואָך, איז ניט אַלע מאָל געווען פול, און די טרופּע האָט קוים געקענט זיך אויסהאַלטען. אין די אַנדערע שטעט, וואוהין די טרופּע איז אָבגעפאָהרען, ווי אין סובאַלק, גראָדנא, ביאַלים-טאָק און נאָכדעם אין וואַרשא, האָט די ווילנער יוגנע, ביי אונז געבאָרענע, טרופּע זעהר אויסגענומען און בעקומען אַ גרויסען שם. פערשטעהט זיך: אַז דער גאַנצער כח פון דער טרופּע איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זי

איז געווען דורכגעדרונגען פון אַ ריינעם נאַציאָנאַל-קולטורעלען רעיון, האָט ניט געוואָלט חנפענען די אינסטינקטען פון דער מאַסע און האָט ניט אַריינגענומען אין איהר רעפּערטואַר דעם גאַנצען באַלאַסט פון דער „יודישער שונדליטעראַטור.

## III.

די אויסערגעוועהנליכע שווערע צייט האָט אויך געווירקט אויף דעם, אַז דער עיקר פון דעם נאַציאָנאַל-קולטורעלען לעבען, די ערציהונג פון די קינדער, איז ווייט ניט געשטאַנען אויף דער מדרגה, אויף וועלכער זי האָט בעדאַרפט שטעהן.

צום אָנהויב, בעת ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרען די מעגליכקייט צו עפענען יודישע שולען מיט למודים אויף דער מוטער-שפּראַך, האָט זיך געוויזט אויפגעלעבט ביי די יודען די טעטיגקייט אויפן געביט פון בויען שולען. די חברות „מפיצי השכלה" און „קינדער-פערזאָרגונג" האָבען תיכף געעפענט זייערע שולען און געבילדעט נייע. אין דער זעלבער צייט האָבען די ציוניסטען געעפענט העברעאישע שולען, פּריוואַטע אונטערנעה-מער האָבען געעפענט „גאָרטענס" – יודישע און העברעאישע – פאַר קליינע קינדער, „גרופּעס" און „גימנאַזיעס" פאַר דערוואַקסענע קינדער. ניט אַלץ איז אָבער געווען כשר-וישר. די פּריוואַטע גרופּעס און גימנאַזיעס, וועלכע האָבען געדאַרפט זיין צוגעפּאַסט צו די מעהר פערמעגליכע קינדער, וואָס האָבען פריהער בעזוכט די „אוטשילישצעס", „שקאָלעס" און „פּראָ-גימנאַזיעס", האָבען ווייט ניט געקענט אָנגענומען ווערען פאַר נאַציאָנאַלע יודישע שולען. די עלטערען האָבען געשיקט אַהין די קינדער, ווייל קיין בעסערע האָבען זיי ניט געהאַט, און זיי האָט זיך געדוכט, אַז דאָס איז פּאָרט אַ תכלית.

פּאַראַלעל מיט די וועלטליכע שולען האָבען זיך געעפענט חדרים, פּריוואַטע און געזעלשאַפטליכע, פאַר רייכערע קינדער און תלמוד-תורות– פאַר אָרימע. דער לעצטער טיפּ, – אויסער „תורה-אמת", – איז געווען פער-לאָזענער פאַר אַלע שולען. זייערע אַלטע טראַדיציעס זיינען נאָך געבלי-בען דיזעלבע און ס'האָבען זיך ניט געפונען קיין בעלנים זיי צו פערבעס-סערען אָדער אינגאַנצען צו רעפאָרמירען. אַלס יוצאים מן הכלל זיינען געמאַכט געוואָרען בלויז איינציגע פּרובען, און מיט אַ געוויסען ערפאָלג.

איינע פון די וויכטיגסטע סבות, פאַרוואָס די שולען זיינען ניט געשטאַנען אויף דער נויטיגער מדרגה, איז, פערשטעהט זיך, די שלעכטע פינאַנציעלע לאַגע, אין וועלכער זיי האָבען זיך תמיד געפונען, ווי נידריג ס'איז ניט געווען דער געהאַלט פון די לעהרער (דורכשניטליך 15 רובל אַ האַלב יאָר פאַר אַ וועכענטליכער שעה) ביי דעם גרויסען יקרות, וואָס האָט כסדר געשטיגען, איז דאָך ניט געווען מעגליך צו צאָלען זיי שכירות רעגולער. די קינדער פלעגען אַריינטראָגען ווייניג שכר-למוד און די הוצאות זיינען

געווען גרויס. דער צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער פלעגט פערטיילען די געלט, וואָס פלעגט אָנקומען פון אַמעריקאַ דורכ׳ן דייטשען יודישען הילפספעראיין, האָט פון אָנהויב געקוקט אויף די שולען, ווי אויף אַ לוקסוס-זאַך, און נעהמענדיג אין אַכט די גרויסע נויט אין שטאָט, פלעגט ער צוטיילען דאָס געלט דער עיקר אויף עסען און אויף תמיכה. די שולען פלעגען קריגען נור אַ קליינעם טייל פון זייער ביודזשעט. די פערוואַלטונגען פון די שולען פלעגט אויסקומען צו פערקירצען די בעדערפעני-שען און זוכען וועלכע ס׳איז מיטלען אין שטאָט. וועגען פערגרעסערען די צאָל שולען פאַר אָרימע קינדער האָט שוין גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין.

די אַנדערע סבה—איז דער קאַמף צווישען העבראיסטען און יודישיסטען, וואָס האָט זעהר געשטערט דער געמיינזאַמער אַרבייט אין די קאָמיטעטען בנוגע דער שולפראַגע. ווען ניט די סכסוכים, וועלכע זיינען אָפטמאָל געווען אָבהענגיג פון פערזענליכע סימפּאַטיעס און אַנטי-פּאַטיעס, פון טאַקטלאָזיגקייט און פערקערטע בעגריפען פון כבוד, וואָלט למשל די ווילנער חברה „מפיצי-השכלה״ געקענט פערנעמען אַ צענטראַלען אָרט בנוגע דער שולפראַגע ניט נור אין שטאָט אַליין, נור אויך אין דער גאַנצער געגענד. די ערשטע צייט, ווען דער פּאַרטיי-קאַמף האָט זיך נאָך ניט פונאַנדערגעוויקעלט, איז אַזוי געווען: דער קאָמיטעט האָט אין אַ משך פון איין האַלב יאָר געעפענט דעם פאָלקס-אוניווער-זיטעט, צוויי נייע שולען און טעכנישע קורסען (ז. ווילנער זאַמעלבוך 1-טער באַנד). וועלכע האָבען אַלע פונקציאָנירט מיט גרויס ערפאָלג. אָבער די מלחמה צווישען ביידע צדדים אין דער חברה און אין קאָמיטעט האָט זיך אַלץ מעהר פונאַנדערגעברענט און האָט זיך אויך פערשפּרייט אויף די שולען פון „מפיצי-השכלה״. די אַרבייט איז פּאַראַ-ליזירט געוואָרען. די ענערגיע איז אַוועק אויף אַ פרוכטלאָזען קאַמף. די מחלקות צווישען קאָמיטעט און אַ טייל לערער (דער קאָמיטעט האָט געוואָלט האָבען אַ השפעה אויף דעם פּראָגראַם פון די שולען, די לערער האָבען גע׳טענה׳ט, אַז די שולען זיינען זייערע וכדומה) האָבען זיך אַריבער-געטראָגען אויף די אַלגעמיינע פערזאַמלונגען און אין דער פּרעסע, ס׳האָבען זיך געגרינדעט אַ „מערהייט״ (ציוניסטען) און אַ „מינדערהייט״ (יודישיסטען).— און די חברה איז געבליבען אַ לאַנגע צייט אָהן אַ צענטראַלער הנהגה און אָהן אַ טעטיגקייט. דערצו האָט נאָך געטראָפען די שולען אַ נייער אומגליק: מחמת דער עפּידעמיע פון פלעקטיפוס האָבען די שולען געמוזט זיין געשלאָסען כמעט אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד. און איצט שטעהט פאָר די געפאַהר, אַז בעת ס׳וועלען אָנקומען די גרויסע פרעסט, וועלען די שולען ווייטער מוזען ליידען,— פון קעלט,— מחמת מאַנגעל אין האָלץ.

·IV·

ניט קוקענדיג אויף די אַלע שוועריגקייטען, איז דאָך געזאָרגט געוואָרען, אַז די אָרימע קינדער זאָלען קענען בעזוכען חדרים אָדער שולען און די קלענערע זאָלען וועניגסטענס ווי ס'איז בעקומען אַ השגחה און קריגען וואַרימע עסענס׳

אין דעם פּרט האָבען אַ סך אויפגעטאָן די חברה „קינדערפערזאָרגונג" און אויך אַנדערע ווילנער חברות. די חברה „קינדער-פערזאָרגונג" האָט פאַר די לעצטע צוויי יאָר פון איר עקזיסטענץ, אויסגעגעבען בערך 328000 מאַרק און האָט אויף דעם אָדער אַנדער אופן געשטיצט בערך 3030 קינדער. די חברה האַלט אויס צוויי קינדער-קיכען, אין וועלכע ס'בעקומען מיטאָג-עסען 2000 קינדער. פאַר 1916–17 איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אַן ערך 720,000 פאָרציעס. דעם געדאַנק, אַז קינדער מוזען בעקומען עסען בעזונדער פון די דערוואַקסענע, האָט די ערשטע דורכגעפיהרט די קינדער-קיך אויף פּאָהוליאַנקע, און איצט, אַריינרעכענענדיג די קינדער-קיך פון „מפיצי השכלה" (1000—1200 קינדער) און אַלע שולען און היימען, ווערען אין ווילנא געשפּייזט אָרימע יודישע קינדער טעגליך אַן ערך פון 5000. אין די דריי קינדער-היימען פון דער חברה „קינדער-פערזאָרגונג" ווערען אונטערגעהאַלטען ביז 800 קינדער, וועלכע פערברייגגען דאָרט אַ גאַנצען טאָג. אויסערדעם וועלען זיך מסתּמא פעראייניגען מיט דער דאָזיגער חברה די צוויי בייטאָגיגע קינדער-היימען פון דער חברה „הילף דורך אַרבייט" פאַר 170 קינדער. אויך דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבייטער-פעראיין האָט געעפענט פאַר אַן ערך 100 קינדער פון זיינע מיטגלידער אַ קינדערהיים, און נאָך מעהר האָט אויפגעטאָן אין דער לעצטער צייט אויף דעם געביט די חברה „אַחיעזר" מיט דעם, וואָס זי האָט געעפענט אַ קינדערהיים פאַר הונדערטער קינדער, וואָס פלעגען זיך וואַלגערען אויף די גאַסען. די יתומים-הויז פאַר מיידלעך פון דער חברה „קינדער-פערזאָרגונג" האָט זיך אויך פערגרעסערט און האָט שוין מעהר ווי 150 קינדער, וועלכע לעבען דאָרט אויף אַלעם פאַרטיגען. ווען מיר וועלען נאָך צורעכענען די אָוונט-היים פאַר מיידלעך פון דער דאָזיגער חברה, די שולען פון „מפיצי השכלה", די העברעאישע שולען, תורת אמת און די אַנדערע „תלמוד-תורות", אין וועלכע ס'לערנען זיך און בעקומען עסען נאָך הונדערטער אָרימסטע קינדער, וועט זיך בעקומען אַ גרויסע צאָל יודישע קינדער, וועלכע זיינען דאָך גליקליכער פאַר זייערע הונדערטער חברים-און חבר'טעס, וואָס וואַרטען נאָך, מען זאָל זיי העלפען און ראַטעווען פון פערלאָזענהייט און דחקות.

גענוג טרויעריג האָט שוין געדאַרפט זיין דער מצב פון די מאַמעס, אַז זיי האָבען געמוזט אַוועקגעבען זייערע עופעלעך אין יתומים-הייזער, און — וואָס נאָך ערגער — אַוועקוועצען זיי אויפן גאַס, נאַקעט און הונגעריג, זיי זאָלען בעטען נדבות. ביז אַהער, בעת אפילו אין

די שלום-יאָרען זיינען בײַ די אומות-העולם תמיד געווען פינדרעלהייזער פאַר אונטערגעוואָרפענע קינדער, זיינען אַזעלכע אַנשטאַלטען בײַ די יודען גאָר ניט געווען נויטיג; און די איצטיגע יודישע „אונטערגעוואָרפענע״ זיינען אויך בלויז פון איין קאַטעגאָריע: פון דחקות.

מען קען פערשטעהן, ווען די דאָזיגע דחקות און נויט, אין וועלכער ס׳האָט זיך געפונען די ווילנער יודישע בעפעלקערונג, האָט אַרויסגערופען בײַ אַ סך פון אונזערע כלל-טוער די בעקאַנטע „קאַרטאָפּעל-פּסיכאָלאָגיע״. ניט מיט שולען און קולטורעלע פראַגען, זאָגען זיי, דאַרף מען זיך איצט פערנעמען, און ניט מיט פּאָליטיק דאַרף מען זיך איצט אינטערעסירען, נור זאָרגען ווי צו געבען עסען די צעהנדליגער טויזענדער אָרימע און פעראָרימטע יודען, גרויסע און קליינע, מענער און פרויען. טאַקי מעהר ניט ווי וועגען קאַרטאָפעל און וועגען גרויפּען פאַר די אָרימע דאַרפען זאָרגען די פאָרשטעהער פון די צדקה-אַנשטאַלטען. און ס׳האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע סעריע פון „קיכען״. געווים איז די ערנערונגס-פראַגע אין דער גאַנצער מלחמה-צייט אין אַלע שטעדט און אַלע לענדער איינער פון די וויכטיגסטע ענינים. אָבער אין ווילנא איז די פראַגע, דערהויפּט זינט דעם ווינטער 1916, וואָס פון טאָג געוואָרען אַלץ ערנסטער.

כדי צו זיין שפּאָרעוודיגער אין די פּראָדוקטען און האָבען די מעגליכקייט זיי ריכטיג צו פערטיילען, איז אויסער ברויטקאַרטען (100—150 גראַם ברויט טעגליך), איינגעפירט געוואָרען אויך גרויפּען-אָדער זופּענקאַרטען. דאָס הייסט, אַז יעדער האָט געמעגט קריגען זיין פּאָרציע גרויפּען (60—110 גר.) נור אין די געזעלשאַפטליכע זופּען-קיכען אָדער אין די קיכען, וואָס זיינען איינגעאָרדענט געווען פאַר מאַסענשפּייזונגען. אויף אַזאַ אופן זיינען איינגעפירט געוואָרען אין שטאָט ביז 150 קיכען (יודישע בערך 95) ניט נור פאַר דער אָרימער בעפעלקערונג (צו 14 פּעג. פאַר אַ פּאָרציע זופּ), נור אויך פאַר׳ן מיטעלשטאַנד, וועלכער האָט געהאַט די מעגליכקייט צו בעקומען אין זיינע קיכען אויסער זופּ, פאַר אַ העכערען פּרייז, אויך אַנדערע געריכטען.

ס׳האָט זיך געבילדעט אַ גרויסער יודישער פעראיין (הויפּטפּער-איין אָדער צענטראַלע), אין וועלכען ס׳האָבען געדאַרפט אַריין אַלע יודישע אַנשטאַלטען, וואָס גיבען אַרויס עסענס. דער פעראיין האָט זיך געטיילט אויף 6 סעקציעס: א) פאָלקסקיכען ב) קינדערקיכען ג) אַרבייטער-קיכען, ד) קיכען פון וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען (ראַמענקיכען, מושב-זקנים), ה) קיכען פון די קאָנסומפעראיינען און ו) מיטעלשטאַנדסקיכען. לויט דעם סטאַטוט האָט יעדע קיך געדאַרפט האָבען אַן אויסגעקלי-בענע פערוואַלטונג, יעדע סעקציע—אַן אויסגעקליבענעם פאָרשטאַנד און אַלע פערטרעטער פון די קיכען—אַן אַלגעמיינעם פאָרשטאַנד און

אויפזיכטסראַט פון גאַנצען פעראיין. דער פאָרשטעהער פון אויפזיכטס-ראַט איז געווען ד"ר גרשון, פון פאָרשטאַנד—ד"ר שאַבאַד. אַלע עסער אין די קיכען האָבען געמוזט זיין פערר עגיסטרירט, און נור לויט דער צאָל רעגיסטרירטע און נור מיט דער אונטערשריפט פון פאָרשטאַנד האָבען די קיכען געקענט בעקומען פראָדוקטען.

די אָרגאַניזאַציע איז געווען זעהר אַ קאמפּליצירטע, אין די קיכען זיינען געווען הונדערטער געצאָלטע אָנגעשטעלטע (עקאָנאָמען, קאַסירען, קאַסירשעס, קעכינס, קאַרטאָפּעלשיילערקעס וכדומה), איינינע צעהנדליג „פּאָפּעטשיטעלעס"—בעלי-בתים, רעוויזאָרען און קאָנטראָליאָרען. אָבער דער מצב איז געווען אַ טונקעלער, דער יסוד—אַ שאָקעלדיגער, און דער קאָנטראָל האָט געקענט זיין נור אַן אַנאויבערפלעכליכער. „גרויפּען" און „קאַרטאָפּעל" איז געווען אַ צו טייערער ביסען, און זיי האָבען זיך ניט געלאָזען צעהלען... די מענשען זיינען געווען גאָר אַנדערע, ווי אין די שלום-יאָרען, מען האָט איינער דעם אַנדערען ניט געטרויט, און מען האָט אויף אַלעמען... גערעדט.

די ערשטע זיינען אַרויס פון פעראיין די „מיטעלשטאַנדסקיכען". די פּאָרזיצענדער פון אויפזיכטסראַט און פון פאָרשטאַנד פון הויפּטפעראיין זיינען געווען גענויטיגט צו מעלדען, אַז זיי קענען אויף זיך ניט נעמען די ערבות פאַר זיי. די מיטעלשטאַנדסקיכען זיינען מסתמא אויך צו-פרידען געווען מיט'ן גט, און האָבען עקזיסטירט ווייטער ווי אַ זעלבסט-שטענדיגע „צענטראַלע"—די קיכען פון די אַנדערע סעקציעס, זיינען, בלייבענדיג אין פעראיין, אייגענטליך געווען אַווטאָנאָם און האָבען זיך נור געפונען אונטער דעם קאָנטראָל פון פעראיין. פערבונדען איינע מיט דער אַנדערער זיינען געווען נור די פאָלקסקיכען (אַן ערך 19); אָבער אויך דאָ זיינען תמיד פאָרגעקומען סכסוכים און ס'איז געווען אַ שטרעבונג צו זיין זעלבסטשטענדיג.

אויסער דער אינעווענינסטער אַרבייט, האָט דער פאָרשטאַנד פון פעראיין געהאַט פיל צו טאָן אויף אויסען. ער איז געווען דער פאָר-שטעהער ביי דער מאַכט אין אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע צו דער ערנעהרונג פון דער בעפעלקערונג. און אין דעם פּרט איז ער תמיד געגאַנגען צוזאַמען מיט די פערטרעטער פון די קריסטליכע קאָמיטעטען. צו דעם צוועק האָט זיך געבילדעט אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיע, וועלכע פלעגט אין אירע פעראייניגטע זיצונגען בעטראַכטען פערשיידענע עקאָנאָמישע פראַגען, אויסאַרבייטען און צוזאַמען אַרויסשטעלען פערשיי-דענע פאָדערונגען און אָנגעבען צוזאַמען פּעטיציעס, מעמאָראַנדומס וכדומה. אויף די זיצונגען ביים שטאָטהויפּטמאַן פלעגען די פאָרשטע-העד פון יודישען און די קריסטליכע פעראיינען געוועהנליך איינער דעם אַנדערען אונטערשטיצען.

ריידענדיג וועגען דער ערנעהרונג פאַר דער בעפעלקערונג, מוז אויך דערמאָנט ווערען דער שרעקליכער יקרות אין שטאָט, וואָס פלעגט בכלל וואָס פון טאָג ווערען גרעסער און גרעסער. שוואַנקונגען פלעגען פערשטעהט זיך זיין אין שייכות פון די צייטען פון יאָר, פון דער גערע־טעניש און פון דעם, וויפיל פראָדוקטען מען פלעגט אַרויסגעבען אויף קאַרטען.

ווי אין גאַנץ דייטשלאַנד, אַזוי איז אויך אין ווילנא דער פרייער האַנדעל מיט לעבענסמיטלען געווען פערווערט. דער אַריינפיר און אַרויס־פיר פון איין קרייז אין דעם אַנדערען איז געווען פערבאָטען. אַלע פראָדוקטען פלעגען נור ווערען אַרויסגעגעבען אָדער דורכן שטאָטהויפט־מאַן,—דורך דער לעבענסמיטעלאָבטיילונג,—ווי למשל, מעהל צו באַקען ברויט (די בעקער), גרויפענס (די קיכען), קאַרטאָפעל; סאַכאַרין, צוקער (זעלטען), הערינג, מאַרמעלאַד (די שטאָטישע קראָמען), אָדער אונטער דער השגחה פון שטאָטהויפטמאַן (בעזונדערע קאָמיסיעס), ווי פלייש, פיש. די שטאָטישע קראָמען (אַן ערך 15 יודישע און 15 קריסטליכע) זיינען געווען געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבען געזאָלט קריגען ביים שטאָטהויפטמאַן סחורה מיט אַ געוויסען פראָצענט ראַבאַט אויף צו פערקויפען דער בעפעלקערונג פראָדוקטען מיט אַ קליינעם ריוח. דיזעלבע פריוויליגיע האָבען אויך געזאָלט האָבען די קאָאָפעראַטיווען. די טעטיג־קייט פון די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס איז אָבער ניט אַלע מאָל געווען גלייך. ס'פלעגען זיין צייטען, ווען די שטאָטישע קראָמען האָבען ניט געהאַט וואָס צו פערקויפען און די אָנגעשטעלטע זיינען געשטאַנען אָהן אַרבייט.

אבער, הגם דער פרייער האַנדעל מיט די וויכטיגסטע לעבענס־מיטלען איז געווען פערווערט, איז דאָך ניט געווען אין ווילנא קיין טאָג, וואָס מען פלעגט ניט קענען קריגען וועלכע ס'איז פראָדוקטען פאַר גוטע געלט. אין דעם פרט האָבען אויך די „העכסטפרייזען" קיין ווירקונג ניט געהאַט, די פרייזען האָבען זיך געהאַט זייערע אייגענע סבות אין אַ שייכות פון דער אָדער יענער מניעה.

ס'האָט זיך געבילדעט אַ בעזונדערער קלאַס „שמוגלער", אַדער „ספע־קוליאַנטען", וועלכע ס'פלעגט געלינגען אַריינצופיהרען אין שטאָט פערשיידענע פראָדוקטען אָדער איינקויפען אַזעלכע פראָדוקטען פון די צווייטע הענט. די געזעלשאַפטליכע טוער האָבען אָנגעווענדט אַלע מיטלען אַרויסצוזוכען די געשעפטען פון פריוואַטע הענט און אַליין צו קריגען די נויטיגע פראָדוק־טען פון די ערשטע הענט אויפ'ן לעגאַלען וועג, אָבער זיי האָבען זעהר ווייניג וואָס געקענט אין דעם אויפטאָן.

## V.

דאָס שטילשטיין פון די פאַבריקען און פון גאַנצען מסחר, די שטערענישען אין אַריין-און אַרויספאָהרען און דער וואָס פון טאָג שטייגענדער יקרות אויף די נויטיגסטע געגענשטאַנדען סיי צום לעבען, סיי צו דער מלאכה האָבען אַרויסגערופען אַרבייטסלאָזיגקייט און גרויס נויט ביי דער בעפעלקערונג, דער עיקר ביי דער יודישער.

די קריסטען זיינען געבליבען ביי זייער אַרבייט אין שטאָט, אַלס ברוקירער, ערדגראָבער, אין דער וואַסערלייטונג און-קאַנאַליזאַציע, אין דער אַסעניזאַציע, ביים פעריכטען פון די פאַבריקען, אַלס סטראָזשען, אַלס גערטנער-אַרבייטער וכדומה. פון די יודען אבער זיינען וועניג ווער פערבליבען ביי זייער געוועהנטער בעשעפטיגונג. דער גרעסטער טייל יודישע אָנגעשטעלטע און בעלי-מלאכות און דערוואַקסענע קינדער פון פעראָרימטע עלטערען זיינען געבליבען אָהן אַרבייט. איינינע יונגע-לייט האָבען בעקומען שטעלעס אויף די אייזענבאַנען און אַרבייט אין די דייטשע פאַבריקען אין שטאָט גופא, איינינע אין פערשיידענע קאַנצעלאַריעס, אַ גרויסע צאָל זיינען גענומען געוואָרען אין די אַרבייטער-באַטאַליאָנען, אויף שאָסע און וואַלדאַרבייט—קיין קורלאַנד, קאָוונער און סובאַלקער גובערניע, אַ סך פרויען און האַלבדערוואַקסענע זיינען גע-גאַנגען פריי אַרבייטען אויפ'ן שאָסע ביי ווילנא; אַנדערע אַרבייטער זיינען אַוועק אין דייטשלאַנד אין די קוילענגרובען, זעגמיהלען וכדומה. אָבער זעהר וועניג בעלי-מלאכות און אַרבייטער האָבען געקענט בעקומען בעשעפטיגונג לויט זייער פאַך און זעהר וועניג פלעגען בעקומען אַ פאַסענדען לוין. ס'איז געשאַפען געוואָרען אַ אַרבייטסביורא ביי דער שטאָטפערוואַלטונג, פאַר יודען און קריסטען, אָבער ניט אַלע מאָל זיינען די יודען געשטאַנען אין די זעלבע בעדינגונגען, דערהויפט אין דער ערשטער צייט, ווען די פאָליאַקען האָבען געהאַט אין ביוראָ די אויבערהאַנט. שפּעטער האָט זיך ביים יודישען צענטראַל-קאָמיטעט גע-בילדעט אַ בעזונדערע קאָמיסיע, וועלכע האָט געהאַט די אויפגאַבע צו שיקען אַרבייטער און אַרבייטערינען קיין דייטשלאַנד (פאַפּיראָסענמאַכער) און אין אווגוסטאַוואָ (ניט קיין פאַכאָוועו) אויף דער אחריות פון יודישען רעצערנענט ה' הערמאַן שטרוק און זיין פערטרעטער ה' אייזענמאַן.

על-כל-פנים האָבען די ווילנער כלל-טוער ווי-מעגליך געזאָרגט, אַז די יודישע בעפעלקערונג זאָל ווערען געשטיצט ניט נור מיט צדקה און מיט תמיכה אין די קיכען, נור אויך מיט פּראָדוקטיווער אַרבייט. די חברה „הילף דורך אַרבייט“ האָט אין דער שווערער צייט, ביי דעם דוחק אין רויהע מאַטעריאַלען און ביי דעם יקרות פון פריקלאַדען אַזוי פיל אויפגעטאָן, אַז זי פלעגט אַרויסרופען בעוואונדערונג ביי די אַנדערע

אומות. אַ גרויסע בעדייטונג האָבען אין דעם זין אויך געהאַט די ווילנער אַרבייט-הייזער, וואָס די דייטשען האָבען געגרינדעט ביי דער מיטהילף פון די פיר ווילנער נאַציאָנאַליטעטען זומער 1915 לכתחלה אַלס אַ אויסשטעלונג און וואָס עקזיסטירט די גאַנצע צייט מיט גרויס ערפאָלג אַלס שטענדיגע אינסטיטוציע. די טעכנישע קורסען פון „מפיצי השכלה" האָבען דעם ערשטען יאָר געגעבען איינינע עלעקטראמאנטיאָרען, וואָס האָבען דערנאָך גוט פערדינט, בלייבענדיג אין ווילנא, אָדער בעקומענ-דיג אַרבייט אין דייטשלאַנד, און אין דעם אַנדערען יאָר (אָקטאָבער 1917) האָבען זיי אַוועקגעלייגט אַ יסוד פאַר אַ קינפטיגען יורישען טעכני-קום. די לאַנדווירטשאַפטליכע קאָלאָניע נעבען נאָוואָווילייסק האָט אַ דאַנק דעם דייטשען ראַבינער ד"ר לוי צום ערשטען מאָל אין ליטא געגעבען די מעגליכקייט 50—60 יודישע יונגע-לייט צו לערנען אַלע לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייטען; זיי בעקומען דאָרט אַלגעמיינע למודים ווי אויך עסען, און ווערען אויף אַזאַ אופן דערנעהנטערט צו ערד-אַרבייט, וואָס איז פאַר די ליטווישע יודען אַזוי פרעמד.

אָבער די אַרבייטסלאָזיגקייט, דער יקרות און די גאַנצע אונגע-וועהנליכקייט פון דעם מצב פון דער ווילנער בעפעלקערונג האָבען געמוזט האָבען אַ ווירקונג אויף דעם מאָראַלישען צושטאַנד פון די יודען. שמוכל און עהנליכע פרנסות און כל'ערליי פערדינסטען פון „ווינט", קליינע בירזשעס אין בעשטימטע גאַסען, אכסניות ביים באַן און אין אַנדערע ערטער האָבען געלייגט אַן איינגעאַרטיגע חתימה אויף דעם הענדלערישען טייל פון די ווילנער יודען. די אָרימע יוגענד—אָבגערי-סענע יונגלעך—פלעגען אין צעהנדליגער שטעהן ביים באַן און ביי די האָטעלען, כדי צו פערדינען אַ פאָר קאָפּיקעס מיט'ן צוטראָגען אַ פעקעל. אַנדערע אַזעלכע יונגלעך פלעגען ניט שלעכט פערדינען און גלייך אויסגעבען דאָס געלט אין די נאָהנטסטע רעסטאָראַנעלעך.

די ערשטע צייט, בעת עס איז נאָך געווען צו פערקויפען פריי ביר, זיינען אַזעלכע רעסטאָראַנעלעך געווען אויף יעדען טריט און אומעטום מיט ווייבליכער בעדינונג. כמעט אין אַלע פערמאַכטע גע-שעפטען, אין אַלע געוועזענע מעבעלקראָמען, וואו ס'איז נור געווען אַ טיר מיט אַ פענסטער אין גאַס, פלעגען זיך הערען ביז שפּעט אין דער נאַכט די רייסענדע קלאַנגען פון וואָלוועלע גראַמאָפאָנען, אַמאָל נאָך פון אַ פיאַנע אָדער פון אַ פאָר כלי-זמר. אויף די גאַסען אינאָווענט האָבען זיך בעוויזען אַ סך אויסגעלאַסענע פרויען אין אַזאַ מאָס, וואָס איז ביז אַהער גאָר ניט געווען אין ווילנא. דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבען אַ מין וואקכאַנאַליע פון אָזעגטען מיט געזאַנג און מיט „טאַנצען" ביז 5 אין דער פריה —כלומרשט צום פילאַנטראָפּישען צוועק, אין וועלכע

ס׳פלעגן נעהמען אָנטייל אויך אַזוינע, וואָס האָבען ניט געזוכט קיין פערדינסט, און טאקי אוים תאוה.

צום גליק איז תיכף דורך דער גאַנצער קולטורעלער בעוועגונג ביי די ווילנער יודען, פאַר דער צייט געלונגען אָבצושטעלען דעם חלול, און אויף אַזוי פיל, וויפיל ס׳האָבען ניט געשטערט די מעכטיגע עקאָנאָמישע סבות, איז געזאָרגט געוואָרען פאַר דער ערציהונג פון דער יודישער יוגענד און פון די יודישע פאָלקסמאַסען. צעהנדליגער שולען און חדרים האָבען אָנגעווענדט אַלע כחות כדי צו געבען די קינדער ניט נור למודים, נור אויך צו בעלייכטען זייער פינסטערען לעבען אין דערהיים און אויך איינצופלאַנצען אין זיי מענשליכע און יודישע אידעאַלען. די אָווענטשול פאַר דערוואַקסענע, וואָס עקזיסטירט שוין אין ווילנא אין א משך פון 16 יאָר, האָט אויך אין די מלחמה-יאָרען ביי די שווערסטע בעדינגונגען געעפענט אירע טירען פאַר הונדערטער אַרבייטער און אַרבייטערינס, געבענדיג זיי עלעמענטאַרע בילדונג און סיסטעמאַטישע קענטענישען הן אין פאָרם פון קלאַסען-למודים, הן אין דער פאָרם פון אַלגעמיינע לעקציעס. די ביידע פאָלקס-אוניווערזיטעטען, הגם זיי האָבען צוליב אונאָבהענגיגע סבות עקזיסטירט נור 2 חדשים, האָבען גענעבען אַ שטופּ צו ווייטערדיגע טריט אין דער דאָזיגער ריכטונג, צו אַ גאַנצער רייהע ליטעראַרישע און כלערליי קולטורעלע אונטערנעמונגען און אַנשטאַלטען; דער יודישער טעאַטער, דער אַרבייטער קולטור-און קונסט-פעראיין, דער סטודענטען-פעראיין,—זיי אַלע האָבען פיל אויפגעטאָן אין נאַציאָנאַל-עסטעטישען זין און האָבען אויפגעהויבען די יודישען מאַסען פון יאושדיגען, וואָכעדיגען לעבען. און די הונדערטע יודישע „קאָנצערטען", אפילו די „לאטערייען" און „פערוויילונגען" לטובת פערשיידענע חברות, וואָס זיינען, דאַכט זיך, אַזוי געוועזען משונה׳דיג, ווי אַ הפך צו דעם פינסטערען לעבען פון די הונגעריגע מאַסען, האָבען דאָך געהאַט, חוץ זייער מאַטעריעלער פעולה, אויך אַ מאָראַלישע בעדייטונג מיט דעם, וואָס זיי פלעגען פעראייניגען פערשיידענע געזעלשאַפטליכע שיכטען און פלעגען געבען די מעגליכקייט, הגם אויף אַ שעה, זיך צו בעפרייען פון די אַלטעגליכע דאגות.

די אַלע קולטורעלע און וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען האָבען אויך געגעבען די מעגליכקייט די ווילנער יודען צו נעמען אַן אנטייל, ווי ווייט ס׳איז געווען מעגליך, אין פּאָליטישען לעבען פון שטאָט און איהר סביבה.

די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט זיך אין די לעצטע יאָרען פון דער מלחמה, אין ווילנא ווי אויך אין אַנדערע שטעט און לענדער, שטאַרק פערברייטערט און צוגעצויגען צו זיך אַלץ מעהר אָנהענגער צווישען דער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ. דאַס האָט זיך שוין אגב אַרויסגעוויזען אויך אין דער

פעולה, וואָס די ציוניסטען האָבען געהאַט אין פערשפּרייטען העבּרעאישע שולען. נאָך מעהר האָבען זיי צוגעצויגען צו זיך בּרייטערע יודישע מאַסען, ווען אין דער פּרעסע האָט זיך אָנגעהויבּען צו בּעהאַנדלען די פראַגע וועגען פּאָליטישען ציוניזם, וועגען דעם, אַז אויפ׳ן שלום-קאָנגרעס זאָל גאַראַנטירט ווערען די אַווטאָנאָמיע פון פּאַלעסטינא פאַר יודען. ס׳זיינען פאָרגעקומען אויך אין ווילנא ציוניסטישע פערזאַמלונגען און מיטינגען, וועלכע האָבען צוגעצויגען אַ גרויסען עולם. אויך די ווילנער רבנים האָבען בּפרהסיא זיך ערקלערט פאַר דעם ציוניסטישען אידעאַל. אין דער לעצטער צייט האָט זיך אויך אָרגאַניזירט אין ווילנא אַ קליינע פראַקציע פון פועלי-ציון.

דער „בּונד״ און די נאָהנט-שטעהענדע צו אים פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען האָבען זיך קאָנצענטרירט אַרום דער אַרבּייטער-קיך, איינצעלנע פעראיינען פון פאַכאַרבּייטער (נאָדעל,—לעדער-אַרבּייטער א. א.) און דעם יודישען אַרבּייטער-קולטור-פעראיין. די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען האָבען אויך אַן אייגענעם קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער אַרבּייט זעהר טיכטיג, אַ יוגענד-פעראיין, אַ מין קלוב פאַר ניט גאַנץ דערוואַקסענע, און אַ קינדער-היים פאַר מעהר אַלס 100 קינדער פון זייערע מיטגלידער. הגם דער „בּונד״ אין ליטא האָט שטאַרק געליטען אין זיין כח פון דער מלחמה, ווייל אַ סך אַרבּייטער האָט מען צונומען אויף אַרבּייט, אַ סך זיינען זיך פונאַנדערגעפאָהרען, דאָך זיינען אַלע פערזאַמלונגען און מיטינגען, וואָס דער פּראָפעסיאָנעלער און דער אַרבּייטער-קולטור-פעראיין אין ווילנא פלעגען איינאָרדענען, תּמיד געווען פול געפּאַקט ניט נור פון אַרבּייטער׳ נור אויך פון „מיטלויפער״.

שפּעט אָרגאַניזירט האָבען זיך די איבּעריגע דעמאָקראַטישע עלע-מענטען, ניט ציוניסטישע, וואָס האָבען מחמת פערשיידענע טעמים ניט געקענט צושטיין צום „בּונד״ און צו די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען. שוין פון פריהערדיגע צייטען איז אַ מיעוט פון די יודישע דעמאָקראַ-טישע עלעמענטען נאָהנט געשטאַנען צו די דעמאָקראַטישע עלעמענטען פון די שכנישע אומות אין ווילנא, אָבּער אין די לעצטע חדשים, בעת די פּאָליטישע אויסזיכטען פון ליטא האָבען זיך געענדערט, איז זיך די דאָזיגע פעראייניגונג צופאַלען. די יודישע דעמאָקראַטישע עלעמענטען האָבען זיך פעראייניגט אין יודישען קולטור-פעראיין, וואו ס׳געהען אַריין פאָרשטעהער פון פערשיידענע דעמאָקראַטישע ריכטונגען, אַחוץ דעם „בּונד״. אַרום איהם קאָנצענטרירען זיך מיטגלידער פון האַנדוועקער-פעראיין, לעהרער-פעראיין, לאחדים-קרעמער, אָנגעשטעלטע וכדומה. דאָ ווערען געהאַלטען פאָרטראָגען אויף פערשיידענע טעמעס בּנוגע צום יודישען קולטורלעבען, קהלה׳שען און פּאָליטישען לעבּען.

## .VI

די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע פון איין זייט און די ווירקליכע ווי אויך קומענדע פּאָליטישע שנויים אין פּוילען און ליטא — מחמת די נצחונות פון דייטשלאַנד, — פון דער אַנדערער זייט, האָבען געמאַכט אַ גרויסע איבערקערעניש אין די מוחות פון דער גאַנצער בעפעלקערונג אין דעם קאַנט. אין די פריהערדיגע יאָרען פלעגט אין די יודישע פּאָליטישע קרייזען און אין די פּאָליטישע פּאַרטיעס זעהר ווייניג גערעדט ווערען וועגען דעם פּאָליטישען מצב פון ליטא. הגם די פאָדערונגען פון אַווטאָנאָמיע פאַר ליטא זיינען אַריין אין די פּראָגראַמען פון אַלע יודישע פּאַרטיעס, פלעגט די פראַגע דאָך קיין מאָל ניט זיין פון די ברענענדיגע און קיין מאָל ניט פון די טעמעס, וועגען וועלכע ס'פלעגט פאָרקומען דעבאַטען אָדער סכסוכים צווישען די פערשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען. אַז דער קאַנט, אין וועלכען מיר לעבען שוין הונדערטער יאָרען, זאָל אַמאָל קענען האָבען אַ וועלכע ס'איז אַנדערע פּאָליטישע פאָרם, אַ וועלכען ס'איז אַנדערען פּאָליטישען אויסזעהן, — וועגען דעם האָט דער געוועהנליכער יוד און די ברייטע פאָלקסמאַסען גאָרניט גע-טראַכט און גאָרניט געחלומ'ט. אין דעם, — מוזען מיר צוגעבען, — ליגט דער גרויסער אונטערשייד צווישען די פּאָליטישע אָנשויאונגען פון די יודען אין ליטא און זייערע שכנים, ווי איך האָב דאָס שוין אָנגע-וויזען אין אָנהויב פון מיין „איבערזיכט". די ליטווישע יודען, אַזוי ווי די איבעריגע יודען אין רוסלאַנד, האָבען תמיד געשטרעבט צו גלייך-אַן פולבערעכטיגונג, ווייל זיי זיינען געווען פערבונדען מיט דער גרויסער רוסלאַנד דורך טויזענדער פעדים און בלייבענדיג אַלע מאָל שטאַרק נעגען דער רוסישער רעגירונג, זיינען זיי תמיד געווען, ניט קוקענדיג אויף די פערפאָלגונגען, פאַר די גאַנצקייט און שטאַרקייט פון דער רוסלענדישער מלוכה. אַזאַ לאָקאַלער פּאַטריאָטיזם, ווי דאָס איז אַלעמאָל געווען בולט קענטיג ביי די ליטווינער, בעלאָרוסען און פּאָליאַקען, איז ביי די ליטווישע יודען קיינמאָל ניט געווען.

אמת, אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה האָבען זיך גע-בילדעט אויך אין ליטא קליינע געהיימע קרייזלעך פון פעדעראַליסטען-אַווטאָנאָמיסטען, אין וועלכע ס'פלעגען זיך צונויפקומען צוזאַמען מיט די דעמאָקראַטישע עלעמענטען פון ליטווינער, בעלאָרוסען און פּאָליאַקען אויך אייניגע יודען-דעמאָקראַטען, און ס'פלעגען בעטראַכט ווערען די פראַגען וועגען אַווטאָנאָמיע אָדער זאָגאַר זעלבסטשטענדיגקייט פון בעלאָרוסיע, ליטא און פּוילען. ס'פלעגען זאָגאַר פאָרקומען גע-היימע צוזאַמענפאָרען פון די פעדעראַליסטען אין מאָסקווע און פּעטערבורג, אָבער די יודען זיינען דאָ געווען אין אַ זעהר קליינעם מעוט, און דער

בּרייטער יודישער עולם האָט פון דעם גאָרניט געוואוסט און וועגען אַזעלכע פראַגען וועניג געקלערט.

אפילו נאָכדעם ווי די דייטשען האָבּען אײַנגענומען ווילנא, בּעת ס'האָט זיך דאָ געבּילדעט אַן אָרגאַניזאַציע „אוניווערזאל“ פון עטליכע דעמאָקראַטישע פאָרשטעהער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען, און איינינע פון זיי האָבּען אַרויסגעגעבּען אַן אויפרוף מיט בּולטע סעפּעראַטיסטישע טענדענצען, האָבּען די עטליכע יודען, וואָס זיינען אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע, זיך אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבּען דעם דאָקומענט. נור די ידיעות וועגען דער רוסישער רעוואָלוציע און וועגען דער גרויסער סעפּעראַטיסטישער בּעוועגונג, וואָס האָט זיך פערשפּרייט אין רוסלאַנד צווישען די קליינע פעלקער, האָבּען אַ שטופּ געגעבּען אויך די ליטווישע יודען צו געבּען אַ קלער וועגען דעם קומענדיגען גורל פון ליטאַ, אויך די יודען, וואָס זיינען בּיז אַהער געווען אינדיפערענט צו דעם ענין.

נאָך מעהר האָבּען געווירקט די ווייטערדיגע פּאָליטישע געשעהענישען אין ליטאַ, די בּילדונג פון ליטווישען לאַנדעסראַט (דעם 23 סעפּטעמבּער 1917)

דאָ איז פאַר די יודען קלאָר געוואָרען, אַז אזוי ווי ס'איז געווען, וועט שוין ליטאַ ניט בּלייבּען, אַז ס'וועלען פאָרקומען גרויסע שנויים אין דער הנהגה פון ליטאַ. דאָ האָבּען זיי פערשטאַנען, אַז קודם-כל מוזען זיי שטרעבּען צו זיכערן זייער קולטורעל-נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע און פּאָליטישע פולבּערעכטיגונג ווי היימישע בּירגער פון ליטאַ. אויף דעם גרויסען מיטינג, וואָס ס'איז פאָרגעקומען דעם 9 סעפּטעמבּער1917 (די ערשטע נאַכט פון ראש-השנה תרע"ח) און אין וועלכען ס'האָבּען מיט אַ ריהרענדער אחדות זיך בּעטייליגט סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע פאָרשטעהער פון יודען, ליטווינער, פּאָליאַקען און בּעלאָרוסען, האָבּען די יודען שאַרף אַרויסגעזאָגט זייערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען.

אָבּער בּעת די מנהיגים פון די ליטווינער,—ד"ר שאולים, אינזש. קיירים און אַדוואָק. ווילײשים—מיט וועלכע די יודען-דעמאָקראַטען זיינען בּיז אַהער געגאַנגען צוזאַמען, זיינען אַריין אין לאַנדעסראַט, וועלכער איז בּעשטאַנען בּלויז פון 20 ליטווינער, איז פאַר די יודען אויפגעוועקט געוואָרען אַ שאלה, צו זאָלען זיי געהן אין אויף אַזאַ אופן צוזאַמענגעשטעלטען לאַנדעסראַט: די ליטווינער זיינען דאָך געווען אויסגעקליבּען דורך אַ ספּעציעלען צוזאַמענפאָר און האָבּען אַ גרויסען רוב אין דעם דאָזיגען לאַנדעסראַט. די שאלה האָט נאָך ווייטער אויפגעוועקט דאָס פּאָליטישע בּעוואוסטזיין פון די ווילנער יודען, און אַ פולע האָבּען פערשטאַנען, אַז אויסער קאַרטאָפעל און קיך-פראַגען, וואָס האַלטען נור אויף דעם קיום פון היינטיגען טאָג, מוז מען אויך אַ קלער

טאָן וועגען דעם עתיד. און אַזעלכע שאלות קענען פערענטפערט ווערען ניט מיט די כחות פון יחידים, נור אויף אַ צוזאַמענפאָר פון פערטרעטער פון אַלע יודען אין גאַנץ ליטא.

אויף אַזאַ צוזאַמענפאָר וועלען מוזען בעטראַכט ווערען די פראַגען, אויף וועלכען אופן ס׳קענען אַם בעסטען געזיכערט ווערען די עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַל-קולטורעלע אינטערעסען פון די יודען אין ליטא, אויף וועלכען אופן ס׳קענען גאַראַנטירט ווערען אויך זייערע פאָליטישע רעכט ווי פון אַ מעוט, וואָס וועט מוזען לעבען צווישען נאָך 3—4 אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען.

די נייע פּאָליטישע שנויים פאָדערען פון די ליטווישע יודען אַ גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט, וועלכע וועט מוזען נאָך שטאַרקער ווערען ערשט נאָך דער מלחמה. דעמאָלט וועלען די יודען אין ליטא מוזען אָנווענדען אַלע זייערע כחות, כדי צו קרעפטיגען דאָס יודישע פאָלק הן אין פיזישען והן אין גייסטליכען זין, כדי צו ענטוויקלען און פערשפרייטען צווישען זיי כלערליי פּראָפעסיאָנעלע בילדונג און פּראָדוקטיווע אַרבייט, קענטנישען, וויסענשאַפטען און קוואַליפיצירטע מלאכות. און די אַווטאָנאָמע דעמאָקראַטישע קהלה וועט מוזען פעראייניגען אַלע קולטורעלע כחות און וועט זיין ביכולת צו ערציהען אַ נייעם יודישען דור, אַ שטאַרקען, נאַציאָנאַל-בעוואוסטזיניגען, זעלבסטשטענדיגען און זעלבסטטעטיגען!



מ. שאַליט.

# די בעקאַנטמאַכונגען.

די דייטשען זיינען אַריין אין ווילנא שבת יום-כפור אינדערפריה דעם 5-טען (18-טען נ. ס.) סעפּטעמבער 1915. אין זעלבען טאָג איז אויף די ווילנער גאַסען געווען אויסגעקלעבט אַפריהער אויף פּויליש און דערנאָך אויף דייטש, פּויליש און רוסיש אַ פּראָקלאַמאַציע „צו דער שטאָט ווילנא“, אונטערגעשריבען פון גראַף פּ פ י ל. אין דער דאָזיגער פּראָקלאַמאַציע ווערט געזאָגט:

„די דייטשע חילות האָבען פערטריבען די רוסישע אַרמיע פון דער פּוילישער שטאָט ווילנא און זיינען אַריין אין דער דאָזיגער חשוב׳ער שטאָט, וואָס איז פול מיט טראַדיציע. ווילנא איז תמיד געווען אַ פּערל אין דעם רוהמרייכען קעניגרייך פּוילען. דאָס דאָזיגע קעניגרייך איז פריינדליך צום דייטשען פאָלק. די דייטשע חילות האָבען דעם וואַרימסטען מיטגעפיהל פאַר דער בעפעלקערונג פון פּוילען, וועלכער ס׳קומט אויס איבערצולייִדען אַזוינע שווערע נסיונות, מיט צאָרן קוקען

די דייטשע חיילות אויף די מיאוסע גוואלט-מעשים, וואס ווערען אָבּ-געטאָן אין נאָמען פון דער רוסישער רעגירונג מיט דער ליידענדער בעפעלקערונג און מיט איר האָב און גוטס. ס׳איז נויטיג מודיע צו זיין, אז די דערפער, וואָס פלאַקערען אַרום, בעלייכטען רוסישע מעשים. די דייטשע אַרמעאישע מאַכט שטרעבּט צו פערלייכטערען די משאות, וואָס די בעפעלקערונג פון פוילען האָט אריבּערצוטראָגען פון דער מלחמה, וועלכע מען האָט דער דאָזיגער מאַכט אָנגעבּונדען. דאָסזעלבּע איז בנוגע צו ווילנא. די געוועהנליכע בּעשעפטיגונגען און יעדע פרידליכע אַרבּייט פון דער בּעפעלקערונג זעלען בּעגעגענען אַ אונטערשטיצונג. די השגחה וועגען דער זיכערקייט און אָבּהיטונג פון דער אָרדענונג און רוהיגקייט אין דער שטאָט זאָלען פערבּלייבּען אין די געניטע הענט פון איר בּיזאיצטיגער שטאָטישער פערוואַלטונג. נור אין פאַל, ווען מען וועט שטערען די געזעלשאַפטליכע אָרדענונג אויף אַזוי פיל, אַז די מיטלען פון דער שטאָטישער פערוואַלטונג וועלען ניט קלעקען, וועל איך זיך פיהלען פאַר געצוואונגען צו קומען איר צו הילף מיט אַ מילי-טערישער מאַכט. מען דאַרף האָפען, אַז די בּירגער פון ווילנא וועלען אין נאָמען פון דער געזעלשאַפטליכער אָרדענונג און רוהיגקייט קיין זאַך ניט טאָן געגען דער דייטשער אַרמעאישער מאַכט אָדער געגען טיילען פון איר. פאַר אַזוינע מעשים קומען לויט די מיליטערישע גע-זעצען שווערע שטראָפען, אַריינרעכענענדיג טויט-שטראָף. איך וואָלט ניט וועלען בּענוצען בּנוגע צו ווילנא אַ וועלכע ניט איז שטראָף. זאָל גאָט בּענשען פוילען"!

די שטאָטישע פערוואַלטונג פון איר זייט האָט אויסגעקלעבּט אויף די גאַסען גרויסע הודעות אויף רוסיש, פּויליש, ליטוויש, בעלאָרוסיש און יודיש אונטערגעשריבּען פון שטאָט-גאָלאָווא מ. ווענסלאַווסקי, אַז די שטאָטישע זעלבּסטפערוואַלטונג נעמט אויף זיך אָבּצוהיטען אין שטאָט די געזעלשאַפטליכע רוהיגקייט און אָרדענונג; אַז זי לאָזט איבּער אין קראַפט אַלע בּיזאיצטיגע מיטלען בּנוגע צום אָבּהיטען די געזעל-שאַפטליכע רוהיגקייט און אָרדענונג דהיינו: דעם פערבּאָט צו פערקויפען שטאַרקע געטראַנקען, די טאַקסע אויף די פּראָדוקטען פון דער ערשטער נויטווענדיגקייט וכדומה. כדי אירע מיטלען זאָלען דערפילט ווערען, מעלדעט די שטאָטישע זעלבּסטפערוואַלטונג, אַז זי האָט אָרגאַניזירט אַ שטאָטישע בּירגער-מיליציע, וואָס די גאַנצע בּע-פעלקערונג דאַרף איר מיטהעלפען, ערפילענדיג אָהן קיין שום תירוץ אַלע אירע געזעצליכע פאָדערונגען. יעדער פּרוב פון טאָן כנגד וועט שטרענג בּעשטראָפט ווערען. ווייטער רופט די שטאָטישע זעלבּסטפערוואַלטונג די איינוואוינער פון ווילנא, אַז: א) מען זאָל תיכף צושטעלען אין אופראַווע אַלע מינים פייער-געוועהר, וואָס געפינט זיך בּיי וועמען ניט איז, ב) מען זאָל לויט דער מעגליכקייט איבּערגעבּען אין רשות פון

דער מיליציע פאַר אירע בעדערפעגישען פערד און וועלאָסיפּעדען, ג) מען זאָל אָבהיטען די רוהיגקייט און אָרדענונג, ניט שטעהן אין רעדלעך אויף די גאַסען, ניט מאַכען קיין טומלען און אין אַלץ פאָלגען די פאָרערונגען פון דער שטאָטישער מיליציע.

אויף מאָרגען, דעם 6|19 סעפּטעמבער 1915, איז שוין אויף די גאַסען געווען אויסגעקלעבט די ערשטע דייטשע בעקאַנטמאַכונג אויף דייטש, פּויליש און רוסיש, אונטערגעשריבען פון דער שטאָטישער אופּראַווע. אין דער דאָזיגער ערשטער בעקאַנטמאַכונג, וועלכע הויבט אָן די לאַנגע רייהע עפענטליכע דאָקומענטען וועגען דער דייטשער פערוואַלטונג אין ווילנא, ווערט געמעלדעט:

„מחמת דער פעראָרדענונג פון קאָמענדאַנט פון שטאָט ווילנא איז די ווילנער שטאָטישע אופּראַווע מודיע: א) אַלע פערזאָנען, וואָס האַנדלען מיט לעבענסמיטלען און פוראַזש (אַנגראָ און דעטייל), ווי אויך אַלע בעלי-בתים פון האָטעלען און גאַסטהייזער פון דער שטאָט ווילנא זיינען מחויב צוצושטעלען אין דער שטאָטישער אופּראַווע ביז מאָרגען, מאָנטאָג דעם 7|20 סעפּטעמבער 1915, צוועלף אַזייגער בייטאָג, גענויע רשימות פון פאָלגענדע פּראָדוקטען מיט פּינקטליכע דאַטען וועגען זייער צאָל און סאָרט, ווי אויך דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך: וויין, מעהל, גרויפּען, גריץ, פּוטער, שמאַלץ, פעטס, קאָנסערווען, ציגאַרען, פּאַפּיראָסען, טאַבאַק, סוכאַרעס, טרוקענע וואורשט און האָבער, ב) אַלע פערזאָנען, וואָס האַנדלען מיט די דאָזיגע פּראָדוקטען, ווערט רעקאָמענדירט איינצושאַפען פון די ווילנער אומגעגענדען נייע רעזערווען לעבענסמיטלען און פוראַזש. שיינען אויף צו ברייננגען אַזוינע פּראָדוקטען קאָן מען בעקומען אין דער קאָמענדאַנטור פון ווילנא (בנין פון געריכט, געאָרג-פּראָספּעקט)".

אין צוויי טעג אַרום, דינסטאָג דעם 21-טען סעפּטעמבער נ. סט. 1915, איז שוין אויף די גאַסען געווען אויסגעקלעבט אַ גרויסע בעקאַנטמאַכונג פון 15 פּונקטען אויף דייטש, פּויליש און ליטוויש אונטערגעשריבען פון וועגנער, גענעראַל-לייטנאַנט און גובערנאַטאָר. די אופּראַווע האָט שוין בכן אויפגעהערט צו עקזיסטירען אַלס עפענטליכע מאַכט.— און אויפ'ן פערטען טאָג פון דער אָקופּאַציע איז שוין די שטאָט ווילנא פעסט געלעגען אין די הענט פון דער דייטשער פערוואַלטונג אונטער דער הנהגה פון גובערנאַטאָר וועגנער. די רוסישע שפּראַך געהט איינגאַנצען אַראָב. מיט יודיש בענוצט מען זיך נאָך ניט. נור באַלד, אַ דאַנק דער השתדלות פון די ווילנער יודישע כלל-טוער, וועט אויך יודיש געגעבען ווערען אַן אָרט צוגלייך מיט די דריי שפּראַכען—דייטש, פּויליש און ליטוויש,—וואָס אויף זיי האָבען לכתחלה אָנגעהויבען צו ערשיינען די בעקאַנטמאַכונגען אָהן קיין שום פריהערדיגען ישוב-הדעת.

די בעקאַנטמאַכונג פון 21 סעפּטעמבער איז די ערשטע הודעה

פון דעם נייעם בעל-הבית פון שטאָט. זי איז אינטערעסאַנט אין כמה פרטים און כאַראַקטעריזירט הן דעם אַלגעמיינעם מצב פון שטאָט אין יענער צייט והן דעם כאַראַקטער פון דער דייטשער פערוואַלטונג מיט אַלע אירע סיסטעמאַטיש-דורכגעטראַכטע פּינקטליכקייטען און גענויע פעראָרדענונגען וועגען די פערשיידענסטע זייטען פון לעבען פון כלל און יחיד, וואָס וועלען זיך פון איצט אָן אַרויסווייזען אין דער אָדער אין יענער פאָרם אין יעדער איינער פון די ווייטערדיגע עטליכע הונדערט בעקאַנטמאַכונגען. דאָס לעבען ווערט פעסט נאָרמירט. יעדע זאַך, וואָס האָט, אָדער קאָן האָבען אַ געזעלשאַפטליכע בעדייטונג, ווערט רעגולירט און פאָראויסגעזעהן מיט דער שטרענגסטער גענויאיגקייט. קודם-כל ווערט געזאָרגט לטובת די אינטערעסען פון דער דייטשער אַרמיע און פערוואַלטונג, און דער מיליטערישער שטאַנדפּונקט איז דער אָנפירענ-דער ביי אַלע מעשים און פעראָרדענונגען. שוין די ערשטע בעקאַנטמאַכונגען טראָגען אַריין צווישען דער בעפעלקערונג דעם בעגריף פון אַ שטאַרקער, אַרבייטספעהיגער מאַכט, וואָס שטעהט אויף דער וואַך. וואָס ווייטער איז אין שטאָט געוואָרען אַלץ רוהיגער און שטילער. צווישען די תקנות, וואָס זיינען אגב נוגע דער טובה אויך פון דער ציווילער בעפעלקע-רונג, פערנעהמען דעם אויבענאָן די היגיענישע און סאַניטאַרע.

דאָס אַלץ איז קענטיג אין די הויפּט-שטריכען שוין אין דער ערשטער בעקאַנטמאַכונג פון גובערנאַטאָר וועגנער, וועלכע הויבט זיך אָן מיט פאָלגענדע פּונקטען: א) די שטאָט ווילנא איז אַריבער אין דער דייטשער ממשלה. איך בין בעשטימט געוואָרען פאַר דעם גובערנאַטאָר פון שטאָט. ב) די בעפעלקערונג דאַרף זיך פערנעהמען מיט איר פריד-ליכער בעשעפטיגונג און זיך רוהיג פערהאַלטען. די פעראָרדענונגען פון דער שמירה מוז מען אומבעדינגט פאָלגען. ג) ציווילע פערזאָנען האָבען רעכט צו געהן אויפ׳ן גאַס נור פון 5 אַ זייגער אינדערפריה ביז 10 אַ זייגער אינאָווענט. אויסנאַמען—נור מיט אַן ערלויבניש-שיין פון דער קאָמענדאַנטור. די האָטעלען און גאַסטהייזער דאַרף מען שליסען פון 10 אַ זייגער אינאָווענט ביז 5 אַ זייגער אינדערפריה, מיט אַ צייט-ווייליגען אויסנאַם פאַר די האָטעלען: געאָרג, בריסטאָל און אייראָפּא. דער אַוטאָריטעטער זייגער איז דער דייטשער, אַלע עפענטליכע זייגערס דאַרף מען אָנשטעלען לויט אים. די צייט קאָן מען אָנפרעגען ביי דער קאָמענדאַנטור. די ווייטערדיגע פּונקטען שרעקען מיט טויט-שטראָף אָדער מיט קאַטאָרגע ניט ווייניגער פון 10 יאָר פאַר די, וועלכע האַלטען זיך אויף אין שטאָט אַלס רוסישע מיליטער-פערזאָנען און מעלדען זיך ניט תיכף ביי דער קאָמענדאַנטור; פאַר די, וואָס בעהאַלטען אָדער ווייסען וואו ס׳געפינען זיך רוסישע מיליטער-פערזאָנען און מעלדען ניט וועגען דעם תיכף; פאַר די, וואָס מען וועט זיי כאַפּען ביים ראַבעווען און פאַר די,

וואָס ווייסען וועגען אַ געשטאָרבענעם און מעלדען ניט וועגען דעם אין משך פון דריי שעה דער קאָמענדאַנטור (מחויב צו מעלדען איז דער בעל־הבית פון דירה). די איבעריגע פונקטען 6—14 זיינען פאָלגענדע: אַלע פאָסט־טויבען מוז מען טויטען; אַלע געשעפטען, וואָס זייערע בעלי־בתים זיינען פאַרהאַן, מוז מען ווידער עפענען און אויפהייגגען איבער זיי דייטשע שילדען; פרויען איז פערבאָטען פאָרצולייגען זיך דייטשע סאָלדאַטען, געשלעכטסקראַנקע פרויען וועלען אַרעסטירט ווערען, אונטערזוכונגסטער־מינען פאַר פרויען, וואָס פערנעמען זיך מיט פראָסטיטוציע אַלס פרנסה, וועט מען נאָך מעלדען; אין ווילנא איז פעסטגעשטעלט כאָלערא. מחמת דעם דאַרף מען טרינקען נור געקאָכטע וואַסער, אַמבעסטען אין דער פאָרם פון טיי; אָהן אַ שריפטליכער ערלויבעניש פון דער קאָמענדאַנטור טאָר מען ניט בעגראָבען קיין בר־מנן, וועגען יעדער אָנשטעקענדיגער קראַנקהייט, דהיינו וועגען יעדער פלוצלונגדיגער געדערים־מחלה, וואָס איז פערבונדען מיט ברעכען און אַ שלשול, מוז מען מעלדען דעם שטאָטישען סאַניטאַרען ביוראָ, וואָס איז תיכף מודיע וועגען דעם דער קאָמענדאַנטור; ס'ווערען געעפענט פיר פונקטען אויף צו געבען אומזיסטע מעדיצינישע הילף (אָסטראָבראָם, אַלכּסנדר־בולוואַר, ווילקאָמירער און אַנטאָקאָלער גאַס); יעדער אַיינוואוינער פון ווילנא איז מחויב צו לאָזען זיך אימפּען געגען פאָקען און כאָלערא. די טערמינען וועלען נאָך געמעלדעט ווערען; 1 רובל איז 1 מ' 60 פ' (1 מאַרק = 60 קאָפּ.). דער לעצטער, 15־טער פונקט, פון דער דאָזיגער בעקאַנטמאַכונג שטעלט פעסט דעם אַדרעס פון גובערנעמענט און פון דער קאָמענדאַנטור: געאָרג־פּראָספּעקט 36.

אויף איבערמאָרגען האָט זיך בעוויזען אַ צווייטע גרויסע בעקאַנט־מאַכונג פון גובערנאַטאָר וועגנער, וועלכע דערגאַנצט די ערשטע. אין 11 פונקטען ווערען רעגלאַמענטירט אַ רייהע ווייטערדיגע זייטען פון שטאָטי־שען לעבען און פון היגיענישער אויפפירונג: ס'איז פערבאָטען צו האַנדלען אויף די גאַסען מיט עסענוואַרג און געטראַנקען. אין די קראָמען טאָרען די קונים ניט בערירען מיט די הענט די שפּייזפּראָדוקטען וכדומה; פאַבריצירען און פערקויפען זאָדע־וואַסער און לימאָנאַד קען מען נור מיט דער ערלויבעניש פון קאָמענדאַנט; ס'איז פערבאָטען צו פערקויפען און פאַבריצירען שנאַפּס און אַלערליי שפּירט־משקאות אָהן אַ ערלויבעניש. ערלויבט זיינען נור שוואַכע ביר און וויין. אין די אַפּטייקען מעג מען פערקויפען שפּירט נור לויט אַ רעצעפּט פון אַ דאָקטאָר; מען דאַרף האַלטען אָפען אַלע שטאָטישע איינריכטונגען פאַר טיי און געקאָכטע וואַסער, מען דאַרף זיך היטען צו טרינקען רויהע וואַסער און מען טאָר ניט עסען רויהע פרוכט; אַלע הייזער, וואו ס'געפינען זיך אָנשטעקענדיגע קראַנקע, מוז מען מאַכען קענטיג דורך בעשטימטע צעטלען, וועלכע מען טאָר ניט אַראָפּרייסען אָהן דער ערלויבעניש פון קאָמענדאַנט; אַלע הינט

מוז מען אָנטאָן אַ מויל-שלאָס און פיהרען אויף אַ שטריקעל; הינט, וואָס לויפען פריי אַרום, וועט מען כאַפּען און טויטען; יעדערער, וואָס איז איינגעביסען געוואָרען פון אַ הונט מוז זיך תיכף מעלדען צו דעם דאָקטאָר פון זיין צירקעל; שעכטען בהמות איז ערלויבט נור אין שעכטהויז, וואָס איז דערצו בעשטימט, און פערקויפט ווערען קאָנען די נעשאָכטענע בהמות נור נאָך אַ אונטערזוכונג און מיט דעם געהערינען שטעמפּעל; די אָבצאָהלונג אויף בשר׳ע פלייש, דער אַזוי אָנגערופענער „קאָראָבקע-שטייער", בלייבט גילטיג ביז אַ נייער מעלדונג וועגען דעם; אַלע אָפּטרעטען מוזען געבראַכט ווערען אין אָרדענונג, די בעלי-בתים אָדער פערוואַלטער פון אַסעניזאַציעס מוזען זיך תיכף מעלדען אין מאַגיסטראַט און זיך געפינען אין זיין רשות; רעליגיעזע, פּאָליטישע און אַנדערע וועלכע ניט איז פּראָ-צעסיעס און עפענטליכע פערזאַמלונגען ווערען צוגעלאָזען נור מיט דער ערלויבניש פון דער קאָמענדאַנטור.

די דאָזיגע בעקאַנטמאַכונג, פון 23 סעפּטעמבער 1915, איז שוין ערשינען, חוץ אויף דייטש, פּויליש און ליטוויש, אויך אויף יודיש.

די בעקאַנטמאַכונג פון 25 סעפּטעמבער פערענדיגט די אַרבייט פון די ערשטע צוויי. זי אַנטהאַלט 5 פּונקטען, פון וועלכע די ערשטע צוויי זיינען נוגע די האָטעלען „פּאַלאַס" און „אימפּעריאַל" און די קאַפעס פון ביידע שטראַל און „פּאַריזיען", אַז זיי מעגען זיין אָפען ביז 12 ביינאַכט. דער דריטער פּונקט פעראָרדענט, אַז ביים געהן אויף די טראָטואַרען און פאָרען איף די גאַסען מוז מען זיך האַלטען ביי דער רעכטער זייט. דער פערטער פּונקט ערקלערט, אַז אָהן דער ערלויבניש פון דער אָרטיגער קאָמענדאַנטור קען אין ווילנער גובערניע ניט געמאַכט ווערען קיין רעקוויזיציע. דערביי ווערט פעסטגעשטעלט פאָלגענדע גרעניץ פון ווילנער גובערניע: זי ציהט זיך פון דוסעניאַט, אין דער לייגנג פון טייך וואַקע ביז זיין אַריינפאַל אין וויליע, פון דאָרט — מיט אַ גלייכער ליניע ביז ווערקי (אויך ווערקי אין כלל), פון ווערקי — מיט אַ גלייכער ליניע ביז דעם וואָקזאַל נאַווא-ווילייסק, דערנאָך איבער׳ן נעמיעזש קיין דיסעניאַטי. ביים דאָזיגען פּונקט ווערט אין בעקאַנטמאַכונג גופא געבראַכט אַ מוסטער פון אַ געזעצליכען רעקוויזיציאָנס-צעטעל, וואָס נור לויט איס קאָן דער חייל רעקווירען חפצים און אַלערליי זאַכען (לעבענסמיטלען, פוראַזש, בגדים, וועש וכדומה). דער פינפטער פּונקט פערוועהרט, אָהן דער ערלויבניש פון קאָמענדאַנטור, אַרויסצוגעבען וועלכע ניט איז צייטונגען, פונאַנדערטיילען אָדער פערקויפען געדרוקטע הודעות, פונאַנ, דערקלעפען אַפישען וכדומה. דער לעצטער, זעקסטער פּונקט, מעלדעט, אַז ס׳איז גילטיג נור דער דייטשער קאַלענדער (נייער סטיל).

מיט די געבראַכטע ערשטע דריי גרויסע בעקאַנטמאַכונגען פון גובערנאַטאָר וועגנער פערענדיגען זיך אַזוי צו זאָגען די כלל-הודעות, ד. ה.

אַזוינע, וואָס נעהמען אַרום מיט אַמאָל אַ רייהע תקנות וועגען פערשיידענע ענינים. דערנאָך, פון 28-טען סעפטעמבער 1915, הויבען זיך די בעקאַנט-מאַכונגען אָן צו בעשעפטיגען יעדע איינע מיט אַ ספּעציעלען ענין. דאָס בעווייזט, אַז אין משך פון די 10 טעג איז דער שטאָטישער לעבען לויט דעם שטאַנדפּונקט פון דער דייטשער פערוואַלטונג אויף אַזוי פיל רעגולירט געוואָרען, אַז ס'איז שוין געוואָרען מעגליך צו פערנעהמען זיך מיט איינצעלנע ענינים.

די בעקאַנטמאַכונג פון 28-טען סעפטעמבער איז מודיע, אַז פאַר דער ציווילער בעפעלקערונג פון ווילנא איז פערבאָטען צו בייטען די דירית ביז אַ נייער פעראָרדענונג און אַז ס'איז אויך פערבאָטען, אָהן אַ בעזונדערער ערלויבעניש, צו קומען קיין ווילנא, אום צו פערבלייבען דאָרט אויף אַ לענגערער צייט. אונטערגעשריבען איז די בעקאַנטמאַכונג, ווי כמעט אַלע וויטערדיגע, פון קייזערליכען גובערנעמענט. דערנאָך געהען אַ רייהע בעקאַנטמאַכונגען: אַז ס'איז פערבאָטען אָהן אַ שריפטליכער ער-לויבעניש די יאַגד אין ראַיאָן פון גובערניע (1 אָקטאָבער); אַז דער נייער געלט-קורס בעטרעפט 100 קאָפּ.—167 פעניג (3 אָקטאָבער); אַז די אַנטרונענע, וואָס ווילען פאָהרען אַ היים פון ווילנא איבער לאַנדוואַראָווא, האָבען קיין אויסזיכט ניט צו בענוצען זיך מיט דער אייזענבאַהן, מחמת זי איז אויף אַ לענגערע צייט פערנומען אויסשליסליך מיט דעם מיליטע-רישען פערקער (7 אָקטאָבער); אַז יעדערער, וואָס האָט צו צאָהלען פאַר'ן יאָר 1915 וואוינונגסשטייער פון 8 רובל און מעהר, מוז צושטעלען אין איינער פון די לאַזאַרעטען, וואָס ווערען גענוי אויסגערעכענט, אַ פולשטענדיגע בעט, ד. ה. אַ בעט, אַ מאַטראַץ, אַ קישען צו קאָפּענס, אַ דעקע און די נויטיגע בעטוועש (11 אָקטאָבער); אַז די פרויען, וואָס בעשעפטיגען זיך מיט פּראָסטיטוציע, מוזען תיכף בעקומען פון דער פּאָליציע אַ בילעט, — דערביי ווערען גענוי אויסגערעכענט אַ רייהע פּונקטען וועגען דער אויפ-פיהרונג פון די דאָזיגע פרויען (14 אָקטאָבער); אַז אומזיסט גיט מען אָן בקשות וועגען אַריבערקלייבען זיך פון איין דירה אין דער אַנדערער, — אַזוינע בקשות קענען בעטראַכט ווערען נור דאַן, ווען מען שטעלט צו בעשטעטיגונגען פון די דאָקטוירים אין די געהעריגע צירקלען, אַז אין הויף, וואו מען וואוינט און אין הויף וואו מען וויל זיך אַריינקלייבען, זיינען אין משך פון די לעצטע 3 וואָכען ניט פאָרגעקומען קיין אַנשטעקענדיגע קראַנקהייטען (15 אָקטאָבער);

דעם 18-טען אָקטאָבער 1915 איז אַרויסגעגעבען פאָלגענדע בע-קאַנטמאַכונג: „די בעפעלקערונג פון ווילנא גיט ניט אָב די געהעריגע אַכטונג די דייטשע מיליטער-פערזאָנען, בעזונדערס ביים אָבטרעטען די וועג אויף די טראָטואַרען. די בעפעלקערונג מוז אומעטום צו דער רעכטער צייט אָבטרעטען פאַר די מיליטער-פערזאָנען רעכטס. ס'איז

שטרענג פערבאָטען, אַז עטליכע ציווילפּערזאָנען זאָלען בלייבען שטעהן אויף די טראָטואַרען. פאַר טאָן כּנגד וועט מען בעשטראָפט ווערען מיט געלט ביז 1000 מאַרק אָדער מיט טורמע ביז 6 חדשים".

דעם 21-טען אָקטאָבער איז ערשינען אַ בעקאַנטמאַכונג וועגען דעם, אַז אַלע ווילנער איינוואוינער, וואָס צאָהלען דירה-געלט מעהר ווי 125 רובל אַ יאָר, מוזען ברייננען אין פּראָוויאַנט-מאַגאַזין אויף פּאָהוליאַנקע ריינע וואָלענע קאָלדרעס, דהיינו: פאַר דירות, וואָס קאָסטען פון 125 ביז 270 רובל, דאַרף מען ברייננען 1 קאָלדרע; פאַר דירות, וואָס קאָסטען פון 270 ביז 630 רובל, – 2 קאָלדרעס, פאַר דירות, וואָס קאָסטען פון 630 ביז 1000 רובל, – 6 קאָלדרעס. פאַר ניט צושטעלען וועט מען בעשטראָפען מיט טורמע ביז 4 וואָכען אָדער מיט געלט ביז 2000 רובל, אָדער מיט ביידע צוזאַמען.

די ווייטערדיגע בעקאַנטמאַכונגען פאַר'ן יאָר 1915 – ניט וועניגער פון 40 – פעראָרדענען צו צאָלען פּינקליך די מלוכה'שע און שטאָטישע שטייערן, אָנצומעלדען די רעזערווען פון האָלץ, בענזין. אַלע רויע מאַטעריאַלען, פון וועלכע ס'ווערט אויסגעאַרבייט פישביין, רעזערווען פון בראָנפען, טאַבאַק, פּאַפּיראָסען, וויינפעסער, קאָרבפלאַשען, קאַרטאָפעל; גרינטליך צו רייניגען די אָפּטרעטען און די הויפען; אָבצוגעבען קופּער, מעש, טאָמבאַק, ניקעל, נייזילבער, אלומיני, צין און בליי (4 נאָוועמבער); רובל-קורס–1 ר. איז 1 מ' 50 פ'*) (11 נאָוועמב.); ברויט-קאַרטען (20 נאָוועמבער, איינפירונג פון 1-טען דעצעמבער); טאַקסעס; אַז מען דאַרף האָבען אַרבייטער; אַז מען זאָל אומקערען די שיינען, וואָס מען האָט אַרויסגעגעבען איינצוקויפען לעבענסמיטלען (27 נאָוועמבער); וועגען דער צייט פון האַלטען אָפען די געשעפטען; וועגען איינשאַפען זיך בילעטען פאַר געשעפטען און אַ גאַנצע רייהע אַנדערע. אָנהייבענדיג פון סוף אָקטאָבער איז אויף אַ סך בעקאַנטמאַכונגען אונטערגעשריבען דער דייטשער אָבערבירגערמייסטער. די שטראָפען זיינען געוועהנליך ביז 5000 מ' געלט אָדער ביז 2 יאָר טורמע אָדער ביידע צוזאַמען.

אין 1916 זיינען אַרויסגעגעבען און אויסגעקלעבט געוואָרען אויף די גאַסען ניט וועניגער פון 152 בעקאַנטמאַכונגען. די ערשטע בעקאַנטמאַכונג פון נייעם יאָר (1 יאַנואַר 1916) שטעלט פעסט אַ קאָמיסיע צו קאָנטראָלירען די פּרייזען און איז אונטערגעשריבען פון דייטשען אָבערבירגערמייסטער פּ אָ ה ל. די בעקאַנטמאַכונג (פעראָרדענונג) פון 7 יאַנואַר מעלדעט וועגען אַ צוואַנגס-איינפירונג פון פּעסער (מיט פאָטאָגראַפיעס און פינגער-אָבשטעמפּלונג) פאַר אַלע איינוואוינער פון ווילנא עלטער פון 10 יאָר. די דורכפירונג פון פּעסער איז געווען זעהר אַ גרויסע אונטערנעהמונג אין אָרגאַניזאַטאָרישען זין, זי האָט געדויערט עטליכע חדשים.

דער דייטשער פּאַס איז געוואָרען אַ דאָקומענט, וואָס בעגלייט

*) די ווייטערדיגע קורסען און בכלל די פינאַנץ-ענינים ז. ווייטער אין אַרטיקעל פון יסיאַו. סטאַרגאַנסקי. (געשריבען יולי 1917).

דעם איינוואוינער בײַ אַלע זײַנע בעוועגונגען און מעשים, אָנהויבענדיג פון בעקומען אַ בריוו אויף פּאָסט און ענדיגענדיג מיט בעקומען אַ ברויט־צעטעל. דעם פּאַס מוז יעדערער תמיד האַלטען בײַ זיך. ווען מען טרעפט אָהן אַ פּאַס אָדער מיט ניט קיין ריכטיגען פּאַס, בעשטראָפט מען לויט די תקנות, מיט קאַטאָרגע ביז 10 יאָר אָדער, בײַ לייכטערע פּאַלען, — מיט טורמע ביז 5 יאָר. אַז מען פערלירט דעם פּאַס, מוז מען וועגען דעם מעלדען אין משך פון 24 שעה; ווען ניט, ווערט מען בעשטראָפט מיט טורמע ביז 5 יאָר, בײַ לייכטערע פּאַלען מיט געלט ביז 6000 מאַרק. אַז מען שטאַרבט, מוז מען דעם פּאַס פון געשטאָרבענעם אומקערען אין משך פון דרײַ טעג.

בכלל צייכענט זיך אויס דער יאָר 1916 - נאָך די פיר חדשים צוגרייטונגס־אַרבייט — מיט גרינטליכע אָרגאַניזאַטאָרישע מעשים לויט אַ גוט־אויסגעאַרבייטען ברייטען מאַסשטאַב און, נאַטירליך, לויט דעם שטאַנד־פּונקט פון די דייטשע אינטערעסען.

אין אַ וואָך אַרום נאָך דער הודעה וועגען די פּעסער, דעם 15־טען יאַנואַר 1916, איז ערשינען אַ נייע הודעה מיט פאָלגענדען נוסח: „ס'מוזען זיך מעלדען בײַ דעם מיליטער־פּאָליצמייסטער אַלע פּערזאָנען, וואָס געהערען צו דער רוסישער מיליטער, אויך די אַלע, וואָס זיינען אויסגע־בראַקירט געוואָרען פון מיליטער־דינסט. מען מוז מיטברענגען מיט זיך די פּעסער און די מיליטערישע דאָקומענטען. ביים מעלדען זיך וועט מען בעקומען אַ שיין, וואו ס'וועלען זיין אָנגעוויזען די כללים ווי זיך צו פירען. דער, וואָס וועט זיך ניט מעלדען, אָדער מען וועט אים טרעפען אָהן אַ שיין, וועט זיין אין חשד און וועט בעשראָפט ווערען מיט טורמע פון 1 חדש ביז 10 יאָר אָדער מיט געלט פון 300 ביז 10000 מאַרק אָדער מיט ביידע צוזאַמען (אויב ס'קומט ניט קיין גרעסערע שטראָף לויט די בעשטימטע געזעצען). אַזוי וועט אויך בעשטראָפט ווערען דעריעניגער, וועלכער וועט ניט ערפילען די כללים, וואָס זיינען אָנגעוויזען אויפ'ן שיין". די דאָזיגע אונטערנעהמונג האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים. די ווייסע און בלויע בילעטען האָבען בעקומען אַ שיין, וואָס בעפרייט זיי אינגאַנצען פון מעלדען זיך, די רויטע בילעטען אָבער מוזען זיך רעגעלמעסיג מעלדען אַלע וואָך אין איינינע קאַטעגאָריעס — אַלע דרײַ טעג.

די דריטע גרויסע אונטערנעהמונג פון יאָר 1916 איז געווען די פאָלקס־און פיה־צעהלונג פון 9 (ביז 12) מערץ לויט דער בעקאַנטמאַכונג פון 28 פעברואַר, אונטערגעשריבען פון שעף פון פערוואַלטונג פאָן בעקעראַט.

די פערטע גרויסע אונטערנעהמונג פון זעלבען יאָר איז געווען די אָרגאַניזאַציע פון צוואַנגס־אַרבייט. די בעקאַנטמאַכונג וועגען דעם ענין איז אונטערגעשריבען דעם 6־טען נאָוועמבער פון שטאָטהויפּטמאַן אין פערטרעטונג פ י ל ץ און האָט פאָלגענדען נוסח: „אויפ'ן יסוד פון דער פעראָרדנונג פון ה' אָבערבעפעלסהאַבער אָסט פון 20 אָקטאָבער 1916 ווערען גערופען צו

שטעלען זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבייטס-פעהיגקייט די מענליכע אײַנוואוינער פון שטאָטקרייז ווילנא אין עלטער פון פולע 17 יאָר אָן ביז פולע 60 יאָר. צוערשט דאַרפען זיך שטעלען די מענער, וואָס האָבען בעקומען אָבעראָסט-פעסער, אַרויסגעגעבענע אין ווילנא, מיט די נומערן 1 ביז 45000 (דאָ געהען 15 פונקטען מיט גענויע אָנווייזונגען וועגען די זאַלען, וואו יעדע 3000 נומערען דאַרפען זיך מעלדען און גענוי אין וועלכע טעג און שעה׳ן). צו שטעלען זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבייטס-פעהיגקייט זיינען בעפרייט: גייסטליכע און בעאַמטע פון קירכען, כלי-קדש און תלמידים פון ישיבות, שילער פון דער קאַטוילישער גלחים-סעמינאַריע, לערער, דאָקטוירים, צאָן-דאָקטוירים, וועטערינאַרען, פעלדשאַרעם און אַפּטייקערס. חוץ דעם זיינען בעפרייט פון צושטעלען זיך צו דער אונטערזוכונג און פון אייגענער אַרבייט אויף 6 חדשים די פערמעגליכע און אָבגעוועהנטע פון קערפּערליכער אַרבייט אײַנוואוינער, וועלכע וועלען אין דעם טאָג, וואָס לויט דעם נומער פון זייער פּאַס וואָלטען זיי זיך געדאַרפט שטעלען צו אונטערזוכונג, אײַנצאָלען ביים דייטשען שטאָטהויפּטמאַן (שטאָטקרייזאַמטסקאַסע) 600 מאַרק, זייענדיג זייער פּאַס. די אײַנגעצאָלטע סומעס וועט מען פערניצען אויף אײַנצושאַפען וואַרימע בגדים פאַר די אַרבייטספליכטיגע פערזאָנען, וואָס מען וועט נעהמען צו דער אַרבייט און אום אונטערצושטיצען די נויט-בעדערפטיגע פאַמיליעס פון אַזוינע אַרבייטער. די שוץ-שיינען, וואָס זיינען ביז אַהער אַרויסגעגעבען געוואָרען פון אָפיציעלע קאַנצעלאַריעס אָדער פון בעאַמטע, בעפרייען ניט פון מעלדען זיך צו דער אונטער-זוכונג אויף אַרבייטס-פעהיגקייט. די פערזאָנען, וואָס האָבען מחמת זייער קראַנקהייט זיך ניט געקאָנט מעלדען, דאַרפען ביז דעם טאָג, וואָס איז בעשטימט פאַר זייער אונטערזוכונג, צושטעלען ביי דעם דייטשען שטאָט-הויפּטמאַן (רעקלאַמאַציאָנס-ביוראָ) אַ מעדיצינישע בעשטעטיגונג וועגען זייער קראַנקהייט. ווער ס׳וועט אָהן אַ ריכטיגער סבה ניט מעלדען זיך צו דער אונטערזוכונג, וועט לויט די §§ 88, 90, 10 פון דער פער-וואַלטונגס-אָרדענונג אָבאָסט פון 7. 6. 1916 אין פערבינדונג מיט דער פעראָרדענונג פון ה׳ אָבערבעפעלסהאַבער אָסט פון 20. 10. 1916 בע-שטראָפט ווערען מיט אַרעסט ביז 3 יאָר און מיט געלט ביז 10000 מאַרק אָדער מיט איינער פון די דאָזיגע שטראָפען, אויב לויט די עקזיסטי-רענדע געזעצען קומט ניט קיין שטרענגערע שטראָף״.

די אונטערזוכונג האט געדויערט 5 טעג: פון 10-טען ביז דעם 14-טען נאָוועמבער. אין א חדש אַרום איז ערשינען אַ צווייטע בעקאַנט-מאַכונג וועגען דעם ענין, אונטערגעשריבען דעם 11-טען דעצעמבער 1916 פון דעם דייטשען שטאָטהויפּטמאַן פּאָהל. מיט פאָלגענדען אינהאַלט: „אַלס הוספה צו מיין בעקאַנטמאַכונג פון 6 נאָוועמבער 1916

ווערט פעראָרדענט, אַז די אונטערזוכונג אויף אַרבייט-פעהיגקייט זאָל געפירט ווערען ווייטער. דערביי ווערט בפירוש אָנגעוויזען אויף די שטראָפען, וואָס זיינען בעשטימט אין יענער בעקאַנטמאַכונג. ס'דאַרפען זיך שטעלען אַלע אָרטיגע מענליכע איינוואוינער פון שטאָטקרייז ווילנא פון פולע 17 יאָר אָן ביז פולע 60 יאָר, וואָס האָבען די אָבאָסט-פּעסער, אַרויסגעגעבענע אין ווילנא, פון נומער 45001 ביז נומער 120000 (דאָ געהען 24 פונקטען מיט גענויע אָנווייזונגען וועגען די זאַלען, וואו יעדע 3000 נומערען דאַרפען זיך מעלדען; און גענוי אין וועלכע טעג און שעה'ען). בקשות וועגען בעפרייען פון אַרבייט דאַרף מען דערווייל ניט דערלאַנגען. אז מען וועט דאַרפען האָבען אַרבייטער, וועט מען יעדען מאָל אַרויסלאָזען אַ ספּעציעלע פעראָרדענונג וועגען שטעלען זיך. פערזאָנען, וואָס וועלען זיך ניט מעלדען צום קאָנטראָל, וועט מען—בשעת מען וועט דאַרפען, חוץ וואָס מען וועט זיי בעשטראָפען,—נעמען מיט צוואַנג צו דער אַרבייט פריהער פון אַלעמען און, נאָכדעם ווי זיי וועלען אָבקומען די שטראָף, וועט מען זיי איינשטעלען אין אַ אַרבייטער-באַטאַליאָן אָדער (ביי אַ שווערען חטא) אין אַ דיסציפּלינאַרען אַרבייטער-באַטאַליאָן. פון חסד-וועגען ווערט חוץ דעם בעשטימט: די מענליכע אָרטיגע איינוואוינער פון שטאָטקרייז ווילנא פון פולע 17 יאָר ביז פולע 60 יאָר, וואָס האָבען אָבאָסט-פּעסער, אַרויסגעגעבענע אין ווילנא, פון נומער 1 ביז נומער 45000 און האָבען ביז אַהער פערזאַמט צו מעלדען זיך צו דער אונטערזוכונג אויף אַרבייט-פעהיגקייט, קאָנען זיך נאָך איצט שטעלען דערצו דעם 23 דעצעמבער 1916 צווישען 8 און 12 אַ זייגער ביי טאָג אין צווישען 2 און 6 אַזייגער פאַרנאַכט (ס'ווערען אויסגערעכענט די ערטער); פערזאָנען, וואָס וועלען קומען אויף דער פערזאַמטער אונטערזוכונג אין דעם אָנגעגעבענעם טאָג, וועט מען ניט בעשטראָפען; אויב, אָבער, מען האָט זיי שוין געמשפּט, וועט מען זיי אַראָבלאָזען אַ העלפט פון דער געלט-שטראָף אָדער פון אַרעסט". די דאָזיגע צווייטע אונטערזוכונג האָט געדויערט 9 טעג, פון 15-טען ביז דעם 23-טען דעצעמבער 1916.

נאָך פריהער, און אויך שפּעטער, זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אַ רייהע איינצעלנע בעקאַנטמאַכונגען מכל המינים וועגען אַרבייטער אויף אייזענבאַנען, שאָסעען, אויף האַקען האָלץ, אויף פערשיידענע אַרבייט קיין דייטשלאַנד; וועגען אָנמעלדען אַרבייטספעהיגע פערזאָנען אַרבייטסלאָזע; וועגען גרינדען אַרבייטער-באַטאַליאָנען אונטער דער השגחה פון מיליטער; וועגען גרופּעס אַרבייטער אין אַ בעשטימטער צאָל; וועגען אַרבייטער (מענער, פרויען און יונגוואַרג) אויף אַראָבצונעמען די גרעטעניש, אויף כל-ערליי לאַנדווירטשאַפטליכע אַרבייט, אויף גראָבען קאַרטאָפעל וכדומה.

אַלס איינע פון אַ סך קאָן געבראַכט ווערען פאָלגענדע בעקאַנט-מאַכונג פון 24 דעצעמבער 1916, אונטערגעשריבען פון דייטשען שטאָט-הויפּטמאַן פּ אָ ה ל: „ס׳זיינען נויטיג 600 אַרבייטער, אום אַיינצושטעלען זיי אין אַ ציווילאַרבייטער-באַטאַליאָן. די פּאַסיגע מענליכע אַרבייטס-קרעפטען ווערען גערופען צו מעלדען זיך פרייוויליג ביז דינסטאָג דעם 27-טען דעצעמבער 1916 זעקס אַזייגער נאָכמיטאָג אין אַלטען ראטהויז, ראָמיניקאַנער גאַס 2 צימער 86. אויב ביז יענער צייט וועלען זיך די נויטיגע אַרבייטס-קרעפקען ניט מעלדען פרייוויליג, וועט מען אויפ׳ן סמך פון דער ביזאיצטיגער אונטערזוכונג אויף אַרבייט-פעהיגקייט גנעהמען מיט גוואַלט די נויטיגע צאָל אַרבייטער. די ט ע ג ל י כ ע שכירות פאַר די, וואָס וועלען זיך מעלדען פרייוויליג, וועט זיין: פאַר ניט פערהיי-ראַטע אַרבייטער—ביז 1 מ׳, פאַר פערהייראַטע אַרבייטער—ביז 1.50 מ׳ חוץ פריי עסען און דירה. אָבער די אונפערהייראַטע אַרבייטער, וואָס מען וועט נעהמען מיט צוואַנג, וועלען בעקומען חוץ פריי עסען און דירה בלויז ביז 50 פעניג אַטאָג. די צונויפשטעלונג פון דעם ציוויל-אַרבייטער-באַטאַליאָן וועט פאָרקומען דעם 2-טען יאַנואַר 1917“.

צום סוף יאָר איז לויט דער בעקאַנטמאַכונג פון 28-טען דעצעמבער 1916, אונטערגעשריבען פון דייטשען שטאָט-הויפּטמאַן אין פערטרעטונג ק ע ס ל ע ר, נאָך געמאַכט געוואָרען אַ התחלה צו אַ נייער גרויסער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבייט: צו אַ אַלגעמיינער אָנמעלדונג פון אַלע אַיינוואוינער פון שטאָטקרייז ווילנא מיט׳ן צוועק צו גרינדען אַ אַיינוואוי-נער-מעלדעאַמט. יעדער בעל-הבית אָדער פערוואַלטער פון הויף מוז אַריינטראָגען אין די אָנמעלדונגס-פאָרמולאַרען די רשימות פון אַלע אַיינוואוינער פון הויף. די אַיינוואוינער פון הויף מוזען ריכטיג אָנגע-בען דעם בעל-הבית אָדער דעם פערוואַלטער די ידיעות וועגען זיך, דערביי מוזען זיי ווייזען זייער אָבאָסטפּאַס. די פאָרמולאַרען מוזען די בעלי-בתים אָדער די פערוואַלטער אָבנעהמען פון זייער מיליץ-צירקעל ביז דעם 10-טען יאַנואַר 1917 און ריכטיג אויסגעפילטע אָבגעבען צוריק, פערזענליך, אין זייער מיליץ-צירקעל ביז דעם 15 יאַנואַר 1917. אומקע-רען די פאָרמולאַרען דאַרף מען אין אַ ווייסען קאָנווערט, וואָס אויף אים מוז זיין אָנגעגעבען: א) דער נאָמען פון בעל-הבית אָדער פער-וואַלטער מיט זיין דירה, גאַס און נומער, ב) גאַס און נומער פון הויף, וואו ס׳איז געמאַכט געוואָרען די אָנמעלדונג פון די אַיינוואוינער, ג) די צאָל פון די רשימות, וואָס ליגען אין קאָנווערט. פאַר ניט ער-פילען אָדער פאַר ניט ריכטיג ערפילען די תקנות וועט מען בעשטראָפען לויט די §§ 138—139 פון דעם נייעם רוסישען שטראָף-קאָדעקס. אַלס הוספה צו דער בעקאַנטמאַכונג זיינען אָנגעגעבען 7 צירקלען פאַר דעם ראַיאָן, וואָס ליגט מחוץ דער טעריטאָריע פון שטאָט, אָבער וואָס

געהערט צום שטאָט-קרייז ווילנא, און וואָס איז כּולל 34 ישובים. אַז די זאַך איז דורכגעפיהרט געוואָרען, האָבען אַלע איינוואוינער געמוזט בעקו-מען פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער פאַמיליע אין זייערע צירקלען מעלדונגס-שיינען (דאָס האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים), אָהן וועלכע, בּיינעלייגט צו די אָבּאָסט-פּעסער, גיט מען ניט אַרוים קיין בּרויט-צעטלעך.

אין 1916 איז אויך דורכגעפירט געוואָרען די בּרייט-אויסגעאַרבּייטע שטייער-סיסטעם. צו די פריהערדיגע שטייערען (הגם אין אַ פערענדערטער פאָרם און אין אַנדערע פּראָפּאָרציעס) זיינען צוגעקומען אַ רייהע נייע. צווישען די לעצטע פערנעהמט דעם ערשטען אָרט דער קאָפּ-שטייער. לויט דער פעראָרדענונג פון 6 אַפּריל 1916 (הויפּטקוואַרטיר אָסט, אָבּער-בּעפעלסהאַבּער אָסט פאָן הינדענבּורג, גענעראַל-פעלדמאַרשאַל), אונטערגעשריבּען אין ווילנא דעם 1 סעפּטעמבּער, אַלס בּעקאַנטמאַכונג, פון דייטשען שטאָטהויפּטמאַן פּאָהל, ווערט אויף אַרבּייטספעהיגע מענער פון 15 בּיז 60 יאָר אַרויפגעלעגט אַ שטייער פון 6 מאַרק פון נפש אַ יאָר; פאַר די שפּעטערדיגע יאָרען–צו 8 מאַרק פאַר יעדען שטייער-יאָר, וועלכער ווערט גערעכענט פון 1 יאַנואַר בּיז 31 דעצעמבּער (§§ 1, 3 און 4). די איבּעריגע פּאַראַגראַפען (בּסך-הכּל 19) בּעשטימען גענוי דעם כּאַראַקטער און דעם אופן פון אויפמאָנען דעם שטייער: לויט דער בּעשטימונג פון שעף פון דער פערוואַלטונג קאָן די מאַכט נעהמען אַ גרעסערען קאָפּ-שטייער און אין איינצעלנע פאַלען אויך ניט נור פון די פּערזאָנען, וואָס זיינען אָנגעוויזען אויבּען (§§ 10 און 11); ווען דער קאָפּ-שטייער לויט די §§ 10 און 11 וועט בּעטרעפען מעהר פון 500 מאַרק, מוז מען אויף דעם האָבּען אַן ערלויבּעניש פון אָבּערבּעפעלסהאַבּער אָסט (§ 12); די קרייז-בּעאַמטע האָבּען דאָס רעכט בּהסכּם מיט די שעפען פון די פערוואַלטונגען צו מאַכען הוספות צו דעם קאָפּ-שטייער, אום צו דעקען די הוצאות פון די קרייזען, שטעט, אַדמיניסטראַטיווע בּעצירקען און געמיינדעס. די שעפען פון די פערוואַלטונגען קאָנען אַליין בּעשטימען די הוספות (§ 17). בּעפרייט פון קאָפּ-שטייער זיינען: מיליטער-פּערזאָנען און בּעאַמטע פון דער דייטשער פערוואַלטונג אין בּעזעצטען געבּיט, בּעפולמעכטיגטע פון דער אימפּעריע, מלוכה אָדער קאָמאַנדא, גייסטליכע (§ 2). די שטראָף פאַר ניט מקיים זיין די פעראָרדענונג בּעטרעפט פון 100 בּיז 20000 מ׳, אויך טורמע בּיז 6 חדשים. ווען די געלט-שטראָף קאָן ניט אויפגענומען ווערען, ווערט אָנשטאָט איר בּעשטימט פאַר יעדע 5 בּיז 30 מאַרק 1 טאָג טורמע, אָבּער דער סך-הכּל פון דער טורמע-שטראָף קאָן ניט זיין מעהר פון 6 חדשים (§ 16). געגען דער בּעשטימונג פון שטייער קאָן מען זיך ניט בּעקלאָגען (§ 8).

שפּעטער האָט דער קאָפּ-שטייער צוזאַמען מיט דער הוספה געוועהנ-ליך אָנגעטראָפען – 24 מאַרק אויף אַ נפש אַ יאָר (8 מאַרק אָבּאָסט-שטייער,

16 מאַרק — הוספה פאַר דער געמיינדע). פאַר אַ סך פערזאָנען האָט דער שטייער אָנגעטראָפפען אַ סך אַ גרעסערע סומע: אין צוויי, דריי, פינף, צעהן און מעהר מאָל מעהר. חוץ ביי מענער איז דער שטייער אויך געמאָהנט געוואָרען לויט § 11, ביי פרויען, וואָס פערדינען זעלבסטשטענ־דיג צום לעבען.

דעם 14־טען סעפטעמבער 1916 איז פון דייטשען שטאָטהויפטמאַן פאָהל אונטערגעשריבען געוואָרען פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג: „די איינוואוינער פון ווילנא מוזען שאַפפען אַלס הלואה 1 מיליאָן רובל. פאַר די איינגעצאָלטע געלט וועט מען בעקומען שולד־שיינען, וואָס זייער זיכער־קייט ווערט גאַראַנטירט דורך דעם גאַנצען פערמעגען און שטייערקראַפט פון ווילנער שטאָטראַיאָן. פאַר דער הלואה וועט מען געבען 6 פּראָצענט צינזען און מען וועט איר אויסצאָלען אין אַ משך פון 5 יאָר נאָך דעם שליסען שלום. די הלואה מוז איינגעצאָלט ווערען אין 3 גלייכע טיילען ביז דעם 15 אָקטאָבער, 10 נאָוועמבער און 1 דעצעמבער 1916. פער־שרייבען זיך אויף דער הלואה קען מען ביז דעם 1־טען אָקטאָבער 1916 אין ראָטהויז (שטאָטישע קריינאַמטקאַסע). אויב דער סכום פון 1 מיליאָן רובל וועט ניט געשאַפפען ווערען פרייוויליג, וועט מען די סומע, וואָס וועט פעהלען, איינמאָנען, לויט אַ צונויפגעשטעלטער רשימה, מיט צוואַנג, און מען וועט פאַר איר ניט צאָלען ניט קיין צינזען און ניט מען וועט איר אומקערען צוריק. מחמת דעם לוינט בעסער די איינוואוינער, אַז די הלואה זאָל געדעקט ווערען דורך פרייוויליגע צייכנונגען און צאָלונגען".

דעם 1־טען נאָוועמבער 1916 איז פון דייטשען שטאָטהויפטמאַן אַרויסגעגעבען געוואָרען אַלס הוספה פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג: „דער טערמין צו פערשרייבען זיך אויף דער הלואה פון די ווילנער איינוואוי־נער אויף אַ מיליאָן רובל, וועגען וועלכער ס'איז געמעלדעט געוואָרען דעם 14 סעפטעמבער 1916, אַז דאָס איז אַ הלואה, וואָס וועט ווערען אָבגעצאָלט מיט פּראָצענט, — ווערט פערלייגערט ביז צום 15 נאָוועמבער 1916. מעהר וועט דער טערמין שוין ניט פערלייגערט ווערען. געדעקט דאַרף די הלואה ווערען אין דריי גלייכע טיילען ביז צום 1 דעצעמבער 1916, 20 דעצעמבער 1916 און 10 יאַנואַר 1917. די פערשרייבונגען ווערען אָנגענומען אין ראַטהויז (שטאָטקריי־אַמטקאַסע), דאָמיניקאַנער 3. אין די אינטערעסען פון די איינוואוינער לינט עס, צו דעקען די הלואה פרייוויליג, דורך פערשרייבונגען און צאָלונגען. וואָרום, אויב ניט, וועט מיט גוואַלט גענומען ווערען דעם סכום פון אַ מיליאָן רובל, פון וועלכען ס'וועט ניט אומגעקערט ווערען הן דער קערן והן די פּראָצענט".

דעם 11־טען דעצעמבער 1916 איז ווידער ערשינען וועגען דעם דאָזיגען ענין אַ פעראָרדענונג, אונטערגעשריבען פון אויבערקאָמאַנדיר פון

דער X אַרמיע פאָן־איי כהאָרן, גענעראַל־אָבערשט און אַרויסגעגעבן אַלס בעקאַנטמאַכונג פון דייטשען שטאָטהויפּטמאַן פּאָהל, מיט פאָלגענדען נוסח: „וועגן אַ איינמאָליגען אויסערגעוועהנליכען שטייער אויף דעם שטאָט־קרייז ווילנא. § 1. כדי צו דעקען די הוצאות אויף דער פערזאָרגונג פון ווילנער בעפעלקערונג אין עבר, און כדי איינצואָרדענען די פערזאָרגונג אויף ווינטער, ווערט אַרויפגעלעגט אַ איינמאָליגער אויסערגעוועהנליכער שטייער פון 1 מיליאָן רובל, פון וועלכען ס׳געהט אַראָב דער סכום, וואָס איז געחתמעט און איינגעצאָלט, אַלס צינז־פּאַפּירען פון דער שטאָטישער הלואה, וואָס – אויפ׳ן סמך פון דייטשען שטאָטהויפּטמאַנ׳ס בעקאַנטמאַכונגען פון 14 סעפּטעמבער און פון 1 נאָוועמבער 1916, – ווערען זיי אויסגעצאָלט צוריק. § 2. דעם שטייער זיינען מחויב צו צאָלען אַזעלכע פּערזאָנען, וואָס וואוינען אין ווילנא אָדער האַלטען זיך דאָרט אויף. דעם שטייער זיינען אויך מחויב צו צאָלען די יורידישע פּערזאָנען, ווי אויך חברות און אַנדערע געזעלשאַפטען, וואָס אין ווילנא האָבען זיי זייער זיץ אָדער זייערע אַ פיליאַלע. § 3. די הערכה און איינמאָנונג פון שטייער וועט מאַכען דער דייטשער שטאָטהויפּטמאַן, רעכענענדיג זיך מיט׳ן קאַפּיטאַל און מיט דער קרעדיטפעהיגקייט פון בעשטייערטען. די בעשלוסען פון שטאָט־הויפּטמאַן זיינען ענדגילטיג. § 4. געגען די בעשטייערטע, וואָס וועלען אָהן אַ ממשות׳דיגען יסוד ניט צאָלען דעם שטייער, וואָס מען האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט, וועט מען אומברחמנותדיג אָננעמען אַלע געזעצליכע צוואַנגסמיטלען, וואָס מען האָט נור אין רשות (פּעניע, אַרעסטירונגען, אַרויסשיקונגען וכדומה). § 5. אין איינצעלנע פאַלען האָט דער שטאָטהויפּטמאַן דעם רשות צו מאַכען אַ הנחה, און דעם שטייער – וועלכען מען וועט איינצאָלען צום טערמין – איבערבייטען אויף צינז־פּאַפּירען פון דער הלואה פון דער שטאָט ווילנא, וואָס וועט ווערען אויסגעצאָלט צוריק. § 6. די היינטיגע פעראָרדענונג טרעט אַריין אין קראַפט תיכף“.

די זאַך האָט נאָך געדויערט עטליכע חדשים און איז געפירט געוואָרען אויף כלערליי אופנים: דורך ישוב־הדעת׳ען, אסיפות, געשפּרעכען און פערהאַנדלונגען. דער סוף איז געווען, אַז דעם 27 יוני 1917 איז אַרויסגעגעבען געוואָרען פאָלגענדע פעראָרדענונג, אונטערגעשריבען פון אָבערבעפעהלסהאַבער פון דער X אַרמיע פאָן איי כהאָרן, גענעראַל־אָבערשט: „דורך מיין פעראָרדענונג פון 11 דעצעמבער 1916 איז אויף די איינוואוינער פון דער שטאָט ווילנא אַרויפגעלייגט געוואָרען אַ איינמאָליגער אויסערגעוועהנליכער אָבצאָל אין אַ סכום פון 1 מיליאָן רובל, כדי צו דעקען די הוצאות פאַר דער פערזאָרגונג פון דער בעפעלקערונג. נאָכדעם ווי דער גרעסטער טייל פון דעם שטייער איז איינגעצאָלט געוואָרען און די פערזאָרגונג פון דער שטאָט פאַר דעם משך צייט, וואָס איז דערמאָנט אין § 1 פון דער פעראָרדענונג, איז דורכגעפירט געוואָרען,

שײנק איך בדרך חסד דעם רעשט. וואס פעלט, דעם גאנצען אויפגע־מאנטען שטײער וועט דער שטאטהויפטמאן – אויף וויפיל דאס איז נאך ניט געשעהן אויפ'ן יסוד פון § 5 פון דער פעראָרדענונג פון 11־טען דעצעמבער 1916, – פערוואנדלען אין א הלואה פון דער שטאט ווילנא מיט צינזען און מיט א טיראַזש".

די אויספירונג פון דער פעראָרדענונג איז געמאכט געוואָרען דורך דער בעקאנטמאכונג פון 31 אויגוסט 1917, אונטערגעשריבען פון שטאט־הויפטמאן פ א א ו ל י, וועלכע איז מודיע: „אויפ'ן סמך פון דער פעראָר־דענונג פון הערען אָבערבעפעלסהאבער פון דער X ארמיע פון 27 יוני 1917, פובליקירט אין מײן בעקאנטמאכונג פון זעלבען טאג, בײט איך אויס דעם גאנצען סכום פון דעם אויסעראָרדענטליכען אײנמאליגען אָבצאל, וואס מען האט אײנגעמאנט אין א פערצינזטער הלואה פון דער שטאט ווילנא, וועלכע ווערט אויסגעצאָלט צוריק און ווערט ארויס־געלאָזען אין אָבליגאציעס צו קופיורען פון 50, 100, 500 און 1000 רובל". ווײטער ווערט אין דער בעקאנטמאכונג גענוי געמעלדעט דער אופן ווי אזוי דער אומבײט קומט פאר און אז אפריהער וועט מען ארויסגעבען דערוואײלינגע בילעטען, וואס מען וועט פון 24 סעפטעמבער 1917 אן אומבײטען בײ דער קאסע פון שטאטישען קרײזאמט אויף אָבליגאציעס פון דער 6 פראצ. הלואה פון ווילנער שטאטישען ראיאן פון 1916. די בע־קאנטמאכונג פון 12 אָקטאָבער 1917, אונטערגעשריבען פון שטאטהויפט־מאן פ א א ו ל י, רופט די „צאָלערס פון דעם אײנמאליגען אויסער־אָרדענטליכען שטײער, וואס איז אומגעבײטען געוואָרען אויף א שטאטישע הלואה, צו מעלדען זיך (ס'ווערען גענוי אנגעגעבען די טערמינען פאר יעדע הונדערט נומערען וכדומה און גענוי די צײט און דער אָרט), כדי אָבצונעמען די אָבליגאציעס מיט די צינז־קופאָנעס".

אין 1916 איז אויך גרינטליך ארגאניזירט געוואָרען די אײנשאפונג פון רויע מאטעריאלען. חוץ א גאנצער רײהע קלענערע בעקאנטמאכונ־גען פריהער און שפעטער איז פאר א יסוד געלײגט געוואָרען די גרויסע פעראָרדענונג פון הויפטקוואַרטיר אָסט, אונטערגעשריבען דעם 22־טען סעפטעמבער 1916, פון אָבערבעפעלסהאבער אָסט לעאָפאָלד פרינץ פון בײערן, גענעראלפעלדמארשאל. די דאָזיגע פעראָרדענונג מיט די אויס־פירונגס־תקנות צו איר, — וואס זײנען אונטערגעשריבען אין ווילנא דעם 17 אָקטאָבער 1916 פון שעף פון פערוואלטונג אין פערטרעטונג געהרקע, הויפטמאן, — נעהמט ארום דעם ענין אין אלע זײנע פרטים און שטעלט פעסט דעם גענויעם רײסטער פון די רויע מאטעריאלען (העכער 100) און דעם אופן פון זײער אָנמעלדונג, רעקוויזיציע, צוואנגס־אויפקויף וכדומה, ווי אויך די שטראָפען. פאר עובר זײן די תקנות (געפענגעניש ביז פינף יאָר און געלטשטראָף ביז צוואנציג טויזענט מארק. בײ לײכטערע פאלען —

געפענגעניש אָדער געלטשטראָף אַליין. אויב מען קאָן די געלט־שטראָף ניט דורכפירען, בעשטראָפט מען פאַר יעדע 3 ביז 50 מאַרק מיט 1 טאָג געפענגעניש, העכסטענס ביז צוויי יאָר). אויפ'ן יסוד פון פונקט 6 („אויב די רוימאַטעריאַלען זיינען ניט אָנגעמעלדעט געוואָרען, ווייל מען וויל זיי לאָזען פאַר זיך און מען וויל זיי ניט צושטעלען דער אַדמיניסטראַציע צום איינקויף, ווערען זיי קאָנפיסקירט אָהן געצאָלט") און פון אַנדערע פונקטען פון דער פעראָרדענונג איז מען חרשים-וויז געפאָרען פון גאַס צו גאַס און פון שטוב צו שטוב און מען האָט צונויפגענומען די ניט אָנגעמעלדעטע קופער, מעש וכדומה, וואָס מען האָט געפונען ביי דער אונטערזוכונג. אויפ'ן יסוד פון דער זעלבער פעראָרדענונג זיינען דער־הויפט אין משך פון גאַנצען יאָר 1917 פעריאָדיש (זעהר אָפט) אַרויסגעגעבען געוואָרען בעקאַנטמאַכונגען (אונטערגעשריבען פון שטאָטהויפטמאַן אָדער פון זיין ממלא מקום) פון פאָלגענדען נוסח: „אויפ'ן יסוד פון דער פעראָרדענונג פון דעם אָבערבעפעלסהאַ־בער אָסט פון 22 סעפטעמבער 1916 וועגען איינשאַפען רויע און פער־באָטענע מאַטעריאַלען אין פערוואַלטונגס־ראַיאָן אָבעראָסט און אויפ'ן יסוד פון די אויספירונגס־תקנות פון 17 אָקטאָבער 1916 פונ'ם שעף פון דער פערוואַלטונג ווילנע־סובאַלק צו דער דערמאָנטער פעראָרדענונג — ווערט דערמיט בעשטימט פאָלגענדעס: די הויזווירטען, די אַדמיניסטראַ־טאָרען אָדער די בעפולמעכטיגטע אַדמיניסטראַטאָרען פון די הויזווירטען, וועלכע זיינען ניטאָ אין ווילנא, — וואָס זייערע בנינים געפינען זיך אין ווילנא אויף די גאַסען (ס'געהט אַ רשימה פון גאַסען) ווערען גערופען אָבצוגעבען (ס'ווערט גענוי אָנגעוויזען דער טערמין) אין דעם פונקט אויף אָננעמען מעטאַלען ביים שטאָט־הויפטמאַן, דאָמיניקאַנער גאַס 3, צימער 90, פאַרטער, אַלע מעשענע טיר־קליאַמקעס און פענסטער־בלעכלעך, אויך מעשענע הענטלעך און שויב־שטאַנגען פון די וויטרינעס. פאַר די חפצים, וואָס מ'וועט אָבגעבען באַצייטענס, וועט מען בעצאָלען ביים אָבגעבען. אין דעם פונקט אויף אָנצונעמען מעטאַלען קאָן מען פאַר געצאָלט בעקומען אַנדערע קליאַמקעס. הויזווירטען אָדער אַדמיניסטראַטאָרען, וואָס וועלען ניט ערפילען די דאָזיגע פאָדערונג צו דער רעכטער צייט אָדער וועלען אָבגעבען ניט אַלע אויסגערעכענטע מעשענע חפצים, וואָס זיינען פאַראַן אין די אויסגע־רעכענטע הייזער, דאַרפען זיך ריכטען אויף אַ שטראָף. די מעשענע חפצים פון די אויסגערעכענטע מינים, וואָס מ'וועט אָבגעבען ניט צו דער צייט אָדער מ'וועט זיי אויסבאַהאַלטען, דאַרפען צוגענומען ווערען אָהן געצאָלט".

פון די סאַניטאַרע און היגיענישע מיטלען איז דורכגעפירט געוואָ־רען אין 1916 און שפּעטער, אין אַ ברייטער מאָס, לויט אַ רייהע בעקאַנט־

מאַכונגען, די אימפּונג קעגען פּאָקען און די רייניגונג דורך די אַנט־לויזונגס־אַנשטאַלטען.

דורך די העכער 150 בעקאַנטמאַכונגען אין יאָר 1916 זיינען בכלל ענדגילטיג נאָרמירט געוואָרען אַלע זייטען פון לעבען אין שטאָדט און ס'זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען די אַלע אופנים פון אויפפירונג און פון דער דייטשער אָקופּאַציע־אַרבייט אין בעזעצטען געביט.

מען דאַרף נאָך נעמען אין בעטראַכט, אַז חוץ די בעקאַנטמאַכונ־גען, וואָס זיינען אַרויסגעלאָזען געוואָרען יעדע איינע אין בעזונדערע אויסגאַבען און זיינען אויסגעקלעבט געוואָרען אויף די גאַסען, — און אָט די דאָזיגע אייגענטליכע בעקאַנטמאַכונגען פאָרשען מיר די גאַנצע צייט, — זיינען נאָך, דערהויפּט פון 1916 אָן, אַרויסגעגע־בען געוואָרען קאָמפּילירטע פעראָרדענונגס־בלעטער. איניגע בעקאַנט־מאַכונגען (וועגען שולען און אַנדערע) זיינען געדרוקט געוואָרען בלויז אין די צייטונגען.

אין 1917 זיינען ערשינען שוין ווייניגער בעקאַנטמאַכונגען, דער־הויפּט אויף די גאַסען, — ווייל די גאַנצע אַרבייט איז שוין אָבגעטאָן געוואָרען דורך די פריהערדיגע בעקאַנטמאַכונגען. די בעקאַנטמאַכונגען פון 1917 דערגאַנצען נור גרעסטענטייל די פעראָרדענונגען פון 1916 (און 1915) אָדער ענטוויקלען ווייטער די שוין פריהער אָנגענומענע און געמעלדעטע מיטלען און תקנות. אַזוי, למשל, זיינען שטאַרק פער־גרעסערט געוואָרען די אַרבייטען וועגען היגיעניזירען די שטאָט. די ענטלויזונג ווערט דערפירט ביז צו אַ אַלגעמיינער צוואַנגס־רייניגונג, וואָס געפינט זיך, אגב, אין אַ צוזאַמענהאַנג מיט די עפּידעמיעס פון פלעק־טיפוס (און אַנדערע אַנשטעקענדיגע מחלות) אין די זומערדיגע און הערבסטיגע חדשים פון 1917.

די בעקאַנטמאַכונג פון 13 סעפּטעמבער 1917, אונטערגעשריבען פון שטאָטהויפּטמאַן פּאַאולי, פעראָרדענט אַ אַלגעמיינע ענטלויזונג פון די עסערס אין די פּאָלקסקיכען און האָט פאָלגענדען נוסח: „אין די קומענדיגע וואָכען מוזען זיך אַלע עסערס פון די פּאָלקסקיכען ענטלויזען. יעדער עסער פון אַ פּאָלקסקיך וועט אין דער פּאָלקסקיך, צו וועלכער ער איז פערשריבען, בעקומען פאַר זיך און פאַר זיין פאַ־מיליע אַ מעלדונג פון שטאָטהויפּטמאַן, ער זאָל אין אַ בעשטימטער צייט געהן אין אַ בעשטימטער ענטלויזונגס־אַנשטאַלט (לויזבאָד) מיט זיין גאַנצער משפחה ענטלויזען זיך. נאָך דער ענטלויזונג וועט מען אין לויז־באָד פערצייכענען אויף דער מעלדונג, אַז ער האָט דורכגעמאַכט די ענטלויזונג ווי עס בעדאַרף צו זיין. ווער ס'וועט ניט קענען קומען ענטלויזען זיך צו דעם טערמין, מחמת ער וועט ליגען צו בעט אָדער צוליב אַנדערע וויכטיגע טעמים, דער מוז בעקומען אַ שיין פון פאָר־

שטאַנד פון דער פאָלקסקיך, אַז די ענטלויזונג איז ניט געמאַכט געוואָרען ניט צוליב זיין שולד. דעם דאָקומענט דאַרף מען גוט היטען און ביז דעם טערמין, וואָס איז אָנגעוויזען אין אים, אָבגעבען אים אין דער פאָלקסקיך ביים נעהמען עסען. ווער ס׳וועט ניט צושטעלען צו דער צייט די בעשטעטיגונג וועגען דער ענטלויזונג אָדער דעם שיין, אַז די ענטלויזונג איז ניט געמאַכט געוואָרען ניט צוליב זיין שולד, דעם וועט די פאָלקסקיך מעהר ניט געבען קיין עסען. אַריבערשרייבען זיך אין אַן אַנדער קיך וועט מען מעגען בלויז דאַן, ווען מען וועט צוזאַמען מיט דער אָבמעלדונג פון דער קיך, וועלכע מען האָט בענוצט ביז אַהער, מיטברענגען דעם שיין וועגען ענטלויזונג, אָדער מען וועט צושטעלען אַ שיין, אַז אָדער די ענטלויזונג איז ניט געמאַכט געוואָרען ניט צוליב דער אייגענער שולד, אָדער אַז אין פערגאַנגענעם קאַלענדאַרישען חדש איז אין דער פריהערדיגער קיך ניט געווען קיין ענטלויזונג. פאַר טאָן כנגד וועט מען בעשטראָפען לויט דעם § 139 פון רוסישען קאָדעקס".

לויט אייניגע בעקאַנטמאַכונגען זיינען צוליב דיזעלבע, היגיענישע, טעמים אויך פערמאַכט געוואָרען די שולען. די לעצטע בעקאַנטמאַכונג פון דעם מין איז אונטערגעשריבען דעם 12 נאָוועמבער 1917 פון שטאָט-הויפטמאַן אין פערטרעטונג קעסלער און האָט פאָלגענדען נוסח: „די שולען און ערציהונגס-אינסטיטוציעס, וואָס זיינען צוליב סאַניטאַרע טעמים פערמאַכט געוואָרען דורך דער פעראָרדענונג פון שטאָטהויפט-מאַן פון 5 מאַי 1917,*) טאָרען ווידער ניט אָנהייבען די למודים אָהן אַ בעזונדערער ערלויבעניש פון דער מאַכט. די לייטערס פון די שולען און די לערער, וועלכע פירען דעם אונטערריכט געגען דעם פערבאָט, וועלען קרימינאַל בעשטראָפט ווערען לויט דעם § 139 פון דעם רוסישען שטראָף-קאָדעקס אין צוזאַמענהאַנג מיט § 17 פון דער פעראָרדענונג וועגען דעם שטראָפרעכט אין פערוואַלטונגס-געביט אָבאָסט פון 14 מאַי 1917. מען וועט אויך אַרויסטרעטען געגען זיי מיט פאָליצעאישע צוואַנגסמיטלען".

אַ גרויסע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבייט בנוגע די ערנערונגס-ענינים איז דורכגעפירט געוואָרען לויט דער בעקאַנטמאַכונג פון 25 יילי 1917, אונטערגעשריבען פון שטאָטהויפטמאַן פ אַ א ו ל י : „ביז צום 31 יולי 1917 דאַרפען אַלע בעזוכער פון פאָלקסקיכען, מיטעלשטאַנדסקיכען, אָווענטקיכען און קינדערקיכען זיך איינשרייבען אין אַ קיך, וועלכע זיי קאָנען פריי אויסקלייבען. ביים איינשרייבען זיך דאַרפען זיי מעלדען די דויערקאַרטע און דעם אָבאָסטפּאַס. די איינשרייבונג דאַרף געמאַכט ווערען פאַמיליענ-

*) די פעראָרדענונג איז פונאַנדערגעשיקט געוואָרען אין די פאָלקסשולען, חדרים, תלמוד-תורות, אָוועגטשולען, קינדער-גערטנער און קינדער-היימען און האָט בעפוילען תיכף צו שליסען די דאָזיגע אַנשטאַלטען מחמת דער סכנה פון פלעקטיפוס. די אינטערנאַטען זיינען ניט געשלאָסען געוואָרען.

ווייז לויט דער דויערברויטקאַרטע. ביים אײַנשרייבען זיך ווערען אַרויס־געגעבען דויערזופּקאַרטען, וועלכע מען דאַרף מעלדען בײַ דער גע־העריגער ברויטקאַרטענביוראָ, אין ראַיאָן פון וועלכער ס׳וואוינט דער בעזוכער פון קיך, ביים בעקומען די וואָכענברויטקאַרטע. אָהן אַ שטעמפּעל פון ברויטקאַרטענביוראָ זיינען די דויערזופּקאַרטען ניט גילטיג. פון 2 אויגוסט 1917 אָן וועט מען אין די קיכען אַרויסגעבען עסען בלויז די, וועלכע מעלדען די דויערזופּקאַרטע און די דויערברויטקאַרטע. מען קאָן אויך פערלאַנגען, אַז מען זאָל ווייזען דעם אָבעראָסטפּאַס. — די איינ־וואוינער פון ווילנא, וועלכע וועלען זיך ניט פערשרייבען אין קיכען און וועלכע זאָגען זיך אויף אַזאַ אופן פרייווילליג אָב פון מאַסענשפּייזונג, פערלירען זייער רעכט אויף די זופּקופּאָנעס פון דער ברויטקאַרטע. די ברויטקאַרטען און די זופּקאַרטען, אויך איינצעלנע קופּאָנעס, קאָן מען ניט איבערגעבען אַנדערע פערזאָנען. פאַר טאָן כנגד וועט מען בעשטראָפען".

די אָרגאַניזאַציע פון דער זאַך האָט געדויערט אַ פּאָר חדשים. יעדער עסער האָט זיך געמוזט פעררעגיסטרירען אין אַ בעשטימטער קיך. אומבייטען די קיך איז געווען פערבונדען מיט געוויסע שוועריג־קייטען. די רעגיסטראַציע פון די עסער האָט רעפאָרמירט דעם גאַנצען ענין פון די קיכען און פון דעם עסען, מחמת לויט דער צאָל פ ע ר ־ ר ע ג י ס ט ר י ר ט ע עסער פלעגט דער שטאָטהויפּטמאַן אַרויסגעבען די פּראָדוקטען.

צו דערזעלבער קאַטעגאָריע „ערנערונגס"־בעקאַנטמאַכונגען געהערט אויך, אַלס כאַראַקטעריסטישע, פאָלגענדע (אונטערגעשריבען פון שטאָט־הויפּטמאַן פ אָ ה ל דעם 14 מאַי 1917):

„מחמת אַ סך עבירות געגען די תקנות וועגען די נסיעות מוז דערמאָנט ווערען, אַז די אײַנוואוינער פון קאַנט, וועלכע ווילען אַריבער־געהן די גרעניץ צווישען דער שטאָט ווילנא און דעם קרייז ווילנא פער כאַן, פעהר אַקס, מיט שליטענס, רייטענדיג אָדער צופוס, דאַרפען האָבען אַ בילעט מיט אַ ערלויבעניש".

דאָס רוב אַזוינע „נסיעות" פלעגען געמאַכט ווערען, אום אַריינ־צוברענגען אין שטאָט שפּייז־פּראָדוקטען (ס׳האָבען זיך געבילדעט ספּע־ציעלע קאַטעגאָריעס „געהער" און „געהערקעס", וואָס האָבען קוים מיט מאַטערניש געצויגען דורכדעם זייער חיונה), אָדער אום צו ענטלויפען פון שטאָט אין די קליינע שטעטלעך, וואו די לעבענסמיטלען זיינען די גאַנצע צייט תמיד געווען ביליגער און וואו די משא פון לעבען איז בכלל געווען אַ סך לייכטער.

אין 1917 האָבען נאָך אויך ניט אויפגעהערט די בעקאַנטמאַכונגען וועגען רעקרוטירען אַרבייטער. דעם 28 מאַי 1917, למשל, איז ערשינען

פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג, אונטערגעשריבען פון שטאָטהויפּטמאַן פּאָהל, וועלכע קאָן דינען אַלס מוסטער:

„ס'זיינען נויטיג אַרבייטער-מאַנסביל צו עפענטליכע אַרבייטען. מעלדען זיך קאָן מען ביז צום 10 יוני 1917 6 אַ זייגער נאָכהאַלבענטאָג אין אַלטען ראַטוש, דאָמיניקאַנער גאַס 2, צימער 86. דער טעגליכער לוין פאַר פרייוויליגע אַרבייטער בעטרעפט: פאַר ניט דערוואַקסענע אַרבייטער 40—80 פעניג מיט עסען, פאַר דערוואַקסענע אַרבייטער 1,70—2,50 מאַרק, אַראָבגערעכענדיג 1 מאַרק פאַר'ן עסען. די אַרבייטער קען מען חוץ דעם געבען פאַמיליע-תמיכות פון 50 פעניג אַ טאָג, וואָס ווערט ניט אַריינגערעכענט אין לוין. אויב צום בעשטימטען טערמין וועלען זיך ניט מעלדען גענוג אַרבייטער, וועט מען די נויטיגע צאָל אַרבייטער נעמען מיט צוואַנג. די ציווילע אַרבייטער, וואָס מען וועט נעהמען מיט צוואַנג, בעקומען חוץ פריי עסען נור 30 פעניג. חוץ דעם קאָן מען געבען אַלס פאַמיליע-תמיכה פאַר בעווייבטע און אַזוינע אַרבייטער, וואָס האָבען צו שטיצען קרובים, 50 פעניג אַ טאָג".

די איבעריגע בעקאַנטמאַכונגען פון 1917 זיינען נוגע צעהנדליגער ענינים פון לעבען און אַזוי ווי די בעקאַנטמאַכונגען פון די פריהערדיגע יאָרען לאָזען זיי ניט דורך קיין איין נייעם שטריך, וואָס זאָל ניט זיין נאָרמירט. ס'איז גענוג בלויז מעכאַניש אָנצורופען, חוץ די געבראַכטע, אַ טייל ענינים, וואָס ווערען אַרומגענומען פון די בעקאַנטמאַכונגען: וועגען אַרויפלייגען קאָנטריבוציעס אויף פערשיידענע שטעט און דערפער דורך דעם אָבערבעפעלסהאַבער אָסט פאַר עובר זיין פערשיידענע תקנות (דערהויפּט פאַר שרפות פון תבואה און בהמות, צוליב אומפאָרזיכטיגקייט אָדער מחמת אונטערצינדונג, פאַר פאָליטישע אַגיטאַציעס, פאַר בעפאַלען דייטשע סאָלדאַטען, פאַר בעהאַלטען רוסישע מלחמה-געפאַנגענע, פאַר אַ ווידערשטאַנד ביים אויפמאַנען שטייער ובדומה); וועגען אָבשניידען ביי די פערד די האָר פון גריווע און פון עק און אָבגעבען עס אין אַ זויבערען צושטאַנד אין רוי-שטאָף-און האַנדעלס-אָבטיילונג, דערביי צאָלט מען פאַר טרוקענע זויבערע האָר פון גריווע 1 מ' 25 פ' פאַר 1 קילאָ, פון עק 2 מ' 50 פ' פאַר 1 קילאָ; וועגען אַ דייטשער קונסט-אויסשטעלונג אין ווילנא; וועגען חוב צו פערקויפען בהמות דעם ווירטשאַפטליכען קאָמיטעט; וועגען אַ רעוויזיע און מאָביליזאַציע פון פערד; וועגען אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפטען; וועגען פערזייהען די פעלדער און גערטנער; וועגען אָבראַמען די שניי פון די גאַסען; וועגען בעגיסען די גאַסען; וועגען פערבאָט צו באַקען צוקער-געבעק; וועגען אויסראָטען קראָהען; רעקווויזיציע פון דער גרעטעניש; וועגען אויסגעגאַנגענע משכנות אין שטאָטישען לאָמבאַרד און אויקציאָנען; וועגען געוועבטע, געפעדימטע און געשטריקטע שטאָפען; וועגען דעם סכום אַרויסגעלאָזענע

אָבערסט-באָנעס (צום 30 נאָוועמבער 1917—159,033,382 רובל); וועגען שטייער אויף הינט; וועגען בעקעמפפען מייז און טשורעס; וועגען שליסען די קראָמען און געשעפטס-צימערען 5 אַ זייגער אינאָווענט, מחמת עקאָנאָמיע אין בעלייכטונג (דעם 28 נאָוועמבער 1917); וועגען בעוואָרענען די וואַסערמעסטער און די רערען פון דער וואַסערלייטונג געגען פראָסט (3 דעצעמבער 1917); וועגען בילעטען צו האַלטען געשעפטען; א. אַז. וו.

די בעקאַנטמאַכינגען וועגען אויסגעגאַנגענע משכנות אין שטאָטישען לאָמבאַרד, וועגען דעם סכום באָנעס, וועגען רויע מאַטעריאַלען וכדומה פלעגען ערשינען אין משך פון יאָר זעהר אָפט, און פון דעם נעהמט זיך בכלל די גרויסע צאָל בעקאַנטמאַכונגען אין 1917. אַלס מוסטער קאָן געבראַכט ווערען פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג וועגען די אויסגעגאַנגענע משכנות: „אין אוקציאָן-זאַל פון שטאָטישען לאָמבאַרד, טראָקער גאַס 14 (דער מויער פון אַמאָליגען פראַנציסקאַנסער קלויסטער), וועט (ס'געהט די גענויע אָנווייזונג פון טאָג און שעה) זיין אַ עפענטליכער אויקציאָן פון פעליגע משכנות פון שטאָטישען לאָמבאַרד (ס'געהט די גענויע אָנווייזונג פון די טערמינען)". אָדער אַלס מוסטער – פאָלגענדע בעקאַנטמאַכונג וועגען די אָבאָסט-געלטער: „דער סכום פון די באָנעס פון דער הלואה-קאַסע אָסט, וואָס האָבען צירקולירט (ס'ווערט גענוי אָנגעוויזען די דאַטע), בעטרעפט (ס'ווערט גענוי אָנגעוויזען די סומע)—.פון זיי גרויסע שיינען (צו 100, 25, 10, און 3 רובל) אַזוי פיל און אַזוי פיל, קליינע שיינען (צו 1 רובל, 50 און 20 קאָפּ.) אַזוי פיל און אַזוי פיל רובל".

אַ ספּעציעלער מין בעקאַנטמאַכונגען מעלדעט וועגען אויסגעפירטע שטראָפען פאַר רציחות און גזלות אָדער וועגען זוכען אַנטלאָפענע פערברעכער און בעלוינונגען פאַר געפינען זיי. די דאָזיגע בעקאַנטמאַכונגען, אַזוי ווי די בעקאַנטמאַכונגען וועגען אַרויפגעלעגטע קאָנטריבוציעס אויף שטעטלעך און דערפער פאַר אָבטאָן געוויסע פערבאָטענע מעשים, זיינען געווען אויסגעקלעבט אויף די ווילנער גאַסען, הגם זיי האָבען ניט אַלע מאָל געהערט דירעקט צו ווילנא. זיי פלעגען געוועהנליך זיין געדרוקט אויף רויטע פאַפיר. אָט איז אַ מוסטער פון אַזאַ מין בעקאַנטמאַכונג: „דער ברונעם-בויער זאכאריאס ראָמאַשקאָ פון גודאַקאָמפיע, קרייז ראַדין, רוימיש-קאַטוילישער רעליגיאָן, וועלכער איז פאַר אַ רויבמאָרד פערמשפט געוואָרען צום טויט דורך דעם פסק פון בעצירקס-געריכט גראָדנא פון 23 אויגוסט 1916, איז היינט אויפגעהאַנגען געוואָרען. — גראָנא, 28 סעפטעמבער 1916. דער קייזערליך דייטשער בעצירקס-ריכטער אין פערטרעטונג ווינשע"; אָדער: „דער דראָשקען-קוטשער פון ווילנא, געאָרג יאנושעווסקי, 27 יאָר אַלט, וואָס איז פאַר אַ רויבמאָרד אין דאָמבראָוואָלע דעם 28 פעברואַר 1917 פערמשפט געוואָרען צום טויט פון דעם בעצירקס-געריכט אין ווילנא, איז דעם 28 ה. מ. אויפגעהאַנגען

געוואָרען.—ווילנא, דעם 28-טען אַפּריל 1917. קייזערל. דייטשע בע-צירקס-געריכט".

די בעקאַנטמאַכונגען, וואָס מעלדען וועגען ענטלאָפענע פערברעכער און וועגען אויסגעפינען זיי, שרייבען גענוי אַרום אַלע פיזישע סימנים פון פערברעכער און בעשטימען פּאַר די פּערזאָנען, וואָס דורך זייער הילף אָדער ידיעות וועט געלינגען צו כאַפּען דעם פערברעכער, אַ בעלוינונג פון צענדליגער ביז הונדערטער מאַרקען, לויט דער וויכטיגקייט פון בעגאַנגענעם פערברעכען.

חוץ די אייגענטליכע בעקאַנטמאַכונגען זיינען נאָך ערשינען אַ רייהע מערקבלעטער וועגען בעקעמפען עפּידעמישע קראַנקהייטען, וועגען לאַנדווירטשאַפטליכע ענינים וכדומה און אַ רייהע נאָטיצען אין דער פרעסע וועגען ענינים פון ערנעהרונג, היגיענע וכדומה. — וואָס קאָנען אויך צוגערעכענט ווערען צו דער קאַטעגאָריע בעקאַנטמאַכונגען.

בסך-הכל האָבען מיר אויסגעפאָרשט 353 בעקאַנטמאַכונגען פון ערשטען טאָג אָקופּאַציע ביז סוף 1917. אין 1915 און 1916 זיינען אַלע בעקאַנטמאַכונגען געווען אויסגעקלעבט אויף די גאַסען אויסערדעם, וואָס אַ סך פון זיי זיינען אויך גלייכצייטיג געווען געדרוקט אין דער פרעסע; אין 1917 זיינען שוין אַ סך בעקאַנטמאַכונגען ערשינען בלויז אין דער פרעסע. חוץ דעם געהערען אַ גאַנצע רייהע בעקאַנטמאַכונגען, ווי ס'איז שוין אויבען אָנגעוויזען געוואָרען, פון יאָר 1917 צו געוויסע קאַטעגאָריעס (רויע מאַטעריאַלען, שטאָפען, באַנעס, אויקציאָנען וכדומה), אין יעדער קאַטעגאָריע צו עטליכע צענדליג בעקאַנטמאַכונגען, וואָס האָבען צו טאָן מיט איין און דעמזעלבען ענין, נור יעדען מאָל בנוגע צו אַן אַנדער ראַיאָן אָדער צו אַן אַנדער טערמין.

די אויסגעפאָרשטע 353 בעקאַנטמאַכונגען פאַר די $2^1/_4$ יאָר אָקופּאַציע קאָן מען איינטיילען אין פאָלגענדע רובריקעס:

א) מיליטערישע (בעפעהלען און פעראָרדענונגען בנוגע צו אַרמעאישע ענינים, רעקוויזיציע צוליב מיליטערישע צוועקען, פערשפּריי-טען פון קלאַנגען, בעציהונג צו די דייטשען אַלס מיליטערישער מאַכט).

ב) פיסקאַלע (שטייערען, אָבצאָלונגען, קאָנטריבוציע, געלט, ענינים בנוגע צו דער מלוכה און געמיינדע).

ג) שטאָט- און גובערניע-פערזאָרגונג (אָרדענונג, פערוואַל-טונג, פּאָסט, אייזענבאַנען, בעלייכטונג, קאַנאַליזאַציע, בעוועגונג, אַנשטאַלטען).

ד) סאַניטאַרע (היגיענע, עפּידעמיעס, אימפּונגען, ענטלויזונגס-אַנשטאַלטען, מעדיצינישע ענינים).

ה) עקאָנאָמישע (לעבענסמיטלען, ערנערונג, רויע מאַטעריאַלען, רעזערווען, אַרבייטס-קרעפטען, טאַקסעס, וואַליוטע, עמיגראַציע און עוואַקואַציע, האַנדעל).

ו) געזעלשאַפטליכע (בעציהונג פון דער מאַכט צו דער בע-פעלקערונג, נאַציאָנאַלע ענינים, פאָלקסצעהלונגען, בילדונג, שפּראַך פרעסע, אַנשטאַלטען).

אַ רייהע בעקאַנטמאַכונגען קאָנען געהערען לויט דעם אינהאַלט גלייכצייטיג צו עטליכע רובריקעס. זעהר אַ סך בעקאַנטמאַכונגען פּון אַלע רובריקעס, האָבענדיג צו טאָן מיט די ענינים פון דער געהעריגער רובריק, דינען אין דער אמת'ן קודם-כל די דייטשע מיליטערישע אינטע-רעסען, וועלכע דאָמינירען אומעטום און ביי אַלע בעדינגונגען.

פון די 353 אויסגעפאָרשטע בעקאַנטמאַכונגען געהערען: צום יאָר 1915 ($3^1/_2$ חדשים) - 60, 1916—152, 1917—141.

די פאָלגענדע טאַבעלע בעווייזט די פונאַנדערטיילונג פון די בע-קאַנטמאַכונגען לויט די רובריקעס:

| רובריק | צאָל בעקאַנטמאַכונגען אין יאָר | | | בסך-הכל | |
|---|---|---|---|---|---|
| | $^1/_2$ 1915 | 1916 | 1917 | אבסאָל. | % |
| מיליטערישע | 14 | 11 | 6 | 31 | 9 |
| פיסקאַלע | 3 | 8 | 16 | 27 | 7 |
| שטאָט און גוב.-פערוואַלטונג | 14 | 66 | 45 | 125 | 36 |
| סאַניטאַרע | 3 | 12 | 15 | 30 | 8 |
| עקאָנאָמישע | 24 | 46 | 53 | 123 | 35 |
| געזעלשאַפטליכע | 2 | 9 | 6 | 17 | 5 |
| בסך-הכל | 60 | 152 | 141 | 353 | 100 |

בכלל פלעגט דער עולם ערפילען די פעראָרדענונגען פון די בעקאַנטמאַכונגען פערהעלטניסמעסיג פינקטליך און פלעגט קוקען אויף זיי ווי אויף אַ זאַך, פון וועלכער מען וועט זיך ניט קענען אַרויסדרייהען, מחמת די דייטשע מאַכט וועט אויפהיטען און וועט מיט אַלע מיטלען דערפירען אירע פעראָרדענונגען ביז זייער פערווירקליכונג, וואָס פלעגט אויף יעדען טריט און שריט דערוויזען ווערען דורך דער פּראַקטיק. צו דעם עצם ענין בעקאַנטמאַכונגען האָט מען זיך אַזוי צוגעוועהנט, אַז אַפילו שפּעטער, דערהויפּט אין דער צווייטער העלפט 1917, ווען מען פלעגט שוין כמעט ניט אויסקלעבען קיין בעקאַנטמאַכונגען אויף די גאַסען, איז געווען גענוג, אַז אַ בעקאַנטמאַכונג זאָל געדרוקט ווערען אין די אָרטיגע צייטונגען,—אָדער אַפילו ניט קיין פאָרמעלע בעקאַנט-מאַכונג, נור אַ האַלב-אָפיציעלע נאָטיץ,—אַז דער עולם זאָל זיך תיכף דערוויסען וועגען דער פעראָרדענונג און זאָל איר אויך תיכף ערפילען. ווען אַ רייהע בעקאַנטמאַכונגען, דער עיקר פון דער פיסקאַלער און

עקאָנאָמישער רובריק, פלעגען בעגעגענען שוועריגקייטען ביי זייער פער-ווירקליכונג, פלעגט זיך דאָס נעהמען גרעסטענטייל פון דער שטאַרקער פעראָרימונג פון דער ווילנער בעפעלקערונג, פון דער פולשטענדיגער ירידה פון די נאָרמאַלע בעשעפטיגונגען, פון נאָרמאַלען האַנדעל, אינ-דוסטריע און מלאכה און פון שווערקייט פון לעבען אין דער מלחמה-צייט בכלל. נעמענדיג אין בעטראַכט דעם דאָזיגען שווערען מצב פון דער ווילנער בעפעלקערונג, דאַרף מען, פערקערט. זיך וואונדערען ווי אַזוי די בעקאַנטמאַכונגען פלעגען פערהעלטניסמעסיג גיך און פולשטענ-דיג דורכגעפירט ווערען, וואָס ערקלערט זיך, פון דער אַנדער זייט, אויך מיט דער גרויסער אַרבייטס-פעהיגקייט פון דער דייטשער אָקופּאַציאָנס-מאַכט און פון איר קאָנזעקווענטקייט אין דער דערגרייכונג פון די צילען, וואָס זי האָט זיך געשטעלט און וואָס זיינען פינקטליך און קאַטעגאָריש פאָרמולירט אין די בעקאַנטמאַכונגען.

ס'קומט נאָך צו אַ פּסיכאָלאָגישער מאָטיוו, וואָס נעהמט זיך, איבריגענס, אויך פון דעם אייגענאַרטיגען מצב, אין וועלכען ווילנא האָט זיך די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע געפונען: אָבגעריסען ניט נור פון דער גאַנצער וועלט און פון רוסלאַנד, נור אויך פון פּוילען און אַפילו פון „אָבאָסט" און בכלל פון יעדע פונקט מחוץ דער גרעניץ פון שטאָט, איז ווילנא פערבליבען, ווי יעדע אַנדערע שטאָט פון דער אָקופּאַציע, אַ מלוכה פאַר זיך, אַ מין פעסטונג מיט כמעט פולשטענדיג געשלאָסענע טויערען, און מיט אַ וואַך ביי די טויערען. דאָס האָט גע-בראַכט דערצו, אַז די בעפעלקערונג, וועלכע איז נאָך דערביי כמעט אויף אַ העלפט פערקלענערט געוואָרען, איז געוואָרען ענגער צונויפגע-בונדען צווישען זיך, האָט בעקומען אַ קליינשטעדטעלדיגע פיזיאָנאָמיע און אַ בעזונדערע היימישקייט, ווען מען ווייס וואָס טוט זיך ביים שכן אין טעפעל, ווי מענדעלי האָט עס אַזוי בולט בעשריבען בנוגע צו קאַבצאַנסק. יעדער וואָרט און יעדער קלאַנג ווערט אין אַזאַ אַטמאָספער איבערגעגעבען פון מויל צו מויל, און ס'איז געגוג, אַז איינער זאָל וויסען, אום די גאַנצע שטאָט זאָל ריידען.

על כל פנים געהערען די בעקאַנטמאַכונגען צו די אינטערע-סאַנטסטע מאַטעריאַלען, וואָס דאָקומענטירען די צייט פון דער אָקופּאַציע.

<0000000000>

ד״ר מעד. אברהם ווירשובסקי.

# פון דער טעגליכער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ליטווישע יודען.

## II.

אין אַ גרויסער אַרבייט וועגען ראַסען-פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע האָט דער אונגאַרישער דאָקטאָר רעוועש פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז די סימפּטאָמען פון איין און דערזעלבער קראַנקהייט קאָנען זיך אַרויסווייזען פערשיידען ביי פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען. אין משך פון אַ 21-יאָריגער מעדיצינישער פּראַקטיק האָב איך געהאַט די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען דעם דאָזיגען קלינישען פאַקט בנוגע צו יודען, דער עיקר אויפ׳ן געביט פון די צוואַנגס-פאָרשטעלונגען, וואָס מען בעגעגענט אין אַלטעגליכען לעבען פון די ליטווישע יודען. אויב מען זאָל פערגלייכען, למשל, די סטאַטיסטישע דאַטען וועגען די צוואַנגס-פאָרשטעלונגען, וועלכע ס׳האָט פעררעגיסטרירט ביי אמת׳ע רוסען דער מאָסקווער פּראָפעסאָר ריבאַקאָוו, וועלען די דאָזיגע צוואַנגס-פאָרשטעלונגען ניט קאָנען געגליכען ווערען הן לויט דער איכות הן לויט דער ריינקייט צו די, וואָס מיר געפינען ביי די ליטווישע יודען. אין דעם אַלטעגליכען לעבען פון די ליטווישע יודען טרעטען בולט אַרויס צוויי קאַטעגאָריעס צוואַנגס-פאָרשטעלונגען: א) דאָס איבערגעשפּיצטע חקר׳נען זיך און ב) נאָזאָפאָביע, ד. ה. אַ מאַניאַקאַלישער פּחד פאַר קראַנקהייטען, וואָס מיר וועלען אין דעם אַרטיקעל גענוי אַנאַליזירען.

דעם ערשטען פּסיכאָפּאַטאָלאָגישען סימפּטאָם פון דער יודישער בעפעלקערונג — דאָס איבערגעשפּיצטע חקר׳נען זיך — האָב איך דער ערשטער בעשריבען אין ערשטען באַנד פון „ווילנער זאַמעלבוך“, אויף דעם צווייטען סימפּטאָם — נאָזאָפאָביע — האָט שוין פריהער פון מיר, אין יאָהר 1908, אָנגעוויזען דער בעוואוסטער בערלינער נעווראָפּאַטאָלאָג פּראָפ. אָפּענהיים. נור דער געעהרטער פּראָפעסאָר, וואָס איז ניט בעקאָנט מיט׳ן לעבען פון די ליטווישע יודען, האָט צו אויבערפלעכליך אַנאַלאַזירט די דאָזיגע ערשיינונג. וויכטיג איז על כל פּנים דער פאַקט, וואָס אַזאַ בעריהמטער קליניציסט, ווי פּראָפ. אָפּענהיים, צו וועלכען ס׳ווענדען זיך נאָך מעדיצינישער הילף פאָרשטייהער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען פון דער אַלטער און נייער וועלט, האָט ניט ווילענדיג זיך פעראינטערעסירט מיט דער דאָזיגער ערשיינונג און אין אַ ספּעציעלער אַרבייט וועגען דער נערוועזיטעט פון די רוסישע יודען דערמאָנט ער

וועגן נאָזאָפאָביע, אַלס אַ כאַראַקטעריסטישען פסיכאָפּאַטאָלאָגישען סימפּטאָם פון די יודען אין תחום-המושב (פּראָפ. אָפּענהיים רופט זיי רוסישע יודען). לויט דער דעפיניציע פון פּראָפ. אָפּענהיים „לייגט דער יודישער פּאַציענט ניט אַזוי פון דער מחלה גופא, ווי פון מורא פאַר איהר און פון טראַכטען וועגען איהר, און אָט די דאָזיגע ערשיינונגען בילדען אייגענטליך דעם עצם מחלה". און אין דער אמת'ען קאָן מען טאַקי זעהן די דאָזיגע ספּעציפישע נאַציאָנאַלע אייגענשאַפט אין אַלע פאַלען פון דער יודישער מעדיצינישער פּראַקטיק. דער יודישער פּאַציענט זאָגט „איך לויף צום דאָקטאָר" און זאָגט ניט „איך געה". ביים אַריינגעהן צום דאָקטאָר אין הויז קלינגט ער אונגעדולדיג און ליאַרעמדיג און ווען ער געהט שוין אַריין אינוועניג, איז וויפיל מענשען ער זאָל דאָרט ניט געפינען וואַרטענדיג, זוכט ער כל-ערליי מיטלען אַריינצוכאַפּען זיך אין קאַבינעט פריהער פון די איבעריגע, נערוועז אויפשפּרינגענדיג יעדען מאָל, ווען ס'עפענט זיך די טיר פון קאַבינעט און פעריזיכערענדיג די איבעריגע פּאַציענטען, אַז דוקא ער איז דער סאַמע ערנסטער חולה, וועלכער קאָן קיין רגע ניט וואַרטען. און ווען סוף כל סוף עפענט זיך שוין פאַר איהם די טיר פון דאָקטאָר'ס קאַבינעט, לויפט ער אַריין האַסטיג און אונבעהאָלפען און אָהן יעדען סדר, גיך ריידענדיג, זאָגט ער אַרויס זיין גאַנצע האַרץ, אַרויסשיטענדיג אָהן אַ שיעור תרעומות, שילדערענדיג זיינע אָפּט בלומרשטיגע יסורים מיט אַ מין התלהבות און קרענקליכע העויות, דערביי רעדט ער אַרום יעדען סימפּטאָם שאַרף, בולט אויף די פערשיידענסטע אופנים. ער וועט, למשל, ניט זאָגען פשוט, אַז ער האָט אַ שלעכטען אַפּעטיט, נור ער וועט זאָגען בערך אַזוי: „איך האָב קיין ברעקעל אַפּעטיט ניט, עסען וויל איך אַבסאָליוט ניט; מען קארגט מיר, דאַנקען גאָט, קיין שום זאַך ניט, נור איך קען אַפילו ניט קוקען אויף עסען, איך קעהר זיך אָפּ פון דעם; גיסט מיר נאָלד אין האַלז—איז מיר אויך פּריקרע".

אָדער, למשל, ער וועט ניט זאָגען פשוט וואָס פאַר אַ מאָגען ער האָט, נור ער וועט אויף פערשיידענע אופנים גענוי פונאַנדערלייגען דעם ענין וועגען דער איכות און דעם מצב פון דער מאָגען'ס אַרבייט. רעכענענדיג, אַז די סאַמע נישטיגע פּרטים קאָנען האָבען 'אַ וועלכע ניט איז שייכות צו דער קראַנקהייט, דערגעהט ער אין זיין שילדערונג ביז די מערקווירדיגסטע קוריאָזען. און בעת ער מאָלט אָפּ באריכות זיינע אַלע יסורים, קוקט ער מיט אַ פאָרשענדיג אויג אויף דער מימיק פון דאָקטאָר און שאָקעלט-צו מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט געזאָגט: „נו, וואָס, איך בין דאָך געפעהרליך, האַ, די קראַנקהייט איז זעהר אַ ערנסטע!" אין דער צייט, ווען אונזער שכן דער פּאָליאַק קאָנצענטרירט זיין אויפמערקזאַמקייט אויף איין סימפּטאָם, וואָס בעאונרוהיגט איהם, אָדער צוהערענ-

דיג זיך צו די שאלות פון דאָקטאָר, דריקט ער אוים זיין הסכם מיט „אהא, נו״, שפרינגט דער פּאַציענט דער יוד אין אַ פּאַנישען שרעק פאַר דער מחלה פון איין תרעומה צו דער צווייטער, פון איין אָרגאַן צום אַנדערען, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אַרומקוקען, צו איז ערגעץ ניט בעהאַלטען אַ סכנה. פון דאַנעט נעהמט זיך דער כאַראַקטעריסטישער אַנעקדאָט וועגען אַ יודענע, וועלכע, איבערצעהלענדיג בײ זיך אַ פּאָר צעהנדליג מחלות, האָט מוסיף געווען צום סוף: „און חוץ דעם בין איך אינגאַנצען אויך אַ חולה״. און נאָך אַ לאַנגער מעשה וועגען עקזיסטירענדע אָדער אײנגערעדטע יסורים איז דער יוד דער פּאַציענט אָפּט מוסיף: „נו, וואָס, איך האָב דאָך פאַר׳ן טויט קיין מורא ניט, — אַלע וועלען דאָך שטאַרבען״. אין דעם דאָזיגען פילאָזאָפירען זעהט איין דער דאָקטאָר-פּסיכאָלאָג אמת׳ע סימנים פון נאָזאָפאָביע: דער פּאַציענט קעמפט בעוואוסטזיניג מיט זיין פּחד, וואָס דריקט זיין האַרץ, און שטרעבט צו פערטרייבען די קרענקליכע פאָרשטעלונגען וועגען דער קראַנקהייט, וואָס שרעקט איהם.

אונטער דער השפעה פון פּחד פאַר דער קראַנקהייט איז בײ יודען ניט נור אונגעוועהנליך שטאַרק ענטוויקעלט די וויזיטאַציע צום דאָקטאָר, נור אויך די בעשטעלונגען פון פערשיידענע אַנאַליזען: זעלטען טרעפט מיט אַ ליטווישען יודען, וואָס זאָל זיך נים האָבען בעזאָרגט מיט אַ פּאָר אַנאַליזען, און כדי אײנצושטילען זיין נאָזאָפאָביע בעשטעלט נאָך דער יוד די אַנאַליזען אין עטליכע לאַבאָראַטאָריעס. פון דאַנעט שטאַמט דער אָרטיגער אַנעקדאָט, אַז אַ קריסט האָט גאָר קיין מורא ניט אויסצוטרינקען אַ גאַנצע פלעשעל בראַנפען, אַ יוד אָבער בעשטעלט פריהער אין אַ לאַבאָראַטאָריע צווײ, דרײ אַנאַליזען, איידער ער פּועל׳ט בײ זיך אַראָבצושלינגען אַ טרונק וויין. ריידענדיג וועגען די דאָזיגע יודישע אַנאַליזען וויל איך דרך אגב מאַכען פאָלגענדע בעמערקונגען: ס׳איז פערשפרייט אַ מיינונג בײ דאָקטוירים, אַז יודען לײדען אַ סך אָפטער פון קריסטען אויף די קראַנקהייטען פון שטאָף-וועקסעל (אוראַטען-דיאַטעז, צוקער-קראַנקהייט וכדומה). דער גלויבען אין דאָזיגען מעדיצינישען דאָגמאַט איז בײ מיר שטאַרק געוואָרען אין ספק. איך רעכען, אַז אויב די קריסטען וואָלטען פּונקט אַזוי גרינטליך ווי יודען געמאַכט בײ זיך אַנאַליזען, וואָלט זיך בײ זײ אַרויסגעוויזען אויך אַזאַ גרויסער, אויב ניט נאָך אַ גרעסערער פּראָצענט לײדענדע אויף קראַנקהייטען פון שטאָף-וועקסעל.

די טעגליכע פּראַקטיק בעשטעטיגט אויף יעדען טריט און שריט, אַז אַ יוד, ווי ס׳שטעלט פעסט די אויבען-געבראַכטע פאָרמולע פון פּראָפ. אָפּפענהיים, לײדט ניט אַזוי פון דער מחלה גופא, ווי פון מורא פאַר איהר. איך וועל ברײנגען על פי זכרון איניגע קוריאָזע בײשפּילען: א) „פון וואָס ווילט איר זיך היילען, פרעג איך פּערוואונ-

דערט אַ פּאַציענטקע". ענטפערט זי: „אַז טאָמער וועט זיין אַ טשאַד, זאָל ביי מיר די קאָפּ ניט וועה טאָן". ב) ביי אַ פּאַציענטקע רופט שוואַרצע ברויט אַרויס אַ ברענעניש און מען גיט איהר אַ פּראָסטע עצה ניט צו עסען קיין שוואַרצע ברויט. נור זי קאָן ניט בייקומען די מורא, טאָמער ליגט בעהאַלטען אין דער דאָזיגער נאַטירליכער ערשיינונג עפּעס אַ ערנסטע קראַנקהייט, און זי לויפט אום צו דאָקטוירים און דערעסט אַלעמען מיט דער פאָדערונג, אַז מען זאָל איהר געבען אַ ראַדיקאַלען מיטעל, אַז שוואַרצע ברויט זאָל ניט אַרויסרופען ביי איהר קיין ברענעניש. ג) אַ זקנה, אַ הונגעריגע און אַ נאַקעטע, קומט צוגייהן אין גרויסע פרעסט אויף אַ וויזיט אין שפּיטאָל און בעט אַ רעצעפּט קעגען דעם, וואָס איר איז קאַלט,-- „זי האָט, הייסט עס, מורא, צו איז דאָס ניט קיין קראַנקהייט". ד) אין יודישע יום-טובים בעגעגענען מיר פאָלגענדע בילדלעך פון לעבען: אַ מוטער ברייננט אויף אַ וויזיט צום דאָקטאָר אַ יונגע טאָכטער, אַ פרעהליכע און זאָרגלאָזע און בעט מען זאָל איר גוט אויסהערען. דער דאָקטאָר קוקט אַרום די לעבנסלוסטיגע מיידעל און פערוואונדערט פרעגט ער איהר אויף וואָס אייגענטליך בעקלאָגט זי זיך. זי קוועטשט מיט די פּלייצעס און שמייכעלדיג ערקלערט זי, אַז אייגענט-ליך אויף קיין זאַך ניט, און קוקט דערביי שעמעוודיג אין דער זייט פון דער מוטער, וועלכע ווערט שטאַרק אין כעס און מיט אַ צאָרענדיגער שטימע הויבט זי אָן שרייען אויף די טאכטער: „וואָס שווייגסטו, דערצעהל, ווי ס'בעדאַרף צו זיין, וואָס טוט דיר וועה!" דאָס איז אַ ביישפּיל פון דעם, ווי נאָזאָפאָביע ווערט ביי יודען קולטיווירט פון יונגערהייט אָן. די סצענקע פערענדיגט זיך דערמיט, וואָס די מוטער בעט צום סוף אַלס אַ געפעליגקייט שוין צוזאַמען אויך איר אַ האָרך טאָן. ה) איינע אַ פּאַציענטקע האָט זיך שרעקליך בעקלאָגט אויף איר מזל, ס'אַראַ אומגליקליכע זי איז, אַז די דאָקטוירים געפינען אין איר קיין קראַנקהייט ניט.

פונקט אַזוי קוריאָז איז די אַנדערע כאַראַקטעריסטישע אייגענ-שאַפט פון דער נאָזאָפאָביע ביי יודען, וואָס איז אויך בעמערקט געוואָ-רען פון פּראָפעסאָר אָפּענהיים, — די טראַכטעניש וועגען דער קראַנקהייט. דאָס מאַניאַקאַלישע חקר'ענען זיך, וואָס איך האָב פריהער בעשריבען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם מאַניאַקאַלישען פּחד פאַר דער קראַנקהייט (נאָזאָפאָביע), בעשאַפט בילדלעך פון אַלטעגליכען לעבען, וואָס האָבען צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט ניט נור פון קליניציסט נור אויך פון שרייבער הומאָריסט. איך ברייננג דאָ אַ ציטאַטע פון שלום עליכם'ס אַ ערצעהלונג: „ס'איז ביי מיר נערוועז, זאָגען זיי, די דאָקטוירים, און ס'האָט זאָגען זיי, אַ שייכות צום מאָגען, כאָטש אַפילו על פי שכל קומט דאָס אויס ווילד, וואָרום וואָס געהער זיך אָן נערוועז

מיט אַ מאגען? אַ ביסעל אַ סמיכות הפרשה? וואו זיינען די נערוועןאון וואו איז דער מאָגען? נערוועו זיינען דאָך צומיינסטען על פּי חכמת הדאָקטאָריע, דאַכט זיך, דאָרט, וואו די געהירען? און דער מאָגען איז דאָך גאָר ווייס איך וואו, פאָלג מיך אַ גאַנג"!... („ביים דאָקטאָר"). דערצו געהערען אויך שלום-עליכם׳ס הומאָריסטישע ערצעהלונגען „דריטער קלאַס" א. א.

נור מען דאַרף גאָרניט האָבען שלום-עליכם׳ס טאַלאַנט, כּדי אָנ-צושרייבען אַ גאַנצע רייהע ערצעהלונגען, וואָס איליוסטרירען די מאַניאַ-קאַלישע חקירות פון די יודען וועגען די קראַנקהייטען און זייער קוראַציע. די טעג נאָך האָב איך געהערט אַזאַ מין סאָרט חקירה פון אַ פּאַציע-נטקע, וואָס האַלט זיך פאַר אַ אינטעליגענטקע: „דאָקטאָר, איר האָט מיר געהייסען מאַכען אַיינשפּריצונגען אין האַנט, און איך רעכען, אַז מען דאַרף זיי בעסער מאַכען אין פּלייצע, ווייל די הענט הויבען זיך דאָך אויף אויבען, איז ווי אַזוי וועט עס די רפואה געהן אין דער הויך צום אָרגאַניזם?"

איך גיב איבער די דאָזיגע פּרטים ניט צום לאַכען, נור כּדי צו בעצייכענען די נאָזאָפאָביע ביי די אָרטיגע יודען ווי אַ סאָציאַלע צרה, וואָס אין עקאָנאָמישען און מאָראַלישען זין איז זי לויט מיין טיפער איבערצייגונג ניט קיין קלענערער סאָציאַלער אומגליק, ווי דער אַלקאָ-האָליזם ביי די רוסען. מיר איז אויסגעקומען עטליכע מאָל צו ריידען אויף דער טעמע מיט שלום אַש׳ן, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט, אַז וועגען דעם דאַרף מען אַ סך שרייבען, און דערביי האָט ער ביסענד בעמערקט: „אויב איר וועט אַ ר ב י י ט ע ן, כּדי געזונט צו מאַכען די יודען פון דער דאָזיגער סאָציאַלער מחלה (נאזאפאביע), וועלען די דאקטוירים פאַר-בלייבען אָהן אַ שטאָך אַרבייט".

די דאָזיגע נאָזאָפאָביע, אלס א סאָציאַלע קראַנקהייט פון די ליטווישע יודען, האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אין אַ סך זייערע ספּע-ציפישע איינענשאַפטען, וואָס ווירקען אונאַנגענעהם אויף אַ ווייטיגען צוזעהער. אַזוי, למשל, האָט אויף אַ מעדיצינישען צוזאַמענפאָהר אַ דאָקטאָר אַ רוס, וואָס פּראַקטיקירט אין תחום-המושב (ד"ר וויקטאָראָוו פון וויטעבסק), זיך אגב אויסגעדריקט, אַז די יודען זאגען בכיון אַ ליגען, בעת זיי גיבען איבער די געשיכטע פון דער קראַנקהייט. די בעאָבאַכטונג איז אַ ריכטיגע. דער פּסיכאלאג וועט פערשטעהן, אַז דאס איז אַ פּראָ-דוקט פון נאזאפאביע, אַ מין בעשיצונגס-מיטעל, מיט וועלכען דער פּסיכאָסטעניק בענוצט זיך, כּדי צו קעמפען מיט דעם וואָרט אדער געדאַנק, וואס רופט ביי איהם אַרויס אַ מורא. אויב מען זאל פרעגען, למשל, אַ אויסגעדאַרטען און הוסטענדיגען יורען, צו אין זיין משפּחה איז ווער קראַנק געווען אויף אַ טשאַכאָטקע, אדער אויב מען זאל אַ

יודענע, וואס האט מורא זי זאל ניט קראַנק ווערען אויף משוגעת, פרעגען צו זיינען אין איהר משפחה געווען פאַלען פון פסיכישע מחלות,— ווערען די דאָזיגע פערזאָנען, אָבטרייסלענדיג זיך פון די בעאונרוהיגענדע חשדים בנוגע צו דער ירושה, בעוואוסטזיניג אָבלייקענען די דאָזיגע פאַקטען, וואָס זיינען בלי שום ספק געווען אין זייער משפחה. און דערביי ווערען זיי זייערע חשדים דאָך אַרויסגעבען מיט אַ בעאונרוהיגענדער מימיק און מיט וואַרפען ווערטלעך, וואָס אַ יוד זאָגט אַזוי אָפט: זאָל גאָט אויסהיטען, רחמנא לצלן וכדומה.

דער מאַניאַקאַלישער פחד פאַר דער קראַנקהייט נעהמט אָן די פערשיידענסטע פאָרמען פון געזועלשאַפטליכע בעציהונגען. אין געסט, למשל, קלייבט מען אויס אַלס די בעליבטעסטע טעמעס פאַר געשפרע-כען די ערצעהלונגען וועגען דעם, ווער, ווען און ווי ס'האָט זיך גע-היילט און מען רעדט דערביי אַזוי גערן און אַזוי פיל, ווי אונזערע שכנים, ניט-יודען, וועגען פערשיידענע מינים ספאָרט. אַ ריין יודישע געפעליגקייט — איז איבערגעגעבען איינער דעם אַנדערען אַ „גוטען רעצעפּט"; אַ ריין יודישע קללה — איז פערקריינקען אַזוי פיל און אַזוי פיל טויזענטער.

ווי אין אַ מין עקסטאַז, האַלטענדיג זיך כמעט פאַר אַ העלד, דערצעהלט אַ יוד, אַז ער האָט פערקריינקט אַזוי פיל און אַזוי פיל טויזענטער, אָדער ער שרייט אויס אין התלהבות: „און אויב ס'וועט זיין נויטיג הונדערט דאָקטוירים אָדער מיין גאַנצער פערמעגען, וועל איך זיך אויך פאַר קיין זאַך ניט אָבשטעלען", אין דער צייט, ווען אונזער שכן דער פּאָליאַק רעאַגירט אין אַזוינע פאַלען אַנדערש: „ה' דאָקטאָר, אפשר קאָן מען די דאָזיגע קראַנקהייט ניט אויסהיילען, דאַן לוינט דאָך ניט אויסצוגעבען קיין געלט אויף דעם רעצעפּט".

ניט זייענדיג בכח מנצח צו זיין דעם פחד פאַר דער קראַנקהייט, וואָס פילט אָן זיין גאַנצען בעוואוסטזיין, ווייזט דער יוד דער אַרויס דעם דאָזיגען פחד אָפטמאָל זעהר נאַאיוו. ווי אונבערייטענד און אונשולדיג ס'זאָל ניט זיין די קראַנקהייט, שטעלט ער תמיד דעם דאָקטאָר די פראַגע: „נו, וואָס, ס'איז ניט געפעהרליך?" מיט דער דאָזיגער איבער-דריסיגער פראַגע, שטייהען כסדר צו אויך די בעקאַנטע און קרובים פון פאַציענט, קומענדיג צום דאָקטאָר מיט אַ דיפּלאָמאַטישער מיסיע: „פאַר מיר האָט איר זיך ניט וואָס צו היטען, זאָגט, איז ניט געפעהרליך זיין צושטאַנד". וויי‌טער ווערט געשטעלט דעם דאָקטאָר די פראַגע, וואָס אויפ'ן ערשטען בליק איז זי זעהר בעליידיגענד, צו האָט דער דאָקטאָר ווען ניט איז בעגעגענט אין זיין פּראַקטיק אַזאַ מין קראַנקהייט. דערנאָך די דריטע, אונפערמיידליכע פראַגע, אַלס אַ משונה'דיגער סימן פון פּאַביע, צו דאַרף מען ניט קיין קאָנסיליום.

אויך דאָ גייהען זיך צונויף אין כאַראַקטעריזירען די בעאונרוהיגענדע תשוקה פון יודען צו אַ קאָנסיליום דער גרויסער קליניציסט פּראָפ. אָפּענהיים און דער גרויסער שריפטשטעלער שלום-עליכם. פּראָפ. אָפּענהיים האָט אָנגערופען די דאָזיגע תשוקה פוראָר קאָנסולטאַטיוואוס (מאַניע צו קאָנסיליומס) און שלום-עליכם מיט זיין הומאָר לאַכט אויס אויפ'ן פאָלגענדען אופן איינעם פון זיינע העלדען: „איך בין געקומען צופאָהרען אין שטאָדט ניט צו אַ פּראָפעסאָר, נור צו פּראָפעסאָרען, ד. ה. אויף אַ קאָנסיליום פון דריי פּראָפעסאָרען".

איינער אַ דאָקטאָר, וואָס איז געקומען צו אונז פון צענטראַל-רוסלאַנד, און וואָס צום אָנהויב איז ער געווען פערוואונדערט און דערנאָך האָט ער זיך צוגעוועהנט צום דאָזיגען פּראָדוקט פון נאָזאָפאָביע ביי יודען — פוראָר קאָנסולטאַטיוואוס — פלעגט מזהיר זיין די חברים, וועלכע ער פלעגט רופען אויף עהנליכע בוטאַפאָרישע קאָנסיליומס, מיט אַ איראָנישער בעמערקונג: „דאָס, זאָלט איר וויסען זיין, איז אַ יודישער קאָנסיליום, ד. ה. אַזאַ, וואו דער קאָנסיליום ווערט אַרויסגערופען ניט דורך די אויסעראָרדענטליכע בעדינגונגען פון אַ קאָמפּליצירטען און פערפּלאָנטערטען פאַל, נור דורך דעם מאַניאַקאַלישען פחד פון פּאַציענט". איך וואָלט געקאָנט דערצעהלען אַ סך אַנעקדאָטען וועגען דעם דאָזיגען מין יודישער נאָזאָפאָביע — קאָנסיליומס. איינער אַ פּאָפּולערער דאָקטאָר אין שטאָדט האָט אויף דער פראַגע, פון וואָס איז געשטאָרבען אַזאַ און אַזאַ פּאַציענט, געענטפערט: „פון קאָנסיליומס". מחמת די קאָנסיליומס האָט מען אָפט צוזאַמענגערופען און יעדען מאָל פון אַנדערע דאָקטוירים, האָט זיך נאַטירליך אַלע ווילע געביטען אויך דער פּלאַן פון קוראַציע, באופן אַז מען האָט ניט געקאָנט בנוגע צו דעם פּאַציענט דורכפיהרען קיין איינעם פון די פאָרגעשלאָגענע טעראַפּעווטישע מעטאָדען. איך דערמאָהן זיך אַ פאַל, ווען צו אַ 92-יאָהריגער זקנה האָט מען צונויפגערופען אַ קאָנסיליום פון דריי דאָקטוירים, כדי גוט צו בעטראַכטען, פאַר וואָס זי איז אָבגעשוואַכט געוואָרען.

די נאָזאָפאָביע האָט אַרויסגערופען דעם סאָציאַלען אומגליק פון די יודישע מאַסען — די אונגעהויערע תשוקה צו היילען זיך ביז די לעצטע כחות און דעם לעצטען גראָשען. די קוראַציע ווערט אַ מין אַזאַרט, אַ מין ציל פאַר זיך. די דאָזיגע תשוקה צו היילען זיך קאָן איך פערגלייכען מיט דער קרייַנקליכער נטיה פון אַלקאָהאָליק צו משקאות. איך קאָן זאָגען אָהן אַ גוזמא, אַז אַזוי ווי דער לעבען פון אַ כראָנישען אַלקאָהאָליק געהט אַריבער אין אַ כסדר'דיגער שכרות, אַזוי ווערט דער גאַנצער אינהאַלט פון לעבען פון די נאָזאָפאָבישע יודען אָנגעפילט מיט עסקים פון קוראַציע.

מען קאָן פערצייכענען אַלס אַ ראַסען-אייגענשאַפט די דיפערענציעלע

ערשיינונג, אַז אַ כינעזער נאַרקאָטיזירט זיך מיט אָפּיום, אַ רוס—מיט בראַנפען און אַ יוד מיט רפואות.

אַזוי ווי אַ שטאַרקער רויכערער קאָן זיך ניט אָבזאָגען פון אַ פּאַפּיראָס און אַ שיכור פון בראַנפען, אַזוי ציהט דעם נאָזאָפאָביש'ען יודען צו רפואות. איך געדענק אַ פאַל, ווען אַ יודענע, וועלכע איז קראַנק געוואָרען אויפ'ן בויך. האָט בשעת מעשה אויסגעטרונקען די מיקסטורע פון קינד, וואָס איז קראַנק געווען אויף קרופּ, און אויף די פערוואונדערטע פראַגע פון דאָקטאָר וועגען איהר אַקט, האָט זי געענט-פערט: „אָבער אַ רפואה איז דאָך דאָס".

די דאָזיגע נאָזאָפאָביע דריקט זיך אויס אויך אין דער אַלגעמיין-בעוואוסטער ערשיינונג, אַז אַ יוד, פערשרייבענדיג צו זיין חולה אַ דאָקטאָר, וועט תמיד מוסיף זיין די בקשה: „וואָס גיכער, אַייער ערשטער וויזיט—צו מיר". די דאָזיגע נאָזאָפאָביע דריקט זיך ווייטער אויס אין דעם, וואָס מען ווענדעט זיך אָהן אַן אויפהער פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען. איך וועל בריינגען אַלס כאַראַקטעריסטיק פאָלגענדען אַנעק-דאָטישען צופאַל פון דער פּראַקטיק. צו אַ קינד, וואָס האָט זיך געקלאָגט אויפ'ן הוסט, האָבען די עלטערען אין משך פון איין טאָג אַיינגעלאַדען איינעם נאָך דעם אַנדערען 7 דאָקטוירים. ווען איך אָוועגט איז געקומען לויט'ן חשבון דער 7-טער דאָקטאָר, האָט ער, אַ קוק טוענדיג אויפ'ן טיש, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט פאַרמאַצעווטישע פּרעפּאַראַטען, ניט אויסריידענדיג אַ וואָרט, זיך אומגעקעהרט צום טיר און אויף די פער-וואונדערטע פראַגע פון די אַרומיגע: „וואָס ראַט איר אונז טאָן", האָט ער שמייכלענדיג געענטפערט: „אַיינלאַדען אַ 8-טען דאָקטאָר".

די משונה'דיגע הוצאות אויף קוראַציע זיינען ווייט ניט קיין אויס-שליסליכע פּריווילעגיע פון די פערמעגליכע. די ניט פערמעגליכע מאַכען חובות, בעטלען אויס ביי פערמעגליכע קרובים, בעלאַגערען מיט בקשות די צדקה-חברות, שעמען זיך ניט צו נעהמען נדבות, זאָגען זיך אַליין אָב אין סאַמע נויטיגסטען — אַפילו אין עסען,—כדי נור צו האָבען מיטלען אויף קוראַציע. „אויף צו פערקריינקען וועט זיך געפינען געלט", זאָגט אַ יודישער פאָלקס-ווערטעל.

די אונגעהויערע געזעלשאַפטליכע בעדייטונג פון דער דאָזיגער נאָזאָפאָביע ווייזט זיך אַרויס אויך אין דעם פאַנישען געלאַף אויף קוראַציע קיין אויסלאַנד. די ניט-יודען, וואָס זיינען ניט בעקאַנט מיט'ן לעבען פון די אָרטיגע יודען, טייטשען אויס דעם דאָזיגען סטיכישען געלאַף פון די פּאַציענטען צוליב דער סאַמע אונשולדיגער קראַנקהייט אין די אויס-לענדישע קליניקעס און צו טייער בעצאָהלטע פּראָפעסאָרען אַלס אַ סימן פון פערמעגליכקייט, ניט נעהמענדיג אין בעטראַכט, אַז די דאָזיגע מאַסען-ערשיינונג — דער אוניווערסאַלער מאַניאַקאַלישער פחד פאַר

קראַנקהייטען—דאַרף גאָר קוואַליפיצירט ווערען אַלס אַ סימפּטאָם פון אַ נערוועז־פּסיכישען כאַראַקטער, אין וועלכען ס׳האָט זיך אַזוי ווי פּער־קערפּערט די קללה פון דער תוכחה: „ונתן ה׳ לך לב רגז... ופחדת לילה ויומם ולא תאמין בחייך״.

די וואַקכאַנאַליע פון דער נאָזאָפאָביע דערגרייכט איהר העכסטע מדרגה, ווען ס׳דערנעהנטערט זיך דער זומערדיגער סעזאָן. מיט די ערשטע שטראַהלען פון דער פריהלינג־זון ווערט די גאַנצע יודישע ליטא אַרומגעכאַפּט מיט אַ פּאַראָקסיזם פון אַ גוואַלטיגען געלאַף צו קוראָרטען. יעדער הויבט זיך אָן אַרומצוטאַפּען צו דאַרף מען ניט אויף זומער נעהמען אַ וועלכען ניט איז קורס פון קוראַציע, פּונקט ווי ס׳וואָלט פּאָר־געשטאַנען אַ רעליגיעזע צערעמאָניע, וואָס אַ פרומער יוד מוז דורכ־מאַכען. וואַרפענדיג זייערע טומעלדיגע געשעפטען, ציהען זיי זיך, די אמת׳ע און אָפּט כלומרשטיגע קראַנקע, פון די שטעדטלעך קיין ווילנא, אין צענטר פון ליטא, צו אונז, dii minores, מיט דער שאַבלאָנער פראַגע, וואָס זאָלען זיי טאָן אויף זומער, פּונקט ווי ס׳איז שוין פון פריהער בעשלאָסען, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן. אָנגעפּאַקט זיך מיט בריוועלעך פון דאָקטאָר, מיט קאָלעקציעס רעצעפּטען און פערשיידענע אַנאַליזען, הויבען אָן אונזערע פּאַציענטען־יודען צו שלעפּען זיך אין די קוראָרטען, פּערפּאָהרענדיג פריהער אויפ׳ן וועג אין גרויסע אוניווערזי־טעטישע שטעדט, כדי צו בעקומען די הסכמה פון אַ טיטולירטען ספּע־ציאַליסט אויף צו בעזוכען דעם אָדער יענעם קוראָרט. פאַר קיינעם איז דאָך קיין סוד ניט, אַז פון די רוסישע אונטערטאַנער, וואָס די מלחמה האָט זיי געטראָפען אין יול 1914 אין די אויסלענדישע קוראָרטען, איז געווען ניט וועניגער פון 80 פּראָצענט יודען.

ד״ר באָמאַש, דער דעפּוטאַט פון גאָסוד. דומע, האָט אויסגעדריקט אין ציפער די דאָזיגע נאָזאָפאָביע פון די יודען פון תחום־המושב. פון מאַנוסקריפּט פון זיין רעפעראַט, וואָס איז געווען בעשטימט פאַר׳ן באַלנעאָלאָגישען צוזאַמענפאָהר אָנהויב 1915, נעהם איך אַרויס די זעהר איבערצייגענדע אָנווייזונג, אַז אויף די קוראָרטישע קוראַציע „געהט יעהרליך אַריין אין דייטשלאַנד און עסטרייך פון 40 ביז 50 מיליאָן רובל, וואָס געהערען צו יודען רוסישע אונטערטאַנער״.

אויף אַזאַ אופן בעגרעניצט זיך ניט דער אינטערעס צו נאָזאָפאָביע מצד אונזערע יודען מיט דער ענגער ספערע פון קליניק, נור ער וואַקסט אויס אין אַ פאַקט, וואָס האָט אַ געזעלשאַפטליכע און פּאָליטישע בעדייטונג.

מאַקס נאָרדוי האָט מייסטערהאַפט אָבגעמאָלט אין „ענטאַרטונג״ די אייגענשאַפטען פון דער מאַסען־נערוועזיטעט פון די אייראָפּעאישע פעלקער. וואָס איז שייך צו דער מאַסען־נערוועזיטעט פון די ליטווישע

יודען, קאָן איך קאַטעגאָריש פעסטשטעלען, אַז איהר בעדייטענדער סימן איז—דער פחד פאַר קראַנקהייטען און די חקירות וועגען זיי; אַזוי ווי יעדער פאָלק בענוצט פערשיידענע ווערטער אויף אויסצודריקען איינע און דיזעלבע געדאַנקען, אַזוי קאָן אויך די נערוועזיטעט פון פערשיידענע פעלקער זיך אויסדריקען דורך פערשיידענאַרטיגע סמנים.

פון וואַנעט שטאַמט די דאָזיגע מאַניאַקאַלישע פאָביע? וואָס רופט איהר אַרויס און פון וועלכע טיפענישען פון דער פאָלקס-נשמה איז זי אויסגעוואַקסען?

דער פסיכאָטעראַפעווט ד״ר פעלצמאַן זאָגט אַרויס אין איינער פון זיינע אַרבייטען די מיינונג, מיט וועלכער איך בין מסכים, אַז „אין דער עטיאָלאָגיע פון דער פאָביע גיט דער לעבען גופא פון חולה (בפרט די ערציהונג) אַ גרויסען און אַ ערשעפענדען מאַטעריאַל". אַריבערטראָגענדיג דעם דאָזיגען טעזיס בנוגע צו אַ גאַנצער עטנישער גרופע, רעכען איך, אַז אויך די פסיכאָפּאַטאָלאָגישע אייגענשאַפטען פון די יודען,—בפרט זייער נאָזאָפאָביע, — זיינען איינגעוואָרצעלט אין די געזעלשאַפטליך-פאָליטישע בעדינגונגען פון זייער לעבען און אין דער אָרטאָדאָקסאַלער ערציהונג, וואָס די השפעה פון זיי איז בעזונדערס געווען גרויס אויף די ליטווישע יודען, וועלכע זיינען אַם שטאַרקסטען צוגעבונדען צו די טראַדיציעס.

דער פילהונדערטיאָריגער פאָליטיש-רעכטלאָזער אופן פון לעבען פון די יודען אין גלות האָט געהאָלפען אויסקריסטאַליזירען זיך דעם אונרוהיג-חשוד׳ינגען, פסיכאָסטענישען כאַראַקטער פון יודען אין תחום-המושב, וואָס וואַרפט זיך אייביג אַרום אין אַ פלאָנטער פון זוכענישען, וואָס רעגט זיך תמיד אויף, וואָס טומעלט און האַפט און לויפט. די אונגעהויערע פעק בעגרענצונגען; די יודישע פראַגעס, וואָס האָבען גע-פונען זייער פערענטפערונג אין דער פאָרם פון פאָגראָמען; די באָיקאָ-טיסטישע אַגיטאַציע ביז די סאַמע לעצטע טעג אין פוילען;—מיט איין וואָרט, דער גאַנצער סכום פון די פאָליטיש-רעכטליכע פאַקטאָרען אין לעבען פון די יודען האָט זיי געצוואונגען כסדר צו ציטערען פאַר זייער קיום. די דאָזיגע אייביגע דאגות וועגען לעבען, דער דאָזיגער שטענדיג-אָנגעשטריינגטער געפיהל פון אַ סכנה, וואָס רוקט זיך, חלילה, אָן פון וואַנעט ניט איז, די דאָזיגע אונאויפהערליכע אונרוהיגקייט, אַז אָט, אָט קומט אָן דער שונא,—קורץ, דער גאַנצער גוט-בעקאַנטער קאָשמאַרער לעבען פון די תחום-יודען האָט אַרויסגערופען ביי זיי דעם שטענדיג-אויפגערעגטען צושטאַנד פון דער שטאַרקסטער עמאָציע: דעם געפיהל פון זעלבסטערהאַלטונג. און דער דאָזיגער שטענדיגער געפיהל פון סכנה פאַר דעם אייגענעם קיום האָט אגב געבראַכט צו דעם מאַניאַ-קאַלישען פחד, אַז דער אָרגאַניזם זאָל ניט חרב ווערען,—צו נאָזאָפאָביע.

פונדעסטוועגען שטאַמט די נאָזאָפאָביע ניט נור פון דער ספערע פון עמאָציעס: איהרע וואָרצלען קאָן מען אויך אויסגעפינען אין דער ספערע פון אינטעלעקט פון יודישען קאָלעקטיוו און דער עיקר פון די יודישע מאַסען אין ליטא, וואָס האַלטען זיך פעסט אָן די טויזענט־יאָריגע רעליגיעזע טראַדיציעס. אָנגעזאַפּט מיט די הויכע אידעאַלען פון די נביאים האָט דאָס יודענטום אויסגעאַרבייט אַ וועלטאַנשויאונג פון אַ מאָראַלישען אידעאַליזם. להפך צו די רעליגיעזע רדיפות, וואָס האָבען געהערשט אַרום, צו דער נאַציאָנאַלער שנאה און צו דער אונטערדריקונג פון שוואַכען דורכ'ן שטאַרקען, האָט דאָס יודענטום, — אַ אָבגעזונדערטע, אַ פערשלאָסענע, און פערטריבענע, — געוויזען דער וועלט אַ אידעאַליסטישע וועלטאַנשויאונג פון אַ גייסטיגער נאַציע. בהסכם מיט דער דאָזיגער היסטאָרישער וועלטאַנשויאונג איז דער וועלטליכער לעבען בעטראַכט געוואָרען ווי אַ בהדרגה'דיגע פערווירקליכונג פון אידעאַל, ווען אַפילו זיין פולשטענדיגע דערגרייכונג זאָל ליגען אין אַ אונענדליכער ווייטקייט (והיה באחרית הימים...). די דאָזיגע אײנגעבאָרענע אידייען בילדען דעם אינווייניגסטען קערן פון דער פילאָזאָפיע פון יהדות. די אידייען פון דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע, וואָס זיינען טיף אַריינגעדרונגען אין בעוואוסטזיין פון די יודישע מאַסען, וועלכע האָבען די דאָזיגע אידייען אַריינגענומען אין זיך נאָך אין דער אַלטער עפּאָכע פון זייער געשיכטע, האָבען ניט אָנגעוואָהרען פאַר די גלויביגע אויך איצט זייער אַקטיווען כח, תמיד ווירקענדיג ווי פרישע הייוון. דער גוט־בעקאַנטער אַלטרואיזם פון די יודען, וואָס נעהמט צייטענווייז אָן עקספּאַנסיווע פאָרמען, איז אַ קענטיגער שטריך אויף דעם בלאַסען פאָן פון די רעליגיעזע זכרונות. אויפ'ן געביט פון געבען הילף די ליידענדע און קראַנקע, געהט דער נאַציאָנאַלער געפיהל פון יודען אַריבער אין אַ רעליגיעזע בעגייסטערונג. אין דער אונגעהויער תשוקה פון ליטווישען יודען צו היילען די יסורים פון קראַנקען הערט זיך דער מיסטישער אָבקלאַנג פון די אידעאַלען פון משיח און עס פיהלט זיך די וויבראַציע פון דער טיפסטער סטרונע פון זיין נאַציאָנאַלער נשמה. וואָס פעסטער דער געגעבענער יחיד פון דעם יודישען קהל איז צונויפגעבונדען מיט דער אָרטאָדאָקסיע, אַלץ בולט'ער טרעט אַרויס ביי איהם זיין נאָזאָפאָביע. אויף אַזאַ מין אַסאָציאַציע פון די פאָרשטעלונגען — נאָזאָפאָביע און רעליגיעזער עקסטאַז — ביי אַ גלויביגען יודען זיינען מרמז פאַלגענדע ערטער פון גמרא:

א) כמאן מצלינן האידנא? — אקצירי ואמריעי (רה"ש, ט"ז).
פאַר וועמען מתפלל זיין? פאַר קראַנקע און תלמידי־חכמים.
ב) מאן חולין? — רבנן (נדרים, ל"ח).
ווער זיינען די קראַנקע? — די לערנער.

ג) נקראתי תושיה שמתשת כחו של אדם (סנהדרין, כ״ו).
די תורה שוואַכט אָב דעם אָרגאַניזם פון מענשען.
אויף אַזאַ אופן איז די ספעציפישע, אויבען־בעשריבענע, פסיכאָ־פאַטאָלאָגישע איינגענשאַפט פון די ליטווישע יודען — נאָזאָפאָביע — פון איין זייט אַ פּראָדוקט פון אַ דורות־לאַנגער פּאָליטישער רעכטלאָזיגקייט און פון דער אַנדער זייט אַ פּראָדוקט פון זייער איינזייטיגער דורות־לאַנגער אָרטאָדאָקסישער ערציהונג.

—‹OOOOOOO›—

ד״ר מעד. צמח שאַבאַד.

# בעמערקונגען צו ד״ר ווירשובסקי׳ס אַרטיקעל.

די אָנגעוויזענע פאַקטען פון געעהרטען מחבר זיינען אַזוי טיפּיש, אַז יעדער דאָקטאָר וואָס פּראַקטיקירט לאַנג צווישען יודען, קען זיי בעשטעטיגען און צוגעבען אַ סך עהנליכע שטריכען פון יודישען לעבען.
איך קען, למשל, מוסיף זיין נאָך עטליכע פון אַ גאַנצען הויפען.
ניט זעלטען קומט צום דאָקאָר אַ חולה פון די אינטעליגענטע אָדער פון די לערנער (ישיבה־בחורים, קלויזניקעס, יונגע רבנים פירושים זיינען אַ בעזונדערער טיפּ נעווראסטענישע חולאים) מיט אַ אָנגעשריבענעם צעטעל תּרעומות, מיט אַ גאַנצען מאמר פון זיין קראַנקהייט־געשיכטע, וועלכען ער דערפילט נאָך אויף יעדען פונקט מינדליך. דער דאָזיגער טיפּ קראַנקע, וואָס איז בעהבנ׳ט אין גמרא, וועלכער האָט געלערענט פון כשרות און פון שחיטה, האָט אַ שטיקעל בעגריף, הגם זעהר ניט קיין קלאָרען, פון אַנאַטאָמיע, און מישט, פערשטעהט זיך, צוזאַמען אַנאַטאָמיע פון אַ בהמה אָדער פון אַן עוף מיט, אַנאַטאָמיע פון מענשען. אַזעלכע בעקלאָגען זיך אויפ׳ן „אויבערשטען מאָגען״, אדער רייידען לויט דער גאַלענישער מעדיצין פון די „בלוטען״ און פון די „זאַפטען״ אין אָרגאַניזם וכדומה.
טיפּיש איז אויך פאַר אַ יוד אַ חולה, אַז ווי לאַנג ער (אָדער זי) וועט אַליך ניט דערצעהלען וועגען זיין קראַנקהייט און ווי לאַנג ער וועט זיך ניט נאָכפרעגען, ווי צו נעהמען דעם רעצעפּט און וואָס צו טאָן, וועט ער אין אַ פאָר מינוט אַרום זיך אומקעהרען ניט איינמאָל מיט׳ן אויסרייד, אַז ער האָט פערגעסען צו דערצעהלען וועגען דעם אָדער יענעם סימפּטאָם, געגען וואָס ער האָט דאָך קיין רעצעפּט ניט בעקומען. ס׳איז נאָך כאַראַקטעריסטיש פאַר די יודישע חולאים, אַז אַזוי ווי אַ קמצן מיינט, אַז ער איז אַ פערשווענדער, אַזוי זיינען זיי זיך ניט מודה, אַז זיי קורירען זיך פיל. פערקעהרט: אָפט קומט אַ יודענע צום דאָקטאָר און קודם־כל הויבט זי אָן איהר תּרעומה בזה־הלשון: „איהר

ווייסט דאָך, ווען אַ יוד געהט צום דאקטאר: „ווען דער חלף ליגט שוין אויפ׳ן האַלז״. מיט דעם וויל זי צוציהען דעם דאקטארס אויפ־מערקזאַמקייט און ווייזען, ווי ווייט איהר חולאת איז שוין פערלאָזען.

כדי צוצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דאקטאר, ווענדען אָן די יודען חולאים כל־ערליי תחבולות, דהיינו: גלייך ביים אריינקומען צום דאקטאר זאגען זיי: „ה׳ דאקטאר איך וועל אייך בעצאָהלען טייערער, וויפיל איר נעהמט פאַר אַ וויזיט (אָדער: „איך וועל אייך בעצאהלען פאַר צוויי וויזיטען״), נור בעקוקט מיר גוט״. אַ רייכער יודישער סוחר האָט מיר דערצעהלט, ווי ער איז זיך אַמאָל בעגאַנגען מיט׳ן בעריהמטען פעטערבורגער פראָפעסאָר באָטקין. נאָך דעם, ווי דער פראָפעסאר האָט איהם גוט בעטראַכט, שוין פערשריבען אַ רעצעפט און בעקומען דעם האנאראר, האָט דער סוחר, אַוועקלייגענדיג נאָך 25 רובל, געזאָגט: „איך האָב פאַר אייך נאָך אַ פאַציענט״. „וואו איז ער״? — האָט געפרעגט, אַרומקוקענדיג זיך, דער פראָפעסאר; — „דאָס בין איך טאַקי אַליין: איך לייג אייך אויפ׳ן טיש נאָך אַ פינפאונצוואַנציגער. און הערט מיר נאָך אַמאל אויס״!

דעמזעלבען ציל זוכען די חולאים אדער זייערע קרובים צו דערגרייכען מיט חניפות, ווי למשל: „אַ פריהער גאָט (אדער — דער וואס לעבט אין הימעל) און דערנאָך דער דאקטאר״, אדער: „וואס הייסט, איהר זייט דאך ביי אונז טאַקי דער גרעסטער דאקטאר״, אדער: „מיר האט צו אייך געשיקט דער און דער״ וכדומה. כדי נאָך מעהר ווייך צו מאַכען דעם דאקטארס האַרץ, זאָגען אַזעלכע קראַנקע: „מיר איז מיין לעבען ניט טייער, נור איך בין אַ פאָטער (אָדער אַ מוטער) פון אַזוי פיל און אַזוי פיל קינדער״; אָדער: „איך האָב נאָך 3 טעכטער חתונה צו מאַכען״; אָדער (די ווייב זאָגט וועגען מאַן): „הער דאקטאר, ער איז נאך אַ נויטיגער מענש״, „דאס איז אונזער שפייזער״; אָדער: „דאָס איז אונזער בן־יחיד״.

די ליידענשאַפטליכע תשוקה פון די יודען צו קורירען זיך דער־גרייכט אַזוי ווייט, אַז זיי קענען ממש ניט זעהן אַ דאקטאר און ניט פרעגען ביי איהם אַן עצה, אָדער בעטען איהם זיי אויסהערען; און דאס קומט פאַר אַפילו אין די סאַמע אונפאַסענדע מאמענטען, ווען אין שטוב ליגט זאָגאַר אַ גוסס.

פערשטעהט זיך, אַז אַזעלכע קראנקע אויף נאָזאָפאַביע זיינען זעהר ניט צופרידען, ווען דער דאקטאר געפינט ניט ביי זיי קיין קראַנקהייט, אָדער נאָך מעהר, ווען ער הערט זיי ווייניג אויס און פטר׳ט זיי גיך אָב. אַזוינע קראַנקע געהען פון איין דאקטאר צום אַנדערן, ביז זיי קומען צום ריכטיגען דאקטאר, וואס פערשטעהט, אַז ער האָט צו טאַן מיט אַ מין פסיכישער קראַנקהייט, אָדער ביז זיי פאַלען אַריין צו אַ שאַרלאַטאַן,

וועלכער עקספּלאַטירט זיי (און דאס העלפט אויך אַמאל). געווים, פאָרערט זיך פיל טאַקט פון דעם דאקטאר, ווי זיך צו בעגעהן מיט אַזוינע קראַנקע. יעדער יחיד מוז בעהאַנדעלט ווערען פערשיידען, אינדיווידועל, ס'מוז גענומען ווערען אין בעטראַכט זיין סאציאַלע לאַגע, און דער דאקטאר מוז קענען משפּיע זיין, אַז דער חולה זאָל בעקומען צו איהם אַ גרויסען צוטרוי. איך דער-מאָן זיך אַ קליינשטעדטעלדיגען יונגען מאַן, וואס איז געקומען צו מיר צופאָהרען מיט פערשיידענע קלאָגען אויף פערשיידענע וועהטאָגען און האָט גאַנץ ערנסט געזאָגט: „מיט 8 יאָר צוריק בין איך אויך אַזוי קראַנק געווען ווי איצט. און איר האָט מיר אויסגעהיילט".— „וואָס האָב איך אייך דעמאָלט געזאָגט"? — פרעג איך. „איר האָט מיר אַ רויס-געטריבען" — ענטפערט ער פרעהליך — „און האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין פאָלקאָם געזונט".

די נאַאיוויטעט פון אַזוינע קראַנקע איז אַמאָל זעהר בולט. אַזוי ווי מאָרפיניסטען אָדער אַלקאָהאָליקער, וואס קומען צום דאקטאר און בעטען זיי אויסקורירען פון זייער שלעכטער געוועהנהייט, אַזוי קומען אויך די דאָזיגע קראַנקע און בעטען דעם דאקטאר, ער זאָל זיי „בערוהיגען"; „ווען איר וועט געפינען ביי מיר אַ האַרצפעהלער אָדער אַ ראַק, זאלט איר מיר ניט זאָגען".

נאָך קוריאָזער איז, וואָס אויף נאָזאָפאָביע ליידען אויך אמת'ע קראַנקע, ד. ה. קראַנקע, וואס האבען שווערע אָרגאַנישע, אָפט גע-פעהרליכע קראַנקהייטען. אָבער צום גליק האבען זיי קיין מאל ניט מורא גראָד פאַר דער קראַנקהייט, וועלכע זיי האבען אין דער ווירק-ליכקייט. סוכאָטניקעס האבען מורא, צו זיי האבען ניט קיין האַרצפעה-לער; קראַנקע אויף אַ שווערען הארצפעהלער פרעגען מיט שרעק, צו זיי האָבען ניט קיין סוכאטע און בערוהיגען זיך, אַז דער דאקטאר זאָגט זיי, אַז ניט; שווערע קראַנקע אויף די נירען ציטערן, צו האָבען זיי ניט קיין ראַק א. אז. וו.

אָט אין דעם זעה איך אַן אויסדרוק פון איינעם פון די זעלבסט-שוץ-מיטלען, וואס דער אָרגאַניזם פון יודען, זיין גאַנצער פּסיכישער אַפּאַראַט, האט אונבעוואוסט אויסגעאַרבייט אין משך פון זיין טויזענד-יאָריגער געשיכטע.

און ווען איך בין אינגאַנצען מסכים מיט דעם געשילדערטען בילד פון חבר ווירשובסקי וועגען די ספּעציפישע סימפּטאָמען פון נאָזאָפאָביע ביי יודען און אָנערקען איינינע אונאַנגענעהמע און שעדליכע — סיי אין סאָציאַלען, סיי אין עקאנאמישען זין — זייטען פון דעם מין פּסיכי-שער קראַנקהייט, קען איך בשום אופן ניט מסכים זיין מיט'ן מחבר, ווען ער פערגלייכט (אין סאָציאַלען זין) די קראַנקהייט מיט אַלקאהאָליזם און האַלט איהר פאַר אַזאַ „סאָציאַלען אומגליק", ווי שכרות.

ווער ווייס ניט, וויפיל הונדערטער מיליאָנען ווערען אויסגעגעבען אויף שכרות, ווער ווייס ניט, וויפיל טויזענדער בעלי-הכתישקייטען זיינען אונטערגעגאַנגען צוליב דער קראַנקהייט, וויפיל טויזענדער מענשען זיינען קראַנק געוואָרען און פריה געשטאָרבען נור צוליב דער תאוה, וויפיל טויזענדער קינדער זיינען געבאָרען געוואָרען שוואַכע און קראַנקע, ווייל די רעזולטאַטען פון שכרות גיבען זיך איבער בירושה?

און די אַזוי אנגערופענע „נאָזאָפאָביע"?

ראשית, מוז מען זאָגען, אַז די קראַנקהייט קומט פאָר ניט נור ביי יודען. אין פערשיידענע מאָמענטען ווייזט זי זיך אַרויס זעהר בולט אויך ביי אַנדערע אומות. ס׳איז למשל צו בעמערקען, אַז נאָך אַ געוויסער פראַפּאַגאַנדע וועגען דער קלעפּיגקייט אָדער וויכטיגקייט פון דער אָדער יענער קראַנקהייט, דהיינו נאָך אַ רייהע לעקציעס וועגען טובערקולאָז אָדער סיפילים, הויבען אָן הונדערטער מענשען מורא צו האָבען, צו האָבען זיי ניט די דאָזיגע מחלה. ס׳איז בעקאַנט, אַז סטודענטען פון 3—4 קורס לעבען איבער דעם דאָזיגען פסיכישען מאָמענט און קלערען אויס ביי זיך פערשיידענע קראַנקהייטען, פון וועלכע זיי האָבען געהערט פאָרלעזונגען. אין דער איצטיגער מלחמה איז צווישען די אינטעליגענטע מיליטער-לייט שטאַרק פערשפּרייט סיפילאָפאָביע, און געווים פערהיט דאָס זיי טאַקי פון אמת׳ען סיפילים.

שנית, די נאָזאָפאָביע ביי יודען און זייער שטאַרקע תשוקה צו קורירען זיך, זייער צוטרוי צו מעדיצין, אַלס אַ וויסענשאַפט, און צו די דאָקטוירים, וואָס זיינען בע׳הבנ׳ט אין איהר (גלויביגע זאָגען, אַז אַ דאָקטאָר איז אַ שליח), אַפילו מיט איהרע אונאַנגענעהמע און לעבערליכע זייטען, איז נור איינע פון די פילע סבות, וואָס האַלט אַזוי שטאַרק אונטער דעם יודישען אָרגאַניזם, הגם דער יוד לעבט תמיד אין די שווערסטע סאָציאַלע און עקאָנאָמישע בעדינגונגען. דאָס שטענדיגע זוכען פון יודען, אַפילו פון אָרימסטע, בעסערע און גרעסערע דאָקטוירים („פּראָפעסאָרען"), הגם דאָס האָט זיינע לעבערליכע און אונאַנגענעהמע זייטען, — שטיצט זיך דאָך אויף דעם נסיון פון פאָלק, אַז די דאָקטוירים און זייער וויסענשאַפט, די מעדיצין, קענען אַמאָל האָבען אַ טעות. ס׳קען אַמאָל טרעפען, אַז איינער אָדער דער אַנדערער דאָקטאָר שטעלט די דיאַגנאָזע פון דער קראַנקהייט אַלס אַ אונהיילבאַרע, און עס שטעלט זיך גאָר אַרויס, — נאָכדעם ווי דער קראַנקער איז געוועזען ביי איינינגע דאָקטוירים — אַז די קראַנקהייט איז היילבאַר, און דער דאָקטאָר, וואָס לויט זיין רעצעפּט אָדער אָפּעראַציע איז דעם חולה בעסער געוואָרען, איז געווים ביי איהם „אַ פּראָפעסאָר". ס׳איז גענוג, אַז אַזאַ פאַל זאָל פאָרקומען איינמאָל אַ יאָר און זאָל ווערען בעקאַנט (און אַזעלכע נסים ווערען גלייך פערשפּרייט צווישען דעם יודישען עולם), ווי הונדערטער יודישע

אונהיילבאַרע חולאים, בײַ וועלכע טיף אין דער נאַטור ליגט די צו־געבונדענקייט צום לעבען, ווי שלעכט ס׳זאָל ניט זײַן, וועלען לויפען פון איין דאָקטאָר צום אַנדערען, ביז „ער וועט זיי צוטרעפען“ *).

דיזעלבע פאָלקס־חכמה זאָגט אויך אונטער דעם יודען, אַז מסתמא קען דער רבי בעסער פון תלמיד, און ס׳איז ווידער קיין וואונדער ניט, וואָס דער יוד, בײַ וועלכען ס׳איז אַזוי שטאַרק ענטוויקעלט דער אינ־סטינקט צום לעבען, לויפט, ניט קענענדיג זיך אָריענטירען אין פּרטים, צו די „פּראָפעסאָרען“. און ס׳איז גענוג, אַז איינער זאָל דערצעהלען, אַז ער איז אין אויסלאַנד געזונד געוואָרען דורך אַן׳אָפּעראַציע, אָדער דורך אַ קוראָרט, ווי הונדערטער וועלען שוין פאָהרען צו דעם פּראָפע־סאָר אדער אין דעם קוראָרט. אַ יוד זאָגט: „איידער צו פאַלען צו די פיס, וועל איך בעסער פאלען צום קאָפּ“.

בכן מוזען מיר קומען צום בעשלוס, אַז די פּסיכאָפּאַטאָלאָגישע פאָרם פון נאָזאָפאָביע, וועלכע איז בײַ יודען מעהר ענטוויקעלט, ווי בײַ אַנדערע אומות, האָט בעצם אַ געזונטען יסוד, און איז איינער פון די פיל ביאָלאָגישע געזעצען, אַראַנק וועלכע דער יודישער פאָלק האַלט זיך אַזוי פעסט, אַראַנק וועלכע די שטערבליכקייט בײַ די יודען איז קלענער ווי בײַ אַנדערע אומות. מיר מוזען צוגעבען, אַז די „ליידענשאַפט־ליכע נטיה“ פון די יודען זיך צוקורירען האָט געוויס דערהאַלטען און פערלענגערט ניט איין טויזענד יודישע לעבענס. ד״ר באָמאַש, אויף וועלכען ד״ר ווירשובסקי שטיצט זיך, האָט מיט זיינע ציפער פשוט געוואָלט אויפווייזען, אַז היות ווי די רוסישע יודען גיבען אויס אויף אויסלענדישע קוראָרטען 40—50 מיליאָן רובל אַ יאָר, טוט דער צאַרישער רעזשים אין רוסלאַנד אַ פערברעך, וואָס ער לאָזט ניט די רוסישע יודען פאָהרען אין די רוסישע קוראָרטען (קאַווקאַז א. א.).

אויף נאָך איין שטריך בנוגע צו דער אָפטער קוראַציע פון זיך און פון די קרובים בײַ יודען וואָלט איך צום סוף געוואָלט אָנווייזען: די אחריות פון איין צד און די נטיה צו קרבנות — פון אַנדער צד.

*) אגב בין איך ניט מסכים מיט דער מיינונג פון ד״ר ווירשובסקי, אַז דער פאַקט, וואָס איז אָנגענומען אין דער גאַנצער מעדיצין, אַז קראַנקהייטען פון שטאָף־ווערקסעל, דער עיקר צוקער־קראַנקהייט, זיינען מעהר פערשפּרייט צווישען יודען, ווי צווישען קריסטען, איז נעגרינדעט אויף דעם טעות, וואָס די ליטווישע יודען מאַכען אָפטער אַנאַליזען, ווי די קריסטען. די מעדיצינישע אַוטאָריטעטען ווייזען גראָד אָן, אַז אויך בײַ די דייטשע יודען (וועלכע זיינען דאָך לויט זייער ערציהונג ווייט פון די ליטווישע) איז די צוקער־קראַנקהייט 2–3 אַמאָל אַזוי אָפט ווי בײַ קריסטען. די דאָקטוירים ערקלע־רען דאָס דערמיט, וואָס דער רוב יודען זיינען סוחרים, בערוז־לייט, און האָבען אַ סך אויפרעגונגען, איבעראַשונגען, ענטוישונגען וכדומה. איך וויל דאָ ניט גענויער בעטראַכטען די סבות פון צוקער־קראַנקהייט; איך קען אָבער ניט לייקענען, אַז בײַ די יודען איז די דאָזיגע קראַנקהייט באמת אַ סך שטאַרקער פערשפּרייט, ווי בײַ קריסטען.

היות ווי דער יוד האָט נעהערט, אַז ס'קען דאָך טרעפען אַמאָל אַ נס, אַז אַ „גרעסערער דאָקטאָר", אַ „פּראָפעסאָר", אָדער אַ „קאָנסיליום" זאָלען טאַקי אויסהיילען, מוז ער אָנווענדען אַלע מיטעלען, כּדי צו שטילען זיין געוויסען. „ער פון זיין צד האָט אַלץ געטאָן"; „אַי וואָס געלט? געלט איז הפקר". און וואָס גרעסער, וואָס שווערער, וואָס זינלאָזער דער מאַטעריעלער קרבן איז, וועלכען דער יוד ברענגט פאַר זיין נאָהנטען קרוב, אַלץ רייִנער איז זיין געוויסען, זיין נשמה. איך זעה אין דעם דאָזיגען פאָלקס־שטריך אַ זכרון פון אמאָליגע קרבנות אָדער אַנ'אויסדרוק פון כּפּרות! דאָס צו אָפטע קורירען זיך און די מורא פאַר קראַנקהייטען ביי יודען בעטייט נאָך, אַז זייער אָנשויאונג אויפ'ן לעבען איז אַ סך ווייניגער פּאַטאַליסטיש, און מעהר מאַטעריאַליסטיש, ווי ביי אַנדערע אומות: „כל זמן ס'קלאַפּט נאָך אַ גליד, — זאָגט דער יוד, — מוז מען זיך ראַטעווען".

---

ל. י.

# זכרונות פון אַ סאַניטאַר.

## די ערשטע קרבנות.

די רוסישע מלחמה־סטראַטעגיע האָט ניט אויסגעהאַלטען. אָנשטאָט די דייטשען זאָלען געהן אויף קאָוונאָ און ווילנא, ווי מען האָט צוערשט גערעכענט, האָבען זיי זיך געוואָרפען אויפ'ן פראַנצויזישען פראָנט. און דאָס האָט געגעבען די מעגליכקייט דער רוסישער מאַכט מיט גענעראַל רענענקאַמף בראש אַליין אָנהויבען צו געהן אויף בערלין...

מען האָט האַסטיג גענומען וואַרפען די פאָלקען צו די גרעניצען, איבערגרופּירענדיג זיי הין און צוריק. די גרעניץ־שטעדטלעך פון קאָוונער און סובאַלקער גובערניעס זיינען פערפלייצט געוואָרען מיט מיליטער. ס'האָט שוין גענומען שמעקען דאָרט פּולווער, זיך וויזען פייער. די איינוואוינער האָבען אָנגעהויבען לויפען אין די גרויסע שטעדט. דער עיקר איז ווילנא פול געוואָרען מיט פּליטים פון קאָוונער און סובאַלקער גובערניעס.

אײדטקונען האָט געברענט, ווערזשבאָלאָוואָ — אין פלאַמען. אַ שרעק האָט אָנגעכאַפּט די אַרומיגע שטעדטלעך. דערהויפּט האָט מען מציל געווען פרויען און קינדער, בעזונדערס די יודישע מיידלעך.

אין ווילנא האָבען זיך גלייך בעקומען נרוסען, אַז די גאַנצע רוסישע מיליטער איז קאָנצענטרירט אין קאַלוואַריע און פון דאָרט געהט זי ווייטער איבער דער דייטשער גרעניץ. ס'האָבען זיך בעוויזען די ערשטע פערוואונדעטע.

ווילנא איז פון לאַנג געווען בעוואוסט פאַר אַ שטאָדט פון רחמנות. נור דאָס איז געווען אַלץ ביי יודען און פון יודען בעוואוסט. אָבער אַזאַ גרויסע באַרמהערציגקייט פון יודען צו קריסטען, — דאָס האָט מען געקאָנט אין יענע טעג זעהן אויפ'ן ווילנער מיליטערישען וואָקזאַל ביים אָנקומען פון די ערשטע עשאַלאָנען פערוואונדעטע. די מאַכט איז צו אַזאַ גרויסען שטראָם פערוואונדעטע ניט געווען צוגעגרייט. ווי זיינען אָנגעקומען פערשמאַכטע, פערהונגערטע, האַלב־טויטע. נור איידער מען האָט זיי אָבגעפיהרט אין די שפּיטאָלען זיינען ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַקסען יודישע פרויען מיט קריג מילך, בחורים מיט פּאַפּיראָסען, פרייליינס מיט פּעק געבעק. הגם ס'איז געווען אַ פעראָרדנונג ניט צוצולאָזען נאָהנט צו די פערוואונדעטע, האָט מען די עסען־טרעגער דאָך צוגעלאָזען.

פאַר איין גאַנג פלעגט מען שוין זובען צווישען די פערוואונדעטע „איינענע מענטשען": ווער אַ ברודער, ווער אַ מאַן, ווער אַ פאָטער. אַזוי ניך — ערשט אַ פאָר וואָכען, אַז מען האָט אַרויסגעשיקט און שוין צוריק...

## יודישע באַרמהערציגע ברידער.

מיט טיילען מתנות די פערוואונדעטע האָבען זיך די יודישע יונגע לייט ניט בענוגענט. מען האָט געהאָלפען אַרויסנעהמען די פערוואונדעטע פון די וואַגאָנעס (ועהר אַ טווערע אַרבייט געווען) און טראָגען זיי צו די לאַזאַרעטען. דערהויפּט האָט געשאַדט די פערוואונדעטע דער ווילנער ברוק. לינענדיג אויף די געוועהנליכע מיליטערישע וואָגענס, פלעגען זיי זיך צוטרייסלען, צוקלאַפּען און שטאַרק ליידען. דאַן האָבען גרופּעס יודישע יונגע לייט צוזאַמען מיט תלמידים פון הינע לעהר-אַנשטאַלטען אַרויסגענומען די פערוואונדעטע פון די וואָגענס און אויף די אַקסלען געטראָגען זיי ביז די ווייטסטע שפּיטאָלען. 3, 5 און 8 וויאָרסס פלעגט מען זיי אַזוי טראָגען אויף די אַקסלען. אין בעטלעך, די פערוואונדעטע פלעגט מען אָפט ברייננען אָהן „קליידער". האָבען די יודישע יונגע לייט אָנגעהויבען זאַמלען וועש, קישענס, קאָלדרעס און לײלעכער, און אויך געלט אויף בעטלעך. עסענוואַרג, קלענערע און גרעסערע נדבות האָבען געגעבען אַ סך יודישע יונגע לייט, תלמידים, גימנאַזיסטען.

ס'האָט זיך געבילדעט דער בעוואוסטער אין יענער צייט, אַזוי אָנגערופענער „דאַמען-קאָמיטעט", און פרוי רענענקאַמף איז געוואָרען זיין פּאָרזיצענדערין. דער דאַמען-קאָמיטעט האָט תיכף גענומען שאַפען לעבענסמיטלען אויף מתנות פאַר די פערוואונדעטע, און די יודישע באַרמהערציגע ברידער האָבען איהם געהאָלפען אין דער פונאַנדער-טיילונג. פרוי רענענקאַמף פלעגט טעגליך קומען אַליין אַלץ בעקוקען און זיך מיישב זיין וואָס נאָך אַיינצושאַפען און אַיינצוקויפען. וי האָט בעשטעלט אַ סך בעטלעך, ס'זאָל קלעקען פאַר אַלעמען. שפּייז-פּראָדוקטען איז געווען לרוב. די רוסישע פערוואונדעטע פון טיף רוסלאַנד פלעגען נשתומם ווערען, זעהענדיג ווי יודישע בחורים מיט ר'יטע צלם'ס אויף די הענט דערלאַנגען זיי עסען און פּאַסען זיי אויף. זיי זיינען געווען שטאַרק פערוואונדערט, אָבער נאָך מעהר דאַנקבאַר.

## יודישע סאַניטאַרען.

איינער פון די פאָליאַקען, אַ ענערגישער טוער, יאָסיף קאָראָלעץ האָט דאַן געקראָגען אַן ערלויבניש אויף אַ שטענדיגע פרייוויליגע סאַניטאַרע דרוזשינע מיט ספּעציעלע בעפולמעכטיגונגען און צייבענס. די נויטינקייט אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז געווען גוואַלדיג, ווייל אין שטאָט איז דאַן ניט פערבליבען קיין איין איינציגער מיליטערישער סאַניטאַר. אַלע זיינען זיי געווען פערנומען אויפ'ן פראָנט גופא, און ווער ס'זאָל זיך מתעסק זיין מיט די פערוואונדעטע איז פשוט ניט געווען. ס'האָבען זיך פערשריבען העלפּט יודען און העלפּט קריסטען. איידער מען איז בעקאַנט געוואָרען צווישען זיך זיינען פאָרגעקומען זעהר פיל מיספערשטענדניסען... נור ה' קאָראָלעץ האָט זיך געהאַלטען אונפּאַרטייאיש. ער איז בעשטאַנען אויף דעם, אַז ביי אַזאַ אַרבייט דאַרף מען זיך ניט רעכענען מיט נאַציאָנאַלע פראַגען. מען דאַרף בעסער טאָן, און אַרבייט איז מיט יעדען טאָג געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר.

ס'איז אויסגעקומען צו טראָגען זעהר שווער-פערוואונדעטע, געפעהרליך-אָנשטעקענדיגע קראַנקע אויף טיפוס, כאָלעריע, שוואַרצע פּאָקען. ס'איז געווען אַן אַרבייט פון מסירת נפש. 53 יודען זיינען אין משך פון אַ קורצער צייט בעשאָנקען געוואָרען מיט זילבערנע מעדאַלען, ה' ס. א. יפה מיט אַ גאָלדענער מעדאַל. חוץ דעם האָבען די יודישע סאַניטאַרען בעקומען אַ סך דאַנק-בריוו, דאָקומענטען מיט אָנערקענונג פון זייער אַרבייט וכדומה.

## פסח פאַר יודישע סאָלדאַטען.

בערך אַ חדש פאַר פסח 1915 האָט מען זיך געווענדעט צו די פאָרשטעהער פון די יודישע סאַניטאַרען מיט אַ בקשה פון ווילנער יודישען דאַמען־קאָמיטעט צו נעהמען אַן אָנטייל אין איינאָרדענען סדרים פאַר די ווילנער יודישע סאָלדאַטען. נאַטירליך האָבען מיר דעם פאָרשלאָג אָנגענומען מיט צופרידענהייט.

קומענדיג אַהין האָבען מיר געפונען אַ גרויסע אסיפה פון ווילנער רייכע דאַמען אין פולען גאַנג. מען האָט אונז וועהר פיין אויפגענומען. די אָרדענונג אויף דער אסיפה איז געווען אַ מוסטער־האַפטע. ס'איז גלייך געווען קענטיג, אַז די אָרגאַניזאַציע פון ענין ווערט אַוועקגעשטעלט אויף ברייטע און פעסטע יסודות. אין דער אסיפה האָבען זיך בעטייליגט 14 יודישע דאַמען פון די רייכע קלאַסען און פון דער אינטעליגענץ. אין דאָזיגען קאָמיטעט האָט מען קאָאָפטירט די בעפולמעכטיגטע יודישע סאַניטאַרען.

אויסהערענדיג דעם געלט־בעריכט, האָבען מיר זיך אײנגעטיילט די אַרבייט. מען האָט בעשלאָסען אַריינגעהן אין אונטערהאַנדלונגען מיט דער בילינער קיך, זי זאָל אָבּלאָזען שפייז פאַר אַ וואָלוועלען מקח. יעדע דאַמע האָט גענומען אַ בעזונדערען ראַיאָן, וואו ס'געפינען זיך יודישע סאָלדאַטען. מיר האָבען צוגעשטעלט די דאַמען אַ גענויע רשימה פון איבער 20 ערטער אין ווילנא, וואו ס'געפינען זיך צוזייט און צושפּרייט יודישע סאָלדאַטען: לאַזאַרעטען, עטאַפּ־פונקטען, קאַזאַרמעס, סלאַבאָ־סילנע קאָמאַנדעס, קאָנוואָיגע קאָמאַנדעס, ארבייטס־באַטאַליאָנען, סאָלדאַטען־סאַניטאַרען, אַרעסטירטע סאָלדאַטען, דורכפאָהרענדיגע סאָלדאַטען, קראַנקע און געזונטע.

מיר פון אונזער זייט האָבען געמאַכט אַ פערזאַמלונג פון איבער 50 יודישע סאַניטאַרען און שילער, אום מיטצוהעלפען דער אָרגאַניזאַציע. מיר האָבען אויסגעקליבען אַ קליינע קאָמיסיע און זיינען צוגעטראָטען צו דער אַרבייט. מען האָט אַיינגעקויפט אַלע נויטיגע פּסח'דיגע כלים, קעסלען, געשיר, טעפּ, לעפעל, שיסלעך. קודם־כל האָבען מיר איינגעאָרדענט דעם אַנטאָקאָלער ראַיאָן, וואו ס'האָט זיך געפונען דער לאַזאַרעט פון די סלאַבאָ־סילנע קאָמאַנדעס. מיר האָבען דאָרטען געשיקט אונזערע סאַניטאַרען, וועלכע ס'האָבען אַ סך געהאָלפען די אַנטאָקאָלער בעלי־בתים. די אַדמיניסטראַציע פון שפּיטאָל האָט פאַר די יודישע סאָלדאַטען אָבגעטיילט אַ בעזונדערען אָרט אויף צו סדר'ן. בסך־הכל האָבען זיך אין אַנטאָקאָלער ראַיאָן געפונען ביז 100 קראַנקע און געזונטע יודישע סאָלדאַטען.

ארויף קאַלוואַריסקע האָבען מיר געעפענט 2 קיכען, איינע דורך דעם רב פאַר געזונטע זאַפּאַסנע סאָלדאַטען. די קיך איז געווען אויסגערעכענט פאַר קרוב 100 פערזאָן, וואָס האָבען זיך געפונען אין די שניפּישקער קאַזאַרמעס. די צווייטע קיך האָבען מיר אַליין געעפענט אויפ'ן וועג פון ווערק,י — פאַר די פעלד־לאַזאַרעטען, וואָס האָבען זיך דאָרט געפונען און פאַר די סאָלדאַטען, וואָס האָבען געלאַגערט אין ווערקי ביי די פערד־שטאַלען. די קיך איז געווען אויסגערעכענט פאַר קרוב 75 פערזאָן. דאָ איז געווען אַן אמת'ער מיש־מאַש טיפּען פון יודישע סאָלדאַטען פון גאַנץ רוסלאַנד, פון די צענטראַלע גובערניעס ביז ליטא און פון די בערג־יודען ביז די פּוילישע יודען.

מען האָט ניט געקאַרגט קיין עסענוואַרג, ווייל איז אויך געווען איבערגענוג. די דאַמען האָבען געטאָן אַלץ, אום די יודישע סאָלדאַטען זאָלען זיך פיהלען בעקוועם און גוט. מיט דער זעלבער ענערגיע האָט מען געאַרבייט אויך אין די איבעריגע טיילען. איין דאַמע פלעגט גאַנצע טעג זיך געפינען אין קיך, וואו מען פלעגט צוגרייטען די שפּייז; אַ צווייטע דאַמע פלעגט זיך געפינען ביים טעלעפאָן, וועלכער פלעגט אַ מינוט ניט רוהען: דאָ ברענגען, דאָ צוגרייטען, דאָ איבערבייטען. חוץ די שפּייז פון די קיכען האָבען די דאַמען געגעבען אַ סך פּראָדוקטען פון זייערע אייגענע קיכען מיט אַזוי „גוטע זאַכען". אויף צו ברענגען עסען פאַר די קראַנקע סאָלדאַטען און צוצולאָזען צו זיי האָט דער ראַבינער רובינשטיין אויסגעווירקט ספּעציעלע ערלויבנישען.

א בעזונדערע גרופע סאניטארען האט זיך געפונען אויפ'ן באהן, וואו זי פלעגט בעזארגען מיט פסח'דיגע מאכלים די פערוואונדעטע יודישע סאלדאטען, וואס פלעגען דורכפאהרען אין די צוגען.

צוזאמען האט מען אין דעם פסח 1915 געגעבען עסען אין ווילנא בערך 1500 יודישע סאלדאטען, אין משך פון 8 טעג.

## דער יודישער מלחמה-לאזארעט ביי „משמרת חולים".

ווען ס'האבען זיך גענומען בעווייזען די גרויסע מאסען פערוואונדעטע און די אלע היגע שפיטאלען האבען ניט געקלעקט, האט די ווילנער יודישע קהלה בעשלאסען אבצוגעבען דעם שפיטאל „משמרת חולים" פאר א מלחמה-לאזארעט. מען האט געגרינדעט פערשיידענע קאמיסיעס, וואס זיינען געשטאנען אונטער דער השגחה טיילוויז פון דער געמיינדע און טיילוויז פון די דאמען. אין משך פון א קורצער צייט האט דער לאזארעט געוואונען די גרעסטע סימפאטיעס הן ביי דער מיליטערישער מאכט, הן ביי די קראנקע און הן אין שטאדט. אונז, אלס יודישע סאניטארען, וואס פלעגט טעגליך אויסקומען צו ברענגען אהין שווער-פערוואונדעטע, פלעגט אויסקומען תמיד אויסצוהערען די טיפע דאנקבארקייט פון די קראנקע, דערהויפט פון די קריסטליכע סאלדאטען, וואס פלעגען זיך נאר ניט קענען גענוג אבוואונדערען פון דער גוטער בעהאנדלונג, פלעגע און קוראציע מצד דעם יודישען לאזארעט.

דער נאטשאלניק פון „עוואקואציאנס-פונקט" פלעגט טענה'ן, אז אין „משמרת חולים" זאל מען זיך היטען צו שיקען נייע חולאים, כל זמן דער לאזארעט וועט ניט ארויסגעבען די אלטע חולאים, ווייל פשוט מען „צופיעסטשעט" זיי דארט... די סאלדאטען דארף מען האבען אויפ'ן פראנט, און דא „קעכעלט" מען זיי, מען „צולאזט" זיי, מען „לייענט" זיי מעשה-לעך; מיט איין ווארט, די חולאים ווילען ניט ארויסגעהן. דער אדמיניסטראציע פון לאזערעט פלעגט אויסקומען א סך צו קעמפען פאר יעדען סאלדאט, אום איהם ניט אזוי גיך ארויסצולאזען, — א האלב-קראנקען. — ווי די מאכט פלעגט דאן פאדערען.

דער לאזארעט פערמאגט פיל בילדער, דאקומענטען, בריוו פון סאלדאטען, קאזאקען, אונטער-אפיצערען און פעלדפעבלען און, דוכט זיך, אויך פון אפיצירען. אלע דאנקען די ווילנער יודישע קהלה פאר די גוטע בעהאנדלונג און די ווארימע בע-ציהונג אין דעם משך צייט, וואס זיי האבען זיך געפונען אין „משמרת חולים".

פסח 1915 האט דער לאזארעט איינגעארדענט אויף זיינע מיטלען א פיינעם סדר פאר די יודישע פערוואונדעטע, וואס האבען זיך דארט געפונען.

## עפיזאדען.

וואס ווייטער, האבען זיך אלץ מעהר יודישע שילער און יונגע לייט פערשריבען פאר „סאניטארען". ארבייט איז געווען זעהר א סך.

ווילנער באהן איז געווען דער צענטראל-פונקט. דורך איהם זיינען דורך הונדער-טער טויזענטער קראנקע און פערוואונדעטע. מען האט דאן אבגעשאצט די אלגעמיינע צאהל אין „אן ערך 2 מיליאן".

די יודישע סאניטארען האבען איבערגעטראגען אויף זייערע הענט טויזענטער פערוואונדעטע. פערשיידענע עפיזאדען און איינדרוקען איז זיי אויסגעקומען דערביי איבערצולעבען.

איינמאל איז זיי אויסגעקומען צו טראגען אן „אנשטעקענדיגען" קראנקען אפיציר אין א ווייטען שפיטאל הינטער'ן שטאדט. מען האט איהם שוין געהאט אבגעטראגען איינינע גאסען פון ווילנער באהן. מיט אמאל האט ער דערהערט ווי די סאניטארען ריידען צווישען זיך יודיש. נאטירליך, דער געשפרעך איז געווען וועגען בייטען זיך, פערריבען די בעטען וכדומה. נאר דער אפיציר האט גענומען שרייען, אז ער וויל

ניט דאָס „שידעס“ זאָלען איהם טראָגען. די יונגע לייט האָבען קיין ברירה גיט געהאַט און האָבען זיך גענומען אָבשטעלען אין א טויער, פערוויקעלט מיט די בינטען פון טראָגבעטל. אייניגע זיינען פערבליבען און אַ פּאָר זיינען אַוועק רופען זייערע קריסטליכע חברים. די קריסטליכע חברים האָבען פון „סאָלידאַריטעט“ וועגען צו די יודישע געוואָלט זיך אָבזאָגען, נור די יודישע האָבען דאָס ניט דערלאָזען, ניט וועלענדיג אַרויסרופען גענען זיך אַ „טומעל“...

פערקעהרט, אַן אַנדערש מאָל אין די זעלבע יודישע יונגע לייט אויסגעקומען צו טראָגען א פעטערבורגער אַטלעט, אַן אָפיציר, וואָס האָט געוואויגען 8 פוד. אז מען האָט איהם בשלום געבראַכט אין לאַזאַרעט, האָט ער גענעבען די יודישע סאַניטאַרען אַ מתנה 25 רובל. די יונגע לייט האָבען ערקלערט, אַז קיין מתנות געהמען זיי ניט. זיי אַרבייטען פרייוויליג, נור די געלט וועלען זיי אָבגעבען אויפ׳ן „רויטען קרייץ“. די געלט האָט מען דאַן גלייך איבערגעגעבען פרוי רענענקאַמף.

ביים ברענגען דייטשע קראַנקע געפאַנגענע האָבען זיך די רוסישע דאָקטוירים זעהר אָפט גענומען בענוצען מיט אונז, ווי מיט איבערזעצער. מיר פלעגען דאַרפען פרעגען ביי די דייטשען, וואו זיי זיינען פערוואונדעט, און בעקומענדיג א תשובה אין די „קנאָבען“ צו אין „שולטער“, פלעגען מיר עס איבערגעבען דעם רוסישען דאָקטאָר. מיר פלעגען אויך געהן בעטען פאַר די נור וואָס אָנגעקומענע דייטשע פערוואונדעטע עסען אין שפייז-פונקט. אָפטמאָל פלעגען מיר זיך אַליין אויפלעגען עטליכע רובל און איינקויפען פאַר זיי וואָס צו עסען. זיי פלעגען אונז זיין זעהר דאַנקבאַר און פלעגען דערצעהלען, אַז מיט אונזערע געפאַנגענע בעגעהט מען זיך אין דייטשלאַנד אויך זעהר גוט. מיר זיינען דאָס געווען זעהר נייגעריג צו וויסען, ווייל מיר האָבען אַלע געהאַט געפאַנגענע ברידער ביי די דייטשען. איינמאָל האט מען מיר איבערגעגעבען אָנצוקארמענען עטליכע דייטשע פערוואונדעטע געפאַנגענע און עטליכע רוסישע פערוואונדעטע. דאס איז געווען אויפ׳ן באַהן. די בעטלעך זיינען געשטאַנען נאָהנט איינע פון דער צווייטער. אַלע פערוואונדעטע עלטערע מענשען שוין, און ס׳האט זיך ביי זיי פערפיהרט אַ שמועס. אַ רוס פון פענזער גוב. פרעגט:

– דו האָסט אַ פרוי?

דער דייטש פרעגט מיר, וואס פערלאַנגט ער. איך ערקלער איהם.

יאַ, איך האב אַ פרוי מיט 4 קינדער.

– דו בינסט פון זאַפּאַס?

– יאַ.

דער רוסישער סאלדאַט הייסט מיר אָבגעבען זיין חלק עסען די דייטשען. דער רוסישער פויער וויל הנאה האָבען און זעהן, ווי דער דייטש וועט עסען זיינע שוואַרצע ברויט מיט קרויט...

די דייטשען עסען. די רוסען האָבען שטאַרק הנאה. די דייטשען זיינען דאָך, נעבעך, אויך ניט שולדיג, אַזוי ווי מיר. מען בעט מיר פרעגען די דייטשען: אפשר ווייסען זיי, ווען וועט זיך ענדיגען די מלחמה. זיי מוזען דאך וויסען! וואָס, זיי ווייסען אויך ניט? ווי קאָן דאָס זיין?...

## די בעציהונג צו די יודישע סאַניטאַרען.

די גאַנצע מיליטער-מאַכט האָט דאַן בעוואונדערט די מסירת נפש פון די יודישע סאַניטארען און זייער ארבייט פאר די פערוואונדעטע. אָבער די היגע „אָכראַנע אָטדעלעניע“ האט שטארק ניט נעוואלט האבען די יודען אויפ׳ן באַהן, און איין מאל האט שוין נעהאַלטען, אַז מען זאל אויפ׳ן וואונש פון די זשאַנדאַרמען אויסשליסען אַלע יודישע סאַניטאַרען. האָבען מיר געמאַכט אַ פערזאַמלונג און בעשלאָסען צו פראָטעסטירען. אויף אונזער צד זיינען אויך געווען די בעסערע רוסישע חברים. די רוסען האָבען געוואָלט איינזעהן, אַז דאָס איז מעהר ניט ווי אַ מין אינטריגע פון די פוילישע חברים. נור ווי

ס'האט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, זיינען די פּאָליאַקען ניט געווען שולדיג. שולדיג איז געווען נור די „אָכראַנע", וועלכע האט שטארק געאַרבייט, אַז מען זאָל פּטור ווערען פון אַזוי פיל יודען אויפ'ן באַהן (פון דער אַלגעמיינער צאָהל 1500 סאַניטאַרען זיינען דאַן געווען 900 יודען).

מיר האָבען געניי אנגעוויזען אויף אונזער אַרבייט, וואס הערט ניט אויף ניט ביי נאַכט און ניט ביי טאג. מיר האבען דערצעהלט, ווי מיר טראגען די פערוואונדעטע אויף די בעטלעך אונטער די וואַגאָנעס, בעת אַ סך צוגען פלעגען האַלטען אין פערביינעהן; ווי מיר טראגען זיי פון דער 14-טער און 15-טער ליניע אָן; ווי מיר שרעקען זיך ניט אָב פון קיין שום אָנשטעקענדיגער קראַנקהייט; מיר האָבען אנגעוויזען אויף אונזער גרויסע צאָהל; אויף די מתנות און נדבות, וואָס מיר אַליין פלעגען געבען; מיר האָבען צוגעשטעלט די דאַנק-בריוו, האָבען דערמאָהנט די אויסצייכנונגען, וואס אַ סך פון אונז האָבען בעקומען.

מען האָט אונז אויסגעהערט און מען האָט אונז צוגעזאָגט, אַז מיר בלייבען.

אינגיכען האָט מען נאָך 200 יודישע סאַניטאַרען צוגעשטעלט צו בעקומען מע-דאַלען. די הינע רוסישע גייסטליכע צוזאַמען מיט די העכסטע בעאַמטע האָבען זיך מיט יודען געלאָזט פאָטאָגראַפירען. די יודישע סאַניטאַרען האָבען זיך דאַן גענומען שפּירען פרייער.

## היימלאָזע.

אַ ווינטער-נאַכט. די יודישע סאַניטאַרען דערוויסען זיך, אַז באַלד דאַרף אָנקומען אַ צוג מיט היימלאָזע יודען. מיר גרייטען זיך זיי מקבל פּנים צו זיין. ערשט עס קומען אָן בעפולמעכטיגטע פון קאָמיטעט. איר וועט אונז העלפען? פרעגען זיי. אַ שאלה! זאָג איך. כ'האָב גלייך מאָביליזירט עטליכע צעהנדליג סאַניטאַרען, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס די קריסטליכע חברים האָבען פּראָטעסטירט, אָנווייזענדיג, אַז 2 צוגען מיט פערוואונדעטע שטעהען ניט קיין אויסגעגרוזעוועטע, 2 דאַרפען באַלד אָנקומען און ס'איז שוין האַלבע נאַכט—, איז ווי אַזוי נעהמט מען דאָס צו אַזוי פיל סאַניטאַרען צו די היימלאָזע. איך האָב זיי בערוהיגט, אַז היינט וועט קיינער פון אונז ניט געהן אַהיים, ביז וואַנען מען וועט ניט פאַרטיג ווערען הן מיט די היימלאָזע און הן מיט די פערוואונ-דעטע. מיר האָבען אויסגעטיילט צוויי פאַרטיעס: איינע זאָל העלפען אויסלאָדען די היימלאָזע און איינע – די פערוואונדעטע. 1 אַזייגער ביינאַכט זיינען אָנגעקומען מיט אַמאָל דער צוג היימלאָזע און די צוויי צוגען פערוואונדעטע.

מיר האָבען געאַרבייט אַ גאַנצע נאַכט. מיר האָבען אויסגעוואַשט פּלאַטפאָרמעס, און מען האָט די היימלאָזע געפיהרט אין סאַראַפּיי'ס זאַל (אַ זאַמעלפונקט פאַר היימלאָזע). אַ סך געזינטען מיט קליינע קינדער האָבען מיר איבערגעלאָזען געכטיגען ביי אונז אין אונזער זאַמעלפּלאַץ ביז פאַרטאָג, ווען מען האָט געקאָנט קריגען געגוג פוהרען. מיר האָבען פון אונזער שפּייז-פונקט פאַר פערוואונדעטע געגעבען די קינדער פון די היימלאָזע מילך און טיי און אויך אַנדערע שפּייז-פּראָדוקטען. הגם דער באַהן האָט לויט דעם בעפעהל פון דער מאַכט געדאַרפט זיין „ריין" און „שטרענג-אָבגעהיט", האט אונז די זשאַנדאַרמעריע ניט געשטערט.

7 פאַרטאָג, אַז ס'זיינען אָנגעקומען חברים אונז צו פערבייטען, איז שוין אַלץ געווען פאַרטיג. די יודישע סאַניטאַרען האָבען בעשלאָסען, אַז מען מוז אויסטיילען ספּעציעלע שטענדיגע אָבטיילונגען צו העלפען די היימלאָזע, אויף וועלכע מען האט זיך טעגליך געריכט. מיר זיינען תיכף אריין אין בעציהונגען מיט'ן יודישען קאָמיטעט און האָבען בעקומען די נויטיגע בעפולמעכטיגונגען.

# דער גירוש.

אָנהויב אַפּריל 1915 האָבען זיך פערשפּרייט שאַרפע קלאַנגען, אַז צוזאַמען מיט די רוסישע מפּלות אויף די מזרח-פראָנטען שטעהט פאָר אַ גרויסער גירוש פון אַ סך שטעדט און שטעדטלעך אַרום די פראָנטען. ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און די קלאַנגען זיינען אַריבער אין מעשים. צום 1-טען מאַי איז שוין געווען אַ גירוש אַרום די שטעדטלעך, וואָס ליגען אין קאָוונער גוב. האַרט ביים פראָנט. מען האָט זיך געטרייסט, אַז אפילו דער שכל איז מחייב דאָס מען קאָן ניט פערלאַנגען צו זיין צו נאָהנט צום פראָנט. און אָט האָבען זיך טויזענטער יודען געלאָזט אַבריבטען גלות. זיי האָבען געוואָלט פערקירצען דעם וועג צו ווילנא, געהענדיג דורך קאָוונא. נור ווי ערשטיינס זיינען זיי געקומען, אַז קומענדיג צו די טויערען פון קאָוונער פעסטונג האָט מען זיי דורך די שטאָדט בשום אופן ניט געוואָלט דורכלאָזען, ערקלערענדיג זיי, אַז „די" וועלען די טעג זיך אויך מוזען קלייבען אין וועג... עס האָט ניט געהאָלפען דער בעטען פון זיי, פון זייערע פרויען און קינדער, וואָס האָבען דריי טעג און דריי נעכט אָבגעוויינט, אפשר וועט מען פאָרט אויף זיי רחמנות האָבען. עס האָבען אויך ניט געהאָלפען די דעפּוטאַציעס פון די רבנים און פון די אַזוי אָנגעזעהענע בירגער פון שטאָדט, וואָס זיינען זיך פאַר זיי געגאַנגען משתדל זיין. ווי פערוואונדערט און אָבהענדיג זיינען געוואָרען די אַלע דאָזיגע דעפּוטאַציעס, ווען דער קאָמענדאַנט האָט זיי ערקלערט, אַז אַנשטאָט, וואָס זיי בעטען פאַר לייטען, וואָלט אַ סך גלייבער געווען, אַז זיי וואָלטען זיך אַליין געהטען גרייטען צום וועג...

די בשורה איז גלייך פערשפּרייט געוואָרען איבער גאַנץ קאָוונא. מען האָט אָבגעהאַלטען אסיפות, מען האָט געשיקט נייע דעפּוטאַציעס, מען האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, וואָס יודען ווענדען אָן בעת הצרה. נור אויף די נאָסען האָט מען שוין האַסטיג געקלעבט די בעוואוסטע הודעה פון רוסישען אויבער-קאָמאַנדיר, אַז אין אַ משך פון שעה'ן זאָל אין קאָוונא ניט פערבלייבען קיין יודישער זכר.

בעקומענדיג די ידיעות פון דער שרעקליכער גזרה, האָבען מיר, יודישע סאַניטאַרען, גלייך פערשטאַנען וואָס פאַר אַ גרויסע אַרבייט אונז שטעהט פאָר. קודם כל וועלען דאָך די מגורשים דורכגעהן דורך ווילנא. מיר האָבען תיכף געגעבען צו וויסען אין „צדקה גדולה" דעם קאָמיטעט פון די הייםלאָזע. און דאָרט האָט מען ניט געוואָלט „ערנסט גלויבען" אין די דאָזיגע ידיעות, נור אויב ס'וועלען זיך טאַקי „בעוויזען" פון קאָוונא מגורשים זאָלען מיר גלייך אָגזאָגען...

ערב שבועות 2 אַזייגער בייטאָג איז אָנגעקומען אַ פול-געפּאַקטער פּאַסאַזשיר-צוג מיט רייבערע קאָוונער יודישע בעלי-בתים, פרויען, קינדער. ס'האָבען זיי מקבל פנים געווען ווילנער קרובים און זייערע איינענע קאָוונער, וואָס ס'זיינען דאָ געווען פון פריהער. נור אויך פיל גבירים זיינען געווען עלענד, ניט געהאַט קיינעם אין ווילנא.

די טרענער אויף ווילנער וואָקזאַל האָבען זיך אָבגעזאָגט צו טראָגען די זאַכען פון די אָנגעקומענע, שרייענדיג, אַז פאַר קאָוונער יודישע שפּיאָנעם ווילען זיי ניט אַרבייטען...

מיר, יודישע סאַניטאַרען, האָבען גראָד דאַן געהאַט אַ סך אַרבייט ביי אייניגע צוגען פון פערוואונדעטע. מיר האָבען אָבער זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויסגרוזעווען די קאָוונער מגורשים. ניט קוקענדיג אויפ'ן ווידערשטאַנד פון די טרעגער האָבען מיר געקראָגען טאַטשקעס און מיר האָבען מיט דער הילף פון נאָך יונגע לייט אָנגעהויבען צו שלעפּען פון די וואַגאָנעס פעק בעטגעוואַנט, קליינע קינדער, זקנים, ספּינלען, וייגערס...

פון אַיילעניש איז אַ סך צובראָכען געוואָרען, ווייל מען האָט אונז געטריבען,

אַז אַט, אַט נעהמט שוין אַמ דער צוג. וואָס ס'איז ניט בעוויזען געוואָרען צו צוברעכען זיך אין קאָוונא, איז צושמעטערט געוואָרען אויף דער ערשטער פלאַטפאָרמע פון ווילנער וואָקזאַל. די גאַנצע פלאַטפאָרמע איז געווען פול בעדעקט מיט גלאָז פון טריומאָ־שפּיגלען, טיילען פון זיינערס, פיסלעך פון ווינער שטולען. און איבער אַלץ האָט זיך געטראָגען אַ געוויין און אַ געשריי.

מיט אַמאָל האָבען זיך פון די לעצטע וואַגאָנעס גענומען שיטען אַ פּאָר הונדערט יודישע סאָלדאַטען, יודישע מיליטער־דאָקטוירים, באַרמהערציגע שוועסטער; מען זאָגט אונז, אַז מיר זאָלען נעהמען גאסילקעס אויסצוגרוּזוועןן פון נאָר די לעצטע וואַגאָנעס יודישע קראַנקע, פערוואונדעטע סאָלדאַטען פון די קאָוונער מיליטערישע פעלד־שפּיטאָ־לען... נאָך מעהר האָבען מיר זיך געוואונדערט אויף די טיפּוס־קראַנקע יודישע סאָלדאַטען: זיי אויך אַרויסגעשיקט?! די מיליטער־דאָקטוירים האָבען אָן אַ זייט שטילערהייט געוויינט...

אַ בשורה האבען זיי אונז אָנגעזאָגט, אַז פון הינטען פאהרען אַ סך טאָוואַרנע צוגען מיט מגורשים. אויף אונזער פראַגע: וויפיל? האבען מיר בעקומען אַ ענטפער: וואס הייסט, גאַנץ שטאָדט! אַ מאַן 25000. איך בין גלייך אַוועק אין „צדקה־גדולה" און דאס אַלץ איבערגעגעבען. אַ ביסעל האט מען שוין דארט זיך דערוואוסט וועגען דעם, אָבער וואס צו טאָן האָט מען ניט געוואוסט. אויף אַזאַ אומגליק האט מען זיך ניט געריכט.

די ערשטע זאַך האט מען געדאַרפט בעזארגען די מגורשים, וואס לינען נאָך אויפ'ן באַהן, נור ס'איז פשוט קיין אָרט ניט געווען. „סאַראַפּיי" און „אָרענבורנסקע 41" ויינען געווען איבערפולט. ס'איז געבליבען אַ טייל פּאָרט אַוועקפיהרען אויף אָרענבורנסקע און די איבעריגע „איינאָרדענען" אין ווערלכע ניט איז קלויזען, דערווייל... מען האט אבער תיכף געדאַרפט אויך צוגרייטען אן ארט פאַר די, וואס קומען כסדר אָן. מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף „פילהארמאָניע". ס'איז אויסגעקומען צו האָבען צו טאָן מיט אסיפות און נבאים, פונקט ווי פריהער ביים קריגען די קלויזען — מיט יענע נבאים. מיר האָבען אבער די זאַך סוף כל סוף דורכגעפיהרט. פון „צדקה גדולה" האט מען אונז געגעבען שפייז־פּראָדוקטען, אַ ביסעל געלט און אַ בעפּולמעכטיגונג. מיר האבען געדונגען פוהרען און האבען אנגעהויבען „פונאַנדערפיהרען" די הייםלאָזע. מיר האבען אויך אויס־געפונען אויף לוקישקעס אייניגע ליידיגע האַלץ־קאַנטארען, וואו מען האט אונז ערלויבט צו בהיינען די „געסט".

## שבועות.

ווי אַ בליץ האט זיך שבועות פאַרטאָג פערשפּרייט איבער ווילנער גאַסען און קלויזען די ידיעה, אַז צעהנדליגער טויזענטער יודישע מגורשים פאהרען קיין ווילנא, אַז אַ סך צוגען שטעהען שוין אויפ'ן ווילנער וואָקזאַל און נאָך מעהר אין נאָווואָ־ווילייסק. מען בעט עסען, טרינקען...

די נבאים אין די קלויזען האבען נעהייסען איבעררייסען דעם דאוונען און מען זאל נעהן העלפען קלייבען איינער ביים צווייטען שפייז און צונויפבריינגען דאס אין בעשטימטע זאַמעל־פונקטען, ווי „צדקה־גדולה", „שול־הויף", סאַדאָווע גאַס ביי אוצעבאָווסקי'ן...

אונזערע סאַניטאַרען האבען זיך צוטיילט אין גרופּעס. אַ גרויסער טייל איז אַוועקגעפאהרען מיט מיליטער־צוגען אין נאָוואָ־ווילייסק און דער איבעריגער טייל איז אַוועק אויף די ווילנער ליניעס. איך בין געווען אין דער לעצטער גרופּע. ערשט איך זעה פון וויטען אויף נאר דער לעצטער ליניע, וואו שטענדיג פאהרען צוגען מיט מוניציע און פערד, קעפּלעך מיט קאַפּעליושען און אַרום די וואַגאָנעס געהט אום אַ מיליטערישע וואַך. איך האב לכתחילה געמיינט, אַז דאס זיינען רעקרוטען, ווארום ווי קומט אַרום זיי אַ וואַך... איך הער אבער ווי מען שרייט: יודען, מיר ווילען עסען!... איך פּרוב געהן ווייטער. די וואַך האַלט מיר אב און מען שטעלט גאר אן אויף מיר אַ ביקס! אוּבאָדי!...

איך בין אַראָבגעלאָפען צו מיינע חברים, מיר האָבען אנגעטאן אונזערע בענדער מיט די רויטע צלמים, אפשר וועט מען אונז צוזלאָזען. נור מען האַלט אונז ווידער אָב. סוף כל סוף האָט זיך אונז דאָך אײַנגעגעבען צוצוקומען צו אַ סאָלדאַט און ערקלערען איהם, וואָס מיר ווילען און ווער מיר זיינען און ווער יענע זיינען... בסך-הכל האָט ער גענומען דערפאַר 50 ק׳ טרינק-געלט, און ס׳איז געוואָרען רעכט.

אונזער עלטסטער איז דערוויל אַוועק צום קאָמענדאַנט פון דער סטאַנציע משתדל זיין זיך מען זאָל צולאָזען פריי עסען און מען זאָל אַראָבנעהמען די וואַך. אַ ביסעל האָט ער געפּועלט. עסען האָט מען ערלויבט, נור די וואַך אַראָבנעהמען, – דאָס ניט, ווייל איינינע קענען, חלילה, אַראָבנעהן אין ווילנא...

מיר זיינען תיכף אַוועקגעלאָפען צום צענטראַלען זאַמעל-פונקט פון די עסענוואַרג אויף סאַדאָווע גאַס און געכאַפּט זעק, קערב מיט עסען און געשלעפּט צופוס, אויף איזוואָזטשיקעס צום באַהן, – נאָך אונז אַן עולם פון אַפּאָר הונדערט מאַן...

אונז אַלס סאַניטאַרען האָט מען דורכגעלאָזען, נור די איבעריגע ניט. איך האָב קוים געפּועלט פאַר איינינע כלל-טוער... די איבעריגע זיינען אַוועק אויפ׳ן בריק, וואס איבער׳ן באַהן, צו נאָוואָ-סוויאַט.

די זעק און די קערב, וואָס מיר האָבען געבראַכט, זיינען געווען פול מיט עסענוואַרג, צעהנדליגער לאַבענס ברויט, פּודען חלות, צוקער, וואָס אַ מויל קאָן אויס-ריידען. מיר האָבען דאס געשלעפּט דורך די וואַגאָנעס, צוגען, פּלאַטפאַרמעס אַהין אויף דער 15-טער ליניע. און ווי די היימלאָזע האבען דערזעהן פאַר זיך די זעק און די קערב עסען, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטאן אויף זיי, ווי עופות אויף גערשטען, – מיט אַ געוויין, בליפעריי, שטופּעניש. פון עולם, וואָס איז געשטאַנען אויבען אויפ׳ן בריק און האט צוגעקוקט דעם בילד, האָבען זיך דערהערט היסטעריקעס, פרויען האָבען גע׳חלש׳ט...

ס׳האָט ניט געדויערט קיין 10 מינוט און אַלע זעק און קערב, וואָס זאָלבע 50 האָבען מיר זיי געבראַכט, זיינען צוכאַפּט געוואָרען.

דער גאַנצער טומעל איז שטאַרק ניט געפעלען געוואָרען דער באַהן-אַדמיני-סטראַציע און זי האט אויך דעם צוג גלייך אָבגעשיקט קיין נאָוואָ-ווילייסק.

מיר האבען גענומען פערד און וואָגענס און זיינען געלאָפען אין נאָוואָ-ווילייסק מיט אַ נייעם טראַנספּאָרט עסען.

## אין נאָוואָ-ווילייסק.

ווער ס׳איז ניט געווען שבועות 1915 אין נאָוואָ-ווילייסק, דער קאָן ניט האָבען קיין בעגריף ווי גרויס און טיף ס׳איז דער אומגליק פון יודישען כלל. אַ האַלב ווילנא יודען האָבען געהאַלטען פאַר זייער חוב יענעם שבועות צו זיין אין נאָוואָ-ווילייסק און אַ קוק טאָן וואס הייסט יודישע צרות.

די שטעדטעל נופא האט זיך זעהר פיין אָבגערופען. מען האָט קיין זאַך ניט געקאַרגט, ניט געזשאַלעוועט, אַלע האבען מיטגעהאָלפען.

אויפ׳ן וועג צו נאָוואָ-ווילייסק האט געקאכט ווי אין די צייטען פון גרויסע מאַנעווערעס. פורען זיינען געפּאָהרען אָנגעפּאַקטע מיט כל-ערליי עסענוואַרג; כלל-טוער אויף איזוואָזטשיקעס; טויזענטער פוס-גייער; קינדער, זקנים; אַ בעוועגונג אַהין און אויפהער הין און צוריק. אַ ביסעל קאָנוער מגורשים האָט זיך פאַרט איינגעגעבען „לינק" צו ווערען פון די צוגען... די זאַכען זייערע האבען זיי איבערגעלאָזען אויף הפקר. אַנדערע האבען אַרויסגעראַטעוועט די זאַכען אויך, וואַרפענדיג זיי אויפ׳ן וועג אין גאַנג פון צוג און אַליין אַראָבשפּרינגענדיג; דערנאָך זיינען זיי מיט פורען געפּאָהרען אויפקלייבען די זאַכען...

מיר האָבען געאַרבייט אין נאָוואָ-ווילייסק צוויי טעג בסדר.

## אויף דער פּראָווינץ.

פון די צונען, וואס זיינען געגאַנגען אַ טייל אויף פּאָלטאַווע, אַ טייל אין אַנדערע ערטער, האבען זיך אויף די גרעסערע סטאַנציעס אַראָבגעכאַפּט אַ סך היימלאזע, דער־הויפּט אין סמארגאָן. „פּונקט דער זעלבער איינדרוק, וואס אין ווילנא" — האָבען דער־צעהלט מיינע חברים, יואָס זיינען מיטגעפאָהרען מיט די היימלאָזע. אום סאַמע יום־טוב זיינען די סמארגאנער בעלי־בתים און יוגענד אומגעפאָהרען איבער די גאַסען און געזאַמעלט מכל המינים שפּייז, וויפיל ס'איז נור אַרויף אויף די וואָגענס. אין אַ סך פּעקעסענווארג האט מען נאָך געטראָגען אויף די פּלייצעס אייניגע וויאָרסט צום באַהן. מען האָט ניט פערגעסען צו ברענגען מילך פאַר קליינע קינדער; ליכט אין די משא־וואַגאָנעס; אפילו שוועבעלעך. דיזעלבע אויפנאַהמע איז געווען אין מינסק און אין אַלע איבעריגע פּונקטען, וואו די היימלאזע זיינען דורכגעפאָהרען.

אויב די אַלע שטעדטלעך, וואס פיהרען צו מינסק, האָבען אַליין געקאָנט אויס־שפּייזען די דורכגעפאהרענע און אָבגעשטעלטע, האָבען דאָס אָבער אַזויגע שטעדטלעך ווי סוועציאַן, זשאָסלע, שירווינט, מייסעגאלע, באָגוסלאַווישעק, שעסאל, געלוואן ניט געקאנט דורכפיהרען, בפרט, אַז דער מצב איז דארט בכלל געווען נאָר אַן אַנדערער. די דאָזיגע שטעדטלעך האָבען זיך דעריבער געווענדעט צו ווילנא דורך טעלעגראַמעס, טעלעפאָן און ספּעציעלע שלוחים, אַז מען זאָל זעהן קומען זיי צו הילף.

אין די דאָזיגע שטעדטלעך איז אָנגקומען אַ נייער מין היימלאָזע, — אויף פוהרען און צו פוס. דאס זיינען געווען די היימלאָזע פון קאָוונער גוב., פון די שטעדטלעך, וואס זיינען געווען נאָהנט צום פראָנט, ווי ראגאָלע, בעטעגאָלע, געטעגאָלע, בייסאַגאָלע, דאַטנאָווע, באָפּט, קיידאַן, קראַקינאָווע, שאַט, ווילקאמיר, קראָקי, יאַנאָווע, סרעדניק, ווילקי, ראַסיין, נאַמאָקשט, סקודוויל א. א.

אַ טייל פון די דאזיגע היימלאָזע זיינען געווען מגורשים, אַ טייל — אַנטרונענע, וואָס האבען זיך קוים געראטעוועט פון די שאַרפע שלאַכטען, וואס האָבען זיך דארט אָבגעשפּילט.

וויפיל מען האט נור געקאנט, האט מען גלייך געשיקט טראַנספּארטען מיט עסען אויך אין די דאָזיגע שטעדטלעך.

דעם צווייטען טאָג שבועות האט זיך שוין, ווי פון זיך אַליין געהאַט געגרינדעט דער גרויסער קאמיטעט אין קריינגעלס זאַל. אַ גרויסער טייל פון דער שטודירענדער יוגענד, אַ סך דאַמען זיינען שוין געווען אַריינגעצויגען אין געבען הילף. ס'האָבען זיך שוין גענומען בילדען די פערשיידענע קאָמיסיעס פאַר שפּייז, עוואַקואַציע, אינפאָרמאַציע, פינאַנסען, קוואַרטירען א. א. מען האט שוין געהאַט פערנומען פילהאַרמאָניע, קריינגעל'ס הויף (חוץ סאַראַפּיי'ס זאַל און אָרענבורגסקע 41, וואס זיינען געווען פערנומען שוין פון פריהער). מען האט טעלעגראַפירט קיין פּעטערבורג נאך הילף. ס'זיינען אַראבגעקומען פון דארט אייניגע אבטיילונגען, ס'זיינען געקומען צו פאָהרען באַראן א. גינצבורג, ב. אייסוראָוויץ, דעפּוטאַט פרידמאַן, בראַמסאָן, א. סך קארעספּאנדענטען... ס'האט זיך אָנגע־הויבען די אַרבייט אין גרויסען מאַסשטאַב, הן אין ווילנא הן אויף דער פּראָווינץ.

אין שטאדט פלעגען יעדען טאג אנקומען גאַנצע טראַנספּארטען פוהרען מיט היימלאזע, פון טאג צו טאג אַלץ מעהר און מעהר. און פון דער פּראָווינץ פלעגען זיך שיטען דעפּעשען און שלוחים, וואס פלעגען רופען צו הילף צו זיך ווילנער טוער, ווילנער שפּייז און ווילנער געלט. די בקשות זיינען אַלע בעפרידיגט געווארען. מען האט אין די דאזיגע שטעדטלעך געשיקט טראַנספּארטען מיט עסען און ספּעציעלע בעפולמעכטיגטע איינצוארדענען די ענינים אויף אַן ארט.

## אין שירווינט.

ערב שבועות האבען שירווינטער בעלי־בתים צוזאמען מיט'ן רב זיך געווענדעט דורכ'ן טעלעפאן קיין ווילנא מען זאל זיי זעהן צו קומען אַנטקעגען. עס פאהרען צו

זיי „גאַנץ קאָווגער נוּב." די שטעדטעל איז שוין פול מיט מגורשים, פיל ס'איז מעגליך געווען האט זיך שטעדטעל צונויפגעלייגט און אַרויסגעשיקט פוהרען, מען זאל למה"ש אַרויסשיקען געלט אויף צו דינגען פוהרען, מען זאָ׳ קומען צופאהרען און זעהן די צרות, וואס דארט טוט זיך...

מיר האָט זיך אַיינגעגעבען צו קריגען אַן אָמניבוס אויף 2 פאָר פערד, און ס'זיינען גלייך אָבגעפאָהרען קיין שירווינט צוויי חברים מיט 1500 רובל געלט אויף צו דינגען אַביסעל פוהרען. די שירווינטער, דערהערענדיג, אַז מען איז אַרויסגעפאָהרען צו זיי פון ווילנא מיט געלט, האָבען זיך אַלאָז געטאָן אין אַלע אַרומיגע דערפער זוכען פויערים זיי זאָלען פאָהרען אין ווילקאָמיר ברענגען די מגורשים.

אָבער ניט אַזוי לייכט איז זיי אָנגעקומען צו קריגען פוהרען. די קריסטען האָבען זיך „צובונטעוועט" און גענומען פאָדערען אונערהערטע פרייזען: 40 און 50 רובל פאַר אַ פוהר... מיט עטליבע איז מען דורכגעקומען און מען האָט אָבגעשיקט די פוהרען. אָבער אָט האָבען זיך שוין די פוהרען אומגעקעהרט מיט הייטלאָזע, – און די ווילנער מיט געלט זיינען נאָך ניט געווען. די פויערים האָבען געמאַכט אַ טומעל, ניט געוואָלט אַראָבלאָזען די יודען פון די וואָגענס. האָט מען דערווייל אויסגעלייגט אייגענע געלט, געליהען נמ"ח, אָבגעצוינגען מיט'ן צאָהלען. ביז וואַנען די ווילנער זיינען סוף כל סוף אָנגעקומען מיט די געלט. ס'האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און די געלט איז אויסגעגאַנגען. די שטעדטעל האָט ניט געקאָנט אַריינגעהמען אפילו קיין צעהנט-חלק פון דער צאָהל הייטלאָזע, וואס מען האָט געפיהרט צו איהר. שירווינט האָט אָנגענומען אַן אויסזעהן פון אַ גרויסען יריד מיט אַ טומעל און רעש. מען האט די הייטלאָזע פונאַנדערגעטיילט איבער די הייזער צו 15 און 20 פערזאָן אין אַ הויז, וואס פלעגט קוים קלעקען פאַר 5; איבער שטאַלען; אויף דער פרייער לופט... אויף דער ערד אויפגעלייגט פעק מיט בעטגעוואַנט; אויף די בעטען, קאַמאָדען, שטולען ליגען צוליינט קליינע קינדער, אויף ביינקלעך – עלטערע, אויף טישען – גרויסע; אויף דער ערד – גאַנצע משפחות; אין די שטאַלען – אַ מיש-מאַש פון עפעס פעק, בהמות און מענשען.

אויפ'ן גאַס שפּילען זיך כסדר אָב האַרצרייסענדע סצענעס, – פון די אַלץ נייע און נייע אָנגעקומענע. מ'זוכט פאַר זיי „ערטער". מען פערנעהמט דעם בית המדרש, די קלויז, די שוהל. ס'איז אַלץ גאָרניט. מען פועלט ביי בעקאַנטע קריסטענס זיי זאָלען אויף די פאָר טעג איבער יום-טוב לאָזען זיך צוטוליען איינינע פאַמיליעס. מען טרייבט אַרויס פון די שטאַלען די חזירים און די יודען מאַכען דאָרט ריין, קעהרען אויס, מען ליינט אַ ברעט אָנשטאָט אַ טיש, מען פיהרט אַריין דעם וואַגען מיט די זאַכען און קינדער, מען לייגט אַ ווייסען טישטוך, מען צינדט אָן ליכט. אַ סך שטעדטעלדיגע ב"ב, ווייבער און קינדער קלייבען זיך צונויף. ביים ליכט-בענשען פון די ווייבער הערט זיך אַ יאָמערליבער געוויין, די שטעדטעלדיגע האַלטען אונטער... מען טראָגט אַריין אַ סאַמאָוואַר טיי, מען מאַכט איבער ברויט קידוש...

די שטעדטעל האָט דערווייל שוין געמאַכט אַן אסיפה אין הויז פון דער קרעדיט-געזעלשאַפט, וואו ס'איז שוין אויף דער גאַנצער צייט פערבליבען די אַזוי גערופענער שירווינטער קאָמיטעט. די בעפולמעכטיגטע פון ווילנא צוזאַמען מיט די שירווינטער בעלי-בתים טעלעפאָנירען אין ווילנא, אַז ס'איז אַ דוחק אין שפייז-פּראָדוקטען און אין פוהרען...

אין ווילנא האָט מען זיך גענומען צו דער אַרבייט. ס'זיינען תיכף געשאַפען געוואָרען גאַנצע קאַסטענס, זעק און פוהרען מיט עסענוואַרג, – און אַ גרופע פון אונזערע חברים, וועלכע זיינען געווען פריי (די איבעריגע זיינען אָבגעפאָהרען קיין ושאָסלע, סווענציאַן, סמארגאָן, נאָווא-ווילייסק: אייניגע האָבען געהאַלטען וואַך אויפ'ן באַהן און בעזאָרגט די נייע צוגען הייטלאָזע, וואָס פלעגען אָנקומען), האָבען זיך גענומען דאָס אַלץ צושטעלען קיין שירווינט.

אויפ'ן וועג – אין דאָרף קאַבאַק און אין מייסעגאָלע – איז אין יעדער הויז געשטאַנען אַ גרויסער סאַמאָוואַר טיי מיט געבעק. מען וואַרט אויף דורכפאָהרענדיגע הייסלאָוע. מען שפּאַנט אויס די פערד, מען גיט עסען, מען פיהרט אַריין אין די קרעטשמעס אָבּרוהען זיך. מיט איין וואָרט – פאַר'ן הוימלאָווען עפענט זיך אַ בילד, אַז ס'איז נאָך פאַרהאַן יודען אויף דער וועלט.

אונז אַליין איז מען אויך מכבד מיט טיי, ‫'מילך – מיר ווילען בעצאָהלען, מען נעהמט ניט, – זאָל דאס נעהן לטובת די הייסלאָוע. די מייסעגאלער האָבען זיך אַליין אויך בעשטייערט און האָבען אַרויסגעשיקט פוהרען קיין שירווינט...

אויף מארגען 8 אַ זייגער אין דער פריה זיינען מיר אָנגעקומען מיט אונזער גאַנצען „אבאָז" אין שירווינט. דעם גרעסטען טייל פוהרען מיט עסענוואַרג האבען מיר געלאזען אין שירווינט און די איבעריגע האבען מיר בעשטימט פאַר די שטעדטלעך, וואס פיהרען צו ווילקאָמיר און וואס זיינען איבערפולט מיט טויזענטער הייסלאָוע, אַרויסגעשיקטע ...

די חברים זיינען אַ טייל אָבגעפאהרען מיט די פוהרען צוריק קיין ווילנא און אַ טייל זיינען פערבליבען אין שירווינט. איינער פון אונז האָט דער שירווינטער קאָמיטעט אויסגעריכט מיט אַ פּאָר פוהרען עסענוואַרג אין די דערבייאיגע שטעדטלעך – שעסאָל, באגוסלאַווישעק, געלוואַן.

אומעטום דערזעלבער בילד, דיזעלבע גרויסע יודישע צרות. די קריסטען גיבען גאַנץ אָפען אָנצוהערעניס, אַז ניט לאַנג וועט מען אויך דאָ אין די שטעדטלעך לאָזען די זשידעס פערבלייבען ...

קומענדיג צוריק פון געלוואַן קיין שירווינט, האבען מיר שוין דאָרט געטראָפען די בעפולמעכטיגטע פון ווילנער קאָמיטעט, וועלכע זיינען געווען דעלעגירט מיט מעהר נייעם און ברייטערע אינסטרוקציעס. נאָך אונזער בעריכט זיינען זיי אָבגעפאהרען און די שטעדטלעך אויסצוגלייכען די חשבונות און געבען ווייטערדיגע הילף.

דערווייל האבען מיר אויפגעזאַמעלט אַלע שירווינטער יונגע לייט, פריילינס און בחורים, און געגרינדעט „אַ יונגענד-קאמיטעט". זיין עובדה איז בעשטאַנען אין שטעלען וואַכען אויף די עקען שטעדטעל, אבהיטען די אנקומענדיגע פוהרען און בעזארגען זיי מיט אַ מקום-מנוחה און עסען. ס'האט זיך אָבגערופען גאַנץ שירווינטער יוגענד און אַ סך פון דער הייסלאוער יוגענד. מען האט געאַרבייט טאָג און נאַכט.

## משיח'ס-צייטען אין שירווינט.

די שטעדטעל, וועלכע האָט איינינע וויאָרסט די לענג, איז געווען אויסגעלעגט מיט די מגורשים. און עס פלעגען צוקומען כסדר נייע. מען האט זיך גענומען ריכטען פון שירווינט גופא אויף אַ נירוש. מיר האבען זיך צוזאַמענגעקליבען ביי אונזער ב"ב ש., וועלכער האט געהאַט אַ טעלעפאָן מיט ווילנא. ביי ה' ש. האבען מיר זיך בכלל געפיהלט היימליך. דערצו פלעגען מיר זיך דאָרט דערוויסען „נייס", וואָס מען פלעגט אונז ברענגען פון איספראַווניק, פון פריסטאַוו. מיט וועלכע ה' ש. איז געווען בעקאַנט. צו אונזער אסיפה האָבען מיר איינגעלאַדען די שירווינטער בעלי-בתים. מיר האָבען געוואָלט בעקלערען די לאַגע, כדי גלייך נאָך יום-טוב אָנהויבען אַ גרויסע עוואַקואַציע קיין ווילנא.

- ערשט מיט אַמאל דער טעלעפאָן קלינגט. ה' מזא"ה, דער בעפולמעכטיגטער פון ווילנער קאָמיטעט, לויפט צו, אַלע יואַרטען מיט אומגעדולד, ה' מזא"ה ווערט צוטומעלט און שרייט: – וואָס העהר איך? ווער רעדט?... וואס? דער גירוש איז אָבגעשטעלט!? אַלע מעגען פאָהרען צוריק אַהיים?... מיר זיינען אויפגעשפרונגען פון די ערטער.

ה' מזא"ה פערכאַפּט זיך און שרייט צו אונז:

– פערשליסט די טיר און לאזט קיינעם ניט אַרויס אויפ'ן גאַס, ס'וועט ווערען אַ פּאַניקע!

איך האָב גלייך פערשלאָסען די טיר, אָבער איינער פון די שירווינטער בעלי־בתּים האָט זיך פאָרט ניט איינגעהאַלטען, האָט נעגעבען אַן עפען די פענסטער און איז פון איספּעט און שפרונג נעבליבען זיצען אין מיטען נאָס מיט קולות: „יודען, מזל־טוב! פאָהרט אַ היים!...

ס'פערשטעהט זיך, אַז איידער איך האָב געעפענט די טיר און אַרוים אויפ'ן גאַס, האָט שוין די גאַנץ שטעדטעל געקאָכט פון דער בשורה. מען האָט זיך גענומען קושען, ווייגען פון פרייד. פרויען האָבען נעקראָגען היסטעריקעס. איך בין געלאָפען אָנזאָגען די בשורה דעם רב פון שטעדטעל, אָבער ס'זיינען, קענטיג, געווען גרעסערע לאַפערס פון מיר, — און דעם רב, וועלכער וואוינט אין עק שטעדטעל און האָט געשלאָפען, האָט מען אַרויסגעפיהרט אַ האַלב נאַקעטען איפ'ן גאַס און געפיהרט צו אונז בעשטעטינען די בשורה טובה. ענדליך, האָבען מיר זיך אין מיטען שטעדטעל אויפגעטראָפען: ער מיט אַ עדה יודען פון אַ פאָר הונדערט מאַן און איך מיט אַ עדה יודען פון אַ פאָר הונדערט מאַן. און מיר האָבען זיך קוים צונעשטופּט איינער צום צווייטען.

איך זעה פאָר זיך אַ האַלב נאַקעטען מענשען אין אונטער־הויזען מיט אַ כאַלאַט און אַ יאַרמולקע. וואָס? פרענט ער, — וואָס פלוידערען זיי?

— ס'איז אמת רבי, זאָג איך, מזל־טוב. דער גירוש איז אָבגעשטעלט און אַלע מעגען פאָהרען צוריק אַ היים. אָקאָרשט איצט האָט מען דאָס אונז איבערגעגעבען דורכ'ן טעלעפאָן פון ווילנער קאָמיטעט.

— אוי! ...

און איך האָב בעמערקט, ווי ער האָט זיך אויסגעגלייכט, אַריינגענומען די שפּיץ גרויע באָרד אין מויל, אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל און האָט געזאָגט:

איצט האָב איך אַ השגה פון דעם, וואָס וועט שוין זיין, אַז משיח וועט קומען...

אַרום און אַרום זיינען די טויטע געוויכטער געוואָרען לעבעדיג, די איינגעבוינענע פּלייצעס האָבען זיך אויסגעגלייכט. אַ שמחה, אַ פרייד, משיח'ס צייטען ...

דער רושם אין שטעדטעל איז געווען אַ אוממעגליך הערליכער. אפילו קריסטען זיינען נתפּעל געוואָרען. דאָ ריכט מען זיך אויף אַ נייעם גירוש און — נאָר אַזאַ בשורה. דער פּריסטאַוו אַליין איז געקומען צולויפען און ניט געוואוסט וואָס צו טאָן, איך האָב נאָך ניט קיין אינסטרוקציעס, זאָגט ער. די בעפולמעכטיגטע פון ווילנער קאָמיטעט בעטען מען זאָל פריי מאַכען די נאָסען, מען זאָל ניט שטעהען אין רעדלעך, יעדערער זאָל געהן אויף זיין אָרט. דער פּריסטאַוו מעלדעט דאָס אַלעמען. אין דער הויך, און די נאָסען ווערען פריי. דער עולם געהט אַוועק אין בית־המדרש ...

דעם בית־מדרש און דעם שול־הויף האָבען פול געמאַכט היבשע עטליכע טויזענט יודען. מען האָט זיך גע'פילפּולט און פאָרט ניט געגלויבט אין דער בשורה. ס'איז געבליבען מען זאָל וואַרטען אויף מאָרגען...

פאַרנאַכט האָבען מיר ביי ה' ש. געמאַכט אַ צווייטע אסיפה צוזאַמען מיט די שירווינטער ב"ב פון קאָמיטעט, און אַנב די אסיפה פערוואַנדעלט אין אַ מזל־טוב. די שטעדטעלשע ב"ב האָבען געמאַכט אַ שיינעם בופעט מיט משקאות. ס'האָבען זיך בעטייליגט די בעפולמעכטיגטע פון ווילנער קאָמיטעט, דער מעדיציניסטער „אָטריאַד", וואָס איז געשיקט געוואָרען פון פּעטערבורג, אַ רייהע שירווינטער בעלי־בתּים. מען האָט געהאַלטען רעדעס, בעגריסונגען, מען האָט זיך משמח געווען. מען האָט אויך געשיקט ספּעציעלע שלוחים, רייטערס אין די שטעדטלעך אַרום שירווינדט, ווי שעסאָל, באָנוי־סלאַווישעק, געלוואַן אָנזאָגען די בשורה טובה. די אסיפה, אָדער דער מזל טוב, האָט זיך פערצויגען ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אויף מאָרגען פריה זיינען מיר אָבער געקומען אין אַ פערלעגענהייט. פון זעלבען ווילנער טעלעפאָן האָט מען אונז נעגעבען צו וויסען, אַז דער גירוש איז אָבגעשטעלט ביי

שווערע בעדינגונגען, דהיינו: יודען דאַרפען געבען ערבות-לייט, „זאַלאושניקעס", וועלבע דאַרפען טראָגען די אחריות פאַר אַלץ, וואס קאן פאָרקומען אין שטעדטל... און אַזאַ ערבות האט קיינער ניט געוואָלט און גיט געקאָנט נעהמען אויף זיך. דעם „ליבעראַלען" פאָרשלאָג פון די הויבע מיליטער-קרייזען האבען אַלע יודען תיכף מיט שרעק און צאָרן אָבגעוואָרפען. שפּעטער האָט די מאַכט אַליין אויסגעקליבען ערבות-לייט און זיי געבראַכט ווי פערברעכער קיין ווילנא...

ניט מעהר ווי איין טאָג שבועות 1915 האָבען געדויערט די משיח'ס צייטען...

פון די ישועות האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזען. מיר האבען זיך גלייך גענומען ווייטער פיהרען די אַרבייט. בעזארגענדיג די שטעדטעל מיט עסען, מעדיצינישער און יורידישער הילף (פון פעטערבורג זיינען דערצו אָנגעקומען ספּעציעלע אָבטיילונגען פון דער געזונטהייט-געזעלשאַפט), זיינען מיר נאך פערבליבען אַ קורצע צייט אין שירווינט. איבערלאָזענדיג די אַרבייט די פעטערבורגער „אָטריאַדען", וואס האבען זיך צושפּרייט איבער אַלע שטעדטלעך (בראש מיט'ן באַראָן גינצבורג, וועלבער איז אומעטום אַרומגעפאָהרען אַבטונג געבען), האָבען מיר פערלאָזען שירווינט און געקומען אין ווילנער קאָמיטעט

## אין ווילנער יודישען הילפס-קאָמיטעט.

די ערשטע אויפגאַבע איז איצט בעשטאַנען אין בעזאָרגען וועכענטליך טראַ... פאָרטען מיט ברויט, ווייל די שטעדטלעך גופא האבען זיך ניט געקאָנט „דערבאַקן".

די עוואַקואַציע אויף ווילנא איז צוגענאַנגען וועהר לאַנגזאַם. בכלל האָט מען זיך דאַן אָפּט גע'ישובט אין יודישען קאָמיטעט צו לווינט אָנזאַמלען אַזוי פיל היימלאָזע אין ווילנא. ס'איז זומער, די היימלאָזע זיינען פערשפּאַרט אין איינגע קלייזלעך און אַזוי גערופענע „אָבשטשעזשיטיעס", די קליין-שטעדטעלדיגע מענשען וועלען גאָרניט קענען אַריבערטראָגען אַזאַ אַטמאָספערע. פערקעהרט, אין די שטעדטלעך זיינען די בעדינגונגען געזינטערע און בעסערע, דערהויפּט פאַר די קינדער, איז זאָלען זיי דארט בלייבען.

לאַנג האָט דאס אָבער ניט געדויערט. איינמאָל ביי אַ בעזוך פון דעמאָלטיגען פאָרזיצענדער פון קאָמיטעט ה' אַדאָלף גאָרדאָן צוזאַמען מיט באַראָן גינצבורג'ן און אַנדערע ביים גובערנאַטאָר ווערעאָווקין'ן, וואוהין זיי זיינען געקומען משתדל זיין זיך וועגען הילף פאַר די היימלאָזע, האָבען זיי דערהערט אַזאַ מין תשובה: גוואַלט! וואָס האַלט איר אַזוי פיל היימלאָזע, אַרויסגעשיקטע, אַנטרונענע אין ווילנא און דער עיקר אין די שטעדטלעך? ס'איז מלחמה-צייט. די גאַנצע געגענדען זיינען פול מיט מיליטער, דערהויפּט מיט קאָזאַקען, ווער קאן ערב זיין וואס קאן פאָרקומען? בפרט, אַז די שטימונג ביי דער מיליטער איז ניט לטובת יודען... מיין עצה איז — שיקט זיי וואָס צום גיכסטען אַרויס. ס'איז רעכט, אַז מען זאָל דאַרפען ווילנא אַלס טיל-שטאָדט פערוואַנדלען אין לאַזאַרעטען, וואס וועט איר דאַן טאָן? פאָלגט מיר! איך וועל אייך געבען אומזיסטע צוגען און הויבט אָן פונאַנדערשיקען די היימלאָזע אין גאַנץ רוסלאַנד, דער עיקר אָבער אין די אָנגעצייבענטע ערטער פון דרום-קאַנט. איך בין פאַר קיין זאַך ניט ערב...

דעם גובערנאַטאָר'ס ווערטער צו דער דעפּוטאַציע האבען געווירקט. מען האָט געמאַכט אין קאָמיטעט אַן אסיפה צו איז טאַקע אַ פּלאַן צו האַלטען צעהנדליגער טויזענטער היימלאָזע, מגורשים, האַרט ביי די מלחמה-פלעצער. אגב האָבען זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען קלאַנגען וועגען דייטשע גרויסע נצחונות ביי קאָוונא, און דער קאָמיטעט האָט ענדליך פאָרט בעשלאָסען אָנהויבען אַ גרויסע מאַסען-עוואַקואַציע.

קודם כל האָט מען גענומען ריין מאַכען זשאָסלע, קאָוונער גובערניע. יעדע וואָך פלעגט מען אָבשיקען אַ צוג מיט 40 וואַגאָנעם היימלאָזע, מגורשים. יעדען צוג פלעגען מיר אין ווילנא בעגעגענען און בעזאָרגען מיט שפּייז און מיט מעדיצינישער הילף. מיט איינעם פון די פיל דורכגעפאָהרענע צוגען האָט אויף דער ווילנער מיליטער-פּלאַטפאָרמע פּאַסירט אַ אומגליק.

די זאַך איז פאָרגעקומען אַזוי: 9 אַזייגער אין אָוונט איז אָנגעקומען פון זשאָסלע אַ צוג פון 40 וואַגאָנעס פול נעפאַקט מיט הײמלאָזע, אַרויסגעשיקטע. איך מיט מײנע חברים האָבען איהם איבערגענומען און אָנגעהויבען בעזאָרגען אַלע וואַגאָנעס מיט עסען, טרינקען, כלים. נור מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שרעקליכער קלאַפּ, ווי פון אַ געוואַלטיגען אויפרייס. די וואַגאָנעס האבען גענומען אומלויפען פון זייערע ערטער. ס'האָבען זיך דערהערט קולות, געוויינען, היסטעריקעס, געשרייען נאָך הילף; ס'האָבען זיך בעוויזען פערוואונדעטע, בלוט. אַ קאַטאַסטראָפע. אונזער צוג האָט זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט אַ מיליטער-צוג פון סנאַריאַדען. איך האב איבערגעלאָזען די חברים געבען הילף אין די וואַגאָנעס און אויף די פלאַטפאָרמעס און אַליין בין איך געלאָפען זוכען דאָקטוירים און מיטגלידער פון קאָמיטעט. קודם כל האָב איך אַרויסגערופען דעם „פערעוויאַזאָטשנעם פונקט“ פון רויטען קרייץ, וועלכער האָט געאַרבייט אויפ'ן באַהן ביי די מיליטער=קראַנקע, האָב געשיקט רופען דעם פערסאָנאַל פון „משמרת חולים“ און פון יודישען שפּיטאָל; דערנאָך האב איך גענאַפּט אַ איזוואָזשטשיק און געלאָפען צו ד"ר שאַבאַד'ן, ביי וועלכען איך האב געטראָפען דעם וואַרשויער כירורג ד"ר סאָלאָוויטשיק, וואס איז געוועזן ביי איהם צו גאַסט. זעצענדיג זיך אַלע אויף איזוואָזשטשיקעס (צוזאַמען מיט אונז איז אויך געפאהרען ד"ר ראַבמילעוויץ), האט די ערשטע זאַך ד"ר שאַבאַד גענומען מיר בערוהיגען, ווייל איך בין געוועזן איבערגעשראָקען פון מײנע חברים, אַז ס'איז פאַרהאַן צעהנדליגער קרבנות. מיט גרויס מסירת נפש זיינען מיר אַלע געקראָכען דורך די רעלסעס, אונטער די וואַגאָנעס, ביז צו דער 15=טער ליניע, וואו מיר האבען דערגרייכט צו אונזער צוג. דאָ האָבען מיר שוין געטראָפען געבענדיג הילף אַלע אַרויסגערופענע מעדיצינישע פערסאָנאַלען, באַרמהערציגע שוועסטער, סאַניטאַרען. מען האט אויך גענעבען צו וויסען דעם קאָמענדאנט פון דער סטאַנציע און דער זשאַנדאַרמעריע, וועלכע זיינען געקומען מיט סאלדאַטען און פייער=לעשער צו לעשען און פערהיטען די וואַגאנעס פון אויפרייסען. ד"ר שאַבאַד און ד"ר ראַבמילעוויץ האבען אַ סך אויפגעטאָן. מיר האָבען געאַרבייט ביז שפּעט אין דער נאַכט. מען האט צונויפגעשטעלט געגויע פראָטאָקאָלען, מען האט אומגעביטען די וואַגאנעס און אויסגעפּועל'ט, אַז די הײמלאָזע זאלען גלייך קאָנען אָבפאָהרען. ס'האט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז על פּי גם זיינען גראד אין די ערשטע דריי וואַגאנעס צום לאָקאָמאָטיוו, וואס זיינען אינגאַנצען צושמעטערט געוואָרען, גים געווען קיין פּאַסאַזשירען. אין די איבעריגע איז די צאָהל פערוואונדעטע, צום גליק, אויך ניט געווען גרויס. מען איז אַבגעקומען מיט אַ צעהנדליג לייכט-פערוואונדעטע, זעהר אַ סך שרעק און – ענערגישער הילפס-אַרבייט.

גלייכצייטיג מיט זשאָסלע האט מען אויך עוואַקואירט די הײמלאזע, וואס האבען זיך אנגעזאַמעלט אין שירווינט, צוזאַמען מיט די „אטריאַדען“, מחמת קלאַנגען וועגען אַ בעפאָרשטעהענדען פּאגראָם און דער אָבטרעטונג פון דער אַרמיע פון ווילקאָמיר.

אַ סך הויכע געסט פלעגען דאַן און דעם גאַנצען משך צייט – פריהער און שפּעטער – בעזוכען ווילנא בכלל אַלס אַ צענטראַלען פונקט, וואָס איז נאָהנט צום מלחמה-פלאַץ, און דעם יודישען קאָמיטעט בפרט. צווישען די דאָזיגע געסט האבען זיך אגב געפונען דער דעפּוטאַט שינגאַריאָוו, וועלכער האט געהאַלטען אין ווילנא אַ לעקציע לטובת דעם ליטווישען קאמיטעט (ראדיטשעוו'ן, וועלכער האט געוואלט לייענען אין ווילנא לעקציעס לטובת די הײמלאָזע, האט מען קיין ערלויבניש ניט געגעבען), דער ליטווישער דעפּוטאַט איטשאַס און צום סוף – קערענסקי.

קערענסקי איז געקומען אין בעגלייטונג פון באַראָן גינצבורג און אייסוראָוויץ. זיי האָבען איהם אַרומגעפיהרט ווייזען אַ סך קאָמיטעטישע הײמען. אומעטום איז ער געבליבען צופרידען פון דער אָרדענונג און האָט וואַרים געדריקט די הענט פון די אויפזעהער איבער די הײמען. אַ בעזונדערס שטאַרקען רושם האָט אויף איהם געמאַכט דער

„שווייצער גאָרטען", וואו דער גאַנצער פריהערדיגער שאַנטאַן איז געווען פערנומען פון קאַמיטעט פאַר אַ היים. אין אַ בעזונדערער „קאַבינעטנער לאָזשע" האָט ער געפונען אַ יודענע פון אַ יאָר 80 אין ברילען ביי אַ סדור דאַווענדיג און איהר מאַן לערנענדיג ביי אַ ספר. אַז מען האָט איהם דערצעהלט ווער דאָ איז אַמאָל געווען, האָט ער געשמייכעלט.

דער עיקר האָט זיך קערענסקי נאָכגעפרעגט וועגען דעם, ווי אַזוי די רעגירונג און איהרע בעאַמטע בעהאַנדלען די היימלאָזע. מען האָט איהם אָנגעוויזען אויף אַ פער־באַנדאַזשירטען יודען, וואָס אַ ווילנער „אקאלדאָטשנער נאַדזיראַטעל" האָט איהם צושלאָגען פאַר עובר זיין עפּעס אַ תקנה. מען האָט איהם דערצעהלט נאָך איינינע פאַקטען. ער האָט דאָס אַלץ גענוי אויסגעפרעגט און פערצייכענט ביי זיך אין אַ בלאָקנאָט. ער האָט געקליבען מאַטעריאַל צו מאַכען אין דומע אַן אנפראַגע צו דער רעגירונג וועגען דער בעהאַנדלונג און בעציהונג צו די היימלאָזע.

קערענסקי האָט אויך בעזוכט די היימלאָזע אין זשאָסלע.

## אַ דעפּעש פון מינסקער קאָמיטעט.

אין אַ פּאָר וואָכען, ווי ס'האָט זיך געענדיגט דער קאָווגער גירוש, קומט אָן אין ווילנער יודישען קאָמיטעט פון מינסקער יודישען קאָמיטעט אַ דעפּעש. אַז מען זאָל מקבל זיין אַ צוג פון 800 היימלאָזע, וואָס פאָהרט אויף ווילנאַ. מען האָט ניט געקאָנט פערשטעהן, ווי קומט מינסקער יודישער קאָמיטעט צו שיקען אַזאַ דעפּעש. מיר זיינען אָבגעפאָהרען קיין נאָוואָ־ווילייסק בעגעגענען דעם צוג. נאָך אַ גאַנצער נאַכט וואַרטען איז ענדליך 6 אַ זייגער פאַרטאָג אָנגעקומען דער ערוואַרטעטער צוג. ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס זיינען מגורשים פון קאָוונער גובערניע, וואָס מען האָט אָבגעשיקט קיין פּאָלטאַווע, נור דאָרט האָט מען זיי ניט אַראָבגעלאָזען און מען האָט זיי אָבגעשיקט אין אַנדערע שטעדטלעך, אָבער אין ערגעץ האָט מען זיי ניט צוגענומען („אומעטום איז פול") און צום סוף האָט מען די משאַ אָבגעשיקט צוריק... שוין דריי וואָכען ווי זיי וואַלגערען זיך אין די וואַגאָנעס מיט קליינע עופעלעך, מיט אַלטע און קראַנקע מענשען...

מיר זיינען אַוועק אויפ'ן באַהן אין ערשטען קלאַס און געמאַכט אַ קליינע אסיפה צו בעקלערען די לאַגע. פון ווילנער קאָמיטעט זיינען דאָ געווען באַראָן גינצבורג, ש—ץ און מיטגלידער פון עוואַקואַציאָנס־קאָמיסיע. ש—ץ האָט פערטיידיגט דעם געדאַנק, אַז אין דעם פאַל דאַרף זיך דער יודישער קאָמיטעט אָבזאָגען וואָס ניט איז צו טאָן בנוגע צו עוואַקואַציע, ווייל דאָס וואָלט הייסען אַקצעפּטירען די מעשים פון דער רעגירונג און נויטיג איז באָטש אין אַ וועלכער ניט איז ממשות'דיגער פאָרם צו פּראָטעס־טירען קעגען די הפקרות פון דער מאַכט. דער קאָמיטעט וועט זיך בעציהען פּאַסיוו, זאָל די רעגירונג טאָן וואָס זי וויל. דער קאָמיטעט וועט נור זעהן צו בעזאָרגען די היימלאָזע מיט עסען און מעדיצינישער הילף; די עוואַקואַציע זאָל פיהרען די רעגירונג אַליין אָהן אונזער הילף... מען מוז ווייזען דער רעגירונג איהרע מעשים, — זאָלען אַלע זעהן... איך האָב אָנגעוויזען, אַז מיט דער רוסישער רעגירונג איז קיין פּאָליטיק ניטאָ וואָס צו פיהרען, מען וועט איהר שוין ניט איבערמאַכען... און דערווייל וועלען ליידען די 800 היימלאָזע, שוין וואָכען ווי זיי וואַלגערען זיך, ס'זיינען דאָ קראַנקע צווישען זיי. נור ס'איז פערבליבען ווי ש—ץ האָט געזאָגט. זיי האָבען זיך אָבגעזעגענט און איבערגעגעבען מיר די אינסטרוקציע צו בעזאָרגען די היימלאָזע מיט עסען, טרינקען, מעדיצינישער הילף, אָבער וואָס איז שייך וועגען אָבשיקען זיי, זאָל איך זיך נאָר ניט מישען.

דריי טעג זיינען די היימלאָזע אָבגעשטאַנען. מען האָט זיי אומגעפיהרט פון איין ליניע אויף דער צווייטער, ביז וואַנען מען האָט זיי אַרויפגעשטעלט אויף אַ מיליטערישער ליניע. דאָ האָבען זיי זיך גענומען שפּירען ניט נאָר בעקוועם... צוגען מיט מיליטער און פערוואונדעטע זיינען געפלויגען הין און צוריק, אַלע ווייל. און די יודען מיט די

פרויען און קינדער פלעגען אַרומקריכען צווישען די צוגען. די צוגען זיינען גראָד געווען מיט סיבירער סאָלדאַטען, דאָנער קאָזאַקען. זיי האָבען זיך געריצט: וואס איז דאָס פאַר אַ מין פּאַסאַזשירען? אַנדערע האָבען מיטלייד געהאַט, אַנדערע האָבען געשריען: שפּיאָנען. פאַר די דריי טעג, וואָס דער צוג איז געשטאַנען, איז אַן אַלטע יודענע צו-ריבען געוואָרען פון אַ שנעל-צוג און איינינע זיינען פערוואונדעט געוואָרען. די יודענע האָט מען מקבר געווען אין נאָוואָ-ווילייסק.

יעדען טאָג פלעגען קומען פון נאָוואָ-ווילייסק צופוס „דעפּוטאַציעס" פון די היימלאָזע אין יודישען קאָמיטעט און בעטען מען זאָל אויף זיי רחמנות האָבען. אַ ניט וועלען זיי אַליין געהן צום גובערנאַטאָר. דערווייל האט די מעשה מיט דער צוריבענער יודענע און די פערוואונדעטע געווירקט אויף די נאָוואָ-ווילייסקער באַהן-אַדמיניסטראַציע און זי האט דערלאַנגט דעם ווילנער גובערנאַטאָר אַ ראַפּארט, אַז שוין דריי טעג ווי עס שטעהט אַ צוג מיט 800 היימלאָזע יודען צוריק אויף קאָוונא, איז וואס זאל זי טאָן? דער גובערנאַטאָר האט געהייסען תיכף אָבשיקען דעם צוג ווידער אַמאָל קיין פּאָלטאַווע... מיר האָבען פון סיניי בעוואָרנט די היימלאָזע מיט עסענוואַרג און אַלערליי הילף און זיי אבגעלאזען אין ווייטען וועג אַריין.

## יודיש-פּוילישע היימלאָזע.

נעענדיגט די עוואַקואַציע פון קאָוונער און גראָדנער גובערניעס, האָבען מיר בע-קומען אַ נייע אויפנאַבע. ס'האט זיך אונז געגומען ווייזען אַ נייער מין היימלאָזע, פון צחיטען ביאַלאסטאק און וואַרשוי פון די שטעדטלעך מאַלקין, ציזשעוו, אסטראוו און פון נאָך אַ סך שטעדט און שטעדטלעך.

מיינע חברים פון באַהן, די יודישע סאַניטאַרען, האָבען יעדען צוג נוט אויפגע-פאַסט. דערהויפּט פלעגען די צוגען אָנקומען שפּעט ביי נאַכט. מיר האָבען פאַר אונזערע הילפס-אָבטיילונגען פערנומען די גאַסט-הייזער ביים באַהן. ניט אַלע האָבען גענומען געלט. ניט ווייט פון באַהן האָבען מיר געקראָגען אַ בעזונדערע הויז אויפ'ן הויף, וואו מיר האבען געהאַלטען צוגעגרייט שפּייז, טיי, צוקער, ברויט און אַלע כלים, וואָס זיינען נויטיג אום צו בעזאָרגען צוגען היימלאָזע. ווי לייטערס צו די טרעפּ פון די טאָוואַרנע וואַגאָנעס פאַר פרויען און קינדער, עמערס אויף וואַסער, ליכט מיט לאַמטערנעס, קוביקעס, שיסלעך, לעפעל. פון „קאָמערץ-האָטעל" האָט מען פאַר אונז פריי געמאַכט דעם טעלעפאָן, בעזונדערע אָבטיילונגען האָבען מיר געהאַט אין גאַסטהויז „ראָסיא" און אונזער הויפּט-קוואַרטיר איז געווען אין גאַסטהויז „אַנגליא". מיר פלעגען אַרבייטען שפּעט ביי נאַכט. ס'פלעגט טרעפען, אַז אינמיטען נאַכט פלעגט אויסקומען צו קריגען פרישע ברויט, צוקער, ווייל ס'פלעגט אויספעהלען. אַלס סאַניטאַרען האָבען מיר געהאַט שיינע פריי צו געהן גאַנצע נעכט.

איינמאָל אַ פרייטאָנדיגען זומער-טאָג האָבען מיר זיך דערוואוסט, אַז אין לאַנד-ווארַאווא שטעהט אַ גאַנצען טאג אַ צוג מיט יודיש-פּוילישע היימלאָזע פון ציזש און אָסטראָוו. זיי ווילען עסען און אין שטעדטעל איז קיין זאַך ניטאָ צו קריגען, ווייל די איינוואוינער זיינען מחמת די לעצטע צעפּעלין-אָנפאַלען זיך צולאָפען קיין ווילנא. מען האָט מיר דערלעגירט זעהן וואָס דאָרט טוט זיך. קיין עסען האָב איך פון ווילנא ניט געקאָנט · דערווייזען אָבצושיקען, ווייל די צוגען זיינען געגאַנגען ניט נאָרמאַל און מיט פוהרען איז שוין געווען שפּעט; מען האָט זיך גערינכט, אַז דער צוג דאַרף באַלד אָבגעהן. איך בין אַראָבגעפאָהרען מיט מזומן געלד, אפשר וועט זיך וואָס פאָרט איינגעבען איינצוקויפען.

קומענדיג פרייטאָג 9 אַ זייגער אין אָוענט האָב איך געפונען די פּלאַטפאָרמע פינסטער און איינזאַם אָהן פּאַסאַזשירען. אויף מיין פראַגע ביים וועכטער וואו זיינען דאָ יודען, האָט ער זיך שטאַרק אויסגעלאַכט. ניט אַזוי יודען, אפילו קריסטען זיינען זיך

איך צולאָפּען. ווער וויל דאס ריזיקירען מיט׳ן לעבען? איהר ווייסט ניט וואָס טוט זיך אַלע טאָג מיט די אַעראָפּלאַנען... ס׳זיינען פערבליבען עפּעס. עטליכע מענשען, ליגען ווי אין די קעלערס...

קוים מיט מאַטערניש בין איך סוף כל סוף דערגאַנגען ביי די סאָלדאַטען, וואָס זיינען געשטאַנען אויף שמירה, אַז אויף די לעצטע ליניעס שטעהט אַ צוג מיט הײמלאָזע פון פריה-מאָרגען אָן; און אויב איך בין פון „קאָמיטעט" זאָל איך זעהן זיי זאָלען זיך ניט ארומדרעהען אויף דער ערד, ווייל ס׳איז פאַרהאַן פון רוזישאָק אַ דעפּעש, אַז ס׳נעהט אַ צעפּעלין.

איך בין גלייך אַוועק צו דער ליניע און האָב אויסגעפונען די הײמלאָזע. עסען! האָבען זיי גענומען רופען. אויף גיך אין די וואַגאָנעס! האָב איך אַ געשריי געטאָן, דער צוג געהט באַלד אָב אויף ווילנא, און דאָרטען וועט איר קריגען עסען. איך אַליין בין געלאָפען צוריק אויפ׳ן באַהן. דערווייל איז דורכגעפלויגען דער אַעראָפּלאַן, און אַ ווײלע אַרום האָט זיך דערהערט 5 קלעפּ צו ווילנער וואקזאַל; דאָס איז געווען דער בעוואוסטער אָנפאַל מיט קרבנות אויף יענער זייט באַהן צו שקלאַפּיערנע. אין אַ מינוט 20 אַרום איז ער דורכגעפליגען צוריק, ניט בעריהרענדיג לאַנדווערַאווא. איך בין אַוועק און אַרויסגערופען די הײמלאָזע און זיי דערצעהלט וואָס דאָ האָט פּאַסירט. זיי זיינען געווען זעהר דאַנקבאַר. איך האב זיי אויך ערקלערט פאַר וואָס דאָ איז קיין עסען ניטאָ. איך האָב זיך געזעצט מיט זיי אין צוג און געקומען קיין ווילנא שבת 5 אַ זייגער פאַרטאָג. דער קאָמיטעט איז געווען געשלאָסען. אויפ׳ן וואָך האָב איך אָבער געפונען מיינע חברים. דורכ׳ן טעלעפאָן האָבען מיר אַרויסגערופען די איבעריגע און אויך באַראָן גינצבורג׳ן, וועלכער איז אַײנגעשטאַנען אין האָטעל „בריסטאָל". ער איז גלייך געקומען און האָט דורכ׳ן טעלעפאָן אַרויסגערופען דעם פּעטערבורגער מעדיציניש׳ען „אָטריאַד" פון „פּאַלאַס-האָטעל". אין די פאָר שעה, וואס דער צוג איז געשטאַנען אין ווילנא, האָט זיך אויפ׳ן בעסטען אופן אַײנגעגעבען צו בעזאָרגען די 35 וואַגאָנעס הײמלאָזע מיט עסען, טרינקען און הילף.

## קריסטליכע הײמלאָזע.

דעמזעלבען שבת האָב איך געהאַט נאָך אַ וויכטיגע נסיעה. דער גראַף פון דאָרף סנדערווע, אַרום מייסעגאָלע, האָט געמעלדעט אין יודישען קאָמיטעט, אַז דער גאַנצער דאָרף איז פול מיט הײמלאָזע, אַרויסגעשיקטע, זיי בעטען עסען. מען האָט מיר טעלעפאָנירט אין „אנגליא", וואו איך בין געשלאָפען פון דער לעצטער אַרבייט. איך בין גלייך געקומען מיט איינינע חברים און מיר האָבען געמאַכט צוויי פוהרען ברויט, צוקער, טיי און אַפּטעקנעשיקט. איך מיט אַ חבר זיינען דערנאָך אונטערגעפאָהרען אויף אַ איזוואָזשטשיק, מיר זיינען אָנגעקומען פריהער פאַר די צוויי פוהרען שפּייז. ס׳איז שוין געווען 11 אַזייגער אין אָוונט. מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי אַ יודישער קרעטשמע. דערווייל זיינען אָנגעקומען די צוויי פוהרען שפּייז. פאַרטאָג זיינען מיר אַוועק צו די הײמלאָזע און צו אונזער בעוואונדערונג האָבען מיר אָנשטאָט יודישע הײמלאָזע דערזעהן ליטווישע, פּוילישע, רוסישע, — קיין איין יוד ניט געווען. מיר האָבען זיי צוטיילט די גאַנצע שפּייז און זיי געבראַכט קיין ווילנא אין ליטווישען און פּוילישען קאָמיטעט.

## די עוואַקואַציע פון ווילנער גובערניע.

סוף זומער 1915, ווען ס׳זיינען שוין קלאָר געוואָרען די גרויסע דייטשע נצחונות און אַלע האָבען געוואוסט, אַז ווילנא וועט זיך לאַנג ניט קאָנען האַלטען. האָט די רעגירונג די ערשטע זאַך גענומען עוואַקואירען די שטעדטלעך פון טראָקער פּעסטונגס-ראַיאָן, אין ווילנא זיינען דאַן דורכגעפאָהרען אַ סך צוגען מיט געמישטע הײמלאָזע, יודען מיט קריסטען. די שפּייז-פּראָדוקטען פון ווילנער יודיש׳ען קאָמיטעט האָבען מיר געטיילט

אַלעמען גלייך, סיי יודען סיי קריסטען. און אָפטמאָל זיינען דאָס געווען דיזעלבע קריסטען, וואָס האָבען שבועות חוזק געמאַכט פון די יודישע מגורשים און היימלאָזע. איצט איז זיי אַליין אויסגעקומען מקבל צו זיין פון יודישען קאָמיטעט שפּייז. בעזונדערס האַט דאס געמאַכט אַ גרויסען רושם אויף אונזערע רוסישע חברים־סאַניטאַרען. און זיי האָבען זיך אויך בעטיילינט אין פונאַנדערגעבען די יודישע מתנות סיי יודען סיי קריסטען. געזעסען זיינען פונדעסטוועגען די יודען אין בעזונדערע וואַגאָנעס. פון איינינע אינטעליגענטערע קריסטען איז מיר אויסגעקומען צו הערען, אַז דאָ אין ווילנא גיבען אונז יודען עסען, דערפאַר אין טיף רוסלאַנד, וואו מיר פאָהרען צוזאַמען מיט די יודען, וועלען מיר דאס דארט דערצעהלען אין די רוסישע קאָמיטעטען. נאך בעסער האבען אונזערע חברים אויפגענומען די היימלאָזע יודען און קריסטען אין נאָוואָ־ווילייסק. די קריסטען, סיי די פערוואונדעטע סאָלדאַטען און סיי די היימלאָזע, האבען געווים אַוועקגעטראגען מיט זיך אין טיף רוסלאַנד גוטע מיינונגען וועגען יודישער בעהאַנדלונג און וועגען דער איבערגעגעבענער, הומאַנער אַרבייט פון יודישען קאָמיטעט. ניט ערגער האָבען מיר זיך בעצויגען צו די דורכגעפאָהרענע פּאַרטיעס היימלאָזע, אַרויסגעשיקטע דייטשע קאָלאָניסטען. חוץ עסען האָבען מיר זיי נאָך געגעבען יורידישע הילף און האָבען פאַר זיי געשריבען „פּראָשעניעס" צום גובערנאַטאָר, זיי זיינען געווען זעהר עלענד.

## די עוואַקואַציע פון ווילנא.

שוין לאַנג זיינען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז מיט ווילנא איז ניט פרעהליך. נור אַז דער עולם האָט אַליין דערזעהן, ווי מען נעהמט אַרונטער פון אַלע קלויסטערס די גלאָקען און ווי ס'איז אַרויס אַ בעפעהל צו עוואַקואירען אַלע רעגירונגס־און פּריוואַט־אַנשטאַלטען, איז געפאַלען אַ אומעט, אַ אימה אויף דער שטאָדט. יעדערער האָט זיך גערירבט, אַז גלאַטיג וועט אַזאַ זאַך ניט אַראָב. אגב פלעגט זיך וואָס אַ טאָג אַלץ דייטליכער הערען די קאַנאָנאַדע אַרום סוועגצאַנע. אעראָפּלאַנען האָבען אָפטער גענומען בעזוכען די שטאָדט און מכבד זיין מיט וואָס אויך. ווער ס'האָט נור געקאָנט און איז געווען אימשטאַנד, האָט זיך גענומען פּאַקען און ווען. פון די פאָרשטעדטלעך האָט מען זיך מאַסענווייז געקליבען אין שטאָדט אריין.

מיר האָבען געמאַכט אַ בעראַטונג פון אַלע ווילנער סאַניטאַרען און האָבען בעשלאָסען פון איצט אָן פעראייניגען ביידע אַבטיילונגען אונזערע: סיי די, וואָס אַרבייט ביים קאָמיטעט אונטער'ן נאָמען „פליה־אַבטיילונג", סיי די „סאַניטאַר־אַבטיילונג". גראַד איז דאַן געווען זעהר אַ סך אַרבייט אַרום די פערוואונדעטע. די אַלע אַלטע לאַזאַרעטען זיינען פון ווילנא עוואַקואירט געוואָרען, אָבער ס'זיינען אריינגעפאָהרען די פעלד־לאַזאַרעטען און דער „גאָלאָוונאי עוואַקואַציאָנני פּונקט", אַנשטאַט דעם פריהערדיגען „טילאָוואָי". איצט האָט מען שוין געבראַכט פערוואונדעטע גלייך פון די פּאָזיציעס, אָפט נאָך ניט קיין פערבאַנדאַזשירטע. די שלאַכטען זיינען געגאַנגען בסך־הכל 15 ווערסט פון ווילנע. מיר האָבען בעשלאָסען ניט לאָזען זיך צופאַלען די דרוזשינע (דער פּאַרזיצענדער פון די סאַניטאַרען ה' יאָסיף קאַראַלעץ האָט זיך ענטזאָגט), הגם אַרבייטען אויפ'ן באַהן איז געוואָרען זעהר געפעהרליך; יעדע נאַכט פלעגט פלוצלונג ווערען פינסטער און מען פלעגט ניט טאָרען איבעררייסען די אַרבייט ביי די פערוואונדעטע. מיר האָבען איבערגענומען די דרוזשינע אין איינענע הענט, — און מיר האָבען זיך צוטיילט די אַרבייט סיי פאַר'ן קאָמיטעט און סיי פאַר די פערוואונדעטע. מיר האָבען אויך בעשלאָסען צו העלפען דעם „זעמסקי סאָיוז", וועלכער האָט דאַן געעפענט אין ווילנא אַ פונקט פון וואַרימע שפּייז פאַר די דורכפאָהרענדע היימלאָזע. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר האָבען געפיהרט אַ יודישע ממשלה, זיינען די קריסטען אויך פערבליבען ביי אונז.

ארבייט איז דאַן געווען אַזוי פיל, אַז מיר זיינען געוואָרען די פּ אַקטישע ב"ב

פון די ווילנער מיליטער-פּלאַטפּאָרמעס און פון באַהן און איך אַזאַ אופן האָבען מיר זעהר אַ סך נעקאָנט העלפען די הײמלאָזע און בפרט די פון זײ, וואס האבען געוואָלט פערבלײבען אין ווילנא. דער באַהן האט זיך דאַן געפונען אין אַ „דיקטאַטור-צושטאַנד". פריש-אָנגעקומענע, ניט קײן ווילנער, פלעגט מען אין שטאָדט ניט אַרײנלאָזען, מען האָט בעדאַרפט האָבען ווילנער פּעסער. אָפּט פלעגט אָבער העלפען אַנוער אַ רעקאָמענדאַציע, דערהויפּט פון קאָמיטעט.

די עוואַקואַציע פון ווילנא איז געווען אין פולען גאַנג. רײכע, פערמעגליכע פלעגען זיך ווי ס'איז אַרויסכאַפּען, — ניט אײן הונדערטער האָט זײ דאס אבגעקאָסט. דער באַהן האָט אויסגעוויזען ווי אַ גרויסער שפײכלער פערשטעלט מיט קאַסטענס, פּעק, בעטען, מאַטראַצען, קערב; איבער דאס אַלץ זײנען געקראָכען מענשען. גאַנצע צוגען פאַר די הײמלאָזע איז שוין ניט געווען מעגליך צו בעקומען. און די הײמלאָזע האָבען זיך געריסען אַוועקצופאַהרען. דער קאָמיטעט האָט בעשלאָסען צו שיקען וויפיל ס'איז נור מעגליך, און יעדען טאָג פלעגט זיך אײנגעבען אָבצושיקען אַ פּאַרטיע פון 30 און 50 פּערזאָן. דאָס פלעגט קאָסטען די גרעסטע שווירינקײטען, גבירים און סוחרים פלעגען זיך ניט קאָנען דערשלאָגען צו אַ בילעט, בפרט פאַר הײמלאָזע. און אַלע זײנען געפאָהרען אויף מינסקער, דווינסקער און פּאָליעסער וועג. די צוגען פלעגען אָבגעהן 12 און 2 אַ זײגער בײַ נאַכט, און אונזערע סאַניטאַרען (דערהויפּט שילער אין פּאָרמעס) פלעגען דאַרפען קרינען בילעטען, שלעפּען די פּעק פון די הײמלאָזע, טראָגען זײערע קלײנע קינדערלעך שוין שלאָפעדיגע אויף די הענט צו די וואַגאָנעס, אויסקעמפען פאַר זײ אַ שטיקעל פּלאַץ דאָרט...

די לעצטע צײט פאַר דער רוסישער אָבטרעטונג פון ווילנא האָט די בעוועגונג פאַר פּאַסאַזשירען אויפ'ן ווילנער וואָקזאַל לחלוטין אויפגעהערט און אַלץ האָט זיך אַריבערגעטראָגען אין נאָווא-ווילײסק. עס פלעגט געהן בלויז אײן מאָל אין מעת-לעת אַ שנעל-צוג אויף פּעטערבורג, דאַן זײנען אָבגעפאָהרען קײן פּעטערבורג נאָך געלט בארָאָן גינצבורג, אײסוראָוויץ און צוזאַמען מיט זײ האָבען זיך עוואַקואירט די פּעטערבורגער „אָסריאַדען". ס'זײנען דאַן אויך אָבגעפאָהרען אַ סך מיטגלידער פון קאָמיטעט, אפילו פון דער עוואַקואַציאָנס-קאָמיסיע. דאס איז אנגעקומען מיט גרויס מאַטערניש. קרינען אַ בילעט איז געווען פשוט מסירת נפש. אונזער גאַנצע אַרבײט האָט זיך אויף אַזאַ אופן אַריבערגעטראָגען קײן נאָווא-ווילײסק און די עוואַקואַציע פון די הײמלאָזע, וואס מען פלעגט צושיקען פון ווילנא, איז שוין געפיהרט געוואָרען פון דאָרט אויף וויפיל ס'איז געווען מעגליך. עס פלעגט דויערען אַ פּאָר טעג אײדער עס פלעגט זיך אײנגעבען אַרײנצוכאַפּען אין וואַגאָן אַ לעבעדיגער. בײַ אַ סך פלעגען אויסגעהן די בילעטען וואַרטענדיג. איך געדענק, אַז אײנע פון די לעצטע גרופּעס, וואס אונז האָט זיך אײנגעגעבען אָבצושיקען, איז געווען אַ פּאַרטיע פון אַ מאַן 30 דערהויפּט הײמלאָזע רבנים מיט אַ סך באַגאַזש און קלײנע קינדער. זײער באַגאַזש האָט מען ניט צוגענומען, נור פאַר זײ גופא האָט זיך אײנגעגעבען צו קרינען אַ ספּעציעלען וואַגאָן (דאָס האט געקאסט אַ פּאָר הונדערט רובל) און זײ זײנען אָבגעפאָהרען. איך האָב געוואָלט פערהיטען כּבוד הרבנים.

די לעצטע טעג איז אויך אַרויסגעפאָהרען פון ווילנא די פּאָסט און די שטאָדט איז פערבליבען אָהן יעדער פערבינדונג סײ דורך בריוו און סײ דורך טעלעגראַמעס. זעהר שטאַרק האָט פון דעם געליטען דער קאָמיטעט. דאַן האָבען מיר פון אונזערע חברים אָרגאַניזירט אַ פליה-פּאָסט-אָבטײלונג, וועלכע פלעגט בעזאָרגען די קאָרעספּאָנ-דענץ דורך נאָווא-ווילײסק, וואו די פּאָסט און דער טעלעגראַף האָבען נאָך פונקציאָנירט.

אַ ספּעציעלע אַרבײט האָבען מיר אויך געהאַט בײַ דער עוואַקואַציע (דורך נאָווא-ווילײסק) פון די פאַמיליעס פון די זאַפּאַסנע סאָלדאַטען, וואס דער ווילנער גובערנאַטאָר האט זײ אַרויסגעגעבען אומזיסטע רײזע-בילעטען אַרויסצופאָהרען וואוהין זײ

ווילען. נאַטירליך האט דער קאמיטעט אַ סך אין דעם מיטגעהאָלפען און פלעגט זיי מיטגעבען צדה לדרך.

אין שטאָדט איז וואָס פון טאָג געוואָרען טומעלדיגער און אונרוהיגער. פלוצלונג איז פון שטאָדט צוזאַמען מיט די אַרויסגעפאָהרענע ביינק פערשוואונדען געוואָרען די קליין-געלט. און די גאַנצע שטאָדט איז גראָד פול געווען מיט מיליטער, וועלכע פלעגט ניט וועלען וויסען פון די „אַלע קונצען". אויף די גאַסען האָבען זיך בעוויזען אָפיציעלע הודעות, וואָס מען האָט געמאָן מיט יענעם און יענעם יודען פאַר בעהאַלטען די קליין-געלט... אַזוי האט שוין אויך דער קריסטליבער פינסטערער עולם געמורמעלט, אַז דאס זיינען בלויז „זשידאָווסקע שטיק". עס פלעגען אויף דעם באָדען פארקומען עקסצעסען, דערהויפט אויף די מערק און אין די פאָרשטעדטלעך. אַ סך יודען האבען געפרובט נאר שליסען די געשעפטען, האט פאָליציע זיי געצווינגט צוריק צו עפענען און צו לייזען. און אַלע פלעגען געבען גרויסע געלטער און פאדערען רעשטע, און מאַכען סקאַנדאַלען. ס'איז אויך אַוועק אַ דעפּוטאַציע צום גובערנאַטאָר, אבער ס'האט גארניט געהאָלפען. דער דאָזיגער פּעריאָד פון „קליין-געלט" האט געקאסט דער יודישער בעפעלקערונג ניט איין קרבן.

## דער נייער קאָמיטעט.

צוזאַמען מיט אַלע ניט יודישע און יודישע געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען, וואס האבען זיך עוואַקואירט, האט זיך אנגעהויבען קלייבען אין היעג אויך דער יודישער הילפס-קאָמיטעט, דער „אַלטער". און ס'זיינען אנגעקומען נייע מענשען, ווי ד״ר אָלשוואַנגער, יוסף איזביצקי און נאך אייניגע. אַרבייט איז געווען אַ סך. ס'האָבען גענומען גיהן אויף ווילנא נייע פּאַרטיעס הייםלאזע, גאַנצע שטעדטלעך — פּאָדבּרעזע, מאַליאַט, אינטורעק, יאַנושאַק, געדרעוויץ, נעמעטשין, אַלץ פון דער ליניע. וואו די מיליטער האט זיך גערוקט צום דווינסקער פראָנט. אַרום יענע שטעדטלעך האבען זיך גענומען צושפּילען מלחמה-בילדער. אייניגע שטעדטלעך זיינען טאַקע חרוב געווארען, ווי נעדראַוויץ, פאדברעזע, נעמענטשין.

אין דערזעלבער צייט, וואס איין אַרמיע איז געגאַנגען אויף דווינסק, איז אַ צווייטע אַרמיע געגאַנגען אויף לידע. מען האט זיך גענומען פּאַקען און לויפען פון אַלע שטעדטלעך 12 מייל אויף 12 מייל אַרום ווילנא פון אַלע קאַנטען. מען איז געלאָפען פון אראַן, מערעטש, אלקעניק, רודישאַק, האנעשושאַק, בוטרימאַנין, דוינ — אויף פּאַליעסער וועג, אויף איישישאַק, ראַדין צו לידע. צו זיי זיינען צוגעקומען נאך אַ רייהע שטעדטלעך ווי יאשון, בעניאַקאַן, וואראנאווע, ווי אויך וואַסילישאַק, איוויע, באַקשט, קאַלעלישאַק, דעווענישאַק. און צו אשמענע-צו שטעדטלעך — אלשאַן, טראַב, ווישנעווע. אַ פּאַניק האט אויך אַרומגענומען די שטעדטלעך פון לידע צו באַראַנאַוויטש, ווי קאַרעליטש, נאוואַגרודאק, מוש. מען איז אויך געלאָפען פון די אַלע שטעדטלעך אַרום סמארגאַן, ווי נאַווא-ווילייסק, קענע, גודאגאַי, סאל, סוויר, מיכאַלישאַק, ווארניאַן, אסטראָוועץ, מיאַדעל. די מהומה האט זיך פערשפּרייט אויף אַ גרויסען שטח צווישען וואַרשעווער און פּאַליעסער וועג און אויף מינסקער וועג. מען דאַרף נאך וויסען, אַז אין אַ סך פון די דאָזיגע שטעדט און שטעדטלעך זיינען געווען פון פריהער פיל הייםלאזע, דערהויפּט פון קאוונער, קורלענדער און סובאַלקער גובערניעס, וואס ווילנער און פּעטערבורגער קאמיטעטען פלעגען זיי אונטערשטיצען. אַ רייהע שטעדטלעך האבען אויך געהאט אייגענע קאמיטעטען, וואס פלעגען זאמלען געלד און שטיצען די הייםלאזע. און אַט האבען די אלע שטעדטלעך זיך אליין גענומען ריהרען און ווערען הייםלאזע. בלייבען איז פאר זיי געווארען דאן אונמעגליך. מען האט זיך גענוג אנגעהערט ווילדע מעשיות, און איין שטעדטל האט געווארפען אַ אימה אויף צעהנדליגער שטעדטלעך. אגב האבען זיך שוין אין אַ סך שטעדטלעך גענומען קלאר הערען די אבקלאנגען פון

דער שיסעריין; אַרום פיל שטעדטלעך האט מען גענומען גראבען אָקאָפּעכ; מען האָט געעפענט פעלד-לאַזאַרעטען; ס'זיינען אַריינגעפאהרען שטאַבען פון פאָלקען און דיוויזיעס. אויף די נאַסען האָט מען אויסגעקלעפּט הודעות, אַז דער שונא געהט, אַז מען זאָל אַליין אַרויספאָהרען און מיטנעהמען וואָס מעגליך...

דעם נייעם קאָמיטעט איז פאָרגעשטאַנען אַ גרויסע אַרבייט.

## דער זעמסקי סאָיוז.

אייסוראָוויץ האָט בעקומען אַ פאָרשלאָג פון פאָרשטעהער פון זעמסקי סאָיוז אין ווילנא, אַז דער סאָיוז איז גרייט צו נעמען איף זיך די הילף פאַר די יודישע היימלאָזע פון ווילנא. פון מינסק וועלען אַראָבפאָהרען קיין ווילנא 100 רוסישע באַרמהערציגע שוועסטער, וואָס וועלען זיך פערנעהמען מיט שפייזען די היימלאָזע, חוץ דעם בעטער, מען זאָל איהם אָנווייזען אין וועלבע פונקטען פון שטאָדט זאָל מען עפענען נאָסעןקיכען אויפ'ן חשבון פון סאָיוז. דערווייל האָט דער פארשטעהער פון סאָיוז פאָרנעלייגט מען זאָל נעהמען מעהל ווייצענע, קאָרענע, פערשיידענע גרויפּענס, צוקער, טיי, כובאַרעס, אויך מזומן געלט...

מען האט געמאַכט אַן אסיפה פון קאָמיטעט, אין וועלכער ס'האָבען זיך בעטיילינט באַראן גינצבורג, אייסוראאוויץ, ד"ר וויגאָדסקי, אַדוואָקאַט ראָזענבוים, ד"ר שאַבאַד, ד"ר אָלשוואַנגער, באָלאָטין, געלער. ל. יפה, פאָרשטעהער פון אַלע קאָמיסיעס, צוואַמען אַ מאַן 30. אייסוראָוויץ האָט אָבגעגעבען אַ בעריכט וועגען זיינע פערהאַנדלונגען מיט'ן פאָרשטעהער פון סאָיוז און האט פאָרגעלייגט גלייך אָנצונעהמען די אַלע מתנות. גור איינינע מיטגלידער זיינען שאַרף אַרויסגעטראטען קעגען, אויפווייזענדיג, אַז אין אַזאַ היסטאָרישען מאָמענט דאַרף מען מעהר ווי אַלע מאָל אָבהיטען דעם כבוד פון די יודען; וואו זיינען "ויי" געווען שבועות 1915, ווען יודישע בלוט האָט זיך געגאָסען ווי וואַסער? גואָס טוען "ויי" איצט מעגליך אָפּ מיט אונז יודען? ניין! דאַרפען מיר זיי זאָגען, מיר ווילען פון אייך קיין ברויט גיט נעהמען... פאַר מתנות ווילען מיר זיך דער רוסישער רעגירונג ניט פערקויפען. די איבעריגע מיטגלידער פון דער אסיפה האָבען אויפגעוויזען, אַז אין שטאָדט זיינען שוין פאַרהאַן פעררעניסטרירטע און ניט פעררעניסטרירטע פערצ׳ג, טויזענט היימלאָזע און טויזענטער קלייבען זיך צו קומען קיין ווילנא,– איז וואו וועט געהמען פאַר זיי עסען? דער קאָמיטעט האָט געלט-מיטלען קוים אויף צעהן טעג. און בכלל ווי קאָן מען זיך אין אַזאַ עת צרה אָבזאָגען פון אַזאַ מתנה, דאָס איז דאָך טייערער פון געלט. און וואס הייסט עס די "רוסישע רעגירונג"? מיר האָבען צו טאָן ניט מיט דער רוסישער רעגירונג, נור מיט דעם רוסישען פאָלק, און דער זעמסקי סאָיוז איז דאָך געווים ניט קיין וועלכע ניט איז אַנטיסעמיטישע חברה... צו וואָס זאָלען מיר זיך גריבלען אין דעם, וואָס פאַר אַ מחשבות דער סאָיוז האט אין געבען די מתנות מיט'ן הסכם פון דער אינטענדאַנטור...

ס'איז געבליבען, אַז די מתנה זאָל מען נעהמען.

## פון די לעצטע טעג.

פון די לעצטע אַרבייטען, וועלכע מיר האָבען געהאַט, איז געווען איינע פון די שווערסטע די עוואַקואַציע פון אָלקעניק און די קאָלאָניעס אַרום אָלקעניק (וואו די מיליטער האָט אָבגעטאָן אבזוריות, געשענדעט פרויען און מיידלעך) און די 80 משוגעים, וואָס האָבען זיך דאָרט אויפגעהאַלטען. וועגען דעם וואָלט מען געדאַרפט גאָר אַ סך שרייבען.

קומענדיג פון מיין אָלקעניקער רייזע האָב איך אָבגעגעבען אַ בעריכט וועגען דער אַרבייט דעם קאָמיטעט און האָב געבעטען אַסיגנירען די נויטיגע מיטלען. מען האָט מיר אָבגעשיקט צו ד"ר שאַבאַד.

ד"ר שאַבאַד איז גראָד דאַן געווען געקומען פון מינסק מיט 50000 רובל געלד פאַר דעם היגען קאָמיטעט, צו האָבען וואָס פונאַנדערצוטיילען אויף די לעצטע טעג.

די געלט האָט מען געשיקט פון פעטערבורג קיין מינסק, ווייל קיין ווילנא איז שוין געווען צו ריזיקאַליש. ביי ד"ר שאַבאַד'ן האָב איך געטראָפען זיין פריינד און מיטגליד פון קאָמיטעט ד"ר ראַבמילעוויץ. ד"ר שאַבאַד, וואָס איהם איז זעהר שווער אָנגעקומען איידער ער האָט געקראַגען די געלט "דורך" מינסק (ריזיקירענדיג, ערשטענס, אַליין דאָרט צו פערבלייבען, צווייטענס, ווילנא זאָל חלילה ניט איבערגעלאָזען ווערען אַ לאַנגע צייט אָהן געלט), האָט מיר געגעבען שטאַרק מוסר'ען, אַז איך זאָל זיין זעהר שפּאָרזאַם אין יעדען גראָשען; דאָס איז פּאָלקס-געלט און ביים אויסגעבען טאָר מען ניט זיין צו ווייכהאַרציג. חוץ דעם דאַרף וואָס מעהר געלט פערבלייבען פאַר ווילנא גופא, ג-ט ווייס וואָס אונז שטעהט נאָך פאָר... ס'האט זיך אַריינגעמישט ד"ר ראַבמילעוויץ און האָט געפועלט, אַז אַ געוויסע סומע זאָל אַסיגנירט ווערען פאַר אָלקעניק. און דעם ערשטען טאָג ראש השנה האָבען זיך שוין געצויגען קיין אָלקעניק אַ לאַנגע רייהע געפּאַקטע פוהרען מיט כל-ערליי שפּייז, ווי סוכאַרעס, ברויט, טיי, צוקער, וואָרשט וכדומה. די שמחה אין אָלקעניק איז געווען ניט צו בעשרייבען, סיי פון די עסען, סיי פון די פוהרען און דערהויפּט, וואָס מען האָט צוגענומען די משוגעים, וועלכע מען האט פאַר'ן עוואַקואירען געמוזט האַלטען אין דער אָלקעניקער היסטאָרישער שול. מען האט בכלל אַרויסגעפיהרט פון שטעדטעל אַלע אַלטע, קראַנקע, שוואַכע מענשען און ס'זיינען דאָרט פערבליבען נור געצעהלטע פערזאָנען צו היטען די געשעפטען און הייזער. ניט בעוויזענדיג צו פערענדיגען מיט אָלקעניק, האָט מען זיך געמוזט נעהמען ראַטעווען איישישאָק, פון וואַנען ס'זיינען געקו-מען ספּעציעלע שלוחים נאָך דרינגענדער הילף. אין שטעדטעל האָבען מיר זיך אָנגע-טראָפען אויף אַ שרעקליכען בילד פון אַ פּאָגראָם. אונזערע חברים סאַניטאַרען מיט זייערע "פּאָרמעס" און "עפּאָלעטען" האט זיך איינגעגעבען איינצושטעלען אָרדנונג און צו געבען הילף. איבער'ן שטעדטעל האָבען אָנגעהויבען פליהען קוילען און די בע-פעלקערונג איז זיך צולאָפען בעהאַלטען אויפ'ן יודישען בית-עולם. פון דאָרט האָבען מיר זיי צונויפגענומען אויף פוהרען און געבראַכט בשלום קיין ווילנא.

דאָס זיינען שוין געווען פון די לעצטע עוואַקואַציעס. ניט האַבענדיג אַזוי פיל מיטלען, האָט דער קאָמיטעט בעשלאָסען מעהר קיין געלד אויף פערד, פוהרען און וועלכע ניט איז נסיעות ניט צו אַסיגנירען, און די פאָר צעהנדליג טויזענט רובל האַלטען אויף עסען.

די בהלה אין ווילנא האָט שוין געהאַלטען ביי דער העכסטער מדרגה. מען האָט שוין "פאַרגעשלאָגען" דער בעפעלקערונג, דערהויפּט יונגע לייט, אַרויסצופאָהרען; מען האָט געכאַפּט אויף די גאַסען; מען איז געלאָפען פון שטאָדט אויף פוהרען. פון קאָמיטעט זיינען צופאָהרען נאָך אַ רייהע אַלטע טוער.

איך געדיינק, אַז בעזונדערס ריהרענד איז געווען אונזער זעגענען זיך מיט באַראָן גינצבורג, אייסוראָוויץ און די איבעריגע טוער. מיר האָבען געמאַכט אַן "אַלגעמיינע פערזאַמלונג" פון אונזערע חברים פון אַלע אונזערע "אָטריאַדען", מיר האָבען דערמאָנט די לאַנגע, שווערע אַרבייטען און די געמיינזאַמע אחדות, ליבע און טרייישאַפט. באַראָן גינצבורג און אייסוראָוויץ האָבען געהאַלטען רעדעס. דערביי האָבען זיי דערצעהלט, אַז ס'עקזיסטירט אַ יודישער היסטאָרישער אַרכיוו, וואו ס'ווערען געזאַמעלט אַלע דאָקומענטען פאַר די מלחמה-צייט און דאָס אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען מיט יודען אין דער צייט, וועט שוין פערבלייבען לזכרון פערשריבענערהייט. אַ גרויסען אָרט וועט פערנעהמען ווילנא. נאָך די רעדעס האָבען מיר זיך פאָטאָגראַפירט. אויף אונזערע "קאָמיטעטסקע" פערד האָבען די חברים בעגלייט די אָבגעפאָרענע דורך אָשמענער טראַקט צו מאָלאָדעטשנע.

* *
*

דעם נייעם קאָמיטעט פלעגט מען שוין טאָג-טעגליך בעלאַגערען און פאָדערען ברויט. די גאַנצע לעצטע צייט — עטליכע חדשים — פלעגען זיך אויף ווילנא כסדר אַראָבלאָזען

װאַרשױער, סובאַלקער און סוחרים פון אַנדערע שטעדט און שטעדטלעך און פלעגן איינקױפען אַלערליי פּראָדוקטען אין די גרעסטע מאַסען, דערהױפּט שפּייז־זאַכען. דער עיקר פלעגט מען פון ווילנא אויסקױפען גרויסע טראַנספּאָרטען מעהל, גרױפּענס, טיי צוקער, קאַװע, שאָקאָלאַד, פערשיידענע צוקער־געבעק, ליכט און זעהר אַ סך זייפען. ווילנא איז פון די סוחרים געװען זעהר צופרידען: ניט זיי דינגען זיך, ניט זיי טאַפּען די סחורה, ניט זיי שמעקען. זייער ערשטע פראַגע איז נור: וויפיל האָט איר דאָס? און וויפיל מען האָט איז אַלץ װעניג. מען צאָהלט די בעסטע מקחים און מען נעהמט תיכף צו די סחורה. דערנאָך פלעגען קומען נייע סוחרים און געבען נאָך העכערע פּרייזען. דאָס זיינען אַלץ געװען סוחרים פון געגענדען, וואו ס'פלעגען געהן גרויסע שלאַכטען און מען האט זיך שוין געריכט, אַז באַלד פערנעהמט זיי דער דייטש, אָדער פון געגענדען, וואו די דייטשען זיינען שוין געװען און האָבען צייטווייליג אָבגעטראָטען צוריק. און די סוחרים האבען געפּאָמפּעט ווילנא. דאס איז געװען דער אָנהויב פון ווילנער הונגער. און ניט לאַנג נאָכדעם איז אָנגעקומען דער אָנהויב פון דער ווילנער ספּעקולאַציע. אַז די אַלע סוחרים האָבען אויסגעליידיגט ווילנער שפּייז־זאַפּאַסען, האבען זיך אַראָבגעלאָזען צו זיי נייע סוחרים און אַ וואָרף געטאָן זיך אויף מאַנופאַקטור־סחורות, דערהויפּט מאָסקווער און פּעטערבורגער, אויף שוכוואַרג, לעדער־וואַרג, זאָקען, גאָלד, זילבער. אַלץ איז געװען פּאַר זיי אַ סחורה – און מען האָט אין ווילנא גענומען טרייבען ספּעקוליאַציע. פון איין זייט פלעגט מען געבען און נעהמען אַלץ גרעסערע מקחים און פון דער אַנדער זייט האָבען אַ סך ווילנער סוחרים געוואָלט פּטור ווערען פון זייער ביסעל סחורה, – בעסער האַלטען מזומן געלט; אַזאַ צייט! יעדען טאָג האט מען זיך געריכט אויף נייס, מען זאָל אַרויסשיקען, אָדער אַליין דאַרפען לויפען... דערנאָך האָט מען זיך געכאַפּט פאַר'ן שכל און מען האט אָנגעהויבען נאָכטאָן די וואַרשויער און סובאַלקער סוחרים. ווילנער סוחרים האָבען זיך אַ לאָז געטאָן קיין מינסק, באָריסאָוו, באָברויסק, האָמעל, מאָסקווע, דווינסק, וויטעבסק, פּסקאָוו, פּעטערבורג און פלעגען אַרייננבריינגען צוריק קיין ווילנא מעהל, צוקער, ליכט, גאָז, שוועבעלעך, רייז, קליידער, שוכוואַרג, מיט איין וואָרט דאָס אַלץ, וואס די פרעמדע סוחרים האָבען פריהער פון ווילנא אויסגעראַמט. די „פּרנסה" איז כסדר געשטיגען. אָבער ניט אַלע ווילנער סוחרים האָבען בעוויזען צו קומען צוריק. די באַהנען אויף ווילנא האָבען אויפגעהערט צו געהן. איז מען געלאָפען אויף פורען. האָבען אַ סך שוין ניט דעריאָגט...

ווילנא האט גענומען שפּירען, אַז זי ווערט אָבגעריסען פון דער גאַנצער וועלט און ס'רוקען זיך שווערע וואָלקענס. אין שטאָדט איז געוואָרען אַ פּאַניקע אויף פּראָדוקטען. יעדערער האָט זיך גענומען אָנגרייטען וואָס נור מעגליך און וואָס מעהר. רייכערע בע"ב פלעגען איינקויפען פּראָדוקטען אויפ'ן זעקעל. מען פלעגט אָנקויפען מעהל, צוקער, ליכט, זייף, קעראָסין, גרויפּען. אַפילו שיך האָט מען זיך געאיילט צו פאַרריכטען, ס'איז געוואָרען אַ בהלה, אַלע זיינען געװען אָנגעשראָקען.

די שפּייז־קראָמען זיינען געוואָרען לעדיג. פיל האט מען טאַקי אויסגעקויפט און פיל האָט מען בעהאַלטען אויף צו נעהמען טייערער. בעזונדערס האָט זיך דאָס אָבגערופען אויף דער אָרימער יודישער בעפעלקערונג און בפרט אויף די פרויען פון די זאַפּאַסנע יודישע סאָלדאַטען. גרופּעסווייז פון איינינע הונדערט (דערהויפּט נאָוואָגאָראָדער) פלעגען זיי פּשוט בעלאַגערען דעם יודישען קאָמיטעט אויף געאָרגיעווסקי (ער איז שוין דאַן געװען אויף דער נייער דירה) און פלעגען שרייען און וויינען, מען זאָל אַרויסגעבען ברויט. און דער קאָמיטעט האָט גע'טענה'ט, אַז ער האָט דאָס קיין רעכט ניט צו טאָן, מחמת די ברויט געהערט צו די הײמלאָזע...

די בעלאַגערונג פון קאָמיטעט איז געשטיגען וואָס פון טאָג. צו די פרויען און

קינדער פון די וואַסאַנע זיינען צוגעשטאַנען אַ סך סתם נויטבעדערפטיגע פערזאָנען און אָרימע בעלי-מלאכות און די קאָמיטעט-מענשען האָבן זיך שוין גענומען פיהלען זיכער. שטאַרק געטומעלט האָט זיך אויך אויפ׳ן ווילנער שולהויף, וואו מען האָט „נעקריטיקירט" דעם קאָמיטעט. איבער׳ן שטאָדט האָבען זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען אַ סך רכילות אויפ׳ן קאָמיטעט. דער קאָמיטעט האָט זיך אָבער אַלץ געהאַלטען אָן זיין אַלטען שטאַנדפּונקט, אַז ער איז אייגענטליך אַ קאָמיטעט פאַר הײמלאָזע, אַז די היימלאָזע האָבען נים ווער ס׳זאָל פאַר זיי זאָרגען און אַז מען זאל צונעהמען פון די היימלאָזע און אָבגעבען שטאָדט וועט דאָס זיין אַ גרויסער פערברעך קעגען די היימלאָזע. די גאַנצע שולד האָט דער קאָמיטעט אַרויפגעוואָרפען אויף „צדקה-גדולה" און בעזונדערס אויף די גבאים, וואס זיינען צולאפען פון ווילנא און האָבען קיין זאַך אין שטאָדט נים בעזאָרגט. שפּעטער-צו, שוין ביי די רייטשען, האָט זיך דאָס אַלץ נאָך מעהר פערשאַרפט אויף כמה מאָל.

ווילנא האָט שוין געהאַלטען ביים אָנהויב פון סוף. און דער סוף איז געקומען נאָך אַ סך גיכער, ווי מען האָט זיך גערעכנט.

פרייטאָג ערב יום-כפור זיינען אַ גאַנצען טאָג אַרומגעגאַנגען די פּאָליציאַנטען זיך ווענדען צווישען זייערע יודישע בעקאַנטע. אין „משמרת חולים" האָבען זיי מזהיר געווען, אַז מען זאָל האַלטען ביינאַכט פעסט די פענסטער, ווייל מען וועט רייסען די בריקען. זיי האָבען זיך אויך געזעגענט אין דער יודישער יאַטקע, וואו זיי האָבען געהאַט פיל בעקאַנטע, און דערביי מזהיר געווען, מען זאל זיך נים דרעהען איבער די גאַסען. זיי האָבען זיך געזעגענט בכלל אין אַלע יודישע גאַסען און קראמען און פערשטעהט זיך, אַז פאַר די עצות טובות האָט מען זיי בעשענקט מיט געלט און מיט צדה לדרך.

וואו ס׳איז נור געווען אַ קעלער, אַ בוידעם איז מען געלעגען פערשפּאַרט. איינינע האט מען געכאַפּט, נור פערנאַכט האָט מען אַלעמען בעפרייט. צו מערב האָט די אימה דערגרייכט די גרעסטע מדרגה. ווי פאַר אַ שרעקליכען שטורם. מיט אַמאָל האָט מען גענומען לויפען פון די קלויזען, פרויען און קינדער האָבען זיך נאָכגעשלעפּט,— ס׳האָבען זיך פערשפּרייט קלאַנגען, אַז מען כאַפּט...

פרייטאָג פריה האָט זיך אויפ׳ן כאַהן בעקומען אַ ידיעה, אַז די דייטשען זיינען שוין אין סאָל און דער וועג קיין מינסק איז אַלזאָ אָבגעשניטען; אַזאַ ידיעה איז אויך אָנגעקומען פון סווענציאַן בנוגע דווינסק. די בהלה, וואָס איז געוואָרען אויפ׳ן וואָקזאַל, איז אוממעגליך צו בעשרייבען. ס׳איז געבליבען נור איין וועג צו אַנטלויפען — אויף לידע, איז דאָס ביז פערנאַכט... וואָס מען האָט געקאָנט אין די עטליכע שעה ראַטעווען, האָט מען געראַטעוועט. וועגען פאָהרען מיט׳ן כאַהן האָט קיין רייד נים געקאָנט זיין. אַפילו דער גובערנאַטאָר האָט געמוזט אָבפאָהרען אין זיין אווטאָמאָביל, און פּאָליציע און די פייער-לעשער אויף פוהרען אויף אָשמענער טראַקט.

דערביי האָט מען גענומען חרוב מאַכען דעם וואָקזאַל: מען האָט אַרויסגעלאָזען דעם קלאָזעט, צובראָכען די גראַטעס, די טישען, די בענק און דעם וואָקזאַל אויסגעלענט מיט שטרוי. אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז די שטרוי איז געווען פון סעניקעס פון די פערוואונדעטע פון וואָקזאַל-פּונקט, אַנדערע ווידער האָבען געזאָגט, אַז דאָס איז פשוט געווען אויף אונטערצוצינדען.

שוין ביינאָנ האָט מען אין שטאָדט געוואוסט, אַז אין ווערקי און לענג אויס אויף יענער זייט ווילנע פאָהרען אום דייטשע אויספּאָרשער. ביינאַכט האָט מען שוין דייטליך געזעהן ברענענדיג אויף יענער זייט אַ סך דערפער און שטעדטלעך. לויט ווי ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזען איז דאס געווען צווישען ווערקי און נעמענטשין (אויך מייסעגאָלע האָט אָבגעברענט). מיר, יודישע עלטערע סאַניטאַרען, האָבען זיך אויפגעקליבען ביי אונז אין „מכבי" אין גאַסטהויז „אנגליא" און ס׳איז דאָרט ביי אונז געבליבען אַלע צוזאַמען

אָבצוּוואַרטען די געשעהענישען. אַ ווינער 11 ביינאַכט האָבען מיר בעשלאָסען צו בעווּבען דעם לעצטען מאָל דעם וואָקזאַל; הגם מיר האָבען געוואוּסט, אַז באַלד וועט זיין אויפרייסונגען, דאָך דאַרף מען זיין אויפ'ן נאַס. קומענדיג אויפ'ן באַהן האבען מיר שוין געפונען אַ פולען חורבן. אויף דר'ערד האָבען זיך געוואַלגערט פערוואונדעטע רוסישע אָפיצערען פון די לאַזאַרעטען, וואָס מען האָט געוואָלט אַרויסראַטעווען, און געבראַכטע פון די פּאָזיציעס. דערזעהענדיג אונז סאַניטאַרען, האָבען זיי זיך גענומען געטען רחמים מיר זאָלען זיי ראַטעווען און אַריינוואַרפען אין אַ צוג... מיר זיינען גלייך אַוועק אויף פּאַלעסיער ליניע און געפונען דאָרט אַלאַנגען אָנגעפּאַקטען צוג. מיר האָבען זיך גע-ווענדעט צום נאַטשאַלניק סטאַנציע, ער זאָל אונז אָנווייזען וואו אַהינצוטאָן די פערוואונ-דעטע אָפיצערען. — „איך האב שוין ניט וואו, האט ער אונז געענטפערט, גלויבט מיר, אַז איך אַליין וועל זיך באַלד איינבעטען ביים מאַשיניסט ער זאל מיר אַרויפלאָזען אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו". מיר זיינען אַוועק און אויסגעפונען צווישען די געפּאַקטע וואַגאָנעס באַרמהערציגע שוועסטער, אבער אויך יענע האבען געענטפערט, אַז זיי האבען קיין ארט ניט. איינינע פערוואונדעטע האט זיך אונז פאָרט איינגעגעבען אַריינצוּוואַרפען אויף די „פּלאַטשטאַדקעס", הגם ניט זיכער, אַז זיי זאלען חלילה אויפ'ן וועג ניט אַראבפאַלען. די דאָקטוירים און בעקאַנטע מיליטער-סאַניטאַרען האבען אונז אויך געהייסען אַרויפקלעטע-רען צו זיי אויפ'ן דאַך און מיטפאהרען. איינינע פון אונז האבען געפאלגט, אבער מיר, איבעריגע, האבען געזעגענט זיך מיט דער לעצטען צוג פון ווילנא (אויף לידער וועג) האָבען מיר 12 ביי נאַכט פערלאָזען דעם וואָקזאַל, דערביי האבען מיר געקראַגען איזוואָזטשיקעס און צוּוּעצט צוריק די קראַנקע אין די פערבליבענע לאַזאַרעטען.

נעהענדיג צוריק פון באַהן האבען מיר אנגעטראָפען פוהרען מיט היימלאָזע פון אָשמענער טראַקט און פון לידער טראַקט... מיר האבען זיי צושטעלט אין הויפען, מחמת די גרויסע בעוועגונגען פון די חיילות, וואס זיינען געלאָפען צוריק פון די פּאָזיציעס אַרום ווילנא, אונז איז דא אויסגעקומען צו האבען אינצידענטען מיט די סטרזשער פון די הויפען, וואס האבען ניט געוואלט אַריינלאָזען די היימלאָזע, אבער אונזערע „עפּאָלעטען" האבען אונז אין יענער שרעקליכער נאַכט צונעגעבען אַ בעזונדערע העלדישקייט. מען דאַרף וויסען, אַז קיינער האט דאַן ניט געוואַגט אַרויסצוגעהן אויפ'ן גאַס; אפילו די מיליציע, וואס האט שוין איינענטליך געדאַרפט אנהויבען איהר ראָל, האט זיך אויך פערבעהאַלטען פון פחד.

אַזוי אַרומגעהענדיג אַ סך גאַסען, האבען מיר זיך דערוואוּסט, אַז אויף אַרויף ליפּאָווקע שטעהען צעהנדלינער פוהרען מיט היימלאָזע און צוליב דער בעוועגונג פון מיליטער קאָנען זיי ניט אַריינפאהרען אין שטאָדט. מיר האבען בעשלאָסען זיי געהן מקבל פנים זיין און וואס העלפען. קומענדיג אנהויב ליפּאָווקע נעבען אַייזערנעם בריק, האבען מיר בעגעגענט פאהרענדיג דעם פּאָליצמייסטער מיט אַלע ווילנער פריסטאַווס, נאַדזיראַטעלעס, גאָרדאָוויעס, דעם בראַנדמייסטער מיט די בעסערע פייער-לעשער, — אַ גאַנצע פּראָצעסיע. העלפט זיינען געגאַנגען צופוס, אַלע פאָ קאָמאַנדע... זיי האָבען פאַר אונז געצויגען די היטלען און זיך געזעגענט. דאָסגלייכען האָבען גענומען לויפען אויף איזוואָזטשיקעס אָפיצערען פון די גאַסטהייזער, — אַלע מיט איין שאלה: וואו איז דאָ דער וועג אויף אָשמענע, צו אויף לידע? און פון הינטען, האָבען מיר זיך דערוואוּסט, פּאָהרט אַרטילעריע און קאָזאַקען. מיר האָבען בעשלאָסען ביי אַזאַ מצב די היימלאָזע ביי נאַכט ניט אַריינצופיהרען. זאָלען זיי אָבוואַרטען דאָרט, וואו זיי זיינען. מיר האָבען זיך אַליין געריכט אויף גרויסע געשעהענישען, אויפרייסען, שרפות, כל-ערליי סכנות.

שוין שפעט אין מיטען נאַכט, אַז מיר האָבען דערזעהן, אַז די געפאַהר צו זיין

אויפ'ן נאַס איז צו גרויס, זיינען מיר אַוועק זיך אָברוהען צו אונז אין גאַסט־הויז. מיר האָבען ניט בעוויזען אַנדרעמעלט צו ווערען, ווי ס'האָבען זיך גענומען הערען איינע נאָך די אַנדערע אויפרייסונגען. מיר האָבען אָבגעוואַרט און אַז ס'איז געוואָרען אַביסעל רוהיגער זיינען מיר אַוועק זעהן די חורבנות פון שטאָדט. די היילות האָבען זיך נאָך געצויגען. דער וואָקזאַל איז געבליבען גאַנץ. מעהר ניט דעם באַהן האָבען מיר געפונען אין איינינע ערטער ברענענדיג. די עלעקטרישע סטאַנציע פון באַהן איז אינגאַנצען אַראָפּ. דער גרויסער בריק האָט זיך אַראָבגעלאָזען. אַ רייהע וואַגאָנעס זיינען געשטאַנען אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען. די וואָדאָקאַטשקע אויך פערברענט. אויף דער אַנדער זייט שטאדט האָבען איינינע סאָלדאַטען מיט אָפּיצירען אונטערגעלייגט ועקלעך מיט פולווער אויף דעם גרינעם בריק און מיט אַ צינד־שנור זיך געשטעלט פון ווייטען און אויפגעריסען. דער בריק האָט אין עטליכע ערטער געפלאַצט. פון אַלע אַרומיגע בנינים זיינען פון די גרויסע קלעפּ אַרויסגעפאַלען די שויבען. בכלל — איז אַלץ אין שטאָדט געבליבען גאַנץ, אַפילו אַלע מיליטערישע און קאַזיאָנע געביידעס. און אין אַ פּאָר שעה אַרום, שבת יום־כפור דעם 5/18 סעפּטעמבער 1915, אַכט אַ זייגער אין דער פריה, זיינען שוין געשטאַנען אַרום גרינעם בריק דייטשע „פּיאָנערען" און בעטראַכט און פעררעכט... און אין דערזעלבער צייט האָט זיך נאָך פון פּאָהוליאַנקע האַסטיג אָבגעטראָגען די רוסישע אַרטילעריע...

די שטאָדט איז גלייך פגל נעוואָרען מיט מיליציע און האָט אָנגענומען אַ פרעה־ליבען אויסזעהן, מחמת מען האָט זיך בשום אופן ניט גערעכט, אַז אַלץ זאָל אַריבער אַזוי שטיל און רוהיג, אָהן אַ שיסעריי און אָהן אַ וועלכער ניט איז שלאַכט.

באַלד זיינען אַריינגעריטען אין שטאָדט די דייטשע „טויט־הוזאַרען". ווי האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי דער שטאָדט־פערוואַלטונג, וואו ס'זיינען גלייך אָנגעפאָהרען הויכע דייטשע מיליטער־בעאַמטע. ס'האָט זיך איינגעקליבען אַ גרויסער עולם. ס'איז גראָד געווען דאַן אַ שענער זוניגער טאָג.



בן־ליפּמאַן.

# ווילקאָמיר.

## דער פּאַטריאָטיזם.

ווי בכלל די יודען אין רוסלאַנד האָבען אויך די ווילקאָמירער יודען לכתחלה אַרויפגעלייגט אויף דער איצטיגער וועלט־מלחמה גרויסע האָפנונגען. אינסטינקטיוו האָבען זיי געפיהלט, אַז ווי אַלע גוטע בירגער דאַרפען זיי מיטהעלפען דעם פּאָטער־לאַנד און אַז ס'וועט קומען דער טאָג פון גרויסען חשבון, וועלען אַלע מוזען אנערקענען, אַז די יודען דאַרפען פעררעכענט ווערען איין מאָל פאַר אַלע מאָל מיט אַלעמען גלייך, און ס'וועט נעהמען אַ סוף צו די יודישע צרות.

אַז ס'האָט זיך אַריבערגעטראָגען די גרויסע בהלה פון דער ערשטער מאָבילי־זאַציע, האָט מען געמאַכט אין דער אַלטער שול אַ פייערליכען גאָטעסדינסט מיט תהילים, הנותן תשועה און הייסע רעדעס. די התלהבות איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָ גלייך איז בעשלאָסען געוואָרען צו מאַכען אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע איבער'ן שטאָדט. אין דער מאַניפעסטאַציע האָבען זיך בעטייליגט אַלע ווילקאָמירער יודען. מערקווירדיג איז געווען צו זעהן, ווי די יונגע לייט, וואס מיט איינינע יאָר צוריק האָבען זיי געטראָגען די רויטע פאָהן, זיינען איצט געגאַנגען מיט בעגייסטערונג פּאָראַיים, טראָגענדיג רוסישע נאַציאָנאַלע פּאָהנעס און פּלאַקאַטען מיט העכסט פּאַטריאָטישע איפשריפטען. בראש

זיינען געגאַנגען דער גרייז-גראָהער ראַבינער אין אַ טלית מיט אַ ספר-תורה און נעבען איהם די פאָרשטעהער פון דער קהלה. אַזאַ פאַטריאָטישע יודישע בעוועגונג האָט זיך דערנאָך אַריבערגעטראָגען איבער'ן גאַנצען אויעזד. די קריסטען זיינען נעווען שטאַרק גערירט פון דעם דאָזיגען פאַטריאָטיזם. אפילו די בעוואוסטע פאָגראָם-צייטונג „ליטאָווסקאַיאַ רוס" האָט אנערקענט די הויכע פאַטריאָטישע שטימונג פון די יודען און האָט דאס בעזונדערס פערצייכענט.

צווישען די איינוואוינער סיי יודען סיי קריסטען האָט זיך אין יענע טעג בכלל בעמערקט אַ התקרבות. בעת ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די הילף, וואָס די פאַמיליעס פון די ווילקאָמירער זאַפאַסנע סאָלדאַטען בעקומען פון דער רעגירונג, איז זעהר קנאַפ, האָבען זיך די פאָרשטעהער פון די מעשטשאַנעס, יודען און קריסטען, צונויפגעקליבען אין אופּראַווע און האָבען איינשטימיג בעשלאָסען אַרויסצוגעבען פון דעם אַזוי גערופענעם „פּראָדאָוואָלסטווענעם קאַפיטאַל" 1200 רובל און אויב די סומע וועט זיך אויסנעהמען (דעמאָלט האט מען גע'האָפט, אַז די מלחמה וועט זיך גיך ענדיגען און אַז מען וועט מעהר ניט דאַרפען) זאָל מען אַרויסגעבען אַ צווייטע סומע און אַזוי ווייטער. די יודען האָבען זיך מתחייב געווען צו געבען יעדען מאָל דריי פערטעל פון דער סומע און די קריסטען — דעם איבעריגען פערטעל, פּראָפּאָרציאָנעל די קאַפּיטאַלען פון ביידע געמיינדעס און דער צאָהל נויטבעדערפטיגע. אָבער כל-זמן די רוסישע מאַכט איז נאָך געווען אין קאָווענער גובערניע איז קיין בעשטעטיגונג אויף די דאָזיגע נויטיגע החלטה ניט אנגעקומען. אָבער אין דעם זיינען שוין ניט געווען שולדיג די איינוואוינער, וועלכע האָבען ערנסט געשטרעבט מיטצוהעלפען דער רעגירונג.

אויך דער רייכער קלאַס סוחרים האָט דאַן געזוכט מיט וואָס ניט איז אויסצודריקען זיין גרייטקייט צו דינען דעם פאָטערלאַנד. זיי האָבען בעשלאָסען אָפּצוגעבען אין יודישען ווילקאָמירער שפּיטאל אַ בעזונדערע גרויסע פּאַלאַטע פאַר פערוואונדעטע אויף דער מלחמה, און כדי אויסצוהאַלטען איהר איז אַסיגנירט געוואָרען אַ היבשע סומע פון קאָראָבקע און חוץ דעם האָבען אַלע רייכערע גענומען אויף זיך דעם חוב פון זעלבסטבעשטייערונג לטובת דעם מלחמה-לאַזאַרעט. אויך פון דער דאָזיגער אונטערנעהמונג האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזען ביים גאַנצען גוטען ווילען פון די מתנדבים, מחמת די פערוואַלטונג פון „רויטען קרייץ" האָט ניט געפונען פאַר מעגליך צו פיהרען קיין ווילקאָמיר קראַנקע 35 וויאָרסט די וויט פון דער נאָהנטסטער סטאַנציע יאַנאָווא. די ווילקאָמירער יודישע בעפעלקערונג האָט אויך געזאַמעלט געלט פאַר'ן „רויטען קרייץ", וואַרימע זאַכען, מתנות פאַר די סאָלדאַטען אויפ'ן פראָנט וכדומה.

ווי וויט די ווילקאָמירער יודען זיינען געווען פאַטריאָטיש געשטימט, קאָן נאָך בעוויזען דער פאָלגענדער פאַקט. אונגעפעהר אין אָנהויב סעפּטעמבער 1914, אַז די רוסען האָבען צום ערשטען מאָל אָבגעטראָטען, איז אַ אונזשענערנער פאַרק פערשפּרונגען קיין ווילקאָמיר (ביז דעם טאָג האָבען מיר נאָך קיין איין מענשען פון מלחמה-פלאַץ ניט געזעהן). דאָס איז געווען פרייטאָג נאָך האַלבען טאָג. האָבען לויטער יודען געשטעלט פאַר די סאָלדאַטען סאַמאָוואַרען, געטראָגען בולקעס, פּוטער, פּרוכט, ברויט וכדומה. נור די רעכטע שמחה האָט זיך אָנגעהויבען פרייטאָג צו נאַכט. מען האָט גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט די סאָלדאַטיקלעך. יעדערער האָט זיי געשלעפּט צו זיך אין שטוב. דער קאָמאַנדיר האָט געקאָנט פערהאַלטען בלויז אַ קליינעם טייל צו היטען די זאַכען און דאָס האָט מען מיט איהם אָבגעמאַכט, אַז ווי נור איין טייל וועט אָבעסען, זאָל ער אויך די איבעריגע אָבלאָזען. אַרויסגעלאָזען פון ווילקאָמיר האָט מען די סאָלדאַטען אין בוכשטעבליבען זין פון וואָרט ברכוש גדול. די סאָלדאַטען פלעגען טאַקי זאָגען, אַז זיי לעבען אָב, ווען זיי קומען אין אַ יודישע שטעדטעל. די איינענע ברידער זיינען צו זיי גאַנץ קאַלטלעך...

## די אַלגעמיינע געשעהענישען.

צו מיר פשוט׳ע מענשען האָבען קנאַפּ פערשטאַנען אין הלכות סטראַטעגיע, צו די זאַך האָט טאַקי אַזוי אויסגעוויזען, אָבער מיר זיינען געוועזען איבערציינט, און אי׳ך די רוסישע בלעטער האָבען זיך געסטאַרעט איינצורעדען אונז, אַז די דייטשע אָפּענסיווע אין פריהלינג 1915 אויף קאָוונער גובערניע און קורלאַנד איז אַ צייטווייליגע: די דייטשען געהען מעהר ניט „זוכען דאָרט היי און האבער, וועלכע זיי פעהלט אויס". אָבער ביסלעכוויז, אַז מיר האבען דערזעהן, ווי די ראָסיענער פּאָליציע איז קוים מיט׳ן לעבען אַנטלאָפען צופוס און אַז מיר האבען דערהערט וועגען די ערשטע געשלעגען אַרום ליבאַווע און שאַוועל, האבען מיר אנגעהויבען צו פערשטעהן, אַז די זאַך איז אַ סך ערנסטער.

משמעות, אַז די רוסען אַליין האבען שוין איינגעזעהן ווי די זאַך האַלט. ווארום פון מיטען אַפּריל האבען זיי פעדאָרדענט, אַז פון די אַרומיגע דערפער זאלען קומען פויערים מיט פוהרען און וואַרטען, טאמער וועט מען דאַרפען אבפאהרען פון ווילקאָמיר און אַרויספיהרען די בעאַמטע מיט זייערע פאַמיליעס און אַ״ע אַנשטאַלטען. די פוהרען פלעגען זיך בייטען אַלע 4 — 3 טעג.

מיט אַמאָל, ארום דעם 25 אפּריל, איז געוואָרען אין שטאָדט אַזאַ שטארקער גערודער, עס האבען זיך דערהערט אַזוינע הילכיגע געשרייען, אַז אַלע זיינען קוים לעבעדיגע אַרויסגעשפּרונגען פון די הייזער. „די דייטשען געהען! די דייטשען קומען אָן, מען מוז ענטלויפען!"... און די רוסען האבען זיך אַ לאָז געטאָן צו די פוהרען, און מען איז געלאָפען אַ היים כאפּען די ווייב און קינדער און די זאַכען, וואס זיינען, אגב, שוין פון לאנג אָן, צו אונזער פערוואונדערונג, געוועזען פערפּאַקט און צוגעגרייט. די בעציהונג צו יודען האט זיך שארף געביטען. אז מען פלעגט דערזעהן, אַז אַ יוד פּאַקט זיך, ער האָט וואו נעקראָגען אַ פערדעל, פלעגט מען דאס ביי איהם פשוט אַרויסרייסען: „דו קענסט ווארטען, הייסט עס, דו ווארסט דאָך שוין לאנג אויפ׳ן דייטש!"... און, פערקעהרט, אַז יודען פלעגען זיך ניט קלייבען, פלעגט מען זיי אויפוואַרפען, אַז זיי בלייבען בכיון... הייגט געה זיי יוצא! נור די דאָזיגע גאַנצע לאָגיק, וועלכע האָט זיך איצט מיט אַמאָל אַרויסגעוויזען, איז אונז געוועזען בעקאַנט ניט פון דעם טאָג אָן. מיר האָבען געהאט געגוג ביישפּילען פון אזא יושר נאָך גאר פון די פריהערדיגע צייטען...

ביסלעכוויז האבען זיך די פוהרען גענומען רוקען פון שטאָדט, ווער צו ווילנא און ווער אויף דווינסק. עס איז אַרויסגעפאהרען די קאָנאַטשייסטווע, דער וואָינסקער מיט זיין קאָמאַנדע. נור די פּאָליציע און דער טעלעגראַף זיינען נאָך געבליבען. ערשט שפעט ביי נאכט האט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מצד די דייטשען איז דאס געוועזען ניט מעהר ווי אַ טיפע ערקונדיגונגס־אונטערנעהמונג בלויז מיט קאוואַלעריע, מיט וועלכער זיי האבען דערגרייכט די באהן־סטאַנציע ושײַם און די שטעדטעל שאַט, און האָבען זיך אומגעקעהרט. דאַן האָבען די רוסען אויך ביסלעכווייז אָנגעהויבען זיך אומצוקעהרען. דער קליינער טומעל האָט גורם געוועזען צווישען די רוסען קרבנות סיי אין מענשען סיי מאַטעריעל, אָבער ער איז באַלד פערגעסען געוואָרען. דער לעבען אין שטעדטעל איז ווידער געוואָרען נאָרמאַל און ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס וועט שוין גאָר קיין ביזז ניט קומען...

נור געקומען איז דער גירוש!

## דער גירוש.

איך געה ארויס אין גאַס. ס׳איז עפּעס ניט גלאַט. דער לויפט, דער איז צוטראָגען. וואס איז? גוואַלד, מען שיקט אונז ארויס! מען פערטרייבט אונז פון אונזער היים? ווער שיקט? ווער טרייבט? נאראָנים, מסתמא פערשטעהט איר ניט, איר טומעלט, ס׳קאָן ניט זיין!... און וואס ווייטער איך געה, אלץ גרעסער איז די מהומה. מען

ענטפערט שוין ניט, מען פערמאַכט די קראָמען, מען וויינט, מען ברעכט די הענט, מען רייסט זיך די האָר פון קאָפּ...

וואו זאָל מען געהן, וואו זאָל מען לויפען?! משוגע צו ווערען. נור אפשר פערשטעהען זיי ניט וואס זיי ריידען. אפשר האָט זיי זיך דאָס אויסגעדוכט און האָבען אליין אָנגעמאַכט אַ בהלה. איך געה צו צו דער פּאָליציי-פּערוואַלטונג. ערשט דאָרטען איז טאַקי אָנגעקלעפּט אַ קליינער פּאַפּירל אין נאָמען פון גענעראַל אַלעקסעיעוו, קאָמאַנדיר פון אַ אַרמיע, אַז די יודען זאָלען ביז דעם 5-טען מאַי 12 אַ זייגער ביי נאַכט אַרויסגעזעצט ווערען ביז איינעם (פּאָנאָלאָוונאָ) פון דעם ראַיאָן, וואס ציהט זיך צו מערב-זייט פון קאָוונא דורך יאַנאָווא, ווילקאָמיר, פּאָנעוועזש, בויסק און אויך פון די דערמאָהנטע שטעדט. און צוועלף אַ זייגער דעם 5-טען מאַי ביי נאַכט זאָל מען איהם מעלדען, צו זיין פעראָרדנונג איז דורכגעפיהרט געוואָרען.

מיר, די איינציגע מענשען, וואס האָבען זיך נאָך ניט אינגאַנצען פערלאָרען, האָבען געפּרובט וואָס טאָן. קודם כל האָבען מיר אַוועקגעשיקט אַ דעפּעש צום יודישען הילפס-קאָמיטעט אין פּעטערבורג, אַ צווייטע דעפּעש – צום גובערנאַטאָר גריאַזעוו, ער זאָל ניט דערלאָזען חרוב מאַכען עטליכע צעהנדליג טויזענט נעזונטען און אַ דריטע צו אַלעקסעיעוו'ן, ער זאָל כאָטש אָבהאַלטען דעם גירוש אויף אַ פּאָר טעג, ביז וואַנען מען וועט עפּעס פּועל'ן. אָבער אין קול ואין עונה...

און בימלעכווייז האָט מען זיך גענומען קלייבען אין וועג אַריין. און געה קלייב זיך, אַז פאַר אַ פוהר בעט מען 50—70 רובל ביז דער נאָהנטסטער שטעדטעל און דאָס קלעקט פוהרען הלואי פאַר אַ צוואַנציגסט חלק, און וואָס זאָל מען טאָן מיט די איבעריגע? און מיט די סך אָנגעפּאָהרענע, וואס האָבען זיך שוין נעהאַט אָנגעקליבען אין ווילקאָמיר פון סובאַלקער און קאָוונער גובערניע און וואס זיינען ניט געווען מעהר ביכולת צו ריהרען זיך? אָבער ס'האָט ניט געהאָלפען. מען האָט זיך גענומט נעהמען צום וואַנדערשטעקען. ביי זעהר פיל פון אונז איז ניט אַזוי דער מאַטעריעלער חורבן געווען שרעקליך, ווי די חרפה פאַר די קריסטען, אונזערע שכנים. אין איין מינוט זיינען מיר געוואָרען הפקר, עפּעס מיאוסע פערהאַסטע ברואים. מען האָט ניט געקאָנט אַ מענשען אין די אויגען קוקען...

און די יודען האָבען זיך געלאָזען געהן, ווער קיין שירווינט, ווער אויף מאַליאַט און ווער אויף דווינסק. דעם ערשטען טאָג זיינען אַרויסגעפּאָהרען די רייכערע, וואָס האָבען געקאָנט נעהמען טייערע פוהרען, און די אָרימע, וואס האָבען גאָרניט געקאָנט האָפּען ווען ניט איז צו נעהמען פוהרען. די געלט, וואָס איז צו יענעם טאָג געווען אין רשות פון ווילקאָמירער יודישען הילפס-קאָמיטעט, אַרום טויזענט רובל, האָט מען צוטיילט צווישען די נויטבעדערפטיגע.

פערשטעהט זיך, אַז דער דאָזיגער קאָמיטעט גופא, וואָס האָט אונטער דער פיהרונג פון ד"ר קאַצענעלענבויגען (אַ וואַהלמאַן פון שטאָדט אין אַלע פיר דומעס) אַ סך אויפגעטאָן אין משך פון דער מלחמה-צייט, און די קינדער-היים, וואס ער האט געהאַט געגרינדעט, האבען צוזאַמען מיט אַלע איבעריגע יודישע מוסדים פון שטאָדט אין יענעם טאָג אויפגעהערט צו עקזיסטירען. טרויעריג און פינסטער איז געווען אין יענעם טאג אין קינדערהיים. אַ ביטערער געוויין האָט זיך געטראָגען איבער דעם גרויסען, שענעם, ליכטיגען בנין פון דער „נייער תלמוד תורה" (וואס איז געווען אקאַרשט אויסגעבויט אויף די געלט פון בעוואוסטען לעדער-פאַבריקאַנט פרענקעל – אַ ווילקאָמירער אַ געבאָרענער), וואו די קינדער-היים האָט זיך געפונען. און די מילך אין יענעם מאנטאג, דעם 4-טען מאַי, איז געווען געמישט מיט טרעהרען פון די קינדער און די אויפזעהער. מיט אַ שווערען הארצען האָט מען זיך געזעגענט מיט די קינדער...

דעם צווייטען טאָג, דעם 5 מאַי, איז דער אַרויספאָהר שוין געווען עפּעס לייכטער, ווי וויט מען קען ריידען וועגען „לייכטקייט" ביי אַזאַ חורבן. פון די נאָהנטסטע דערפער זיינען אָנגעקומען אַ סך פּווערים מיט פוהרען. אויך די אַרומיגע יודען האָבען אָנגעשיקט פוהרען און עסענוואַרג. און דעם צווייטען טאָג האָט שוין אַ פוהר געקאָסט ביז 10 רובל, און די אָרימע האָבען געקראָגען פוהרען אומזיסט. פונדעסטוועגען האָט פּאָרט ניט געקלעקט קיין פוהרען, און אַ סך זיינען געגאַנגען צופוס. קינדער, וואָס מען האָט ווי נעמאָסטען און נעוואויגען, האָבען זיך געבראָכען אויף די פּעק אדער האבען זיך געשלעפּט באָרוועס, צופוס. אייניגע יונגע יודישע סאָלדאַטען, וואָס האבען זיך אָקאָרשט אומגעקעהרט פון דער מלחמה, צו׳הרג׳עט, אָהן הענט, אָהן פיס, האָבען זיך געשלעפּט מיט אַלעמען גלייך און דוקא אין דער גאַנצער פּאָרמע, מיט׳ן נעאָרני אויפ׳ן האַרצען... נאַט זעהט, מענשען, ווי מען דאַנקט אונז אָב, וואס מיר האבען זיך מקריב געווען פאַר׳ן פאָטערלאַנד! און די, וואָס האבען ניט לאַנג געגומען אַזאַ הייסען אָנטייל אין די פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס און האָבען געליינט אַזוי פיל האָפנונגען אויף דער נאָהנטער ישועה, און די יודישע פריילינס, וואָס האָבען געוואָלט אבגעבען זייער געזונט און מיה פאַר די פּעראומגליקליכטע סאָלדאַטיקלעך און האבען זיך מיט אַזאַ התמדה געגרייט צוגעהן אַרום זיי, — זיי אַלע האָבען זיך צונויפגענומען אין איין מחנה און זיך געלאָזט געהן אינאיינעם אין אַ בעזונדערער גרופּע, ווי די וועלט זאָל דאַרפען זעהן, וואָס זיי האָבען בעקומען פאַר זייער איבערגעבענקייט, טרייסטאַפּט און די בעסטע געפיהלען.

## אין וועג.

דעם גאַנצען טאָג, דעם 4-טען מאַי, און די גאַנצע נאַכט האָבען זיך געצויגען פוהרען מיט פּער׳חלש׳טע, אויסגעמאַטערטע, פּעראומגליקליכטע און פּערוואָגעלטע יודען. צווי אַ זייגער אין דער נאַכט זיינען מיר געקומען צו אַ קרעטשמע דריי וויאָרסט פאַר שירווינט. נעבען איהר האָבען זיך עפּעס געזעהן פון דער ווייטען שמעלקענדיגע פייערלעך. אז מיר זיינען צוגעפאָהרען נעהנטער, איז צו אונז צוגעגאַנגען אַ אַלטינקער, דאַרער יודעלע מיט אַ לאַמטערנע אין האַנט, און צוזאַמען מיט איהם אויך עטליכע יונגע לייט. און ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ געהויבענער שטימע: שלום-עליכם אייך, ברידער יודען! מיר זיינען געשיקט פון דעם שירווינטער רב און פון דער יודישער קהלה אייך איבערצונעהמען און בעזאָרגען מיט וואָס מיר קענען. מיר ווייסען שוין פון גרויסען אומגליק, וואָס אייך האָט געטראָפען, אָבער לא אלמן ישראל. גאָט וועט זיך דערבאַרימען איבער אייך און איבערן כלל ישראל. קומט, מיר וועלען אייך ברענגען אין שטעדטעל...

איך האָב געוואָלט ענטפערען, אָבדאַנקען, נור ס׳האָט מיר ווי פערשטיקט די האַלז, עפּעס האט זיך מיר איבערגעקייקעלט ווי פון אונטער׳ן האַרצען און איך האָב געשוויגען. נישט מעהר, טרעהרען זיינען געשטאַנען אין מיינע אויגען. און די יונגע לייט, וואס זיינען געקומען מיט׳ן אַלטען, האָבען זיך אונז אפילו ניט געלאָזט אָנריהרען אָן די זאַכען. זיי האָבען אַליין געשלעפּט די זאַכען, אַליין אַריינגעטראָגען אין הויז די שלאָפעדיגע קינדער און, דובט זיך, גענומען שטעלען אַ סאַמאָוואַר. פון גאַס האט זיך שוין געטראָגען אַ ליאַרעם און אַ געשריי: שטעהט אויף, יודען, מען טאָר ניט שלאָפען אין אַזאַ עת-צרה! מענשען וואַלגערען זיך אויפ׳ן גאַס!...

און די גאַנצע שטעדטעל האָט שוין טאַקי מעהר ניט געשלאָפען. ס׳ציהען זיך פוהרען אַלץ מעהר און מעהר, ס׳ווערט פינסטער אין די אויגען. וואו וועט מען אַלעמען אַהינטאָן? ווי וועט מען זיי אַלעמען דורכשפּייזען? און עס מוז פערצייכענט ווערען לדורי דורות, אז אַזאַ וואַרימקייט, אַזאַ איבערגעבענקייט, ווי עס האָבען אַרויסגעוויזען די שירווינטער יודען מיט׳ן רב און חזן בראש איז נאָך ניט געהערט געוואָרען. מען האָט זיך געטיילט מיט וואָס מען האָט געקאָנט. אָבער דאָך אַ קהלה פון 250 נפשות קען

בשום אופן ניט איינאָרדנען אָנגעקומענע 6000. און בפרט, אַז צווישן די אָנגעקומענע האָבן זיך גלייך בעוויזען אַ סך קראַנקע, שלאַפע און צובראָכענע פון וועג.

אָבער ס'איז אַראָבגעקומען פון ווילנא אַ אָבטיילונג פון קאָמיטעט, וואָס האט גענומען אָרגאַניזירן הילף סיי אין דירות, סיי אין עסן, סיי מעדיציניש. די גאַנצע אַרבייט איז בכלל אַוועקגעשטעלט געוואָרען גאר אין גרויסן מאַסשטאַב. ס'האָבן זיך געגרינדעט גרופעס פאַר פערשיידענע ענינים און די שטעדטעל איז צוטיילט געוואָרען אויף ראַיאָנען. ס'איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ פּלאַנמעססיגקייט אין דער אַרבייט. דער קאָמיטעט האט געהאַט בדעה צו עוואַקואירען ביסלעכוויז די אָנגעקומענע אין אַ מעהר זיכערען אָרט, אָבער די ערשטע צייט האָט זיך זועלטען וועלטען פון אָרט, מען האָט שטאַרק געהאָפט, אַז עס וועט נאָך זיין מעגליך אומצוקעהרען זיך צוריק.

און טאַקי אין עטליכע טעג אַרום איז געקומען אין שירווינט דער איספּראַווניק אַליין, האט גערופען צו זיך די אָנגעזעהנסטע בעלי־בתים פון ווילקאָמירער קהלה און האט זיי מודיע געווען, אַז די מאַכט ערלויבט די יודען אומצוקעהרען זיך צוריק, אבער בתנאי, אַז זיי זאלען געבען פאַר זיך ערבים. די פאַרשטייהער האבען געענטפערט, אַז דאס איז אוממעגליך, ווייל יחידים קאָנען ניט ערב זיין פאַר אַ כלל, בפרט פאַר אַ פּראָוואָקאַציע. דער גאַנצער ענין מיט דער ערבות איז אַ טיפע בעליידיגונג פאַר די יודען; וואָס האבען אַרויסגעוויזען אַזוי פיל טרייסטאָפּט און זיינען בירגער ניט קיין ערגערע אפשר בעסערע פאַר אַנדערע. און אגב זיינען ניטאָ אַזוינע, וואס זאלען וועלען זיין ערבים. דעמאָלט האבען זיך אַלע האפענונגען געענדיגט, און די עוואַקואַציע האט זיך אָנגעהויבען אין דער ברייטער מאָס.

בערך אין 8—9 וואָכען אַרום, אַז די יודען זיינען שוין געוועהנט געוואָרען צו זייער נייער לאַגע און האבען זיך איינגעאָרדענט ווער אויף די בוידימער, ווער אין די שטאַלען און ווער פשוט אויפ'ן גאַס אין געצעלטען,_ האבען זיך אין אַ שיינעם פריה־מאָרגען בעוויזען די פון לאַנג בעקאַנטע פויערשע פוהרען מיט אונזערע אַלטע בעלי־הבתים, די קריסטליכע שכנים, פערשמאַכטע, הונגעריגע... איצט האבען זיי געמוזט אַנטלויפען... און אונזערע בני רחמנים האבען זיי בעגעגענט ווי פריינד און אַרויסגעטראָגען ווער וואס ס'האט נור געקענט: ברויט, מילך, טיי... אַז די אָנגעלאָפענע זיינען אַ ביסעל געקומען צו זיך, האבען זיי אָנגעהויבען טענה'ן צו אונז: מיר האבען אַלע מאָל געהאַלטען, אַז יודען זיינען אַ וואָוילע, גוטע פאָלק. אַ שאָד, אַ שאד, וואס מען איז זיך בעגאַנגען מיט יודען אַזוי אונ'ברחמנות'דיג...

## קבלת התורות אין שירווינט.

אַז יעדע האפנונג אומצוקעהרען זיך אַ היים איז פאַר די מגורשים פערשוואונדען און עס איז פאָרגעשטאַנען צו וואַנדערען ווייטער, צווייט און צושפּרייט צו ווערען, האט מען גענומען טראַכטען ווי אַרויסצוראַטעווען פון די פערלאָזענע ערטער די ספרי־תורות, זיי זאלען דאָרט ניט מבוזה ווערען אדער אומקומען פון שונא. בשעת'ן גרוש, ווען מען איז געקומען אַזוי אומגעריכט און שטורמיש, איז דאס געווען אוממעגליך צו טאָן. שפּעטער־צו, ווען מען איז אַ ביסעל געקומען צו זיך, האט מען גלייך אָנגעהויבען אַרבייטען לטובת דעם ענין. פון דער מאַכט האט מען בעקומען אַ ערלויבניש אַרויסצופיהרען די ספרי־תורות פון אייניגע שטעדט און שטעדטלעך פון קאָוונער גובערניע, און מען האט אַוועקגעשיקט אַהין שלוחים.

די ערשטע זיינען אָנגעקומען די ווילקאָמירער ספרי־תורות. ביי דער קרעטשמע ניט ווייט פון שטעדטעל האט זיך די פוהר אָבגעשטעלט און מען האט געשיקט אַנזאַגען וועגען דעם די שירווינטער יודען. גאַנץ שירווינט – פון קליין ביז גרוים – איז אַרויס מקבל פנים זיין די אָנגעקומענע ספרי־תורות. לאַנגזאַם האט זיך געצויגען די פוהר אָנגעפילט מיט ספרי־תורות, בעדעקט מיט אַ פּרוכת. און הינטער דער פוהר איז געגאַנגען אַ לויה

פון טויזענטער מענשען. ערשט איצט האָט מען בעזונדערס שאַרף דערפיהלט דעם וועהטאָג פון נירוש און די עלענדקייט. מיט פערביטערטע הערצער איז מען נאָכגעגאַנגען נאָך דער פוהר. און יעדער יחיד האָט איבערגעלעבט דעם צער און צאָרן פון כלל. אַז מען איז אַריין אין שטעדטעל האָט זיך געלאָזט הערען אַ געוויין איבער'ן גאַס, וואָס האָט שוין ניט אויפגעהערט דעם גאַנצען וועג.

ביי דער שול „בית יעקב" האָט מען זיך אָבגעשטעלט. אַלע האָבען זיך אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען: די מאַנסבילען פון איין זייט, און די ווייבער – פון דער אַנדער זייט. איינציגווייז האט מען דערלאַנגט די ספרי-תורות אריינצוטראָגען זיי אין שול. דער געוויין איז געוואָרען אַלץ הילכיגער. אַ יאָמער האָט זיך געטראָגען איבער דער שול. איינינע רבנים פון די מגורשים האבען געמאַכט אַ הספד. לאַנג-לאַנג איז דער עולם זיך נאָך ניט פונאַנדערגעגאַנגען פון שול און פון שולהויף...

אין איינינע טעג אַרום האָט מען געבראַכט די ספרי-תורות פון יאַנאָווא, קיידאַן און פון נאָך עטליכע שטעדטלעך.

–⟨OOOOOOOOO⟩–

## חייקל לונסקי.

# ווילנער קלויזען און דער שולהויף

## (פריהער און אין דער מלחמה=צייט).

אין ווילנא זיינען פאַרהאַן מעהר ווי הונדערט קלויזען. יעדע בראַנזשע האָט זיך איהר קלויז, למשל: קלויז פון איינבינדער, בעלי-עגלות, בראָנזשניקעס, בלעכער, גלעזער, גאַלאַנטעריי-קרעמער, דרוקער, האָלץ-הענדלער, היטעל-קירזנער, פוטער=קירזנער, וואַסער-טרעגער, ווייסע בעקער, שוואַרצע בעקער, טאַנדעטניקעס, טאָקאַרעס, כלי=זמרים, לעדער-אַרבייטער, מאַליאַרעס, סטאָליאַרעס, פישער, פעל-קרעמער, קוימענקערער, קצבים, קרעמער=בע"ב, קרעמער אָנגעשטעלטע, שוסטער, שניידער=מייסטער, שניידער=פאָדמייסטער, שמוקלער (די חברה איז זעהר אַן אַלטע), שטעפער וכדומה *).

יעדע קלויז האָט זיך גבאים און פערשיידענע חברות מיט בעזונדערע גבאים, אויך רביים צו די חברות, למשל: חברה מקרא, חיי-אדם, עין יעקב, משניות, ש"ס, אויך אַ מגיד אויף שבת-דרשות, וועלכע ווערען געזאָגט: ווינטער – פרייטאָג-צונאַכט, אָדער שבת-צו=נאַכט, און זומער – שבת אין דער פריה, תיכף נאָכ'ן דאַווענען, אָדער ביינאַכט; יעדע קלויז לויט איהר מנהג.

פאַרהאַן קליינע קלייזעלעך, וואָס האַלט אויך אויס דריי, פיר רביים, – אויף מקרא בעזונדער, משניות בעזונדער, ש"ס בעזונדער און אויף שבת-דרשות אויך בעזונדער; יעדער רבי איז אַ ספעציאַליסט אין זיין אַרט.

יעדע קלויז האַלט אויך אויס אַ וואויל-לערנער אַ בחור, וואָס הייסט „ישיבה-בחור", אָדער אַ בעל-הבית'ל, וואָס הייסט „פרוש".

אין גרעסטען טייל קלויזען געפינען זיך אויך גמילות-חסדים מיט בעזונדערע גבאים, וועלכע פערוואַלטען מיט זיי; אַנדערע גמחי"ם, ווי דבורה אסתר, ר' זיינוויל, פערמאָגען אַ קאַפּיטאַל פון אַ סך טויזענטער.

די קלויזען טראָגען פערשיידענע נעמען. איינינע פון זיי רופען זיך נאָך די נעמען פון די גרויסע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען אין זיי געדאַווענט, געלערנט,

*) אויך די זעמשער האָבען געהאַט געוועלט אויף אַ קלויז מיט אַ גמ"ח, נור מחמת דער שווערער מלחמה-צייט האָבען ווי געמוזט די געלט פונאַנדערטיילען צווישען זייערע נויטבעדערפטיגע מיטגלידער.

ווי הגר"א (הגאון רבינו אליהו), ר' שאולקע קאַצענעלענבויגען'ס (דעם גאון'ס אַ תלמיד), ר' ישראלקע גינצבורג'ס (דעם חיי-אדם'ס אַ תלמיד), זאַגער'ס (ר' בער טריווש, דער מחבר פון ספר „רביד הזהב"), ר' שמחה באָרד'ס *) וכדומה. אַנדערע קלויזען טראָגען די נעמען פון זייערע מנדבים, ווי יסו"ד (יהודה ספרא ודיינא), ר' ליב ליזר'ס, ר' זיינוויל, פרנס, דאחים, וואַלק (אָדער יעקיל חלפן'ס), מושקע-ליב-זאַלקינד'ס, שטראַשון, פונדעק, עליאַשבערג, זאַקש, גלויבעשאָווע, יאָגיבעס, ועטעל (אָדער ר' מיכל קצין'ס), אַפּאַטאָוו, נאָרדאָן, מייטעס, ושירמונסקי, פטאַשקין, חאָלעם, מייטעס, קירזנער וכדומה; אָדער די נעמען פון די מוסדים און פון די חברות, וועלכע האָבען די קלויזען געגרינדעט, ווי גחש"א (גמילות חסד של אמת), מנחם-אבלים, משמרת-חולים, ליובאַוויצער שטיבל, קאָידענאָווער שטיבל, מושב-זקנים, הכנסת אורחים, הקדש, קלויז ישיבת ר' מיילא, תלמוד תורה וכדומה. אַנדערע קלויזען ווידער רופען זיך נאָך די נעמען פון די פאָר-שטעדטלעך, וואו זיי געפינען זיך, למשל: נאָוואָגראָדער שול, אויך נאָוואָגראָדער בית-מדרש (פריהער איז דאָרט געווען אַ ישיבה; איצט, אין מלחמה-צייט, איז זי בטל געוואָרען), שניפּישקער בית-מדרש, אויך שול (איהר האָט געבויט דעם גאון'ס זוהן ר' אברהם), לוקישקער בית-מדרש, אַנטאָקאָליער, רוזעלער, ליפּווקער, קאָמינער, פּיאַסקער, נאָוואָ-סוויאַטער, גרינער-בריקער, פּאָפּלאַווער **), זאַרעצער (איבערגעבויט אין יאָר תר"ב, דעם אַלטען האט דער וואַסער אַראָבגעשווינקט ***).

# I. די קלויזען אין יודישער גאַס.

מעהר קלויזען ווי אומעטום געפינט זיך אין דער יודישער גאַס, ווייל אַמאָל איז דאָרט געווען די יודישע געטא, ד. ה. יודען האָבען אין אַנדערע שטאָדט-טיילען ניט געטאָרט וואוינען.

גלייך אַריינגעהענדיג פון מאָרגענשטערינס הויף, געפינען מיר די קלויז פון ווילנער שטאָדט-גבאי ר' חיים נחמן פּרנס (פריהער זיין שווערס ר' ליב ר' בער'ס). דאָרט פלעגען דאַוונען ר' אַבעלי פּאָסוואַלער, דער לעצטער ראב"ד ר' חאצקעלע לאנדא (פּרנס'ס אַ שוואָגער); אויך ר' חיים וואָלאָזשינער און דער „אפיקי יהודה", ווען זיי פלעגען קומען אין ווילנא. דער ווילנער מו"ץ ר' יעקב באַריט האָט דאָרט געזאָגט אַ שיעור „טור" פאַר די ווילנער עלוים, און די ברידער גאונים ר' בצלאל און ר' שלמה'לע זיינען געווען זיינע תלמידים. נאָך באַריט'ס פּטירה האָט געזאָגט דעם שיעור ר' שלמה'לע. גאָר ניט לאַנג האָבען דאָרטען געדאַווענט די טאָקאַרעס, איצטער — די ווייסע בעקער.

נאָך פרנס'ס קלויז געפינט זיך די סטאָליאַרסקע קלויז, וואו ס'איז פריהער געווען די וואוינונג פון בעוואוסטען ווילנער שטאָדט-מגיד ר' וועלוועלע. מחמת גרויס רעספּעקט צו זיין פּערזענליכקייט, האָבען עס די סטאָליאַרעס איבערגעמאַכט אויף

---

*) מען האָט איהם גערופען „באָרד", ווייל ער האָט געהאַט זעהר אַ לאַנגע, שיינע באָרד. דאָרט אין קלויז איז געווען דער צענטער פון די משכילים, ווי האָבען דאָרט געלערנט דקדוק, געלייענט די „מאספים" („עיר ווילנא").

**) אין פּאָפּלאַווער בית-מדרש האָט געלערנט דער גאון ר' שמואל שטראַשון, דער מחבר פון הגהות „הרש"ש". עד היום געפינען זיך אין קלויז גמרות מיט זיינע הגהות. די קלויז איז געגרינדעט איז יאָר תק"ץ, פערגרעסערט אין יאָר תרי"ת און איבערגעבויט אין יאָר תר"ע. אין קלויז איז פון שטענדיג אָן ביז די לעצטע צייטען געווען אַ ישיבה; דער רב קארעליץ האָט געזאָגט דעם שיעור און די בע"ב פון קלויז האָבען איהר געשטיצט, נור אַז די בע"ב זענען פעראָרימט געוואָרען צוליב דער מלחמה, איז דער שיעור בטל געוואָרען. די קלויז האָט אַ פּנקס פון יאָר תרי"ת.— אין קלויז ווערען געהיט 367 ספרי תורות, וואָס מען האָט מציל געווען בעת'ן גרוש פון די שטעדט-לעך ושעזשמער, פּעטרושין, שירווינט, שאַט, סלאָבאָדקע, יאַסווין, שעסאָל, געדרעוויץ, יעוויע.

***) דאָרט האָט דער גאון ר' ישראל סאַלאַנטער געזאָגט אַ שיעור פאַר פערציג וואוילע יונגע לייט אין יאָר תר"ת — תר"ז; אין תר"ו האָט בעזוכט זיין ישיבה ר' משה מאָנטעפיאָרע.

א קלויז, וועלכע רופט זיך אויף זייער נאָמען. אויך געפינט זיך דאָרט א גמילות חסד.

נאָך מאָרגענשטערינס הויף געהט די ישיבה ר' מ י י ל א, מיט א קלויז, געגרינ־דעט אין יאר תקצ"א. אין 1909 איז זי פון אַלטקייט איינגעפאַלען (איצטער געפינט זיך די ישיבה אויף נאָוואָגראָד אין אַן אייגענעם בנין). דאָרט זיינען געווען ראשי ישיבות די גאונים ר' מרדכי מעלצער, ר' ישראל סאַלאַנטער, ר' יעקב פּיעסקין און ר' שמואל פּיעסקין. אין קלויז געפינט זיך אַן אַלטער פּנקס פון יאָרצייטען.

נאָך ר' מיילא'ס ישיבה נעהט די קלויז פון די שמשים, אָדער „ד ב ו ר ה ־ א ס ת ר'". דבורה־אסתר איז געווען אַן אָרימע יודענע אַ צדקניות, וועלכע פלעגט אַרומ־טראָגען קאָשיקעס געבעק. און זי האָט עס איבערגעבויט די קלויז און דאָרט געמאַכט אַ גמ"ח, פון קאָפּיקעס האָט זי אויפגעקליבען אויפ'ן גמ"ח מעהר ווי דרייסיג טויזענט רובל. די לייערס זיינען אויך אָרימע ווייבער, וואס האַנדלען אויף יודישע גאַס מיט קאָשיקעס קאַרטאָפעל, באָב, אַרבעס, און איצט – מיט באַבקעלעך, בולבע־טיינעבי'ן, בולבע־קאַשע, קיקורוזע־קאַשע, פּישקניידלעך א. אַ. וו. די הלואות בעשטעהען פון 3 ביז 25 רו"ב. אין דרום־וואַנט פון קלויז איז דאָ אַ טאַפעל, אויף וועלכען ס'איז אויס־געשריבען דבורה־אסתר'ס צדקות.

נאָך דבורה־אסתר'ס קלויז נעהט די קלויז פון די א י י נ ב י נ ד ע ר, אויך מיט אַן אייגענעם גמ"ח (איצט פערמאַכט). דאָרט איז אַמאָל געזעסען דער בית־דין של מעלה (די ווילנער גרעסטע דיינים).

נאָך דער איינבינדערשער קלויז געפינט זיך די קלויז „ח ב ר ה ת ו ר ה", וואָס איהר האָט אויסגעבויט ר' ישעיה'לע סגי נהור, אַ בלינדער, וועלכער האָט געקענט גאַנץ ש"ס אויסווענינ. ער האָט געהאַט אַזאַ שם, אַז ווען ר' משה מאָנטעפיארע איז אין יאָר תר"ו געווען אין ווילנא, האָט ער איהם בעזוכט אין שטוב און גענומען ביי איהם אַ ברכה. אין דרום־וואַנט פון קלויז איז איינגעפאַסט אַ טאַפעל, אויף וועלכען ס'איז אויסגעשריבען זיין גרויסקייט. דאָרט אין קלויז געפינט זיך פון שטענדיג אָן אַ קבוץ פון בחורים וואָס'ל־לערנער. ווינטער תרע"ו זיינען די בחורים אַריבער אין קבוץ „לומדי תורה", און אויף זייער אָרט לערנען די אַנטרונענע רבנים פון קאָוונער גובערניע.

אין אַנדערען הויף, וואָס הייסט דורכהויף (מען געהט דורך איהם דורך אין יאַטקעווער גאַס, די אַנדערע גאַס פון געטאָ), געפינט זיך די קלויז פון די ג ל ע ז ע ר, מיט אַן אייגענעם גמ"ח און אַ קבוץ פון יונגע לייט (איצט איז דער קבוץ בטל און דער גמ"ח פערמאַכט).

נאָך די גלעזער־קלויז, געפינט זיך די קלויז פון די ב ל ע כ ע ר, אויך מיט אַ גמילות חסד (איצט פערמאַכט).

אין ד ו ר כ ה ו י ף געפינען זיך פון שטענדיג אָן די קראָמען פון יודישען היס־טאָרישען האַנדעל מיט אַלטע זאַכען און שמאַטעס. דער דאָזיגער האַנדעל איז איצט, אין מלחמה־צייט, נאָך פערמעהרט און פערגרעסערט געוואָרען פון די נויטבעדערפטיגע, וועלכע פערקויפען די לעצטע קישען, די לעצטע העמד, אַבי זיך ראַטעווען פון דחקות.

אין דריטען הויף געפינט זיך די קלויז פון די ש נ י י ד ע ר ־ מ י י ס ט ע ר, אַן אַלטע קלויז מיט אַ גמ"ח (איצט פערמאַכט). דאָרט אין קלויז איז אין יאָר תקי"ץ געווען די ישיבה ר' מיילא. די קלויז האָט אויך געהאַט אַ העננ־לייכטער, אַ גרויסען אנטיק מיט 60 רעהרען, איצט איז ער מסתמא אין מאָסקווע צוזאַמען מיט די העננ־לייכטער און מנורות פון די איבעריגע קלויזען, וועלכע מ'האָט אין דעם מלחמה־יאָר תרע"ה אָבגעשיקט אַהין.

אַנטקעגען שניידערשער קלויז געפינט זיך די קלויז פון ווילנער מיוחס און אַמאָליגען גרויסען בעל־צדקה ר' ל י ב ל י י ז ע ר'ס. אין קלויז געפינט זיך אַ פּנקס פון יאָר תקס"ד, ער האָט אַ היסטאָרישען ווערט.

אין װעלכען הויף געפינט זיך אויך די קלויז פון די שוסטער, מיט אַ נמ"ה (איצט פערמאַכט).

אין ליב לייזער'ס הויף װאוינען די אַריסטאָקראַטען פון יודישע גאַס. אַלס טיפּיש קאָן דינען פאָלגענדער בילד: אין אַ טיפען פינסטערען קעלער שטעהט אַ גרויסער אויװען, װאָס פערנעהמט כמעט דעם גאַנצען קעלער, און אין דעם קעלער װאוינען 6 פאַמיליעס, איינע אויפ'ן אויװען, די צװייטע אין קאַטוך פון אויװען, די דריטע אויף אַ פּאַלאַטקע, די פירטע אין אַ צובראָכענער בעט אונטער דער פּאַלאַטקע, די פינפטע אויף אַ לאַנגען טיש, די זעקסטע אונטערן טיש. די איינװאוינער פון קעלער זיינען אלמנות מיט יתומים, װאָס שפּייזען זיך פון אויװען, ד"ה זיי קאָכען אויס בולבע, באָב, אַרבעס א. אז. װ. און פערקויפען דאָס אין יודישע גאַס.

נאָך ליב לייזערס קלויז געהט נאַרבאַרסקער צעך, אַן אַלטע קלויז. דאָרט דאַװנען איצטער די פּעלקרעמער.

אַנטקעגען נאַרבאַרסקען צעך איז די קלויז פון די פישער, מוכרי דגים, איצט דאַװנען דאָרט די קאַמאַשען-שטעפּער. אין קלויז אויפ'ן מורח-װאַנט הענגט אַ טאַפעל, אין װעלכען עס איז פערשריבען, אַז די גאַנצע 36 יאָהר, װאָס ר' װעלװעלע איז געװען שטאָדט-מגיד, האָט ער דאָרט געדאַװענט און מיט זיי געלערנט.

אַנטקעגען די פישער-קלויז איז קלויז יעב"ץ, װאָס ר' דוד יעב"ץ האָט איהר מנדב געװען. דאָרט דאַװנען די בראָנזשניקעס.

## II. דער שולהויף און זיינע קלויזען.

אין מיטען יודישע גאַס געפינט זיך דער װילנער שולהויף, װעלכער שמ'ט אויף דער גאַנצער װעלט מיט זיינע פיל קלויזען און מיט דער איינענאַרטיגקייט פון יעדער קלויז בעזונדער.

די קלויז הגר"א. אַריינגעהענדיג אויפ'ן שולהויף לינקס, געפינען מיר דעם גאון'ס קלויז, פון װעלכער עס װעהט אַ אימה און אַ פחד. און אַז מען געהט דאָרט אַריף און מען גיט אַ קוק אויף די גרייז-גרויע אַלטע לערנער, דוכט זיך, אַז דעם גאון'ס נשמה שװעבט דאָרט אַרום. מען הייבט אָן צו לערנען דעם נוסח פון טאַפעל, װעלכער איז אַיינגעפאַסט אין װאַנט פון זיין הייליגען מקום: „מיר האָבען געפונען אַ צדיק תמים, װעלכער איז געזעסען אויף דעם אָרט פערציג יאָר און געלערנט. זיין נאָמען קלינגט אין דער גאַנצער װעלט. זיינע שבחים איז אונמעגליך צו דערצעהלען, נאָר'ס חכמה האָט זיך איהם ענטדעקט און מיט זיינע ספרים אין תורה און חכמה האָט ער בעלויכטען די גאַנצע װעלט. זיין אָנדענקונג װעט בלייבען אומעטום אייביג. זיינע ספרים װעלען אַלע לערנען און ס'װעט זיך מעהרען חכמה און װיסענשאַפט. געבאָרען דעם ערשטען טאָג פסח ת"פ, נסתלק געװאָרען ג' חוהמ"ס תקנ"ח". (דער איבערזעץ איז פערקירצט). לזכר דעם גאון'ס הייליגען נאָמען האָט מען אין תקס"א פון זיין מנין אויסגעבויט די קלויז (אין תרכ"ט האָט מען איהר פערגרעסערט), און מען רופט איהר קלויז הגר"א (אָדער דעם חסיד'ס קלויז*). און אַזוי שטייהענדיג פערטראַכטערהייט, װערט מען אַמאָל פלוצים ערשיטערט פון האַרצרייסענדע געשרייען און געװיינען פון אַ פערצװייפעלטער פרוי, װעלכע פאַלט אַריין מיט אימפעט אין אָרון-קודש בעטען ג' אין גאון'ס קלויז פאַר איהר געפעהרליכען קראַנקען מאַן אָדער קינד. דערהויפט שרעקליך איז געװען אין אָנהויב מלחמה, בייי יעדער מאָביליזאַציע און יעדען פריזיװ פלעגט די קלויז װערען בעזוכט פון אַ סך פרויען און קינדער, װעלכע פלעגען פריהער געהן אויפ'ן אַלטען בית-עולם צו די קברים פון גאון, פון גאון'ס מוטער און פון גר-צדק, דערנאָך פלעגען זיי גאַנצע

---

*) דאָרט האָט אויך געדאַװענט דער װילנער מו"ץ ר' אברהם דאַנציג, װאָס איז מפורסם מיט זיין ספר „חיי אדם".

סחנות-וויז אריינפאלען אין אָרון-קודש פון גאון'ס קלויז (אויך פון גרויסע שוהל) מיט
אזוינע געוויינען און געשרייען, אז די הארץ פלעגט ממש צוריסען ווערען... דערהויפּט
זיינען געווען שרעקליך די געוויינען פון די קלייניקע קינדערלעך, וועלכע די מוטערס
פלעגען זיי אויך ברענגען וויינען און בעטען נ' פאר זייערע טאטעס, וואס מ'האט
צוגענומען אויף דער מלחמה.

שטראַשונ'ס ביבליאָטעק. אנטקעגען קלויז הגר"א איז די יודישע גע-
טיינדע-ביבליאָטעק ביי דער גרויסער שול. דאָס איז דער שטאָלץ פון ווילנא. דאָרט
קען מען טרעפען גאונים און חכמים, חסידים און מתנגדים זיצענדיג און לערנענדיג ביי איין
טיש, איבער וועלבען עס שוועבט ארום די פּאַטריאַרכאַלישע געשטאַלט פון איהר
גרינדער ר' מתתיהו סטראַשון. איצט, אין מלחמה-צייט, איז די ביבליאָטעק דער איינ-
ציגער מקום-מנוחה פאר רבנים, דרשנים, מלומדים, משכילים, שריפטשטעלער און סתם
איידעלע לייט, געוועזענע סוחרים, בע"ב א. אז. וו. אנדערע פון זיי קומען לערנען,
אַרבייטען, און אַנדערע קומען זובען אַ טרייסט אין די טייערע ספרים, אום אַביסעל
צו פערגעסען אָן זייער אומגליק און נויט, אָן זייער דחקות און פיין.

די גרויסע שול. נאָך דער ביבליאָטעק נעהט די גרויסע שול, געגרינדעט אין
של"ג (1573), וועלכע איז פערוועבט מיט טויזענטער לעגענדעס און ספורים. אַ לעגענדע
דערצעהלט, אז ווען נאַפּאלעאָן דער ערשטער האָט אין 1812 בעזוכט די גרויסע שול,
איז ער געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל, פערוואונדערט פון דער אַלטקייט און דער
שענער אַרכיטעקטור פון די פיר ריזען-זיילען, וועלכע טראָגען אויף זייערע קעפּ אַ
געוועלב פול מיט קונסט און שענע בעפוצונגען. און פון דער בימה און אָרון קודש.
דער מזרח דערוועקט די זכרונות וועגען די גדולים, וואָס ווילנא האָט אַמאָל פערמאָגט.
עד היום איז נאָך פאַרהאַן אין מזרח אַ שטיין אַלס אַ סימן, אַז מען זאָל זיך דאָרט
ניט זעצען: דאָס איז געווען דער מקום פון לעצטען ווילנער רב ר' שמואל. ביים
אָרון קודש זיינען געשטאַנען די ווילנער גאונים ר' מנחם מאנוש חיות, ר' משה דער
מחבר פון „חלקת מחוקק", ר' אפרים דער מחבר פון „שער אפרים", דער מהרש"ק דער
מחבר פון „ברכת הזבח", ר' הלל דער מחבר פון „בית הלל", ר' משה ריווקעש און
דער ש"ך. נעבען דעם זעלבען אָרון קודש איז געשטאַנען דערנאָך דער ווילנער רב ר'
משה קרעמער *), דעם ווילנער גאונ'ס אַ זיידע, אויך זיין אייניקעל דער ווילנער גאון
ר' אליהו (איין מאָל ווען ער איז אַלט געווען 7 יאָהר און האָט געהאַלטען זיין בע-
וואוסטע דרשה און נאָך אַמאָל, ווען ער איז אַלט געווען דריי און זיבציג יאָהר **).
נעבען זעלבען אָרון קודש זיינען אויך געשטאַנען די ווילנער גרויסע מגידים: ר' יחזקאל

---

*) מען האָט איהם גערופען משה קרעמער, ווייל זיין ווייב האָט געהאַלטען אַ קראָם.
קיין שכירות האָט ער ניט געוואָלט נעהמען, האָבען איהם די שטאָדט-לייט געוואָלט מהנה זיין מיט
„פדיון". האָט ער זיך אָבער דערפון דערוואוסט און האָט געמאַכט אַ חשבון, וויפיל ער
דאַרף האָבען אַ וואָך „השפקה", און האָט אָנגעזאָגט דער ווייב, אַז אויב אַפילו זונטאג אין
דער פריה וועט זי שוין האָבען אַזוי פיל „פדיון", זאָל זי אַ גאַנצע וואָך האַלטען די קראָם
פערמאַכט, ווייל אַנדערע קרעמער דאַרפען אויך לעבען („עיר ווילנא").

**) דאַן (תקנ"ד) האָט יעקאַטערינע געשיקט חילות אַיינשטילען די מרידות אין פוילען
און ליטא. זיי האָבען בעלאַגערט די שטאָדט און כ"א תמוז זיינען אויף זאַרעצע דער'הרג'עט
געוואָרען 30 מאַן. ט"ז באב האָט מען אָנגעהויבען פון שלאָסבערג בעשיסען די שטאָדט;
דעמאָלט האָבען זיך אַלע יודען, — מענער פרויען און קינדער, - פערזאַמעלט אין גרויסע
שוהל. דער ווילנער גאון איז אַרויף, האָט געעפענט דעם ארון קודש און מיט גרוים געוויין
האָט ער און אַלע נאָך איהם אָנגעהויבען זאָגען 7 מאָל יענך. דאַן איז געפאַלען אַ קויל און גע-
בליבען שטעקען אין דאַך פון גרויסע שול (עד היום). דער עולם האָט זיך שטאַרק דערשראָקען,
האָט זיי דער גאון בערוהיגט און געזאָגט: בטל, בטל! אַ שר, וועלכער האָט ניט געוואָלט
לאָזען חרוב מאַכען די שטאָדט, האָט געעפענט די טויערן פאַר'ן רוסישען חיל. לזכר דעם
נס זאָגט מען נאָך עד היום אין גרויסע שוהל ט"ז באב שיר היחוד און מ'ניט פדיון נפש,
(„עיר ווילנא").

פיוויל, זיין זוהן ר׳ זלמן זאב (ר׳ וועלוועלע), ר׳ יצחק אליהו לאנדא. ביים עמוד זיינען געשטאַנען די גרויסע בעלי-תפלות און חזנים: ר׳ יואל דוד, דער בעל-הבית׳ל, ר׳ חיים לאָמזער, פיינזילבער, קופער א. א. און ביים שטאָלינען מורח זיינען געזעסען די גרויסע פרנסים, די מנהיגים פון שטאָדט, ווי ר׳ זלמן ר׳ אוריים, ר׳ ליב ר׳ בער׳ס און ר׳ שמואל יהודה׳ס (מ׳האָט זיי גערופען די דריי ווילנער שטאָדט ווילען), ר׳ אליעזר דילאָן, ר׳ נחום שתדלן, ר׳ חיים נחמן פרנס, ר׳ מתתיהו שטראַשון, ר׳ שמואל יוסף פין א. א.

די שול נחש״א. אנטקעגען דער גרויסער שול איז די שול נחש״א, אָדער קברנ׳ישע, ווייל דאָרטען דאַוונען די חברה קברנים. די חברה איז געגרינדעט אין יאָר רמ״ז און די קלויז איז איבערגעבויט געוואָרען אין יאָהר תק״י. דעם געוועלב האָט דאַן מנדב געווען דער יסו״ד פאַר אַ מקום אויפ׳ן בית-עולם. דאָרט ווערט געדאַוונט און געלערנט אָהן אַ שיעור און אָהן אַן אויפהער. דאָרט געפינט זיך אַן אַלטע חברה מקרא, געגרינדעט אין יאָהר תקמ״ז, עטליכע שיעורים משניות, עטליכע שיעורים ש״ס, עין יעקב, אַ חברה „מעמדות״ און אויך אַ חברה „עשירי קודש״ *), וואָס ר׳ אַבעלי פאָסוואלער און ר׳ וועלוועלע דער שטאָדט-מגיד האָבען זיי געגרינדעט.

אַלע ערב ראש-חודש ווערט אין נחש״א אבגעריכט יום-כפור-קטן און פון גאַנץ שטאָדט קומט זיך צונויף אַ גרויסער עולם מענער און פרויען. אַ סך פאַסטען. דער מגיד פון נחש״א האלט פריהער אַ וואַרימע דרשה, דערנאָך לייענט מען ויחל. מ׳זאָגט תפלות און וידוים מיט גרוים געוויין, אַזוי ווי יום-כפור. כמעט אַ גאַנץ ווינטער תרע״ז איז די קלויז געווען פוסט און מ׳האָט גערופען אַ מנין פון נאָס, ווייל דאָרט איז געווען זעהר קאַלט (מחמת דעם יקרות אויף האָלץ) און אימה׳דיג פון די מתים (די אָרימע לייט פלעגען דאָרט אַלע ווילע שטאַרבען). מ׳זאָגט ניט צו די תעניתים, וועלכע מ׳פלעגט אָפט גוזר זיין אויפ׳ן דחקות און די גרויסע צרות, פלעגט זיך דאָרטען צונויפקומען אַ גרויסער עולם מענשען. אַ סך פלעגען פאַסטען. דער מגיד פלעגט פריהער זאָגען אַ וואַרימע דרשה, נאָכדעם פלעגט מען זאָגען תפלות און תהנונים מיט אַזעלכע געשרייען און געוויינען, אַז דער הימעל האָט זיך געדאַרפט שפּאַלטען.

דער ענין און דער רעיון פון די איצטיגע דרשות איז כמעט ביי אַלע מגידים דער-זעלבער, מעהר גיט אין אַנדערע פאָרמעס מיט אַנדערע פסוקים און מאמרי חז״ל. פריהער זאָגט מען מוסר, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון ג״, ווייל די וועלט בכלל איז פול געוואָרען מיט חמס און זמה און ביי יודען בפרט צוליב בטול-תורה, חלול שבת, פריצות, וואָס מען שטיצט ניט די אָרימע לייט; דערנאָך זאָגט מען אַביסעל נחמה, אַז דאָס איז משיח׳ס צייט און די גרויסע צרות זיינען אַ סימן אויף אַ גיכע גאולה, אויך די רוסישע רעוואָלוציע פון 1917 האָט געפונען אַ גרויסען אָבקלאַנג אין די מגידישע דרשות. זיי האָבען אין דעריין געזעהן השגחה פרטית און האָבען דערמיט דערוויזען גמול ועונש, אַז די אַלע, וואָס האָבען יודען פריהער געדריקט, געטריבען, זיינען איצטער אַליין געדריקט און פערטריבען געוואָרען א. אז. וו. אויך אויפ׳ן שולהויף און אין די קלויזען פלעגט דער גאַנצער עולם ריידען וועגען דער רעוואָלוציע טאָג און נאַכט מיט גרוים שמחה און התפעלות.

אין נחש״א האָבען זיך אַ קורצע צייט אויפגעהאַלטען די ערשטע אַנטרונענע, וועלכע זיינען נאָך פאַר שבועות תרע״ה געקומען קיין ווילנא. זיי זיינען געווען אַן ערך 15 פאַמיליעס. שפּעטער-צו האָט מען זיי אַריבערגעפיהרט אין די שטיבלעך איבער דער אַלטער קלויז.

די קלויז יסו״ד. אַנטקעגען נחש״א איז די קלויז יסו״ד (יהודה ספרא ודיינא) אָדער די „נייע קלויז״. דער יסו״ד איז געווען דריי יאָר אב״ד אין ווילנא, זעהר אַ זעלטענער

*) „עשירי קודש״ הייסט, אַז פון יום-כפור הייבט מען אָן צעהלען 9 טעג און דעם צעהנטען פאַסט מען. אַזוי צעהלט מען אָב אַ גאַנץ יאָר ביז דעם אַנדערען יום-כפור.

טיפ, אַ גרויסער גאון און אַ גרויסער עשר, וואָס שענקט אַוועק זיין גאַנצע ענערגיע און עשירות אויף שתדלנות אַראָבצונעהמען פון יודען שלעכטע גזרות. ער האָט אויך מנדב געווען די בימה אין גרויסער שול און האָט געבויט די „נייע קלויז" אין יאָהר תקי"ז, בשעת זיין איידים ר׳ שמואל איז געוואָרען רב אין ווילנא. מען דערצעהלט, אַז דער יסו"ד האָט געוואָלט איינפיהרען מען זאָל אין זיין קלויז קומען פּריוואָטאָ דאַווענען מנחה, – האָט ער אַלע פּריוואַטאָ געשטעלט לעקעך מיט בראַנפען און אַלע יודען געהענדיג פון מרחץ, פלעגען גלייך אַריינגעהן אין קלויז יסו"ד מאַכען ברכה און דערנאָך דאַווענען מנחה. („עיר ווילנא"). און עד היום איז איינגעפיהרט, אַז אין קיין קלויז כמעט ווערט פּריוואַטאָ ניט געדאַווענט קיין מנחה, נור אין קלויז יסו"ד. און פון האַלב-איינס ביז קבלת שבת ווערט דאָרט געדאַווענט מנחות נאָך מנחות, און יודען קומען פון גאַנץ שטאָדט, אפילו פון די פאָרשטעדטלעך, דאַווענען מנחה אין קלויז יסו"ד.

נאָך מיט עטליכע יאָר צוריק פלעגט מען אין קלויז יסו"ד פּריוואַטאָ-צו-נאַכט לערנען אַ גאַנצע נאַכט, אַ מגיד נאָך אַ מגיד פלעגט זאָגען די סדרה חומש און מדרש, און אַן עולם פלעגט אָוועקגעהן און אַן עולם פלעגט קומען, אַזוי בייטענדיג זיך ביז פאַר-טאָג. דאָרט פלעגט זיך תמיד געפינען אַ פרומער יוד, וואָס האָט אַלעמען מכבד געווען מיט פרישע קאַלטע וואַסער, וועלכע ער פלעגט אַלע ווילע אַרויפטראָגען, און דאָס איז געווען זיין עובדא אַ גאַנצע נאַכט. אויסער דעם מדרש מיט די מנחות איז די קלויז יסו"ד געווען פון אייביג אָן אַ מקום תורה, דאָרט זיינען געווען גרויסע ישיבות מיט גרויסע ראשי ישיבות (אין יאָר תקמ"ו ר׳ חיים עפשטיין, ר׳ מאיר קאַרעליצער א. א.). אפילו אין דער לעצטער צייט איז דאָרט געווען אַ קבוץ פון תאוילע בחורים. מ׳האָט איהם גערופען ר׳ „חיים עוזר׳ס קבוץ".

די קבוצים פון לערנער. פאַר דער אָקופּאַציע האָבען זיך אין ווילנא פערזאַמעלט קרוב 200 בחורים לומדי תורה. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען אַנטרונענע פון די ישיבות סלאָבאָדקע, טעלז, וואָלאָזין, פּאָנעוועזש א. א., וואָס זיינען חרוב געוואָרען צוליב דער מלחמה. קיין ווילנא זיינען אויך אָנגעקומען אַ היבשע צאָל פרושים פון קאָוונער כולל און פון אַנדערע. צווישען די אָנגעקומענע לומדים זיינען געווען אַ סך מוסמכים וגדולי תורה. די בחורים האָבען אין שנת תרע"ו אַרויסגענעבען אַ מאסף „אכסניא של תורה".

– די ישיבה-לייט האָבען זיך צוטיילט אין צוויי קבוצים: „קבוץ לומדי תורה" אין קלויז יסו"ד און „קבוץ בית שאול" אין ר׳ שאולקעס קלויז. אַלע זונטאָג (און שפּעטער צוויי מאָל אַ וואָך) פלעגט אין „קבוץ לומדי תורה" זאָגען אַ שיעור אין תורה הרב ר׳ הניך איינעס. דער מנהל פון קבוץ איז יוסף ליפּמאַן הורעוויץ.

פאַר די בחורים און פרושים פון „קבוץ בית שאול" פלעגט זאָגען אַלע שבת ביי זיך אין שטוב אַ שיעור אין תורה הרב ר׳ יצחק רובינשטיין.

שטיצע פלעגען די בחורים בעקומען פריהער 2 רובל אַ וואָך, דערנאָך 5 און 7 רובל אַ וואָך. זיי האָבען אויך בעקומען איינמאַליגע תמיכות אויף קליידער, שיך ובדומה. אַ סך טרחה און אַרבייט איז אויסגעקומען אָבצוגעבען ביים בעוואָרנען די ישיבה-לייט, וואָס פלעגען קראַנק ווערען.

אויסער דער געלט-שטיצע איז געגרינדעט געוואָרען פאַר די בני-הישיבה אַ „סעודת שבת", וואו זיי פלעגען בעקומען עסען שבת; אַ „פּת שחרית", וואו זיי פלעגען בעקומען יעדען טאָג פריהשטיק. נאָך שבועות תרע"ז האָט זיך פאַר זיי געעפענט אַ לאָקאַל ביי דער קיך פון דאַמען-קאָמיטעט – בית ועד לבני הישיבות – וואו זיי בעקומען מיטאָג. דער „סעודת שבת" האָט זיך אויך דאָרט אַריבערגעטראָגען. פאַר די צוויי יאָר, וואָס דער קבוץ לומדי תורה עקזיסטירט, האָט זיין ביודזשעט אָנגעטראָפען 32015 מאַרק.

דער קבוץ לומדי תורה האָט לכתחלה געלערענט אין קלויז יסו"ד, דערנאָך איז ער אַריבער אין קלויז פּאָפּלאַוועס און פון דאָרט אין קויז קירזנער. איצט גע-

פינט זיך דער קבוץ אויף נאָוואָגראָד, גומ׳ 5, אין בנין פון ר׳ מיילאָ׳ס קלויז.

אָנהויב זומער תרע"ז צוליב גרויס יקרות און גרויס דחקות זיינען ס'רוב בחורים אָבגעפאָרען אין די נייע קבוצים, וועלכע האָבען זיך נעגרינדעט אין פּאָנעוועזש, טעלש א. א. דער קבוץ האָט געזעהן צו בעזאָרגען די אָבפאָרענדע מוט אַלץ וואָס ס'איז מעגליך. חוץ, וואָס דער צ"ק האָט נעגעבען די לערנער א געוויסע סומע, האָבען זיי אויך פון קבוץ בעקומען הוצאות הדרך, אום זיי זאָלען האָבען די מעגליכקייט איינצואָרדענען זיך אויף די ערטער.

**איצט זיינען פערבליבען אין קבוץ ס"ה 20 בחורים.**

ביי די בחורים זיינען געווען צוויי פּאַרטייען: מוסר'ניקעס און ציוניסטען. דעם ערשטען זמן, ווינטער תרע"ו, האָבען גובר געווען די מוסר'ניקעס און נאָך די סדרים (ד. ה. נאָכ'ן אָבלערנען גמרא, אין אָוונט פון האַלב אַכט) פלעגט מען לערנען מוסר-ספרים „מסלת ישרים", „חובת הלבבות", „שערי תשובה לרבנו יונה" מיט זעהר אַן אומעטיגען, האַרציגען ניגון. אין פריהלינג תרע"ז זיינען די מוסר'ניקעס אָבגעפאָהרען אין סלאבאדקע. דאָרט האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט פון דאָס ניי א ישיבה. דאַן האָבען זיך א סך פון די בחורים ציוניסטען אָרגאַניזירט אין א אגודה „צעירי המזרח" און זיי האָבען אין זאַל „פּת שחרית" אַלע טאָג געלערנט א שעה תנ"ך און אגדה. אַלע שבת האָבען זיי דאָרטען געהאַלטען רעפעראַטען וועגען ציל און צוקונפט פון די בני הישיבה, וועגען די נביאים, וועגען דער אַלטער און נייער ליטעראַטור, וועגען ציוניות, וועגען פערשיידענע תלמודישע טעמעס אין הלכה אין אגדה וכדומה. א גאַנץ ווינטער תרע"ז האָט ד"ר רעגענסבורג געלייענט דריי מאָל אין וואָך רעפעראַטען פאַר די ענטוויקעלטערע בחורים וועגען פילאָזאָפיע, נאַטורוויסענשאַפט און האמילעטיק. אין דער העברעאישער גימנאַזיע האָט מען מיט זיי געלערנט א פּאָר שעה אין טאָג דייטש. בכלל האָט זיך אַרויסגעוויזען ביי די בחורים זעהר א גרויסער חשק צו אַלגעמיינע למודים. אין גמרא-לערנען זענען געווען זעהר גרויסע מתמידים, וואָס פלעגען לערנען מעהר ווי 18 שעה אין מעת-לעת. דער ועד פון די בחורים האָט איינגעשטעלט, אז חוץ דעם שיעור פון די רבנים זאָל יעדען מאָנטאָג און דאָנערשטאָג זאָגען איינער פון די בחורים א שיעור אין תורה. די זאָגערס פלעגען זיך צו דעם זעהר פיעל צוגרייטען און שטודירען אין די ספרים פון שטראַשונס ביבליאָטעק.

**די חברות „עץ חיים", „מרביצי תורה", „משרתי בקדש".** חוץ די לערנער, וועלכע זיינען אַוועק אין קבוץ, האָבען אויך די פּרושים אַן ערך 40 יונגע לייט, זיך פעראייניגט חשון תרע"ו אין אַן אגודה „עץ חיים", וואָס פלעגט לערנען אין גאָונ'ס קלויז אַלע אָוונט חוץ משפט (איצט איז דער שיעור בטל געוואָרען) און פלעגט בעקומען שטיצע פון צ"ק און דורך די ראַבינער רובינשטיין און לעווי.

די מגידים און רביים, אַן ערך 80 פאַמיליעס (צווישען זיי א סך רבנים אנטרונענע), האָבען זיך ז׳ אדר תרע"ז פעראייניגט אין אַן אגודה „מרביצי תורה" מיט געדרוקטע תקנות אויף העברעאיש און יודיש, ערלויבטע פון דער מאַכט. די חברים פון „מרביצי תורה" לערנען אַלע טאָג פון 12 ביז 1 שו"ע און טור אין דער אַלטער קלויז. די חברה בעקומט שטיצע פון צ"ק און דורך די ראַבינער רובינשטיין און לעווי.

די שמשים, אונטער-שמשים, בעלי-קריאות, וועלכע האָבען אָנגעוואָרען זייער גאַנצע הכנסה, אז די קלויזען זיינען געוואָרען פוסטליך און די בע"ב פעראָרימט, האָבען זיך ח'נטער תרע"ז פעראייניגט אין אַן אגודה „משרתי בקדש" און האָבען געעפענט אַן איינענע קיך. שטיצע בעקומט די אגודה פון צ"ק. איהר ועד געפינט זיך אין דער שמשישער קלויז אין ר׳ מיילאָ׳ס הויף.

די קלויז „גמילות חסד" און דער תקון חצות. נאָך דער קלוי' יסו"ד געפינט זיך די קלויז גמילות חסד. מ'רופט איהר גמ"ח, ווייל זי האָט אַן איינגענעם לאָמבאַרד, ד. ה. זי לייט געלט אָהן פּראָצענט אויף משכנות. די קלויז האָט אַמאָל געהאַט גרויסע מגידים, ווי ר' אברהם הוראדנער און ר' מאיר עפּשטיין, וועגען וועלכע ס'איז געשריבען אויף אַ טאפעל אין מורח־וואַנט. אפילו אין דער לעצטער צייט פלעגט מען אייך קומען אַהין פון גאַנץ שטאָדט הערען תנ"ך און ס' המדות פון שקודער מגיד. איצט איז די קלויז פוסט און דער לאָמבאַרד פערמאַכט.

מיט עטליכע יאָר צוריק פלעגט מען נאָך דאָרט אָבריכטען „תקון חצות". ס'פלעגט אויסקומען מאָדנע שען. אומעטום פלעגט שוין זיין שטיל, עס פלעגט שוין שעמערירען דער לעצטער פלאַמיל אין פּאָליש פון דער גרויסער שול; עס פלעגט זיך שוין אויך הערען דער לעצטער ברכו פון עטליכע איזוואָזשטשיקעס, וואָס פלעגען פאָהרען אַ היים, און פון עטליכע מוזיקאַנטען, וואָס לויפענדיג פון באָטאַנישען טעאַטער, פלעגען זיי זיך אַריינכאַפּען אין פּאָליש נאָך אַ מעריב. פון גאָנ'ס קלויז פלעגט זיך שויך אויך מעהר ניט הערען ווי אַ שטילער ניגון פון אַ משמר־לערנער, – און מיט אַמאָל פלעגט אויפברומען אַ וויינענדיגער, בענקענדיגער קול פון תקון חצות, וועלכער פלעגט זיך פונאַנדערטראָגען זיך איבער'ן גאַנצען שולהויף אַזוי טרויעריגוואומעטיג *)...

„שבעה קרואים". איידער ס'פלעגט זיך נאָך ענדיגען דער תקון חצות אין גמ"ח, פלעגט זיך שוין אָנהויבען הערען דער האַרציגער בנעימות'דיגער ניגון פון דער חברה „ותיקין" אין שבעה קרואים **). און דער ניגון פון דאַוונען פלעגט ניט אויפהערען זומער־צייט אַ גאַנצען מעת לעת נאָכאַנאַנד: פריהער אין שבעה־קרואים, פון שבעה קרואים אין נחש"א, פון נחש"א אין פּאָליש און פון פּאָליש ווייטער אין שבעה קרואים. דער שבעה־קרואים איז אַ שטיבעל אונטער'ן קלויז נחש"א. מ'רופט איהם שבעה קרואים, ווייל שבת און יו"ט טיילט מען אין דער גרויסער שול עליות, דרום געהען אַריין עטליכע מנינים מענשען פון שול אין שבעה קרואים און מ'רופט דאָרט אויף נור זיבען מענשען צו דער תורה. יעדען טאָג ווערט אין דער גרויסער שול געדאַוונט נחה און מעריב צוזאַמען זעהר פריה, דאָסזעלבע אויך פרייטאָג־צו־נאַכט, דרום היט מען אָב אין שבעה קרואים מעריב בזמנו. דער שבעה קרואים האָט זיך בעזונדערע גבאים, שמשים און בעלי־קריאות. אַ גאַנצען טאָג זיצען דאָרט די ווילנער דיינים. דעריבער רופט מען איהם אויך „בית־דין־שטיבל" און אָפטער קען מען הערען איבערן גאַנצען שולהויף ווילדע געשרייען און קריגערייען, אויך כאַראַקטעריסטישע סצענעס פון די בעלי־דינים.

דער פּאָליש. דער פּאָליש איז אַ פּאָרהויז פון דער גרויסער שול און בעשטעהט פון צוויי שטיבלעך. דאָרט ווערט נעדאַוועגט מנחות נאָך מנחות און מעריב'ס נאָך מעריב'ס. עס טרעפט, אַז אין איין פּאָליש ווערט שוין געדאַוועגט דער דריטער מנין מעריב, און אין אַנדערען פּאָליש דאַווענט מען נאָך מנחה. דאָרט איז אויך דער יריד פון גאַנץ שטאָדט אבלים, וועלכע קומען אַהין כאַפּען אַן עמוד אויף מנחה און מעריב. אָפט קריגט מען זיך צוליב דעם עמוד גאַנץ שטאַרק, נור מעהרסטענטייל קומט מען דורך בשלום דורך גורלות, וועלכע מען מאַכט מיט אַ פּאַציילקע: מ'לעגט אויף די עקען און אין איינעם מאַכט מען אַ קניפּעל, און דער, וואָס ציהט אַרויס דעם קניפּעל, דער נעווינט דעם עמוד. נעבען פּאָליש ביי די פענסטער שטעהען אַ גאַנצען פאַרנאַכט ביז שפעט אין

*) דער תקון חצות פלעגט אויך ווערען אַמאָל אָבגעריכט אין גאונ'ס קלויז אַ גאַנץ חדש אלול ביי נאַכט. אין דער גרויסער שול ווערט ער נאָך אָבגעריכט איצט אויך די גאַנצע דריי וואָכען פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באבי

**) ותיקין איז אַ חברה, וואָס היט אָב צו דאַוונען אַזוי פריה, אַז די שמונה עשרה זאָל אויסקומען גלייך מיט'ן זונאויפגאַנג (צוליעב דער מלחמה, ווייל מען טאָר ניט געהן אַזוי פריה, איז דער יתיקן בטול געוואָרען.)

אוונט אַ סך פרומע ווייבער, וועלכע שפּרינגען אַלע ווײַלע קדוש און קניהען זיך צו ברכו.

אַ גאַנצען טאָג שטעהען בײַם פּאָליש די שולהויף־מוכר־ספרים מיט פולע קאָשיקעס ספרים און מסחר'ן מיט אַלערליי ספרים, אַלטע, נייע; ציצית, מזוזות, אַרבע כּנפות א. או. וו. איצטער אין מלחמה־צייט איז דער מסחר גרעסער געוואָרען פון אַ סך נויטבעדערפטיגע, וועלכע פערקויפען דעם לעצטען סדור אויף אַ „באַבקעלע", אַנדערע פערקויפען אויך אַפילו די טלתים מיט די תפלין מחמת הזנגער. אויפ'ן שולהויף וואוינען אויך די סופרי סת"ם, נאָר איצטער זיצען זיי נאָר אָהן אַרבייט, ווייל קיינער שרייבט איצט ניט, ניט נור קיין ספרי־תורה, נור אַפילו קיין תפלין און מזוזות אויך ניט.

**די שטיבלעך.** אין אַנדערען האַלבען שולהויף, ניט ווייט פון קלויז פון דעם ווילנער גאון, דעם גרעסטען מתנגד, געפינען זיך צוויי שטיבלעך פון די ליובאַוויצער חסידים און פון די קאָידענאָווער חסידים (ביי די קאָידענאָווער חסידים דאַווענען אויך די סלאָנימער און לעכעוויצער חסידים, דרום רופט מען איהר אויך לעכעוויצער שטיבל). פערשפּעטיגטע מתנגדים נעהען זיך אָפטער אַריין ביי די חסידים דאַווענען, אויך הערען אַ קדושה „כתר יתנו", שמיני עצרת קריגען כבוד אַ הקפה, אָדער זיי געהען אַריין שבת פאַרנאַכט צו שלש סעודות הערען אַ חסידישען ניגון און דערביי אויך זעהן אַ שיינעם רקוד"ל; אָבער איצטער איז ביי די הסידים אויך שטיל, ניט מען זינגט, ניט מען טאַנצט.

די ליובאַוויצער חסידים האָבען פאַר עטליכע יאָרען אָבגעקויפט אַפּאַטאָווי'ס הויף און אויף זייער אָרט האָט זיך אַריינגעקליבען די חברה „תפארת בהורים", וואו מ'לערנט אַ גאַנצען טאָג מיט אָרימע קינדער פון א"ב ביז גמרא און אין אָוועט לערנען דאָרט בעלי־מלאכות, אָנגעשטעלטע וכדומה תנ"ך, משניות, שו"ע א. א.

**חברה פּועלים.** אַנטקעגען קאָידענאָווער שטיבל געפינט זיך די קלויז „חברה פּועלים", געבויט אין יאָר תרל"ה (די חברה איז געגרינדעט פריהער און דער פּנקס פון דער חברה איז פון יאָהר תר"י). דאָס איז אַ פערעגיסטרירטע שול פאַר בע"ם פון אַלערליי בראַנזשעס. די קלויז האָט געגרינדעט ר' הירש גאַרבער (צוזאַמען מיט אייניגע בעלי בתים), וועלכער איז דאָרט געוועזן רבי 66 יאָר *). ער איז ניט לאַנג געשטאָרבען. אויף זיין אָרט איז איצטער זיין זוהן ר' אליהו הײַלפּערין. אַ סך בע"ם, וועלכע האָבען יונגערהייט ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו לערנען, זענען פון דאָרטען אַרויס גאַנצע לומדים אין „חיי אדם" און „משניות". די קלויז האָט אַ גמ"ח, אויף וועלכען אַ אָרימע יודענע, וואָס פלעגט האַנדלען מיט קאָשיקעס עפּעל ביי די יאַטקעס, האָט געגעבען 600 רובל. פריהער פלעגט זי אַליין פערלייען אַלע אָרימע ווייבער, וואָס האַנדלען מיט עפּעל וכדומה, די געלט אָהן פּראָצענט, ד"ה זי האָט געהאַט אַן אייגענעם גמ"ח, נור דערנאָך, אַז זי איז עלטער געוואָרען, האָט זי ניט געקענט אַלײן טראָגען אויפ'ן קאָפּ און האָט די געלט מנדב געוועזן אין גמ"ח פון חברה פּועלים. אין מלחמה־צייט האָט זי אַליין גענומען אָנקומען צום גמ"ח, אַז מ'זאָל איהר שטיצען אין 35 רובל. זי איז ניט לאַנג געשטאָרבען. איהר מאַן איז אַ גאַס־מענש. איצטער איז דער גמילות־חסד פערמאַכט.

**די רעהרען און דער ברונעם.** אַנטקעגען חברה פּועלים נעבען קלויז יסו"ד זיינען מיט דרייסיג יאָר צוריק געוועזן 4 רעהרען, וואָס פון זיי פלעגט שטענדיג פליסען פרישע, קאַלטע וואַסער אין אַ גרויסען באַסיין; אויף די רעהרען זיינען געהאַנגען קייטען מיט פיר קענדלעך אָדער „שעפּערס". ווי מען פלעגט זיי רופען, — אין פון גאַנץ יודישע גאַס פלעגט מען זיך קומען קוויקען מיט די געשמאַקע, גוטע וואַסער. די רעהרען האָבען זיך געצויגען דורך טראָקער גאַס פון די וועגנרעס, פון

*) ווינטער מוצש"ק פ' ויגש תרע"ו איז אין קלויז חברה פּועלים געוועזן אַ שׂרפה. ס'זיינען פערברענט געוואָרען 3 נפשות (די רביצין און צוויי אייניקלעך) און ס'איז אַראָב דער גאַנצער דריטער עטאַזש פון קלויז.

די שטאָדטישע ברונעמס, וואו די יודישע געמיינדע האָט נעהאַט „צוויי קלעצער“, ד. ה. צוויי רעהרען. דערנאָך, אַז די שטאָדט האָט די רעהרען צוגענומען, האָט מען געמאַכט אויף דעם זעלבען אָרט אַ ברונעם אויפ'ן שולהויף. אויף דעם ברונעם האָט נאַכהער דער פערשטאָרבענער שטאָדט־מגיד ר' מאיר נה לעווין געלאָזען אַן עזבון און אין וואַנט פון קלויז יסו"ד איז דאָ אַ טאַפעל, אין וועלכען עס שטעהט געשריבען, אַז דעם ברונעם האָט דער שטאָדט־מגיד מנדב געווען פאַר קהל. מחמת מלחמה איז דער ברונעם אַ לאַנגע צייט געשטאַנען צובראָכען. איצט האָט מען איהם נאָר פערשאָטען און דער גאַנצער שולהויף איז געבליבען אָהן וואַסער.

די יודישע באָד. ניט ווייט פון ברונעם איז די יודישע באָד מיט די כשר'ע מקוואות, וועלכע עס בענוצען אויך די חסידים און איינינע מתנגדים. וואָס ווינען זיך דאָרט תמיד טובל פאַרן דאַווענען. צוליב יקרות אויף האָלץ און אויך צוליב די דייטשע בעדער, וועלכע קאָסטען ניט קיין געלד, ווערט דער יודישער מרחץ נעהייצט ב/ויז פרייטאָג, נור די מקוואות, מחמת רעליגיעזע צוועקען, זיינען אָפען אַ גאַנצע וואָך. פאַר אַ יום־טוב הייצט מען דעם מרחץ מיט אַ פּאָר טעג מעהר און דאָס ווערט אָנגעזאָגט מיט גרויסע מודעות איבערן גאַנצען שולהויף.

די קלויז פון די מאַליאַרעס. איבערן מרחץ געפינט זיך די קלויז פון די צירים; אַמאָל איז זי געווען מיט זעהר פיל שיינע מאַלערייען. זי האָט געהאַט אַן אייגענעם גמ"ח (איצטער איז ער פערמאַכט).

די אַלטע קלויז. די עלטסטע פון אַלע קלויזען אין ווילנא איז די קלויז יסן, די אַלטע קלויז; זי איז נאָך עלטער פאַר דער גרויסער שול מיט גאַנצע הונדערט דריי און דרייסיג יאָר, זי איז געגרינדעט אין יאָר ר' (1440); וועגען דעם שטעהט געשריבען אין אַ טאַפעל פון יאָרצייטען, וואָס הענגט אויפ'ן בימה. דאָרט, דערצעהלט מען, האָט געדאַווענט און געלערענט דער ש"ך און ס'איז דאָרט געווען שטענדיג ענג פון לערנער, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט, פון די משמורים. אויף אַן אָרט צו זעצען זיך לערנען האָט מען נעדאַרפט וואַרטען אין „אָטשערעד“. דאָרט האָט אין גאונ'ס צייט ר' קלמן שולמאַנס אַ ווידע, ר' נפתלי הערץ שולמאַן, געזאָגט אַ שיעור „מורה נבוכים“ פאַר יונגע לייט מיט גרויס עמקות*).

מיט אַ יאָר 20 צוריק איז דאָרט געווען אַ קבוץ פון עטליכע צעהנדלינג יונגע לייט „פרושים“, וואָס זיינען דערנאָך געוואָרען גרויסע רבנים. פאַר די יונגע לייט איז געווען איבערן קלויז 10 שטיבלעך, וואוינונגען, און פרומע ווייבער פלעגען זיי טראָגען אַהין עסען „מכל טוב“, זיי זאָלען ניט דאַרפען מבטל זיין פון לערנען. אין תרע"ה – תרע"ו זיינען די שטיב/עך געווען דער מקום־מנוחה פאַר די אַנטרונענע פון קאָוונער גובערניע. איצטער איז די קלויז פוסט, און מען רופט דריי מאָל אַ טאָג אַ מנין פון גאַס. די קלויז (זי איז איבערגעבויט אין יאָר תקצ"ו) איז לויט דער אינוועניגסטער ארכיטעקטורע אַ מיניאַטור פון דער גרויסער שול, מיט אַ געוועלב אָנגעשפּאַרט אויף זיילען. אויך אונטען האָט זי ווילען.

די שקיעות־זייגערס. אויף די אונטערשטע זיילען פון דער אַלטער קלויז אין דער הויף זיינען פאַראַן דריי זייגער'ס; אויף איין וויל – צוויי זייגער'ס צוזאַמען. איבער זיי שטעהט געשריבען מיט גרויסע ווערטער „זכור את יום השבת לקדשו“, נאַכהער מיט קלענערע ווערטער אויף איין זייגער „זמן הסגרת החנויות וכל העסקים“, ד. ה. דער זייגער ווייזט די צייט, ווען מ'בעדאַרף פרייטאָג פערמאַכען די געשעפטען, און אויפ'ן אַנדערען זייגער איז אָנגעשריבען „זמן הדלקת נרות“, ד. ה. די צייט, ווען מ'בעדאַרף בענטשען ליכט. אויפ'ן אַנדערען זייט איז דער דריטער זייגער; איבער איהם איז אָנגעשריבען מיט גרויסע ווערטער „קדוש הוא מבואו ועד צאתו“, נאַכהער מיט

*) אז מ'האָט עס פערמסר'ט דעם גאון, האָט ער געעקסקאָמוניקירט..., אז דעם רמב"ם'ס ספרים טאָר מען ניט פערוועהרען צום לערנען. („עיר ווילנא“).

פּלינערע ווערטער „זמן תפלה מעריב במוצש״ק״, ד. ה. ווען מען מ׳בעדאַרף שבת־צונאַכט דאַווענען מעריב.

## III. די מודעות אויפ׳ן שולהויף.

אין צענטער פון שולהויף, אויף די אונטערשטע זיילען פון דער אַלטער קלויז, אונטער די ווינטערס, זיינען אָנגעשלאָגען ראַמען, אויף וועלכע מען קלעפּט מודעות. בכלל איז דער גאַנצער שולהויף מיט זיינע ווענט און קלויזען פון שטענדיג אַ מקום פאַר כל־ערליי פּלאַקאַטען און מודעות.

בעקאַנטמאַכונגען און נעקראָלאָגען. די ערשטע צייט נאָך דער אָקופּאַציע זיינען דאָס מערסטענטייל געווען בעקאַנטמאַכונגען פון דער מאַכט, פריהער אויף דייטש, דערנאָך אויף דייטש און יודיש. צוזאַמען מיט די בעקאַנטמאַכונגען האָבען זיך אָנגעהויבען בעוויזען נעקראָלאָגען וועגען רבנים און חשוב׳ע יודען, וואָס זיינען געשטאָרבען אין ווילנא און אין אַנדערע שטעדט. די בעקאַנטמאַכונגען און די נעקראָלאָגען זיינען געווען אַזוי פּינקטליך אַלע טאָג, אַז מען פלעגט זיך תידוש׳ן, אויב זיי פלעגען אַמאָל פעהלען. פון די נעקראָלאָגען פלעגט ווערען מאָדנע אומעטיג: דוכט זיך געכטען גערעדט מיט אַ מענשען און היינט שוין אַ נעקראָלאָג. קיין צייטונגען זיינען נאָך דאַן ניט געווען, — די „לעצטע נייס״ האָט אָנגעהויבען צו ערשיינען ערשט דעם $1916^{31}/_{1}$, — פלעגט שוין זיין אַ מנהג געהן אַלע טאָג אויפ׳ן שולהויף בעקוקען די מודעות און פאַראיינס שוין אויך הערען אַביסעל נייס. דער שולהויף איז דעמאָלט געווען דער גאַנצער צענטער פון אַלערליי נייס. דאָרט פלעגט זיין טאָג און נאַכט ענג פון רעדלעך און אַזוי טומעלדיג, אַז מ׳האָט זיך געבעטען רחמים ביים עולם דורך מודעות אויפ׳ן שולהויף, אַז לסמן חלול השם זאָל מען ניט מאַכען אַזוינע רעדלעך און אַזאַ רעש.

רבנישע מודעות. אַחוץ די בעקאַנטמאַכונגען און נעקראָלאָגען זיינען געווען אַ סך רבנישע מודעות. אין יאָר תרע״ו, למשל: סוכות וועגען אתרוג, אַז מ׳קען בענטשען אתרוג ביים רב ר׳ אהרן מארקעלס און כדי ס׳זאָלען זיך ניט אָנקלייבען אין דער פריה צו גרויסע „אָצערעדס״, בעט מען קומען דעם עולם אַ גאַנצען טאָג: אין ווילנא זיינען דאַן געווען נור 4 אתרוגים און זיי האָבען געקאָסט צו הונדערט רובל יעדערער (אויף סוכות תרע״ז האָט שוין דער דייטשער ראַבינער לעווי בעוואָרנט די שטאָדט מיט בילינע אתרוגים, צו 5 רובל אַן אתרוג); מודעות, אַז מען מוז די פלייש, וואָס מען זאַלצט ניט, נוט אָפּבראָטען אויפ׳ן פייער פאַר׳ן קאָכען, אַזוי ווי „לעבער״, אַז ניט וועלען זיין טרייף אַלע כלים, אין וועלכע מ׳וועט קאָכען; דאַן איז געווען אַ גרויסער דוחק אין זאַלץ (און ברויט); מען האָט עס בעקומען נור אויף ספּעציעלע ביכלעך צו אַ האַלב פונט אַ וואָך. כ״ד חשון — מודעות וועגען דער פאָלקס־צעהלונג, אַז מ׳זאָל שרייבען ריכטיג דעם יודישען נאָמען מיט דער פאַמיליע. כסלו — וועגען חנוכה־ליכט: היות ווי ס׳איז אַ דוחק אין ליכט, מעג מען בענטשען אויף איין חנוכה־ליכטל. טבת — אין די קראָמען, וואָס מ׳מוז האַלטען אָפען, זאָל מען ניט פערקויפען קיין ציווילע (דאַן, צוליעב דער גורה צו האַלטען אָפען די קראָמען שבת, האָבען אַ סך פרומע יודען פערמאַכט אָדער פערקויפט די געשעפטען פאַר שפּאָט בילינ, כדי זיי זאָלען ניט דאַרפען מחלל שבת זיין). עשרה בטבת — זעהר אַ וואַרימע מודעה וועגען תענית. אין שבט — אַ קו״ק, אַז מ׳זאָל זיך אָרגאַניזירען צו העלפען די הונגעריגע. יעדערער כ״י זיך אין הויף זאָל זעהן העלפען זיין הונגערינען שכן. אַ מודעה, אַז מען איז מתיר בשר חוץ, צוליעב דעם דוחק אין פלייש, נור מען מוז האָבען אַ שטעמפעל פון דעם רב, אין וועלכע שטעטעל מ׳ען קויפט די פלייש. אין אדר — וועגען געבען מחצית השקל און די געלט וועט געהן פאַר „אחיעזר״ און פאַר די מוסדים פון לערנער. אין ניסן, אַז ס׳איז מתיר קמח מן השוק, אויך אַ קו״ק וועגען קמח פסח.

פאַר פסח – מודעות, אַז ס׳איז מתיר קטניות, באָב, בעבלעך, לינזען, קוקורוזע, אויך מעג מען מאַכען ד׳ כוסות פון זיסע טיי (פסח תרע״ז האָט מען אויך מתיר געווען סאַכאַרין, מאַרמעלאַד, צוקערקעס, עמאַלירטע געשירר: חוהמ״פ תרע״ז איז געווען מודעות, אַז מחמת דעם דוחק אין מצה זאָל דער, וואָס האָט ניט קיין מצה, פרעגען אַ שאלה ביים רב [וועגען לחם]). אין אייר זיינען געווען ·זעהר וואַרימע מודעות וועגען די תעניתים פון בה״ב. ל׳ סיון – מודעות, אַז די גזרה וועגען האַלטען די קראָמען אָפען שבת, איז בטל, בכן זאָל מען ניט מחלל שבת זיין חו״ש ברצון. תמוז זיינען געווען שאַרפע מודעות וועגען די ספעקולאַנטען, אויך וועגען תענית שבעה עשר בתמוז. אין אב– וועגען איסור אויף פיש, אַז מ׳זאָל ניט צאָהלען טייערער ווי די טאַקסע. אַ גאַנץ זומער זיינען אויך געווען מודעות וועגען מנדב זיין תפלין, סדורים פאַר די געפאַנגענע אין דייטשלאַנד , אויך וועגען די עירובין, וועלכע זיינען צוריסען געוואָרען צוליב מלחמה; דרום איז אָנגעוואָגט געוואָרען אַלע שבת, אַז מ׳טאָר ניט טראָגען און די טליתים זאָל מען אָנגרייטען אין די קלויזען פרייטאָג. ס׳איז אויך געווען מודעות, אַז עס לייגט זיך אָב דעם שטאָדט־חזנ׳ס דאַוונען לטובת אַ צדקה־חברה, ביז וואַנען מען וועט פעריכטען די עירובין און מען וועט מעגען טראָגען די בילעטען. פון דער חברה „מזהירי שבת״ איז אַלע שבת געווען מודעות, ווען די שקיעה איז אויך נאָך בערלינער זייגער. ס׳זיינען אויך געווען מודעות, אַז היות ווי מען טאָר ניט געהן שפעט, זאָל מען מוצש״ק בעסער מאַכען מנינים אין די הויפען, און מ׳זאָל ניט אָנצינדען קיין פייער ביז 10 דעם זייגער. אין אלול איז געווען מודעות וועגען די גיכע חתונות. דאַן איז געווען די בהלה „אויף אַמעריקאַ״. צוליב גרויס דחקות האָבען זיך אַלע אַלאָ געטאָן עמיגרירען, ווי נור ס׳האָט זיך בעקומען די ערשטע מעגליכקייט. מען האָט פערקויפט ווירטשאַפטען, געשעפטען פאַר די בילינסטע פרייזען און מען איז געלאָפען קיין אַמעריקאַ. דער שול־הויף איז אין יענער צייט געווען פערפלייצט מיט מודעות פון דעם מין. און ווייל מען האָט פערקויפט שיפסקאַרטען נור פאַמיליעס, האָבען די בחורים געמאַכט גיכע חתונות מיט אָרעמע מיידלעך, אַנדערע בחורים האָבען נאָך די מיידלעך צוגעצאָהלט (און פאַרקעהרט), אַבי זיי זאָלען פאָהרען מיט ווי קיין אַמעריקאַ. אויף די חופות זיינען דאַן געווען „אָטשערעדען״ ווי ביי די בעקערייען אויף ברויט (דער פאָהרען קיין אַמעריקאַ האָט געדויערט אַ ערך פון תמוז תרע״ו ביז שבט תרע״ז). מחמת דער דאָזיגער בהלה האָבען די רבנים איפּמערקזאַם געמאַכט אין מודעות, אַז מ׳זאָל ניט האָבען קיין טעות און מיינען, אַז מ׳קען חתונה האָבען אויף אַ תנאי, ביז וואַנעט מען וועט קומען קיין אַמעריקאַ, ווייל מען וועט מוזען האָבען אַ גט און דורכדעם קענען אַ סך מענשען ווערען אומגליקליך.

אין יאָר תרע״ז, למשל: יום־כפור – אַז צוליב שוואַכקייט זאָל מען ניט זאָגען קיין פיוט, און וועגען פאַסטען זאָלען די שוואַכע פרעגען אַ שאלה ביים רב. הוש״ר– אַז היות ווי מען טאָר ניט געהן שפעט, דעריבער וועט מען היינטיגען יאָר זאָגען סליחות ניט 12 דעם זייגער ווי אַלע מאָל, נור 8 דעם זייגער. חשון, בשעת די תעניתים פון בה״ב, ווען ס׳איז אַרויס די פעראָרדנונג וועגען צוואַנגס־אַרבייט פאַר מענער פון 16 ביז 60 יאָר, זיינען געווען מודעות מיט אזא נוסח: „הגם מען איז זעהר שוואַך פון דחקות, און עס איז ניטאָ קיין כח צו פאַסטען, נור צוליעב די גרויסע צרות און דער וועלט־מלחמה, וואָס נעהמט צו לעבענס פון מיליאָנען מענשען, דאַרף מען פאַסטען. און אין דער פריה 7 דעם זייגער זאָלען זיך אַלע מענער און פרויען פערזאַמלען אין גרויסע שול, עס וועלען זיין אויך אַלע רבנים. מען וועט דאַוונען און זאָגען סליחות מיט גרויס געוויין. און ביי טאָג זאָלען זיך פערזאַמלען אַלע מלמדים מיט די קינדער, אויך די בע״ב און מען זאָל זאָגען תהלים ביז מנחה; פאַר מנחה וועט אַ רב זאָגען אַ דרשה, דערנאָך וועט מען לייענען ויחל און מ׳וועט זאָגען א״מ; נאָך מנחה וועט מען ווידער זאָגען תהלים ביז מעריב. און

דער עװיגער זאָל רחמנות האָבען און שיקען זײן שלום*). אין יענעם װינטער זײנען אױך געװען אַ סך אַנאָנימע מוסר־מודעות װעגען פרומקײט; אַז מען זאָל זיך טובל זײן און געהן אויף די קברים פון נאָון און נר צדק; מ׳זאָל זאָגען אין אַלע קלױזען נאָכן דאַװנען תהלים, מען זאָל זאָגען אַלע מאָנטאָג און דאָנערשטאָג אשמנו. י״ג מדות, א״מ (אין אַ סך קלױזען האָט מען טאַקי אַזױ געטאָן), אױך װעגען פריצות, ז׳נען חלול שבת, װעגען מאכלי אסורות, נבלות וטרפות אין די גױשקע קיכען; װעגען דעם, װאָס מען בײצט ניט די אָרימע; אויך װעגען די קלאַסען, פאָלקסשולען און די גימנאַזיעס, װאָס מען שמאָדט דאָרטען אָב די קינדער, מ׳לערנט ניט מיט זײ קײן יודישקײט, און די לעהרער זײנען פוקרים. די מגידים האָבען דאַן אויך געזאָגט אין די קלױזען זעהר װאַרעמע דרשות, אין נחש״א האָט מען אַ סך מאָל אָבגעריבט דעם עשירי קדש מיט גרױס פּאַראַד, מיט חזנים און דרשות, און מ׳האָט געזאָגט תהלים און וידוים מיט גרױס געװײן.

צדקה־גדולה־מודעות. נאָך די רבנישע מודעות געהען די צדקה־גדולה־מודעות. אָנהױב װינטער—קו״ק פון האָלץ־קאָמיסיע װעגען קלײבען געלט אויף האָלץ, דערנאָך מודעות װעגען פונאַנדערטײלען די האָלץ. מודעות, אַז היות װי ס׳האָבען זיך זעהר שטאַרק געמעהרט די בקשות פון די נצרכים אין צ״ג, דרום זאָל מען שרײבען קורץ, מיט דעם נוסח: „אַ בקשה אין צ״ג װעגען שטיצע,—און דעם אַדרעס", װײטער־מודעות פון רעגיסטראַציאָנס־ביוראָ ביי צ״ג װעגען פערשרײבען זיך אויף אומזיסטע ברויט־צעטלעך; מודעות װעגען דער צײט פון טײלען געלט די פרויען פון די זאָפּאַסנע, װעגען דעם, אַז אַלע אָרימע, װאָס בעטען נדבות, זאָלען זיך קומען פערשרײבען אין צ״ג, אויך אַז מ׳קען שרײבען װעגען שטיצע קײן אַמעריקא און רוסלאַנד און שיקען בריװ קײן דײטשלאַנד צו נעפאַנגענע קרובים; מודעות פון צענטראַל־קאָמיטעט װעגען קומען זיך פערשרײבען אויף אַרױסצופאָהרען אין די קלײנע שטעדטלעך: בירזש, פּאָנעװעזש, קופּישאָק, אוטיאַן, אליטע, קאַשעדאַר א. או. װ., דערנאָך מודעות װעגען קומען אַרױסנעהמען די שײנען און געהן מיט אַלע זאַכען, װעלכע מען װיל נעהמען מיט זיך (6 פוד אויף אַ פּערזאָן) אין ענטלױזונגס־אַנשטאַלט און פון דאָרט גלײך צום באַהן און פאַר אָרימע באַהן אומזיסט. מודעות פון „הילפס־קאָמיטעט" װעגען אָבשיקען די הײמלאָזע, װעגען אָנגעקומענע געלט פאַר קרובים פון אַמעריקא, פאַר פסח — װעגען פערשרײבען זיך אויף אומזיסטע מצה; דערנאָך װעגען אָבנעהמען די מצה אַ האַלב פונט אויף אַ נפש מיט 20 לײט אַרבעסענע מעהל א. או. װ.

מודעות פון חברות און אַנשטאַלטען. פון „אחיעזר" װעגען װאָלװעלע האָלץ, בילינע קאַרטאָפעל, װעגען שטיצע, אויך אַז די אָרימע װאָס בעקומען שטיצע, מוזען ברענגען אַ שײן פון ד״ר, אַז זײ זײנען ניט אַרבײטספעהיג; פון „אגודת אחים" װעגען קאַרטאָפּעל, גרױפּען. דערנאָך מודעות און קו״ק, אַז מ׳זאָל מאַכען „מי שברך" שבת װעמען מ׳גיט עליות אין אַלע קלױזען לטובת די צדקה־חברות, פאַר יעדער חברה אַן אַנדער פרשה; מודעות װעגען די שבתים פון שטאָדט־חזן לטובת ישיבות און צדקה־חברות; אַ סך מודעות װעגען קאָנצערטען און לאָטערײעס לטובת צדקה־חברות און בילדונגס־אַנשטאַלטען; קול־קורא׳ס װעגען געבען געלט אויף פאָלקס־קיכען; קו״ק װעגען מנינים אויף ימים־נוראים לטובת צדקה־חברות; פאַר פסח איז געװען מודעות, אַז די, װאָס האָבען קינדער און מאַגען אויף די שאָסײען און װילען בעקומען שטיצע, זאָלען זיך װענדען אין אַרבײטער־קיך; מודעות װעגען קאָאָפּעראַטיװען

---

*) אַ צװײטע מודעה (אנאנים) פון יענער צײט (נאָװעמבער 1916) האָט געהאַט פאָלגענדען נוסח: „רחמנים בני רחמנים, האָט רחמנות אויף זיך און אויף דעם כלל־ישראל, זעהט צו זאָגען אַלע טאָג תהלים בצבור, כאָטש 1 שעה פאַר מנחה. — דען מיר בעדאַרפען איצט גרױס רחמים מן השמים".

און קיבוץ, וועגען פעראיינען און פערזאמלונגען, חברות, געזעלשאפטען און מוסדים, וועגען פאלקס-אוניווערזיטעטען און פאלקס-שולען, וועגען גימנאזיעס און קורסען, וועגען קינדער-היימען און יתומים-הייזער, וועגען מוזיק-שולען און סעמינאריעס, וועגען חדרים און ישיבות, וועגען ליטערארישע אווענטען, טעאטער-פארשטעלונגען און לעקציעס.

סוחרישע מודעות. די ערשטע צייט נאך דער אקופאציע זיינען דער שולהויף און אלע יודישע גאסען געווען פערקלעפט מיט מודעות וועגען קארביד און קארביד-לאמפען, ווייל קיין עלעקטריע און נאז איז ניט געווען. און קעראסין, ליכט האט געקאסט זעהר טייער, צו עטליכע רובל א פונט. האט מען געקויפט און פערקויפט קארביד און קארביד-לאמפען. דאס איז געווען פון די איינציגע מסחרים אין די יודישע קווארטאלען אין יענעם פעריאד צייט. א סך מודעות רעקאמאנדירען ביוראס פאר „ביטעשריפטען" און איבערזעצונגען; מודעות וועגען גומי-לעדער, הילצערנע פאדעשוועס, האלץ אויף'ן פוד, קארטאפעל א. אז. וו.

פאסקוויל-מודעות. די מצה קאסט צו טייער, די גבאים פון די קאאפעראטיווען בעזארגען זיך מעהר איידער די „צלענעס", די מקורבים פון די שטאדטישע קראמען האבען פאר זיך געלאזען די קארטאפעל און פאר די ארימע לייט די קארטאפעל-ביכלעך. די פאלקס-קיכען גיבען מעהר וואסער ווי גרויפען. מען זאל מחרים זיין די ספעקולאנטען און די פערקויפשטשיקעס א. אז. וו. איין מאל איז געווען א מודעה פון אן ארימאן א נוסח בזה הלשון: „איהר זאלט וויסען גבירים, איך שטארב באלד אוועק פון דחקות, אבער מיין בלוט וועט וידען, קאכען אויף אייך גבירים, אזוי ווי זכריה הנביא'ס בלוט, פארוואס איהר לאזט אונז ארימע לייט אויסגעהן פון דחקות פאר אייך אין די אויגען!"

## IV. די כלי-שמות.

דורך די אויסווייניגסטע ווילען פון דער אלטער קלויז געהט מען דורך אין אנדערען האלבען שולהויף (מען רופט עס בראם) און דארט, אין בראם, פלעגען תמיד שטעהן די כלים מיט שמות, דאס זיינען געווען גרויסע קאסטענס און פעסער. אז זיי פלעגען ווערען פול, פלעגט מען זיי אוועקפיהרען אויפ'ן בית-עולם און מקבר זיין די שמות. אין די דאזיגען כלי-שמות פלעגען נעכטיגען די משוגעים, וואס האבען קיין היים ניט געהאט. דער שולהויף מיט די קלויזען זיינען פון שטענדיג אן א מקום-מקלט פאר ארימע-לייט און כלי-ערליי משוגעים, וואס אין מלחמה-צייט זיינען זיי געווארען נאך מעהר (פון סאלדאטען און אנטרונענע).

אין איין קאסטען איז א צייט געלעגען א סאלדאט, וואס פלעגט נאכאנאנד ציטערען מיט אלע גלידער און שרייען „מען טערעבעמבעט" (ד"ה מ'שיסט) און די קינדער פלעגען איהם נאכמאכען; אין נאך א קאסטען איז געלעגען א סאלדאט אהן א היטעל אין א מונדיר, וועלכער פלעגט כסדר שווייגען. מ'זאגט, אז ער איז אמאל געווען א וואויל-לערנער און זעהר א פרומער; אז ער האט אויף דער מלחמה דערהערט די דונערען פון די הארמאטען און דערביי דערזעהן פליהענדיגע שטיקלעך קעפ און פיס, איז ער פון שרעק געבליבען פערגליווערט עד היום. אין א דריטען קאסטען איז געלעגען א מיידעל, וועלכע פלעגט וויינען און וויינען אהן א שיעור, אהן אן אויפהער. מ'דערצעהלט, אז די מיידעל איז געווען אן אנטרונענע פון סובאלקער גובערניע; איהר פאטער האבען קאזאקען צוגעבונדען צו א בוים און דערשאסען, זייער שטוב פערברענט און אויף איהר האבען זיך די קאזאקען מרחם געווען... די כלי-שמות האבען אויך געהאט זייער מוכר-ספרים. דאס איז געווען א שיינער בחורל פון א יאר 18 מיט נרייזעלעך, וועלכער פלעגט זיך טאג און נאכט ריהען אין די כלי-שמות; פלעגט מתחילה געהן אפילו אהן תחתונים, נור אין א לאנגען בגד, אין אין גאנצען לענג פון בגד פלעגען זיך באמבלען ספרים. ער האט אויסגעזעהן איננאנצען ווי מעיברת;

ספרים האָט ער געהאַט מכל המינים און פֿערקויפֿט וואָלוועל, פֿון איין קאָפּיקע ביז צעהן.

מיט אַמאָל, אַז מ׳האָט אויף יודען אָנגעהויבען שיטען מיט בלבולים; מעשׂה כּוּשׂע; יודען פֿערבעהאַלטען טעלעפֿאָנעס אין די בערד, — האָט מען זיך דערשראָקען, טאָמער וועט מען נאָך וואַרפֿען אַן אוינ אויף די כּלי־שׂמות, און פֿאַרטיג אַ נייער בלבול, — האָט מען די קאַסטענס און די פֿעסער צוגענומען און אַ מודעה האָט מען אָנגעקלעפּט אויפֿן שולהויף, אַז ווער ס׳האָט שׂמות, זאָל זיך מטריח זיין אַליין אַוועקטראָגען זיי אויפ׳ן בית־עולם מקבר זיין. נאָך דער אָקופּאַציע האָט מען נעמאַכט פֿאַר זיי אַן אָרט אין פֿאָליש פֿון דער גרויסער שול. מען קען דאָרט תּמיד זעהן שטעהענדיג איבענאָן עטליכע זעק פֿול מיט שׂמות.

ביסלעכוויז האָט זיך אויך אויפֿ׳ן שולהויף אַ סך אומגעענדערט. דער אַלגע־מיינער שווערער מצב האָט בהדרגה, טאָג־טעגליך, אַריינגעטראָגען שינוים, וואָס זיינען געווען בכח צו ריהרען אפילו דעם אַלטען, טראַדיציאָנעלען לעבען פֿון ווילנער שול־הויף. און בכלל איז שוין איצט דער שולהויף ריין פֿון כּלי־שׂמות, פֿון משוגעים, פֿון אָרימע לייט, ווי זיינען ביסלעכוויז אויסגעשטאָרבען אויפֿן שולהויף, אין די קלויזען. אַלע\ווײלע פֿלעגען זיך בעוויזען מודעות אויף די טירען פֿון די קלויזען, אַז קיין כּהנים טאָרען אַהין ניט אַריינגעהן מחמת די מתים. אַפילו די רעדלעך פּאָליטיקער, סטראַטעגער פֿון שולהויף, אויך די סתם קריטיקער, וועלכע פֿלעגען שטעהן גאַנצע טעג אויפ׳ן שולהויף און קריטיקירען די ווילנער כּלל־טוער, און די פּראָטעסטירער, וואָס פֿלעגען אַלע ווײלע מאַכען דעמאָנסטראַציעס, פּראָטעסטען אויפ׳ן שולהויף און אין די קלויזען ניט לאָזען לייענען א. או. וו., — זיינען אויך ניט געוואָרען. די דחקות און צרות האָבען אַלעמען צוטריבען, - דעם אויפ׳ן בית־עולם, דעם אין די קליינ־שטעדטלעך זוכען אַ שטיקעל ברויט, דעם האָט מען צוגענומען אויף אַרבייט, דער ליגט אין שטוב געשוואָלען און קראַנק, אייך די קלויזען זיינען געוואָרען פּוסט. די צאָל יודען אין שטאָדט איז אויף אַ סך קלענער. די בעלי־בתּים, די איבערגע־בליבענע, זיינען שטאַרק פֿעראָרימט. די נמחי״ם אין די קלויזען האָבען זיך כּמעט אַלע פֿערמאַכט; ס׳עקזיסטירען נור די רייכערע, ווי דבורה אסתּר, ר׳ זיינוויל א. א. אָט אַזוי זיינען אַ סך קלויזען געוואָרען פֿערוויסט און די נמחי״ם - בטל. ניטאָ קיין לערנער, ניטאָ קיין רבּיים, ניטאָ קיין נמחי״ם, מער ניט אַביסעלע בעלי־בתּים, די שארית הפּליטה, — און אַלע אין דערפֿריה וועהט מען איצט אויפ׳ן שולהויף ווי מען רייסט אין דאָנער אין צעהן קלויזען.

און אויפ׳ן שולהויף און אין די קלויזען האָבען זיך איצטער באַוויזען גאָר נייע אָרימע לייט: דאָס זיינען די פֿריהערדיגע בעלי־בתּים, וואָס האָבען נאָך גאָר ניט לאַנג אַליין געגעבען נדבות... און אויפ׳ן שולהויף האָט זיך אויך בעוויזען אַ מין נייער מסחר, וואָס מ׳רופֿט עס „באַבקעלעך״. דאָס איז אַ מין מאכל פֿון אַרבעסענע מעהל, בולבע־שאָלעכץ און אַנדערע מינים, וואָס איז איינגאַנצען גרויס ווי אַ כּזית און מען פֿיהלט אין איהם כּל־ערליי טעמים, — און ווען איינער האָט מער ניט ווי צעהן פֿעניג, געהט ער אַרויף אויפ׳ן שולהויף און קויפֿט אַ „באַבקעלע״, מחיה זיין זיך אויף אַ רגע. און פֿון אין דער פֿריה ביז ביי נאַכט הילכען איבער׳ן גאַנצען שולהויף די קולות פֿון בלאַסע וויבער און דאַרע, אָבגעריסענע מענער און קינדער: „באַבקעלעך״, „באַבקעלעך״, פֿרישינקע, הייסינקע!...



N.

# צדקה-גדולה.

צווישען די פיל ווילנער צדקה-חברות פערנעמט דעם ערשטען אָרט די ווילנער צדקה-גדולה („צדקה גדולה של עדת ישראל בווילנה"). „צדקה-גדולה" איז איינע פון די עלטסטע אינסטיטוציעס אין ווילנא. זי עקזיסטירט שוין מעהר ווי 250 יאָר. אייגענטליך, לויט'ן רוסישען געזעץ, איז צדקה-גדולה ניט מעהר ווי די הנהגה פון דער גרויסער שול, נור דאָס איז בלויז נאָמינאַל: פאַקטיש איז מיט'ן נאָמען פון צדקה-גדולה ענג פערבונדען די גאַנצע געזעלשאַפטליכע טעטיגקייט פון דער יודישער ווילנא אין אַ משך פון אַ לאַנגער רייהע יאָרען. אין 1844, נאָכדעם ווי עס איז בטול געוואָרען דער „קהל", זיינען אלע יודישע ענינים אַריבער צו דער שטאָדטישער אופראַווע, וועלכע האָט אָבער גאָרניט געטאָן לטובת די יודען אויף דעם געביט. ביסלעכווייז, אָבּ-שטופענדיג פון זיך די „זשידאָווסקע אינטערעסען", האָט די אופראַווע אַלץ אַרויפגעוואָרפען אויף צדקה-גדולה אָדער ווי דאָס האָט אין יענער צייט געהייסען „זשידאָווסקאַ דאָבּראָמשינאשטש", איבערלאָזענדיג פאַר זיך נור דעם רעכט פון קאָנטראָל.

חוץ דער אויסהאַלטונג פון דעם יודישען בית עולם, דעם איינ-ציגען אין גאַנצען ווילנער קרייז, האָט צדקה-גדולה תמיד געהאַט די השגחה אויף די אָרימע-לייט. אויף איהר איז געלעגען דער חוב צו פער-זאָרגען די אָרימע מיט האָלץ אויף ווינטער, מצה אויף פסח, ברויט אין די הונגער-יאָרען, אַוועקגעבען האַ־צוועך אונטערגעוואָרפענע קינדער, מלביש-ערומים וכדומה. דאָס איז געווען בנוגע צו צדקה, וואָס איז שייך צום געזעלשאַפטליכען לעבען איז צדקה-גדולה תמיד געווען דער צענטער, צו וועלכען די מאַכט פלעגט זיך ווענדען מיט אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע יודען. דער גרעסטער טייל פון די ווילנער אַלטע צדקה-און קולטור-חברות האָבּען זיך געגרינדעט אונטער דער פאָהן פון צדקה-גדולה, למשל: דער מושב זקנים, די שטאָדטישע תלמוד-תורה, מאכל-כשר פאַר סאָלדאַטען, דער ערשטער גמילות-חסד „סומך נופלים", דער דאַמען-פעראיין אָבצוגעבען אָרימע יונגלעך צו בעלי-מלאכות, דער פריילין-פעראיין צו בעזאָרגען קראַנקע מיט וויין און הינער, די חדרים „תורת-אמת", נאָוואָגאָראָדער תלמוד-תורה, אין די שפּעטערדיגע יאָרען— די אָווענדשול פאַר דערוואַקסענע פרויען און מענער א. אז. וו. בכלל איז ניט געווען אין ווילנא אַ וועלכע ניט איז מעהר אָדער ווייניגער וויכטיגע געזעלשאַפטליכע ערשיינונג, וואָס זאָל ניט זיין פערבונדען מיט'ן נאָמען פון צדקה-גדולה. ערשט שפּעטער, בעת ס'זיינען אָנגעקומען פאַר רוסלאַנד פרייערע צייטען, האָבען אַ סך פון די אינסטיטוציעס, וועלכע האָבען געאַרבייט אונטער דער פאָהן פון צדקה-גדולה, זיך אָבגעטיילט, האָבען

בעקומען אייגענע סטאַטוטען און זיינען געוואָרען איננאַנצען זעלבסט־שטענדיג. אָבער די משא פון פערזאָרגען אָרימע־לייט איז געבליבען ליגען אויף צדקה-גדולה עד היום, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין ווילנא האָבען זיך פאַר דער לעצטער צייט געגרינדעט אָהן אַ שיעור צדקה-חברות.

מיר וועלען זיך דאָ אָבשטעלען גענויער נור אויף דער אַרבייט פון צדקה-גדולה אין די מלחמה־יאָרען. איידער ס'האָט אויסגעבראָכען די מלחמה, אין 1914, איז די מאַטעריעלע לאַגע פון צדקה-גדולה געווען פערהעלטניסמעסיג ניט גאָר שלעכט; נאַטירליך איז אויך שווער צו זאָגען, אַז די לאַגע איז געווען גוט, ווייל צדקה-גדולה, וועלכע איז שטענדיג געווען געצוואונגען אויסצוהאַלטען זיך אויף „איינענע מיטלען", האָט ניט געקענט האָבען קיין קאַפּיטאַלען; שוין אין די לעצטע יאָרען פאַר דער מלחמה האָט זיך שטאַרק פערגרעסערט די צאָל מקבלים פון צ"ג און חוץ דעם האָט מען מחמת דעם יקרות פון לעבען זיך ניט געקענט בענוגענען מעהר מיט די אַמאָליגע נתינות פון 50 קאָפּ. אָדער אַ רובל, מען האָט געמוזט געבען גרעסערע סומעס, — אָבער דאָך האָט צדקה-גדולה נאָך געהאַט צו יענער צייט נחלאות, וועלכע פלעגען איינטראָגען יערליך לערך 25-30 טויזענד רובל, דער בית עולם האָט אויך געגעבען אַ בעדייטענדע הכנסה, פון קאראָבקע פלעגט מען בעקומען לערך 15 טויזענד רובל אַ יאָר און אַזוי אַרום האָט זיך צדקה-גדולה ווי ניט איז געקאָנט האַלטען; אויסערדעם פלעגט אין אַ נויטיגען מאָמענט קומען צדקה-גדולה צו הילף דער ראַט פון 36 כלל-טוער, וואָס איז געווען געגרינדעט ביי צדקה-גדולה. אזוי, למשל, האָט דער ראַט געגעבען צדקה-גדולה אַ הלואה פון 24 טויזענד רובל וכדומה.

אָבער גאָר בעזונדערס שווער איז געוואָרען די לאַגע פון צדקה-גדולה פון דעם טאָג אָן, ווען ס'האָט אויסגעבראָכען די מלחמה. ווי נור מ'האָט ערקלערט מאָבּיליזאַציע, איז צדקה-גדולה בעלאַגערט געוואָרען פון הונדערטער יודישע סאָלדאַטען, וועלכע האָבען געפאָדערט מ'זאָל בעזאָרגען זייערע ווייבער און קינדער, וואָס בלייבען אָהן ברויט; בכלל איז די צאָל מקבלים פון צ"ג דאַן בעדייטענד געשטיגען; דאָס זיינען מערסטענטייל געווען מענשען, וועלכע זיינען ביז יענער צייט צו צדקה ניט אָנגעקומען און אויף זיי האָט צדקה-גדולה געראַרפּט לייגען אַ בעזונדערע השגחה. שפּעטער, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבען די רייהע גירושים פון די אַרומיגע שטעדט און שטעדטלעך, ווילנא איז איבערפולט געוואָרען מיט „פּרעמדע" און צדקה-גדולה האָט ניט געהאַט די מעגליכקייט צו שטילען די נויט פון די אַלע הונגעריגע, — האָט צ"ג געגרינדעט ביי זיך אַ ספּעציעלען צייטווייליגען קאָמיטעט, וועלכער האָט גענומען זאָרגען וועגען דער לאַגע פון די געליטענע פון מלחמה.

שפּעטער-צו איז דער צייטווייליגער קאָמיטעט פון צ"ג פערגרעסערט געוואָרען און האָט זיך אויסגעבילדעט אין אַ זעלבסטשטענדיגען קאָמיטעט, וואָס איז בעוואוסט געוואָרען אונטערן נאָמען „הילפס-קאָמיטעט" אָדער „יודישער קאָמיטעט". דאָס אַלץ איז אָבער געטאָן געוואָרען פאַר די „פרעמדע"; די ווילנער אָרימע לייט זיינען ווייטער געבליבען אונטער דער השגחה פון צדקה-גדולה, און זי אַליין האָט געמוזט קלערען וועגען פערזאָרגען זיי. וואָס ווייטער איז דער מאַטעריעלער מצב פון צ"ג געוואָרען פון טאָג צו טאָג אַלץ ערגער. די נחלאות האָבען שוין אויפגעהערט צו טראָגען די שטענדיגע הכנסה, די איבעריגע הכנסות האָבען זיך אויך אָבגעשטעלט, צ"ג האָט פערזעצט איהרע ווערט-פּאַפּירען, האָט זיך פערשולדיגט, אָנגעליהען, און אַזוי געהאַלטען זיך ווי ניט איז ווייטער ביז יולי 1915. אין אויגוסט 1915, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבען די מאַסען-עוואַקואַציע פון ווילנא, זיינען צוליב געוויסע טעמים אָבגעפאָהרען אויך די גבאים פון צדקה-גדולה, איבערלאָזענדיג כמעט אַ פוסטע קאַסע און אין עטליכע מאָל אַ פערגרעסערטע צאָל מקבלים. צו פיהרען די הנהגה פון צדקה-גדולה איז געשאַפען געוואָרען אַ ועד פון הרב רובינשטיין, הרב אייגעס, בנימין עפּשטיין, ד"ר ראַחמילעוויץ און שאול לעווין, אויף וועלכען ס'ליגט איצט פאַקטיש די גאַנצע אַרבייט. מען דאַרף דאָ אויך דערמאָנען, אַז די גבאים פון צ"ג, זיינענדיג ווייט פון ווילנא, האָבען בלויז איין מאָל צוגעשיקט אַ סומע געלד פאַר ווילנע, וואָס ד"ר שאַבאַד'ן איז געלונגען צו ברייגנען פון מינסק מיט אַ קורצער צייט, איידער די רוסען האָבען פערלאָזען די שטאָדט. מיט די געלט האָט צדקה-גדולה געהאַט די מעגליכקייט ווייטער צו עקזיסטירען אַ געוויסע צייט. די לאַגע פון צדקה-גדולה איז אָבער פון טאָג צו טאָג געוואָרען אַלץ פערוויקעלטער און שווערער, ס'האָט זיך דערנענטערט דער פסח תרע"ו און פאַר צדקה-גדולה איז אויפגעשטאַנען די פראַגע: וואָס וועט זיין? ביי אַ פוסטער קאַסע איז די פראַגע געוועזען מעהר ווי ערנסט. בכלל איז די פראַגע וועגען פסח אפילו אין די גוטע יאָרען געוועזען ניט פון די גרינגע, ווער רעדט שוין אין אַזאַ שווערער צייט. אין די ערשטע 3 וואָכען פון פערשרייבען די אָרימע אויף תמיכה, האָט מען שוין געהאַט געמעלדעט 30 טויזענד מענשען. נור אַ דאַנק דער זעהר גרויסער ענערגיע פון ועד פון צ"ג האָט זיך איינגעגעבען מעהר אָדער ווייניגער צו בעפרידיגען די אַלע נויטבעדערפטיגע. דער געדרוקטער בעריכט פון צדקה-גדולה פאַר פסח תרע"ו גיט אָן אַלע דאַטען גענוי.

מען קען זיך פערהאַלטען צו דער אַרבייט פון צדקה-גדולה אין אַלגעמיינעם פערשיידענאַרטיג, נור דאָך מוז יעדערער מודה זיין, אַז אויפ'ן געביט פון צדקה האָט צדקה-גדולה אָבגעטאָן אַ ריזיגע אַרבייט

און עד היום זאָגט מען ניט אָב אין שטיצע קיינעם. וואָס נויטיגט זיך, — נור מחמת דוחק אין מיטלען האָט צדקה-גדולה קיין מעגליכקייט ניט צו געבען גרעסערע סומעס. פאָלגענדע טאַבעלע בעווייזט אויף וויפיל ס'האָט זיך פערגרעסערט די געלט-תמיכה, וואָס צדקה-גדולה גיט אַרויס, און במילא די צאָל מקבלים פון צ״ג.

| סומע | | יאָר | געלט-תמיכה |
|---|---|---|---|
| רוב. | קאָפ. | | |
| 16456 | 07 | 1913 | אין די סומעס זיינען ניט אַריינגערעכענט די אונטערשטיצונגען מיט האָלץ, מצה וכדומה. |
| 19436 | 64 | 1914 | |
| 35479 | 01 | 1915 | |
| 66880 | 71 | 1916 | |
| | | 6 חדשים | |
| 48645 | 40 | 1917 | |

די חקירה ודרישות, וואָס די רעגיסטראַציאָנס-ביורא פון צ״ג מאַכט אויף די בקשות וועגען תמיכה, בעווייזען אַן איבעריגען מאָל צו אַ וואָס פאַר אַ מדרגה עס דערגעהט. איצט די אָרימקייט פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג. אַזוי, למשל, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז אַ בעדייטענדע צאָל געזינטען לעבען דערפון, וואָס זיי געהען צונויפקלייבען בולבע-שאָלעכץ און קאָכען דערפון אַ מין „באַבקע" און מיט דעם לעבט מען. די זעלבע חו״ד האָבען אויפגעדעקט הונדערטער פאַקטען פון דעם שרעקליכען מצב, אין וועלכען ס'געפינען זיך די נייע מינים מקבלים, — די געפאַלענע בעלי-בתים.

אויף פסח תרע״ז האָבען, ביי אַ יודישער בעפעלקערונג פון לערך 55000 נפשות, בעקומען תמיכה פון צדקה-גדולה 31789 פערזאָן. מ'דאַט צוטיילט אומזיסט: 2801 פוד 10 פונט מצה, 629 פוד 08 פונט אַרבעסענע מעהל (לויט די ברויט-קאַרטעס איז די נאָרמע פאַר גאַנץ שטאָדט געווען וועניגער ווי אַ האַלב פונט מצה אַ טאָג אויף אַ נפש און 20 לייט אַרבעסענע מעהל) און מען האָט אַרויסגעגעבען תמיכה מזומן 20060 רובל 85 קאָפ.



ר. גינצבורג.

# דער שכנים־פעראיין.

אין משך פון דער מלחמה האָט זיך די דירה־פראַגע אַרויסגע־וויזען אין ווילנא אין אַ פאָרם, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע גרויסע שטעדט. נור דאָ אין ווילנא זיינען נאָך צוגעקומען ספּעציפישע בעדינגונגען, וואָס האָבען נאָך שווערער געמאַכט די זאַך. אַן אַלטע שטאָדט, וואָס האָט זיך ענטוויקעלט נור פאַמעלעך מחמת פּאָליטישע טעמים, מיט אַ קליינער צאָל גוט איינגעאָרדענטע הויפען, אָהן די נויטיגע מוניציפּאַלע איינריכטונגען (וואַסערלייטונג, קאַנאַליזאַציע), מיט אַן אָב־געשטאַנענער קאָמוניקאַציע,—האָט ווילנא געליטען פון אַן איבערפילונג אין די דירות, פון אַ געפערליכער צונויפשטיקעניש פון דער בעפעל־קערונג און אַנטיסאַניטאַרע בעדינגונגען ביי אַן אונגעהויערען יקרות אויף דירות, וואָס האָט זיך געלעגט ווי אַ משא דער עיקר אויף די יודישע קרעמער און בעלי־מלאכות, וואָס זיינען פערבונדען מיט די צענטראַלע ראַיאָנען פון שטאָדט.

אין משך פון דער מלחמה האָט די צאָל איינוואוינער אין ווילנא ביסלעכווייז זיך אַלץ מעהר פערקלענערט, מחמת דער פריווילעגער און געצוואונגענער עוואַקואַציע פון שטאָדט. דאָס האָט, נאַטירליך, געדאַרפט ווירקען אין דער ריכטונג, אַז די פּרייזען אויף דירות זאָלען פאַלען און די שאַרפקייט פון דער פראַגע זאָל אין אַ געוויסער מאָס שוואַכער ווערען. זינט דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך בעשאַפען אַ נייער מצב. פון איין זייט האָט זעהר אַ גרויסער טייל פון דער איבערגעבליבענער בעפעלקערונג, אָהן פרנסה און ביי אַן אונגעהויערען יקרות פון לעבען, פערלאָרען די מעגליכקייט צו צאָלען דירה־געלד; פון דער אַנדער זייט האָט דער איבערגאַנגס־צושטאַנד ניט געגעבען די בעלי־בתים פון די הויפען די יורידישע מעגליכקייט צו צווינגען די שכנים זיי זאָלען גענוי ערפילען די קאָנטראַקטען.

נור אין מאַי 1916 האָט זיך פון ס'ניי אָנגעהויבען די טעטיגקייט פון „בעלי־בתים־פעראיין פון שטאָדט ווילנא"—און פאַר די שכנים האָבען זיך אָנגעהויבען ביטערע טעג. ס'האָבען זיך אַ שאָט געטאָן „אָנקלאָגען" אין פרידענסגעריכט, וואָס האָט אָנגעהויבען צו פונקציאָנירען,— און מען האָט אָנגעהויבען מאַסענווייז אַרויסזעצען פון דירות די שכנים, וואָס האָבען ניט געצאָלט, און אָפּט אויך פערקויפען זייער האָב און גוטס. פערשטעהט זיך, אַז די בעלי־בתים אָדער זייערע פערוואַלטער פלעגען אָנגעבען תביעות אויף דער גאַנצער סומע פון חוב, וואָס איז אויסגערעכענט געוואָרען לויט די אַלטע קאָנטראַקטען מיט זייערע אונגע־הויערע דירה־געלדער, וואָס זיינען באין אופן מעהר ניט געווען צוגע־

פֿאַסט צו דעם נײַעם מצב פֿון דעם דירות־מאַרק. אָבער דער געריכט, פֿערבלײַבענדיג אױף דעם פֿאָרמעלען באָדען, האָט צוגעמשפּט, נאַטירליך, די גאַנצע געפֿאָדערטע סומע און אַלם צוליג—די גרױסע געריכט־הוצאות. די שכנים, דער עיקר די ארענדאַטאָרען פֿון מאַגאַזינען, פֿאַבריקמאַכערײַען, װערקשטאַטען, בירהאַלעס וּכדומה זײַנען געשטעלט געװאָרען פֿאַר אַ סכנה פֿון אַ פֿולשטענדיגען חורבן. אום צו קעמפֿען מיט׳ן אומגליק האָבען אײניגע „בעװאוסטזיניגע אונטערנעהמער” בעשלאָסען צו גרינדען אַ שכנים־פֿעראײַן פֿון אַ פֿילאַנטראָפּישען טיפּ. נור שױן אױף דער ערשטער אָרגאַניזאַציאָנס־פֿערזאַמלונג איז די איניציאַטיװ אַריבער צו דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, װעלכע האָט בעשלאָסען צו געבען דעם פֿעראײַן אַן אמת־געזעלשאַפֿטליכען פּנים. אין אױגוסט 1916 איז פֿאָרגעקומען אַ גרױסע גרינדונגס־פֿערזאַמלונג, אױף װעלכער מען האָט אױסגעקליבען אַ הנהגה פֿון 9 יודען און 4 קריסטען. אין פּרע־זידיום זײַנען אַרײַן ד״ר ראָם (פֿאָרזיצענדער), א. לוצקעװיטש (װיצע־פֿאָרזיצענדער), ר. גינצבורג (סעקרעטאַר) און ד״ר װיגאָדסקי (קאַסירער).

פֿאַר זײַן הױפּט־אױפֿגאַבע האָט זיך דער שכנים־פֿעראײַן געשטעלט די פֿערטײדיגונג פֿון די עקאָנאָמישע און יורידישע אינטערעסען פֿון אַלע שכנים אָהן אונטערשײד פֿון נאַציאָנאַליטעט, װי אױך די פֿער־בעסערונג פֿון די היגיענישע בעדינגונגען פֿון זײער לעבען. אָבער דעם פֿעראײַן האָט זיך אײַנגעגעבען צו פֿערװירקליכען זײַן אױפֿגאַבע נור טײלװײז. די בּיוּראָ פֿון יורידישער הילף האָט זיך באַלד אַרױסגעװיזען פֿאַר אונ־בעהילפֿיג: אין רעגירונגס־געריכט פֿלעגט דער שכן, װאָס פֿלעגט עובר זײַן אױף׳ן קאָנטראַקט, הגם דער קאָנטראַקט איז געװען אַ פֿערעלטער־טער און אַ ניט קײן יושר׳דיגער, תּמיד פֿערשפּילען. ניט אױף אַ סך בעסער איז געװען דער ענין מיט׳ן נאָרמאַלען קאָנטראַקט. אמת, דער געװעהנליכער שװערער דירה־קאָנטראַקט פֿון דער אַלטער גוטער צײַט, װאָס פֿלעגט אינגאַנצען פֿערקנעכטען דעם שכן, אַרױפֿלײגענדיג אױף איהם בלױז התחײבות׳ן אָהן װעלכע ניט איז רעכט, האָט אין די מלחמה־יאָרען פּאַקטיש פֿערלאָרען זײַן פֿריהערדיגע קראַפֿט. די גרױזאַמע דאַטעס פֿון 23 אַפּריל און 29 סעפּטעמבער, װאָס פֿלעגען כאַראַקטערי־זירען דעם יסורים׳דיגסטען פּעריאָד פֿון גרױסע װאַנדערנישען אין לעבען פֿון די אומגליקליכע שכנים, זײַנען אַפּנים אױף תּמיד פֿערשװאונדען. די קאָנטראַקטען האָט מען בּיסלעכװײז אָנגעהױבען צו שליסען פֿון װעלכען טאָג מען װיל און דירה־געלד—בעשטימען, אנשטאָט האַלב־און פֿערטעל־יערליך, מאָנאַטליך. אָבער צו אַ באמת־נאָרמאַלען קאָנטראַקט, װעלכער זאָל גאַראַנטירען דעם שכן פֿון אַזױנע סױפּריזען, װי פֿלוצלונג בלײַבען אָהן װאַסער, אָהן בעלײַכטונג, ניט בעקומען קײן דובּעלט, קײן נױטיגסטען רעמאָנט פֿון די אײװענס, באַלטענס וכדומה, איז נאָך זעהר װײַט.

אום דורכצופיהרען אין לעבען אזא איינהייטליכען יושר'דיגען קאָנטראַקט האָט דער פעראיין קודם כל געדאַרפט האָבען אין זיין רשות אַ גרויסען רעזערוו פרייע דירות, וואוהין ס'וואָלטען זיך קענען אַריינ-קלייבען די קוואַרטיראַנטען, וואָס זיינען ניט איינגעגאַנגען אויף די צו גרויסע פאָדערונגען פון די בעלי-בתים. דער פעראיין האָט מחמת דעם בעזונדערס געאַרבייט אין דער דאָזיגער הינזיכט. מען דאַרף בעמערקען, אַז די צאָל בעקוועמע דירות אין ווילנא האָט זיך בכלל פערקלענערט ביז אַ מינימום. זעהר אַ גרויסער טייל הויפען האָט אויפגעהערט צו טויגען פאַר אַ בעוואוינונג מחמת זיי זיינען שוין אַ צו לאַנגע צייט פערלאָזען; די בעסערע דירות, ווידער, זיינען פערנומען פון דער מיליטער. דער פעראיין האָט דעריבער געמוזט ווענדען זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די הויפען, וואָס זיינען פערבליבען אָהן בעלי-בתים און זיינען אַריבער אין רשות פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע פון 9 געוועזענע גלאַסנעס פון דער שטאָדטישער דומע. דער שכנים-פעראיין האָט אָנגעגעבען אין דער דאָזיגער קאָמיסיע אַ בקשה, אַז מען זאָל איהם אַרויסגעבען די רשימות פון די ליידיגע הייזער און דערביי האָט ער אָנגעבאָטען זיין אומזיסטע פערמיטלונג אין פערדינגען די הייזער. אָבער די קאָמיסיע האָט מיט פערשיידענע תירוצים זיך אַרויסגעדרעהט פון געבען די רשימות. די געשיכטע פון קאַמף, וואָס ס'האָט געפיהרט דער שכנים-פעראיין, אין וועלכען די מעהרהייט זיינען יודען, מיט דער שטאָדטישער קאָמיסיע, וועלכע איז בעשטאַנען אויסשליסליך פון פּאָליאַקען בעלי-בתים פון הויפען, — איז אַן אינטערעסאַנטער פאַקט, וואָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די אָרטיגע בעציהונגען. די אַפּוטרופּסות איבער די איבערגעלאָזענע הויפען איז פונאַנדערגעטיילט איבער 9 ראַיאָנען לויט דער פּאָליצעאי-שער פונאַדערטיילונג פון שטאָדט. דער ראַיאָנער אָפּעקון איז אין זיין נחלה אַ פולשטענדיגער בעל-הבית. ער בעשטימט אַליין די פּרייזען אויף די דירות, מאַגאַזינען, סעדער און גערטנער און גיט זיי אָב אין אַרענדע וועמען ער וויל. אין איינעגע ראַיאָנען האָט מען די בעסטע בנינים און סעדער אָבגעגעבען אין אַרענדע דער עיקר גלחים. דער אָפּעקון פון 6-טען ראַיאָן פלעגט פּובליקירען וועגען פרייע דירות מיט מעבעל נור אין „דזיענניק ווילענסקי". און אָפט פלעגט טרעפען, אַז ווען יודען פלעגען וועלען דינגען אַ דירה אין אַ ליידיגען הויף, פלעגען די סטרעזשער זיך אָבזאָגען אפילו צו ווייזען די דירות, מאָטיווירענדיג קורץ און שאַרף: „דאָ פערדינגט מען ניט קיין זשידעס"...

אַ רייהע עהגליכע בעדינגונגען האָבען געווירקט אויף דער אַלגע-מיינער פערזאַמלונג פון שכנים-פעראיין אָנצוגעבען אַ בקשה צו דער מאַכט וועגען דעם, אַז מען זאָל דערפילען די שטאָדטישע קאָמיסיע מיט פאָרשטעהער פון שכנים פון פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען. די

אינטערעסען פון די קוואַרטיראַנטען האָבען זיך אין דעם פאַל געפונען בהסכם מיט די אינטערעסען פון דער שטאָדטישער קאַסע, ווייל דאָס איינזייטיגע בעלי-בתיעווען פון די אָפּעקונען איבער עטליכע טויזענט פרייע הייזער האָט געגעבען אָנשטאָט הכנסות בלויז היזקות. די קאָמיסיע איז דערפילט געוואָרען מיט 9 נייע מיטגלידער: 4 ליטווינער, 3 יודען און 2 ווייסרוסען (מצד די יודען זיינען אַריין די ה״ה רעמאַנאָלסקי, ש. כ״ץ און פּעסקין). אין אָט דער קאָמיסיע פון 18 מיטגלידער האָבען די שכנים בלויז 5 שטימען. די דאָזיגע רעפאָרמע האָט, פערשטעהט זיך, ניט געקאָנט מיט אַמאָל ענדערען די גאַנצע סיסטעם פון די אַרבייטען פון דער קאָמיסיע, נור פונדעסטוועגען האָט דאָס אַריינגעטראָגען אין איהר טעטיגקייט אַ געוויסען עלעמענט פון געזעלשאַפטליכקייט.

איינס האָט זיך דעם פעראיין איינגעגעבען צו פערווירקליכען אין דער פולער מאָס: אַ פרייוויליגע אויסגלייכונג פון סכסוכים מיט דער הילף פון אַ בוררים-געריכט. דער דאָזיגער געריכט האָט זיך געגרינדעט אין אָקטאָבער 1916, נור רעגעלמעסיג צו פונקציאָנירען האָט ער אָנ-געהויבען סוף 1916, ווען ער איז אָנערקענט געוואָרען פון דער מאַכט אונטער'ן נאָמען „בירגערליכעס שיעדסגעריכט“. די אָרגאַניזאַציע פון דער דאָזיגער נוצליכער אַנשטאַלט, וואָס עקזיסטירט איצט אין ווילנע צום ערשטען מאָל אַלס אַ שטענדיגער, רעגעלמעסיגער אינסטיטוט, איז פאָלגענדע: די הנהגות פון די פעראיינען — שכנים און בעלי-בתים — האָבען אויסגעקליבען צו 8 בוררים: מצד די שכנים זיינען אַריין ד״ר ראָם, ח. רעמאָנאָלסקי און א. לוצקעוויטש; מצד די בעלי-בתים — ד״ר ווירשובסקי, ש. כ״ץ און געשוו. אַדוו. לוקאַשעוויטש; די מיטגלידער פון געריכט האָבען פון זייער זייט אויסגעקליבען אַלס אַ שליש דעם געווע-זענעם שטאָדט-גאָלאָווא מ. ווענסלאַווסקי. די זיצונגען פון בירגער-געריכט קומען פאָר רעגולער אַלע דינסטאָג אין לאָקאַל פון שכנים-פעראיין. די געשעפטספיהרונג און דער פראָצעס ווערען געפיהרט אויף ווייסרוסישער שפראַך מען וויל, די גאַנצע געשעפטספיהרונג ווערט געמאַכט לחלוטין אומזיסט. פאַר 10 חדשים, וואָס דער געריכט עקזיסטירט, זיינען אָנגעקומען ביז 300 פראָצעסען, דער עיקר מצד יודען (דער דאָזיגער פאַקט איז כאַראַקטעריסטיש בכלל פאַר אַלע בוררים-געריכטען און ווערט אַפנים ערקלערט מיט דער השפעה פון די טראַדיציעס און מנהגים אויסצוגלייכען סכסוכים דורך דער פערמיטלונג פון בית-דין). די צאָל פון די פערזאָנען, וואָס דרעהען זיך אַרוים פון אַ בוררים-געריכט, איז בערך ניט גרויס, אויב מען זאָל נעהמען אין בעטראַכט, אַז דער בירגער-געריכט האָט ניט קיין צוואַנגס-רעכט און ווירקט אויף די צדדים בלויז מיט זיין מאָראַלישען אַוטאָריטעט.

צום אָנהויב פלעגען זיך ווענדען צום בירגער-געריכט גרעסטענ-

טייל די שכנים, נור אין די לעצטע חדשים איז די בכורה אַריבער צו די בעלי-בתים. דאָס ערקלערט זיך דערמיט, וואָס דער פרידענסגעריכט האָט אויפ׳ן יסוד פון די עקזיסטירענדע רעכט אָנגעהויבען אַרויסצוגע-בען עקזעקוציאָנסליסטען לויט די פסק־דינים פון בירגער-געריכט. אויף אַזאַ אופן שפּאָרט אַיין דער אָנקלאָגער די בעדייטענדע הוצאות, וואָס זיינען פערבונדען מיט׳ן פיהרען דעם פּראָצעס אין רעגירונגס-געריכט. וואָס איז שייך צו די רעזולטאַטען פון די פּראָצעסען, איז פון איין זייט האָט דער פרידענסגעריכט אָנגעהויבען ביסלעכווייז, מחמת אָביעקטיווע בעדינגונגען, ווייבער צו מאַכען זיינע פּאָרמעלע בעשלוסען, און פון דער צווייטער זייט, קומט אויך אוים דעם בוררים־געריכט ניט זעלטען אַרויס-צוטראָגען בעשלוסען, וואָס בעפרידיגען ניט אינגאַנצען די שכנים. בכלל בעגעגענט די אויסגלייכונג פון די דירה-סכסוכים בדרך שלום גרויסע שווירינקייטען מחמת דער ניט נאָרמאַלער לאַגע פון דער דירה-פראַגע אין ווילנא. אויב פריהער האָט דער דרוק מצד די בעלי-בתים פון די הויפען געהאַט אַלס זיין סבה די קלאַסען-אינטערעסען און די תשוקה נאָך געלט, איז איצט גיט ער איבער אין אַ בעדייטענדער מאָס בלויז מעכאַניש אַ פּרעמדע השפעה. ווייבאַלד די בעלי-בתים האָבען פערלאָרען זייער פריהערדיגע בעדייטונג אין דער שטאָדטישער פערוואַלטונג, האָבען זיי ניט די מעגליכקייט צו ווירקען אויף דעם סכום שטייערען, וואָס מען לעגט אַרויף אויף די אונבעוועגליכע גיטער. און די דאָזיגע שטייערען, בסדר וואַקסענדיג, הערען אויף צו געפינען זיך אין אַ פּאַ-סענדער פּראָפּאָרציע מיט דער פּאַקטישער הכנסה פון די הויפען. די דאָזיגע הכנסה איז שטאַרק געפאַלען צוליב פערשיידענע סבות: דער הויפּט-פּאַקטאָר איז דאָ די אַלגעמיינע ירידה פון דער צאָלונגס-פעהיג-קייט פון דער בעפעלקערונג. דערנאָך—די רעקוויזיציע פון די בעסטע הייזער פאַר די בעדערפנישען פון דעם מיליטערישען אַמט און, ענדליך, די הוצאות אויף דעם סאַניטאַרען טייל, וואָס זיינען שטאַרק אויסגעוואַקסען. אין אַלע פּראָצעסען אָהן אַן אויסנאַם איז דער שטענדיגער הויפּט-אַרגומענט מצד די בעלי-בתים פון די הויפען דער אָנווייז אויף די אַסעניזאַציע, וואָס קאָסט זעהר טייער. מיט זיין גאַנצער שווערקייט לעגט זיך דער דאָזיגער אַסעניזאַציאָנער אַרגומענט אויף די אָרימסטע שיכטען פון דער בעפעלקערונג, וואָס זיינען זעהר גרויס אין צאָל און וואָס שפּייזען זיך כמעט אויסשליסליך מיט וועגעטאַרישע און שווער-פערדייליכע פּראָדוקטען. ס׳איז דעריבער נאַטירליך, אַז די בעלי-בתים זאָגען זיך גערן אָב פון חוב, וואָס די שכנים זיינען זיי שולדיג, אים נור צו בעפרייען זיך פון דער מערדערישער אַסעניזאַציע. פאַר דעם שכן דעם אביון שאַפט זיך אויף אַזאַ אופן אַ שווערע לאַגע: פון איין זייט איז ער בכלל ניט ביכולת צו צאָלען פּינקטליך דירה-געלט (וואָס

איז אגב אויך שטאַרק געפאַלען) און פון דער צוויטער זייט מאַכט ער, מחמת זיין אָרימקייט, טייער די אָסעניזאַציאָנס־פּראָדוקציע. אַרויסדרעהען זיך פון דעם דאָזיגען שווערען מצב גיט זיך איהם געוועהנליך אַיין ניט אַנדערש ווי מיט דער הילף פון געריכטס־פּריסטאַוו. נור פון דעם, פערשטעהט זיך, ווערען זיינע יסורים ניט לייכטער. ווי קליין ס'איז ניט דער אינוועגטאַר פון אַזאַ שכן, איז דער אַריבערקלייב אויף אַ נייע דירה פערבונדען מיט זעהר גרויסע שוויריגקייטען, מחמת דעם אונגע־הויערען יקרות פון טראַנספּאָרט. און אגב בייט די נייע דירה קיין זאַך ניט אום אין דעם מצב פון אָרימאַן. דאָ וואָלט געקאָנט העלפען דער פעראיין, ווען ער וואָלט געהאַט אַ רייהע פוהרען, ווען ער וואָלט געבען הלוואות אויף אַיינצוצאָלען דירה־געלט, ווען ער וואָלט געקאָנט דינגען אויף זיין חשבון אומזיסטע דירות פאַר די לחלוטין אונפערמעגליכע שכנים. דאָס אַלץ איז טאַקי באמת פּראָעקטירט געוואָרען פון פעראיין, נור ס'איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען אין לעבען,—ס'האָבען געפעהלט די נויטיגע מיטלען. מען דאַרף בעמערקען, אַז הגם די נוצען פון דעם שכנים־פעראיין זיינען קלאָר, איז די צאָל פון זיינע מיטגלידער זעהר אַ בעגרענצטע. די קריסטליכע בעפעלקערונג איז כמעט אינגאַנצען ניט פאַרגעשטעלט אין פעראיין. דאָס ערקלערט זיך מסתמא מיט דעם, וואָס פאַר די אָרטיגע קריסטען האָט איצט די פראַגע וועגען דירות ניט אַזאַ שאַרפקייט, ווי פאַר דער יודישער בעפעלקערונג. די קריסטען וואוינען מאַסענווייז אין די פאָרשטעדטלעך, וואו די דירות זיינען זעהר ביליג, און אַ סך קריסטען האָבען זיך גאָר אַיינגעאָרדענט אין אומזיסטע דירות מיט דער פּאַרטעאישער הילף פון דער דעמאָנטער „שטאָדטישער" אפּוטרופּסות איבער די איבערגעלאָזענע הייזער. די יודען אָבער,— קרעמער, בעלי־מלאכות און פשוט בעזוכער פון פערשיידענע צדקה־חברות,— זיינען פערבונדען מיט'ן צענטער פון שטאָדט, און אפילו נאָך אַ צוהאַנגס־אַרויסזעצונג פון די דירות מיידען זיי אויס צו בעזעצען זיך הינטער'ן שטאָדט. וועגען שכנים־פעראיין דערמאָנען זיך, געוועהנ־ליך, בלויז די, וואָס נויטיגען זיך אין זיין הילף תיכף ומיד. ס'איז קלאָר, אַז אַזוינע מיטגלידער קאָנען גיכער אַוועק־פּטר'ן איידער פערפעסטיגען די פינאַנציעלע לאַגע פון פעראיין. די איבעריגע שכנים אָבער, וואָס נויטיגען זיך ווייניגער און וואָס זיינען מעהר אינטעליגענט, זיינען אינדי־פערענט צו זייער אָרגאַניזאַציע. מחמת דעם ענטוויקעלט זיך שוואַך דער פעראיין, וועלכער וואָלט געקאָנט, ביי אַ געהעריגער אויסנוצונג פון מאָמענט, ברענגען אונגעהויערע נוצען דער שטאָדט דורך אַ יושר'דיגער רעגולירונג פון אַ פראַגע, וואָס ריהרט אָן די לעבענס־אינטערעסען פון דער גאַנצער אָרבייטענדער בעפעלקערונג פון ווילנא.

ס. י. סמאָרגאָנסקי.

# די פינאַנץ־אָפּעראַציעס און דער האַנדעל.

## די וואַליוטע.

ווען צוזאַמען מיט די דייטשען האָט זיך בעוויזען אין ווילנא די נייע וואַליוטע, האָט די אָרטיגע בעפעלקערונג לכתחלה ניט גע־וואוסט ווי צו אָריענטירען זיך, און דער קורס האָט ווי פון זיך אַליין זיך אַיינגעשטעלט 200 מאַרק פאַר 100 רובל. אַזוי איז זי אויך אין די ערשטע טעג אָנגענומען געוואָרען פון האַנדעלס־קלאַס ביז וואַנעט ס׳איז ניט פובליקירט געוואָרען דעם 15 סעפּטעמבער 1915, ד. ה. אין 10 טעג אַרום נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע פון ווילנא, די פעראָרדענונג פון דער מאַכט, וואָס האָט אַיינגעשטעלט דעם ערשטען צוואַנגס־קורס 150 מאַרק פאַר 100 רובל.

ס׳פערשטעהט זיך, אַז מחמת דער נייער פעראָרדענונג האָבען די אָרטיגע סוחרים תיכּף אַרויפגעוואָרפען די גאַנצע קורס־דיפערענץ הן אויף די פרייזען פון די פּראָדוקטען והן אויף אַלע איבעריגע סחורות. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ס׳האָט זיך בעוויזען דער ערשטער יקרות.

מחמת ס׳זיינען ניט געווען קיין בּיינק אָדער בכלל וועלכע ניט איז קרעדיט־אַנשטאַלטען, וואָס זאָלען ניוועלירען דעם קורס, האָט דער מאַרק קורסירט אין שטאָדט ניט העכער פון 160 ביי פּריוואַטע אָפּע־ראַציעס. דער אָסטבאַנק האָט זיך געעפענט אין פעברואַר 1916 און ער האָט בעקומען די ערלויבעניש פריי צו אַרבייטען מיט דער רוסי־שער וואַליוטע לויט דעם קורס פון בערלין, וואו דער קורס איז אין יענער צייט געווען 175—180. צוליב אַזאַ גרויסער דיפערענץ האָט דער באַנק לייכט געצאָלט איינס נאָך דעם צווייטען 155—160—165 און נאָך טייערער פאַר דעם רובל. ס׳האָט זיך בעקומען אַ רעזולטאַט, אַז דעם קויפער האָט תמיד געלוינט צו בייטען רוסישע געלט אין באַנק און אַרויסגעהן אויפ׳ן מאַרק, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופען די אונצופרידענ־הייט פון דער מאַכט און לויט איהר אָנווייז האָט דער אָבעראָסט אויף אַ צייט פערוועהרט דעם פרייען האַנדעל מיט׳ן רובל. פונדעסטוועגען איז די דאָזיגע פעראָרדענונג אָבגעשאַפט געוואָרען אין 4 חדשים אַרום.

פּאַראַלעל מיט דער ענדערונג פון אינטערנאַציאָנאַלען מאַרק־קורס האָט דער אָבעראָסט פעריאָדיש געביטען דעם צוואַנגס־קורס:

| | | |
|---|---|---|
| 15 סעפּטעמבער | 1915 | 150 מאַרק. |
| 1 מאַי | 1916 | 175 „ |
| • אָקטאָבער | 1916 | 190 |
| 20 יאַנואַר | 1917 | 200 |

אויף אַזאַ אופן האָט דער מאַרק אין די אָפּעראַציעס צווישען אָרטיגען און בערלינער קורס באַלאַנסירט אויף גאַנצע 20 פּראָצענט. אַזאַ מין משונה'דיגע קורס-דיפערענץ האָט בעשאַפען אַ גאַנצע נעץ ספעקוליאַנטען אויפ'ן קורס. דער הויפּט-צענטער פון די דאָזיגע ספּעקוליאַנטען איז געוואָרען וואַרשוי, וואו דער מאַרק איז ניט זעלטען געשטאַנען אויף 2—3 פּראָצ. ביליגער, ווי אין בערלין.

שפּעטער-צו האָבען זיך שטריינג איינגעשטעלט דריי קורסען:

א) צוואַנגסקורס

ב) באַנק-קורס

ג) אָרטיגער אָדער מאַרק-קורס.

דער ערשטער איז געווען, ווי ס'איז אויבען געזאָגט געוואָרען, אַ פּרעראָגאַטיוו פון דער מאַכט און איז געווען אַ מוז-זאַך הן פאַר די סוחרים און הן פאַר די געזעלשאַפטליכע קאַסעס און צאָלונגען. דער צווייטער, דער באַנק-קורס, איז געווען אָבהייניג פון בערלין דורך דער פערמיטלונג פון וואַרשוי און איז געווען גענוג אינטענסיוו אַדאַנק די טעלעפאָן-פערבינדונגען צווישען בערלין, וואַרשוי און ווילנא. דער דריטער, דער סאַמע לעבעדיגער, האָט זיך געפונען אין אַ צוזאַמענהאַנג דער עיקר מיט דעם צופלוס פון מאַרקען פון דער אָקופּירטער פּראָווינץ. די בערך'דיגע פערהעלטניש צווישען די דריי דאָזיגע קורסען איז געווען: 200—243—255 מאַרק.

אנשטאָט די מאַרקען זיינען דעם 17 אַפּריל 1916 אָבגעדרוקט געוואָרען באָנעס, וועלכע האָבען זיך בעוויזען אויפ'ן מאַרק ערשט אין עטליכע חדשים אַרום אין קופּיורען פון אַ ווערט: 100, 25, 10, 3, 1 רובל און 50, 20 קאָפּ. פּאַפּיר, ווי אויך .3, 2 ,1 קאָפּ. אייזען אין אַן אַלגעמיינעם סכום פון 000 000 100 רובל*) אונטער דער אונטערשריפט פון אָסטבאַנק און גאַראַנטיע פון אָבעראָסט. דער צירקוליאַר פון אָבעראָסט מכח דעם ענין זאָגט, אַז די דאָזיגע באָנעס דאַרפען ווערען אויסגעקויפט פון דער רעגירונג אין דער נאַטורעלער דייטשער וואַליוטע אין אַ משך פון עטליכע יאָר נאָך דער מלחמה צו 2 מאַרק פאַר 1 רובל באָנעס, ניט אָבהייניג פון זייער קורס אויף דער בערזע.

גלייכצייטיג מיט די באָנעס איז ביי די דייטשען געגרינדעט געוואָרען אַ נייע אַנשטאַלט „הויפּטוועקסעלשטובע" מיט דער הנהגה אין סובאַלק. די דאָזיגע אַנשטאַלט האָט אינגיכען געעפענט אָבטיילונגען אין די מעהר אָדער וועניגער גרויסע צענטרען און איהר אויפגאַבע איז בעשטאַנען אין אויסצאַפּען די אמת'ע מאַרקען און זייער צוואַנגס-אויסביים אויף באָנעס פאַר אַלע איינריכטונגען. אין וואַרשוי האָט מען דעם

*) שפּעטער איז דער סכום נאָך מעהר פערגרעסערט געוואָרען.

1 מאַי 1917 אַרויסגעלאָזען פּוילישע מאַרקען אנשטאָט די דייטשע לויט'ן קורס 216 מאַרק פּאַר 100 רובל. אַזאַ סיסטעם פון אַ צייטווייליגען, מיליטערישען אָדער חוב-מאַרק, צוגעפּאַסט צו דער אָרטיגער וואַליוטע, איז אויך אײַנגעפיהרט געוואָרען אין בעלגיע און אין טייל פון רומעניע, וואָס איז אָקופּירט פון די דייטשען.

די סיסטעם גופא פערדינט אַן אויפמערקזאַמקייט פון פינאַנציעלען שטאַנדפּונקט: האָבענדיג אַ רעכטליכען אומלויף אויפ'ן אָקופּירטען מאַרק, שטערט זי ניט אין דערזעלבער צייט דעם אומלויף אינוועניג אין לאַנד, געבענדיג די מעגליכקייט פריי אײַנצוקויפען די נויטיגע פּראָדוקטען מחוץ דייטשלאַנד—אַ סיסטעם, וואָס קאָן דינען אַלס אַ בולט'ע אילוסטראַציע פון אַ קאָנזעקווענץ, דורכגעטראַכטקייט און אַן אױסעראָרדענטליכער פעהיגקייט צו אָריענטירען זיך אין די פינאַנציעל-עקאָנאָמישע אויפגאַבען.

אַ בעזונדערען אָרט פערנעהמען די אָפּעראַציעס מיט גאָלד. אין מאָמענט, ווען די דייטשען האָבען זיך בעוויזען, איז דער קורס פון גאָלד געווען צווישען 350—400 מאַרק, אין אַ יאָר אַרום האָט ער דערגרייכט 500 מאַרק. די נויטווענדיגקייט אין גאָלד און די שווערקייט אַרויסצוקריגען איהם פון דער בעפעלקערונג האָט געצוואונגען די מאַכט מאַכען איהם אָבהענגיג פון צוקער. די מעגליכקייט צוקויפען בײַ דער אַדמיניסטראַציע צוקער נור מיט דער גאָלד-וואַליוטע האָט בעשאַפען אַ נייעם ספּאָרט: דעם אײַנקויף פון גאָלד און זײַן איבערפערקויף די ספּעקוליאַנטען אויף צוקער, וואָס ס'האָט אַרײַנגעיאָגט 100 רובל גאָלד ביז 600 מאַרק און העכער. אינגיכען, ווען דער צופלוס פון גאָלד איז געוואָרען שוואַכער, האָט אָנגעהויבען וואַקסען דער קורס פון די זילבערנע רובלס און האָט דערגרייכט ביז 450 מאַרק פּאַר 100 רובל.

מעטאַלען אין שטיקער זײַנען געגאַנגען אין אַ פערשטאַרקטען, געהעכערטען טעמפּ: גאָלד 96 פּראָבע אין שטיקער—25 מאַרק פּאַר אַ זאָלאָטניק; זילבער—1,80 מ' אַ לייט; פּלאַטינע—40 ביז 45 מאַרק אַ זאָלאָטניק; צין—25 קאָפּ. אַ פונט.

## דער אינדוסטריעלער מאַרק.

תיכּף נאָך דער אָקופּאַציע האָט זיך דער גרעסטער נאָכפרעג אַרויסגעוויזען אויף טאַבאַק, און מחמת דעם איז אונגעהויער גיך די שטאָדט און די געגענד פול געוואָרען מיט טאַבאַק-קרעמלעך, וואָס האָבען געליזט זעהר געשמאַק. די טאַבאַק-פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען געהאַט די מעגליכקייט אויסצואַרבייטען פּאַפּיראָסען אָהן באַנדעראָלען און אָהן שטייערען פלעגען זיי אַרויסוואַרפען אויפ'ן מאַרק אין אונגע-

הויערע מענגעס און פלעגען נעהמען פרייזען, וועלכע ס'האָט זיך זיי געגלוסט. זיי האָבען אָנגעלעבט גאַנצע קאַפּיטאַלען. גלייכצייטיג זיינען געקומען צו אַזאַ רעזולטאַט אויך די ביר־ברויער, וועלכע האָבען אויך געאַרבייט ביי אַזוינע קאָנטראָללאָזע בעדינגונגען, נור זייער טעטיגקייט האָט ניט לאַנג געדויערט, מחמת די רויהע מאַטעריאַלען האָבען גע־קלעקט אויף אַ קורצע צייט און אין 5—6 חדשים אַרום האָבען זיך אַלע ביר־זאַוואָדען פערמאַכט. דער גרעסטער טייל טאַבאַק־פאַבריקען האָבען אויך געמוזט אָבשטעלען זייער פּראָדוקציע מחמת די דאָזיגע סיבות און אויך מחמת דעם יקרות אויף דעם טערקישען טאַבאַק און דער שווערקייט צו בעקומען איהם צוליב די אונגעהויערע הויכע טאַריפען פון דער אָרטיגער האַנדעלסקאַמער.

דערנאָך טרעטען אַרויס אויף דער סצענע די קליינע הענדלער מיט שפּייז־פּראָדוקטען. די אונערהערטע פרייזען פון די דאָזיגע פּראָדוקטען האָבען געגעבען די מעגליכקייט צו ספּעקולירען. דער פער־באָט אַריינצופיהרען די נויטיגסטע פּראָדוקטען פון די אַרומיגע שטעדטלעך און דערפער האָט בעשאַפען זעהר אַ גרויסען קאָנטינגענט פערזאָנען, וואָס פערנעהמען זיך מיט קאָנטראַבאַנדע און האָט אויף אַ סך מיט־געהאָלפען דערצו, אַז די פרייזען אויף שפּייז־פּראָדוקטען זאָלען זיך כסדר העכערען און זאָלען דערגרייכען פאַנטאַסטישע ציפער.

דער וואַלד־האַנדעל, צום אָנהויב אַ גאַנץ לעבעדיגער, שטאַרבט אָב,—נור אין אַ יאָר אַרום, ווען די דייטשען גיבען איבער די וועלדער אויף עקספּלאָאַטאַציע אָדער אויף ספּלאַוו קיין דייטשלאַנד לויט אַ פערהעלטנ־סמעסיגען מקח השוה, האָט דער דאָזיגער האַנדעל בעדייטענד רייך געמאַכט דעם קאָנטינגענט פערזאָנען, וואָס געהען אַריין אין דער וואַלד־בראַנזשע.

וואָס איז שייך צו די איבעריגע פאַבריקען, איז אָדער אַ טייל פון זיי אַרבייט גאָרניט אָדער געפינט זיך אין רשות פון די דייטשען, וואָס האָבען זיי צוגעפּאַסט צו מיליטערישע פּראָדוקציעס.

די אונגלויבליך־הויכע פרייזען אויף שפּייז־פּראָדוקטען האָבען רייך געמאַכט די אַרומיגע דערפער און שטעדטלעך. צושטעלענדיג דער שטאָדטישער בעפעלקערונג, וואָס הוננערט, אייער, פּוטער, קעז און עופות (שוין ניט ריידענדיג וועגען קאָרן און מעהל), האָבען די פּויע־רים אָנגעלעבט גרויסע קאַפּיטאַלען. ס'האָט זיך געבילדעט אַ בעדיי־טענדע אַרמיע פערזאָנען, וואָס ברייננגען אַריין די דאָזיגע פּראָדוקטען אין שטאָדט, הגם די אַדמיניסטראַציע האָט געגען דעם אַרויסגעגעבען שטרייננגע פערבאָטען.

ס'איז אינטערעסאַנט צו קאָנסטאַטירען דעם פאַקט, אַז כמעט אַנדערהאַלב יאָר האָבען די פּויערים ניט גענומען פאַר פּראָדוקטען

קיין אַנדערע געלד, ווי נור אמת׳ע רוסישע,—און אין דער לעצטער צייט, אָבער, זיינען זיי מיט אַמאָל שאַרף אַריבער אויף דייטשע מאַרקען און נעהמען זיי נאָך גערנער ווי רוסישע געלד. וואָס איז שייך צו די באַנעס,—אנערקענען זיי די פויערים בכלל פאַר קיין געלד ניט און נעהמען זיי אין האַנט ניט. מיט וואָס פאַר אַ פינאַנציעלען אינסטינקט ס׳ווערט דערביי אָנגעפיהרט זייער פשוט׳ער, ניט געקינצעלטער שכל איז שווער פאָראויסצוזאָגען,—דאָס וועט בעווייזען די צוקונפט.

דער קליינער קאָנטינגענט פערזאָנען, וואָס האָט בעוויזען אָנצולעבען קאַפּיטאַלען אין משך פון דער דאָזיגער צייט, בעטרעפט קוים 1 פראָצענט פון דער אַלגעמיינער צאָל פערזאָנען, וואָס זיינען פעראָרימט געוואָרען אין אונזער געגענד. פונדעסטוועגען איז אינטערעסאַנט דורכצופאָרשען די פאָרמע, אין וועלכער זיי האָבען אַריינגעטאָן דעם עודף פון זייערע געלדער.

## די רוסישע פראָצענט-פּאַפּירען און ווערטען.

די ערשטע זאַך, וואָס ס׳איז קלאָר געוואָרען דעם ניי־אויסגעבאַקענעם קאַפּיטאַליסט, איז דער ניט נאָרמאַלער נידעריגער קורס פון רוסישען רובל אין פערגלייך מיט׳ן פאַריטעט און דעריבער ווי נור ס׳האָט זיך ביי איהם בעוויזען אַ רעזערוונער קאַפּיטאַל האָט ער איהם אַריינגעלעגט אין רוסישע געלד, אַיינקויפענדיג זיי העכער פון קורס, אָנהויבענדיג כסדר פון 155 מאַרק פאַר 100 רובל און העכער. אַזוי האָט געדויערט דער ערשטער האַלב יאָר פון אָקופּאַציע. דער חשבון, אַז די דייטשען וועלען זיך האַלטען אין ווילנא אַ קורצע צייט, האָט זיך נאָך אַ האַלב יאָר אַרויסגעוויזען פאַר ניט ריכטיג. ס׳האָבען זיך אַריינגעקליבען די רוסישע ביינק, מען האָט אָנגעהויבען טעכניש איבערצובויען די בנינים, ס׳האָבען זיך בעוויזען אַ רייהע אויסערע סמנים,— דאָס אַלץ האָט געזאָגט עדות, אַז די דייטשען האָבען אַפּנים בעשלאָסען צו בעזעצען זיך גרינטליך אין אונזער געגענד אויף אַ לענגערע צייט און דעריבער האָט זיך אַרויסגעוויזען פאַר ניט פראַקטיש אַריינצולעגען קאַפּיטאַלען אין דער רוסישער פראָצענטלאָזער וואַליוטע,—און די קאַפּיטאַליסטען האָבען אָנגעהויבען כאַפּען די פראָצענט-פּאַפּירען, וואָס האָבען זיך געפונען אויף די הענט. דעם גרעסטען אינטערעס האָבען אַרויסגערופען די ווערט-פּאַפּירען פון ווילנער זעמעלנער באַנק, די 4 פראָצ. מלוכה־רענטע און טיילוויז די ווינגרישנע בילעטען און די סעריעס פון קאַזנאַטשייסטווע, נור ביסלעכווייז איז אויסגעגאַנגען דער מאַטעריאַל, ווייל דער סכום פראָצענט-פּאַפּירען, וואָס איז פערבליבען, האָט ניט געקאָנט בעפרידיגען אַפילו אַ צוואַנציגסט חלק פון נאָכפרעג. אָבער דאָ איז געקומען צו הילף דער אָסטבאַנק מיט רוסישע ווערט-פּאַפּירען,

וואָס זייער צאָל איז אין בערלין געווען זעהר גרויס אויך אין די שלום-צייטען צוליב דער נידעריגער דיסקאָנטנער פראָצענט-נאָרמע.

די שטאַרקע עליה פון די רוסישע פראָצענט-פּאַפּירען און ווערטען אין פּעטערבורג האָט נאַטירליך געווירקט אויך אויף די בערלינער בערזע, הגם, פערשטעהט זיך, ניט אין אַזאַ בולט'ער מדרגה. דורכשניטליך געהט דער רוסישער פראָצענט-פּאַפּיר אויף דער בערלינער בערזע אין 75 פראָצ. פון זיין פּעטערבורגער טאָג-קאָטירונג; בפרט איז דער קורס אין בערלין געווען אָבהענגיג פון דעם נאָכפרעג אויף דעם אָדער יענעם ווערט-פּאַפּיר.

ביי אַזוינע בעדינגונגען האָט זיך דעם קאַפּיטאַליסט לכתחלה איינגעגעבען, איינקויפענדיג פראָצענט-פּאַפּירען ביי אַ ביליגען קורס פון רובל (ביז 200), אויסבייטען די מאַרקען אויף רובלס, געווינענדיג אויף דער 25 פראָצ. הנחה פון בערלינער קורס.

אָבער די זאַך האָט זיך בעדייטענד געענדערט, ווען דער פּאַרי-טעט פון רובל האָט זיך אויפגעהויבען העכער פון דער פעסטגעשטעלטער נאָרמע 216. דאַן זיינען די רוסישע ווערט-פּאַפּירען געגאַנגען אין פערקויף אויף 30—40 פראָצ. נידעריגער פון דער פּעטערבורגער טאָג-קאָטירונג.

די ווערט-פּאַפּירען, וואָס מען פיהרט אַרויס פון בערלין מעהר פון אַלע, אַלס אַזוינע, וואָס ווערען דער עיקר גערן גענומען, זיינען:

| | |
|---|---|
| 4½ % הלואה 1905 | I און II ווינרישנע הלואה |
| „ 4 1902 | 4% מלוכה-רענטע |

„ 3⁸/₁₀ קאָנוו. הלואה, קאנסאליד. רענטע, אַקציעס פון די בר. נאָבעל און איינינע אַקציעס פון די רוסישע אייזענבאַהנען.

ס'איז אינטערעסאַנט צו ברייננען די פערגלייכונגס-טאַבעלע פון די קורסען פון די רוסישע ווערט-פּאַפּירען דאָ און אין פּעטערבורג:

| | פּעטערבורג | ווילנא |
|---|---|---|
| 4½ % 1905 י' | 94.25 ר' | 69 |
| I הלואה 64 „ | „ 1080.– | 725 |
| II „ 66 „ | „ 970.– | 620 |
| 4% מלוכה-רענטע | „ 79.75 | 71 |
| נאָבעל | „ 2100.– | 900 |

ניט קיין קליינע ראָל האָבען געשפּילט די קופּאָנעס פון די דאָזיגע ווערט-פּאַפּירען, וואָס מען פיהרט אַרויס פון בערלין; די צאָל פון די דאָזיגע קופּאָנעס האָט דערגרייכט אַ סכום פון עטליכע מיליאָן רובל. ווען די רוסישע קופּאָנעס האָבען זיך צום ערשטען מאָל בעוויזען

פון בערלין, איז דער אינטערעס צו זיי ניט געווען איבעריגס גרויס, ווייל ביי דעם נידעריגען קורס פון רובל האָבען זיי געקאָנט געבען אַ 4—5 פראָצענט הנחה. ווען אָבער דער רובל האָט דערגרייכט אַ קורס פון 250 און העכער, האָבען די אייגענטימער פון די קופּאָנעס זיי גע- האַט אין 30 און מעהר פראָצ. הנחה פון פּאַריטעט-פּרייז.

דאָ האָט זיך אגב אַרויסגעוויזען די ניט געניטקייט פון עולם אין הינזיכט פון פונאַנדערטיילען די קופּאָנעס אויף קאַטעגאָריעס און דערביי איז די דיפערענץ פון אָבשאַצונג געווען אַ גאַנץ היבשע. אַזוי, למשל, האָבען זיך די קופּאָנעס פון די אייזענבאַהן-פּאַפּירען אַלס אַזוינע, וואָס זיינען אַם ווענינגסטען בעקאַנט דעם עולם, קאָטירט ניט ווענינגער, ווי ביי 30 פּראָצ. הנחה, די קופּאָנעס פון די אויסלענדישע הלואות— אויף 5 פּראָצ. העכער; פאַר די טייערסטע, אָבער, האָבען זיך גערעכענט די קופּאָנעס פון די אינווענינגסטע הלואות, וואָס דער עולם האָט זיי גערן פונאַנדערגעקויפט ביי אַ 12—15 פּראָצ. הנחה.

דער פּעריאָד פון נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט נאַטירליך אַראָבגעזעצט דעם ווערט פון די רוסישע פּראָצענט-פּאַפּירען אין פּעטערבורג, האָט זיך, פערשטעהט זיך, אָבגערופען אויך אין בערלין און די פּרייזען זיינען געוואָרען נאָך ביליגער, הגם ניט אויף קיין סך:

4% רענטע — 67 רובל
I ווינר. הלואה—675 „
II „ —600 „

שפּעטער-צו, אין סעפּטעמבער-אָקטאָבער 1917, זיינען די פּרייזען שטאַרק געפאַלען.

צוזאַמען מיט די קופּאָנעס האָט דייטשלאַנד פערפּלייצט דעם מאַרק מיט די בילעטען, וואָס זיינען אין משך פון די לעצטע דריי יאָר אַרויס אין טיראַזש, דערביי צוליב זייער אונבעוועגליכקייט (מחמת ס'איז ניטאָ קיין פּראָצ. פון די קופּאָנעס) האָט זי זיי קאָטירט אויפ'ן פּרייז צוגלייך מיט די קופּאָנעס. אגב האָט דער עולם, מחמת איינינגע טעמים (צוליב'ן שטעמפּעל), גערנער גענומען די קופּאָנעס.

דער פאַקט, וואָס ס'איז ניטאָ דער רוסישער מלוכה-באַנק און ס'איז ניט מעגליך אויסצובייטען די צורישענע פּאַפּירענע געלד אויף נייע, האָט אַרויסגערופען אַ נייעם מין האַנדעל: אַן אויסבייט מיט אַ הנחה פון 10—15 פּראָצ., וועלכער האָט בעשאַפען ניט קיין געזונטע אַטמאָספער און האָט אַריינגעבראַכט אַ גרויסע שווירינקייט אין אומלויף פון די ווערטען. שפּעטער-צו, ווען וואַרשוי האָט אָנגעהויבען אָנצו- נעהמען די צורישענע פּאַפּיר-געלד מיט אַ הנחה פון 1—2 פּראָצ., איז דער מצב פון מאַרק בעדייטענד לייכטער געוואָרען.

—‹○○○○›—

# די פאַרשטעטלעך.

ווילנא רינגלען אַרום צוועלף פאָרשטעטלעך, וועלכע ציהען זיך אַריין כמעט איינע אין די אַנדערע. פון מזרח זייט פון ווילנא נעפינען זיך: רזשעלע, פּאָפּלאַוועס, זאַרעטשע; פון צפון-מזרח – אַנטאָקאָל; פון צפון – שניפּישאָק; פון מערב – זווערינעץ און לוקישקעס; פון דרום – נאָוואָראָד, פּיאַסקעס, סקאַפּלערנע, קאמינעס, נאָוואָסוויאַט, און ליפּאווקע.

אַנדערע פון די פאָרשטעטלעך זיינען נאָהנט פון שטאָט, נור זיי טיילט אָב די טייבען ווילִיע און ווילייקע (וועלכע פאַלט אַריין אין ווילִיע), ווי זארעטשע, פּאָפּלאַוועס, וועלכע עס טיילט אָב די ווילייקע, שניפּישאָק – די ווילִיע; אַנדערע טיילט אָב דער מרחק פון שטאָדט, אויך די ווילייקע, ווי אַנטאָקאָל; אַנדערע – דער מרחק אַליין, ווי קאמינעס, ליפּאווקע; אַנדערע זיינען, פערקערט, אי נאָהנט, אי צוזאַמענגעבויט מיט שטאָט, ווי לוקישקעס, נאָוואָראָד, פּיאַסקעס.

אויך אין אויסזעהען שיידען זיך אָב די פאָרשטעדטלעך. אַנדערע זעהען אויס ווי שטאָט, מיט גרויסע מויערען און מיט אַלע בעקוועמליכקייטען פון שטאָט; אַזוינע זיינען לוקישקעס, זאַרעטשע, פּאָפּלאַוועס; אין די איבעריגע איז אַ נעמיש פון מויערען מיט הילצערנע הייזלעך. דער שטעמפּעל פון אַ קליין שטעטעל ליגט ניט מער, ווי אויף איינִיגע פון די פאָרשטעטלעך, ווי קאמינעס, ליפּאווקע, וואו יעדערער האָט זיך זיין גערטעל, זיין פעלד, און דער דחקות דאָרט איז טאַקי ניט אַזוי גרויס, ווי אין די איבעריגע פאָרשטעטלעך. אָבער אין אינערליכען, מסחרישען און געזעלשאַפטליכען לעבען זיינען כמעט אַלע פאָרשטעטלעך אייננ פערבונדען און פערקניפּט מיט שטאָט.

די פאָרשטעט האָבען נעמען זיך אויך פאָרשטעטעלעך; זאַרעטשע – די שטיבלעך אָדער בעלמאָנט; שניפּישאָק האָט די ראגאַטקעס; נאָוואָראָד – דאָלני.

צווישען די פאָרשטעטלעך איז פאַראַן גאָר יונגע, ווי נאָוואָסוויאַט, סקאַפּלערנע, קאמינעס, ליפּאווקע, פּיאַסקעס, וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען צוזאַמען מיט'ן באַן מיט אַ ערך 59 יאָר צוריק; אין דער זעלבער צייט האָט זיך אויך ענטוויקעלט קליין-שניפּישאָק צוזאַמען מיט די קאַזאַרמעס; אויך נאָוואָראָד און לוקישקעס האָבען זיך ענטוויקעלט אין יענער צייט, הגם אין דער היסטאָריע פון ווילנא פיגורירט שוין לוקישקעס פון קדמונים אָן*). ס'זיינען פאַראַן עלטערע פאָרשטעטלעך, ווי אַנטאָקאל, זאַרעטשע, פּאָפּלאַוועס, רזשעלע. די עלטסטע פון אַלע פאָרשטעטלעך רעכענט זיך גרויס שניפּישאָק, די שניפּישקער זקנים זאָגען, אַז שניפּישאָק איז נאָך עלטער פאַר ווילנע גופא.

יעדער פאָרשטעטעל האָט זיך איהרע חברות, איהרע היסטאָרישע מערקווירדיג-קייטען און איהרע זכרונות. אויף קליין-שניפּישאָק נעפינט זיך דער אַלטער בית עולם (רמ"ז – תקצ"א), וואו עס זיינען פאַראַן די קברים פון ווילנער גאון, פון גר צדק און פון נאָך גאונים; אויף זאַרעטשער בערג, וועלכע בעהעפטען זיך מיט די אַנטאָקאָלער בערג, נעפינט זיך דער נייער בית עולם (נעגרינדעט אין תקצ"א).

אויף סקאַפּלערנער בערג נעפינט זיך דער כאָלערע-בית-עולם, וועלכען מ'האָט אויך געגרינדעט אין יאָר תקצ"א, ווייל דעמאָלט האָט אין ווילנא אויסגעבראָכען אַ גרויסע מגפה.

---

*) לויט אַ לעגענדע האָט דער פירשט וויטאווט נאָך אין יאָר 1394 בעזעצט אויף לוקישקעס טאַטאַרען און זיי האָבען דאָרט אויסגעבויט אין יענער צייט אַ מעטשעט און אַ בית-עולם. אַ מעטשעט עקזעסטירט נאָך היינט אויך דאָרט. דאָס איז אַ הילצערנע געביידע מיט אַ קופּאָל און אַ האַלבע לבנה און אַלע פרייטאָג ריכט מען דאָרט אָב תפלות. אויך אין „עיר ווילנא" ווערט געבראַכט, אַז ר' שמשון מזאה, וועלכער איז נפטר געוואָרען אין יאָר תרי"ג, האָט אין לוקישקעס אויסגעבויט אין זיין הויף אַ בית מדרש.

אויף אנטאָקאָל האָט געפונען א מקום-מקלט דער לעצטער רב ר' שמואל, אין יאָר תקל"ח, אין דער צייט פון זיין מחלקת מיט די ראשי הקהל, און שטאָט נפא האָט ער דעמאָלט מורא געהאַט צו וואוינען.

אויף גרויס שניפּישאָק, דערציילט מען, האָט א מאל אין ר' אהרן'ס הויף (איצטער אנאָליקס) געלערנט דער ווילנער גאון א גאַנץ זומער (אלס זומער-וואוינונג). אנטקעגען איז דעמאלט אויך געווען אַ קלויז א. או. וו.

איינינע פון די פאָרשטעטלעך טראָגען היסטארישע נעמען: דער נאמען פון פאָרשטעטעל רזועלע איז פערגרייזט פון יערוזאלעם: אין 1812, בשעת נאַפּאלעאָן איז אריין אין ווילנא און האט דארט דערזעהען דעם טייבעל מיט דעם שיינעם וואלד אויף די הויכע בערג און די טיפע טאלען, האט ער עס א נאמען געגעבען „יערוזאלעם"; דארטען זיינען אויך פאראַן נאַסען מיט'ן נאמען בית-לחם וכדומה.

גרויס-שניפּישאק רופט מען ווילקאמירסקי, ווייל איידער דער באַן איז געבויט געווארען האט זיך דער גאַנצער טראַקט פון ווילקאמיר קיין ווילנא געצויגען דורך גרויס שניפּישאק, און אין עק שטאט זיינען דעמאלט געווען ראנאַטקעס, וואו מען פלעגט נעמען אַן אבצאל פון די אריינפאָהרער און פאַר דער אריינגעפיהרטער סחורה.

דורך שניפּישאק איז אויך דער טראַקט קיין מייסענאָלע, שירווינט מיט דער סביבה.

קליין-שניפּישאק רופט זיך קאַלוואַרייסקי, ווייל דורך איהר איז דער טראַקט קיין קאַלוואַריע (אַ בעריהמטער פּוילישער קלויסטער, וואוהין ס'געהען זומער עולה רגל זיין טויזענדער קריסטען און דאס ניט דער שטעטעל פּרנסה). דורך קאַלוואַרייסקי איז אויך דער טראַקט קיין ווערקי, אַ זומער-אָרט מיט אַ בעריהמטען פּאלאַץ.

די נעמען פון די אַנדערע פאָרשטעטלעך זאגען עדות אויף די ניט לאַנגאָנינע ענטשטעהונג פון די שטעטלעך, למשל: נאָוואָ-נאָראָד, ד. ה. ניי-שטאט; נאוואסוויאט, ד. ה. ניי-וועלט; פּיאַסקעס, ד. ה., אז ניט לאַנג איז נאָך דאָרט געווען א זאַמדיג אָרט; ליפּאווקע, ד. ה. אַז ניט לאַנג איז נאָך דאָרט געווען אַ וואַלד פון ליפּען-בוימער וכדומה.

יעדע פאָרשטעטעל האָט זיך איהרע מסחרים מיט דעם קאָנטינגענט מענשען דערצו, למשל: לוקישקעס, וועלכע שטעהט נעבען ברעג טייך ווילִיע, האָט זעג-מיהלען, מעל-מיהלען, האָלץ-סקלאַדען, אַ ביר-ברויז און אַ סך גאַרבאַרנעס; זי רעכענט זיך פאַר דער רייכסטער פאָרשטעטעל אין ווילנא*); אַנטאָקאָל, וועלכע שטעהט אויך נעבען ברעג ווילִיע, האָט אויך האָלץ-סקלאַדען, אויך לעבט זי פון די זומער-וואוינונגען, וועלכע געפינען זיך אין אַנטאָקאָלער וואַלד אויף די הויכע בערג, און פון די זומערדיגע קאַזאַרמעס, וועלכע זיינען דאָרט פאראַן אַ סך. שניפּישאָק, וועלכע שטעהט אויך נעבען ווילִיע, ו[illegible] אויך האָלץ-מסחרים, זעג-מיהלען, א ביר-ברויז, פאַבריקען פון קאַפּולען און קאַראַקול און ציגעלניעס (ווייל דאָרט איז א ליימיגער אָרט); קליין-שניפּישאָק האָט קאַזאַרמעס און תבואה-האַנדעל.

פּאָפּלאַוועס, וועלכע שטעהט נעבען ברעג ווילייקע, האָט האָלץ-סקלאַדען, א ביר-און א בראַנפען-ברויז, אויך דעם פיש-מאַרק.

רזועלע האָט א ביר-ברויז און זומער-וואוינונגען.

פּיאַסקעס האָט דעם טאָוואַרנעם באַן, האָלץ-סקלאַדען און פאַבריקען פון זאָקען, בלייפעדערס, גראַמאַפאָנעס, גילזען-מאַש[illegible]ס.

---

*) אויף לוקישקעס געפינט זיך אויך דער יאָרמאַרק, אַלע זומער אין מאַי מאָנאַט; דאָס ניט דער שטעטעל אויך אַביסעל פּרנסה.

**) אויף אַנטאָקאָל געפינט זיך דער קלויסטער אויפ'ן נאָמען פון פעטער און פּאַוועל. דאָרט אויפ'ן פּלאַץ איז דעם 29|7 תמיד אַ גרויסער יריד. דאָס פלעגט דער שטעטעל געבען פיל פּרנסה.

סקאַפּלערנע האָט אַ טאַבאַק-פאַבריק, אויף דעם טאָוואַרנעם באַן.

ליפּאווקע, דורך וועלכער עס גערט דער לידער און אָשמענער טראַקט און דער טראַקט פון נאָך שטעטלעך און דערפער פון אַרום, האָט אַ פּיה-און תבואה-האַנדעל. דאָס זעלבע אויך ליפּאווקע, דורך וועלכער עס ציהט זיך דער טראַקט קיין ראַדין מיט דער סביבה. די אָרימסטע פון אַלע פאָרשטעטלעך זיינען נאָוואָ-סוויעט און נאָווגאָראָד,—אָהן שום פאַבריקען און מסחרים. נאָווגאָראָד איז נאָך אַמאָל אויך געווען אַ שם-דבר, וועלכער פלעגט אַרויפוואַרפען אַ פחד, אַ אימה מיט זיין אָרימקייט און בבלל מיט זיינע פערשיידענע מינים שעדליכע עלעמענטען. איצט זיינען אפילו שוין די דאזינע עלעמענטען אביסעל פערשוואונדען, אָבער די אָרימקייט האָט זיך אדרבה נאָך מעהר פערשטאַרקט.

ח. ל.

די מלחמה-צייט האָט אויף אַ סך אומגעענדערט די פאָרשטעטלעך. ווייטער ווערט געשילדערט דער איצטיגער (אויגוסט 1917) מצב פון יעדער פאָרשטעטעל בעזונדער.

## אַנטאָקאָל.

אַנטאָקאָל איז זעהר ווייט פון צענטער שטאָט, בפרט נאָך דעם אַריינקומען פון די דייטשען, ווען די „קאָנקע" האָט אויפגעהערט צו פונקציאָנירען. דערפאַר איז דער לעבען דאָ אַ איינגעאָרטיגער און טראָגט ניט אויף זיך דעם ספּעציפישען חותם פון שטאָט ווילנא. אַנטאָקאָל קאַן ניט האָפען אויף שטיצע פון שטאָט, ווי עס האָט זיך שוין אַרויסגעוויזען ניט איין מאָל, און מוז אַליין טאָן מיט איינענע כחות און אויף איינענער ריזיקע. זי פערמאָגט אָבער גענוג זון און לופט; די ערד צו בעאַרבייטען איז נאָך פריש, ניט אויסגעמאַטערט. איהר וואַרפט אַריין אַהין אַ פּאָר קערענדלעך, און כל זמן זיי האָבען אַ שטיקעל יניקה לעבען זיי און וואַקסען, ווי גאָט האט געבאָטען, אָהן חכמות און אָהן קונצען; אָהן בלומען און אָהן צאַצקעס, אָבער אַ געזונט, פריש בוימעל.

פאַרן אפּטרעטען פון די רוסען איז כמעט די גאַנצע יודישע בעפעלקערונג אַריבערגעפאָרען אין שטאט אַריין: איבערן ווילִיע זיינען געוועזען אויסגעבויט אַ פּולע בריקען, און מען האט זיך געריבט אויף מיליטערישע אפּעראַציעס אין געגענט. יום-כפור 1915 נאָך כל נדרי האט דער עולם, וואס איז אַרויס פון ווירשופּער שול און מיט אימה געקוקט אויפ'ן פלאַקערדיגען האריזאָנט פון אַרום, בעטראַפען ניט מער פון דריי מנינים מענשען, צווישען זיי די העלפט סאלדאַטען. דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג האט זיך אפילו צוריקגעקערט, אבער אין שטעטעל האט זיך שוין גלייך אַרויסגעוויזען אַן ארימקייט, וואס האט זיך כסדר פערגרעסערט. כמעט אַלע פרנסות זיינען חרוב געווארען; די איינציגע נייע, וואס עקזיסטירט שוין נאהנט צוויי יאר, איז געהן אויפ'ן לאַנד, על פי רוב אין נעמענטשין נאָך פּראָדוקטען. אבער די פרנסה נעמט זיך אב די געזונט, און אַ גרויסער טייל פון די „געהער" זיינען שוין אַוועקגעגאַנגען... פון דער וועלט. איך האב געזעהען „גוטע געהער" און „געהערקעס", וואס פלעגען די ערשטע צוויי חדשים ברייגנען צו דריי פוד משא, דערנאך כסדר דריטהאַלבען, צוויי, אַנדערהאַלבען, ביז אין אַ שיינעם פריהמאָרגען האב איך זיך ניט דערוואוסט, אַז פרין דער פורמאַן אדער אַלתר צמח זיינען געשטאָרבען, נאַטירליך געשוואָלענע.

יודען געפינט זיך אין אַנטאָקאָל דעם לעצטען יאר אַן ערך 1000 צווישען אַ קריסטליכער בעפעלקערונג דריי מאָל אַזוי גרויס (גערעכענט מיט דער אַרומיגער געגענט). דער יוד וואוינט דא מיט'ן קריסט אין זעהר נאהנטע שכנות און איז תמיד מיט איהם פערבונדען געוועזען מיט אַרבייט אדער מיט'ן פדיון. אין דער קאַשטאַרער צייט פון מלחמה האָבען זיי צוזאַמען אַפּולע איבערגעלעבט: געמיינזאַמע ערוואַרטונגען און איבעראַשונגען, פרייד און צרות. דאָס אַליין האָט אין אַ געוויסער מאָס דערנעהנטערט ד'

ביידע לאַנערען און אָהן אַ שום ספק קאָן מען זאָגען, אַז מען שפּירט זיך דאָ און מען אָנערקענט איינער דעם צווייטען פאַר בירגער פון איין לאַנד.

די ערשטע צייט האָבען די יודען גענומען אַ טיכטיגען אָנטייל אין דער מיליציע, ביז איר רעאָרגאַניזירונג.

ביי דעם סאַמע אָנהייב פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג איז געשאַפען געוואָרען דער „אַנטאָקאָלער קאָאָפּעראַטיוו״, וואָס עקזיסטירט ביז היינט. אין זיין בעסטער צייט האָט דער קאָאָפּעראַטיוו געהאַט ווייט איבער 300 מיטגלידער. יודען און קריסטען אויף דער העלפט. די פערוואַלטונג ווי אויך דער פּערסאָנאַל בעשטעהען אויף דער העלפט פון יודען און פּאָליאַקען. פאַר צוויי יאָר צייט איז אונז ניט אויסגעקומען צו הערען ביי די לאַנגע אָטשערעדען זידלערייען אויפ'ן נאַציאָנאַלען באָדען, אַפילו אין די „גרויסע טעג״ פון מעל, גרויפּען, קאַרטאָפּעל אָדער צוקער, ביי דער גרעסטער שפּאַרעניש און ליידענשאַפט, ווען יעדע „בולבע״ איז אַ נשמה ממש. אויף די 5—6 אַלגעמיינע זיצונגען און אויף אַלע זיצונגען פון דער פערוואַלטונג (דורכשניטליך אַלע 2 וואָכען) איז גערעדט געוועזען אויסשליסליך פּויליש און מען דאַרף קאָנסטאַטירען, אַז אַנטאָקאָלער בעלי-בתים ריידען פּויליש ניט גראָב שלעכט.

אַנטאָקאָל אין די איינציגע פון די פּאָרשטעטלעך, וועלכע עס איז בעשערט געוועזען צו האָבען אַן אמת׳ע יודישע פאָלקס-שול*). די אַנטאָקאָלער פאָלקס-שול פאַר אינגלעך און מיידלעך פון דער חברה „מפיצי השכלה״ עקזיסטירט פון 1 יאַנואַר 1916 יאָר, און אין דער קורצער צייט האָט זי אַרויסגעוויזען אַ גרויסע ערציהערישע און נאַציאָנאַליזירענדיגע בעדייטונג. בנוגע צו די לימודים האָבען די גייסטיג און קערפּערליך געזונטע, על פי רוב, אַנטאָקאָלער קינדערלעך גענומען די גרעסטע פּעולה וואָס איז מעגליך. די וואָס האָבען געענדיגט אָדער אַרויסגעטראָטען פון העכערען קלאַס וועלען שוין פערבלייבען אַ „עם הספר״, און די קלענערע האָבען שוין אויך געמאַכט זייערע ערשטע פעסטע טריט. די יודישע לידער און דער יודיש-רעדען האָבען פעריאָגט אינגאַנצען די פרעמדע שפּראַכען. מערקווירדיג, אַז אָט די ווירקונג האָט זיך אַרויסגעוויזען אויך אויף די גאָר קליינע קינדער, וואָס בעזוכען נאָך ניט די שול, און אַ דאַנק דעם האָט מען אין אַ פולע הייזער געמוזט אָנהויבען צו בענוצען יודיש. די שול בעזוכען אַלע קינדער, סיי די רייכסטע, סיי די אָרימסטע. אין דער קריטישער צייט פון שול האָבען די עלטערען פון די קינדער ווי אויך די אַנטאָקאָלער בעלי-בתים די שול אויסגעהאָלפען.

דער אַנטאָקאָלער עולם איז אַזוי ווייט פון אונזערע פּאַרטייליכקייטען, פון די מלחמות וועגען „אונזערע שפּראַכען״; די שול איז נאָך זייער פשוט׳ן שכל אַזוי נאַטירליך, אַזוי צוגעפּאַסט, אַז זיי פערשטעהען ניט ווי קאָן זיין אַנדערש אָדער בעסער. מען דאַרף דאָ אויך בעמערקען, אַז דער לימוד פון תנ״ך און העברעאיש האָט אין דער שול פערנומען אַ גרויסען אָרט און איז געפירט געוואָרען זעהר אינטענסיוו.

די אַנטאָקאָלער יודישע פאָלקס-קיך איז איינע פון די ערשטע אין ווילנא, און איז לכתחילה געגרינדעט געוואָרען אויף אייגענע מיטלען. דער אונטערשייד צו דער „שטאָט״ ווילנא איז אַזוי גרויס, אַז מען האָט לאַנג ניט געוואָלט זיך פעראייניגען מיט דער פערוואַלטונג פון די יודישע פאָלקס-קיכען. ניט אָהן אַ יסוד אפשר האָבען אַנטאָקאָלער כלל-טוער מורא געהאַט, אַז די גרויסע פערשווענדערישע ווילנא זאָל ניט איינשלינגען די שווער פערהאָרעוועטע אַנטאָקאָלער עטליכע מאות. די אַנטאָקאָלער פאָלקס-קיך פלעגט די לעצטע צייט אַרויסגעבען ביז 1000 מיטאָגען אַ טאָג, פון זיי אַנ׳ערך 150 אומזיסטע.

אויף אויסצוהעלפען אָרימע לייט עקזיסטירט די חברה „תומכי עניים״. די ערשטע צייט האָט די חברה אינטענסיוו געאַרבייט, איצט איז זי שטאַרק אָבגעשטאַנען, מען דאַרף האָפען, אַז דאָס איז נור צייטווייליג.

*) זעה „ווילנער זאַמעלבוך״ I באַנד: „אַנטאָקאָלער שול פון מפיצי השכלה״.

די ענטוויקלונג פון די מיטעלשטאַנדסקיבען האָט איינגעבראַכט אַנטאָקאָל אַ גאַנץ פּאָלידע און אנשטענדיגע יודישע מיטעלשטאַנדסקיך, וואָס האָט זיך פון ערשטען טאָג פּוועקגעשטעלט אויף אַ שטרענג געזעלשאַפטליכען באָדען. די קיך איז שטאַרק בעווּבט אויך פון קריסטען.

פאַר די לעצטע 1½ יאָר זיינען געשטאָרבען איינער נאָכ'ן צווייטעןביידע אַנטאָקאָלער רבנים: הרב ר' אברהם קרעצמער און הרב ר' בנימין פרידמאַן. פון נעהמען אַ נייעם רב האַלט זיך די שטעטעל פאַרלויפיג אָב.

ש. נאָוואָפּלאַנט.

## גרויס שניפּישאָק.

שניפּישאָק געפינט זיך נאָכ'ן גרינעם בריק, אויף יענער זייט טייך ווילִיע, זי טיילט זיך אויף צוויי לאַנגע גאַסען: ווילקאָמירער, אָדער גרויס שניפּישאָק און קאַלוואַ-ריער, אָדער קליין שניפּישאָק.

פאַר דער מלחמה איז שניפּישאָק געווען אַ ססתר-שטעטעל, די בעפעלקערונג פון גרויס און קליין שניפּישאָק מיט דער סביבה איז בעשטאַנען פון אַ ערך 10 טויזענט יודען און אַ ערך 23 טויזענט פּאָליאַקען מיט רוסען. די רוסען זיינען אַוועק צוזאַמען מיט'ן רוסישען חייל.

גרויס שניפּישאָק אַליין האָט געהאַט אַ ערך 5 טויזענט יודען, וועלכע זיינען בע-שטאַנען פון קרעמער, סוחרים, בעלי-מלאכות, ציגעלמאַכער, פורמאַנעס, איזוואָזשטשיקעס און וואַשאָוניקעס.

אין דער צייט פון אָקופּאַציע האָבען זיך די ציגעלניעס פערמאַכט, אַ חוץ צוויי, וועלכע אַרבייטען פאַר דער מאַכט; די זעג-מיהלען זיינען אויך אַריבער צו דער מאַכט; די קאַפּול-און קאַראַקול-פאַבריקען האָבען זיך געשלאָסען, די בע"ב זיינען אין רוסלאַנד, און פון די אַרבייטער זיינען אַ סך אויף אַרבייט ביי דער מאַכט, אַ סך זיינען צופאָהרען אין די קליין-שטעטלעך, אַ סך זיינען צוזטאָרבען, און די בעפעלקערונג האָט זיך פער-קלענערט אויף אַ ערך 30 פּראָצ.. אַ סך קראָמען האָבען זיך פערמאַכט, און די אָפּענע קרעמלעך זעהט זיך אויך מער ניט ווי אַ ביסעל עסענווארג-סחורה, ווי קאַרטאָפעל, באַנבאַן, „באַבקעס" א. או. וו.

פריהער, תיכף נאָך דער אָקופּאַציע, איז געווען אַ סך בירהאַלעך; וואו אַ טיר-דאָרט אַ בירהאַלע, אַנדערע האָבען אפילו דאָן נישקשה געליוזט, נור איניגבען זיינען די ברייזער אַריבער צו דער מאַכט און ס'איז פערווערט געוואָרען צו פערקויפען ביר.

אויך די בעל-מלאכות, די וואַשאָוניקעס, די פורמאַנעס האָבען אָנגעוואָרען זייער גאַנצע פרנסה, און דער עקאָנאָמישער מצב פון גרויס שניפּישאָק איז זעהר אַ נעדריקטער.

דער קולטורעלער מצב איז אויך אויף אַ סך געפאַלען. אין שניפּישאָק געפינט זיך אַ שוהל איבער הונדערט יאָר אַלט, וואָס דעם ווילנער גאונס זוהן ר' אברהם האָט איבער-געבויט. נעבען שוהל איז דאָ אַ גרויסער בית מדרש, אַ סאַלדאַטסקע קלויז, אַ ליובאַוויטשער שטיבעל און בעגנינס קלויז, - נור זיי זיינען אַלע פוסטלעך, די דאַוונער זיינען אומעטום דאָס רוב אבלים. ס'בעמערקט זיך בכלל אין אַלע קלויזען פון גאַנץ ווילנא, אַז כמעט אַלע דאַוונער זיינען קדיש-זאָגער (ס'איז איצט אויך צו בעמערקען אַ סך קדיש-זאָגערקעס, מערסטענטייל ווייל עס איז ניטאָ קיין זיהן). נעבען שוהל געפינט זיך פון סטענדיג אָן אַ תלמוד-תורה, אין ת"ת געפינען זיך איצט הונדערט תלמידים (פריהער זיינען געווען קרוב 200 תלמידים) מיט דריי רביים; די ת"ת האָבען פריהער אויסגעהאַלטען די בעלי-בתים פון שטעטעל, איצט - די בע"ב מיט'ן ציק.

פאַר דער אָקופּאַציע זיינען אין שניפּישאָק אויך געווען זעקס חדרים מיט איבער הונדערט תלמידים, איצטער - 4 חדרים מיט אַ ערך 60 תלמידים. אָנהויב 1917 האָט זיך

אויף שניפּישאָק (כיוער גאַס) געעפענט אַ היים פאַר קינדער פון דער חברה „קינדער-פערוואָרנונג“. די היים האָט איצט 140 קינדער.

אין 1916 איז אויף שניפּישאַק געווען אַ קורצע צייט אַ פּריוואַטע שול פאַר אינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען; אַ קורצע צייט האָט אויף שניפּישאַק אויך עקזיסטירט אַ בית ספר עממי לבנות פון דער אָרגאַניזאַציע „צעירי ציון“. איצט —ביידע פערמאַכט.

דער געזעלשאַפטליכער לעבען האָט זיך אין דער צייט פון אָקופּאַציע אויף אַ סך פערערגערט. די צוויי גמילות-חסדים, וואָס זיינען פריהער געווען איינער אין בית מדרש, דער אַנדערער אין בעגנינם קלויז מיט אַ קאַפּיטאַל פון 5 טויזענד רובל, האָבען זיך איצט פערמאַכט.

עס פונקציאָנירען זעהר שוואַך די חברה „לינת הצדק“ און די חברה „לחם לרעבים“. צום אָנהויב פלעגט די חברה „לחם לרעבים“ צוטיילען 800 מאַרק אַ חודש (דעריין 250 מזומן פאַר הונגערט פאַמיליעס), פון זיי 450 מ׳ אויף 300 אומזיסטע פּאָרציעס אין פאָלקס-קיך. פּסח תרע״ז האָט זי צוטיילט געפאַלענע בע״ב און אָרימע אַ ערך צוויי טויזענד מאַרק. חברים צאָהלער האָט זי געהאַט 70, און מקבלים 100. איצט האָט זי קיין צאָהלער נאָר ניט, זי האַלט זיך אוים מער ניט פון צופעליגע נדבות און פון צ״ק.

די פאָלקס-קיך נומ׳ 59 עקזיסטירט דאָרט שוין קרוב צוויי יאָר. פריהער פלעגט זי אַרויסגעבען טעגליך 14 הונדערט פּאָרציעס; אַז ס׳האָט זיך געעפענט די צווייטע פאָלקס-קיך נומ׳ 66, האָט זיך די צאָל פּאָרציעס פון דער ערשטער פערקלענערט, די צווייטע פאָלקס-קיך גיט אַרויס 700 פּאָרציעס טעגליך. ס׳עקזיסטירט אויך אַ מיטעל-שטאַנדס-קיך נומ׳ 119, און אַ קיך פון דער חברה „קינדער-פערוואָרנונג“ אין דעם בנין פון תלמוד-תורה (צווייטע קינדער-קיך פון דער חברה). פּאָרציעס ווערט דאָרט אַרויסגעגעבען 300 טעגליך.

אין גרויס שניפּישאָק געפינען זיך אויך אַ שטאָדטישע קראָם און אַ קאָאָפּעראַטיוו מיט אַ 10 רובעלדיגען פּאַי, נור ביידע אַרבייטען איצט זעהר שוואַך.

אין גרויס שניפּישאָק איז רב ר׳ מאיר באסין. נאָך דער ראַנאַטקע איז דאָ אַ בית-מדרש און דאָרט איז רב ר׳ אבא קעסעל.

## קליין שניפּישאָק.

די יודישע בעפעלקערונג פון קליין שניפּישאָק איז בעשטאַנען פון אַ ערך 4 טויזענט נפשות. פון די רוסען זיינען געווען אַ סך בעאַמטע, וועלכע זיינען אַוועק אין רוסלאַנד. אויף קליין שניפּישאָק געפינען זיך קאַזאַרמעס, וועלכע האָבען געגעבען דער שטעטעל אַ סך פּרנסה. דער מסחר האָט דאָרט אַזוי אויפגעבליהט, אַז אַ קראָם מיט אַ דירה אין קליין שניפּישאָק האָבען געקאָסט אַזוי טייער כמעט ווי אין שטאָט.

אין אָקופּאַציע-צייט האָבען זיך אַ סך קראָמען פערמאַכט. אַ סך פון די איינוואוינער זיינען צופאָהרען אין די קליינע שטעדטלעך, אַ סך אַרבייטען ביי דער מאַכט, אַ סך זיינען צושטאָרבען און די בעפעלקערונג האָט זיך פערקלענערט אויף אַן ערך 25 פּראָצענט.

די איבערגעבליבענע בעפעלקערונג לעבט איצט דער עיקר פון קליין-האַנדעל מיט פּראָדוקטען און נעהעריי; דער עקאָנאָמישער מצב פון קליין שניפּישאָק איז זעהר געדריקט, פונדעסטוועגען דאָך בעסער פון גרויס שניפּישקער מצב.

דער קולטורעלער מצב פון קליין שניפּישאָק איז זעהר אַ געפאַלענער, דאָרט געפינען זיך ס׳זה מער ניט ווי דריי חדרים מיט אַן ערך 30 תלמידים. די איבעריגע קינדער לערנען אין גרויסשניפּישקער ת״ת.

אין יאָר תרע״ה האָט זיך געגרינדעט אַ חברה „עזרה“. דערנאָך, אַז ס׳האָבען זיך געגרינדעט אומעטום די „אחיעזר׳ס“, איז זי אַריבער אין אחיעזר נומ׳ 20, צאָהלער זיינען געווען אַ ערך 60 און מקבלים איבער הונדערט. מ׳פלעגט צוטיילען אַן ערך 4 הונדערט מאַרק אַ חודש.

אין קליין שניפּישאָק אין אַגרעסטס'ס הויף עקזיסטירט איינע פון די ערשטע און בעסטע פּאָלקס־קיכען נומ' 60, וועלכער גיט אַרויס טעגליך 35 הונדערט פּאָרציעס.

מיט איינינע חדשים צוריק האָט זיך אויך געעפענט אַ מיטעלשטאַנדסקיך נומ' 122 אין שאַפּירא'ס הויף מיט 300 חברים (אַ פּאַי 5 מאַרק); פּאָרציעס ווערט דאָרט טעגליך אַרויסגעגעבען אַ ערך 1000, דעריין 50 אומזיסטע.

ס'עקזיסטירען אויך אַ קאָאָפּעראַטיוו מיט אַ 10 רובעלדינען פּאַי, און אַ שטאָטישע קראַס, נור זיי אַרבייטען איצט זעהר שוואַך. ס'איז אויך געווען אַ גמ"ח, איצט איז ער פערמאַכט.

אין קליין שניפּישאָק געפינט זיך נור איין בית־מדרש און דאָרט איז רב ר' אליהו נאָרדאָן. נאָך דער ראגאַטקע איז דאָ נאָך אַ בית מדרש און דאָרט איז רב ר' אשר ידידאָוויץ.

אויף קליין שניפּישאָק אין דאָנסקאָי'ס הויף געפינט זיך אויך דער ציימווייליגער פריוט פּאַר בעטלער, וועלכע מ'נעמט צונויף פון די גאַסען. אין פריוט געפינען זיך אויך אַ פערציג נפשות יודען (מ'פירט זיי אין אַנטלויזונגס־אַנשטאַלט, מ'פאָטאָגראַפירט זיי, מען שערט זיי די האָר וכדומה). מ'האַלט זיי אָב עטליכע וואָכען, דערנאָך שיקט מען זיי אָב מיט אַ קאָנוואָי אין שטענדיגען פריוט פּאַר בעטלער אין פּאָדבראָ.

## לוקישקעס.

נאָך שניפּישאָק געהט לוקישקעס. זיי פערבינט דער „זווערינעץ“*), וועלכער איז אַמאָל געווען אַ וואַלד מיט זומער־וואוינונגען. פאַר דער מלחמה איז דער וואַלד געווען שוין כמעט אויסגעהאַקט, די געגענט איז געווען בעזעצט פון אַ ערך 5 טויזענט איינוואוינער פּאָליאַקען, צווישען זיי אַ 250 יודען; איצט זיינען אין זווערינעץ פאַרהאַן בסך־הכל 10 יודישע פאַמיליעס, פיל יודען זיינען אַריבער אין לוקישקעס. אין זווערינעץ, וועלכער שטעהט ביים ברעג ווילִיע, געפינען זיך ועג־מיהלען, האָלץ־סקלאַדען און אַ שלאָס־פאַבריק; דאָרט געפינט זיך אויך די נייע קאַראַאימשע שוהל, זעהר אַ פיינער בנין, וועלכען מ'האָט ניט לאַנג אויסגעבויט (פריהער איז די שוהל אַ צייט געווען אויף ווילנער גאַס אין אַ פרעמדען בנין). אין זווערינעץ געפינט זיך אויך דער באַראַק פאַר קראַנקע אויף טיפוס און דיזענטעריע. אין דער עפּידעמיע־צייט (זומערדיגע און הערבסטיגע חדשים פון יאָר 1917) איז ער געווען איבערפולט מיט קראַנקע און תמיד בעלאַגערט פון די קרובים, דאָס רוב יודישע בעווכער.

איבערן זווערינצער בריק, אויף יענער זייט ווילִיע, געפינט זיך לוקישקעס. אין לוקישקעס איז פריהער געווען אַ בעפעלקערונג פון אַן ערך טויזענט פאַמיליעס יודען, און אַן ערך 300 פאַמיליעס פּאָליאַקען. צווישען דער יודישער בעפעלקערונג זיינען געווען אַ סך האָלץ־סוחרים, פאַבריקאַנטען פון לעדער, קרעמער, בע"מ, אַרבייטער פון גאַרבאַרנעס, זעג־מיהלען, מעל־מיהלען, וואַשאָווניקעס, וואָזאַקעס פון האָלץ א. או. וו.

אין אקופּאַציע־צייט האָבען זיך די גאַרבאַרנעס פערמאַכט, די זעג־מיהלען און די ברייזער זיינען אַריבער צו דער מאַכט. די בע"ב זיינען נאָך פריהער אַוועק אין רוסלאַנד, און פון די אַרבייטער זיינען אַ סך אויף אַרבייט ביי דער מאַכט, אַ סך האָבען עמיגרירט אין די קליין־שטעטלעך, אַ סך צושטאָרבען, און די בעפעלקערונג האָט זיך פערקלענערט אויף אַ ערך 30 פּראָצענט.

דער קולטורעלער מצב איז אויך אויף אַ סך געפאַלען.

אויף לוקישקעס געפינט זיך אַ גרויסער בית־מדרש, וועלכער איז אויסגעבויט גע־

*) דער נאָמען שטאַמט פון דעם, וואָס זיינע אַמאָליגע בע"ב (די ראַדזיווילס) האָבען דאָרט געהאַלטען אַ זווערינעץ.

וואָרען אין יאָר תרמ"ה דורך דעם דאָרטיגען רב ר' חיים סעגאַלאָוויץ. אין בית-מדרש איז פאַרהאַן אַ חברה „חיי אדם" און „משניות", וועלבע האַלט אויס אַ רבי'ן ר' טוביה גאָלדבערג. אויף לוקישקעס געפינט זיך אויך אַ בית-מדרש פון לעדער-אַרבייטער (איצט פערמאַכט) און אַ ת"ת מיט אַ בית-מדרש. די בתי-מדרשים זיינען פוסטלעך, און אין ת"ת, וואו ס'זיינען פריהער געווען 70 קינדער מיט דריי מלמדים און אויסגעהאַלטען האָבען איהר די בע"ב פון שטעטעל, זיינען איצט פאַרהאַן ס"ה 25 קינדער און איהר האַלטען אויס די בע"ב מיטן צ"ק.

אין בית-מדרש זיינען געווען צוויי גמחי"ם. ביידע זיינען איצט פערמאַכט. אויך דער קאָאָפּעראַטיוו, וועלבער האָט דאָרט עקזיסטירט מעהר ווי אַ יאָר, איז פערמאַכט. די שטאָטישע קראָם, וועלבע געפינט זיך דאָרט אויך מעהר ווי אַ יאָר, אַרבייט איצט זעהר שוואַך.

זעהר גוט פונקציאָנירען: די פאָלקס-קיך נומ' 38, וועלבע האָט זיך געעפענט מיט אַ יאָר צוריק, אויף אַרזאַמאַסער גאַס, און רעכענט זיך פאַר איינע פון די בעסטע פאָלקס-קיכען אין ווילנא (זי גיט אַרויס טעגליך 16 הונדערט פּאָרציעס), די פאָלקס-קיך נומ' 69, וואָס האָט זיך ניט לאַנג געעפענט (גיט אַרויס טעגליך טויזענט פּאָרציאָס) און די מיטעלשטאַנדס-קיך נומ' 126 (100 חברים, צו 15 מאַרק אַ פּאַי, אַ גאַנצער מיטאָג קאָסט דאָרט אַן ערך 1 מאַרק 40 פעג.)

## נאָוואָגאָראָד.

נאָך לוקישקעס געהט נאָוואָגאָראָד (ווי פערבינדט פּאָהוליאַנקע און דער זאַקרעט). נאָוואָגאָראָד איז די אָרימסטע פּאָרשטאָט אין ווילנא.

פאַר דער אָקופּאַציע האָט זי געהאַט אַ בעפעלקערונג פון בערך צוויי טויזענד פאַמיליעס יודען, וואָס איז בעשטאַנען פון אַ פּאָר מאות פאַמיליעס איזוואָזשטשיקעס, די זעלבע צאָל פורמאַנעס, גאַסמענשען, פּראָפעסיאָנעלע אָרימע לייט פון פערשיידענע מינים קאַליקעס, בלינדע, הינקעדיגע וכדומה. אויך טאָגמענשען, קרעמער, הענדלער, בע"ב א. א. די קריסטליכע בעפעלקערונג פון נאָוואָגאָראָד בעשטעהט פון בערך 8 הונדערט פאַמיליעס פּאָליאַקען, אַרבייטער, וועלכע בעציהען זיך צו די יודען פריינדליך.

אין אָקופּאַציע-צייט האָט זיך די יודישע בעפעלקערונג פערקלענערט אויף אַן ערך 50 פּראָצענט, אַ סך האָט מען צוגענומען אויף אַרבייט, אַ סך האָבען עמיגרירט אין די קליין-שטעטלעך, אַסך זיינען צושטאָרבען פון דחקות.

פון 200 קרעמלעך זיינען פערבליבען בסך-הכל 50 און דאָס זיינען ניט מעהר ווי אָפענע טירען מיט אַ ביסעל עסענוואַרג-סחורה. רעכטע קראָמען זיינען דאָ אינגאַנצען אפשר 10. איזוואָזשטשיקעס זיינען פערבליבען פון אַ ערך 200 ניט מער ווי 15, פורמאַנעס נאָך ווינציגער. אַ סך ציהען איצט ווייער היונה פון געהעריי, און ניט איינער שטאַרבט אין מיטען וועג.

אין נאָוואָגאָראָד געפינט זיך אַ שוהל, וואָס מ'האָט איבערגעבויט אין יאָר תרל"ה; נעבען שוהל איז דאָ אַ גרויסער בית-מדרש, ס'זיינען אויך פאַרהאַן אַ מאַליאַרסקע, שוסטערשע און סאָלדאַטסקע קלויז, אויך אַ קלויז חיי-אדם און קלויז לומדי-תורה, וועלבע זיינען איצט אַלע פוסטלעך.

ערב שבועות תרע"ז איז אויף נאָוואָגאָראָד געווען אַ שרפה (שרפות טרעפען אין נאָוואָגאָראָד אָפט, מחמת די הילצערנע, צובראָכענע הייזלעך און מחמת די איינגע דירות) און ס'האָט אָבגעברענט 70 הייזער, צווישען דעם אויך די שוסטערשע און מאַליאַרסקע קלויזען.

נעבען בית-מדרש געפינט זיך אַ תלמוד-תורה אין אַ בעזונדערען בנין מיט 200 תלמידים (פריהער קרוב 400). די ת"ת האָבען פריהער אויסגעהאַלטען די בע"ב פון נאָוואָגאָראָד, איצט די בע"ב מיט'ן צ"ק. אין בית-המדרש איז פריהער אויך געווען אַ ישיבה, איצט איז די ישיבה בטל געוואָרען.

חדרים זיינען פריהער געווען עטליכע צעהנדליג מיט אַ סך קינדער, איצט בסך־הכל 7 חדרים מיט 200 קינדער. רב אין נאָוואָגראָד איז איצט ר׳ דניאל שטאַמלער.

אויף נאָוואָגראָד זיינען געווען 2 גמילות־חסדים אין בית־מדרש און אין קלויז „לומדי תורה״,ביידע זיינען איצט פערמאַכט. קיין „אהיעזר״ איז דאָרט ניטאָ. ס׳עקזיסטירט אַ קאָאָפּעראַטיוו שוין קרוב צוויי יאָהר אונטער׳ן נאָמען „זעלבסטהילף״, וועלכער האָט קרוב טויזענט חברים (מיט 5 רובעלדיגע פּאַיען), און פון דעם ריוח טיילט מען אָרימע לייט אַלע חודש 150 מאַרק געלט־תמיכה. ביים קאָאָפּעראַטיוו האָט זיך געעפענט אַ קיך № 86, וועלכע גיט אַרויס טעגליך מעהר ווי צוויי טויזענט פּאָרציעס, פון זיי 50 אומזיסטע פּאָרציעס טעגליך. די נאָוואָנאָראָדער פאָלקס־קיך גיט אַרויס טעגליך בערך טויזענט פּאָרציעס. די מיטעלשטאַנדס־קיך גיט אַרויס טעגליך 200 פּאָרציעס.

דער דלות אין נאָוואָגראָד איז זעהר בולט, אויף יעדען טריט און שריט וואַרפען זיך אין די אויגען די טויטע נעשטאַלטען פון די אָבגעריסענע קינדערלעך, וועלכע וויינען נאָכאַנאַנד נאָך אַ שטיקעל ברויט און די מוטערס, די דאַרע סקעלעטען, שילטען זיי אויס דערפאַר מיט טויטע קללות. ס׳קומען דאָרט פאָר נאָך זאַכען, אַז ס׳גרוילט הערענדיג...

בעזונדערס דאַרף מען דערמאָנען באַנקאָווסקי׳ס הויף, וואָס ער איז איינענטליך אַ מין הקדמה צו נאָוואָנאָראָד. ער געפינט זיך ביים סאַמע אָנהויב פון נאָוואָגראָד. באַנקאָווסקי׳ס הויף איז בעזעצט דורך און דורך מיט אָרימע לייט און האָט פון לאַנג אָן אַ שם אַלס אַן אָרט פון די ערגסטע און שמוציגסטע עלעמענטען פון שטאָט באופן, אַז אַ „נאָוואָנאָראָדער״ איז שוין כמעט אַ יחסן גענען אַ „באַנקאָווער״.

דער הויף בעשטעהט פון דריי עטאַזש מיט לאַנגע פינסטערע קאָרידאָרען. אין יעדען קאָרידאָר געפינט זיך אַ סך טירעלעך, איינס אַנטקעגען דאָס אַנדערע, מיט דירה׳לעך. אַזוינע דירה׳לעך געפינען זיך אין אַלע דריי עטאַזש 44. אין יעדען צימערל וואוינען עטליכע פאַמיליעס, וואָס בעשטעהען פון דעם בע״ב פון דער דירה מיט שכנים; די שכנים ווערען פונאַנדערגעטיילט אין צימער׳ל דורך אָפּצאַמונגען פון ברעטער, פאָרהאַנגען אָדער גאָר אַ בעטיל מיט אַ טישעל, — אין יעדען ווינקעל אַ פאַמיליע.

ס׳איז געווען גענוג צושטעהען אַ ווײַלע אין אַ פריה־מאָרגען און צוקוקען זיך, ווי באַנקאָווסקי׳ס הויף לאָזט זיך אין שטאָט צו דער אַרבייט; ווייבער מיט קאָשיקעס סחורה: באָב, קאַרטאָפעל, אַרבעס, לעקעכלעך; אַ הינקעדיגער פּאַפּיראָסען־הענדלער פון שול־הויף אויף קוליעס מיט אַ קעסטעלע פּאַפּיראָסען און עטליכע אַלטע מעסערלעך דערצו; אַ בלינדער מיט אַ קאָשיק שוועבעלעך; אַ פּאָר פאָלק קאַליקעס; אַ הינקעדיגער מיט אַ בלינדער, די בלינדע האַלט אונטער דעם הינקעדיגען און דער הינקעדיגער פיהרט די בלינדע; נאָך אַ פּאָר פאָלק — אַ פרוי מיט אָבגענומענע פיס און דער מאַן טראָגט איהר אויף די פּלייצעס; אַלערליי סאָרטען קאַליקעס אויף איין קוליע, אויף צוויי קוליעס, גאָר אָהן קוליעס; קאַליקעס, וואָס פויזען אויף די הענט; אַלערליי מינים קאַטערינשטשיקעס מיט קאַטערינקעס און פייגעלעך און דערצו נאָך מיידעלעך, זינגערקעס; אַנדערע אויך מיט קונצענמאַכערס און מיט פויקען; אַלערליי סאָרטען בלינדע זינגער, שפּילערס אויף פידלען, אויף קלאַרנעטען וכדומה; אויך אַ סך גאַס־מענשען, אַ מוכר־ספרים מיט אַ קאָשיק רומיל און השכלה־ספרים, אַ בלינדער מגיד אויף איין אויג מיט אַ צילינדער און אַ סך גאַסען־אינגלעך מכל־המינים שטומע, טויבע ובדומה.

איצט איז דאָרט פוסטלעך; אַ סך זיינען צו פאָהרען אין די קליין־שטעטלעך, פיל זיינען אויף אַרבייט, פיל זענען צושטאָרבען גאַנצע פאַמיליען־ווייז און מעהר ווי אַ העלפט דירות אין באַנקאָווסקי׳ס הויף שטעהען ליידיג. די קלויז „מנחם אבלים״, וועלכע געפינט זיך דאָרט אין אַ בעזונדערן בנין, איז אויך פערמאַכט.

מחמת די עפּעדימישע קראַנקהייטען האָט מען זומער 1917 אַלע איינוואוינער פון הויף גענומען אויף אַ קאַראַנטין אין בנין פון טורמע אויף אנטאָקאָל, אויף צוויי וואָכען,

מ׳האָט ווי נעפיהרט אין ענטלויזונגס-אַנשטאַלט, נעשאָרען די האָר און די בערד און די הייזער האָט מען נעקאַלכט און דעזינפעצירט.

אַנטקעגען באַנקאָווסקי׳ס הויף נעפינט זיך די בילינע קיך, איינע פון די פאָפּולערסטע צדקה-אַנשטאַלטען אין שטאָט. די קיך איז נעגרינדעט אין יאָר 1893. לכתחלה מיט דער כּונה צו בעזאָרגען די נאָוואָנאָראָדער אָרימע לייט. נור איצט האָט שוין נאָוואָנאָראָד איינענע קיכען און מיט דער בילינער קיך בענוצען זיך בכלל די שטאָטישע אָרימע לייט. אַרום דער בילינער קיך שטופּען זיך תמיד מכל המינים אָרימע לייט, בעטלער, אידענעס מיט קוישען „פּרובעט" און „עססענ-וואַרג" און אַלערליי מינים סתם אביונים. דאָ רוישט און קאָכט שטענדיג, און אָפט שפּילען זיך דאָ אָב האַרצרייסענדע סצענעס. די „אָטשערעדען" ביי דער בילינער קיך פלעגען מאַכען אַ בעזונדערס שווערען רושם. צווישען די פּראָפעסיאָנעלע מקבלים וואַרפען זיך דורך נעפאַלענע בעלי-בתּים, וואָס טראָגען נאָך אויפ׳ן קאָפּ אַ קאַפּעליוש און די זאַכען זיינען נאָך גאַנצע און גוטע; דער קאַפּעליוש איז אָבער אַראָבנערוקט איבער׳ן פּנים; אַ רייהע איבער אַ רייהע שטעהען קוים – שוואַכע, אויסגעבלייכטע מענשען מיט געשוואָלענע פיס. און איבער אַלץ טראָגען זיך קללות און געשרייען. די „אָטשערעדען" זיינען נעווען בעזונדערס גרויסע נאָך פסח און אין די זומערדינע חדשים 1917, ווען מען האָט נעגעבען מעהר ניט ווי אַ פערטיל פונט ברויט אַ טאָג אויף אַ נפש, און די גאַנצע חיות איז נעווען די ביסעלע זופּ. צו די הערבסט-חדשים זיינען די „אָטשערעדען" אַראָב. דער ספּעציפישער פּנים פון דער בילינער קיך מיט איהר נאַסען-לעבען איז אָבער אויך זעהן די „אָטשערעדען" פערבליבען ווי נעווען.

די בילינע קיך ניט אַרויס מעהר ווי 3000 פּאָרציעס טעגליך. די פּאָרציעס זענען דאָרט גרעסערע און בעסערע ווי אין די איבעריגע קיכען, דעריבער איז דער קאָנטינגענט עסער דאָרט אַ גרעסערער ווי אומעטום. דער נייער בנין פון דער בילינער קיך, וועלכער בעשטעהט פון צוויי עטאַזש מיט זאַלען און צימערן פאַר די עסערס איז אויסנעבויט אין יאָר תרנ"ו. אין 1910 האָט מען צו דער קיך צונעבויט אַ זאַל פאַר קאָנצערטען „פילהאַרמאָניע", וועלכער פלעגט איינבריינגען די קיך הכנסה. די קיך האָט אויך נעהאַט הכנסה פון סיטנ, ידס-אָבצאָל. איצט זיינען די אַלע הכנסות בטל. דער זאַל „פילהאַרמאָניע" איז פערמאַכט.

## פּיאַסקעס.

פּיאַסקעס איז צוזאַמענגעבויט מיט נאָוואָנאָראָד און בעשטעהט פון די גאַסען: קיעווער, ארענבורנער, פּאָלטאַווער און אַ טייל פון אַלכסנדר-בולוואַר. קענטיג אַז פּיאַסקעס איז אַמאָל נעווען רייכער פאַר איהר שכנ׳טע נאָוואָנאָראָד, ווייל דאָרט וואַקסט זיך ניט אַזוי אין די אויגען דער דלות. אַמאָל איז דאָרט נעווען פיל שפּע פון דעם ניטער-באַן און פון די פאַבריקען פון גראַמאַפאָנעס, בלייפעדערס, זאָקען, נילזון-מאַשינעס און האָלץ-סקלאַדען. די בעפעלקערונג פון פּיאַסקעס איז בעשטאַנען פון בערך טויזענט פאַמיליעס יודען און צוויי הונדערט פאַמיליעס פּאָליאַקען.

די יודישע בעפעלקערונג פון פּיאַסקעס איז בעשטאַנען פון פערשיידענע פאַבריק-אַרבייטער, באַן-פורמאַנעס, סוחרים, הענדלער, בעלי-מלאכות, קרעטער א. א. אין אָקופּאַציע-צייט, אַז די פאַבריקען האָבען זיך פערמאַכט, די סוחרים מיט די פאַבריקאַנטען זיינען אין רוסלאַנד, דער באַן-מסחר האָט אויפגעהערט, זיינען די אַר-בייטער און די פורמאַנעס נעוואָרען זעהר פעראָרימט. די בעפעלקערונג האָט זיך פערקלענערט אויף אַן ערך 40 פּראָצענט.

אויך דער קולטורעלער מצב איז איננאַנצען חרוב. אויף פּיאַסקעס נעפינט זיך א בית-מדרש, וועלכער איז אויסנעבויט נעוואָרען דורכן ראַדטינען רב ר׳ דובער פילאָווסקי אין יאָר תרס"ט. אין בית-מדרש נעפינט זיך אַ גמ״ח, וועלכער עקזיסטירט

איצט אויך. פון די חדרים זיינען פערבליבען נאָר איינינע. די איבעריגע קינדער לערנען זיך אין נאָוואָגאָראָדער תלמוד תורה.

אויף פיאַסקעס זיינען פאַרהאַן צוויי קאָאָפּעראַטיוון: „בית לחם וויקטאָריע" מיט 200 חברים (אַ 20-רובלדיגער פּאַי) און „בית לחם" מיט אַ ערך 200 חברים (אויך אַ 20-רובעלדינען פּאַי). אויף פיאַסקעס געפינט זיך אויך אַ אחיעזר (№ 16), וועלכער צוטיילט אַן ערך 150 מאַרק אַ חדש פאַר 200 מקבלים. מעהר ווי אַ יאָר עקזיסטירט אַ פאָלקס-קיך (№ 56), וועלכע גיט אַרוים טעגליך, אויך שבת, מעהר ווי 15 הונדערט פּאָרציעס. מיט איינינע חדשים צוריק האָט זיך דאָרט אויך געעפענט אַ מיטעלשטאַנדס-קיך (№ 118; מיט אַ פּאַי פון 10 מאַרק). ביים קאָאָפּעראַטיוו „בית לחם" געפינט זיך אויך אַ מיטעל-שטאַנדס-קיך (אַ פּאַי 15 מאַרק). זי גיט אַרוים טעגליך 12 הונדערט פּאָרציעס.

אויף קיעווער גאַס געפינט זיך דער מוסד „משמרת חולים", וואָס איז זעהר פּאָפּולער אין שטאָט.

ה. ל.

# סקאַפּלערנע.

דער פאָרשטעטעטעל „סקאַפּלערנע" איז אויסגעקומען מעהר ווי אַלע איבעריגע ווילנער פאָרשטעטלעך איבערצולעבען די מלחמה-צייט מיט אַלע איהרע גרוילען, מחמת די געפינט זיך הארט נעבען דער באַהן-ליניע. די גאַנצע בעוועגונג פון רוסישען היל איז געגאַנגען דורך שקאַפּלערנע, די אָפּטרעטונג פון די רוסען האָט אויך אָנגערירט די סקאַפּלערנער איינוואוינער מעהר ווי אַלע איבעריגע איינוואוינער פון ווילנא, און די ערשטע באָמבעס פון די דייטשע אַוויאַטאָרען, ווען זיי האָבען אָנגעהויבען צו בעזוכען ווילנא, זיינען אויך געפאַלען אין שקאַפּלערנע.

פאַר דער אָקופּאַציע איז סקאַפּלערנע בעשטאַנען פון אַן ערך 500 פאַמיליעס, פון זיי אַן ערך 100 פאַמיליעס יודישע. פון די קריסטען זיינען 75 פּראָצ. געווען פּאָליאַקען און 25 פּראָצ. רוסען. די קריסטליכע בעפעלקערונג איז בעשטאַנען דער-הויפּט פון אייזענבאַן-דינער, מאַשיניסטען, קאָנדוקטאָרען און פּראָסטע אַרבייטער. די בעציהונג צווישען דער יודישער און דער קריסטליכער בעפעלקערונג איז געווען אַ גוטע. די קריסטען פלעגען קויפען אין יודישע געשעפטען און די קרעמער פלעגען זיי געבען אויף קרעדיט. די אייזענבאַן-אַרבייטער פלעגען גערנער קויפען אין די יודישע קראָמען ווי אין זייער אייגענער „פּאָטרעביטעלנע לאַווקאַ", ווייל מען פלעגט זיי בעסער בע-האַנדלען און רעכענען ביליגער. זאָגאַר די יודישע און די קריסטליכע קרעמער האָבען געלעבט צווישען זיך זעהר גוט. מען פלעגט זיך לייען גמילות-חסדים איינע די אַנדערע, און בייטען אָדער באָרגען סחורות איינע ביי די אַנדערע. ביי דער עוואַקואַציע, ווען די קריסטליכע קרעמער זיינען אַרויסגעפאָהרען, האָבען די יודישע קרעמער אָבגעקויפט ביי זיי די סחורות מיט גאַנץ גוטע פּרייזען (אויף דעם זיינען דאָ שריפטליכע בעווייזען), ניט ווי די קריסטען האָבען געטאָן אין קאָוונע און אין גובערניע, ווען מען האָט אַרויסגעשיקט די יודען (די קריסטען האָבען דאַן גאָר ניט געוואָלט בעצאָלען די יודען פאַר די איבערגעלאָזענע געשעפטען).

ביז דער אָקופּאַציע האָבען זיך די סקאַפּלערנער יודען פערנומען מיט מסחר, מיט מלאכה. ס'זיינען אויך געווען אַ סך יודישע פורמאַנעס, איזוואָזשטשיקעס. איצט, ווען די פערד האָט מען צוגענומען און צוקויפען אַנדערע איז ניטאָ קיין מעגליכקייט, שפּאַנען זיי זיך אַליין איין אין אַ וועגעלע און פיהרען פעקלעך, אָדער טראָגען אויף זיך, פון וואָס עס איז אונמעגליך צו פערדינען אויף הוצאה. די בעלי-מלאכות און איינינע קצבים זיינען אָנגעקומען צו דער אַרבייט אויפ'ן באַהן, אָדער אין מאַרמעלאַד-פאַבריק, וואו ס'איז פריהער געווען „וויקטאָריע". פון די, וואָס האָבען פריהער געהאַלטען געשעפטען, איז אַנדערע מאַטערען זיך ווי ס'איז און אַנדערע אַרבייטען אויפ'ן באַהן.

די פרויען גיהען אין דאָרף ברענגען לעבענס־מיטלען, שלעפּען אויף זיך פוּדען משא, און האָבען קוים צום לעבען.

אין סקאַפּלערנע איז פאַרהאַן אַ קלויז, וואו ס'איז איצט שווער צוזאַמענצוקלייבען אַפילו איין מנין, מחמת פון די עלטערע יודען זיינען אַ סך אויסגעשטאָרבען און פון די מיטעלע און די יונגע האָט מען צוגומען אויף צוואַנגס־אַרבייט, אָדער זיי אַרבייטען פריוואַטלי אויף דער באַן. דער שמש פון קלויז האַלט אויף דעם הדר (8 תלמידים).

אויף סקאַפּלערנע איז דאָ אַ גמילות־חסד, וועלכער פּלעגט פריהער אַרויסגעבען אָהנפּראָצענטינע הלואות, נור איצט האָט ער אָבגעשטעלט זיין טעטיגקייט, ווייל ביי דעם איצטיגען יקרות זיינען די לייהער ניט ביכולת אומצוקערען די חובות. די שטאָטישע קראַס № 17 וואָס האָט זיך געפונען אויף סקאַפּלערנע, האָט זיך פערמאַכט מחמת דוחק און סחורה. צוליב דערזעלבער סיבה האָט זיך אויך פערמאַכט דער קאָאָפּעראַטיוו נומ' 5. איצט איז דאָ אין סקאַפּלערנע אַ מיטעלשטאַנדס־קיך נ' 82 (15 מאַרק אַ פּיי), וועלכע גיט אַרויס ביז 700 מיטאָגען טעגליך. פריהער איז אויף סקאַפּלערנע געווען אַ חברה „לחם עשירים", וועלכע האָט זיך פערמאַכט, מחמת די שטעטעל איז שטאַרק פעראָרימט געוואָרען. איר אָרט פערנעמט איצט „אחיעזר" נומ' 21, וועלכער שטיצט עטליכע און צוואַנציג פאַמיליעס. אין די ערשטע חדשים פלעגט דער „אחיעזר" צוטיילען ביז 300 מאַרק מאָנאַטליך, איצט אָבער ניט מעהר ווי עטליכע און זיבעציג מאַרק מאָנאַטליך. די בעפעלקערונג איז פעראָרימט געוואָרען און ס'איז ניטאָ ווער ס'זאָל נעבען.

רב אין אויף סקאַפּלערנע ר' משה קאַרעליץ.

## קאָמינעס.

קאָמינעס, וואָס ליגט ביים עק שטאָט אויף איישישקער וועג, האָט פאַר דער אָקופּאַציע געהאַט אַן ערך 300 איינוואוינער, פון זיי אַן ערך 60—70 פאַמיליעס יודען. כמעט אַ העלפט פון דער קריסטליכער בעפעלקערונג (די רוסען) איז ביי דער אָבטרעטונג פון חייל אַוועק קיין רוסלאַנד. ביז דער אָקופּאַציע האָבען זיך די יודען פערנומען דערהויפּט מיט פורמאַנעריי. פערלאָרען די פערד, — זיינען זיי שטאַרק פעראָרימט געוואָרען און זיינען געוואָרען גאַס־מענשען, וואָס טראָגען אויף זיך פעקלעך, אָדער זיי זיינען אָנגעקומען אויף באַהן־אַרבייט. די עטליכע קרעמער, וואס זיינען דאָ, שלאָגען זיך נאָך ווי ס'איז דורך מיט חיונה, בכלל איז די שטעטעל זעהר אָרים. פאַר דעם גרעסטען טייל יודישע איינוואוינער איז די זופּ פון קיך די גאַנצע נעקאָכטע שפּייז זייערע; אַ טאָג, ווען מען קאָכט ניט אין קיך, איז פאַר דער יודישער בעפעלקערונג אַ הונגערטאָג. די פאָלקס־קיך נומ' 64 גיט אַרויס העכער 1000 מיטאָגען טעגליך.

ס'איז געווען אַ גמילות־חסד, וועלכער פלעגט ארויסגעבען אָהנפּראָצענטינע הלואות, איצט איז ער פערמאַכט. די קאָמינער קלויז האָט קוים אַ מנין מענשען. אין קלויז האַלט דער שמש דעם חדר (15 תלמידים). די בעציהונג צווישען דער יודישער בעפעלקערונג און דער קריסטליכער איז געווען און איז אַ גוטע. די קריסטען פון ארום קאָמינעס, וואָס האָבען פעלדער און גערטנער, זיינען פון די שטאָטישע־יודען רייך געוואָרען.

רב איז אויף די קאָמינעס ר' שמעון היילפּערין.

דניאל געצילס.

## נאָוואָסוויאַט.

נעבען קאָמינעס געפינט זיך נאָוואָסוויאַט; בכלל זיינען סקאַפּלערנע, קאָמינעס, ליפּאָווקע און נאָוואָסוויאַט צוזאַמענגעבויט איינע אין די אַנדערע. נאָוואָסוויאַט איז אַפילו אַ היבשע פאָרשטעטעל מיט 11 גאַסען און אַ בית־מדרש, נור זעהר אָן אָרימע.

פאַר דער מלחמה זיינען די נאָוואָסוויאַטער איינוואוינער געווען דאָס רוב בע"ם, קרעמער, הענדלער. די בעפעלקערונג איז בעשטאַנען פון אַן ערך 200 פאַמיליעס יודען, 300 פאַמיליעס פּאָליאַקען און איינינע הונדערט סטאַראָאָבריאַדציעס (דאָרט געפינט זיך אויך זייער קלויסטער מיט זייער בית־עולם), נור פון זיי זענען אַ סך אוועקמיטין רוס.

אין אָקופּאַציע-צייט האָט זיך די יודישע בעפעלקערונג פערקלענערט אויף קרוב 20 פּראָצענט. אַ סך קרעמלעך האָבען זיך פערמאַכט, און די נעוועזענע הענדלער זיינען געוואָרען נעהער. נאָוואָסוויאַט ליגט ניט זעהר ווייט פון שטאָט און איז פערבונדיק מיט שטאָט אין אַלע הינזיכטען. די קינדער בעזוכען שטאָטישע חדרים און פאָלקס-שולען, וועלכע געפינען זיך אויף אָסטראָבראָם, ווי תורת-חסד און די פאָלקס-שול פון „מפיצי השכלה".

אויף נאָוואָסוויאַט פונקציאָנירט אַ צדקה-חברה „עזרה-טהורה", וואָס האָט צום אָנהויב געאַרבייט זעהר גוט, איצט שוואַכער, און אַ פאָלקס-קיך № 68 אַ, וועלכע גיט אַרויס טעגליך 900 פּאָרציעס פאַר בערך 285 פאַמיליעס. דער נאָוואָסוויאַטער גמ"ח, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר תרנ"ט און האָט פערמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון 12 הונדערט רובל, און איצט פערמאַכט.

רב איז אין נאָוואָסוויאַט ר' שמואל פריד.

## ליפּאָווקע.

נאָוואָסוויאַט איז צוזאַמענגעבויט מיט ליפּאָווקע. די פאָרשטעטעל ליפּאָווקע איז פערהעלטניסמעסיג נאָך אַ יונגע, איהר פּנקס (פון דעם בנין בית-מדרש) איז בסך-הכל אַלט 46 יאָר. אין שטעטעל געפינט זיך אַן ערך 100 פאַמיליעס יודען, דיזעלבע צאָל פּאָליאַקען.

די ליפּאָווקער יודען זיינען פאַר דער אָקופּאַציע געוועזען מערסטענטייל הענדלער, איזוואָזשטשיקעס, קצבים, קרעמער, בע"ם. איצט זיינען די קצבים און די איזוואָזשטשיקעס געוואָרען זעהר פעראָרימט. אַ סך זיינען געוואָרען נעהער. בכלל איז אָבער דער מצב פון ליפּאָווקע מיט קאָמינעם לגבי די איבעריגע פאָרשטעטלעך אַ גוטער.

דער קולטורעלער מצב פון ליפּאָווקע איז זעהר אַ נידעריגער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס זי ליגט ווייט פון שטאָט, געפינט זיך דאָרט ניט מעהר ווי 1 חדר.

אויף ליפּאָווקע עקזיסטירט „אחיעזר" נ' 15 און אַ פאָלקס-קיך נ' 72, וועלכע גיט אַרויס בערך 6 הונדערט פּאָרציעס אַ טאָג.

רב איז אין ליפּאָווקע ר' חיים אליעזר וואלודאָק.

## רוזעלע.

פון ליפּאָווקע קאָן מען דערלאַנגען צו רוזעלע. די בעפעלקערונג פון רוזעלע בעשטעהט פון בערך 125 פאַמיליעס יודען. פּאָליאַקען – צווייי מאָל אַזוי פיל. אין אָקופּאַציע-צייט איז די בעפעלקערונג פערקלענערט געוואָרען אויף אַן ערך 25 פּראָצענט.

אַ סך פון די רוזעלער איינוואוינער זיינען פריהער געוועזען בעלי-מלאכה, קרעמער. איצט זיינען אַ סך קראָמען פערמאַכט. די בע"ם האָבען ניט קיין אַרבייט. מען פּרובט ציהען חיונה פון געהערייי.

אין רוזעלע איז דאָ אַ בית-מדרש און אַ קלויז גמילות-חסד, ד"ה דאָרט איז פריהער געוועזען אַ גמ"ח. איצט איז ער פערמאַכט.

חדרים זיינען פריהער געוועזען צוויי, איצט נור איינער מיט 10 תלמידים.

דער רוזעלער „אחיעזר" (נומ' 23) האָט בסך-הכל 20 צאָהלער און מעהר ווי הונדערט מקבלים. די רוזעלער פאָלקס-קיך (נ' 67) גיט אַרויס טעגליך 8 הונדערט פּאָרציעס. די מיטעלשלאַנדס-קיך גיט אַרויס טעגליך 3 הונדערט פּאָרציעס.

דער רב פון רוזעלע איז ר' נח יצחק רובינשטיין.

אָנהויב רוזעלע געפינען זיך די „בילינע דירות", וועלכע זיינען געגרינדעט געוואָרען מיט 19 יאָר צוריק דורך בּאַראָנעסע הירש (יק"א). זיי בעשטעהען פון צוויי גרויסע 6-גאָרענדיגע מויערען מיט פיר אַריינגאַנגען (טרעפּ). אין יעדען אַריינגאַנג געפינען

זיך איבער 50 דירות, בסך־הכל 213 דירות. די דירות זיינען בעשטאַנען פון איינציגע צימערען צו דריי רובל אַ חודש און צווייאיגע צימערען צו 6 רובל (אויף די העכערע עטאַזשען בילינער), בעזאָרגט מיט אַלע בעקוועמליכקייטען.

איינוואוינער זיינען דאָרט פריהער געווען בערך דריי הונדערט פאַמיליעס יודען,— דאָס רוב בע"ט, אַרבייטער, טאָג־אַרבייטער, קליין־הענדלער א. או. וו. און בערך 30 פאַמיליעס קריסטען. איצט איז דאָרט שטיל און פוסט. אַ סך זיינען אויף מלחמה, אַ סך האָט מען גענומען אויף אַרבייט, אַ סך זיינען צושטאָרבען, אַ סך זיינען אַרויס־געפאָהרען אין די קליין־שטעטלעך. בסך־הכל זיינען געבליבען אין די „בילינע דירות" בערך 50 פאַמיליעס יודען און 2 פאַמיליעס קריסטען, דאָס רוב זאַפּאַסנע פרויען. מאַנסביל זעהט זיך דאָרט נאָר ווייניג.

די איינוואוינער פון די בילינע דירות האָט מען מחמת היגיענישע טעמים שוין דריי מאָל גענומען אויף אַ קאַראַנטין אין טורמע, יעדעס מאָל אויף אַ פּאָר וואָכען.

## פּאָפּלאַוועס.

פון רוזעלע קאָן מען אַרויסקומען אויף פּאָפּלאַוועס, וועלכע רעכענט זיך אַפילו פאַר אַ פאָרשטעטיל, אין אמת'ן אָבער איז זי כמעט שטאָט.

זי בעשטעהט פון דריי גאַסען, אין וועלבע עס געפינט זיך אַ בעפעלקערונג אַן ערך פיר הונדערט פאַמיליעס, דערויין בערך 15 פראָצענט פּאָליאַקען. פאַר דער צייט פון דער אָקופּאַציע איז די בעפעלקערונג פערקלענערט געוואָרען אויף פערציג פראָצענט.

פריהער האָבען זיך די איינוואוינער געשפייזט פון פיש־מאַרק און פון ליפסקעס ברויז, נור אין אָקופּאַציע־צייט, אַז דער ברויז האָט זיך פערמאַכט און דער מסחר אין פיש־מאַרק איז פערקלענערט געוואָרען (דער פישפאַנג איז אויך אַריבער צו דער מאַכט), זיינען פיל נעוואָרען געהער, און ניט איינער שטאַרבט אין הונג פאַר דער צייט.

דער קולטורער מצב פון פּאָפּלאַוועס איז אויך שוואַכער געוואָרען; פריהער זיינען געווען דריי חדרים און איין ישיבה. איצט איז אַלץ בטל געוואָרען.

אויף פּאָפּלאַוועס עקזיסטירען: איינער פון די ערשטע קאָאָפּעראַטיווען אין ווילנא „מזון"; „אחיעזר" נומ' 10, וועלכער האָט פריהער געהאַט אַפולע צאָהלער, איצט ס"ה 25 צאָהלער—און 70 מקבלים. ער פערטיילט 100 מאַרק אַ חדש, ד"ה 1 מ' 40 פ. אויף אַ נפש; אַ פאָלקס־קיך (נ' 62), וועלכע גיט אַרויס טעגליך בערך 900 פּאָרציעס. אַ מיטעלשטאַנדס־קיך „צידה" (נ' 120), וואָס גיט אַרויס טעגליך 500 פּאָרציעס. עס פונקציאָנירט אויך דער גמ"ח ביים בית־מדרש, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרען מיט 11 יאָר צוריק.

מעהר ווי אַ יאָר צייט האָט אויך עקזיסטירט אַ שטאָטישע קראָם, וועלכע האָט זיך מיט איינינע חדשים צוריק פערמאַכט.

רב אויף פּאָפּלאַוועס איז ר' מאיר קאַרעליץ.

## זאַרעטשע.

די בעפעלקערונג פון זאַרעטשע בעשטעהט פון בערך 400 פאַמיליעס. די צאָל פון יודען און פּאָליאַקען איז כמעט גלייך. פאַר דער צייט פון אָקופּאַציע איז די בעפעלקערונג פערקלענערט געוואָרען אויף אַן ערך 15 פראָצענט.

די פרנסות פון דער בעפעלקערונג זיינען געווען מלאכה און האַנדעל. איצט זיינען דאָ ווי אומעטום די פרנסות געפאַלען און אַ סך פון די יודען זיינען געוואָרען נעהער.

די פאָרשטעטעל זאַרעטשע, וועלכע איז צוזאַמענגעבויט מיט פּאָפּלאַוועס, איז אַפילו גרעסער פון פּאָפּלאַוועס, אָבער לויט דעם קולטורעלען מצב איז זי געפאַלענער פון פּאָפּלאַוועס. אַפילו פאַר דער אָקופּאַציע איז דאָרט אויך ניט געווען ניט קיין חדרים און ניט קיין ישיבה. אויף זאַרעטשע עקזיסטירען: אַ שטאָטישע קראָם. אַ אחיעזר נ' 25,

א פאָלקס-קיך נומ' 63, אַ מיטעלשטאַנדס-קיך נ' 121, אַ קיך מיט'ן נאָמען „עזרת ישראל", וועלכע שטעהט אונטער דער הנהגה פון רב.

אין וואַרטשע נעפינט זיך אויך צוויי קלויזען: די וואַרטשער שוהל (איבערנעבויט געוואָרען אין יאָר תת"ב. דאָרט האָט ר' ישראל סאַלאַנטער נעהאַלטען אַ ישיבה פון וואַוילע יונגע לייט און האָט דאָרט געגרינדעט אַ „חברה מוסר" פאַר בע"ב) און אַ קלויז פון די קצבים. פריהער איז אויך געווען אין שוהל אַ גמ"ח מיט אַ קאַפּיטאַל פון קרוב צ טויזענט רובל. איצט איז ער פערמאַכט.

אויף די וואַרטשער בערג, וועלכע בעהעפטען זיך מיט די אַנטאָקאָלער בערג, געפינט זיך דער נייער בית-עולם, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין יאָר תקצ"א.

ה. ל.



ר' גינצבורג.

# דער קאַמף מיט'ן יקרות.

מיט דער אָקופּאַציע פון ווילנא האָט די ערנערונגס-פראַגע, וועלכע איז פריהער אויך געווען שטאַרק פערשאַרפט, אָנגענומען אַן אויסעראָרדענטליך-שאַרפע פאָרם. צו דעם דוחק פון די נויטיגסטע פּראָדוקטען,—מעהל, צוקער, זאַלץ, קעראָסין וכדומה,—זיינען צוגעקומען אַן אונערהערטע אַרבייטסלאָזיגקייט און אַ גיכע פעראָרימקייט. דער יקרות האָט זיך געלאָזט פיהלען אין צווייען: דורך דעם אָביעקטיוו-אונגלויבליכען וואוקס פון די פרייזען און דורך דער סוביעקטיוו-שאַרפער ירידה פון דער צאָלונגספעהיגקייט מצד דער בעפעלקערונג. דער געדאַנק פון די אַיינוואוינער האָט אָנגעהויבען אינטענסיווער צו אַרבייטען אין דער ריכטונג פון זעלבסטהילף. ס'האָבען זיך געעפענט אַ רייהע קאָאָפּעראַטיוען, וואָס האָבען אָנגעהויבען אַיינצוקויפען אויף דער פּראָווינץ מעהל, קאַרטאָפעל און אַנדערע נויטיגע פּראָדוקטען. אין דערזעלבער צייט האָבען די אָרגאַניזירטע עלעמענטען אָנגעהויבען שטאַרק צו פאָדערען די רעאָרגאַניזאַציע פון דער ערנעהרונגס-קאָמיסיע פון דער שטאָטישער דומע. די שטאָטישע דומע האָט שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירען ווי אַ שטענדיגער אינסטיטוט פון דער אָרטיגער זעלבסטפערוואַלטונג. דערי פּלענום פלעגט זיך ניט צונויפקלייבען, ס'האָבען געאַרבייט בלויז איינינע קאָמיסיעס אונטער דער דירעקטער הנהגה פון אויבער-בירגער-מייסטער. די אַלגעמיינע פונקציעס פון מונוציפּאַליטעט האָט געוועזט גענומען אויף זיך דער בירגער-קאָמיטעט פון ווילנער און קאָוונער גובערניע, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט, אין פערגלייך מיט דער פריהער-דיגער דומע, אויף בעדייטענד דעמאָקראַטישערע יסודות. אין בירגער-קאָמיטעט זיינען אַריינגעגאַנגען פאָרשטעהער פון פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען, הגם אין ניט קיין אָבגעהיטער פּראָפּאָרציע, און פון פערשיידענע

פּאָליטישע ריכטונגען. ס'זיינען אויך געווען 3 פאָרשטעהער פון אַרבייטער. די קאָמיטעטישע קאָמיסיע וועגען דער אַרבייטער-פראַגע איז בעשטאַנען נור פון די סאָציאַליסטישע און דעמאָקראַטישע עלעמענטען. דורך אַט דער געזעלשאַפטליכער אָרגאַניזאַציע האָבען זיך די פּראָפעסיאָנע-לע פעראיינען בעמיהט צו ווירקען אויף די רעשטען פון דער אַלטער דומע. די צענטראַלע ביוראָ פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען האָט אויסגעאַרבייט אַ געגויעם מעמאָראַנדום וועגען יקרות און וועגען די מיטלען צו קעמפען מיט איהם און האָבען אָנהויב נאָוועמבער 1915 אַריינגעטראָגען דעם דאָזיגען מעמאָראַנדום אין מאַגיסטראַט.

דער נעגאַטיווער טייל פון מעמאָראַנדום איז געווען אויסגעצייכענט. אָבער אין דעם פּאָזיטיווען טייל, אין וועלכען ס'האָבען זיך געפונען די אָנווייזונגען אויף די מיטלען צו קעמפען מיט'ן יקרות, איז געמאַכט געוואָרען אַ האַרבער טעות, וואָס האָט געשאַדט דער זאַך: אָנשטאָט מונציפּאַליזאַציע פון די ווירטשאַפטליכע צווייגען, וואָס דינען דער בעפרידיגונג פון די וויכטיגסטע בערערפעגישען פון דער בעפעלקערונג, האָט דער מעמאָראַנדום אַרויסגעשטעלט אַ פּונקט וועגען מאָנאָפּאָליזאַציע פון די דאָזיגע אַלע פּראָדוקטען און וועגען פערוואַנדלען אַלע פּריוואַטע הענדלער אין קאָמיסיאָנערען פון מאַגיסטראַט.

די דאָזיגע ענדערונג איז טיילוויז פערווירקליכט געוואָרען אין דער פאָרם פון קאָנצענטראַציע פון אויסשרייבען און אײַנקױפען די סחורות דורך דער פערמיטלונג פון די בעטרעפענדע אָבטיילונגען ביים שטאָטהויפּטמאַן. אָבער אויך די פרייזען האָט די דאָזיגע רעפאָרם ניט אַרויסגעוויזען די ווירקונג, אויף וועלכע ס'האָבען זיך אַ פּנים געריכט די פערפאַסער פון מעמאָראַנדום.

די פערווירקליכונג פון דעם צווייטען, מעהר ראַציאָנעלען מיטעל, וואָס דער מעמאָראַנדום האָט אַרויסגעשטעלט, — די צוציהונג פון גע-זעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס צום קאַמף מיט'ן יקרות, — האָט געהאַט אַ גאַנץ אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע געשיכטע. די ערנערונגס-קאָמיסיע פון די דומע-גלאַסנעס מיט ה' יאַבלאָנסקין בראש האָט זיך געשטעלט אויף אַ שטרענג-פאָרמעלען באָדען פון דער גאָראָדאָוואָיער פּאָלאָזשעניע, לויט וועלכען ס'טאָרען זיך ניט בעטייליגען מיט שטים-רעכט אין דער שטאָט-קאָמיסיע פערזאָנען, וואָס געהערען ניט צו דער דומע. אויפ'ן יסוד פון דעם דאָזיגען יורידישען מאָטיוו, וואָס איז בע-זונדערס מערקווירדיג אין אַ מאָמענט, ווען די דומע, וואָס איז אויס-געקליבען געוואָרען לויט דער גאָראָדאָוואיער פּאָלאָזשעניע, האָט שוין פּאַקטיש נים עקזיסטירט, האָט די ערנערונגס-קאָמיסיע זיך אָבגעזאָגט אַריינצונעמען צו זיך פאָרשטעהער פון די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. דאַן האָט דער בירגער-קאָמיטעט אונטער דער ווירקונג פון זיינע דע-

מאָקראַטישע עלעמענטען אַרויסגעשטעלט דעם פּראָיעקט וועגען אַ געמיינ-זאַמער ערנערונגס-טעטיגקייט פון דער דומע און פון קאָמיטעט. היות, ווי דער בירגער-קאָמיטעט איז געווען בעשטעטיגט נאָך פון דער רוסישער מאַכט (ניט לאַנג פאַר דער עוואַקואַציע), איז דער מקור פון רעכט געווען דערזועלבער הן פאַר אים און הן פאַר דער דומע, הייסט דאָס, אַז די דומע האָט פאָרמעל ניט ריזיקירט פאַר דעם אות פון געזעץ, אַריינגעהענדיג אין אַ פערבינדונג מיט אַזאַ ווי זי לעגאַלען אָרגאַן פון זעלבסטפערוואַלטונג. פון דער אַנדער זייט, איז דער קאָ-מיטעט בעשטאַנען פון פאָרשטעהער פון געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זייערע דעלעגאַטען האָט מען געקענט שיקען, אַזוי ווי פון בירגער-קאָמיטעט, אין דער ערנערונגס-קאָמיסיע. די דאָזיגע קאַזואיסטישע פאָרמולע איז נאָך לאַנגע פערהאַנדלונגען אָנגענומען געוואָרען פון ביידע צדדים און מען האָט דערביי בעשלאָסען, אַז מצד דעם בירגער-קאָמי-טעט געהען אַריין אין דער שטאָטישער קאָמיסיע: איין דעלעגאַט פון דאָזיגען קאָמיטעט, צו איין דעלעגאַט פון די פיר נאַציאָנאַלע הילפס-קאָמיטעטען, 1—פון די זיבען קאָאָפּעראַטיווען, וואָס האָבען דאַן עקזיס-טירט, און 2—פון די פראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען (איין איד און איין קריסט). אויסקלייבען די דעלעגאַטען איז איבערגעגעבען גע-וואָרען די אָרגאַניזאַציעס גופא. דער בירגער-קאָמיטעט האָט דעלעגירט דעם געשוו. אַדוו. קרזשיזשאַנאָווסקי, דער יודישער הילפס-קאָמיטעט — ד״ר ראַכמילעוויץ, דער פּוילישער — דעם קאָנדיטער מיסקעוויץ, דער ביעלאָרוסישער — אי. לוצקעוויטש, דער ליטווישער — דעם אינזשענער קיירים, פון די קאָאָפּעראַטיווען איז געווען דעלעגירט א. שקלעניק, פון די פראָפעסיאָנעלע פעראיינען — טשעסלאַווא גראָסער (די פרוי פון בעוואוסטען בראָניסלאַוו גראסער) און רעואל גינצבורג. די פריהערדיגע קאָמיסיע איז בעשטאַנען פון 14 מיטגלידער, גלאַסנעס פון דומע, אונטער דעם פאָרזיץ פון יאַבלאָנסקי.

די ערשטע פעראייניגטע זיצונג פון דער דאָזיגער בעניטער ער-נערונגס-קאָמיסיע איז פאָרגעקומען דעם 24 נאָוועמבער 1915. אויפ׳ן סדר-היום זיינען געשטאַנען די פראַגען וועגען קאַרטאָפעל און האָלץ (די פראַגע וועגען מעהל, וואָס איינער פון די דעלעגאַטען האָט אויפ-געהויבען, איז פערענטפערט געוואָרען דורך דער מעלדונג פון פאָר-זיצענדער, אַז די מאַכט האָט בעשלאָסען צו מאָנאָפּאָליזירען דעם ברויט-ענין, איינפיהרענדיג די קאַרטען-סיסטעם). פון דעם בעריכט, וואָס די גלאַסנעס האָבען אָבגעגעבען, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די קאָמיסיע איז לחלוטין אָהנמעכטיג אין בעזאָרגען די שטאָט מיט פּראָדוקטען פון דער ערשטער נויטווענדיגקייט. די גאַנצע צייט, פאַר און נאָך דער אָקופּאַציע, ווען מען האָט נאָך געקענט איינקויפען מעהל און קאַרטאָ-

פעל, האט די קאמיסיע לחלוטין גאָר ניט געטאָן. שפּעטער־צו, אָבער, האָבען די פּראָדוצירער, מורא האבענדיג פאַר רעקוויזיציע, בעוויזען צו בעהאַלטען די פּראָדוקטען; האָלץ האָט מען ניט צוגענרייט. די טראַנס־פּאָרט־מיטלען זיינען ניט אָרגאַניזירט געוואָרען,—און די שטאָט האָט זיך דערפיהלט אין דער פולשטענדיגער ממשלה ביי די פּריוואַטע ספּעקולאַנטען. פונדעסטוועגען האָט די קאָמיסיע, אונטער דער השפּעה פון די נייע מיטגלידער, בעשלאָסען צו פּרובען כאָטש וויפיל ניט איז צו פערבעסערען דעם מצב. ס'זיינען אויסגעקליבען געוואָרען דריי ספּעציעלע סוב־קאָמיסיעס, אום אויסצוגעפינען מיטלען, ווי צו בעזאָרגען די שטאָט מיט קאַרטאָפעל, האָלץ און אַנדערע פּראָדוקטען.

נאָך דער בעטראַכטונג פון סדר־היום איז פאָרגעקומען אַ פּריוואַ־טער ישוב־הדעת צווישען די נייע און אַלטע מיטגלידער פון דער קאָמיסיע. די דעלעגאַטען פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען האָבען גענוי פונאַנדערגעפרעגט וועגען סיסטעם פון פונאַנדערטיילען די פּראָדוקטען, וואָס די ערנערונגס־קאָמיסיע בעקומט: די שטאָט האָט געהאַט עטליכע קראָמען, וואו ס'האָבען זיך פערקויפט פערשיידענע שפּייז־פּראָדוקטען; די פער־וואַלטער און אָנגעשטעלטע זיינען געווען אויסשליסליך פּאָליאַקען. מחמת דעם זיינען פאָרגעקומען פערשיידענע סכסוכים. מען האָט דערצעהלט, אַז די פּראָדוקטען ווערען ניט גלייך פונאַנדערגעטיילט צווישען דער בעפעלקערונג: די קסיאָנדזען און די אינטעליגענטען האָט מען געגעבען פּריווילעגיעס אין פערגלייך מיט יודען און אביונים. אויף אַלע אָנפרא־גען האָט דער פאָרזיצענדער פון דער קאָמיסיע געענטפערט, אַז גענויע דאַטען וועגען דער פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטען, וועגען די חשבונות וכדומה קאָן מען בעקומען אין קאַנצעלאַריע פון אופראַווע, וואו מען וועט גערן אַלץ בעווייזען און ערקלערען. אויף מאָרגען זיינען ביידע דעלעגאַטען פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען אַוועק אין אופראַווע, אום צו בעקומען די נויטיגע ידיעות. אָבער דאָ האָט מען זיי בעגעגענט זעהר קאַלט און מען האָט זיך קאַטעגאָריש אָבגעזאָגט צו געבען די בעריכטען, צו ווייזען די דאַטען וכדומה. ווען מען האָט זיך געווענדעט צו יאַבלאָנסקי'ן, האָט מען בעקומען אַ טרוקענעם ענטפער: איהר זייט ניט קיין מיטגלידער פון רעוויזיאָנס־קאָמיסיע, און מיר זיינען ניט מחויב אָבצוגעבען אייך אַ בעריכט... די דאָזיגע „מיספערשטענדניש" האָט שוין פון ערשטען מאמענט אָן אַרויסגערופען אַ שאַרפע פערערגערונג פון די בעציהונגען צווישען דער אַלטער קאמיסיע און די דעלעגאַטען פון די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס. ס'איז געווען קלאָר, אַז די ה"ה יאַבלאָנסקים, וואָס האבען אַ פנים געדעכענט די שטאַטישע קאמיסיע פאַר זייער נחלה, וועלען ניט דערלאָזען קיין געזעלשאַפטליכען קאָנטראָל איבער זייערע מעשים. די ווירקליכקייט האט נאָך אַריבערגעשטיגען

אַלע ערוואַרטונגען. מיט עטליכע טעג שפּעטער, אויף דער נאנטסטער זיצונג פון דער קאמיסיע, האט דער פּאַרזיצענדער געמעלדעט, אז ער קאן ניט דערלאזען, אַז די פאַרשטעהער פון די געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס, וואס זיינען דעלעגירט דורך דעם בירגער-קאמיטעט, זאלען זיך בעטייליגען אין דער קאמיסיע, מחמת ניט אַלע זיינען זיי מיטגלידער פון בירגער-קאמיטעט ... אויף די אנווייזונגען פון די דעמאָקראַטישע מיטגלידער פון דער קאמיסיע, אַז דער ראזיגער פאַקט איז אַלעמען געווען גוט בעוואוסט אויך ביז דער ערשטער זיצונג, האט ה' יאַבלאָנסקי געענטפערט, אַז פאַר זיינע מעשים, אַלס פאַרזיצענדער, איז ער פעראַנטוואָרטליך בלויז פאַר דער שטאַטישער קאמיסיע. אט אַזוי קורץ און שאַרף איז פונאַנדערגעטריבען געוואָרען די פעראייניגטע ערנערונגס-קאמיסיע. נאַטירליך, קיינער האט ניט געגלויבט אין דעם פאָרמעלען מאטיוו פון דער זאַך, און די גלאַסנעס גופא האבען, איבריגענס, אפילו אַלעמען „ערקלערט", אַז זיי האָבען „ניט געקאָנט צוזאַמען אַרבייטען מיט די דעמאָקראַטען-ושידעם". די נאַציאָנאַלע קאָמיטעטען און די קאָאָפּעראַ-טיווען האָבען מיט קיין זאַך ניט רעאַגירט אויף דער פונאַנדערטרייבונג פון זייערע פאָרשטעהער. בלויז די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען האָבען אַריינגעשיקט אין אופראַווע אַן ענערגישען פּראָטעסט, אין וועלכען זיי האָבען געמעלדעט, אַז פון איצט אָן וועלען זיי זיך רעכענען מיט דעם רעשט פון דער דומע ניט ווי מיט אַ געזעלשאַפטליכער אינסטיטוציע, נור בלויז ווי מיט אַ גרופּע פּערזאָנען, וואָס האָבען אוזורפּירט די רעכטע פון דער בעפעלקערונג פאַר זייערע אייגעננוציגע צילען. מיט דעם האָט זיך דער ענין פערענדיגט.

מיט דער בעפרייאונג פון געזעלשאַפטליכען קאָנטראָל האָט די ערנערונגס-קאָמיסיע ווידער בעקומען די פולשטענדיגע מעגליכקייט זיס צו שלאָפען. קיין האָלץ האָט מען ניט אָנגעגרייט, קיין פּראָדוקטען האָט מען ניט אַיינגעקויפט, און די צושטעלונג פון קאַרטאָפעל איז אינגאַנצען אַריינ-געפאַלען אין די הענט פון פּריוואַטע הענדלער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז קאַרטאָפעל האָט דאַן טויזענטער-פודענווייז געפוילט אין די מאַיאָנטקעס און דערפער,—אין ווילנא אָבער איז קאַרטאָפעל געוואָרען פון די טייערסטע אכילות. פּריוואַטע ברויט איז מיט דער אַיינפיהרונג פון קאַרטען-סיסטעם טייערער געוואָרען אין משך פון די ווינטער-חדשים אויף 7 מאָל: פון 12 קאָפּ. אַ פונט צום סוף נאָוועמבער 1915 ביז 85 קאָפּ. אַ פונט צום סוף מערץ 1916. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם דאָזיגען רעגוליאַטאָר פון אַלע פּרייזען זיינען טייערער געוואָרען אויך אַלע איבריגע שפּייז-פּראָדוקטען.

איינגיכען נאָך דער פונאַנדערטרייבונג פון דער רעפאָרמירטער ערנערונגס-קאָמיסיע איז דורך דער דייטשער פערוואַלטונג ליקווידירט

געוואָרען אויך די טעטיגקייט פון דער אַלטער דומע-קאָמיסיע.

דער גאַנצער ערנערונגס-ענין איז אַריבער אין רשות פון דער דייטשער „לעבענסמיטעלאָבטיילונג". פּראָדוקטען האָט מען געקאָנט קריגען נור דורך דער דאָזיגער אָבטיילונג. די זעלבסטהילף פון דער געזעלשאַפט אין קאַמף מיט דעם אונגעהויער=וואַקסענדיגען יקרות האָט זיך געקאָנט אַרויסווייזען נור אין דער פאָרם פון גרינדען קאָאָפּעראַטי- טיווען, די צאָל פון וועלכע איז אין יענער צייט באמת שטאַרק אויס- געוואַקסען. אָבער דער דאָזיגער כמות איז צום בעדויערען ניט אַריבער אין אַ איכות. דער דוחק אין זעלבסטשטענדיגקייט און איניציאַטיווע און די שטענדיגע אָבהענגיגקייט פון אויסערע השפּעות האָבען דעמאָראַליזירט די דאָזיגע אָרגאַניזאַציעס פון די קאָנסומענטען, וועלכע האָבען ביסלעכ- ווייז פערלאָרען זייער גרונד=כאַראַקטער און ביי אַ מעגליכקייט האָבען זיי אויסגענוצט די קאָניונקטור ניט ערגער פון פּריוואַטע ספּעקולאַנטען.

דער זומער פון יאָר 1916 איז פּערהעלטניסמעסיג אַריבער בשלום: אויפ'ן דאָרף זיינען נאָך געווען רעזערוועו, וועלכע מען פלעגט אויף דעם אָדער יענעם אופן (אָפּטער פון אַלץ דורך געהעריי) צושטעלען אין שטאָט אַריין. צו דער צייט פון שניט איז דער פּרייז אויף ברויט אַראָבגעפאַלען ביז 20 קאָפּ. אַ פונט. נור די דאָזיגע גוטע צייט האָט ניט לאַנג געדויערט. ס'איז אָנגעקומען דער ווינטער,—און ס'האָבען זיך מיט אַמאָל אַרויסגעריסען אויבענאויף אַלע וואונדען פון דער אום- זעלבסטשטענדיגקייט און אומאָרגאַניזירטקייט פון דער בעפעלקערונג. דער יאָר פון אַרבייטסלאָזיגקייט האָט ענדליך אויסגעשעפּט די בעשיי- דענע רעזערוועו פון די אַרבייטענדע עלעמענטען, די איינקויף-מעגליכקייט פון די ברייטע מאַסען האָט זיך פערקלענערט ביז אַ מינימום, און די פּרייזען זיינען געוואַקסען מיט אַ פאַנטאַסטישער גיכקייט. די פערקירצונג פון דער ברויט=פּאָרציע ביז $1^{5}|_{8}$ פונט אַ וואָך האָט גורם געווען אַן אַלגעמיינע פערגרעסערונג פון די פּרייזען: צום סוף ווינטער 1916—1917 האָט דער פּרייז אויף פּריוואַטע ברויט דערגרייכט 1 ר' 10 קאָפּ. אַ פונט. בעזונדערס איז דער מצב געווען שרעקליך צווישען דער יודישער בע- פעלקערונג, וואָס איז ווייניגער פערבונדען מיט'ן דאָרף, דעם איינציגען מקור פון שפּייז-רעזערוועו. דעם דאָזיגען גרויזאַמען ווינטער, אונערהערט לאַנגען און קאַלטען, וועט ווילנא מסתמא ניט אַזוי גיך פערגעסען.

דער שפּעטער פריהלינג 1917 האָט ניט געבראַכט מיט זיך קיין וועלכע ניט איז קענטיגע פערבעסערונג פון דעם מצב. די עקזיסטענץ פון בערך 90 פּראָצ. איינוואוינער האָט זיך אויפגעהאַלטען בלויז דורך די קיכען, וועלכע ס'האָט זיך געעפענט ביי דער מיטהילף פון דער דייטשער שטאָט-פערוואַלטונג עטליכע הונדערט.

אין יוני 1917 האָבען די גינסטיגע אויסזיכטען אויף דער גרע-

טעניש אָנגעהויבען צו ווירקען פערקלענערענד אויף די פרייזען פון די לאַנדווירטשאַפטליכע פראָדוקטען. אין פעריאָד פון שניט איז דער פרייז אויף פריוואַטע ברויט געוועזט געווען אַראָבגעפאַלען ביז 30 קאָפּ. אַ פונט. אָבער תיכף נאָכדעם האָט זיך דער פרייז ווידער אויפגעהויבען ביז 55 קאָפּ. אַ פונט. אַזאַ מין פלוצלונגדיגע עליה אין מיטען שניט-פעריאָד האָט אַרויסגערופען אין שטאָט אַן אונגעהויערע אויפרעגונג. אַלעמען איז געוואָרען קלאָר, אַז אָהן אַן ענערגישען ווידערשטאַנד מצד די קאָנסומענטען וועט צו ווינטער-צו ברויט ווערען אַ לוקסוס-זאַך אפילו פאַר גבירים. שטאַרקער פון אַלץ האָט די אויפרעגונג אַרומגעכאַפּט די יודישע מאַסען, וואָס האָבען ניט קיין אייגענע פעלדער און גערטנער און קיין קרובים-ערדאַרבייטער אין די דערפער, און זיינען גענויטיג צו שפּייזען זיך דער עיקר מיט פריוואַט-געקויפטען ברויט. דעם 16-טען יולי 1917 בייטאָג האָט דער יודישער צענטראַל-קאָמיטעט צונויפגערופען אַ ספּעציעלע זיצונג, אויף וועלכער מען האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע צו קעמפען מיט'ן יקרות. אין אָוונט פון זעלבען טאָג איז פאָרגעקומען אַ פערזאַמלונג פון עטליכע טויזענט יודען, אויף וועלכער מען האָט נאָך ליידענשאַפטליכע רעדעס אויך אויסגעקליבען אַ קאָמיסיע— פון 14 פערזאָן (חוץ דעם האָט מען געגעבען 6 ערטער די פראָפעסיאָנעלע פעראיינען).

פאַר איהר הויפּט-אויפגאַבע האָט די דאָזיגע קאָמיסיע, מיט וועלכער ס'האָבען זיך פעראייניגט אויך די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע פון צ״ק, גערעכענט די בעשאַפונג פון אַ שטענדיגען און ענגען צוזאַמענבונד צווישען די אַיינוואוינער דורך רעגולערע וועכענטליכע מאַסען-פערזאַמלונגען, וואָס זאָלען ווירקען מיט זייער אָרגאַניזירטער מאַכט אויף די ספּעקולאַנטען. די מאָראַליש-געזעלשאַפטליכע בעדייטונג פון אַזוינע פערזאַמלונגען איז געווען קלאָר: שוין די בעשאַפונג גופא פון דער פאָלקס-קאָמיסיע האָט אין די ערשטע טעג אַראָבגעזעצט די ברויט-פרייזען. ס'איז געווען קענטיג, אַז אונטער דעם דרוק פון דער אַלגעמיינער אויפרעגונג האָט זיך די ספּעקוליאַציע בעהאַלטען, די אָנווענדונג פון מאָראַלישע מיטלען און די אָרגאַניזאַציע פון דער בעפעלקערונג זיינען געווען נאָך נויטיגער דעריבער, ווייל אַנדערע ריין-פּראַקטישע ווירטשאַפטליכע מיטלען צו בעקעמפען דעם יקרות איז ניט געווען און האָט ניט געקענט זיין אין רשות פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט ניט געהאַט קיינע שום מאַטעריעלע מיטלען און אַטריבוטען פון אַ געזעצגעבערישער און עקזעקוטיווער מאַכט. מחמת דעם האָט די קאָמיסיע אויך ניט געקענט דורכפיהרען אַ רייהע אַנדערע פּראָעקטען, וואָס זי האָט געוועזט געהאַט אָנגעמערקט.

די קאָמיסיע האָט געפּרובט ווירקען אויף די ברויט-פרייזען דורך

אַן אַנדער וועג. פון די פערהאַנדלונגען מיט די בעקער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי גופא האַלטען אין געגעבענעם מאָמענט פאַר אַ נאָרמאַלען פרייז אויף ברויט 40 קאָפּ. אַ פונט. די קאָמיסיע האָט דאַן בעשלאָסען אײנצושטעלען אַלס אַ פּראָבע אַ צייטווייליגע טאַקסע פון 38 קאָפּ. אַ פונט ברויט. אין יענער צייט פלעגט די דייטשע פערוואַלטונג, מחמת דוחק אין גרויפּען, אַרויסגעבען קאָרענע מעהל. די קאָמיסיע האָט זיך געווענדעט אין אַלע יודישע קיכען מיט אַ פאָרשלאָג אויסצוניצען דעם גאַנצען רעזערוו מעהל, וואָס זיי האָבען, אויף צו באַקען ברויט און פערקויפען איהם די קאָנסומענטען ניט טייערער פון 35 קאָפּ. אַ פונט. גלייכצייטיג איז די קאָמיסיע אַריין אין פערהאַנדלונגען מיט פאָרשטעהער פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען מיט׳ן ציל געמיינזאַם צו קעמפען מיט׳ן יקרות. די מעלדונג וועגען דער טאַקסע איז אויפגענומען געוואָרען פון דער בעפעלקערונג מיט גרויס בעפרידיגונג. אָבער די געהויבענע שטימונג האָט לאַנג ניט געדויערט. פון די קיכען האָבען זיך אויף דעם אויפרוף פון דער קאָמיסיע אָפּגערופען נור איינינע, דער עיקר די אַרבייטער-און קאָאָפּעראַטיוו-קיכען און די פאָלקס-קיכען, וועלכע האָבען פערקויפט ברויט צו 28—30 קאָפּ. אַ פונט. חוץ דעם האָט נור אַ טייל פון דער בעפעלקערונג געוואוסט וועגען דער אַרבייט פון דער קאָמיסיע, מחמת דורך דער פּרעסע איז אונמעגליך געווען צו מעלדען די טאַקסע, און צו מאַכען גרויסע פערזאַמלונגען איז אויך געוואָרען אונמעגליך. ווי נור ס׳האָט זיך פערלאָרען די פערבינדונג מיט די מאַסען, איז אַראָב דער גאַנצער אַווטאָ-ריטעט פון דער קאָמיסיע. דער קאַמף אַרום דער טאַקסע האָט געדויערט בערך אַ וואָך צייט, און האָט צו קיין רעזולטאַטען ניט געבראַכט. די בעקער, הענדלער און שמוגלער האָבען ווידער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און צו ראש-השנה-צו איז דער פרייז אויף פּריוואַטע ברויט ווידער געשטיגען ביז 70 קאָפּ. אַ פונט.

דער דורכפאַל מיט דער טאַקסע האָט פונדעסטוועגען ניט אָבגע-שטעלט די טעטיגקייט פון דער קאָמיסיע. ער האָט איהר נור אָבגעווענדט אין אַן אַנדער ריכטונג. מען האָט צונויפגעשטעלט אַ מעמאָראַנדום, וואָס איז מיט איינינע שינויים אַקצעפּטירט געוואָרען מצד די פאָרשטעהער פון פּוילישען, בעלאָרוסישען און ליטווישען קאָמיטעט. אין דאָזיגען מעמאָראַנ-דום, וואָס איז אַדרעסירט צו דער מאַכט, איז אָנגעוויזען געוואָרען אויף אַ רייהע מיטלען, וואָס זיינען נויטיג, אום אויפצוהאַלטען דעם קיום פון דער בעפעלקערונג. די צוויי הויפּט-פּונקטען פון דער דאָזיגער פּעטיציע זיינען פאָלגענדע: א) פערגרעסערען די ברויט-פּאָרציע ביז 1 פונט אַ טאָג, ב) אַ פרייער אַריינפיהר פון פּראָדוקטען פון דער ערשטער נויטווענדיגקייט. ווייטער געהען 6 אַנדערע פונקטען צווישען זיי אגב אַ פונקט וועגען בעזאָרגען די שטאָט מיט הייץ-מאַטעריאַל.

די פעטיציע איז איבערגעלייענט געוואָרען אויף איינער פון די פאָלקס-פערזאַמלונגען און איז פה-אחד אָנגענומען געוואָרען. דערביי האָבען אַלע אַרויסגעזאָגט די גרייטקייט אונטערצושרייבען איהר, אום צוצוגעבען איהר מעהר בעדייטונג. אין מאָמענט, ווען ס'ווערען געשריבען די דאָזיגע שורות (אָנהויב אָקטאָבער 1917), איז די אַרבייט וועגען צוגרייטען און אָנגעבען דעם דאָזיגען מעמאָראַנדום, וואָס האָט אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון אַ פאָלקספעטיציע נאָך ניט פערענדיגט,—און ס'איז שווער פאָרויס-צוזעהן איהרע רעזולטאַטען. ס'האַלטען זיך פעסטע קלאַנגען, אַז דעם ערשטען פונקט פון מעמאָראַנדום—וועגען פערגרעסערען די פאָרציע ברויט—איז די מאַכט נוטה צו בעפרידיגען, הגם ניט אין פולען מאָס*). ס'איז קיין ספק ניט, אַז דאָס איז דער ריכטיגסטער וועג אָבצושוואַכען דעם יקרות און די ספעקולאַציע.

-<OOOOOOOOOOO>-

ד"ר מעד. צ. שאַבאַד.

# די חברה פון מעדיצינישער און ערנעהרונגס-הילף פאַר די געליטענע פון מלחמה.

די „חברה פון מעדיצינישער און ערנעהרונגס-הילף פאַר די געליטע-נע פון מלחמה" האָט זיך געגרינדעט אין ווילנא אין הערבסט 1914 לויט דער איניציאַטיווע פון דער אַלרוסישער מעדיצינישער פּיראָגאָווער געזעל-שאַפט אין מאָסקווע און דער פריי-עקאָנאָמישער געזעלשאַפט אין פעטערבורג, וועלכע האָבען געשיקט אין ווילנא זייער דעלעגאַט, דעם בעלאָרוס באָנטש-אָסמאָלאָווסקי, כדי צו שאַפען צווישען די דעמאָקראַ-טישע כלל-טוער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע. ער האָט צוגעזאָגט שטיצע פאַר דער נייער חברה ניט נור פון די ביידע דערמאָנטע געזעלשאַפטען, נור אויך פון- די מאָסקווער קאָאָפעראַטיווען און פון דער לאַנדווירטשאַפטליכער געזעלשאַפט. אין אָנהויב האָט די נייע אָרגאַניזאַציע עקזיסטירט ווי אַ געהיימער קרייזל, נור סוף 1914 האָט זי זיך לעגאַליזירט. דער יושב-ראש איז געווען דער אייזענבאַנדאָקטאָר גליעבאָווסקי און נאָכדעם, דער ווען האָט זיך אָבגעזאָגט, דער געשוואָרענער אַדוואָקאַט, גלאַסני פון דער שטאָט-דומע, פאָוואָלאָצקי (ביידע רוסען), דער פער-טרעטער פון יושב-ראש—ד"ר שאַבאַד, דער נאמן—דער געשוואָר. אַדוו. בולאַט, געוועזענער מיטגליד פון דער מלוכה-דומא (ליטווינער), זיין

*) שפעטער-צו האָט די מאַכט צו דער דעמאָלטיגער פאָרציע ברויט $2\frac{5}{8}$ פונט אַ וואָך) אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען $5\frac{1}{4}$ פונט קאַרטאָפעל אַ וואָך.

פערטרעטער—דער רעדאַקטאָר לוצקעוויטש (בעלאָרוס), דער סעקרע־טאַר—געשוואָר. אַדוואָקאַט באַגינסקי און זיין פערטרעטער—אַדוואָקאַט סאַדקאָווסקי (ביידע פּאָליאַקען). ניט רעכענענדיג די ווילנער אָבטיילונג פון דער אַלרוסלענדישער ליגע צו קעמפען געגען טובערקוליאָז, וועלכע האָט אין דער מלחמה־צייט ביסלעכווייז אויפגעהערט איר אַרבייט, איז די חברה, אויף אַזאַ אופן, געווען די איינציגע אין קאַנט, וועלכע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די פּאָפּולערע דעמאָקראַטישע טוער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען און האָט באמת געזאָרגט פאַר דער גאַנצער בע־פעלקערונג, אָהן אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט. די אַרבייט פון דער חברה האָט זיך פערשפּרייט אויף ווילנער, קאָוונער, גראָדנער און סובאַלקער גובערניעס.

אין אָנהויב האָט די חברה נור געשטיצט מיט קליינע סומעס איינינע עקזיסטירענדע אַנשטאַלטען (קינדערקיכען) פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען. דערנאָך האָט זיך געבילדעט אַ אינפאָרמאַציאָנס־ביורא צו קלייבען ידיעות וועגען דער נויט פון דער בעפעלקערונג. צו דעם צוועק איז דער אַדוו־בולאַט געשיקט געוואָרען אין סובאַלקער גובערניע; ער האָט געבראַכט אַ רייכען מאַטעריאַל וועגען איינינע בעזונדערס פערוויסטעטע געגענדען. שטיצענדיג זיך אויף די דאָזיגע ידיעות, האָט די מאָסקווער פּיראָגאָווער געזעלשאַפט געשיקט דורך ווילנא, לויט דער עצה פון דער חברה, 2 מעדיצינישע ערנעהרונגס־אָבטיילונגען אין אָליטא און באַקאַלאַרזשעוואָ (ביידע אין סובאַלקער גוב.). יעדע אָבטיילונג איז בעשטאַנען פון 4—5 פערזאָן מיט אַ דאָקטאָר בראש און איז געווען געשטיצט מיט געלד, רפואות און אַלע נויטיגע מאַטעריאַלען.

ביידע אָבטיילונגען האָבען געאַרבייט מיט גרויס פּעולה און נוץ און האָבען געגעבען גענויע בעריכטען וועגען זייער טעטיגקייט דעם קאָמיטעט פון דער חברה. די בעריכטען זיינען אויך געדרוקט געווען אין די צייטונגען. אָבער בעת די דייטשען האָבען זיך גערוקט צו ווילנא און פערנומען גאַנץ סובאַלקער גובערניע, האָט די ערשטע אָבטיילונג אויך געמוזט אָבטרעטען און איז אָבגעפאָרען צוריק קיין רוסלאַנד, און די צווייטע האָט ניט בעוויזען אָבצוטרעטען,—און אַ טייל מיטגלידער אירע האָבען שוין געמוזט בלייבען אין אָקופּירטען געביט.

אין דעצעמבער 1915 האָט די חברה געעפענט אין ווילנא אויף זאַוואַלנע גאַס 5 (אין בנין פון דער אַנטי־טובערקולאָזער ליגע) אַ אַמבולאַ־טאָריע פאַר קראַנקע, דערהויפּט פאַר קינדער, פון די נעליטענע פון דער מלחמה אַנטרונענע און זאַפּאַסנע. דאָ פּלעגען די קראַנקע בעקומען אָהן געלד מעדיצינישע הילף, רפואות, מילך, געבעק וכדומה; שווערע חולאים פּלעגט דער דאָקטאָר בעזוכען צו הויז. אַלס דאָקטאָר איז לכתחלה געווען איינגעלאַדען דער ליטווינער פּעטער, און נאָך זיין אַוועקנעהן ד״ר

פרל. אַבראַמאָוויטש. די אַמבולאַטאָריע איז גיך געוואָרען פּאָפּולער אין שטאָט, די הודעות זיינען געווען גערדוקט אויף 5 שפּראַכען (רוסיש, יודיש, פּויליש, ליטוויש און בעלאָרוסיש), און געלד פלענט זיך בעקומען געגוג, דערהויפּט פון מאָסקווע, פון פּעטערבורג און פון ווילנער טאַטיאַנאַ-קאָמיטעט. די חברה האָט נאָך אויסגעהאַלטען אַ קינדערהיים פאַר ליט-ווישע קינדער פון סובאַלקער גוב. אויף ספּעציעלע מיטלען, וועלכע ז' האָט צו דעם צוועק בעקומען.

בעת ווילנער און די שכנישע גובערניעס זיינען געוואָרען נעענטער צום פראָנט, האָט די חברה אָרגאַניזירט 5 מעדיצינישע און ערנערונגס-פּונקטען אין בוטרימאַנץ, מערעטש, זשעזמער (זשיזשמאָרי)—ווילנער גוב., דובראָוואָ—גראָדנער גוב. און ראַקישקי—קאָוונער גוב. יעדער פּונקט האָט געהאַט מיט זיך אַ דאָקטאָר (אָדער אַ דאָקטאָרשע), אַ פעלדשערין און אַ קליינעם אַפּטייקעל. די אַלע פּונקטען האָבען זיך קונה-שם געווען ביי דער קליינשטעטעלשער בעפעלקערונג און ביי די אַרומיגע פּויערים. בעת די דייטשען האָבען זיך דערנענטערט צו ווילנא, זיינען די אַלע פּונקטען בטול געוואָרען, דער פּערסאָנאַל איז זיך פונאַנדערגעפאָרען, נור די דאָקטאָרשע פון פּונקט דובראָוועָ, פרוי יאַבימאָוויטש-גראָסער, איז גע-בליבען אין ווילנא, וואו זי האָט נאָך לאַנג געאַרבייט אין דער חברה. ביז זי איז אָבגעפאָרען קיין וואַרשא.

סוף אַווגוסט 1915 זיינען אַ סך מיטגלידער פון דער פערוואַלטונג פון דער חברה אָבגעפאָרען קיין רוסלאַנד און אין ווילנא זיינען געבליבען: ד"ר שאַבאַד—אַלס יושב-ראש, לוצקעוויטש—אַלס נאמן, באַגינסקי—סעק-רעטאַר, און אַדוואָקאַט וויליישים—אַלס מיטגליד פון דער רעוויזיאָנס-קאָמיסיע. אַלע ביכער מיט די רעכענונגען און פּראָטאָקאָלען האָט מיט-גענומען ה' בולאַט. אין דער קאַסע איז פון די בערך 50,000 רוב., וואָס ס'איז געווען איינגעגאַנגען, פערבליבען 7022 רוב. 59 קאָפּ. מיט דעם קאַפּיטאַל האָט מען געמיינט געגוג צו בעזאָרגען די אַמבולאַטאָריע אויף דער „קורצער צייט" פון דער אָקופּאַציע. שפּעטער אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דאָס איז געווען אַ טעות. אין אַ יאָר אַרום, צו אַווגוסט 1916, איז שוין געווען אין קאַסע אַ דעפיציט פון 2500 מאַרק. די אַמבולאַטאָריע האָט שוין געהאַלטען ביים פערמאַכען זיך, נור צו הילף איז געקומען דער דייטשער ראַבינער ד"ר לוי מיט 2000 מאַרק פון די דייטשע יודען. און נאָכדעם האָט די שטאָט-פערוואַלטונג און נאָך שפּעטער דער יודישער צ. ק. געשטיצט מיט טויזענ-טער. פונדעסטוועגען איז דער פינאַנציעלער מצב פון דער אַמבולאַטאָריע תמיד געווען אַ געדריקטער, הגם די פערוואַלטונג פלענט אָנווענדען אַלע מיטלען, כדי צו עקזיסטירען ווייטער, און איז גענויטיגט געווען צו בעשטימען אַן אָבצאָהל פאַר רפואות (10 פּ. פאַר אַ רעצעפּט),

מילך (10 פ. פאַר ¼ ליטער פּאַלמילך און פאַר ½ ליטער מאָגער־מילך) און אַנדערע פּראָדוקטען.

אין מאַי 1916 איז די אַמבולאַטאָריע אַריבער אין אַ נייעם גרויסען בנין אויף פּאָהוליאַנקע 15 (געוועזענע אויגענקליניק) און די מעדיצינישע הנהגה, מחמת פּרל. ד״ר אַבראַמאָוויטש איז אָבגעפאָהרען, האָט איבער־גענומען אויף זיך ד״ר שאַבאַד.

פון מאַי 1915 ביז דעצעמבער 1917 האָבען די אמבולאַטאָריע בעזוכט 33,690 חולאים, דערביי איז די צאָל בעזוכער כסדר געוואַקסען: ביז מאַי 1915 איז דורכשניטליך געווען 757 אַ חודש, פון מאַי 1915—דורכשניטליך 1494, אָדער טעגליך (25 טעג) בערך 60 חולאים.

פון די בערך 10,000 נייע חולאים, וואָס האָבען בעזוכט די אַמבולאַ־טאָריע פאַר די דריי יאָר, זיינען געווען 40,4 פּראָצ. פרויען און 59,6 פּראָצ. מענער (אַריינרעכענענדיג אויך קינדער). יודען, וועלכע זיינען די ערשטע צייט געווען כמעט אַ העלפט, זיינען פון די לעצטע 3526 חולאים געווען 88,3 פּראָצ., קריסטען נור 11,7 פּראָצ. דאָס ערקלערט זיך ערשטענס דערמיט, וואָס דאָס רוב קריסטען בעזוכען די אינסטיטוציע „מילכטראָפּען", וועלכע געפינט זיך אונטער דער הנהגה פון פּוילישען קאָמיטעט, און די שטאָטישע אַמבולאַטאָריעס, און צווייטענס, מחמת אין יודישען שפּיטאָל איז די אַמבולאַטאָריע לגמרי פערמאַכט און די אַמבולאַטאָריע פון „משמרת חולים" אַרבייט שוואַך.

לויטן עלטער זיינען געווען: 0—1 יאָר—12,6 פּראָצ., 2—5 יאָר—14,2 פּראָצ., 6—10 יאָר—17,8 פּראָצ., 11—15 יאָר—9,9 פּראָצ. און עלטער—42,7; מעהר ווי אַ העלפט נייע קראַנקע זיינען אַלזאָ געווען קינדער. פאַקטיש זיינען צווישען די בעזוכער געווען נאָך מעהר קינדער, ווייל די דערוואַקסענע האָבען אַ סך ווייניגער איבערגעחזרט זייערע בעזוכען ווי די קינדער. אויסער די ניט פיל שטענדיגע בעזוכער, פלעגען די דער־וואַקסענע חולאים דורכשניטליך קומען ניט מעהר ווי צו 2 מאָל, בעת די קינדער פלעגט מען ברענגען אָדער זיי פלעגען אַליין קומען דורכשניטליך 4—5 מאָל פאַר דער צייט.

די קראַנקע געהערען צו דעם אָרימסטען טייל פון דער שטאָטישער, דער עיקר יודישער בעפעלקערונג: פאַמיליעס פון זאַפּאַס:ע, אַרבייטסלאָזע, אַרבייטער, טאָגלוינער, בעלי־מלאכות, פּראָפע־סיאָנעלע אָרימע לייט וכדומה. ס׳קומען אויך אינטעליגענטע פּראָלעטאַריער און געפאַלענע בעלי־בתים. פון די קריסטען קומען ניט זעלטען רייכערע פויערים פון די אַרומיגע דערפער. דער קאָנטינגענט עלטערע קינדער זיינען פון די קינדערהיימען, יתומים־הייזער שולען וכדומה.

זעהר פיל פון די בעזוכער זיינען קראַנק אויף הויטקראַנקהייטען, דערהויפּט אויף קרעץ (סקאַביעס). די דאָזיגע זעהר קלעפּיגע חולאת איז

אין דער לעצטער צייט זעהר שטאַרק פערשפרייט בײַ די יודען און איז אַן אמת׳ע פּלאָג פאַר די אָרימע פאַמיליעס און פאַר די קינדערהיימען, הגם די קראַנקהייט איז בכלל גרינג צו היילען. אָבער אין די קאַלטע איינגע וואוינונגען מיט די אַלטע שמוציגע בגדים און וועש, בעת אינדער־היים איז ניטא קיין זייף און קיין וואַרימע וואַסער, איז גרינטליך אויס־צוהיילען די דאָזיגע קראַנקהייט ניט קיין לייכטע זאַך, בפרט נאָך בײַ דעם יקרות פון מעדיקאַמענטען (זאַלבען); מחמת דער ניט גרינטליכער היילונג, קומען די קראַנקע אין אַ פּאָר וואָכען אַרום ווידער מיט דער זעלבער קראַנקהייט. נאָך ערגער איז מיט דער אַנדערער הויטקראַנקהייט, מיט די ניט ריינע קעפּלעך בײַ די אָרימע יודישע קינדער. אין די לעצטע יאָרען האָט דער פּאַרך זיך אויף אַזוי שטאַרק פערברייטערט, אַז מען האָט אויך אַזעלכע קינדער, הגם די קראַנקהייט איז זעהר קלעפּיג, געמוזט אָננעהמען אין די שולען און אין די יתומים־הייזער, אַז ניט וואָלטען אַ העלפט קינדער מוזען בלייבען אויפן גאַס. בײַ דער איצטיגער צייט גיט זיך די קראַנקהייט לגמרי ניט איין אויסצוהיילען, נור אָנוועגדענדיג שטענ־דיג די נויטיגע זאַלבען, האַלטענדיג די קעפּלעך ריין און זאָרגענדיג, אַז די קינדער זאָלען טראָגען ציפּיקלעך, קען מען לכל הפחות זיי מאַכען אונשעדליך פאַר די געזונטע קינדער.

פאַראַיאָרינען ווינטער פלעגען דאָס רוב קינדער קומען אין אַמבו־לאַטאָריע מיט אָבגעפראָרענע פיס און הענט, וואָס בײַ דער קעלט אין די דירות און ניטדערעסען איז זעהר שווער צו היילען. ניט זעלטען ברענגט מען די קינדער בכלל אין אַזאַ אָבגעצערטען און רחמנות׳דיגען צושטאַנד, אַז היילען מיט רפואות קען נאָר ניט געמאָלט זיין. אויך בײַ די דערוואַקסענע בעזוכער פון אַמבולאַטאָריע איז דאָס רוב קראַנקהייטען אַרויסגערופען דורך דוחק און ניטדערעסען. אַזוי זיינען די פערזאָנען, וואָס זיינען קראַנק אויף אויסצערונג, געשוואָלענע גלידער וכדומה; אויך סוכאָטע האָט זיך אין די לעצטע יאָרען אונגעהויער שטאַרק ענטוויקעלט. זעהר פיל קראַנקע קומען אין אַמבולאַטאָריע, בעקלאָגענדיג זיך, אַז אינאָוונט זעהען זיי לגמרי ניט; דאָס איז די אַזוי אָנגערופענע „הינער־בלינדהייט" אָדער „אָוונט־בלינדהייט", וואָס נעמט זיך נור פון שלעכטער און אונגענוגענדער ערנערונג. ס׳קומען אויך זעהר פיל פרויען און מיידלעך, וואָס האָבען שוין אַ סך חדשים פערלאָרען זייערע מאָנאַטליכע. דאָס קומט אויך פאָר פון דוחק און אויך פון בייגקשאַפט, אַזעלכע פאַלען זיינען שוין בעשרי־בען געוואָרען אויך אין די דייטשע מעדיצינישע צייטונגען אַלס „קריגס־אַמענאָרעאַ".

ס׳פערשטייט זיך, ווי וויכטיג ס׳איז אין אַזאַ אַמבולאַטאָריע דאָס אַרויסגעבען מילך פאַר אָרימע קראַנקע, דערהויפּט פאַר קינדער. פון אַפּריל 1916 ביז סעפּטעמבער 1916 פלעגט די אַמבולאַטאָריע קריגען פון

דער צענטראַלע פון די שטאָטישע קראַנקענהייזער נור פולמילך, אָבער אין אַ קלײנעם מאָס, דורכשניטליך 651 ליטער אַ חודש, אָדער 21,7 ליטער אַ טאָג. פון סעפטעמבער 1916 ביז מערץ 1917 איז די מאָס מילך פערגרעסערט געוואָרען, דורכשניטליך 2373 ל. פולמילך און 2204 ל. מאָגערמילך אַ חודש, אָדער 37,4—79,0 ל. טעגליך. אין אָקטאָבער 1917 זיינען די חובות פון דער אַמבולאַטאָריע געווען אַזוי גרויס, און די שטיצע האָט זיך אויך אינגאַנצען אויפגעהערט צו בעקומען, אַז מען איז געווען גענויטיגט אויפצוהערען צו קויפען מילך, מחמת אויף קרעדיט האָט מען שוין מעהר ניט געוואָלט געבען. אין נאָוועמבער איז דאָך געלונגען צו בעקומען געלד פון יודישען צענטראַל-קאָמיטעט, און ס׳איז ווייטער געוואָרען מעגליך צו בעקומען מילך, אָבער אין אַ סך אַ קלענערער מאָס: 1306 ליטער פולמילך און 395 ל. מאָגערמילך. בסך-הכל האָט די אַמבולאַטאָריע פאַר די 20 חדשים אַרויסגעגעבען 30,202 ליטער פולמילך און 76,300 ליטער מאָגערמילך (בסך-הכל 106,502 ל.), דורכשניטליך—1510—3815 אַ חודש, אָדער 50—127 (177 ל.) טעגליך.

אויסער מילך גיט די אַמבולאַטאָריע אַרויס די חולאים, וואָס זיינען ביי איר פערערגיסטרירט, אַזוי ווי אין אַ קיך, גרויפען, מעל און קאַרטאָפעל מיט דעם אונטערשייד, וואָס דאָ בעקומען די בעזוכער פראָדוקטען ניט געקאָכט, נור רויערהייט, וואָס פאַר אַ פולע פאַמיליעס איז דאָס פיל בעקוועמער. נור אין דער הייסער צייט פון יאָר פלעגט די פולמילך ווערען אַרויסגעגעבען געבריטע.—אין דער ערשטער צייט פלעגט די אַמבולאַטאָריע בעקומען אויך צוקער און קאַקאַאָ פאַר די קראַנקע קינדער.

די אַמבולאַטאָריע האָט דעם צוועק ניט נור צו היילען די קראַנקע מיט רפואות און צו מאַכען קלײנע כירורגישע אָפּעראַציעס, נור אויך אַרומצוזוכען קינדער, צו זיי קענען אָנגענומען ווערען אין די שולען, קינדערהיימען און אין יתומים-הייזער און סתם זעהן, אַז קראַנקע מיט קלעפּיגע חולאת׳ן, ווי דיזענטעריע, פלעקטיפוס, פּאָקען וכדומה, זאָלען וואָס גיכער ווערען דערקענט און אָבגעלײגט אין שפּיטאָל. ווענען די אַלע פאַלען ווערען תיכף אַוועקגעשיקט ספעציעלע צעטלעך. ס׳מוז אויפגעוויזען ווערען, אַז פאַר די לעצטע יאָרען ביי דער שטאַרקער פערשפּרייטונג אין שטאָט פון דיזענטעריע און פלעקטיפוס, זיינען גראָד זעהר ווייניג געווען קראַנקע מיט דיפטעריט און כמעט גאָרניט מיט סקאַרלאַטינע און מאָזלען.

ביי דער אַמבולאַטאָריע איז דאָ אויך אַן אײגענער אַפּטייקעל, וואָס גיט אַרויס רפואות אַלע בעזוכער פון דער אַמבולאַטאָריע און אויך די מיטגלידער פון די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען. פאַר די לעצטע 22 חדשים זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען 21,771 רפואות לויט די רעצעפּטען,

אָדער 990 מאָנאַטליך, אָדער (25 טעג) 39,6 טעגליך. ניט רעבענענדיג די שכירות דער פארמאצעווטין און אַלע זייטיגע הוצאות, האָבען די רפואות געקאָסט דער אַמבולאַטאָריע בסך-הכל בערך 4200 מאַרק, ד. ה. ניט מעהר ווי 20 פענ. אַ רעצעפּט, וואָס ביי דעם איצטיגען יקרות אויף מעדיקאַמענטען קומט אויס זעהר וואָלוועל. אַזאַ עקאָנאָמיע האָט געקענט דערגרייכט ווערען נור דורך אַ ראַציאָנעלער אויסוואַהל אין פערשרייבען די רפואות.

פאַר די לעצטע 26 חדשים (1 אָקט. 1915—1 דעצ. 1917) האָט די אַמבולאַטאָריע געהאַט הכנסה: מזומן אין קאַסע צום 1 אָקט. 1915 8927 מ. 45 פ., דורכ'ן ד"ר לוי 2000 מ., פון דער שטאָטישער פערוואַלטונג 5000 מ., פון יודישען צ. ק. 3800 מ, נדבות 714 מ. 10 פ. אייגענע הכנסות פון די חולאים פאַר גרויפען, קאַרטאָפעל, מילך, רפואות וכדומה 45,645 מ. 17 פ.; ס"ה—66086 מ. 72 פ. הוצאות זיינען געווען: פאַר מילך, גרויפען, רפואות וכדומה—48,137 מ. 31 פ., אויפ'ן הויז, וואוינונג, אינווענטאַר—2794 מ. 39 פ.. קאַנצעלאַריע און אַנדערע הוצאות 1036 מ. 82 פ., שכירות דעם מעדיצינישען און אַנדערען פערסאָנאַל 16,907 מ. 05 פ., שטיצע פאַר קראַנקע מיט געלט 563 מ.; ס"ה 69,438 מ. 57 פ. די אַמבולאַטאָריע האָט אַלזאָ איצט חובות (דעפיציט) פאַר פראָדוקטען און גמילות-חסדים 3351 מ. 85 פ. דורכשניטליך מאָנאַטליכע הוצאות האָט די אַמבולאַטאָריע 2670 מ. און אייגענע הכנסה פון פראָדוקטען און רפואות 1755 מ., אויף אַזאַ אופן מוז די אַמבולאַטאָריע האבען סובסידיע יעדען חודש בערך 900 מ. ניט קריגענדיג די דאָזיגע שטיצע רעגעלמעסיג און אין פולער מאָס, מוז די אַמבולאטאָריע תמיד מאַכען חובות און שטעהט תמיד אין סכנה צו זיין גענויטינט זיך צו פערמאַכען, הגם זי מוז ווערען אנערקענט פאַר איינע פון די נויטיגסטע מעדיצינישע אינסטיטוציעס אין שטאָט.

❮○○○○○○○○○❯

מ. ש.

# אָבאָסט.

סוף נאָוועמבער 1917 איז ערשינען אַ אָפיציעלער בוך וועגען אָקופּירטען געביט וואָס טראָגט דעם נאָמען אָבער אָסט, אָדער פערקירצט אָבאָסט. דער בוך רופט זיך „דאַס לאַנד אָבער אָסט, דייטשע אַרבייט אין דען פערוואַלטונגסגעביטען קורלאַנד, ליטאַאוען אונד ביאַליסטאָק-גראָדנאָ", איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אויפטראָג פון אָבערבעפעלסהאָבער אָסט און בעאַרבייט פון דער פרעסעאָבטיילונג אָבער אָסט. דער בוך, וועלכער ענטהאַלט 472 זייטען, 23 ליכטבילדער, 3 קאַרטעס און 13 פעדער-צייכענונגען, ניט אַ רייכען מאַטעריאַל פון אָפיציעלע קוועלען וועגען דער דייטשער פערוואַלטונג אין אָקופּירטען געביט און, נאַטירליך, ווערט די דאָזיגע פערוואַלטונגס-אַרבייט בעלויכטען פון אָפיציעלען דייטש-מיליטערישען שטאַנדפּונקט.

דער בוך האָט 7 אָבטײלונגען (פּאָלק און געשיכטע; די אַרמיע אַלס פערװאַלטער; פערקער; לאַנדװירטשאַפט; האַנדעל און מלאכה; קירכע, שול, קונסט און װיסענשאַפט; סטאַטיסטישע בײלאַגע) מיט 58 קאַפּיטלעך, װעלכע בעהאַנדלען אַלע זײטען פון דער דײטשער אַרבײט אין די דרײ אָקופּירטע פערװאַלטונגען פון אָבאָסט: קורלאַנד, ליטא און ביאַליסטאָק-גראָדנא.

מיר װעלען דאָ בריינגען פון בוך אַ רײהע ידיעות און דאַטען, װאָס גיבען אַ אַלגעמײנעם בעגריף װעגען דער אָרגאַניזאַציע פון דער דײטשער פערװאַלטונג.

דער יסוד צו דער מיליטערישער לאַנדפערװאַלטונג איז אױסגעלײגט געװאָרען אין הערבסט 1915 דורך דעם דעמאָלטיגען אָבערבעפעהלסהאַבער אָסט, גענעראַלפעלד-מאַרשאַל פאָן הינדענבורג און דורך זײן שעף פון גענעראַלשטאַב, גענעראַל לודענדאָרף. דעם 7 יוני 1916 איז דורך דעם גענעראַלפעלדמאַרשאַל הינדענבורג אַרױסגעגעבען געװאָרען אַ אײנהײטליכע פערװאַלטונגסאָרדנונג פאַר דעם גאַנצען געביט. דער § 6 פון דער דאָזיגער פערװאַלטונגסאָרדנונג שטעלט פעסט די פּרינציפּען פון דער פערװאַלטונגס-אַרבײט:

1. די אױפגאַבע פון דער פערװאַלטונג איז די אױפריכטונג און דערהאַלטונג פון אײנגעאָרדנעטע פּאָליטישע און װירטשאַפטליכע בעדינגונגען אין בעזעצטען געביט.

2. די אינטערעסען פון דער אַרמיע און פון דער דײטשער אימפּעריע געהען תמיד פריהער פאַר די אינטערעסען פון בעזעצטען לאַנד. (ז. 85).

די פערװאַלטונג פון אָבאָסט איז אַ רײן-מיליטערישע, און אין דער הינזיכט שײדט זי זיך בעדײטענד אָב פון די פערװאַלטונגען אין בעלגיע און פּױלען, װעלכע זײנען, פערקעהט, רײן-ציװילע. די פערװאַלטונג פון אָבאָסט געהערט דירעקט צו דער אַרמיע און אױך איר גאַנצער אױפבױ טראָגט אַ כאַראַקטער פון אַ געװעהנליכער מיליטערישער פאָרמאַציע.

די אָבטײלונגען פון דער פערװאַלטונג, װעלכע האָבען צו טאָן מיט אַלע ענינים פון דער פערװאַלטונג אונטער דער אײנהײטליכער הנהגה פון אָבערקװאַרטירמײסטער פון אָבערבעפעהלסהאבער אָסט, געהערען אַלס אָבטײלונגען V—XII צום שטאַב פון אָבערבעפעהלסהאבער אָסט. זײ בילדען די צענטראַלע אינסטאַנציע פון דער גאַנצער לאַנדפערװאַלטונג און לױט זײער צוזאַמענשטעלונג און זײערע רעכט קאָנען זײ פערגליכען װערען מיט אַ מיניסטעריום. ס'זײנען איצט פאַראַן פאָלגענדע אָבטײלונגען:

1. פּאָליטישע אָבטײלונג (אָבטײלונג V). זי בעאַרבײט די ענינים פון דער אַלגעמײנער לאַנדפערװאַלטונג, די פעראָרדענונגען און די פּאָליטישע פראַגען, בעזונדערס די נאַציאָנאַליטעטען-פּאָליטיק. זי איז אױך די פערמיטלערין פון די פּאָליטישע ענינים צװישען דער פערװאַלטונג און די אױבערשטע אינסטאַנציעס פון דער אַרמיע און פון דער אימפּעריע. בײ דער דאָזיגער אָבטײלונג ליגט אױך די בעאַרבײטונג פון די פּערסאָנאַל-ענינים פון אַלע פערװאַלטונגען. צו דער אָבטײלונג געהערט די דרוקערײ פון אָבערבעפעהלסהאבער אָסט, װעלכער האָט קודם-כל צו מאַכען די גרױסע צאָל דרוקזאַכען פון דער פערװאַלטונג. אין משך פון דער צײט איז איר אַרבײטסגעביט בעדײטענד פערגרעסערט געװאָרען און הױן די באַנדראָלען אױף פּאַפּיראָסען און שװעבעלעך פאַר די אײנגעפירטע מאָנאָפּאָלען האָט זי אױך טײלװײז פּראָדוצירט די אָבאָסט-רובעלס, װאָס זײנען אײנגעפירט געװאָרען אַלס געלט אין פערװאַלטונגסגעביט פון אָבערבעפעהלסהאבער אָסט. װײטער געהערט צו דער אָבטײלונג די רעדאַקציע פון דער ליטױשער לאַנדצײטונג „דאַבאַרטים“ (געגענװאַרט), װעלכע געפינט זיך אונטער דער הנהגה פון ליטװינער און פון קענער פון ליטא.

2. פינאַנצאָבטײלונג (אָבטײלונג VI). זי בעאַרבײט אַלע ענינים פון ביודזשעט און פון די קאַסעס, די דירעקטע און אומדירעקטע שטײערען, די אָבצאָלונגען און ד מאָנאָפּאָלען (פּאַפּיראָסען, בראַנפען, שװעבעלעך, סאַכארין).

3. לאַנדווירטשאַפטס-אָבטיילונג (אָבטיילונג a VII). צו איהר געהערט די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון דער ערד-בעאַרבייטונג, די אויסנוצונג פון די לאַנדווירטשאַפטליכע רעזערווען פון לאַנד לטובת דער אַרמיע און די פערזאָרגונג פון דער בעפעלקערונג פון בעזעצטען געביט.

4. די וואַלד-אָבטיילונג (אָבטיילונג b VII). זי האָט צו טאָן מיט דער פערוואַלטונג און אויסנוצונג פון די קאָלאָסאַלע וואַלד-רייכטימער.

5. די קירכען-און שול-אָבטיילונג (אָבטיילונג VIII). ביי איר געפינט זיך די הנהגה איבער די קירכען און שול-ענינים, די רעגולירונג פון דער קאָרעספאָנדענץ פון דער נייטראַליבקייט און די פלענע פון קונסט און ווּיסענשאַפט.

6. יוסטיץ-אָבטיילונג (אָבטיילונג IX).

7. פּאָסט-אָבטיילונג (אָבטיילונג X). זי שאַפט און קאָנטראָלירט די איינריכטונגען פאַר דעם פּאָסט-פערקער פון דער ציווילער בעפעלקערונג.

8. האַנדעלס-אָבטיילונג (אָבטיילונג XI). זי האָט די אויפגאַבע אויפצולעבען האַנדעל, מלאכה און אינדוסטריע אין דעם בעזעצטען געביט און צו מאַכען זיי נוצבאַר פאַר דער דייטשער ווירטשאַפט; אויסצונוצען די רויע שטאָפען, וואָס געפינען זיך אין לאַנד און צו קאָנטראָלירען די געלט-און קרעדיט-ענינים.

9. לאַנדקולטור-אָבטיילונג (אָבטיילונג XII). זי בעאַרבייט די אַלגעמיינע פראַגען פון דער לאַנדקולטור און האָט בעזונדערס די אויפגאַבע צו ענטוויקלען די קולטור פון פרוכט, גרינס, און פלאַנצונגען—און מעליאָראַציע.

פאַר דער הנהגה פון פעלדזשאַנדאַרמערישען קאָרפּוס אָבאָסט עקזיסטירט נאָך א זשאַנדאַרמערישע אינספעקציע. אויף וויפיל דאָס איז נויטיג, העלפען אויך מיט אין פערוואַלטונגס-ענינים אַנדערע אָבטיילונגען פון שטאַב, בעזונדערס די פּרעסע-אָבטיילונג און די פערקערספּאָליטישע אָבטיילונג.

צום פולען בילד פון א לאַנדמיניסטעריום פעלען נאָך, נאַטירליך, די צווייגען פון א מלחמה-מיניסטעריום און אויסערן-מיניסטעריום. וואָס איז שייך צו די ענינים פון א מיניסטעריום פאַר עפענטליכע אַרבייטען, ווערען די דאָזיגע ענינים אין אָבאָסט נאָך בעאַרבייט קודם כל פון ריין-מיליטערישע אינסטאַנציעס און ניט פון דער מיליטערפערוואַלטונג. (ז. 87—88).

דער פערוואַלטונגסגעביט אָבאָסט, וואָס געפינט זיך אונטער דער אָנפירונג פון דער דאָזיגער צענטראַלער פערוואַלטונג, איז בעדייטענד גרעסער ווי די פּרייסישע פּראָווינצען אָסטפּרייסען, וועסטפּרייסען און פּאָזען. ער פערנעמט א שטח פון 108808 קוואַדראַטקילאָמעטער און דערגרייכט דערמיט די גרוים פון בייערן, ווירטעמבערג און באַדען צוזאַמענגענומען. צווישען די אָקופּאַציאָנס-געביטען שטעהט אָבאָסט אויפ'ן ערשטען אָרט. נאָנץ בעלגיע פערנעמט נור 29456 קוואַדראַטקילאָמעטער,ביידע וואַלאַכיעס צוזאַמען — 77593 קוואַדראַטקילאָמעטער; אויך דער גענעראַלגובערנעמענט וואַרשוי (דייטשע אָקופּאַציע אין פּוילען) איז מיט 61350 קוואַדראַדקילאָמעטער בעדייטענד קלענער. די צאָל איינוואוינער געפינט זיך ניט בהסכם מיט דער גרייס פון געביט, און די געדיכטקייט פון דער בעפעלקערונג איז זעהר א קליינע. אין גאַנצען געביט בעטרעפט זי אפילו ניט קיין 27 מענשען אויף א קוואַדראַטקילאָמעטער, בעת אין דייטשלאַנד וואוינען 120, אין פּרייסען 115, אין בעלגיע אפילו 251 מענשען אויף א קוואַדראַטקילאָמעטער. די גאַנצע בעפעלקערונג פון אָבאָסט בעטרעפט סוף יאָר 1916 רונד 2910000 מענשען, ווי שרעקליך די מלחמה האָט געווירקט אין דעם לאַנד, זעהט מען פון דעם, וואָס פאַר דער מלחמה האָט זיין בעפעלקערונג בעטראָפען בערך 4200000.

אדמיניסטראַטיוו-טעכניש איז דער געביט פונאַנדערגעטיילט אין א רייהע פערוואַלטונגס-בעצירקען, וועלכע טיילען זיך פון זייער זייט אויף שטאָט-און לאַנד-קרייזען. די לאַנד-קרייזען טיילען זיך אויף דורכשניטליך 6 ביז 7 אדמיניסטראַטיווע בעצירקען, וועלכע

צופּאַלן ווידער אין פּריווישע בעצירקען און אין געמיינדעס. יעדע איינהייט האָט, נאַטירליך, אַ פאַרשטעהער פון דער מאַכט. בעדייטענדערע לאַנדשטעט בילדען אַן אַד-מיניסטראַטיווען בעצירק פאַר זיך אונטער דער הנהגה פון אַ בירגערמייסטער.

לבתחלה זיינען געווען 6 פערוואַלטונגסבעצירקען; דערנאָך, מיט דער ווייטערדיגער דורכפירונג פון דער פערוואַלטונגס-אָרגאַניזאַציע, איז ווייער צאָל, דורך פעראייניגונג, פערקלענערט געוואָרען. איצט זיינען פאַראַן פאָלגענדע דריי פערוואַלטונגס-בעצירקען:

1. מיליטערפערוואַלטונג קורלאַנד מיט דער הנהגה אין מיטאַווע. דער בעצירק איז כולל דעם גרעסטען טייל פון דער רוסישער קורלענדער גובערניע, חוץ דעם צפון-מורח'דיגען פאַס און דעם מורח'דיגען ווינקעל, וועלכער ציהט זיך ביז ווייט איבער דענעבורג. דער בעצירק טיילט זיך אויף 8 לאַנדקרייזען און אויף דיביידע שטאָטקרייזען מיטאַווע און ליבאַווע.

2. מיליטערפערוואַלטונג ליטא, מיט דער הנהגה אין ווילנא. דער בעצירק בעשטעהט פון דער רוסישער קאָוונער גובערניע, חוץ דעם מורח'דיגען טייל פון נאָוואָ-אַלעקסאַנדראָווסקער אויעזד, פון דער גאַנצער רוסישער סובאַלקער גובערניע און פון די מערבדיגע ווילנער, טראָקער און אַ טייל סווענציאַנער אויעזדען פון דער רוסישער ווילנער גובערניע. דער בעצירק טיילט זיך אויף 32 לאַנדקרייזען און אויף די ביידע שטאָטקרייזען קאָוונא און ווילנא. ווילנא איז די איינציגע גרויסע שטאָט, וואָס דער פערוואַלטונגסגעביט אָבּאָסט בעזיצט.

3. מיליטערפערוואַלטונג ביאַליסטאָק-גראָדנא, מיט דער הנהגה אין ביאַליסטאָק. דער בעצירק בעשטעהט פון דעם דרום'דיגען לידער אויעזד פון דער רוסישער ווילנער גובערניע און פון דעם גרעסערען טייל פון דער רוסישער גראָדנער גובערניע. ער האָט 11 לאַנדקרייזען און די 3 שטאָטקרייזען ביאַליסטאָק, גראָדנא און לידע. (ז. 91).

גענויערע דאַטען וועגען דער גרייס און בעפעלקערונג פון אָבּאָסט, זיינע מיליטערפערוואַלטונגען און זייערע קרייזען גיבען פאָלגענדע טאַבעלען (ז. 431—432):

## טאַבעלע I. די גרייס און די בעפעלקערונג פון פערוואַלטונגס-געביט אָבּאָסט.

| מיליטערפערוואַלטונג | ש ט ח קווק. | איינוואוינער סוף 1916 | איינוואוינער אויף 1 קווק. |
|---|---|---|---|
| קורלאַנד . . . . . . . . | 19139 | 269812 | 14 |
| ליטא . . . . . . . . | 63275 | 1928123 | 31 |
| ביאַליסטאָק-גראָדנא . . . . . | 26394 | 712000 | 28 |
| אָבּאָסט . . . . | 108808 | 2909935 | 27 |

# טאַבעלע II. די גריים און די בעפעלקערונג פון די איינצעלנע מיליטערפערוואַלטונגען.

## א) מיליטערפערוואַלטונג קורלאַנד.

| קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער 31 דעצעמ. 1916 | קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער 31 דעצעמ. 1916 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. ליבאַווע | 22 | 47207 | 6. ווינדראווע | 3136 | 36692 |
| 2. מיטאַווע | 36 | 11053 | 7. גאָלדינגען | 3276 | 33742 |
| 3. רובעלן | 2846 | 11813 | 8. האַזענפאָט | 2506 | 36284 |
| 4. טוקום | 2329 | 14413 | 9. גראָבין | 2179 | 42308 |
| 5. טאַלסען | 3159 | 25800 | 10. בויסק | 1050 | 10500 |

## ב) מיליטערפערוואַלטונג ליטא.

| קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער מיטען 1917 | קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער מיטען 1917 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. רוס. קראָטינגען | 1605 | 46031 | 18. ראַסיעני | 2325 | 72049 |
| 2. סיאַדי | 2015 | 65702 | 19. סאַלדוגישקי | 1210 | 25525 |
| 3. אָקמיאַני | 1830 | 43300 | 20. קאָוונא (שטאָט | | |
| 4. שאַוול | 2945 | 68390 | און לאַנד) | 1635 | 62311 |
| 5. יאָהאַנישקעלע | 2430 | 60552 | 21. וולאַדיסלאַוואוו | 1755 | 61998 |
| 6. בירשי | 1850 | 40235 | 22. קאָשעדאַר | 2030 | 61440 |
| 7. טעלש | 1550 | 44005 | 23. שירווינט | 1960 | 62262 |
| 8. קורשאַני | 1645 | 38646 | 24. מאַליאַט | 1235 | 30159 |
| 9. קופישקי | 1835 | 43943 | 25. פאַרבראָדז | 1745 | 40450 |
| 10. ראַקישקי | 2875 | 77044 | 26. ווילקאַווישקי | 1305 | 64643 |
| 11. חיעזאיצע | 1470 | 36509 | 27. מאַריאַמפאָל | 2960 | 102231 |
| 12. סקודוויל | 2050 | 66346 | 28. אַליטא | 3875 | 98705 |
| 13. קיידאַן | 2280 | 52153 | 29. ווילנא (לאַנד) | 2220 | 63076 |
| 14. פאָנעוועזש | 2130 | 58000 | 30. סובאַלק | 1530 | 63410 |
| 15. ווילקאָמיר | 2370 | 70444 | 31. סייני | 1840 | 39000 |
| 16. אוציאַן | 1550 | 43009 | 32. אַווגוסטאָוו | 1635 | 40694 |
| 17. פאָיורצי | 1505 | 46614 | 33. ווילנא (שטאָט) | 80 | 139247 |

## ג) מיליטערפערוואַלטונג ביאַליסטאָק-גראָדנאָ.

| קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער 1 האַלבּיאָר 1916 | קרייז | שטח קווק. | איינוואוינער 1 האַלבּיאָר 1916 |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. ביאַליסטאָק (שטאָט) | 10 | 54260 | 8. אָסט (ווויעוואָדשאַפט) | 2862 | 60479 |
| 2. ביאַליסטאָק (לאַנד) | 2650 | 86192 | 9. גראָדנא (שטאָט) | 44 | 24460 |
| 3. ביעלסק | 3466 | 86081 | 10. גראָדנאָ (לאַנד) | 2204 | 46383 |
| 4. סאָקאָלקא | 2341 | 78747 | 11. ראַדון | 2102 | 51438 |
| 5. וואָלקאָוויסק | 1644 | 42767 | 12. פּלאַנטי | 2910 | 68400 |
| 6. אַלעקסינ | 1401 | 30653 | 13. וואַסילישקי | 1650 | 36910 |
| 7. סוויסלאָטש | 3160 | 36753 | 14. לידא | 140 | 10200 |

קיין סטאַטיסטיק פון די איינוואוינער לויט די נאַציאָנאַליטעטען, אין דער צייט פון אָקופּאַציע, זיינען ליידער אין בוך ניט געבראַכט.

די גרעסטע מיליטערפערוואַלטונג לויט דעם שטח און דער צאָל בּעפעלקערונג איז, אַלזאָ, ליטא, די צווייטע איז – ביאַליסטאָק-גראָדנא און די דריטע - קורלאַנד. ריגא, וואָס איז גענומען געוואָרען דעם 3 סעפּטעמבּער 1917, איז נאָך בּנוגע צו דער פערוואַלטונג ניט צוגעגלידערט צום לאַנד אָבּער אָסט, נור זי געהערט נאָך דערווייל צום אָפּעראַציאָנסגעביט. (ז. VII)

יעדע פון די דריי מיליטערפערוואַלטונגען האָט איר שעף, וואָס האָט אונטער זיך אַ רייהע דירעקטע אָבּטיילונגען:

1. צענטראַלאָבּטיילונג. זי האָט צו טאָן מיט דער אַלגעמיינער לאַנדפערוואַלטונג, מיט די ענינים פון פּאָליציי, יוסטיץ, קירכען און שולען, מעדיצינישע און וועטערינערע ענינים, שטייערן, אָבּצאָלונגען, מאָנאָפּאָלען וכדומה.

2.ווירטשאַפטס-אָבּטיילונג. אין איר רשות געפינען זיך אַלע ווירטשאַפטליכע ענינים. זי פירט די ווירטשאַפט אין פערלאָזענע מלוכהשע גיטער, ווי אויך אין די סך גרויסע פּריצישע גיטער, וואָס זיינען פערבליבען אָהן בעלי-בתים. זי האָט צו זאָרגען וועגען באָדען און וועגען דעם, אַז די פּראָדוקטען זאָלען ווי געהעריג פונאַנדערגעטיילט ווערען פאַר דער אַרמיע און פאַר די איינוואוינער.

3. אַ וואַלד-אָבּטיילונג. זי פירט אָן מיט דער גאַנצער בעאַרבייטונג פון די מלוכהשע און קירכליכע וועלדער, ווי אויך פון די וועלדער, וואָס זייערע אייגענטימער זיינען ניטא. די וואַלד-אָבּטיילונג בּעזאָרגט די אַרמיע, די אינדוסטריע און די שטעט פון בּעזעצטען געביט מיט דעם נויטיגען האָלץ.

4. האַנדעלס-און רויסטאָף-אָבּטיילונג. זי האָט די השגחה איבּער האַנדעל, אינדוסטריע און מלאכה. זי קויפט אויף און נוצט אויס די רויע שטאָפען, וואָס געפינען זיך אין לאַנד.

די פערוואַלטונגען לעבּען פון אייגענע הכנסות, וואָס נעמען זיך דער עיקר פון אומדירעקטע שטייערן, אָבּצאָלונגען און מאָנאָפּאָלען. חוץ דעם ווערען גענומען דירעקטע שטייערן: שטייער אויף קרקע, אַרענדע-שטייער און שטייער אויף הכנסה פון אַרענדע (מיט-און מיטוואָרטשטייער), קאָפּשטייער, ווייטער - פערשיידענע אָבּצאָלונגען, האַנדעל-און אונטערנעמונג-שטייער. פאַר די בעדערפעניששען פון די קרייזען, שטעט און געמיינדעס ווערען געמאַכט הוספות צו די שטייערן, וואָס די פערוואַלטונג האָט איינגעפירט. (ז. 91 – 93).

ווענען אַלע ענינים פון לעבען אין אָבאָסט ווערען אַרויסגעגעבען פעראָרדענונגען, בעקאַנטמאַכונגען, בעפעלען וכדומה. ביים אַרויסגעבען די דאָזיגע תקנות איז פון אָנהויב אָן געווען און איז פערבליבען ביז איצט דער שוין־דערמאָנטער גרונטפרינציפ: „קודם כל דאַרף מען האָבען אין זינען די אינטערעסען פון דער אַרמיע און פון פאָטערלאַנד; אויף וויפיל די אינטערעסען פון די אַיינוואוינער פון אָקופירטען געביט געפינען זיך ניט אין אַ סתירה מיט די אינטערעסען פון דער אַרמיע און פון פאָטערלאַנד, ווערען אויך די גענומען אין אַכט לויט מעגליכקייט". (ז. 127).

די פעראָרדענונגען ווערען אַרויסגעגעבען אויף פערשיידענע שפּראַכען. אין ווילנא זיינען דאָס רוב בעקאַנטמאַכונגען (אויסגעקלעבטע אויף די גאַסען) לכתחלה ערשינען אויף דייטש, פּויליש און ליטוויש, דערנאָך אויף דייטש, פּויליש, ליטוויש און יודיש און צו־לעצט אויף דייטש, פּויליש, ליטוויש, יודיש און בעלאָרוסיש. די צאָל פעראָרדענונגען, וואָס איז כסדר געוואַקסען, האָט געמאַכט פאַר נויטיג אַרויסצוגעבען בעזונדערע קאָמ־פּילירטע פעראָרדענונגס־בלעטער. אַזוי זיינען ענטשטאַנען איינער נאָך דעם אַנדערען מערשפּראַכיגע פעראָרדענונגס־בלעטער פון די פערוואַלטונגען ליטא (דייטש־ליטוויש), סובאַלק (דייטש־ליטוויש־פּויליש), קורלאַנד (אַ דייטשער און אַ לעטישער), ווילנא—צוזאַמען אַרויסגעגעבען מיט דעם גובערנעמענט ווילנא (דייטש – פּויליש – ליטוויש), ביאַליסטאָק (דייטש־פּויליש) און גראָדנא (דייטש־פּויליש־ליטוויש). פאַר די פעראָרדענונגען פון אָבערבעפעלס־האַבער אָסט איז געווען נויטיג אַרויסצוגעבען אַ בעזונדערען בלאַט. דעם 1 דעצעמבער 1915 איז ערשינען דער ערשטער נומער פון דעם דאָזינען „בעפעלס־און פעראָרדנונגס־בלאַט אָב־אָסט", וואָס ווערט געדרוקט נור אויף דייטש און איז בעשטימט פאַר דעם אויפנעם פון אַלע וויכטיגע בעקאַנטמאַכונגען פון אָבאָסט (ז. 128 און 129).

די שפּראַך פון דער בעפעלקערונג איז אויך גענומען געוואָרען אין אַכט ביי דער אָרגאַניזירונג פון גייסטיגען לעבען פון אָבאָסט, דערהויבט בנוגע צו די שול־ענינים. לויט די ריכטליניעס פון אָבערבעפעלסהאַבער אָסט, גענעראַלפעלדמאַרשאַל פאָן־הינדענבורג, ווענען ענינים פון אונטעררויכט אונטערציהונג פון 22 דעצעמבער 1915 איז בעשטימט געוואָרען, אַז די אונטעררויכטסשפּראַך אין די שולען זאָל זיין די מוטערשפּראַך. ־דאָס הייסט, אַלזאָ, פאַר יודען – יודיש, פאַר פּאָליאַקען – פּויליש, פאַר בעלאָרוסען – בעלאָרוסיש, פאַר ליטווינער – ליטוויש. בנוגע צו יודען איז נאָך פאַראַן אַ בפירושער הוספה־פונקט, אַז דער רעליגיאָנס־אונטעררויכט, וואָס דאַרף אויך געפירט ווערען אין דער מוטער־שפּראַך, זאָל פאַר יודען געפירט ווערען אין זייער רעליגיאָנסשפּראַך, ד. ה. אין העברעאיש.

די אויפגאַבע פון די שולען איז – „ענטוויקלען אַ רעליגיעזען געפיל, צוגעוועהנען די יוגענד צו געהאָרכזאַמקייט בנוגע צו די געזעצען, אַכטונג צו דער דייטשער רעגירונג און צו איר בעוואָפענטער מאַכט, ווי אויך צוגעוועהנען די יוגענד צו ריינקייט און דיסציפּלין, ענטוויקלען ביי איר התמדה, ליבע צו אמת, קלאָרע געדאַנקען און געפיל פון כבוד צו די עלטערען, ווי אויך פרוכטבאַרע זוימען צו אַ זיטליכער אויס־בילדונג פון כאַראַקטער און טיכטיגער אַרבייט" (ז. 376).

אויך בנוגע צום גייסטיגען לעבען אין אָבאָסט איז, אַלזאָ, אויסגעהאַלטען דער גרונטפרינציפ פון דער גאַנצער דייטשער פערוואַלטונגס־אַרבייט, אַז די אַרמעאישע און פאָטערלענדישע אינטערעסען זיינען תמיד אויפ'ן ערשטען פּלאַן און אַז די בעפעלקערונג פון אָקופּירטען געביט דאַרף ניט נור נאָרמירט ווערען אין איר עקזיסטענץ, נור דאַרף אויך ערצויגען ווערען אין דעם זין, – הגם פון דער אַנדער זייט ווערט אויך דער בעפעלקערונג געגעבען אַזוינע וויכטיגע רעכט, ווי דער אונטעררויכט אויף דער מוטער־שפּראַך און אָפּטמאָל אויך בכלל די אָנערקענונג פון די שפּראַכען פון די פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען פון געביט.

ז. רייזען.

# דער יודישער טעאַטער אין ווילנא.

אין סוף פון דעם ערשטען יאר מלחמה איז דער יודישער טעאטער אינגאנצען פערוועררט געוואָרען און ס'האט נאטירליך גיט געקאנט זיין קיין שום רייד וועגען וועלכע עם איז פרובען צו טאָן עפעס פאר דער שאפונג פון א קינסטלערישער יודישער בינע.

אז ווילנא איז אקופירט געווארען פון די דייטשען, איז צווישען א קלייגעם קרייז ליבהאבער פון דער יודישער דראמע אויפגעקומען דער געדאנק צו גרינדען אין ווילנא א שטענדיגען יודישען טעאטער, וואס זאל שטרעבען אויפצוהייבען די יודישע סצענישע קונסט אויף א געוויסער הייך.

איינינע מיטגלידער פון דעם דאזיגען קרייזעל, ה' ל. שוסטער — א געוועזענער טעטיגער מיטגליד און א רעזשיסער אין דער קאָוונער דראמאטישער געזעלשאפט, ה' שערמאן — א מיטגליד פון א יודישער דראמאטישער געזעלשאפט אין ליבאווע, און ה' ארליוק האבען אין די ערשטע טעג פון דער אקופאציע צונויפגערופען א קליינע פערזאמלונג פון פריינד פון דער יודישער בינע און פון ליטעראטען, וואו ס'זיינען בעהאנדעלט געווארען די פראגען, וואס האבען געהאט א שייכות צו דער עפענונג פון א יודישען טעאטער אין ווילנא.

די פראגע וועגען בעקומען די נויטיגע ערלויבעניש פון דער מאכט, איז בעשווערט געווארען צוליב דעם, וואס וועגען ערלויבען עפענען א יודישען טעאטער אין ווילנא האבען זיך משתדל געווען אויך אנדערע, וועלכע זיינען אויסען געווען אויפצולעבען אויף דער ווילנער יודישער בינע דעם גייסט פון „כינקע — פינקע“, „פינטעלע יוד“ וכדומה. אבער אדאנק איינינע מיטגלידער פון יודישען הילפס-קאמיטעט, דערהויפט ד"ר ווינאדסקי און ד"ר אלשוואנגער, וועלכע האבען פערשטאנען די וויכטיגקייט פון א ריינעם יודישען טעאטער, איז די השתדלות פון ה' ארליוק און ל. שוסטער אונטערגעהאלטען געווארען ביי דער מאכט; און הגם זי איז לכתחילה אבגעזאגט געווארען מיט דעם מאטיוו, אז ס'דארף נאך אויפגעקלערט ווערען, ווי ווייט אזא אינסטיטוט איז נויטיג און געוואונשען ביי די פערהעלטעניסען פון דעם געגעבענעם מאמענט, האט זיך סוף-כל-סוף איינגעגעבען צו בעקומען די ערלויבעניש אויף א יודישען טעאטער אין ווילנא.

ס'האט זיך אנגעהויבען די ארבייט צונויפצושטעלען און ארגאניזירען די נויטיגע דראמאטישע קרעפטען. קיין פראפעסיאנעלע יודישע טרופע איז אין ווילנא ניט פערבליבען. איין מ. קאוואלסקי איז געווען א פראפעסיאנעלער אקטער פון דער יודישער בינע. די איבעריגע, וואס זיינען געקומען אין פראגע, זיינען געווען אדער ליבהאבער פון דער יודישער דראמאטישער קונסט, וועלכע פלעגען פריהער פון צייט צו צייט אויפטרעטען אין יודישע אמאטארען-ספעקטאקלען, ווי למשל, פר. ריווקין, פר. עלמית, ה' קאדיסאן (ל. שוסטער), ה' שניאור, פר. בלומענטאל, אדער אקטערען פון דער רוסישער בינע, ווי למשל, די פרויען לארעם און וואלטער; אויך ה' אזרא (א. ארליוק) איז אויף דער יודישער בינע נאך געווען א נייער פארשוין; א שילער פון א מאלער-שול

אין קיעוו, האט ער א געוויסע צייט געהאט א שטיקעל שייכות צום בעקאנטען קיעווער סאלאוויצאוו-טעאטער.

די ניי-ארגאניזירטע טרופע האט זיך א נאמען געגעבען „פעראיין פון אידישע דראמאטישע ארטיסטען אין ווילנא אונטער דער לייטונג פון ס. קאוואלסקי" (פאד"א). שפעטער זיינען צו דער טרופע צוגעקומען ה׳ שטיין, אן ארטיסט פון דער רוסישער בינע, וועלכער האט נאך ביז דאן אין קיין יודישע סצענישע אויפפירונגען קיין אנטייל ניט גענומען, און פר. מאַריאַן, וועלכע האט געענדיגט די רוסישע דראמאטישע קורסען אין פעטערבורג און האט פאר ווילנא א געוויסע צייט געשפילט אין ביאליסטאק מיט יודישע ליבהאבער.

די טרופע האט זיך ארגאניזירט אויף קאאפעראטיווע יסודות, יעדער אנטיילנעמער פון דער טרופע האט בעקומען א געוויסע צאל מארקעס, אין פאל אז די אויפפירונג פלעגט געבען ריינע הכנסה. די דעפיציטען פלעגען געדעקט ווערען מיט דעם ריוח פון די קומענדיגע פארשטעלונגען.

די אנפירונג פון דעם טעאטער איז געלעגען אין די הענט פון א אזוינערופע-נעם „לייטענדען ארגאן". זיין צוזאַמענשטעל האט זיך אפט געביטען. די ערשטע צייט זיינען אין אים אריין קאוואלסקי, קאדיסאן (הויפט-רעזשיסער), אַזראַ און דער געשעפטס-פירער פון דער טרופע ה׳ מוזאה. דער „לייטענדער ארגאן" פלעגט אויסגעקליבען ווערען פון אן אלגעמיינער פערזאמלונג פון אלע מיטגלידער פון דער טרופע.

די ערשטע פארשטעלונג האט דער פעראיין פון די ווילנער יודישע דראמאטישע ארטיסטען געגעבען פרייטאג דעם 18-טען פעברואר 1916 אין בנין פון צירק-טעאטער אויף לוקישקעס. דעבוטירט האט ער מיט שלום אש׳ס קאמעדיע „דער לאנדסמאן". דער ספעקטאקל איז געווען א מין עקזאמען פאר דער ניי-צונויפגעשטעלטער טרופע, וואס, ווי געזאגט, איז א טייל פון איר בכלל ביז אהער געווען ווייט פון דער יודישער בינע און די איבעריגע פלעגען פריהער אויפטרעטען נור אלס ליבהאבער אין די לייכטערע שטיק פון יודישען טעאטער-רעפערטואר. און שוין פון דער ערשטער פארשטעלונג אן האט זיך געלאזט פיהלען אן ערנסטע שטרעבונג פון די ארטיסטען און דער רעזשי צו שאפען א נייעם, א ריינעם יודישען טעאטער, וואס זאל קאנען בעפרידיגען די העכערע תביעות און דעם פיינערען חוש. דער עולם האט עס דערשפירט און האט ווארים בעגעגענט דעם דעבויט פון דעם „פעראיין". אויך די ווילנער פרעסע—די יודישע („לעצטע נייס") און די דייטשע („ווילנאַער צייטונג")—האט זיך אויף דער ערשטער פארשטעלונג פון דער טרופע אבגערופען מיט אנערקענונג און איז פון דעמאלט אן געווארען א וויכטיגע אונטערשטיצונג פאר דעם יונגען טעאטער.

אלס צווייטע פארשטעלונג איז געגעבען געווארען פרץ הירשביין׳ס נאך ניט גע-דרוקטע פאלקסשטיק „דער פערוואָרפענער ווינקעל". דערנאך זיינען אין משך פון ווינטער-סעזאן אויפגעפירט געווארען: ה. ד. נאמבערגס פיראקטיגע דראמע „די משפחה", שלום אש׳ס „נאט פון נקמה", דוד פינסקיס „יענקעל דער שמיד", מארק ארנשטיינס „דער ווילנער בעל-הביתיל", דוד פינסקיס „די מוטער", ס. ריוועסמאנס ניט געדרוקטע דרייאקטיגע קאמעדיע „די גליקען".

די טרופּע האט אויך איינגעאָרדענט א פּורים=אָווענט, וואו ס'זיינען אויפגעפירט געוואָרען איינינע איינאַקטיגע קאָמעדיעס און פאַרסען, אָריגינעלע און איבערזעצטע (דער טעות", "די שמעטערלינגען"; "די ערשטע פּאַציענטען" — פון ס. ריוועסמאַן).

דעם ערשטען סעזאָן אירען האט די טרופּע געשפּילט אין צירק=טעאַטער אויף לוקישקעס, אפריהער פרייטאג און שבת; אז די אָווענטען זיינען געוואָרען קירצער און פרייטאג איז שוין אונמעגליך געווען צונויפצוקלייבען אן עולם, האט מען די פרייטאגדיגע פאָרשטעלונגען אריבערגעטראָגען אויף זונטאג, אבער אויך די זונטאג-פאָרשטעלונגען האבען ניט געקאָנט אויסקויפען די הוצאות און טרחה פון די אויפפירונגען און סוף ווינטער, ווי אויך א גאַנצען זומער האט די טרופּע געשפּילט נור איינמאל א וואָך, שבת=צונאַכטס; אויסער א פּאָר ספּעקטאַקלען, פּערקויפטע צו צדקה-חברות, וואס זיינען געגאַנגען אין מיטענוואָך, און אויסער א פּאָר וואָכען סוף זומער, ווען די טרופּע האט אינגאַנצען ניט געשפּילט.

א גרויסע מניעה פאר דער נאָרמאלער ענטוויקלונג פון דער נייער יודישער בינע אין ווילנא איז געוועזען די אָרימקייט פון דעם יודישען טעאַטער-רעפּערטואַר. אפילו פאר איין מאל אין וואָך שפּילען האבען ניט געקלעקט קיין גוטע פּיעסען. אגב אויך דעריבער, ווייל ביי די ווילנער בעדינגונגען האט מען אָפט געדאַרפט בייטען די פּיעסען. דאס טעאַטער-פּובליקום איז סוף-כל=סוף געווען א דיפערענצירטע און געקליבענע. די ברייטע שיכטען האבען ניט געהאט די מעגליכקייט צו בעזוכען די פאָרשטעלונגען און מער ווי געציילטע מאל איבערחזרן א פּיעסע האט זיך ניט געלאָזען.

דאס האט די טרופּע אין א געוויסער מאס אָוועקגעשטעלט אין א שווערער לאַגע. דער מאַנגעל אין פּיעסען, דאס שטענדיגע צוגרייטען נייע שטיק איז געווען א עיכּוב פאר דער אַרבייט, האט געראַובט דעם מוט. דערצו נאך איז צוגעקומען די גאַנץ שווערע מאַטעריעלע לאַגע פון דעם טעאַטער.

און שוין נאך פּסח איז אין דער טרופּע געקומען צו א קריזיס; נייע אויפפירונגען פון בעדייטענדערע ווערק האבען כמעט אויפגעהערט; ס'פלעגען געגעבען ווערען נור קלענערע זאכען, ווי שלום אש'ס "מיטן שטראָם", פּינסקים "גליקספערגעסעניש", סירקאָם "דער גנבי", א פּאָר פאָרשטעלונגען פאר קינדער (שלום=עליכם'ס "גימנאַזיע", פּרץ'עס "די מלחמה מיט'ן ווינט" — אין א אינסצענירונג), אייזעם א מאָנטעסוויטשעס שטיק "די רייכע ירושה" (מיט געזאַנג!), אַרנשטיינס "דאס איבּיגע לידי".

די ווילנער טרופּע האט פערלאָרען איר ליניע אין דער ריכטונג צו א מאָדערנעם יודישען טעאַטער און זוכענדיג א מאַטעריעלע רעטונג פאר זיך, האט זי זיך אָנגעכאַפּט אן דעם אלטען אויסגעפּרובטען זייל פון דער יודישער בינע — אן יעקב גאָרדינען.

אָנגעהויבען האט זיך עס דעם 26 מאי 1916 מיט דער דראַמע "גאָט, מענש און טייוועל". אבער די קורצע עקזיסטענץ פון דער ווילנער טרופּע האט בעשיינפערליך בעוויזען, אז דער יודישער טעאַטער איז שוין אריבערגעוואַקסען גאָרדינען מיט זיין גאַנצען אַקסעסואַר דראַמאַטישע מיטלען, אז דער יודישער טעאַטער-בעזוכער מיט'ן פיינערן געשמאַק קאָן זיך שוין ניט צופרידענשטעלען מיט די דאָזיגע פּיעסען, און אפילו די קאַסע האט קיין גרויסע גליקען ניט געהאט פון גאָרדינס שטיק. פונדעסטוועגען

האט די ווילנער טרופּע אין דער שטילער צייט פון זומער־סעזאן געשפּילט נאר נאך איין שבת נאכ'ן אנדערן. נאך „גאט, מענש און טייוועל" איז געקומען „די קרייצער־סאנאטע" און „חאסיע די יתומה". אין די דאזיגע צוויי פּיעסען זיינען אויפגעטרעטען צום ערשטען מאל אין דער טרופּע ה' המכבי (שערמאן) און פר. יהודית (פר. שערמאן), וועלכע זיינען אבער באלד געצוואונגען געווען צו פערלאזען די טרופּע צוליב פּערזענליכע רייבונגען*)

אין משך פון זומער, וועלכער האט זיך בכלל געליגט ווי א משא אויף דעם לעבען פון דער טרופּע, זיינען נאך אויפגעפירט געווארען גארדינס „די שבועה" און אזוינע איינאקטער, ווי „טעאדאלינדע" פון י. ב. שווייצער, „דער דאמענשניידער" פון ג. ל., „דער חולה־מסוכן" פון ז. וועגדראף.

די סיבה, פאר וואס די ווילנער טרופּע, וועלכע האט זיך לכתחילה געשטעלט דאס ציל אויפצופירען נור פּיעסען מיט א נייעם פרישען גייסט, איז אבגעטראטען פון איר וועג, איז קודם כל געלעגען אין דעם, וואס די שווערע מאטעריעלע לאגע פון דער טרופּע האט אין א געוויסער מאס פאראליזירט איר ווילען צו ארבייטען נור לשם קונסט. און אזעלכע אויפפירונגען ווי די, וואס זיינען געגאנגען אין צירק־טעאטער אין זומער פון יאר 1916, האבען פון דער ווילנער טרופּע ניט געפאדערט קיין גרויסע אנשטרענגונגען.

אלס איבערבייט צו גארדינס פּיעסען, וואס זייער סכנה פאר דער דערהייבונג פון דער יודישער סצענישער קונסט האבען די ווילנער ארטיסטען ניט געקאנט ניט שפּירען, זיינען געגאנגען אסיפ דימאוום צייט־שטיק „דער אייביגער וואנדערער" און „שמע ישראל", וועלכע זיינען לויט זייער גאנצען כאראקטער אויך ניט עלול צו זיין א ווייטערער עטאפּ אין דער ענטוויקלונג פון דער יודישער בינע.

אגב האט די טרופּע די בעסערע, נאך ניט געשפּילטע שטיק פון דעם קארגען יודישען טעאטער־רעפּערטואר געלאזען אויפ'ן נייעם סעזאן.

דער דאזיגער נייער סעזאן האט זיך געעפענט מיט לעאן קאבריהם אין איי־ראפּע ביז דעמאלט קיינמאל ניט געשפּילטע פּישער־דראמע „דער דארפס־יונג" (איבער־געמאכט פון אווטאר פאר דער סצענע פון זיין אלטער ערציילונג „יענקעל בוילע", 1898).

די נייע אויפפירונג איז פאר די ווילנער ארטיסטען געווען א גרויסער ערפאלג און א טריט ווייטער אויפ'ן וועג פון זייער ענטוויקלונג. דאס קערניגע, לעבענספולע פאלקסשטיק פון דעם פּאפּולערסטען אמעריקאנער דראמאטורג נאך גארדינען, וואס איז געהאלטען אין א נאטירליך רעאליסטישען טאן, איז געווען א געשעהעניש אין דעם לעבען פון דער ווילנער טרופּע.

זי האט געגעבען דאס רוב ארטיסטען די מעגליכקייט ארויסצואווייזען זייער קונסטלערישען טעמפּעראמענט אין דער פולער מאס, עלמית אלס נאטאשע, שניאור אלס וואלף־בער, נאכבוש אלס האציע, אזרא אלס פּראָקאָפּ האבען אין זייערע ראלען

*) זיי האבען געפּרובט דאן ארגאניזירען א בעזונדערע טרופּע אונטער דער ליטונג פון ה' אלכאווסקי, וועלכע האט אויפגעפירט „אוריאל אקאסטא" אויף העבריאיש און יודיש, „קרייצער סאנאטע", ארנשטיינס „מיין ווייבס משוגעת",—אבער קיין ערפאלג האבען די ארויסטרעטונגען פון דער נייער טרופּע ניט געהאט און זי איז זיך באלד צופאלען.

נענעבען אמת'ע סיסטעמאטיק פון כאראקטער-שילדערונג. זיי האבען בעקומען נאר פרישען מוט און נייע כוחות, און מ'קאן זאגען, אז פון דאן אן איז זייער וואקסען געווארען קאנטינער, בולט'ער, צוזאנענדיגער.

מיט דעם נייעם סעזאן האט א נייער פרישער גייסט בעהערשט די טעטיגקייט פון דער ווילנער טרופע. די ווילנער ארטיסטען האבען בעגריפען, אז מיט דעם יודישען טעאטער-רעפערטואר אליין וועלען זיי ניט אויסקומען, אז דער וועג צו דעם מאדערנעם יודישען טעאטער ליגט אויך איבער די פיעסען פון אלגעמיין-אייראפעאישען רעפערטואר, און ענדליך האבען זיי געוואגט צו פרובען זייערע כוחות אין א אייראפעאישען שטיק, אין דער שיינער לייכטער קאמעדיע פון לודוויג פולדא „שול-חברים" (אין ארגינאל „יוגענדפריינדע"). די אויפפירונג פון די „שול-חברים" האט געוויזען, אז דער אייראפעאישער רעפערטואר קאן-שפילען זעהר א וויכטיגע ראלע פאר דער ענטוויקלונג פון דעם יודישען טעאטער.

צום צווייטען מאל איז פולדא'ס קאמעדיע שוין געגאנגען אין ווילנער שטאט-טעאטער, וואו די טרופע האט אנגעהויבען צו שפילען דעם 10 נאוועמבער 1916. דאס האט אויך בעטייט א געוויסען מאראלישען ערפאלג פאר איר. דאס איז געווען א נצחון פאר אונזער אנזעהן, פאר אונזער פאזיציע אין דער הויפטשטאט פון קאנט. עפעס האט אונזער קונסט דורכדעם בעקומען א ליוטישען פנים, א פעסטערע שטעלונג.

אין א וואך ארום נאכ'ן אריינציהען אין בנין פון שטאט-טעאטער איז נאך לאנגע הכנות ענדליך געשטעלט געווארען פרץ הירשביינס פיראקטינע שטיק „די פוסטע קרעטשמע". די אויפפירונג פון „דער פוסטער קרעטשמע" איז געווען אן אמתע מאניפעסטאציע פאר דער רייפקייט פון די קרעפטען פון דער טרופע פאר העכערע קינסטלערישע און שוישפילערישע אויפגאבען. און אין דעם קבלת-פנים, וואס הירשביינס דראמאטישע ווערק האט געפונען ביים יודישען טעאטער-בעזוכער, איז געלעגען א גוטער צייכען, אז ער איז שוין דערוואקסען צו דער שטופע, אויף וועלכער דער ווילנער פעראיין האט נאך א יאר ארבייט אוועקגעשטעלט די יודישע בינע.

נאך „דער פוסטער קרעטשמע" האט זיך שוין ווידער געלאזט פילען דער מאנגעל אין גוטע ארגינעל-יודישע סצענישע ווערק. און די טרופע האט ווידער געמאכט א שריט ווייטער צו בערייכערען דעם טעאטער מיט דער אויפפירונג פון איבערזעצטע ווערק. ליידער אבער איז די אויסוואל פון די פיעסען נעווען ניט בעפרידעוודיג און סיי די דראמע פון טשיריקאוו „די יודען", סיי די קאמעדיע „דאלי" פון דענישען דראמאטורג קריסטיערנסאן האט נארנישט צוגעגעבען דער ווילנער טרופע. דאן איז נאך איינינע קליינינקייטען אויפגעפירט געווארען נארדינס „אומבאקאנטער" און העגרי נאטאנסענס „הינטער מויערן", א בעזונדערס גרויסען ערפאלג איז איינגעפאלען אויף שמעון יושקעוויטשעס „מיזערע". ניט קוקענדיג אויף די גרויסע קינסטלערישע דעפעקטען פון דער דאזיגער דראמע, איז זי געווען א געשעהעניש אויף דער יודישער בינע. דער רעצענזענט פון דער דייטשער „ווילנאער צייטונג" האט די אויפפירונג אפילו פערגליכען מיט די אויפפירונגען פון סטאניסלאווסקים מאסקווער קינסטלערישען טעאטער. די רעזשי פון די ה"ה אזרא און קאדיסאן איז געשטאנען אויף דער נויטיגער הייך און די גאנצע אויפפירונג האט איבערגעלאזט אויפ'ן עולם א שטארקען רושם.

די דאזיגע אנערקענונג פון דעם עולם איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם יובילײ-אווענט (דעם 24-סטען פעברואר 1917) פון דער ווילנער יודישער טרופּע צו דעם ערשטען יארטאג פון איר עקזיסטענץ. די פּראגראם פון דעם יובילײ-אווענט האט געזאלט רעפּרעזענטירען אי דאס יודישע פון אונזער טעאטער אי דאס אייראפּעאישע, און ס'זיינען אויפגעפירט געווארען פּרצ'עס „דער משוגענער בטלן", שלום-עליכם'ס „די מענשען" און א סצענע פון שניצלערס „אנאטאל" („א פרימארגען נאך אנאטאלס חתונה"), וואס איז געווען די גלאנץ-לייסטונג פון אווענט און האט מאניפעסטירט דעם אייראפּעאישען טאן, וואס די פעראייניגונג האט ארויפגעבראכט אויף די ברעטער פון יודישען טעאטער.

א גאנצע רייהע ווילנער קולטורעלע אינסטיטוציעס, ווי די חברה „מפיצי השכלה", די רעדאקציע פון די „לעצטע נייעס", דער קאמיטעט פון דער חברה „קינדער-פערזארגונג", „דער יודישער ארבייטער-קאנסומפעראיין", „די יודישע קולטור-סעקציע ביי די ווילנער פּראפעסיאנעלע פעראיינען" האבען און װארימע אדרעסען, איבערגעלייענטע אין דער יום-טובדינער אטמאספערע פון דעם יובילײ-אווענט, געצאלט זייער אנער-קענונג און דעם יישר-כח פאר דער שיינער און פרוכטבארער ארבייט, וואס די פעראייניגונג האט אבגעטאן צו הויבען און פערפיינערען די יודישע סצענישע קונסט.

דערווייל האט זיך דער ווינטער-סעזאן—די בעסטע צייט פארן טעאטער—גענעהענט צום סוף. די טרופּע האט נאך בעוויזען אויפצופירען שלום אש'ס לעצטע פּיעסע „די יורשים", וואס איז אויך געווען א שיינער אויפטו פאר דער יודישער בינע.

אבער די פּראווינץ, וואס דער שם פון דעם נייעם יודישען טעאטער האט שוין לאנג אהינצו געגרייכט, האט ניט געלאזט רוהען די טרופּע. מאטעריעל נאך ערגער ווי שלעכט בעזארגט, האט די טרופּע געמוזט ווארפען איר אינווייניגסטע ארבייט (זי האט דעמאלט געהאלטען אין שטודירען פּרצ'עס „גאלדענע קייט" צום צווייטען יארצייט פון אונזער גרויסען דיכטער) און איז אוועקגעפארען אויף איינגע גאסטראלען אין קאוונע. פאר דער פּראווינץ, וואס האט זיך אויסגעהונגערט נאך א יודיש ווארט, זיינען די פארשטעלונגען פון דער ווילנער טרופּע געווען א גרויסע איבערראשונג. דער שם פון דער טרופּע איז איר געגאנגען פאראויס, דער מאראלישער ערפאלג איז געווען פּונקט אזוי גרויס, ווי דער מאטעריעלער. די טרופּע, וואס איז געצוואונגען געווען צו בענוגענען זיך אין ווילנא מיט זעהר א קארגער הכנסה, האט אנגעהויבען צו טראכטען וועגען א טורנע איבער דער יודישער פּראווינץ פון אקופּירטען געביט.

זי האט נאך בעוויזען אויפצופירען צוויי איבערזעצטע פּיעסען פון אייראפּעאישען רעפּערטואר „אייפערזוכט" פון ארציבאשעוו און „א געשלעג פון שמעטערלינגען" פון הערמאן זודערמאן.

דאס זיינען געווען די געזעגען-ספּעקטאקלען פון דער ווילנער טרופּע. אין מאי איז די טרופּע אוועקגעפארען אויף גאסטראלען איבער דער פּראווינץ, האט געגעבען א רייהע פארשטעלונגען אין סובאלק, גראדנא און ביאליסטאק און האט אומעטום גע-מאכט א פוראר. דערהויפּט איז געווען גרויס דער רושם פון דער טרופּע אין דעם גרעסטען—נאך ווילנא—ליטוויש-יודישען צענטער, אין ביאליסטאק. אין דער דאזיגער שטאט האט די טרופּע געפונען א קליינע קאלאניע פון יודיש-דייטשער, נאציאנאל-געשטימטער אינטעליגענץ. פאר די מערב-יודען איז די טרופּע געווען א מין גייסטיגע אנטפּלעקונג.

זיי האבען אין די אויפפירונגען אירע דערשפּירט א שטיק לעבעדיגע יודישע קולטור, ווי זי איז מעגליך נור ביי דעם נאציאנאל קרעפטיגען קיבוץ פון די מזרח־יודען. זייער בעגייסטערונג פאר די לייסטונגען פון די ווילנער דראמאטישע ארטיסטען האט ניט געוואוסט קיין גרעניצען. אויסער בעגייסטערטע רעצענזיעס אין דער פרעסע האבען זיי אנגעהויבען צו טראכטען וועגען ווייזען דער וועלט, וואס די יונגע יודישע קונסט איז בכח צו שאפען.

די מאראלישע שטיצע פון דער יודיש־דייטשער אינטעליגענץ איז געווען פאר דער פעראייניגונג א קוואל פון נייעם מוט און פון נייע האפענונגען. זיי האבען זיך שוין ניט געקאנט בענוגענען מיט דעם ערפאלג, וואס זיי איז אויסגעפאלען אויף דער פראווינץ. פאר זייער גייסטיגען בליק האבען אנגעהויבען צו שוועבען די מעגליכקייטען און פערספעקטיווען, וואס וואלטען זיך פאר זיי געעפענט אין דעם גרעסטען צענטער פון יודישען קולטור־לעבען — אין ווארשא.

און ענדליך זיינען די האפענונגען פון דער טרופע מקוים געווארען. סוכות האט די ווילנער טרופע אנגעהויבען צו שפּילען אין דעם ווארשעווער יודישען עליזעאום־טעאטער. די ווארשעווער יודישע פרעסע מיט נאמבערגען בראש האט זי בעגעגענט מיט איינמוטיגער התלהבות. ווארשא, די שטאט פון עטליכע שטענדיגע יודישע טעאטערס, האט זיך געמוזט בייגען פאר דעם נייעם גייסט און נייעם טאן, וואס די ווילנער געוועזענע ליבהאבער האבען מיטגעבראכט.

די טרופע שפּילט איצט אין ווארשא; צום גאנצען אַנסאַמבל פעלען די בעגאבטע ארטיסטינס ריווקין און מאריאן און דער אקטער שטיין, וואס זיינען צוליב פערזענליכע טעמים געצוואונגען געווען צו פערלאזען דעם טעאטער.

אין דעם רוּיש פון דער התפּעלות האט איצט ניט די טרופע די מעגליכקייט ווייטער צו גיין אויף דעם וועג, אויף וועלכען זי איז אבגעגאנגען שוין א היבשען שטיק. מ׳שמועסט, אז פעראינטערעסירטע ליבהאבער פון דער יודישער קונסט האבען בּרעה צו דעמאנסטרירען די יונגע יודישע בינע פאר אייראפּא; מ׳טראכט וועגען גאסטראָלען פון די ווילנער ארטיסטען אין בערלין און אפשר אין ריינהארדט־טעאטער.

ס׳איז נאך צו פריה אונטערצופירען א סך־הכל וועגען דעם, וואס די טרופע, וועלכע האט הינטער זיך א פערגאנגענהייט פון קנאפּע צוויי יאר, האט אויפגעטאן פאר דעם יודישען טעאטער. זי האלט נאך אין רעכטען מיטען פון איר ארבייט, פון איר אויס־קריסטאליזירען זיך, פון דער אנטפּלעקונג פון אלע אירע מעגליכקייטען און קרעפטען. אמת, די לעצטע צייט איז איר טעטיגקייט געבליבען שטעהן אויף איין פונקט, די שטענדיגע גאסטראלען שטערען איר ווייטערדיגער ארבייט, ס׳ווערען ניט אויפגעפירט קיין נייע שטיק און ס׳ווערען ניט צוגעצויגען קיין נייע כוחות, נאכמער, אין דער טרופע האט זיך זאגאר געמערקט א געוויסע טענדענץ צו ווערען אן אבגעשלאסענער קרייז, וואס ארטיסטען פון דער זייט זאלען אים ניט קענען אריבערטרעטען. צוליב דעם האט די טרופע אבגעשטויסען אין משך פון איר קורצער טעטיגקייט געוויסע כחות, וואס וואלטען געקאנט זיין פון גרויס נוצען פאר דעם מאדערנעם יודישען טעאטער. און דאך האט שוין די ווילנער טרופע זיך דערווארבען זעהר גרויסע פערדינסטען פאר דער יודישער בינע.

האט פערנומען אן ארט אין סאמע אויבנאן צווישען די אלע פאקטארען, וואס האבען געשאפען און שאפען די יודישע סצענישע קונסט. די בעדייטונג פון דער ווילנער יודישער טרופע, וועלכע האט מיט זיך, אגב, בכלל געשאפען דעם ערשטען שטענדיגען יודישען טעאטער אין ווילנא, בעשטייט קודם־כל אין דעם, וואס זי האט, ניט קוקענדיג אויף מאנכע אבוויכונגען, דאך אנטשלאסען איבערגעריסען מיט די אלטע אבגעלעבטע פארמען פון יודישען טעאטער, מיט דעם צוגעלעגערטען יודישען טעאטער־רעפערטואר, מיט די מעטאדען פון דער רעזשי, פון דער ראלען־אויספירונג, פון דעם גאנצען טאן, וואס האט געהערשט און הערשט נאך עד־היום אין די יודישע טעאטערם.

און ניט נור אין די יודישע קרייזען האט די ווילנער טרופע געפונען אנערקענונג. אויך פאר דער פרעמדער וועלט, וועלכע איז געקומען שטודירען אונז ווי עפעס א ביוז וואונדער, איז דער ווילנער יודישער טעאטער געווען א אנגענעמע איבערראשונג, א עפענטליכער בעווייז פון אונזער קולטורעלער צייטיגקייט און פון אונזער נאציאנאלער אייגענארטיגקייט און זעלבסטשטענדיגקייט. מ׳קאן דרייסט זאגען, אז די ווילנער יודישע בינע האט שטארק געהויבען אונזער פרעסטיזש אין די אויגען פון די פרעמדע.

און די דאזיגע פרעמדע האבען געשאנקען גרויס אויפמערקזאמקייט דער יונגער יודישער בינע אין ווילנא. ניט נור דער בעזוך פון די דייטשען איז געווען זעהר שטארק אין יודישען טעאטער, נור אויך די דייטשע פרעסע האט זעהר ווארים רעאגירט אויף דער טעטיגקייט פון פעראיין פון די ווילנער דראמאטישע ארטיסטען.

חוץ דער „ווילנאער צייטונג״, האבען אויך אנדערע דייטשע צייטונגען פון אקופירטען געביט און אפילו די דייטשע אלגעמיינע פרעסע געווידמעט דער טרופע א סך שורות פון אנערקענונג. אזוי, למשל, האט דער בעוואוסטער דייטשער שריפטשטעלער הערבערט איילענבורג פערעפענטליכט אין דער „פאסישער צייטונג״ א גרעסערען ארטיקעל וועגען דעם יודישען טעאטער, וואו ער זאגט אגב, אז „די פעראייניגונג פון די יודישע דראמאטישע ארטיסטען אין ווילנא אונטער דער לייטונג פון מ. קאוואלסקי האבען ארייגגעזעצט א בלייבענדיגע מצבה אין דעם זכרון פון אלע דייטשען, וואס האבען דארט פערבראכט אדער דורכגעפארען״. די זעלבע צייטונג האט אין אירע אילוסטרירטע „צייט־בילדער״ פון 7 אקטאבער 1917 געגעבען א רייהע רעפראדוקציעס פון די ווילנער ארטיסטען אין זייערע בעסטע ראלען, בעגלייט מיט א גרעסערען ארטיקעל פון האנס גאָסלאַר, וועלכער זעהט אין דער טרופע דעם אידעאלען בילד פון סטאניסלאווסקים מאסקווער טעאטער. און לאזט אויס זיין כאראקטעריסטיק פון די בעסערע אַרטיסטען, אז דאס „זיינען אזעלכע שטארקע טאלאנטען, וועלכע קאנען אוועקגעשטעלט ווערען נעבען די גרייסען פון דער מערב־איראפעאישער בינע״.

בכלל איז די פרעסע וועגען דעם ווילנער יודישען טעאטער גאנץ רייך. איסער די אנגערופענע און א רייהע רעצענזיעס אין די „לעצטע נייעס״ „ווילנאער צייטונג״, „צייטונג דער X ארמיי״, „קאוונער צייטונג״, „גראדנער צייטונג״, „ביאליסטאקער צייטונג״ א. אנד. האבען וועגען דער ווילנער יודישער טרופע געשריבען הערמאן שטרוק, ארנאלד צווייג און א גאנצע רייהע ווארשעווער זשורנאליסטען אין פערשיידענע יודישע אויסגאבען פון פוילען.

# דער רעפּערטואַר פון יודישען טעאַטער אין ווילנא.

פאַר דער צייט פון דער טעטיגקייט פון „פעראיין אידישע דראַמאטישע אַרטיסטען אין ווילנא", האָבען זיי אויפגעפירט פאָלגענדע פּיעסען (אין כראָנאָלאָגישער אָרדענונג):

דער לאַנדסמאַן, פון שלום אַש (6 מאָל).
דער פערוואָרפענער ווינקעל, פון פרץ הירשביין (4 מאָל).
די משפּחה, פון ה. ד. נאָמבערג (7 מאָל).
דער טעות, שפּאַס אין 1 אַקט פון נ. מ. (3 מאָל).
שמעטער, ינגען (איבערזעצט), שפּאַס אין 1 אַקט.
די ערשטע פּאַציענטען, שפּאַס אין 1 אַקט פון מ. ריוועסמאַן (2 מאָל).
דער מושלם, קאָמעדיע אין 1 אַקט פון בערקאָוויטש.
יענקעל דער שמיד, פון דוד פּינסקי (8 מאָל).
דער ווילנער בעל-הבית'ל (5 מאָל).
די גליקען, קאָמעדיע אין 3 אַקטען פון מ. ריוועסמאַן (2 מאָל).
נאָך קבורה, פון י. ל. פּרץ (2 מאָל).
ס'ברענט „ (2 מאָל).
דער משוגענער בטלן „ (3 מאָל).
מוסר און דאָס קראַנקע יונגעל „ (2 מאָל).
מיט'ן שטראָם, פון שלום אַש (3 מאָל).
גליקס-פערגעסענע, פון דוד פּינסקי (3 מאָל).
דער גנב, קאָמעדיע פון א. מירבאָ (4 מאָל).
די נימנאַזיע, פון שלום עליכם.
די רייבע ירושה, פון מאַנוסעוויטש (2 מאָל).
דאָס אייבינע ליד, פון מאַרק ארנשטיין (2 מאָל).
די מלחמה מיט'ן ווינט פון י. ל. פּרץ (פאַר קינדער; 3 מאָל).
נאָט, מענש און טייוועל, פון י. גאָרדין (5 מאָל).
קרייצער סאנאַטע, פון י. גאָרדין (2 מאָל).
חאַסיע די יתומה „ (3 מאָל).
טעאדאלינדע אין 1 אַקט, פון י. ב. שווייצער.
דער דאַמענשניידער, פון י. ב. שווייצער.
די שבועה, פון י. גאָרדין (5 מאָל).
שמע ישראל, פון אָסיפּ דימאָוו (4 מאָל).
דער חולה מסוכן, אין 1 אַקט, פון ווענדראָף.
דער דאָרפסיונג, פון לעאָן קאָברין (6 מאָל).
יחוס, פון שלום אַש (4 מאָל).
שול-חברים, פון לודוויג פולדאַ (4 מאָל).
די פּוסטע קרעטשמע, פון פרץ הירשביין (4 מאָל).
די יודען, פון י. טשיריקאָוו (5 מאָל).
דאָלי אָדער דאָס פרעמדע קינד, פון היינריך קריסטיערנסען (2 מאָל).
זי האָט געווינט, פאַרס אין 1 אַקט.
דער מוראדינער סוד, שפּאַס אין 1 אַקט (2 מאָל).
דער אומבעקאַנטער, פון י. גאָרדין (3 מאל).
הינטער מויערן, פון הענרי נאַטאַנסען (3 מאל).
מיוערערע, פון ש. יושקעוויטש (3 מאָל).

מענטשן, פון שלום-עליכם (2 מאל).
אנאטאל, פון א. שניצלער (2 מאל).
די יורשים, פון שלום אש (2 מאל).
אייפערזוכט, פון ארציבאשעוו (3 מאל).
א געשלעג פון שטעטעל-לינגען, פון ה. זודערמאן (2 מאל).

## דער פערסאנאל פון דעם „פעראיין אידישע דראמאטישע ארטיסטען אין ווילנא":

פרויען: ס. עלמית, פ. בלומענטאל, פ. וואלטער, ר. לארעס, מאריאן[1] ב. קאלען[2], ד. ריווקין, ח. שערמאן (יהודית)[1].

מענער: א. אורא, ש. טאנין, לערנער, ג. נאכבוש, ל. קאדיסאן, ס. קאוואלסקי, א. שטיין[1], ש. שניאור, י. שערמאן (המכבי)[1].

---

1) די מיטגלידער פון דער טרופע י. המכבי, א. שטיין, ח. יהודית, מאריאן און ד. ריווקין זיינען צו פערשיידענע ציישען און צוליב פערשיידענע טעמים אוועק פון דער טרופע.
2) געשפילט נור א קורצע צייט.



ש. י. יאצקאן.

# ווילנא און ווארשא.

ווילנא און ווארשא!

ווען מען זאל ביי מיר פרעגען, וועלכע פון אט די ביידע גרעסטע קהלות ישראל איז נעהנטער צו מיין הארצען, וואלט איך ווי יענע קינד, וועלכען מען פרעגט, וועמען ס'האט ליבער דעם טאטען צו די מאמען, געענטפערט — ביידען.

יא, ביידע זיינען זיי ביי מיר גלייך ליב און טייער, אין זיי ביידען האב איך דעם גרעסטען טייל פון מיין לעבען פערבראכט, אין זיי ביידען זיינען פערפלאכטען מיינע זכרונות פון העכער א פערטעל יארהונדערט, ביידע זיינען זיי די קוואלען פון מיין גייסטיגער יניקה געוועזען, אזוי ווי זיי זיינען פאר דעם גאנצען פוילישען יודענטום געוועזען אין משך פון די לעצטע דורות.

ביידע, זאג איך, זיינען גלייך נאהנט צו מיין הארצען, הגם אין מיינע אויגען זיינען זיי געננוג וויים איינע פון דער אנדערער.

אין מיינע אויגען! און ווער זעהט דען ניט דעם גרויסען מרחק, דעם טיפען תהום, וואס ליגט צווישען אט די ביידע שוועסטער-קהלות? ווער קען זיי דען פערגלייכען אין געשטאלט און כאראקטער?

ווי צוויי שוועסטער פון איין טאטען-מאמען, וועלכע האבען זיך אבער ערצויגען אין בעזונדערע ערטער, ביי פערשיידענע לעבענסבעדינגונגען, שטעהען זיי פאר אונזערע אויגען.

די יונגערע שוועסטער האָט ניט די מעלות פון דער עלטערער, הגם זי איז איר ווייט איבערגעשטיגען אין וואוקס און אין טעטיגקייט.

וואַרשאַ איז פיל גרעסער ווי ווילנא, און אין אייראָפּעאישען זין — פיל שענער. וואַרשאַ איז אין די לעצטע יאָרען געוואָרען דער צענטער פון יודישען מסחר, וועלכער האָט זיך איבער גאַנץ רוסלאַנד פערצווייגט, ביז קאַווקאַז, סיביר און אַמור געגרייכט; די יודישע נאַליוועקעס פון וואַרשאַ איז איינע פון די הויפּט-נערווען אין קערפּער פון ריזיגען רוס-לאַנד געוואָרען. אין וואַרשאַ האָט זיך די יודישע ענערגיע אַרויסגעוויזען אין אַזאַ קראַפט ווי נאָך קיינמאָל אין ערגעץ ניט; אַזאַ יודישען צענטער ווי וואַרשאַ האָט אונזער פאָלק ניט געזעהן אין דער גאַנצער צייט פון זיין לאַנגער געשיכטע. אויב אין צאָל יודען שטייגט ניו-יאָרק ווייט אַרי-בער וואַרשאַ, שפּילט זי דאָך נים, יענע גרעסטע יודישע קהלה אין דער וועלט, דאָרט, פון יענער זייט אַטלאַנטיק, אַזאַ ראָליע, וואָס די גרעסטע יודישע קהלה אין אייראָפּאַ האָט געשפּילט דאָ, אין פּוילען-רוסלאַנד.

און דאָך האָט וואַרשאַ ניט זוכה געווען צו דעם, וואָס ווילנא האָט זוכה געווען — צום נאָמען ירושלים דפּוילען, ווי ווילנא צום נאָמען ירושלים דליטא.

די היסטאָריע וואַרפט זיך ניט מיט אַזעלכע נעמען. צו טייער איז דער נאָמען ירושלים, מען זאָל איהם לייכט בעקומען. פיל דורות פון תורה וגדולה האָט ווילנא געדאַרפט דורכלעבען ביז זי האָט צו אַזאַ נאָמען זוכה געווען. וואַרשאַ איז געוואָרען אַ פיל גרעסערער צענטער ווי ווילנא, וואַרשאַ איז געוואָרען אַ צענטער פון יודישען מסחר, פון דער יודישער עקאָנאָמיק, זי איז אָבער ניט געוואָרען אַזאַ צענטער פון יודישען גייסט, פון דער יודישער תורה, פון יודישער נדיבות ווי ווילנא אין איהר צייט. וואַרשאַ האָט ביז צוויי הונדערט שוהלען, שטיבלעך, מנינים, זי האָט אָבער ניט קיין איין שוהל מיט אַזאַ שול-הויף ווי ווילנא, אויף וועלכען מען האָט געזאָגט, דאָס אין איהם האָט די תפלת ישראל ניט מפסיק געווען די גאַנצע 24 שעה פון מעת-לעת: פון שחרית צו מנחה, פון מנחה צו מעריב, פון מעריב צו תקון-חצות, פון תקון-חצות צו שומרים-לבקר; וואַרשאַ האָט ניט קיין גאונים קלויז, אין וועלכען יעדער יוד זאָל מיט אַזאַ חרדת-קדש אריינגעהן; וואַרשאַ האָט שוין אפשר אַ גרעסערען בית-עולם ווי ווילנא, זי האָט אָבער ניט אַזאַ בית-עולם, אויף וועלכען ס׳זאָלען זיך געפינען קברים פון אַזעלכע גדולי ישראל, וואָס זייערע נעמען האָבען איבער דער גאַנצער יודישער וועלט געקלונגען; וואַרשאַ האָט געהאַט אַ סך פרומע און אויך פיינע יודען, זי האָט אָבער ניט געהאַט אַזעלכע יודען ווי ר׳ לייבעלע ר׳ בער׳ס און ר׳ נחמן פרנס, וואָס זייערע מעשים טובים זיינען אין לעגענדעס געוועבט געוואָרען, זי האָט אויך ניט געהאַט אַזעלכע פערזענליכקייטען, וואָס זאָלען אין זיך אַזוי פיל תורה און השכלה

פעראייניגנען ווי ר׳ מתתיהו שטראַשון און רש״י פין; וואַרשא איז אין די לעצטע יאָ־ען אויך אַ צענטר פון דער יודישער קולטור געוואָרען, זי האָט אָבער ניט געשפּילט אַזאַ בעדייטענדע ראָליע ווי ווילנא אין דער יודישער השכלה-עפּאָכע; וואַרשא איז אויך אַ צענטער פון יודישען געדרוקטען וואָרט געוואָרען, אין די לעצטע יאָהרען האָט זי שוין זאָגאַר פיל מעהר דרוקען ווי ווילנא געהאַט, זי האָט אָבער ניט אַזאַ דרוק ווי פון דער אלמנה והאחים ראָם אין ווילנא, וואָס האָט אַזאַ היסטאָרישע ראָליע אין דער יודישער דרוקעריי געשפּילט.

יאָ, וואַרשא איז ניט ווילנא. אויף וואַרשא שוועבט ניט דער היס-טאָרישער רוח-הקדש, דער שטויב פון אַלטע דורות, — און ווילנא איז אויך ניט וואַרשא. ווילנא האָט ניט די גרויסקייט, די בעוועגליכקייט, די ענערגיע, די לעבענס-לוסט און לעבענס-קראַפט וואָס וואַרשא.

און אַט שטעהען מיר איצט פאַר אַט די ביידע שוועסטער-קהלות אונזערע, קוקען מיט האַרצקלאַפּונג און פרעגען: וואָס וועט מיט זיי ווייטער זיין? צו וועלען זיי אויך ווייטער בלייבען אין זייער היינטינער געשטאַלט און ראָליע אין יודישען לעבען? צו וועלען זיי אויך ווייטער געהן אין זייער היסטאָרישען וועג?

שווערע און גרויסע טעג זיינען אָנגעקומען, טעג ווי וועלכע זיי האָבען נאָך קיינמאָל ניט איבערגעלעבט, טעג אין וועלכע פעלקער און לענדער ווערען איבערגעקעהרט; נייע וועלטען, נייע האָריזאָנטען, נייע גרעניצען זעהען זיך דורך אַ געדיכטען רויך פון אַ פייער, וואָס האָט די גאַנצע מענשהייט אַרומגעכאַפּט.

צו וועט ניט אַזאַ איבערקעהרעניש אַ פולשטענדיגע ענדערונג אויך אין לעבען פון אונזער פאָלק ברענגען, און ממילא, אויך אין דער ענטוויקלונג פון אונזערע קהלות?

ווילנא, מוצאי יו״כ התרע״ה.



מ. שאַליט.

# ביבליאגראפישע איבערזיכט.

די ליטעראטור, וואס איז ערשינען אין ווילנא אין משך פון די צוויי יאר אָקופּאציע, איז זעהר אָרים. חוץ דעם „ווילנער זאמעלבוך" קאן מען אנרעכענען ניט מעהר פון 20 ביכער (און איינינע בעריכטען, לוחות און רומעל-ספרים) אויף יודיש און העברעאיש, פאר גרויסע און פאר קינדער, בעלעטריסטיק און פּובליציסטיק, וויסענשאפט און כלי-ערליי, וועלטליכע און רעליגיעזע, — ביכער, וואס א טייל פון זיי האבען נאך א געוויסען ליטעראַרישען ווערט, אַ טייל — בלויז א קנאפּען געזעלשאפטליכען און ביבליאָגראַפישען ווערט און גאַנץ ענגען זין פון ווארט און א טייל — ווערען פערצייכענט נור מחמת דעם חוב פון אָביעקטיווער פולשטענדיגקייט, וואס ליגט אויפ׳ן ביבליאָגראף. לויט די אבטיילונגען נעהערען די ביכער צו: א) בעלעטריסטיק — 3 [1]; ב) קינדער-ליטעראטור — 5 [2];

---

[1] א) י. ה. ראָזענבוים. צוריק אַ היים. דראַמע אין דריי אַקטען. ווילנא, 1916, 8°. זייטען 44. פּרייז 50 פּענ.; ב) ליטעראַרישע העפטען. ערשטעס העפט. ימים נוראים. ווילנא, תרע"ו—1916. 4°. זייטען 16 (32 שפּאַלטען). פּרייז 25 פּענ. אינהאַלט: ל. ניידוס. צו מיין פּאָלק (לידער); י. א. ימים-נוראים; משה טייטש. פאַרכישופטע שלעסער (ליד); ד. קאַפּלאַנאָוויטש. ימים נוראים (בעל-הבתישע פילאָזאָפיע); ד. איינזאַם. הערבסט; י. ח. רוי-ם. איך האָב אַ קליינעם גאָרטען (ליד); א. פרידקין. אַ קאַפּיטעל פונ׳ם גרויסען בוך; ד. קאַסעל. דער אוצר (אַ מעשה׳לע); ל. ניידוס. אין טבת (ליד); י. איז—קי. תפיסה-בילדער; ל. ניידוס. ערוואַרטונג. — עס גיבען נשמות (לידער); י. ה. ראָזענבוים. אין לאַנד פון פרידען (דראַמאַטישער עטיוד); ס. קולבאַק. שטערענדל. שטערענדל (ליד); זלמן רייזען. חיים נחמן ביאַליק אין יודיש (פאַרשפּעטיגטע בעמערקונגען צום 25-יעריגען יוביליי פון זיין ליטעראַרישער טעטיגקייט). ג) ליטעראַרישע העפטען. צווייטעס העפט. ווילנא, תרע"ז — 1916. 4°. זייטען 16 (32 שפּאַלטען). פּרייז 25 פּעניג. אינהאַלט: מ. שיבה. אויף פּרוג׳ס קבר; י. א-קי. שמעון שמואל פרוג; ש. ל. ציטראָן. שמעון שמואל פרוג (זכרונות); י. א. צו דער אַרבייט; מ. טייטש. מיט שטראַלען געזעגענט (ליד); ד. איינזאַם. אַ מעשה׳לע; מ. שיבה. ווען איך בענקען וואו קינדערלעך יונגינקע (ליד); ם. שאַליט. וועמען האָבען מיר פאַרלאָרען (אַ פּאָר ווערטער וועגען שלום עליכם׳ן און פּרץ׳ן); י. ה. ראָזענבוים. פּאַטום (אַ דראַמע אין איין אַקט); ניסן פּופּס. פּאַראַיאָרען (שטריכען); אבידאני. אַ קורצער סך-הכל (צום ענדע זומער-סעזאָן אין אידישען טעאַטער).

[2] א) קינדער-זאַמעלבוך. אַרויסגעגעבען צום ערשטען יאָרצייט פון י. ל. פּרץ דורך די קינדער-היימען און פאָלקס-שולען אין ווילנא. ווילנא, תרע"ז. 16°. זייטען 32 (מיט צוויי פּאָרטרעטען פון י. ל. פּרץ). ב) אַ מעשה מיט אַ טויטער בת-מלכה און זיבן גבורים. איבערזעצט אויף יידיש פון לייב ניידוס. אַרויסגעגעבען דורך דער ליטעראַרישער קאָמיסיע אויפ׳ן נאָמען פון י. ל. פּרץ. ווילנא, תרע"ז. 16°. זייטען 24. ג) מיזעלע שאַרפציינדל און וואָראָבייטשיק גניד. באַאַרבייט פון דויד רויבעל. רויבעלס אילוסטרירטע קינדער-ביבליאָטעק, נומ׳ 1; ווילנע, תרע"ז. 16°. זייטען 18. ד) ר׳ מרדכילע. שלמה המלך און דער אשמדאי. רויבעלס אילוסטרירטע קינדער-ביבליאָטעק נומ׳ 2. ווילנע, תרע"ז. 16°. זייטען 19. ה) דאָס קובעלכע. — הענדל קרייער און פּיקסל-נאַשער. - פּיקסל גנב און הענזעלע פחדן. באַאַרבייט פון דויד רויבעל. אַרויסגעגעבען דורך דער ווילנער ליטעראַרישער קאָמיסיע אויפ׳ן נאָמען פון י. ל. פּרץ. ווילנע, תרע"ז. 16°. זייטען 18.

י) שול=ביכער 2 [3]; ד) וויסענשאפט—1 [4]; ה) פובליציסטיק—3 [5]; און ו) אַלערליי—13 [6].

*

די בעלעטריסטיק איז פאָרגעשטעלט דורך איין דראַמע און צוויי העפטען. י. ח. ראָזענבוים'ס „צוריק אַהיים" נעפינט זיך אינגאנצען אונטער דער השפעה פון דער יונגער יודישער ליטעראַרישער ריכטונג פון די לעצטע יארען (פאר דער מלחמה) מיט איהרע „זוכענישען" און רמזים, מיט איהרע האלב פערשטעלטע און האלב ניט דערעדטע „אידעען", מיט איהרע מיסטישע און דעקאַדענטישע „פערסיפעניששען". אין דער הינזיכט איז די דראמע נאר ניט כאראקטעריסטיש פאר דעם מאמענט, וואס מיר לעבען איצט איבער, און איז אויך ניט קיין איבעריגס בולט'ע אָבשפיגלונג פון די גייסטיגע איבערלעבונגען פאר דער מלחמה. דאס איז איינע פון די סך „פראגמענטען",

[3] א) זאַמעלבוך פון קינדער-לידער און שפילן מיט נגונים (געווידמעט דעם אנדענ= קען פון יצחק לייבוש פרץ ז"ל). נעזאַמעלט און צונויפגעשטעלט דורך א. בולקין און ל. עפראן, לערער אין ווילנער קינדערהיים פאַר מיידלאַך. רעדאַקטירט דורך אַ קאָמיסיע ביי דער יידישער לערער-געזעלשאַפט. ארויסגעגעבען מיט דער הילף פון דער ליטעראַרישער קאָמיסיע אויפ'ן נאָמען פון י. ל. פרץ. די נאָטען צום בוך זיינען ארויס= געגעבען פון דער ווילנער געזעלשאַפט פאַר קינדער=פערזאָרגונג.—ווילנע, תרע"ז-1917. 4°. זייטען 16, (32 שפאַלטען). ב) זאמלונג פון יודישע לידער. נעזונגען פון דעם קאָהר פון דעם אנשטאַלט „הילף דורך אַרבייט". ווילנע, תרע"ז. 8°. זייטען 16 (לידער יודישע און העברעאישע פון ש. פרוג, י. פיראָזשניקאָוו, מ. ראָזענפעלד, י. ל. פרץ, נ. פינעס, מ. ריוועסמאַן, שלום=עליכם; פאָלקס-לידער; מוזיק פון א. מ. בערנשטיין, רובינשטיין, מענדעלסאָן, לעוואַנדאָווסקי און פיראָזשניקאָוו).

[4] בער ראַטנער. ספר אהבת ציון וירושלים. כולל שנויי נוסחאות וגירסאות מתלמוד ירושלמי הנמצאים בספרי הראשונים בדפוסים ישנים ופראגמענטין כתבי יד עם הערות ותקונים. כרך י"ב. מסכתות: פאה, דמאי, מעשר שני, ערלה ובכורים. ווילנא תרע"ז—1917. 8°. זייטען 235. סובווענציאָנירט פון דער צונץ-שטיפטונג אין בערלין.

[5] א) צו הערצל'ס יאָרצייט. אויסגאַבע „צעירי ציון". ווילנא, כ' תמוז תרע"ו—1916. 4°. זייטען 12. פרייז 15 פפעניג. ב) איש עברי. ווענען דער מעגליכקייט צו אונטער- ריכטען אין דער העברעאישער שפראַך. 16°. זייטען 16. פרייז 12 פעניג. ג) מיר אידען אין די שלום-קאָנפערענץ. ן. די אַמעריקאַנער קאָנגרעס-בעוועגונג. פארלאַג „צעירי ציון". ווילנע, תרע"ז. 16°. זייטען 26. פרייז 15 פעניג.

[6] א) ת. לונסקי. תולדות הגאון הצדיק מרן ר' מרדכי ווייצעל זצ"ל שהיה אבד"ק בוטען, קארעליץ, אשמינא וסלאנים. ווילנא, תרע"ז. 8o. זייטען 23. ב) יצחק בוקאַטמאַן. ספר ברית יצחק בן אברהם. עניני מילה ודרשות. ווילנא, תרע"ז, 8o. זייטען 151. ג) משה יעקב בה"ר יצחק ראבינאוויץ. מגיד מישרים בפה עיר ווילנא. ספר בית מועד. דברי הספד. ווילנא, תרע"ז. 8o. זייטען 96. ד) יעקב זאלקינד. הקשורים ליעקב. על שרשים, שמות ופעלים הנרדפים. ווילנא, תרע"ז. 8o. זייטען 108. די הקדמה צום ספר איז כאראקטעריסטיש פאַר דער צייט. ה) אכסניא של תורה. חוברת א'. פתח דבר מאת הרב ר' חנוך העניך איינעס. מאמרים מאת א. מ. ווענסאָלער (בענין קידושי אשה), א. ל. שיפמאַן (בענין יום כנגד יום), אשר ליעה (בענין שירי מנחה) און יוסף ליבערמאַן (בענין א"א שלא חי בעולמו). ווילנא. 4o. זייטען 8. ו) מהות החברה „מרביצי תורה" מטרתה, תכליתה והנהגתה לפי ספר התקנות המאושר מהרוממות. ווילנא. 16o. זייטען 16.– ספר התקנות של אגודת „מרביצי תורה" איהר הייליגער ציעל, און

וואס די יונגע האבען אזוי ליב שוין צוליב דעם שענעם קלאנג פון דעם נאמען נופא:— „פראגמענטען", עפעס אן אבגעבראכענע שטיק, אן ארויסגעריסענער קאפיטעל פון א לעבענס־געשיכטע. אמאל טרעפט, אז עס פעהלט דער אנהויב און דער סוף,— אמאל איז דער מיטען אויך ניט קלאר. אבער דאס שאדט ניט, ווייל דוקא די ניט קלאָרקייט מאכט די שטימונג... און די טראגעדיע.

אין „צוריק אהיים" איז פארהאן א טראגעדיע פון א יונגען יודישען לעבען, פון א ראָמאַנטיש בוימעלע, וואס האט זיך אבגעריסען פון די אייגענע ווארצלען און איז נעבליבען הענגען צווישען הימעל און ערד. ראָזע, די איידעלע און צארטע נשמה, איז אוועק פון פעסטען און נעזונטען מקור פון איהר ווידענים הויז, דעם נביר ר' משה,— איז אוועק קיין אויסלאנד שטודירען, האָט זיך דארט פערליבט אין א קריסט און האט

---

אָרדנונג לויט די ערלויבניש פון די אלערהעכסטין מאַכט. איבערזעצט פריי פון העבראַיש יח"ס. ווילנא, $16^o$. זייטען 24. ז–יא) בעריכטען: פון צדקה־גדולה (פסח תרע"ו) $8^o$, זייטען 32; צענטראַל־קאָמיטעט (מיום הוסדו, הוא חדש פעברואַר 1916 עד יום א' להדש יוני 1917) $8^o$, זייטען 20; אגודת אחים (פון 14 פעברואַר 1916 (די צייט פון איהר גרינדונג) ביז 1 יוני 1917) $4^o$, זייטען 8; מושב זקנים (משנות תרע"ד–תרע"ה, $8^o$, זייטען 16 און פאַר'ן יאָר 1916. $1^o$); יודישע לערער־געזעלשאַפט פאַר קענענזיי־טינער הילף (פינאַנץ־בעריכט פאַר'ן יאָר 1916). $4^o$. זייטען 4. יב–יג) לוח לשנת תרע"ז (5677) יצא לאור ע"י המרכז של כל החברות „אחיעזר" בווילנא. $16^o$. זייטען 16; לוח שבועי ספרותי ומציר. ווילנער ליטעראַרישער, איליוסטרירטער וואָכען־קאַלענדאַר „ישרון". לשנות תרע"ז–תרע"ח. 1917. בעאַרבייט דורך אפרים ראובן מאָסעוויצקי. ההכנסה לתמיכת „לומדי תורה" לחג הפסח. $4^o$. זייטען 114 מיט ביאָגראַפיעס (מיט בילדער), אַרטיקלען, אַפאָריזמען, משלים וכדומה.—חוץ דעם זיינען ערשינען נאָך עטליכע, נעוועהנליכע, לוחות פון דער דרוקעריי האלמנה והאחים ראם, פערלאַג שרעבערק (צענטראַל) און אַנדערע. — ס'זיינען אויך ערשינען אייגענע רוטעל־ספרים, פון זיי צוויי „פעסטנאָטעסדינסטען" (1916 און 1917) און א הגדה של פסח (1917), אַרויסגעגעבען פון דייטשען פעלד־ראַבינער ד"ר ס. לעווי. — אייניגע לערביכער זיינען איבערגעדרוקט געוואָרען. — די יודישע פ ר ע ס ע איז אין משך פון די צוויי יאָר אָקופּאַציע געוועזען פאָרגעשטעלט דורך א „פלוג־בלאַט", וואָס האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט און פלעגט ברענגען כמעט בלויז דעפעשען און דורך דער צייטונג „לעצטע נייעס" (דער ערשטער נומער איז ערשינען מאָנטאג דעם 31־טען יאַנואַר ג. ס. 1916 (כ"ו שבט תרע"ו). פון 11 אויגוסט 1917 (נומער 186) האָט זיך די צייטונג אָבגעשטעלט אויף 5 טעג און איז ווידער ערשינען אונטער'ן נומער 187A דאָנערשטאָג דעם 16 אויגוסט 1917).

סידרוקען זיך איצט (אויגוסט 1917): א) צבי ניסן גאָלאָמב. מעשה הצדקה אין ווילנא. אין צוויי אָבטיילונגען: I. די וואָהלטהעטיגע אַנשטאַלטען פון פריהער־איינגעפיהרטע. II. די פעראיינען און אַנשטאַלטען פון מלחמה־צייט. ב) מ. קלאָס (מ"מ בבית הכנסת של ר' זנוויל ז"ל בווילנא). אמרי משה. דרשות שונות. ג) עץ אפרים. תשובות מראז"ה.— ס'ערשיינט ליפמאַן לעווין'ס צווייטער באַנד ערצעהלונגען, וואָס איז געווען כמעט אינגאַנצען אָבגעדרוקט נאָך אין תרע"ה, ערב דער אָקופּאַציע. פערלאַג שרעבערק (צענטראַל), ווילנא.

דער גרעסטער טייל ביכער זיינען געדרוקט ביי נ. ראָזענטאַל און ש. פ. גאַרבער. די איבעריגע יודישע דרוקערייען אין ווילנא, צווישען זיי די גרעסטע און עלטסטע, האָבען אין משך פון דער אָקופּאַציע אָדער אינגאַנצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען אָדער זיי פונקציאָנירען אין זעהר א בעגרענצטען מאַסשטאַב.

מסתמא אויך מיט איהם חתונה געהאט. אין דער דראמע געפינען מיר ראזע'ן שוין צוריק אין דער היים ביי ר' משה'ן אין הויז,—און איהר גאנצער עבר איז איינגעהילט ווי אין א נעבעל. נישט מעהר,—איהרע קרענקליכע געשפרעכען, איהרע קאָנוואולסיווע בעווע-גונגען ביי די קלויסטער-קלאנגען, איהר היסטעריש צערטלען דעם זיידען,—דעקען אויף דעם פארהאנג פון דעם פינסטערען הינטערגרונד.

דער זיידע איז פאר ראזע'ן דער סימבאל פון אלץ, וואס איז איהר נאָך פער-בליבען אין לעבען און צוליב וואס זי איז איינענטליך געקומען צוריק אהיים, אין דער דראמע ווערט דער מאמענט געשילדערט ווי א צופעלינקייט: „דארט אין אויס-לאנד האב איך געמיינט, אז איך האב שוין אלץ פערגעסען, אז אלץ, וואס איך האב אין די קינדער-יארען געליבט און געפיהלט, וועט זיך שוין ניט צוריקקעהרען, איך האָב געגלויבט, אז איך בין פריי„... נור קומענדיג א היים, האט דער זיידע מיט זיין שניי-ווייסער בארד וודער אָן-מיין יודישקייט מיך דערמאנט, זיינע קנייטשען האבען מיר פון די אייבינע יודישע צרות דערצעהלט, און א שטארקע ליבע צו מיין פאלק האט צוריק אין מיר אויפגעוואכט". דער זיידע ווידער נעהמט אויך אָן אַן אויסערען פאַקט פאר א טיפען אינווענינסטען מאטיוו: „א גרויסע ברכה קומט דיר, קינדם מיינס, ווען קינדער קעהרען זיך אום צוריק צום אלטען זיידען און זיינען דיזעלבינע יודישע קינדער,—דארף מען זיי בענשען. ליבט מען דעם אלטען זיידען, הייסט עס, אז מען ליבט נאך דעם אלטען יודישען פאלק".

אין דער אמת'ן איז אבער שווער משער צו זיין, אז ראזע זאל בלויז צופעליג אומקעהרען זיך אהיים; אז בלויז דעם „זיידענס קנייטשען" זאלען אין איהר מיט אמאל,—נאך „זעקס יאר ווי זי ליבט און ווערט געליבט", ווי „דארט אין א פרעמד לאנד האט דער געליבטער איהר געפאנגען מיט זיין נוטסקייט און קלונשאפט, מיט זיינע ווערטער, וואס הערען זיך אין די שטילע קלויסטער-קלאַנגען",— אויפוועקען א שטארקע ליבע צום פאָלק; אז דער שטארקער, אויסגעהאלטענער, טיף-רעליגיעזער כאראקטער פון משה'ן זאל אזוי לייכט אהן קיינע שום ספקות זיך דורכדרינגען מיט דער איבערצייגונג, אז ווי באלד ראזע איז געקומען, ביי אזוינע צופעלינע בעגינונגען, איז שוין דאס א ראיה, אַז זי „ליבט דעם אלטען יודישען פאלק" און אז דער גאנצער פסיכאלאגישער קאנפליקט צווישען דעם געפיהל פון ליבע צום קריסט און צווישען דעם ניי-ערוואַרבענעם, נור האלב-פערלארענעם,—די הפסקה האט דאך גע-דויערט ניט מעהר ווי זעקס יאר,—און צוריק געוואונענעם גלויבען אין איינענעם פאלק זאל נאר ברענגען ראזען ניט צום לעבען, נור צום טויט,—צום גאנץ איינפאכען דער-טרינקען זיך, ווען אפילו אונטער שטילע קלויסטער-קלאנגען...

סימבאליזם איז פארהאן אין דראמע א סך, אבער סימבאליזם אהן א געניגענדער פסיכאלאגישער בעגרינדונג און מחמת דעם איז די רעפלעקסיע פון דאזיגען סימבאליזם א גאנץ שוואכע, און אפט א פאלשע.

דער יוד אבינדור, מיט געזונטע חושים און א פעסטען גלויבען, וואס האט ליב ראזע'ן, האט ליב דעם יודיש פאלק און דעם יודיש לאנד, רופט ארויס ביי ראזע'ן ניט

מעהר ווי א רחמנות און זיין תשוקה צו ערד-ארבייט ניט מעהר ווי א ביטול „פאנטאזיעס"...

אבינגדור איז קליין, ר' משה—איז גרויס. און גרויס איז ר' משה מיט זיין אלטקייט. אבינגדור האט דאך אויך אמונה, אבער ניט די אלטע אמונה, פון נייע אמונות ווייס ראזע גאנץ גענוג.

די זאך איז אנדערש: ראזע איז ניט צופעליג געקומען א היים. זי האט זיך בעוואוסטזיניג אומגעקעהרט צוריק צום אלטען זיידען, ווייל דער קאנפליקט האט זיך שוין אנגעהויבען אין איהר א סך פריהער און ווייל פיהלענדיג, אז זי פערלירט אלץ אין איהר נייעם לעבען, האט זי געמיינט, אז זי וועט נאך אלץ געפינען אין אלטען. און פון דעם נעהמט זיך איהר טויט-שרעק פאר דעם זיידענס אונטערגעהן: „איך ווייס ניט, נור ס'מאכט זיך — כ'גיב א טראכט, אז דער זיידע וועט שטארבען, נעהמט מיך א שרעק אן, א טויט-שרעק. מיר דוכט זיך, אז איך פערליר אלץ, אלץ, וואס מיר איז געבליבען, מיט דער ליכט, וואס איך וועל דארפען אנצינדען ביי זיין צוקאפענס, וועל איך אנצינדען די לעצטע ליכט פון מיינע געבליבענע טעג". דער זיידע איז געשטארבען. אלטקייט קאן זיך דאך אייביג ניט האלטען. אין דער אלטקייט נופא ליגט שוין דער חורבן. און ראזע, די יונגע, אבער אינערליך-קראנקע, רייסט אליין איבער מיט גוואלט איהר לעבען.

דער פּאַן פון דער דראמע איז אַ טונקעלער און די האנדלונג—פול מיט רמזים. דאס הייסט נאך אבער ניט „סימבאליזם", „פסיכאלאגיזם". זינט מעטערלינק'ס „ענטעריאר", וואס איז געוועזן אבגעדרוקט אין א יודישער איבערזעצונג אין „דאס יודישע פאלק", האבען אונזערע יונגע און דערהויפט די גאר יונגע אנגעהויבען שווימען מיט א מאדנער ליידענשאפט צו יענער זייט פון רעאליטעט, אפילו דאן, ווען זיי שרייבען רעאליסטישע זאכען. גרעסטענטייל זיינען זיי געשטרויכעלט געווארען. מעהר ווי אומעטום פאדערט זיך גראד דא טאלאנט, טיפקייט און אינטעליגענץ. ראזענבוים'ס „צוריק אהיים" פרובט אויך אין א געוויסער הינזיכט דעם דאזיגען ריזיקאלישען וועג, ס'האלט אבער ניט אויס. די דראמע איז געבויט אויף גאר ניט קיין נייער טעמע און איהר פסיכאלאגישער אפאראט איז א גאנץ שוואכער. די גלאטע אויסערע ליטערארישע פארם גיט ניט צו קיין פארב דער אינווענינסטער בלאסקייט און די מאדערנע שפראך איז ניט ביכולת צו פערטיפען די אויבערפלעכליך-געשילדערטע כאראקטערען, וואס האבען אייגענטליך לויט דער אידעע פון דער דראמע געדארפט זיין סימבאלען, ד. ה. עפּעס אזוינס, וואס אין לויט'ן תוך מעהר פון אלץ טיף, דורכדרינגענד, פעראלגעמיינערענד. פונדעסטוועגען קאן „צוריק אהיים" בעטראכט ווערען ווי אן עהרליכער פרוב צו געבען דעם יודישען טעאטער א ריינע, אנשטענדיגע פיעסע. אויף דערויף קאן זי פרעטענדירען, און אין דעם ליגט איהר ווערט.

אין די ליטערארישע העפטען געפינען זיך אויך צוויי דראמאטישע פראגמענטען פון י. ח. ראזענבוים: „אין לאנד פון פרידען" א „דראמאטישער עטיוד", וואס שטעהט קינסטלעריש א סך נידעריגער פון „צוריק אהיים" און א „דראמע אין איין אקט" — „פאטום", א מין רעאליסטיש בילדעל פון ארבייטער-לעבען, געשריבען אויף

א נאכלעסיגען יודיש, — און ס'איז רעכט שווער צו פערשטעהן וואו פאסט זיך דא דער שטאלצער און גרויזאמער נאמען פון רוימישען פאטום. אין דער „דראמע" ווערט געמיינט טשייקאווסקי'ס „פאטום", וואס שיינדעלי, די טאכטער פון א געוועזענעם ארבייטער און איצט א רייכען בעל־הבית, שפילט „מיט א שטארקען רעש פון אקארדען", בעת אויפ'ן שוועל בעוויזען זיך גאנץ פראזאיש א ... פריסטאוו מיט א גאראדאוואי, וואס קומען ארעסטירען דעם ארבייטער־טוער סאלאמאנען, שיינדעלי'ס געליבטען, וועלכער איז אין דעם מאמענט „אנגעלעגט אין שיינדעלי'ס אקסלען און קוקט אויף די קלאווישען". טשייקאווסקי'ס „פאטום" איז דא אבער ניט מעהר ווי א קוריאז.

א שען לידעל האט אבגעדרוקט י. ח. ראזענבוים אין ערשטען ליטערארישען העפט: „איך האב א קליינעם גארטען, שטעהט אין איהם א בוים". דאס לידעל איז מעהר ווערט ווי ביידע דראמאטישע עטיודען צוזאמען. מ. קולבאק'ס „שטערנדל. שטערנדלי" איז א פיין בעארבייטער, פאלקסטימליכער צייט־מאָטיוו, — און ס'איז א פערדינסט פון דער רעדאקציע פון די העפטען, וואס זי האט אבגעדרוקט די זאך פון אומבעוואוסטען ביז איצט דיכטער. אין די לידער „צו מיין פאלק" מונטערט ליב ניידום דאס יודישע פאלק מיט שטארקע, שטאלצע ווערטער פון מעשים און בטחון: „אין טעג פון צער, פון שמארצליכער מהומה, ווען דער קאשמאר דורך שטעדט און פעלדער שפרייזט, — האלט הויך דיין קאפ און העכער נאך דיין גייסט, מיין ליבע, אויסדערוועהלטע אומה ... ניט זעץ זיך זאגען קינות אויף דער ערד, נור פעסט האלט אוים די דארשטיגקייט פון שוועדד און לאז ניט געהן דיין הייליגקייט פערלארען! — ס'וועט דיין גלאנץ דיין שענקייט נאך פערמעהרען, און הייליגער נאך לויכטען וועט דיין שטערען". אין דעם שיר „אין טבת" שילדערט ליב ניידום א גארטען אין די קאלטע פארנאכטען אין טבת, אין דעם שיר „ערוואַרטונג" — א ווינטער־נאכט, ווען עמיץ מיינט, אז עמיץ פאהרט צו איהם און ס'איז נישט מעהר ווי „שניי און נאכט, שניי און נאכט" און אין דעם שיר „עס גיבען נשמות" — די „נשמות מיט שנעע בעשמירען, וואס געהען אדורך אין דער שטאדטישער ענגשאפט און זוכען אין טומעל וואוהין זיך צו ווענדען". די ערשטע צוויי לידער („טבת", „ערוואַרטונג") געהערען צו איין ציקל ווינטער־לידער און זיינען אינטערעסאנט לויט זייער קאנסטרוקציע. די אלע לידער ניידום'עס, ווי בכלל זיינע לידער, צייכענען זיך אוים מיט דער לייכטקייט און גלאטקייט פון דער ריפמע. אין די העפטען זיינען נאך פאראַן לידער פון משה טייטש („פערכישופ'טע שלעסער", „מיט שטראלען געזעטיגט"), ד. קאסעל („דער אוצר", „א מעשה'לע"), ס. שיכה („אויף פרוגים קבר", „קינדערלאך יונינקע"). אין די ביידע העפטען האט ד. איינזאס אבגעדרוקט צוויי בילדלעך. וואס אין ערשטען העפט הייסט עס „הערבסט" און אין צווייטען „א מעשה'לע". ביידע בילדלעך פון אומבעוואוסטען ביז איצט פערפאסער זיינען לאנגוויליגע, שטימונג־מאכערישע שרייבערייען, וואס פערעפראזירען איינינע אם ווענינסטען געלונגענע בילדלעך פון פרץ הירשביין. א נייער שרייבער איז אויך א. פרידקין, וועלכער האט אבגעדרוקט אין ערשטען העפט „א קאפיטעל פון'ם גרויסען בוך". אלזא, — ווידער א פראגמענט! ווידער זיך פערמאסטען אויף גאר א גרויסע זאך, און געגעבען בלויז א פאר הונדערט שורות. זעהר אפט, צום בעדויערען צו אפט

פערבלייבען די הבטחות ניט מעהר ווי הבטחות, און ווייטער פון „קאַפּיטעלעך" און „עטיודען" געהט עס נישט: די פראגע איז שוין, צו דער „קאפיטעלע" אדער „עטיוד" גופא איז עפּעס וואס ווערט. פרידקינ׳ס „קאפיטעל" האט די מעלה, וואס ער איז ווייט פון „שטימונגען", סימבאָליזמען" און „מיסטיציזמען". און דער יצר-הרע פון „שטימונגען" האט דא געקאנט זיין גראד זעהר גרויס: דער „קאפיטעלע" איז פון „גרויסען בוך", וואס רופט זיך גירוש. אין דער אמת׳ן איז אבער דער „קאפיטעלע" א רעאליסטישער פייזאזש, געמאלט מיט נאטירליכע פארבען, און די געפיהלען, וואס ער רופט ארויס, זיינען ניט קיין קרענקליכע, נור געזונטע און גאנצע.

די קינדער-ליטעראטור איז פארגעשטעלט דורך צוויי אריגינעלע ווערקעלעך, צוויי בעארבייטונגען און איין איבערזעצונג. דער קינדער-זאמעלביכעל לזכרון פון י. ל. פרץ איז גאנץ געלונגען ארויסגעגעבען, הגם אהן א געניגענדער פינקטליכקייט (עס פעהלען, למשל, די דאטען, ווען פרץ איז געבארען געווארען און געשטארבען,—— דער טאג, דער חדש): חוץ דעם איז די לעבענסבעשרייבונג פון י. ל. פרץ צונויפגעשטעלט צו קורץ, צו טרוקען און צו סכעמאטיש. דער מאטעריאל בעשטעהט פון יעקב דינעזאָנ׳ס בריוו צו יודישע קינדערלעך, פון א קאפיטעל פון פרץ׳ס זכרונות, דריי לידער (דער פויגעל, רעגען, נישט ווייט איז שוין דער פריהלינג) און צוויי ערצעהלונגען (א פראגע, שרה בת טובים). ר׳ מרדכי׳לע׳ס „שלמה המלך און דער אשמדאי" איז א טאלענטפולע ווערקעל, געשריבען אויף א קלאסישען, אבער שווערען יודיש און קאן זיין בעשטימט פאר ענטוויקעלטערע קינדער פון מיטעלען עלטער. די טעמע גופא און די פערסאנאזשען, וואס ווערען ארויסגעפיהרט אין דער מעשה׳לע, זיינען היסטאריש-פאלקס-טימליך און עכט-יודיש און שוין דער דאזיגער כאראקטער זייערער מאכט די מעשה׳לע פאר א באמת געווינשטען גאסט אין דער יודישער קינדער-ליטעראטור. דוד רויכעל׳ס בעארבייטע מעשה׳לעך זיינען געשריבען אויף א לייכטער יודישער שפראך און לויט דער טעמע זיינען זיי גאר פרימיטיוו. זיי קאנען זיין בעשטימט פאר קליינע קינדער. אויסערליך זיינען די ביכעלעך ארויסגעגעבען שעהן און גוט, מיט איליוסטראציעס. לייב ניידוס׳עס איבערזעצונג פון א. ס. פושקינ׳ס מעשה מיט א „טויטער בת-מלכה" איז אין אלגעמיינעם א געלונגענער פרוב איבערצוגעבען אויף יודיש א טיף-רוסישע ווערק פון גרויסען רוסישען קלאסיקער. ס׳איז א פראגע, צו ביי דעם מצב פון אונזער קינדער-ליטעראטור האט מען זיך געדארפט צואיילען גראד מיט דער דאזיגער מעשה, אבער וואס איז שייך צו ל. ניידוס׳עס ארבייט מוז מען אנערקענען, אז ביי איהר גאנצער אונפולשטענדיגקייט, האט זי דאך א ליטעראַרישען און קינסטלערישען ווערט,——אויך פאר גרויסע.

א גוטער שול-בוך, וואס מען האט שוין אויף איהם לאנג געווארט, איז בולקינ׳ס און עפראנ׳ס „זאמעלבוך פון קינדער-לידער און שפילען מיט געזאנג". דער זאמעלבוך איז גרעסטענטייל צוגעפאסט צו די יונגערע קלאסען פון א פאלקס-שול, צו די קלענערע קינדער מיט זייערע השגות, בעגריפען און אינטערעסען; חוץ דעם איז אין בוך פאראן אן אבטיילונג פון שפילען מיט געזאנג און בעוועגונגען. אין דער הינזיכט איז דער בוך (קיסעלהאָפ׳ס לידער-זאמעלבוך איז צוגעפאסט נור צו די עלטערע קלאסען פון א פאלקס-שול) אזוי גוט ווי דער

ערשטער און איינציגער אין דער שול-און קינדער-ליטעראטור אויף יודיש. אין בוך ווערען געבראכט 96 לידער לויט פאלגענדע גרופּעס: לידער צום מארשירען, מארגען-לידער, אווענט-לידער, קאַראַהאָד, שפּילען מיט געזאַנג, פריהלינגס-לידער, זומער-לידער, הערבסט-לידער, ווינטער-לידער, פערשיידענע לידער, וויג-לידער, יום-טוב-לידער, פּאַר-שטעלונגען. צום סוף ווערען געגעבען אלגעמיינע בעמערקונגען וועגען דעם, ווי מען קאן דורכפיהרען די שפּילען מיט געזאַנג און בעוועגונגען. דער צווייטער טייל פון בוך בע-שטעהט פון נאטען צו די לידער און געזאַנגען. ארויסגעגעבען איז דער בוך גאַנץ שען. — די „זאמלונג פון יודישע לידער" איז זעהר א נוצליכע אויסגאבע, וואס קאן טויגען ניט נור פאר דעם כאר פון „הילף דורך ארבייט", נור בכלל פאר די כארען פון די עלטערע קלאסען און פון די שולען פאר דערוואַקסענע. ארויסגעגעבען איז די זאמלונג ניט איבעריגנס ריין.

דער וויסענשאפטליכער בוך פון ב. ראטנער. דער צוועלפטער און לעצטער (מחצת דעם טויט פון מחבר) באנד פון מאנומענטאלען ווערק, געהערט צו ספּעציעלען געביט פארשונגען פון תלמוד ירושלמי, — און ניט דא איז ארט וועגען איהם צו ריידען.

די פּובליציסטיק איז חוץ אייניגע ארטיקלען אין די „ליטעראַרישע העפטען" (כאראקטעריסטיש פאר'ן מאמענט זיינען דער עיקר די ארטיקלען פון י. אַניזביצקין) פּאָרגע-שטעלט דורך איין העפט, וואס איז ארויסגעגעבען געווארען צו הערצל'ס צוועלפטער יארצייט, און דורך צוויי בראשורען: איינע וועגען דער מעגליכקייט צו אונטעררריכטען אויף העברעאיש און די אנדערע וועגען דער אמעריקאנער יודישער קאָנ-גרעס-בעוועגונג. א קליינער ארטיקעל עפענט די הערצל-העפט, דערנאך געהען: א לירישער ארטיקעל וועגען הערצל'ן; „די טרויעריגע וואך" (צו תשעה באב) פון טעאדאר הערצל; א ציוניסטישער היסטארישער דאקומענט (אדאלף שטאנד'ס א בריוו וועגען ציוניזם, וואס איז אנגעשריבען געווארען לויט דער בקשה פון ד"ר הערצל און איז אין 1897 אבגעדרוקט געווארען אין די גרעסטע ענגליש-יודישע בלעטער); הערצל אין ווילנא; ד"ר הערצל און באראן הירש; א בריוו פון ד"ר הערצל צו פּראפ. מאַנ-דעלשטאם; ד"ר הערצל'ס טויט.

אין דער בראשור וועגען העברעאיש אלס אונטעררריכט-שפּראך ווייזט אויף ה' איש-עברי די מעגליכקייט צו פירען אלע למודים אין דער שול אויף העברעאיש. די בראשור טראגט בכלל אן אגיטאטארישען כאראקטער און איז זעהר א פּאפּולערער פאָרם מיט א רייהע ביישפּילען און סברות שטרעבט זי אויף א פאלקסטימליכען אופן צו בעגרינדען די אידעען פון „חובבי שפת עבר" און פון א טייל „צעירי ציון" אין אלגעמיינע ציוניסטען בנוגע צו דער יודישער ערציהונג און צו דער יו-ישער שול בפרט. די בראשור איז אויסגעוואַקסען אין א מאמענט, ווען אין ווילנא האט זיך זעהר פער-שטארקט די העברעאיסטישע בעוועגונג און ס'זיינען דא געגרינדעט געווארען אייניגע שולען מיט העברעאיש אלס אונטעררריכט-שפּראך. אין דער הינזיכט איז די בראשור כאראקטעריסטיש פאר'ן מאמענט.

די בראשור וועגען דער יודישער קאנגרעס-בעוועגונג אין אמעריקא טראגט אן אינפארמאטיווען כאראַקטער. זי ברענגט די רעדע פון לואי ד. בראנדייס וועגען די

יודישע רעכט און דעם קאָנגרעס, דעם דין וחשבון וועגען דער פילאַדעלפער פּאָר-קאָנפערענץ, קאָנפערענץ פון די אמעריקאנער יודישע ארגאניזאציעס אין ניו-יארק וכדומה, און ש. קאַפּלאַנסקי'ס ארטיקעל וועגען דעם יודישען קאָנגרעס אין אמעריקא. דער גאנצער מאטעריאל איז גענומען געוואָרען פון „יודישע רונדשוי“. ארויסגעגעבען זיינען די בראָשורען (און דאס הערצל-העפט) זעהר נאכלעסיג.

אין דער אבטיילונג אלערליי געפינען זיך ביכער פון כל המינים: פון דרשות ביז לוחות*). גרעסטענטייל זיינען זיי אויסערליך ארויסגעגעבען גראד גאנץ רייך, אפילו מיט לוקסוס, אויב מען זאל נעהמען אין בעטראכט דעם איצטיגען שווערען מצב פון ארויסגעבעריי, דעם אונגעהויערען יקרות אויף פּאפּיר וכדומה. דאס ערקלערט זיך דערמיט, וואס אייניגע פון די ספרים (די דרשות און הספדים) ווערען אפּנים פערקויפט אין די רייכערע הייזער פון די מחברים גופא לויט'ן אלטען שטייגער, אייניגע ווידער (די לוחות) זיינען ארויסגעגעבען פון צדקה-חברות מיט'ן ציל פון הכנסה אלס אונטערנעהמונג. קיין איינער פון די ביכער האט ניט קיין וועלכען ניט איז מטשות'דיגען ליטערארישען ווערט, און זיי בעוויזען בלויז, אז אפילו אין דער גרויזאמער מלחמה-צייט פערהאלט זיך ניט דער „שאפונגס-קוואל“ פון כל-ערליי מחברים פון כל-ערליי חבורים, וואס פילען תמיד אן אונזער ביכערמארק (די ארויסגעבער זיינען דא כמעט שטענדיג די מחברים גופא). דער עיקר דעם העברעאישען. אפילו די וועלט-מלחמה האט דא אויך קיין זאך ניט משנה געווען.

וואס איז שייך צו די בעריכטען פון די חברות און געזעלשאפטען, גיבען זיי א געוויסען מאטעריאל, הגם זעהר א קנאפּען, צו דער כאראקטעריסטיק פון געזעלשאפטליכען און עקאנאמישען מצב פון די ווילנער יודען אין דער צייט.

*) אַן אינטערעסאַנטער פּרוּב אין כמה הינזיכטען איז מאָסעוויצקי'ס וועכענטליכער לוח „ישרון“. אַרויסגעגעבען איז דער לוח זעהר שען, אויף אַן אויסגעצייכענטען פּאַפּיר, מיט אַ רייהע פּאָרטרעטען, דער שריפט איז קלאָר און דייטליך און בכלל איז דער לוח אויסערליך אַ לוקסוס אין דער יודישער פערלעגעריי. דער אינהאַלט פון לוח איז רייך מיט אַ סך דאַטען וועגען ווילנער חשוב'ע פערזענליכקייטען, און ווען דער יודיש וואָלט געווען אַ בעסערער (ערטערווייז איז ער זעהר שלעכט) און דער איבעריגער מאַטעריאַל וואָלט געווען אויסגעהאַלטען און גרינדליך רעדאַקטירט, וואָלט דער לוח אויך ליטעראַריש געהאַט אַ בעדייטונג. אַם בעסטען וואָלט דער לוח געקאָנט ערפילען זיין ראָל, ווען ער וואָלט זיך ס פּ ע צ י ע ל אָבגעגעבען מיט די ווילנער מוסדים, טוער און בעדייטענדע פערזענליכקייטען, מיט די ענינים פון דער אַלטער ווילנער קהלה, וואָס ה' מאָסעוויצקי איז אַ יעדן אין זיי. על כל פּנים דאַרף מען ה' מאָסעוויצקי'ס פּרוּב, אַלס ערשטען אין זיין מין, אָנערקענען און בעגריסען.—ביים פערענדיגען דעם אַרטיקעל איז ערשינען אַ זעהר שען אַרויסגעגעבענער לוח"ל פון דעם מוסד „תורת אמת“ ולמלאת חמש עשרה שנה לקיומו). ווילנה. תרע"ח – 1917–1918. 32°. זייטען 34. דער לוח"ל ברענגט אַ בעריכט וועגען מצב פון „תורת-אמת“.

—<OOOOOOOOO>—

# נעקראלאגען.

## הר' דוב בער ראטנער.

מיטוואָך א' ר"ח שבט תרע"ז (24/11 יאַנואַר 1917) בין השמשות איז געשטאָרבען אין ווילנא נאָך אַ שווערער מחלה אין עלטער פון 64 יאָר הר' דוב בער ראַטנער.

ר' דוב בער ראַטנער איז געווען איינער פון די גרעסטע יודישע מיוחסים. הן פון פאָטערס צד און הן פון מוטערס צד שטאַמט ער פון גאונים און גדולי ישראל און זיין יחוס ציהט זיך ביז 15 דורות אַריין. פון געבורט איז זיין פאַמיליע אייזענשטאַדט. זיין פאָטער ר' אברהם בצלאל אייזענשטאַדט איז געווען בעקאַנט פאַר אַ גרויסען למדן און אַ משכיל. די פאַמיליע האָט ער איבערגענומען פון מוטערס צד, בלומע רחל בת הר' ישראל ראַטנער; איהר ברודער ר' אליהו צבי ראַטנער, אַ גרויסער למדן, האָט ניט געהאַט קיין זין און ער האָט מחמת דעם אַדאָפּטירט זיין שוועסטערס זון. פון פערטען דור איז ר' דוב בער ראַטנער אַן אייניקעל פון ר' מיכאל אייזענשטאַדט משקלאָוו, וואָס איז געווען אויסגעקליבען אַלס „דעפּוטאַט און פערטרעטער פון יודישען פאָלק" ביים קיסר אַלכסנדר I, און ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין פּעטיציע ביים גראַף מאָרדווינאָוו לטובת זיין פאָלק. פון זיבעטען דור איז ער אַן אוראאייניקעל פון גרויסען גאון ר' מאיר אייזענשטאַדט, דעם „בעל פנים מאירות", וועלכער איז געווען רב און ראש ישיבה אין דער אונגאַרישער שטעדטעל אייזענשטאַדט. ר' בער ראַטנער האָט זיך בעזונדערס מיט איהם מיחס געווען און אויף זיין הויפּט-ווערק „אהבת ציון וירושלים" האָט ער זיך תמיד נעחתמעט „בער ראַטנער נין ונכד להגאון בעל פנים מאירות ז"ל". פון עלפטען דור שטאַמט ער פון דער שוועסטער פון הגאון ר' שבתי בר' מאיר הכהן (ש"ך). פון דרייצענטען דור איז ער אַן אייניקעל פון דעם גאון ר' משה פ"ין אשכנזי רב אין דאַנהויזען ביי אנסבאַך (דייטשלאַנד). מיט דעם גאון ר' נפתלי צבי הירש בערלין אין וואָלאָזין איז ער געווען שוועסטערקינדער און זיין מאַמעס ברודער ר' ירמיהו איז געווען אַן איידעם פון ר' שמואל שטראַשון אין ווילנא.

ר' דוב בער ראַטנער איז געבאָרען געוואָרען אין קאַלוואַריע סובאַלקער גוב. י"ז תמוז תרי"ב (1852). ער האָט בעקומען אַ רעליגיעזע ערציהונג און האָט געלערנט אין דער ישיבה אין מיר, וואו ס'האָט געוואוינט זיין זיידע ר' שאול, וועלכען מען האָט גערופען ר' שאולקע הגדול. נאָכדעם האָט ער אויך געלערנט אין וואָלאָזין, צוזאַמען מיט זיין עלטערען ברודער ר' מיכאל ירמיהו אייזענשטאַדט. שוין צו 16 יאָר האָט ער געשריבען דברי תורה און עניני חקירה. זיין ערשטער מאמר איז געדרוקט אין הלבנון (1868, שנת חמישית, צד 390) אונטער דעם פּסעוודאָנים „אדי"ר איש ק"ב" (אני דוב יבונה ראַטנער איש קאַלוואַריע בפולין), אָבער דער דאָזיגער מאמר האָט זיך ניט פערענדיגט דרוקען, ווייל אַ געוויסער משכיל, יצחק ריטענבערג פון קאַלוואַריע, האָט געגעבען צו וויסען דעם רעדאַקטאָר פון „הלבנון", אַז דער סופר איז נאָך אַ אינגעל און מחמת דעם האָט דער רעדאַקטאָר פון „הלבנון" אָבגעשטעלט דעם מאמר (ז. „הלבנון" 1868, צד 432).

נאָך דער חתונה האָט ראַטנער נאָך עטליכע יאָר געלערענט, נור מיט אַמאָל איז ער געוואָרען אַ סוחר און האָט אָנגעהויבען פון צייט צו צייט פאָהרען קיין פּעטערבורג און קעניגסבערג. אין קעניגסבערג פלעגט ער זיך טרעפען מיט'ן מלבי"ם. עטליכע מאָל אין וואָך פלעגט ער זיך אָברייסען פון זיינע געשעפטען און געהן צום מלבי"ם הערען און רעדען דברי תורה. מיט אַ בעזונדערער ליבע האָט ראַטנער ניט לאַנג פאַר זיין טויט דערמאָנט די דאָזיגע ועלינע שעה'ן, וועלכע ער פלעגט פערברענגען ביים מלבי"ם. ראַטנער איז געוואָרען אַ גרויסער סוחר און האָט אָנגעהויבען צו פאָהרען קיין עסטרייך און איטאַליע. די דאָזיגע נסיעות האָבען איהם די אויגען געעפענט און ער איז געוואָרען אַ משכיל אין פולען זין פון וואָרט. ער האָט אָנגעהויבען לערנען שפּראַכען

און איז געוואָרען אַ זעלטענער בלשן. ער האָט גרינטליך געקענט 9 שפּראַכען: העברעאיש, איטאַליעניש, גריכיש, לאַטיין, ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש, רוסיש און פּויליש. מיט אַן אומגעוועהנליכער התמדה האָט ער זיך געוואָרפען אויף די ליטעראַטורען פון די אויבען־דערמאָנטע שפּראַכען. בעזונדערס האָבען איהם געצויגען וויסענשאַפטליכע, היסטאָרישע ביכער פון אַלטערטום און מיטעלאַלטער. ביים שטודיום פון די דאָזיגע ביכער האָט ער תמיד געזוכט זייער בעציהונג צו דער וויסענשאַפט פון יודענטום. נאָך אַ גרעסערע התמדה האָט ער אַרויסגעוויזען אין שטודירען אונזערע ביידע תלמודים, דעם בבלי און ירושלמי, — און נאָך אַ יונגערמאַן איז ער געווען אַ בקי אין די ביידע תלמודים, ספרא, ספרי, מכילתא און אַלע מדרשים און ילקוטים. מיט דער צייט האָט ער זיך גענומען אויך צו אונזער מיטעלאַלטערליכער ליטעראַטור און אָנהייבענדיג מיט די גאונים און משוררים פון די ימי הבינים האָט ער זיך, ווייטער, פערטיפט אין די שאלות ותשובות הגאונים און ספרי הראשונים והאחרונים.

צעהן יאָר האָט ראַטנער געלעבט אין פּעטערבורג, וואו ער איז געווען בעפריינדעט מיט דעם באַראָן דוד גינצבורג, ד"ר אליהו הרכבי, ד"ר י. ל. קאַצענעלסאָן און בעזונדערס מיט דעם פּראָפ. דניאל כוואָלסאָן, וועלכער האָט זעהר געהאַלטען פון ראַטנערן. אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער גירוש פון יודען פון פּעטערבורג האָט אויך בער ראַטנער געמוזט פערלאָזען די הויפּטשטאָדט. דאַן האָבען די אָנגעזעהענסטע יודישע און קריסטליכע כלל־טוער מיט פּראָפ. דוד כוואָלסאָן און פּראָפ. פּ. קאָקאָווצעוו בראש אָנגעהויבען משתדל זיין זיך, אַז מען זאָל געבען וואוינרעכט בער ראַטנערן, וועלכער קאָן אַם בעסטען אויסנוצען פאַר דער וויסענשאַפט די קייזערליכע ביבליאָטעק אין פּעטערבורג. מען האָט שוין געוועזט אָנגעגעבען אַ בקשה אויף דעם קיסר'ס נאָמען, אָבער ראַטנער, וועלכער איז געווען שטאָלץ מיט זיין יודישקייט און אָבשטאַמונג, האָט זיך אָבגעזאָגט פון דער בעמיהונג פון זיינע גוטע פריינד און האָט זיך בעזעצט אין ווילנא. פון יענער צייט אָן האָט ער זיך אָנגעהויבען צו חתמענען אויף זיינע ליטעראַרישע אַרטיקלען „בער ראַטנער איש ווילנא".

אין ווילנא האָט זיך ראַטנער פערנומען מיט מסחר. נור מיט אַ יאָר 18 צוריק איז ער לגמרי אַוועק פון האנדעל און האָט זיך אינגאַנצען אָבגעגעבען מיט דער פאָרשונג פון די ביידע תלמודים, בעזונדערס פון דעם ירושלמי, וועלכען ער האָט ממש געוואוסט אויף אויסווענינג אותיות־ווייז. אַ וואו ס'איז נור געווען אַן אַלטער כתב־יד, אַ תוספתא, אַ ברייתא, אַ ילקוט, אַ ספר סיי פון ראשונים סיי פון אחרונים, וואָס האָבען געהאַט אַ שייכות צו דעם תלמוד ירושלמי, האָט זיי ראַטנער געוואוסט און גרינטליך גע־קענט, — און תיכף זיי אויסגענוצט אין זיין הויפּטווערק „אהבת ציון וירושלים".

דער תלמוד ירושלמי, ווי ער געפינט זיך איצט ביי אונז, איז זעהר משובש. דורך די גרייזען, וואָס די מעתיקים האָבען אַריינגעבראַכט, איז דער איצטיגער טעקסט פון ירושלמי פול מיט חסר ויתיר. דערהויפּט איז מצער אַלע לומדים דער פאַקט, וואָס ס'איז ניטאָ קיין גאַנצער כתב־יד פון תלמוד ירושלמי, פון וואַנעט מען זאָל קענען דעם תלמוד ירושלמי פערבעסערען פון זיינע טעותי־הסופרים.

בער ראַטנער האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר פערטיפט אין ירושלמי און מען קאָן זאָגען, אַז ער איז געווען דער גרעסטער קענער און טיפסטער פאָרשער פון ירושלמי אין זיין צייט, און רבנים און געלעהרטע האָבען איהם אָנגעהויבען רופען אין זייערע בריוו און שאלות ותשובות „תנא דירושלמי". ער איז געווען אַזוי קלאָר אין ירושלמי און האָט אַזוי טיף געקענט די שפּראַך פון ירושלמי, אַז אפילו דער קלענסטער שנוי הנוסחא, וואָס געפינט זיך אין פערשיידענע מאמרי הירושלמי, געבראַכט פון פערשיידענע גאונים, וועלכע זיינען געווען פון פערשיידענע לענדער (און מחמת דעם האָבען זיי פאַר זיך געזעהען פערשיידענע כתבי־יד פון ירושלמי), איז ניט פערפאַלען געגאַנגען פאַר זיין קריטישען אויג. אָט די אַלע פערשיידענע נוסחאות האָט ער אויפגעזוכט און אויסגעפאָרשט,

אַנאַליזירט און ערקלערט און אַריינגעבראַכט אין זיין „אהבת ציון וירושלים". דאָס דאָזיגע ווערק, וואָס איז ערשינען אין 12 בענדער און איז כוללביידע פּדרים זרעים ומועד (לבד עירובין), איז דער בעסטער מקור צו פאַרשטעהן און ריכטיג אויסצופּאָרשען דעם ירושלמי, ביז וואַנעט ס׳וועט זיך ניט געפינען אַ כתב־יד פון גאַנצען ירושלמי.

ניט וועניגער מפורסם אין דער וויסענשאַפטליכער וועלט איז ראַטנער אויך דורך זיינע פריהערדיגע ספרים „מבוא לסדר עולם רבה", וועלכען ער האָט פּערעפענט־ליכט אין יאָר 1894, און „סדר עולם רבה" (די גרויסע וועלטכראָניק, וואָס איז נתחבר געוואָרען פאַר דער משנה), וועלבען ער האָט אַרויסגעגעבען אין יאָר 1897 לויט צעהן כתבי־יד, קריטיש בעלויכטען דורך הערות און תקונים.

אין יאָר 1904 האָט די פּעטערבורגער קייזערליכע אַקאַדעמיע פאַר וויסענשאַפטען אַרויסגעגעבען בער ראַטנער׳ן אַלס אַן אויסצייכענונג פאַר זיינע וויסענשאַפטליכע אַרבייטען אויף דעם געביט פון די היסטאָריש־ביבליאָגראַפישע פּאָרשונגען אַ גרויסען גאָלדענעם מעדאַל אויף אַ סטאַניסלאַוו־לענטע. ראַטנער איז דער איינציגער יוד אין רוסלאַנד, וואָס האָט אַזאַ אויסצייכענונג פאַר וויסענשאַפטליכע אַרבייטען.

ראַטנער׳ס הויפּט־ווערק „אהבת ציון וירושלים" איז צוערשט געווען פּרעמירט פון דער חברה „מפיצי השכלה" אין פּעטערבורג, דערנאָך פון דער חברה „כל ישראל חברים" אין פּאַריז און צולעצט פון דער „צונץ־שטיפטונג" אין בערלין.

חוץ די דאָזיגע דריי קאַפּיטאַלע ווערק האָט ראַטנער אין אַ משך פון 49 יאָר אָבגעדרוקט איינינע הונדערט מאמרים פון אַלע געביטען פון די ביידע תלמודים, פון דער רבנישער ליטעראַטור, פון חכמת ישראל והיהדות וכדומה. גרעסטענטייל זיינען זיי גע־דרוקט אין פערשיידענע העבּרעאישע צייטונגען און אויסנאַבען. אָנהויבענדיג פון דעם הלבנון (1868), האָט ראַטנער פערעפענטליכט אַרטיקלען צוערשט אין „הצופה", וועלכע איז געווען אַ ביילאַגע צום „המגיד" און אין „המגיד" גופא, דערנאָך אין „המליץ", „הצפירה", סאָקאָלאָוו׳ס „העולם", „המאסף", „הכרם", „הקדם", „ספר היובל לאברהם אליהו הרכבי", „ספר היובל לדוליצקי", „ספר היובל לנחום סוקולוב", „וואָסכאָד", ענגליש־יודישע ענציקלאָפּעדיע, רוסיש־יודיש ענציקלאָפּעדיע. פון ראַטנערס מאמרים זיינען בע־זונדערס בעוואוסט די סעריעס „טעות סופרים" („המליץ" 1899) און „והנקרנים תופשין אותי כל בך („המליץ 1900) געגען „דורות הראשונים" פון ר׳ יצחק אייזיק הלוי; „ירושלמי סדר קדשים" (אין „הקדם" און „העולם"), אַ גרויסער אַרטיקעל געגען דער פאַלסיפיקאַציע פון די מסכתות חולין און ברכות פון תלמוד ירושלמי דורך אַ געוויסען פרידלענדער; „משנתו של לוי בן סיסי" (אין „ספר היובל להרכבי"); אַן אַרטיקעל וועגען דער געשיכטע פון דער שטאָדט סעפּפאַרים (אין „ספר היובל לדוליצקי"); מצב „האשה העבריה בימי הבינים" („הצפירה" תרנ״ב); „ואד על עריש" („הצפירה" תרס״ג); „ב״ד של השמונאים" (אין „הכרם"); אַ רייהע היסטאָרישע אַרטיקלען: יוחנן כהן גדול, בית חוניו, מונבז מלך ישראל האחרון, מספר כהנים גדולים בבית ראשון ושני (אַלע אין „המליץ" 1898, 1899, 1900); די רעצענזיע וועגען בוך „שריד ופליט" מתרגום עברי ישן לספר הראשון מספרי החשמונאים ע״י הפּרופ. ד. כוואָלסאָן, הוצאת חברת „מקיצי נרדמים" („המליץ" 1898) וכ׳.

בער ראַטנער איז געווען אַ יודישער געלעהרטער מיט אַן אונגעהויער ערודיציע אין אונזער אַלטער ליטעראַטור, און זיין נאָמען איז אויך בעוואוסט דער עיקר צווישען געלעהרטע. מחמת דעם ספּעציעלען כאַראַקטער פון זיינע ווערק און זייער שטרענג־וויסענשאַפטליכען אינהאַלט איז ראַטנער ווייניג פּאָפּולער צווישען די מיטעלמעסיגע העבּרעאישע לעזער, די געוועהנליכע קוראים, — נור יחידי סגולה זיינען בעקאַנט מיט ראַטנער׳ס ווערק. ראַטנער האָט געשריבען צו יענעם אויסדערוועהלטען קלאַס לעזער, וועלכער איז ניט נור אַ קורא, נור אויך אַ לומד און מלומד. דערפאַר אָבער האָבען ראַטנער׳ן הויך געשאַצט די ווירקליכע קענער און די געלעהרטע סיי יודישע סיי

קריסטליכע. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען די נעמען פון די גרויסע געלעהרטע, וועלכע האָבען געפיהרט מיט ראַטנער׳ן אַ קאָרעספּאָנדענץ און האָבען אנערקענט זיינע טיפע קענטנישען: דער רב הכולל צדוק כהן (פאַריז), ר׳ יוסף הלוי, ר׳ ישראל הלוי, פּראָפּ. דערענבורג (פאַריז), פּראָפּ. אברהם בערלינער, פּראָפּ. מ. שטיינשניידער, פּראָפּ. מ. לאצארוס, פּראָפּ. ד״ר י. עלבאָגען, פּראָפּ. ה. ל. שטראק (בערלין), פּראָפּ. עמיל שירער (געטינגען), פּראָפּ. גוסטאַוו דאלמאן (ירושלים), פּראָפּ. ש. שעכטער (ניו-יאָרק), פּראָפּ. ק. קאלער (סינסינאטי), פּראָפּ. דוד קויפמאַן, פּראָפּ. ווילהעלם זאכ באַכער, פּראָפּ. לודווינ בלוי (בודאַפּעשט), פּראָפּ. ש. קרויס, ד״ר מ. נידזימאַן (ווין), ד״ר א. פריימאַן (פראַנקפורט דמאין), פּראָפּ. י. אברהמס (קעמברידזש), ראַבינער דינער (אַמסטערדאַם), פּראָפּ. מ. בראַן, ד״ר צוקערמאַנדל (ברעסלוי), ר׳ שלמה בובער (לעמבערג), ד״ר י. ל. קאַצענעלסאָן, באַראָן דוד גינצבורג, פּראָפּ. ד. כוואָל-סאָן, ד״ר א. א. הרכבי, י. מארקאָן, פּראָפּ. י. טראָאיצקי, פּראָפּ. פּ. קאָקאָווצעוו (פּעטערבורג), דוד כהנא (אָדעס), אברהם כהנא (קיעוו), הרב ר׳ יצחק רײנעס (לידא), הרב ר׳ פּנחס ראזאווסקי (סווענציאַן), הרב ר׳ שלמה הכהן מו״צ בווילנא, הרב ר׳ יחזקאל ליבשיץ (קאליש), הרב ד״ר ש. פּאָזנאַנסקי (ווארשא) און אַ סך אַנדערע.

ראַטנערס קאָרעספּאָנדענץ איז געווען זעהר גרויס. נור ס׳האָט איהם געטראָפען אַן אומגליק, פון וועלכען ער פלעגט תמיד דערצעהלען מיט צער און האַרצוועהטאָג. מיט אַ יאָר 8 צוריק האָט מען ביי איהם, דער קאַבינעט-געלעהרטען, 2 אזיינער ביינאַכט פלוצלונג געמאַכט אַ הויזאונטערזוכונג. די רוסישע זשאַנדאַרמעריע האָט געזוכט אַ פּאָליטישען אַנטלאָפענעם, וועלכער האָט אויך געהייסען בער ראַטנער און איז לויט איהרע ידיעות אַנטלאָפען פון קיעוו קיין ווילנא. בעקומענדיג אַ דעפּעש צו אַרעסטירען אין ווילנא דעם דאָזיגען בער ראַטנער׳ן, האָט די זשאַנדאַרמעריע ניט מבחין געווען צווישען יונג און אַלט און האָט אין מיטען דער נאַכט אַרעסטירט בער ראַטנער׳ן. אויף מאָרגען איז די זאַך בעוואוסט געוואָרען אין שטאָדט, און די אָנגעזעהענסטע ווילנער כלל-טוער האָבען זיך גענומען צום ענין; ס׳האָט זיך, נאַטירליך, תיכף אַרויסגעוויזען דער טעות פון דער זשאַנדאַרמעריע. מען האָט ר׳ בער ראַטנערען בעפרייט. אָבער דער שרעק פון די עטליכע שעה, וואָס ער איז געווען אַרעסטירט, האָט אויף איהם אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז קומענדיג אַ היים האָט ער פון לויטער אימה פערברענט עטליכע זעק בריוו. מיט טרערען אין די אויגען האָט ר׳ בער ראַטנער די לעצטע צייט פאַר זיין טויט דערמאָנט דעם דאָזיגען אומגליקליכען צופאַל, ווייל די אַלע בריוו, וואָס זיינען פערברענט געוואָרען, האָבען געהאַט אַ וויסענשאַפטליכען און היסטאָרישען ווערט.

אין עפענטליך-געזעלשאַפטליכען לעבען האָט ראטנער זיך ניט בעטיילינט. ער איז געווען אַ קאַבינעט-געלעהרטער. און נור ווייניג מענשען האָבען וועגען איהם געוואוסט אַפילו אין ווילנא גופא. ס׳האָט אָפט פּאַסירט, אַז אַ ווילנער כלל-טוער, פאָרענדיג קיין אויסלאַנד אין אַ קוראָרט פלעגט זיך ערשט דאָרט דערוויסען, אַז אין ווילנא איז פאַר-האַן אַ געלעהרטער, וועלכער הייסט בער ראַטנער און פלעגט אָראָפּברענגען דעם דאָזיגען ראַטנער׳ן אַ גרוס פון די אויסלענדישע תלמידי-חכמים. נור צוויי מאָל איז ראַטנער אַרויסגעטראָטען אַלס דער פאָרשטעהער פון דער ווילנער יודישער קהלה. דער ערשטער מאָל איז געווען דעם 3 אויגוסט 1903 אין יענעם זונטאָג, ווען דער ציוניס-טישער מנהיג ד״ר הערצל האָט בעזוכט ווילנא אויף זיין רייזע קיין פּעטערבורג און אין צדקה-גדולה האָט איהם די יודישע קהלה פון ירושלים דליטא צוגעגרייט דעם היסטאָרישען קבלת פנים מיט דעם הייליגען ברכת כהנים; דער ראש הרבנים שבווילנא ר׳ שלמה הכהן האָט בעגענענט הערצל׳ן מיט אַ ספר תורה אין דער האַנד, און צוזאַמען מיט איהם אַלס פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה — ר׳ יהושע שטיינבערג, ר׳ זאב יעבין און ר׳ בער ראַטנער. דער צווייטער מאָל איז געווען אין אייר תרע״ד (1914), ווען פּראָפּ. הערמאַן כהן האָט בעזוכט ווילנא. אויף דער לעקציע אין האַנדעלס-קלוב און אויפ׳ן באַנקעט אין

•אימפעריאַל" האָט בער ראַטנער זיך ניט בעטייליגט, דערפאַר אָבער האָט ער פערבראַכט מיטן פראָפ. כהן אין אַ ענגען קרייז במסיבת הכלחן ביי אַ מיטאָגעסען, וואָס דער היגער באַנקיר עליאַסאָן האָט אַיינגעאָרדענט ביי זיך אין וואוינונג לכבוד דעם הויכען גאַסט. די צוויי גרויסע געלעהרטע האָבען פערפירט אַ שמועס וועגען רמב"ם און דער איינדרוק, וואָס ר' בער ראַטנער האָט געמאַכט אויף דעם גרעסטען מיימאָנידעס-קענער פון אונזער צייט, איז געווען זעהר גרויס.

בכלל האָט ראַטנער געפיהרט זעהר אַ שטילען לעבען. ער האָט זיך בלויז בעטייליגט אין אַ פּאָר ווילנער קולטורעלע אַנשטאַלטען, דער עיקר אין שטראַשון'ס ביבליאָטעק, וואו ער איז 17 יאָר געווען אַ גבאי און האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר איהר דערהויפּט אין דער מלחמה-צייט, ווען כמעט אַלע גבאים זיינען אָבגעפאָרען פון ווילנא. איהר האָט ער אויך אָבגעזאָגט זיין רייכע ספרים-זאַמלונג.

די לעצטע יאָרען האָט ראַטנער געלעבט אין ווילנא, ניט אַרויסגעפאָרענדיג פון איהר אויף אַ טריט. זינט ער האָט זיך גענומען צום ירושלמי (און דאָס איז געווען כמעט די לעצטע 20 יאָר פון זיין לעבען) איז ראַטנער געזעסען ימים ולילה און האָט געלערענט און האָט כמעט ניט פערלאָזען זיין קאַבינעט. זעהר זעלטען פלעגט מען איהם טרעפען אין שטאָדט אָדער אויף פערזאַמלונגען. נור מיטאָגצייט פלעגט ער מאַכען אַ קליינעם שפּאַצירגאַנג פון זיין הויז צו שטראַשון'ס ביבליאָטעק און צוריק. די לעצטע 15 יאָר האָט ער זיך אינגאַנצען אָבגעזאָגט פון אַלע זיינע מסחרים. כמעט יעדען יאָר אָדער איינמאָל אין צוויי יאָר פלעגט ער פעראעפענטליכען אַ כרך פון „אהבת ציון וירושלים". אין זיין לעצטען צוועלפטען כרך שרייבט ער צום סוף: „ספרי זה נשלם בע"ה בחדש אייר תרע"ו בווילנא (בימי המלחמה הגדולה ה' ירחם) ועם ספרי זה נשלמה מלאכתי לסדר זרעים וסדר מועד (לבד עירובין) מתלמוד ירושלמי". ער האָט תמיד געבעטען גאָט ער זאָל איהם מאריך ימים זיין אום צו קענען פערענדיגען דעם גאַנצען ירושלמי. ניט לאַנג פאַר זיין קראַנקהייט האָט ער מיר געזאָגט: „איך בעט נור ביי גאָט כאָטש נאָך 10 — 12 יאָהר צו לעבען, אום צו בעאַרבייטען אַלע פיר סדרים פון ירושלמי". און אין דער גרויסער וועלט-מלחמה מיט איהרע שרעקען און אומגליקען איז זיך ראַטנער געזעסען בד' אמות של הלכה און מיט אַ גרויסער התלהבות פון אַ יונגען מתמיד האָט ער געלערענט די יודישע תורה און האָט בעשאַפען אַן אייביג ווערק פאַר די קומענדיגע דורות. און זיין גאַנצע גרויסע בילדונג האָט בער ראַטנער צו פערדאַנקען נור זיך אַליין. ער איז געווען אַן אווטאָדידאַקט און איז פון די יונגע יאָרען אָן געגאַנגען זיין אייגענעם וועג.

ראַטנער האָט זיך געפיהלט קרענקליך שוין זינט איניגע יאָר, אָבער זומער 1914 איז ראַטנער געוואָרען שטאַרק קראַנק און לויט דער עצה פון די דאָקטוירים איז ער דעם 15 יולי 1914 אָבגעפאָהרען מיט זיין פרוי קיין קיסינגען. נור ס'האָט אויסגעבראָכען די וועלט-מלחמה, און ניט דערפאָרענדיג קיסינגען האָט ראַטנער געמוזט זיך אומקערען קיין רוסלאַנד. ער האָט זיך דריי וואָכען געוואַלגערט אין וועג, האָט איבערגעלעבט צוזאַמען מיט די אַנדערע רוסען די גרעסטע פורעניותן, און קומענדיג קיין ווילנא האָט ער אויסגעזעהן אַזוי שרעקליך, אַז ס'איז איהם ניט געווען צו דערקאָנען. די יסורים פון וועג און דער ניט ערפילטער פערלאַנג צו זעהן זיך מיט זיינע זין*), וועלכע

*) אברהם און יוסף ראַטנער. אברהם ראַטנער איז געקומען קיין ניו-יאָרק אָהן געלט-מיטלען, אָבער מיט בילדונג און אַ שטאַרקען רצון. פון ניו-יאָרק האָט ער שפּעטער אַויסגעוואַנדערט קיין מעקסיקאַ, וואו די הצלחה האָט איהם אָנגעהויבען שפּילען. אברהם ראַטנער רופט אַרויס צו זיך קיין מעקסיקא דעם איינגערען ברודער יוסף און זיי עפענען דאָרט אַ געשעפט און נאָכדעם געשעפטען אין אַ גאַנצער רייהע שטעדט. זיי ווערען די אָנגעזעהענסטע און אַיינפלוסרייכסטע מענער אין מעקסיקאַ. זיי טרעטען אַריין אין נאָהנטע בעציהונגען מיט די געוועזענע פרעזידענטען דיאַז, מאדערא און וויקטאַריאַנאַ הוערטאַ.

האָבען אויך געדאַרפט קומען קיין קיסינגען (פון אַמעריקא), האָבען שטאַרק אונטערגע־ריסען זיין געזונט. די וויטערדיגע שווערע צייט מיט דעם דלות פון דער יודישער בעפעלקערונג האָבען נאָך מעהר פערגרעסערט זיינע ליידען. און ר' בער ראַטנער איז געשטאָרבען. די ידיעה וועגען זיין טויט האָט זיך זעהר גיך פער־שפּרייט אין שטאָדט. דער ראַבינאַט און די פירער פון דער יודישער קהלה בראש מיט דעם ראַבינער רובינשטיין האָבען תיכף אָבגעהאַלטען אַ ספּעציעלע זיצונג אין „צדקה־גדולה" און מען האָט בעשלאָסען צו געבען ר' בער ראַטנער'ן איינעם פון די שענסטע ערטער אויפ'ן בית־עלמין אויפ'ן חשבון פון דער קהלה. אין אַלע קלויזען און אין דער אָרטיגער צייטונג זיינען פּערעפענטליכט געוואָרען מודעות וועגען ראַטנערס טויט אין נאָמען פון ראַבינאַט, פון די חברי הצדקה־גדולה, פון בית עקד הספרים שע"ש הגרמ"ש. אויף מאָרגען דאָנערשטאָג ב' שבט תרע"ז איז געווען די לויה פון ר' בער ראַטנערן. פאַר'ן אַרויסטראָגען די מטה האָבען מספּיד געווען הרב ר' אליהו גאָרדאָן פון שניפּי־שאָק און הרב ר' יצחק הלוי רובינשטיין. אויפ'ן בית־עולם האָבען געמאַכט הספּדים הרב ר' יצחק רובינשטיין (אַ צווייטען מאָל), הרב הד"ר סאלי לעווי פון ברעסלוי (אַרמיי־ראַבינער) און אויף העברעאיש — דער שרייבער פון די שורות (דעם פערשטאָר־בענעמ'ס איידעם).

די יודישע פּרעסע האָט זיך אָבגערופען אויף ראַטנער'ס טויט מיט אַ רייהע נעקראָלאָגען און אַרטיקלען. ס'זיינען אויך אָנגעקומען אַ רייהע מיטליידס־בריוו פון אַ סך יודישע און קריסטליכע געלעהרטע (פּראָפ. מאַרקוס בראַן, ראַבינער ד"ר גוטמאַן, פּראָפ. ד"ר ישראל לעווי פון ברעסלוי, פּראָפ. הערמאַן ל. שטראַק א. א.).

לעאָן סלאָנימסקי.

---

אברהם ראַטנער ווערט מיט דער צייט הוערטאַ'ס נאָהנטסטער פריינד און פינאַנץ־פירער. דער שטרענגער גענעראַל און פּרעזידענט פון דער מעקסיקאַנישער רעפּובליק הוערטא שאַצט ראַטנער'ס פעהיגקייטען און גיט זיך אָהן איהם קיין ריהר ניט. אומעטום וואוהי הוערטא זאָל ניט פאָרען, פאָרט מיט איהם מיט זיין בעל־יועץ אברהם ראַטנער. זיין יודישער אינטימער פריינד פירט אַלע געשעפטען הוערטאַ'ס און איז בפועל ממש זיין רעכטע האַנט. אַדאַנק זיינע פערבינדונגען איז אברהם ראַטנער געוואָרען אַ רייכער מענש. אברהם ראַטנער ווערט דער גרעסטער פּאָליטיקער אין מעקסיקא און שטעהט אויף הוערטאַ'ס זייט אין זיי שטרייט מיט אַמעריקא. די ברידער ראַטנער ווערען וועלט־בעקאַנט ווי אין מעקסיקא, אַזוי אויך אין די פינאַנציעלע קרייזען פון אַמעריקא, אָבער אויך אין די ניו־יאָרקער יודישע קוואַרטאַלען.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען אברהם ראַטנער האָט געחלומט וועגען אַ יודישער טעריטאָריע אין מעקסיקא. אברהם ראַטנער בעווייזט זיין טרייהאַפט דעם גענעראַל הוערטאַ, ניט נור ווי לאַנג ער איז געווען אַ פּרעזידענט, — נור זאָגאַר דאַן, ווען הוערטא האָט געמוזט פערלאָזען מעקסיקא, נעהט ראַטנער מיט איהם אַוועק קיין שפּאַניע און וואוינט מיט איהם צוזאַמען אין באַרצעלאָנא. און ווען הוערטאַ איז ווידער אָבגעפאָרען קיין ניו־יאָרק, אום דאָרט פון ס'ניי צו פערהאַנדלען מיט די צפון־אַמעריקאַנישע שטאַאַטען, פאָרט מיט איהם מיט אויך אברהם ראַטנער. אין ניו־יאָרק איז מען מקבל פנים די חשוב'ע אורחים מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט און די בעדייטענדסטע צייטונגען שיקען זייערע בערימטעסטע מיטאַרבייטער אום צו האָבען אַ אינטערוויו מיט הוערטאַ'ן און ראַטנער'ן. „איך בין זיכער", האָט הוערטא דאַן געזאָגט אַ יודישען שריפטשטעלער, „אַז איך וועל נאָך צוריק קריגען די ממשלה אַלס פּרעזידענט פון מעקסיקא און איך וועל האַלטען מיין וואָרט, וואָס איך האָב געגעבען מיין בעסטען פריינד אברהם ראַטנער, אַז יודען זאָלען בעקומען אַ טעריטאָריע אין מעקסיקא". ווי בעוואוסט האָט מנצח געווען קאַראַנצאַ, וועלכער איז געוואָרען מעקסיקאַ־נישער פּרעזידענט, און הוערטאַ איז אַראָפּ פון סצענע און איז אַפנים אומגעקומען.

# יהושע מזח.

מאָנטאָג כ׳ שבט תרע״ז (12 פעברואַר נ. ס. 1917) בין השמשות איז אין ווילנא געשטאָרבען דער וועטעראַן פון דער העברעאיש-יודישער ליטעראַטור יהושע ב״ר חיים הלוי מזח, קיין געוויע דאַטע איז דאָס איינענטליך ניט: ס׳איז אַ סברה, אַז ער איז געשטאָרבען נאָך מיט אַ דריי – פיר טעג פריהער, און די ווילנער יודישע „געזעלשאַפט" האָט ניט געוואוסט, נור ס׳איז שוין, פערשטעהט זיך, אַלץ איינס, – ער איז געשטאָרבען... פונקט אַזוי איז ניט נאָר פינקטליך בעוואוסט, ווען ער איז געבאָרען געוואָרען: אין די פערציגער אָדער אין די דרייסיגער יאָרען פון׳ם פאָריגען יאָרהונדערט אָדער אפשר נאָך פריהער. נור ס׳איז דאָ אַ יסוד משער צו זיין, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען אין יאָר תקצ״ד (1834) אין נייַ-זאַגער, קאָוונער גוב.

זיין פאָטער, ר׳ חיים ב״ר יעקב, איז געווען זעהר אַן אָנגעזעהענער מענש, איינער פון די מצוינים אין אַלע געביטען פון דער אַלטער און נייער ליטעראַטור, אַ בקי אין ש״ס און אַן אויסגעצייכענטער קענער אין דקדוק „מיט אַ פעדער אין האַנט", ווי איינער פון די יחידים אין זיין דור. אָבער, ווי דער שטיינער איז געווען פון רוב אַזוינע אין יענע צייטען, איז ער געווען אַ נחבא אל הכלים און האָט ניט אויסגענוצט זיין גרויסע ערודיציע פאַר אַ קאַריערע. זיין יהושע׳ן האָט ער ערצוינען אויף זיין אייגענעם דרך, האָט מיט איהם אַליין אַ סך געלערענט און האָט אין איהם אייַנגעפלאַנצט אַ ליבשאַפט צו תורה און חכמה.

יהושע מזח איז פון קינדווייז אויף געווען אַ גרויסער מתמיד, האָט געלערענט אין די גרעסטע ישיבות אין ליטע, מ׳האָט ערוואַרט, אַז ער וועט ווערען אַ גדול בישראל, אָבער ער איז באַלד „נתחמץ געוואָרען", האָט זיך אָנגעשטעקט פון׳ם גייסט פון דער דעמאָלטיגער השכלה און האָט בעקומען אַ תשוקה צו „שרייבען", און די דאָזיגע תשוקה האָט איהם ניט פערלאָזען זיין גאַנצען לאַנגען לעבען.

צום ערשטען מאָל איז ער אַרויסגעטראָטען אין דער העברעאישער פרעסע מיט אַ קאָרעספאָנדענציע פון קרייצבורג (וויט. גוב) אין „הכרמל" תרכ״ב נום. 44 מיט דער לאַנגער אונטערשריפט „יהושע ברח״ם (ב״ר חיים סג״ל) חיימאָוויטש מילידי זאַגאָר" און אין דער יודישער ליטעראַטור – מיט אַ מעשה׳לע פון׳ם ערשטען מסע הצלב אין „קול מבשר" 1862 נום. 1 („קידוש השם") מיט דער קורצער עניוות׳דיגער אונטערשריפט „סג״ל",– און פון דענסטמאָל אָן האָט ער ניט אויפגעהערט צו שרייבען העברעאיש און יודיש כמעט ביז זיין לעצטען אָטעם-הויך. ער האָט זיך בעטייליגט כמעט אין אַלע העברעאישע און אין אַ גרויסער צאָל יודישע פעריאָדישע אויסגאַבען: אין׳ם וועכענטליכען און נאָכדעם אין׳ם חודש׳דיגען „הכרמל", אין „המגיד", „המליץ", „הצפירה", „העברי" („עברי אנכי"), „השחר", „היהדות", „כנסת הגדולה", „הדגל" („היהודי"); אין „קול מבשר", „יודישעס פאָלקסבלאַט", „הויזפריינד", „ווילנער וואָכענבלאַט", קראָקער „פאָלקסבלאַט" און אַנדערע.

מזח איז אין דער יוגענד געווען זעהר אַ געזונטער, פון הויבען וואוקס, מיט אַ פעסטען קערפער-געביי, מיט ברייטע פלייצעס און מיט ווייטזעהענדיגע, לעבעדיגע, ברענענדיגע אויגען, – פשוט אַ גבר, וואָס ווייניג צו זעהן אַזוינע ביי יודען. אין איס האָט געלעבט עפעס אַן אומרוה, אַ נע ונד׳ניק. ער האָט קיינמאָל ניט געקענט לאַנג זיצען אויף איין אָרט און ער האָט געוואַנדערט, גאַנצע צעהנדליגע יאָרען געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט, פון שטעטעל צו שטעטעל און איז איבערגעוועזען בכל תפוצות ישראל פון סאַמע צפון ביז אין דרום-רוסלאַנד, בעסאַראַביע און קרים.

דאָ לערענט ער אַליין אין קאָוונא, שאַוועל, טעלז, וואָלאָזין, דאָ גיט ער לעקציעס אויף תלמוד און העברעאיש אין קרייצבורג, יאַקאָבשטאַט, בויסק און דאָ איז ער שוין נאָר אַ סוחר אָדער אַ וואַיאַזשאָר אין מיטאַווע, ריגע, דענעבאָרג, וויטעבסק,

מאָהילעוו, טשערניגאָוו, פּאָלטאַווע, מאָסקווע, אָדעס, קרים, בעסאַראַביע, פּונוואַנען ער האָט זיך אַריינגעבאַפּט אויך אין רומעניע – אין יאַסי און בוקאַרעשט. באַלד קומט ער „לרגלי מסחרו" (ווי ער האָט ליב צו בערימען זיך) קיין קיעוו, בערדיטשעוו, בריסק דליטא, פּינסק, מינסק, ווילנא, ביאַליסטאָק, וואַרשאָ און באַלד גיט ער ווידער אַ שפּרונג צוריק קיין ווילנא און דענעבאָרג, וועלכע ער האָט ליבער מער ווי אַלע שטעט, וואו ער איז איבערגעוועזן.

ער האָט זיך אין זיין לעבען אַ סך אָנגעזעהן און אָנגעהערט און האָט אַ סך איבערגעלעבט אויף זיין לאַנגען וואַנדערוועג. ער האָט זיך גוט צוגעקוקט צו אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין די דאָזיגע אַלע יודישע קהילות, צו זייערע טאָג־טעגליכע אינטערעסען, בעדערפעניטשען און נויטען, צו זייערע מנהגים און מחלוקת'ן, און ער שיקט גרויסע שטורעמדיגע קאָרעספּאָנדענציעס אין די צייטונגען, וואו ער גיסט אויס כל חמתו אויף דער שיינער כנופיא „מנהיגים" און „פּיטערער פון די „צאן קדשים", וואָס טרעטען אויף די קעפּ פון דער אומשולדיגער טשערעדע".

כאָטש מזה געהערט צו די משכילים פון די 60־ער און 70־ער יאָרען, פונדעסטוועגען שיידט ער זיך אַ סך פון זיי אונטער. ביי מזה'ן איז דער פּשוט'ער פאָלק געשטאַנען העכער סיי פון דער אמונה, סיי פון דער השכלה. לויט זיין מיינונג, מוזען די אמונה מיט דער השכלה שלום מאַכען צוליב די לעבענס־אינטערעסען פונ'ם פאָלק און צונויפגעהן זיך אויפ'ן עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכען געביט. דעם דאָזיגען אינטערעסאַנטען הויפּט־געדאַנק זיינעם האָט ער אויף זיין שטייגער אויסגעדריקט אין זיין ספר „האמונה וההשכלה", וואָס האָט זיך אָפּגעדרוקט אין יאָר תרל"ד. דאָס איז אַ דיאַלאָג צווישען צוויי פריינד, אַ מאמין און אַ משכיל, געשריבען לויט'ן גייסט פון יענער צייט. ער רירט דאָ ניט אָן דעם עצם פון דער פילאָזאָפישער פראַגע וועגען אמונה און השכלה, ער וויל נור פעראייניגען די מאמינים און משכילים אויפ'ן געביט פון נאַציאָנאַלער און געזעלשאַפטליכער אַרבייט. דעם ערשטען אָרט פערנעמט דאָ דער חינוך. דער משכיל פאַלט אָן אויף די „מורדי אור", אויף די ווילד־פאַנאַטישע עלטערען, וואָס פערדאַרבען מיט זייערע מעשים זייערע אייגענע קינדער; אויף די צבוע'קעס, וואָס בערויבען אונטער אַ מאַסקע פון יראה די נידעריגע קלאַסען פון פאָלק; אויף די תלמוד־תורות און אויף דער קאָראָבקע; אויף די קהלס־לייט, אויף די נכאים די רמאים, די פּיאַווקעס, וואָס זויגען אויס די בלוט פונ'ם פאָלק. דער מאמין ווידער פאַלט אָן אויף דער „השכלה מזויפת", אויף דער פאַלשער בילדונג, וואָס רייסט איבער מיט'ן יודישען היסטאָרישען עבר, וואָס פיהרט דעם יונגען דור צו בגידה אין די היילינקייטען פון פאָלק און אין פאָלק גופא; אויף די משכילים, וואָס זאָרגען נור פאַר'ן אייגענעם חומר און ווייזען אַרויס זייער גאַנצען כוח בלויז אין ריידען און פּילפּל'ען זיך וועגען כלל־ענינים, אָבער האָבען ניט קיין חשק און קיין מוט עפּעס צו טאָן. מזה קריטיקירט דאָ שאַרף די יודישע ווינט־געשעפטען און פּראָפּאַגאַנדירט די אידעע פון ערד־אַרבייט ביי יודען.

מזה איז געוועזן נאָהענט צום פאָלק און ער האָט זיך אָנגענומען זיין קריוודע. ער האָט געזעהן, ווי די מאַסען טרינקען זיך אין אַ ים צרות, קומען אום פון דחקות און הונגער, רדיפות און מחלות, אין דער צייט ווען די „מנהיגים", גבאים און בעלי־קאָראָבקעס לעקען אָפּ אַ פעטען ביינדעל און לעבען אַ גוטען טאָג אויף דער וועלט. ער האָט, פונקט ווי ס'רוב משכילים, ניט געוואוסט די סיבה דערפון, דעם סוד פון אָרימקייט און עשירות, די געשיכטע פון אַן אייביגער מלחמה צווישען די בעדריקער און געדריקטע, – און האָט ממילא שוין ניט געקענט וויסען, ווי באמת צו העלפען דעם פאָלק, און האָט, ווידער ווי די משכילים, געגלויבט, אַז העלפען קען מען מיט מוסדי־צדקה אונטער דער השגחה פון „אמת'ע" שיינע יודען, אַלץ איינס מאמינים און משכילים, פון איין זייט, און דורכ'ן חינוך און „אַרבייט", מלאכה און ערד־אַרבייט פון דער אַנדער זייט.

אים דוכט זיך, אַז די וועלט איז אַ ים, וואו די גרויסע רויב-פיש שלינגען אָהן אויפהער אַיין די גרויסע מאַסען קליינע פישלעך, און אים פערווילט זיך מיט אַמאָל ווערען דער האַר איבער׳ן דאָזיגען ים און בעשטראָפען די ים-רויבער פאַר זייערע רציחות און גזלות... אין זיין קינדישער פאַנטאַזיע האָט ער זיך אינגאַנצען פערגעסען, איז אַנטדרעמעלט געוואָרען און אין מיטען דריגען דערזועהט ער פאַר זיך אַ שרף, אַ מלאך, וואָס זאָגט אים אָן די בשורה, אַז זיין וואונש ווערט מקויים, אַז ער ווערט מאַקע בעשטימט פאַר אַ שר של ים. דער שרף הויבט אים אָן פירען פון איין קהילה אין דער אַנדערער, פון איין מוסד אינ׳ם אַנדערען, ער ווייזט אים פערשיידענע טרויעריגע און הימעל-שרייענדיגע בילדער און סצענעס, איפרודערנדיגע עוולות און נבלות, און ער, דער שרף, מונטערט אים אויף צו אַנטפלעקען „פאַר דער וועלט" די מעשים תעתועים, וואָס ווערען אָבגעטאָן, און „אַוועקשטעלען די שולדיגע פונ׳ם פאָלקס צרות צום שאַנד-סלופ פאַר די אויגען פון דער זון"... פון דענסטמאָל אָן בעווייזט זיך אין „המגיד", „העברי", „היהדות" און „כנסת הגדולה" דער „שר של ים" מיט זיינע בייסענדיגע „מכתבים", און אויך זיינע בריף אין „המליץ" און „הצפירה", אין וועלכע ער רופט אָן די לייט מיט׳ן נאָמען און זייערע מעשים טובים מיט׳ן נאָמען... ער שרייבט וועגען די שפיטאָלען און „הקדשים", וועגען דער קאָראָבקע און בתי-מרחצאות, וועגען די תלמוד-תורות און דעם פערדאָרבענעם הינוך פון יודישע זיהן און טעכטער. ער האָט אויך געשריבען וועגען דעם שפּל׳ן מצב פון דער יודישער פרוי און איז אַריין אין התפעלות פון ווייסבערגס ווערק וועגען דעם „מצב פון דער יודישער פרוי על פּי התלמוד". ער איז אָנגעפאַלען מיט גאַל אויף אונזערע משכילים, וואָס האָבען מבזה געווען דעם לשון פון אָרימען פאָלק, שרייבען ניט פאַר אים און „לאָזען אים אומקומען אין חושך"...

מוח האָט ניט געשאַנעוועט די רייכע, קיינעם ניט גע׳חנפ׳עט, ער האָט פאַר קיינעם קיין מורא ניט געהאַט, ער איז אַ העלד געווען אין די יונגערע יאָרען זיינע. ער האָט אין זיך פייער, טעמפּעראַמענט און אייגענאַרטיגען טאַלענט געהאַט. און מ׳האָט גע-ציטערט פאַר אים, פאַר׳ן שר של ים, מ׳האָט מורא געהאַט אַריינצופאַלען אין זיינע „מכתבים", מ׳האָט געפרובט זיך חנפ׳ענען צו אים, אָבער אָפטער אים רודפ׳ן און אָנ-פאַלען אויף אים. אַנדערע האָבען אים אויך אויסגענוצט פאַר אַ געצייג פאַר זיך קעגען זייערע געגנער, אויסגענוצט זיין אייגענאַרטיגע תמימות אין דעם פאַל. וואָרום כאָטש ער איז געווען אַ זעלטענער פיקה, האָט ער פונדעסטוועגען אין זיך געהאַט אַ מאָדנע נאַאיווקייט.

מוח האָט אָנגעשריבען הונדערטער אַרטיקלען וועגען אַלע וואונדען פון יודישען לעבען. די רעדאַקציעס האָבען זיך געפרעהט מיט זיי און דער עולם לעזער האָט „געשלונגען זיינע מאמרים ווי אַ פרישען ווייטרויב איידער ס׳איז נאָך זומער געוואָרען".

ווען מיר לייענען היינט אַ סך פון די דאָזיגע מאמרים זיינע, קענען מיר, אמת, אָפט נאָר ווייניג און אפשר גאָרנישט אַרויסטראָגען פון זיי. מיר בעגעגענען אין זיי ניט קיין ווייטען בליק, קיין איבעריגע טיפקייט און בכלל קיין וועלכען ניט איז אַרומנעם פון דער סאָציאַל-פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער סביבה פון דער עפּאָכע. אָבער דאַן איז אָן אַנדער צייט געווען, דער דור איז אָן אַנדערער געווען, מיט אַנדערע אינטערעסען, פערלאַנגען און מושגים. די טאָג-טעגליכע פראַגען זיינען געווען קטנות׳דיגע און די פאָדערונגען, בעגריפען און געשמאַקען זיינען געווען קליינליכע. די לעזער זיינען געווען קליינשטעטעלשע, בעלי-בתישע מיט זעהר בעגרעניצטע בליקען אויפ׳ן לעבען און מיט אַ גאַנ׳ן שוואַכען חוש און געשמאַק אין ענינים פון ליטעראַטור און פּרעסע. איז די ליטעראַטור און די פּרעסע אויך געווען נאָכ׳ן דור נאָך. אָבער דערפאַר האָט דער שר של ים איבערגעלאָזען אַ גאַנצע סעריע „מכתבים", וואָס האָבען אַ געוויסען היסטאָרישען, פּובלי-ציסטישען און אפילו ליטעראַרישען ווערט. דאָס זיינען די „מכתבים משר של ים", וואָס איהם איז געלונגען איבערצודרוקען אַדאַנק זיינע עטליכע גוטע פריינד (ג. ב. יאַקאָבי, יצחק נאָלדמאַן, נחמיה גאָטאַנאָהן – מחבר פון „שפת אמת", רייכערסאָן, יעקב ווערבער-

רעדאַקטאָר פון „העברי", ה. ל. מאַרקאָן, דענעבאָרגער ראַבינער ר' שמואל גרשוני דער קיעווער יודישער צענזאָר א. קאַראַסיק, אלעזר שולמאַן, יצחק סובאלסקי — רעדאַקטאָר פון כנסת „הגדולה" און „הדגל", און אַנדערע), וואָס האָבען אים געשטיצט מאַטעריעל און גייסטיג. אין תרמ"ה איז אין וואַרשא אַרויס דער ערשטער טייל, אין תרמ"ו — דער צווייטער, אין תרמ"ז - דער דריטער, אין תרמ"ח - דער פערטער און אין תרמ"ט - דער פינפטער.

אין תרמ"ב האָט מזה נעהאַט אַביסעל געלט פון זיין וואָיאַושערייַ און אים פאַלט איין אַ פלאַן צו ווערען אַליין אַן אַרויסגעבער. ער ווענדעט זיך כמעט צו אַלע העברעאישע שריפטשטעלער פון יענער צייט מיט אַ בקשה צוצושיקען אים „פון די פרוכטען פון זייער פעדער" פאַר אַ זאַמעלבוך „גן פרחים", וואָס ער וויל אַרויסגעבען. ער זאָגט זיי אַפילו צו האָנאָראַר, וואָס איז דענסטמאָל געווען כמעט אַ נייס אין דער יודישער ליטעראַרישער וועלטעל. און מ'רופט זיך אָפּ אויף זיינע בריף און אַלע דעמאָלטיגע גדולים שיקען אים מאמרים, ספורים, שירים, ביאורים און הידות, ביאָגראַפיעס און היסטאָרישע אַרטיקלען. און אינ'ם דערמאָנטען יאָר געהט אַרויס אין ווילנא דער ערשטער בוך „גן פרחים", אין תר"ן - דער צווייטער און אין תרנ"א — דער דריטער, וואָס נעהט אַרויס אין תרנ"ג אין אַ צווייטער אויפלאַגע. דער פערטער זאַמעלבוך געהט אַרויס אין בערדיטשעוו אין תרנ"ב אונטערן נאָמען „פרחים ושושנים". אין די דאָזיגע זאַמעלביכער בעגעגענען מיר צווישען אַנדערע אָנטיילנעמער די נעמען פון: ר"א ברוידעס, ש. י. פין, מ. פלונגיאַן, ד"ר א. א. עהרליך, מ. רייכערסאָן, י. רייפמאַן, ה. צ. לערנער, ר"ת ברלין, ד"ר ר. קאַלישער, ד"ר יהודה ליב לעווינזאָהן, א. ב. גאָטלאָבער, ד"ר ש. מאַנדעלקערן, ד"ר י. קאַמינער, י. י. ווייסבערג, יהל"ל, ג. סאָקאָלאָוו, י. ה. טאַוויאָוו, מיכל נאָרדאָן, י. ל. גאָרדאָן, אלעזר שולמאַן, ש"י איש הורוויץ, ד. פרישמאַן („עכביש ודרור", „הוא נפטר"), י. ל. פרץ („המקובלים", „ווענוס ושולמית", „עניה סוערה"). די דאָזיגע נעמען בעווייזען קלאָר, אַז די גרעסטע העברעאישע שריפטשטעלער און דיכטער פון זיין צייט האָבען געפיהלט אַ כבוד צו מזה'ן. מיט זעהר פיל פון זיי האָט ער זיך דורכגעשריבען און איז געווען מיט זיי נאָהנט בעפריינדעט.

דער „גן פרחים" האָט קיין סך ניט אויפגעטאָן. ער האָט צוזאַמען מיט גוטע זאַכען געבראַכט מיט זיך אַ גאַנצען באַלאַסט משכילישע ביאורים אויף פסוקים און מאמרים פון תלמוד און מדרשים. מיט די דעמאָלטיגע אָנגעוועהטאָגטע פראַגען פונ'ם יודישען לעבען אין דער תקופה וואָס נאָך די פּאָגראָמען פון אָנהייב 80-ער יאָרען האָט ער זיך ניט פערנומען און איז געשוואומען אַזוי ווי אין די וואָלקענס. אָבער בכל אופן זיינען זיי פאָרט געווען ליטעראַרישע זאַמלביכער, בעזונדערס די לעצטע. דאָס האָבען אָנערקענט אויך פרץ סמאָלענסקין און י. ל. גאָרדאָן.

אין יאָר תרמ"ה האָט ער צוזאַמען מיט ראובן אָשר ברוידעס אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אין לעמבערג אַ צוויי-וועכענטליכען העברעאישען זשורנאַל „היהדות". ס'זיינען אַרויס בלויז פיר נומערן.

אין תרמ"ו איז אַרויס אַ פאַמפלעט קעגען צעדערבוימען, דעם רעדאַקטאָר פון „המליץ", מיט'ן נאָמען „טפח מנולה", אונטערגעשריבען מזה. דעם ביכעל האָט כמעט אינגאַנצען צונויפגעשטעלט י. ל. גאָרדאָן, וועלכער האָט אויסגענוצט מזה'ן צו זיינע צוועקען.

אין תרמ"ט איז אַרויס זיין „במות ישחק" וועגען טעאַטער. מיט'ן „פרחים ושושנים", וואָס איז, ווי שוין דערמאָנט, אַרויס אין תרנ"ב אין בערדיטשעוו אַלס דער פערטער „גן פרחים", פערענדיגט זיך מזה'ס אַרויסגעבערישע טעטיגקייט.

אין תרנ"ג געהט אַרויס אין וואַרשאָ (מיט דער הילף פון זיינע רייכע גוטע פריינד) דער ערשטער טייל „האשל", וואָס איז אין תרנ"ד אַרויס אין אַ צווייטער אויפלאַגע מיט הוספות, און אין זעלבינען תרנ"ד אויך דער צווייטער טייל. דאָס זיינען זאַמלונגען פון זיינע ווערק — ספורים, שירים און מאמרים.

אין איין מאמר פון די „מכתבים" אינ'ם ערשטען טייל „הָאֶשְׁל" דערגרייכט מוח צו אַ העכער מדרגה, שטעלענדיג די פראַגע וועגען דעם עתיד פון ישראל און זיין תכלית. דאָ פראָפּאַגאַנדירט ער די אידעע פון ערד-אַרבייט און מלאכה, פון עמיגרירען קיין ארץ-ישראל און אַמעריקע.

אינ'ם צווייטען טייל „האשל" אינ'ם גרויסען מאמר „מספר מסעותי" גיסט ער אויס זיין הארץ איבער אַ ליטעראַרישען אומגליק, וואָס האָט איהם לגמרי דערשלאָגען. רייזענדיג איבער'ן יודישען „תחום", האָט ער אַ משך פון צוואַנציג יאָר געשריבען אַ טאָגבוך, אַ „ספר הזכרונות" אָדער „ספר המסעות". אַלץ, וואָס ער האָט געזעהן, האָט ער פערשריבען אין דעם דאָזיגען ספר. ער האָט דאָ געשילדערט דעם מצב פון די יודישע שטעדט און שטעדטלעך, וואו ער איז דורכגעפאָהרען, איטליכע קהילה מיט אירע מנהגים, תקנות און תקלות. אַ גאַנצער אוצר איז דער דאָזיגער ספר געווען פאַר דער געשיכטע פון די קהילות און פאַר די מעשים פון זיין דור. און אָט דער דאָזיגער מאַנוסקריפּט איז פערניכטעט געוואָרען. אין תרנ"ב, כ"א באייר, איז אינ'ם האָטעל „לאָנדאָן" אין בערדיטשעוו, וואו ער האָט דענסטמאָל געוואוינט, אויסגעבראָכען אַ שריפה. ער איז דאַן געזעסען אין זיין צימער און האָט געשריבען, – אין מיטען דערינען האָט זיך דורך די טירען פון אַלע זייטען אַרום אַריינגעריסען צו איהם דער פייער. ער איז געווען אַ האָר פון טויט, נור ער האָט זיך מיט גבורה אַ ריס געטאָן צווישען די צינגער פייער, וואָס האָט פערכאַפּט זיין בעט און זיינע בגדים און איהם גורם געווען אַ סך וואונדען אויפ'ן געזיכט, אויף די הענט און אויפ'ן לייב. אין דעם דאָזיגען מאָמענט זיינען פערברענט געוואָרען אַלע זיינע כתבים, דערין אויך זיין „ספר המסעות". אויף דער דאָזיגער אבידה האָט ער זיך שטאַרק מצער געווען, און ווען ער פלעגט זיך נור דערמאָנען דעריין, פלעגט אים פערקלעמען דאָס האַרץ און ער פלעגט ריידען וועגען זיין פערלאָרען-געגאַנגענעם ספר, ווי וועגען אַ יונג-פערשטאָרבענעם בן יחיד.

נאָך דעם האָט ער נאָך אַביסעל ממשיך געווען זיינע נסיעות אויף דרום, האָט זיך סוף כל סוף אומגעקערט צוריק קיין ליטא און האָט זיך שוין אויף אַלעמאָל בעזעצט אין ווילנא, וואו ער האָט אָבגעלעבט די לעצטע פינף און צוואַנציג יאָר אויף איין אָרט אין איין און דעם זעלבינען צימערל אויף סובעטשער גאַס. ווי פריהער האָט ער גאַנצע פינף און דרייסיג יאָר לאַנג ניט געקענט איינזיצען אויף איין אָרט און ווי עפּעס אַן אימפּעט האָט איהם געטראָגען פון אָרט צו אָרט אויף טויזענטער ווייאָרסטען, – פּונקט אַזוי, פערקערט, האָט ער די לעצטע פינף און צוואַנציג יאָר פון זיין לאַנגען טרויערינען לעבען אוועקגעזעצט זיך און שוין מער זיך ניט געקענט רירען פון אָרט. סיבות דערצו זיינען אפשר געווען עטליכע: די קאַטאַסטראָפע מיט זיין ספר, וועלכער איז געווען דער צוועק פון זיין לעבען, די שרעקליכע איינזאַמקייט פונ'ם אייבינען נע ונד זיין; און אפשר אויך די נעגאַטיווע בעציהונג צו די דרום'דיגע יודען און, פאַרקעהרט, די ליבע צו די „בני ליטא היקרים", וואָס האָבען האָלט מלאכה און אַרבייט, וואָס צייכענען זיך אויס מיט זייער דעמאָקראַטישקייט, געזעלשאַפטליכקייט און מיט זייער וואַרימער בעציהונג צו זייערע מיטמענשען.

און ווי פריהער מיט 25 יאָר האָט מען זיין נאָמען געקענט בעגעגענען כמעט אין אַלע העברעאישע און יודישע צייטשריפטען, וועלכע האָבען איהם פערערכענט פאַר זייער שטענדיגען מיטאַרבייטער (דער „הויזפריינד" רעכענט איהם אפילו צווישען דעם „בעסטן ביסעל טאַלאַנטען, וואָס מיר פערמאָגען"), – פּונקט אַזוי, פערקערט, איז פון מיטען די 90-ער יאָרען אָן זיין נאָמען אזוי ווי אויסגעמעקט געוואָרען פון דער פּרעסע. פון דענסטמאָל אָן איז מוח אַרונטער פון דער זשורנאַליסטישער סצענע. מ'האָט זיין נאָמען אפשר נאָך געקענט אַ מאָל טרעפען אין סובאַלסקי'ס לאָנדאָנער „הדגל" און אין „ווילנער וואָכענבלאַט".

אָבער מוח האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט שרייבען און דרוקען. ער האָט זיך

אַוועקגעזעצט אין זיין קבר'דיגען צימערל אויף סובעטשער גאַס אין ווילנא און האָט אָהן אויפהער אָבגעאַרבייט גאַנצע 25 יאָר – פאַר'ן פשוט'ן פאָלק אויף זיין ניטגעקינצעלטען לשון.

ער האָט נאָך אין משך פון דער דאָזיגער צייט (אַלץ מיט דער הילף פון זיינע געצעהלטע פריינד) אָבגעדרוקט די דאָזיגע ספרים אין העברעאיש: „ספורי ישראל", „האמת הדין והשלום" (וועגען די ליטווישע יודען), „למען האמת", „הנסתרות והנגלות", „משלי יהושע" (אַפאָריזמען; איינינע זיינען געווען נעדרוקט אין „העברי"), „אוצר חדש או ספר מלים" (מעשה'לעך, גלייב-ווערטלעך, וויצען; אַרויס סך-הכל אות א') דורך אליהו חלאַוונאַוויטש אין ווילנא תרנ"ה, „תמת עבריה" (אַ היסטאָרישע דראַמע אין פיר אַקטען) אין ווילנא תרס"ד, „עלילת שוא או אשת קנאות" (אַן ערצעהלונג פון לעבען אין אַ דראַמאַטישער פאָרם; ווילנא תרס"ח). אָבער דער-עיקר האָט ער געשריבען אין יודיש: גאַנצע ביכער און גוזמאות פאָלקס-מעשה'לעך. איבערגעבען אַ פולשטענדיגע רשימה פון אַלע זיינע ספרים און פאָלקס-מעשה'לעך אין יודיש איז פשוט אוממעגליך, מחמת זייער צאָל שטייגט אַריבער זעקס הונדערט און מאַסען פון זיי זיינען פערפאַלען געוואָרען, אָדער זיינען געדרוקט אָהן זיין אונטערשריפט, ווייל ניט איין פערלעגער האָט געהאַלטען פאַר גאַניץ יושר'דיג צו גנב'נען ביי מזה'ן זיינע מעשה'לעך, „וואָס שיטען זיך פון איהם אַזוי ווי פון אַרבעל"... אָבער אפילו די ניטפולשטענדיגע רשימה גיט אויך אַ בגריף, וואָס דער דאָזיגער אָרימער פאָלקס-מענש-האָט איבערגעלאָזען.

גרעסערע ווערק: א) „שבט יהודה השלם"–בעאַרבייט יהלו"ם (יהושע הלוי מזה). ווילנא, תרנ"ה, הוצאת יצחק פונק. בעשרייבונג פון אַלע צרות, גזירות און פורעניות פון חורבן בית שני אָן ביז די לעצטע יאָרהונדערטען אין אַלע לענדער פון תפוצות הגולה, פון דער אינקוויזיציע און אַלע מסעי הצלב (צוועלף טייל).

ב) „נדחי יהודה"–ערשטער המשך פון „שבט יהודה" (מיטעלאַלטער). ווילנא, תרס"א. הוצאת מ. קאַצענעלענבאָגען.

ג) „נדחי ישראל"–צווייטער המשך פון „שבט יהודה השלם", ווילנא, תרס"א, אויסגאַבע פון חיים מירמאַן פון דווינסק (אינקוויזיציע און גירוש שפאַניע).

ד) „שבט יהודה"–צוויי טייל (גזירות ת"ח ות"ת און מסעי הצלב).

ה) „שארית ישראל" (דריי טייל)–ווילנא, תרס"ב, אויסגאַבע פיראָזשניקאָוו. ערשטער טייל: הריגות ושחיטות, בלבולים און עלילות-דם, אינקוויזיציע און גירושים אין שפאַניע, איטאַליע און אַנדערע לענדער; צווייטער טייל: נשיאים אין בבל און פרס; דריטער טייל: מסע-הצלב.

ו) „מסע הצלב הראשון", ז) „מסע-הצלב השני" און ח) „מסע-הצלב השלישי".

ט) „עלילת דם אין ירושלים"–אַ טעאַטער-פאָרשטעלונג אין פיר אַקטען און פינף בילדער. ווילנא תר"ע.

י) „ספורי ירושלים"–ווילנא תרס"ב, פינפטע אויפלאַגע, י. פונק.

יא) „ספורי עם", יב) „ספורי התלמוד" (געווען געדרוקט אין „הויזפריינד")

יג) „פערל פון ים התלמוד", יד) „אשפאַציר-שפיעל אויפ'ן ים התלמוד".

טו) „ספורי ישורון"–וואונדערבאַר-שיינע ערצעהלונגען פון תלמוד און מדרשים מיט הערות, ווילנא תרס"ג, פערל. שרעבערק. אויפגעקליבען מיט אַ סדר און אַ טעם.

טז) „דער בעל שם טוב" (ר' ישראל בעש"ט) - ווילנא תרס"ט, הוצאת שרעבערק.

יז) „ספורי צדיקים"–וואונדערליכע מעשיות פון בעש"ט–ווילנא תרס"ט, הוצ. שרעבערק.

יח) „תלמידי בעש"ט"-ווילנא תרס"ט, הוצ. שרעבערק.

יט) „בית רבי" (דער אַלטער רבי ר' שניאור זלמן פון לאדי)–ווילנא תרס"ד, הוצ. שרעבערק,

כ) „בית רבי" (דער מיטעלער רבי און זיין איידים)–צונויפגעשטעלט ח. מ. היילמאַן און איבערגעקוקט און פערבעסערט י. מזה–ווילנא תרס"ה. הוצ. שרעבערק.

כא) „אַלכּסנדר מוקדון“ (צוויי טייל). כב) „תולדות אַנטאָקאָלסקי“.
כג) „ליפאָלד דער יודישער אומגליקליכער מיניסטער“ (אויך העבר. אין „האֶשל“).
ווייטער געהען ביכלעך צו 32 זייטלעך אין איטליכען (אַ קורצע רשימה):

1. לעגענדעס און מעשה׳לעך: אברהם אבינו אין קאַלך-אויווען; דער הייליגער קוש (ווי משה רבינו האָט פערלאָזען די וועלט); דער כּישוף-קרעפּאָסט (אַ מעשה וועגען יהושוע בן נון); שלמה המלך אָדער די פערטריבענע בת מלכּה; אליהו הנביא; בת יפתח; דער פערשאָלטענער בער (נבוכדנצר); דער תּנא רבי יהושע; דער תּנא רבי שמעון בן יוחאי; דער תּנא רבי אלעזר; דער גוטער חבר אין גן עדן (וועגען רש״י); רבי מאיר בעל-הנס; דער הייליגער חתן (רבי אלעזר בן רבי שמעון בר יוחאי); אַ הייליגע בעט פליהט (וועגען ר׳ שמעון בר יוחאי); דער ווייסער אָדלער (וועגען רבי חייא); די אויסגעלייטערטע נשמה (אַ מעשה מיט די קינדער פון רבינו נתנאל); אויסנעטאָן די פאַנטאָפעל (מהר״ם מרוטענבערג); דער ליכטינער שטערן (רבינו יצחק לוריא — האר״י); רבי חיים וויטאַל; דער שרעקליכער גאַסט (פון די צייטען פון ר׳ חיים וויטאַל); דעם רמב״נ׳ס מופתים; דער וואונדערליכער שפּינעלע (רבינו חיים ן׳ עטר); רבי ישראל בעש״ט; די הייליגע קמיע (פון בעש״ט); דעם גראַפס קראַנקע טאָכטער (מעשה פון בעש״ט); אַ ווילדע קאַץ (מעשה פון בעש״ט); דער וואונדערליכער בריף (מעשה פון בעש״ט); פערבאָרגענער צדיק (בעש״ט; געווען געדרוקט אין „יודישען פאָלקסבלאַט“); דער מלאך גבריאל (עלילת דם אין די צייטען פון בעש״ט); זיבען וואונדער פון בעש״ט און זיינע תּלמידים; די פערבאָרגענע ליבע (הרב מאפּטע); די געטריייע שוועסטער (מעשה הרב מקאָזעניץ); רבי שניאור זלמן פון לאַדי; דער בעל שם אָדער אַ שיינער חלום (ווירמייזא); דער כּוח פון צדקה (אַ מעשה פון ארץ ישראל); די כּישוף-גאַנז (אַ מעשה נורא פון ווירמייזא); די צוויי וואַסערטרעגער (אַ פאָלקס-מעשה׳לע); דער מכשף; אַ ווילנער לעגענדע; אַ בוקעט פרישע בלומען (אַ לעגענדע וועגען דער גרינדונג פון ווילנא); דער בעשערטער שידוך (וועגען די ערשטע חסידישע שטיבלעך אין ווילנא); דער שרעקליכער חלום (אַ גרויסער בלבול אויף יודען); תולדות ר׳ עקיבא אייגער; יודישע נסים אין ווירמייזא; מרדכי הצדיק; וואונדערליכע מעשיות פון דער שטאָט ווירמייזא; ספּורים נעימים; נסים ונפלאות; דער אַשמדאי; דער וואונדערליכער אוצר; וואונדערליכע ספּורים; קרעטשמע אין וואַלד; ריכטינער מגן דוד.

2. פּאָפּולער-וויסענשאַפטליכע: די וואַלדמענשען; די אַפען; דער לייב; דער לעאָפּאַרד; דער העלפאַנד; דער טיגער; דער בער; דער אַייזבער; דער וואָלף; דער פוקס; דער קעמעל; דער הירש; דער אָקס; די קוה; ים-פערד; שטרויספויגעל; רויבפויגעל; דער אָדלער; לאַנגפיסיגע פויגעל; שיינע פויגעל; די טויב; נאַכטיגאַל; דער מענשענפרעסער; סלמנדרא; דער כאַמעלעאָן; דער קראָקאָדיל; די ריזען-שלאַנג; דער לויתן; רויבפיש; בינען; זשיראַף; דער אַמעריקאַנישער יאַגואַר; ערדציטערניש; נאַטור און געוואוינהייט; היפּנאָטיזם; ד״ר פעלדמאַן; דער זכּרון; וויסענשאַפט און היסטאָריע; דער חשק צום לעבען („אהבת החיים“ פון „פרחים ושושנים“); די מולות (פּלאַנעטען); די וועלטליכע חלומות; אַנטיוכוס עפּיפאַנעס; וואונדערליכע ספּורים פון חיות.

3. פערשיידענע: אשת חיל; אַלטע מעשיות און אימער ניי; די נעקויפטע ליבע; די אייפערזיכטיגע פרוי (העבראיש—עלילת שוא); די פייערדיגע ליבע; דורך אומגליק צום גליק; די גאָלדענע בעטעל; דער בעל-תּשובה אין ארץ ישראל; אַ קאָפּ מיט איין אויג (נאָכגעמאַכט קאַרל עמיל פראַנצאָזים „באַראָן שמולע“); די גאָלדענע מטבע; נאַפּאָלעאָן דער ערשטער; דער נאַטור-שדכן אָדער אַ חתונה אין ארץ ישראל; די פערליבטע קיניגין; די פערפירטע אַקטריסע; די פראָסטע כּלה; דער פרומער מיליאָנער; דער הימעל-שדכן; די ערשטע בילדונג אין דער שטאָדט גור (זאַגאָר); די געהיימניש פון וואַרשאָ; דאָס גלעקעלע; דער קצב; ר׳ לעמעל דער פּאַריזער באַנקיר; די פראַנצויזישע ווייבעל; דער אַמעריקאַנער הכם; די יודישע גדולה;

דער יודישער קיניג; דער יודישער דוכס; רעקלאַמען-וועלט; הומאָריסטישער ווערטערביכעל; דער וויצלינג; לוח המזכיר (פון תרנ"ו ביז תרס"ו); כללים אין מענשליכען לעבען (פערלאַג פון זיין זוהן זלמן מוח אין פילאַדעלפיע — אַמעריקע); הגדה של פסח (מיט דריי פירושים: נסים ונפלאות, משלי יהושע, גאולת ישראל ממצרים); שיר השירים (מיט אַ נייער איבערזעצונג און אַ פירוש משלי יהושע); איכה און מגילת אסתר מיט פירושים. (אין משך פון זיין לאַנגער ליטעראַרישער טעטיגקייט האָט זיך מוח בענוצט מיט העכער צוואַנציג פסעוודאָנימען: יהושע בר"ח סג"ל, יהושע ברח"ס, סג"ל, יח"ס על דל, יח"ס מזה, יח"ס, י"ס, יהלו"ם, שר של ים, אַ רייזענדער איפ'ן ים, נירטעל, לעטרינג און אַ סך אַנדערע. — ער האָט איבערגעלאָזען אַ מאַסע ווערק אין כתב-יד).

די דאָזיגע מעשה'לעך זיינען פערשפרייט צווישען די יודישע פאָלקס-מאַסען אין גאַנץ רוסלאַנד, ליטע און פוילען, גאַליציע, בוקאָווינע, רומעניע און אַמעריקע אין הונדערטער טויזענטער עקזעמפּלאַרען. האָט דאָך מזה אין פלוג גענאַרפט זיין אַן עשיר און זיין עלטער — ניגוג געזיכערט ... ער איז אָבער כל-ימיו געווען און געבליבען אַן אביון שבאביונים, וואָס האָט אייביג גענאַרפט אָנקומען צום מענשענס גאָב אין אַן איידעלערער אָדער אַ גרעבערער פאָרם. פאַר זיינע חבורים האָט ער זעלטען בעקומען געצאָלט מיט געלד. די אַרויסגעבער פלעגען אים ס'רוב אָנשטאָט געלט געבען אַ געוויסע צאָל עקזעמפּלאַרען, וואָס ער פלעגט אַליין מוזען פערקויפען צווישען זיינע פריינד און בעקאַנטע אין ווילנע און אין אַנדערע שטעט, לויט'ן אַלטען גוט-בעקאַנטען מנהג פון די אַמאָליגע מחברים, וואָס פלעגען אַליין ברענגען זייערע חבורים אין די הייזער פון די גבירים „המשכילים החכמים והנכבדים" און בעקומען פאַר זיי אַ גרעסערען אָדער אַ קלענערען סכום גראָשענס און ביי אַזוינע בעדינגונגען, וואָס פלעגען אים מאַכען פשוט פאַר אַ „מקבל" און דעם קונה פונ'ם „חיבור" — פאַר אַ „נותן", וועלכער האָט געקוקט אויף אים, ווי אויף אַ „קבצן", אַ נידעריגערע בריאה. מ'פלעגט אים ניט זעלטען שטאַרק מבזה זיין, פשוט שופך-דמים זיין... ער איז אָבער די לעצטע יאָרען זעהר אָבגעלאָזען געוואָרען אין אַלע פרטים און האָט שוין אויף קיין זאַך ניט רעאַגירט. ער האָט אויף אַלץ געענטפערט מיט אַ שמייכעל און מיט אַ וויץ. און וויצען האָט ער פערמאָגט אַ סך, אָהן אַ צאָל, און זעהר אָפט גאַנץ שאַרפע — — —

ער האָט שרעקליך פיל געליטען דחקות, אָבער ער האָט צו קיינעם קיין טענות ניט געהאַט, ער איז קיינמאָל ניט געקומען מיט פרעטענזיעס, אַז ער האָט אַזוי פיל און אַזוי פיל אויפגעטאָן פאַר דער ליטעראַטור, פאַר דער העברעאישער אָדער פאַר דער יודישער ...

בטבע איז מזה געווען אַ גוטער, האָט פיינט געהאַט שקר און מחלוקת און איז געווען אַ נוח לרצות. מיט וואָס ער האָט נור געקענט האָט ער געהאָלפען קלמן שולמאַנען; האָט פערגעטערט גאָטלאָבער'ן; האָט זיך נאָכדעם מצער געוואָרען פאַר'ן בעליידיגען צעדערבוימען און האָט מיט די איידעלסטע האַרציגסטע ווערטער איבערגעבעטען יהל"ל'ן, מיט וועמען ער איז געווען צוקריגט; האָט מיט די ריהרענדיגסטע ווערטער און אויסדריקען בעוויינט דעם טרויעריגען גורל פונ'ם אומגליקליכען מיכל נאָרדאָנען, ווי בכלל דעם טרויעריגען מצב פון אַ שרייבער ביי יודען; פערטיידיגט פרישמאַנען קעגען ליליענבלומען, מיט וועמען ער האָט זיך מתווכח געווען אויף אַן איידעלען אופן, וואָס מ'טרעפט דאָס זעלטען אין אונזער פרעסע; אַז י. ל. נאָרדאָן האָט מזה'ן צוגעשיקט געלט פאַר'ן „גן פרחים" און אַנדערע ספרים, וואָס מזה האָט אים געשיקט, האָט מזה אָבגעשיקט דאָס געלט צוריק מיט אַ בעליידיגטען טאָן, אַז ער איז נאָך ניט אַזאַ אוהב-בצע, — און אַזוי ווייטער פאַקטען אָהן אַ צאָל.

און כאָטש מזה וואָלט אפשר געקענט מאַטעריעל גליקליכער זיין, ווען ער וואָלט געבליבען אַ סוחר אָדער אַ וואָיאַזשאָר, איז ער פונדעסטוועגען געבליבען אַ שרייבער. „יסר יסרני יה" — גאָט האָט מיך געשטראָפט מיט עפּעס אַ דיבוק, וואָס טרייבט מיך צו שרייבען. איך האָב שוין וויפיל מאָל געוואָלט וואַרפען די פעדער, אָבער עפּעס אַ פייער

ברענט אין מיר, עפּעס אַ רוח זיצט אין מיר און בעפעלט מיר: שרייב!" – אַזוי האָט מוח אַליין אויף זיך געשריבען אַמאָל אין איינעם פון זיינע מכתבים.

און אַ מנהג איז ביי איהם געוואָרען צו שרייבען – אַלע וואָך אַ ביכעלע פון 32 עמודים'לעך, אַ הויץ אַנדערע ווערק. ער האָט געשריבען און געשריבען און בעקומען פון זיינע אַרויסגעבער – אַ רובל פאַר אַ ביכעלע, אַ רובל פאַר אַ ביכעלע! אַ רובל אַ וואָך – דאָס איז געווען „צו ווייניג אויף צו לעבען און צו פיל אויף צו שטאַרבען"... איז ער געוואָרען אויף די עלטסטע יאָרען אויך אַ צייטונגס-פערקויפער... אַ זקן פלעגט ער דאַרפען טראָגען צו זיינע „אַבאָנענטען" אין שטוב אַריין, אָפט אויפ'ן פערטען נאָרן, אַ „הזמן", אַ „ווילנער וואָכענבלאַט", צו וועלכע ער פלעגט נאָך צוגעבען אַ ביילאַגע – איינעם פון זיינע אייגענע חבורים...

און מוח האָט אָבגעלעבט גאַנצע פינף-און-צוואַנציג יאָר – אין אַ צימערל אָהן אַ פּאָרהויז, מיט דער טיר גלייך אין דרויסען אַרויס, פיר אַרשין די לענג און דריי די ברייט-אַן עכטער קבר... פינף און צוואַנציג יאָר ניט נעקאַלכט די ווענט און דעם סופיט און ניט נעקערט די דיל, ניט געעפענט דעם קליינעם פענסטער און ניט אָבגעווישט די וואַקסענדיגע שטויב... די שויבען שוואַרץ, פערקלעפּט און שמוציג, שוואַרצע נאַסע ווענט, אַ פער'חושכ'טע נאַסע סטעליע; אַלע פיר ווינקעלעך, די ווענט, דער פענסטער און דער סופיט – בעצויגען מיט אַ געדיכטען נעץ פון שפּינוועבס, אַן אַלטע צובראָכענע בעטעל מיט אַלטע פערפוילטע שמאַטעס און פון אויבען – ביכער, ביכלעך, זשורנאַלען, צייטונגען און כתבים... אַ משונה'דיגער טישעל אָנגעשטעלט מיט טינטערס, שיסעלעך, אַלטע שמוציגע טובלע פלאַשען פון טינט, נעפּט און אייל, און אָנגעלעגט מיט האַלטערס, פענעס, בלייפעדערס, גריפלען, טאָוולען און ביכער, ביכלעך, צייטונגען און כתבים, כתבים אָהן אַ צאָל... אויפ'ן פענסטער און אין ספּעציפישע ווילנער נישעס מיט פּאָלי-צעס – ווידער אָנגעשטעלט מיט פּוסטע פלאַשען פון טינט, נעפּט און אייל, טעפּלעך, שיסלען און צובראָכענע טעלערס, טאַסען, לעמפּלעך, לייכטערלעך מיט אָבגעברענטע שטיקלעך ליכט... אַ סקריפּענדיגער שטול... און אויף דער ערד – גאַנצע בערג בלאָטע און שמוץ, און דערויף – ביכער, ביכלעך, זשורנאַלען, גאַזעטען און כתבים, כתבים אָהן אַ צאָל פון אונטען ביז אַרויף כמעט ביז צום סופיט... אַ געדיכטער חושך און אַן איינגענעסענע פערדאָרבענע לופט, וואָס שטיקט און סמ'ט – – –

און כמעט קיינער האָט זיך ניט אינטערעסירט מיט זיין לעבען, אפילו די, וועמען ער האָט אַמאָל טובות געטאָן...

בלויז איינמאל האָט זיך אָבגערופען אַ שריפטשטעלער וועגען מוח'ס עלענד—שנייפאַל אין „פריינד" 1912. און אויף דעם דאָזיגען אַרטיקעל האָט זיך אין „היינט" נומ' 201 פונ'ם זעלבינען יאָר אָבגערופען אויך בלויז איינער – דער קראַנקער שלום-עליכם—מיט אַ וואַרימען האַרציגען אויפרוף „אל תשליכנו לעת זקנה!" דאָס איז געווען אַ פּאָרוואורף ניט בלויז דער יודישער געזעלשאַפט, נור אויך אַ שאַרפער שטאָך די „חברים שרייבער"... אָבער קיינער האָט זיך ניט אָבגערופען אַפילו אויף שלום-עליכם'ס געשריי פון האַרצען...

און מוח האָט ווידער געלעבט און געליטען, געליטען און געלעבט, געלעבט און געשריבען, – ביז ער האָט שוין מער קיין כח ניט געהאַט צו טראָגען די צייטונגען צו זיינע אַבאָנענטען, ביז ס'זיינען שוין קיין צייטונגען ניט געוואָרען, ביז ער האָט שוין מער קיין כח ניט געהאַט אויך צו שרייבען...

האָבען אים איינינע געגומען צאָלען חודש-געלט. איינינע צאָלער האָבען אָפט אפשר אַליין ניט געהאַט און אַנדערע האָבען אפשר פערגעסען צו צאָלען, און די תנאים פון לעבען זיינען אַלץ ערגער געוואָרען – האָט ניט אויסגעהאַלטען מער דער שטאַרקער פעסטגעבויטער קערפּער פון יהושע מוח... ער איז אַלץ נידעריגער אין וואוקס געוואָרען, אַלץ שוואַכער אויף די פיס געוואָרען, אַפילו זיין אייביג געזונטע און ניט געוויינטליך שטאַרקע ראיה איז אים קאַליע געוואָרען, און ער האָט זיך אָנגעהויבען

קלאָגען אויף פערשיידענע מיחושׂ'ן, וואָס ס'איז גאָר זיין מנהג ניט געווען. ער נעהט אין קעלט, ער נעהט אין פראָסט, ער גיהט דערמאָנען זיינע צאָלער, ער נעהט צום „אָטשערעד“ אין בילינע קיך, ער נעהט—ער קען שוין אָבער מער ניט געהן! ער שטעלט זיך אָפּט אָפּ אָבּ־רוהען און שטעהט אָנגעשפּאַרט אָן אַ וואַנט, אָנגעשפּאַרט אָן אַ סלופּ, ער שטעהט און קוקט, זוכט מיט די אויגען, וויל אימיצען אַ בעקאַנטען דערזעהן, און דערפרייט זיך, ווען ער דערזעהט אימיצען פון די „יונגע“. ווען ער איז מקנא זייער „יונגשאַפט“, קלאָגט זיך — ניט אויף די מענשען, נור אויף דער אַלטקייט, אויף דער שוואַכקייט, — און דערצעהלט ווידער אַ מעשׂה'לע, ווידער אַן אַנעקדאָט, ווידער אַ שאַרפען וויץ...

און באַלד האָט מען אים אויפגעהערט אויך אויפ'ן גאַס צו טרעפען און מ'האָט זיך אָן אים איננאַנצען פערגעסען, ביז אימיצער אַ פרעמדער, אַן אומבעקאַנטער האָט אָנגעוואָגט וואו מ'דאַרף, אַז מות איז געשטאָרבען...

אפשר אויפ'ן מיטען גאַס, אפשר אויף אַ טראָטואַר און אפשר אין זעלביגען פינסטערען, שמוציגען קעלער אויף זאַוואַלנער גאַס, וואו מ'האָט אים דעם לעצטען מאָל געזעהן ליגענדיג אויף דער ערד צוגעדעקט מיט אַן אַלטען צופּ'ילטען זאַק... ער איז געשטאָרבען שטיל, אין חושך, ווייט פון מענשענס אויג, עלענד און פערגעסען פון גאָט און פון לייט...

מיטוואָך כ"ב שבט תרע"ז איז געווען די לויה זיינע. אַרום דער „דירה“, וואו ס'איז יהושע מות'ן בעשערט געווען צו שטאַרבען (זאַוואַלנע גאַס, הויף 45), האָט זיך 12 אַ זיינער בייטאָג אָנגעהויבען קלייבען אַן עולם, כדי אָבצוגעבען דעם פערשטאָרבענעם זיין לעצטען כבוד.

דעם אָרון האָט מען געפירט דורך רודניצקער און דייטשע גאַסען. מ'האָט זיך אָבגעשטעלט אויפ'ן שולהויף און דאָרטען האָט מען מות'ן מספּיד געווען.

אויפ'ן בית־עולם זיינען געקומען בלויז געצעהלטע מענשען, וועלכע האָבען גע־קענט מות'ן ניט פון גאַס, נור פון זיינע ווערק.

א. י. גאָלדשמידט.

# מרדכי יעקב האָבער.

כ"ז שבט תרע"ז איז אין ווילנא געשטאָרבען צו 71 יאָר דער בעוואוסטער בעל־מגיה און בעל־דקדוק מרדכי יעקב בן הלל האָבער. געבאָרען אין ווילנא אין יאָר תרי"ו אין אַן אָרימער מיוחס'דיגער פאַמיליע, האָט האָבער געלערנט אין חדרים און ישיבות אַ סך און מיט גרויס התמדה די תלמודישע ליטעראַטור און זעלבשטענדיג די העברעאישע שפראַך מיט איר דקדוק. ער האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסען בעל־כשרונות און פאַר אַ מושלם און ער וואָלט אַוועק ווייט, נור די שלעכטע תנאים פון זיין לעבען האָבען אים צו זעכצעהן יאָר אַריינגעבראַכט פאַר אַ בעל־מגיה פריהער צו פינען און נאָכדעם צו ראָמען אין דרוק, וואו ער האָט אָבגעאַרבייט איבער 30 יאָר אַ 16-שעה'דיגען אַרבייטס־טאָג פאַר שרעקליך נידעריגע שכירות.

האָבער איז געווען אַ גרויסער בעל־דקדוק און אַ ספּעציאַליסט אַ בעל־מגיה, איבערהויפּט אין נקודות־זאַץ. כל ימיו האָט ער מגיה געווען חומשים, סידורים, מחזורים, ש"ס'ן און בכלל רומיל־ספרים און אויך העברעאישע לערנביכער אין אַלע ווילנער דרוקען.

אין תרמ"ו האָט האָבער מיט דער הילף פון פרענומעראַנטען אָבגעדרוקט אין ווילנא אַ ספר „סדר הלמוד“, וואָס איז אין תרנ"ד אַרויס אין אַ צווייטער פערבעסערטער אויפלאַגע. דאָס איז נאָך מאַפּו'ס „אמון פדגוג“ און שאַצקעס'עס „המפתח“ געווען איינער פון די ערשטע וועלטליכע לערנביכער אויף העברעאיש פאַר קינדער פון די ערשטע שול־יאָרען. יהושע שטיינבערג און רייבערסאָן האָבען ווע׳גען דעם דאָזיגען ספר אַרויסגעזאָגט גוטע מיינונגען און האָבען מעורר געווען צו שטיצען דעם מחבר. אין תרע"ב האָט האָבער אָבגעדרוקט אַ שיינעם בריווענשטעלער אויף העברעאיש — „כותב עברי“

אין כתב־יד האָט ער צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע ווערק איבערגעלאָזען אַ יודישע איבערזעצונג פון תהילים מיט אַ פירוש אויף העברעאיש. די אַלע דריי ספרים צייכענען זיך אויס מיט טיפע חריפות און גרויסע בקיאות הן בנוגע צום לשון הן בנוגע צום תנ"ך, אויך מיט אַ ריינער קלאָרער שפּראַך און אַ לייבטען סגנון.

חוץ דעם האָט האָבער אַרויסגעגעבען צוויי קליינע בראָשורעס אויף יודיש: אין תרס"ב – „דער אידישער יחוס" – אַ התפּעלות'דינער לויבגעזאַנג דעם ציוניזם און דער אויפלעבונג פון'ם יודישען פאָלק; אין תרס"ז – „דער מענש און די מענשהייט" – אַ זאַמלונג פון אייגענע מאָראַלישע גלייכווערטלעך, מוסר־סיטרות און געדאַנקען וועגען דער אויפפירונג פון'ם מענשען און זיין אָרט אין דער נאַטור, וועגען בילדונג און איר בעדייטונג, וועגען היגיענע און געדאַנקען וועגען צייט.

האָבער איז געווען אַ בעל־מטופל מיט אַ גרויסער פאַמיליע; ער האָט כל־ימיו געאַרבייט עבודת־פּרך אויף דער הגהה פון ש"ס מיט די מפרשים, תנ"ך מיט די ביאורים פאַר אַ הונגער־לוין אין פולען זין פון וואָרט; זיין גאַנצען לעבען האָט ער פערבראַכט אין מאוים'דינער דחקות, און – דאָך קיין מאָל ניט אויפגעהערט צו לערנען. ער האָט זיך באמת ממית געווען באהלה של תורה. ער האָט איבערגעלעבט די שוידערליכסטע טראַגעדיעס: ס'זיינען ביי אים אָהן אַ צייט אויסגעשטאָרבען זיין ווייב און אַלע זיינע קינדער, – און ער איז אין זיין פריירער צייט אָהן אויפהער געזעסען אין אַ וויסטער עלענדער דירה פאַר אַ שמילקענדיגען לעמפּעלע און געשריבען...

האָבער איז געווען איינער פון די געצייכטע אידעאַליסטישע נשמות, וואָס געהען אויס אין יסורים, חושך און עלענד, שטיל און פערלאָזען פון נאָט און לייט און לאָזען איבער אַ זכר בלויז ביי נאָהנטע יחידים. דער לעבען און טויט פון אַזוינע פער־וואָרלאָזטע אָריגינעלע עקזעמפּלאַרען איז אַ פאַרוואורף דעם ענאָאיסטישען, זאטען און מיט זיך צופרידענעם עולם, וואָס קוקט זיך אויף זיי ניט אום און כאַפּט זיך אפילו ניט־נאָך זייער טויט.

א. י. גאָלדשמידט.

## ברוך משה בראַז.

שבת ט"ז אדר תרע"ז איז אין ווילנא געשטאָרבען צו 59 יאָר איינער פון די אָריגי־נעלסטע בעלי־זכרונות פון דער שטאָט ווילנא ר' ברוך משה בראַז (ב. מ. ב.). געבאָרען אין סמאָרגאָן אין יאָר תרי"ח אין אַ בעל־הבתישער משפּחה, וועלבע שטאַמט פון ווילנער יחוס, און געבליבען פריה אַ יתום, האָט בראַז בעקומען זיין ערציהונג אין הדר אונטער דער השגחה פון אַ זיידען און אַ באָבען, פון וועמען ער האָט זיך אָנגעהערט אָהן אַ שיעור מעשיות און לעגענדעס פון'ם ניט־לאַנגאָניגען יודישען און ווילנער עבר. נאָכדעם האָט ער יאָרען־לאַנג געלערנט אין ישיבות, דער עיקר אין וואָלאָזין. דאָ האָט ער זיך בעקענט מיט דער השכלה־ליטעראַטור, האָט אַוועקגעוואָרפען דעם רעיון וועגען אַ רבני'שער קאַריערע און איז אין אָנהויב 80־ער יאָרען אַוועקגעפאָרען קיין ווילנא, וואו ער האָט אָבגעלעבט זיין גאַנצען לעבען, פערנעמענדיג זיך פריהער מיט האָלץ־מסחר און דערנאָך מיט העברעאישער לערעריי און נאָך אַזוינע זיבערע עסקים.

בראַז האָט כל־ימיו ניט אויפגעהערט צו פאָרשען דעם שיינעם עבר פון „ירושלים דליטא", וועלבע ער האָט פון קינדרווייז אויף טיף און שטיל געליבט. ער איז געווען דער לעבעדיגער יודישער אַרכיוו, וואָס האָט אַ סך געוואוסט, אַ סך געגעבען און ביי בעסערע בעדינגונגען נאָך אַ סך מעהר געקענט געבען יודיש־היסטאָרישען מאַטעריאַל פאַר אַ שרייבער פון דער יודישער געשיכטע אין ווילנא.

בראַז האָט אָנטייל גענומען כמעט אין אַלע ווילנער יודישע צייטונגען, וואו ער האָט אָבגעדרוקט אַ רייהע זעהר אינטערעסאַנטע היסטאָרישע אַרטיקלען, וואָס זיינען

נעשריבען געוואָרען פשוט, גיט געקינצעלט, עכט פאָלקסטימליך און וואַרים.

אָט איז אַ רשימה פון די דאָזיגע אַרטיקלען:

אין „אידישע צייטונג" 1909 – „ווילנער חזנים" (נומ׳ 138) און „דער ווילנער בעל־הבית׳ל" (156 – 143).

אין „ווילנער וואָכענבלאַט" 1910: „ווילנער פסח׳דיגע מעשה׳לעך", „הומאָר און וויץ" (וועגען ר׳ משה יאָנ, – נום׳ 8); „אַ מת אין דער נאַכט פון תיקון שבועות" (וועגען דעם שטאָט־באָק, – נ׳ 14); „די יודען אין ווילנא" (היסטאָרישע נאָטיצען, – נ׳ 15, 16 און 17); מיט הונדערט יאָר צוריק (הוספות להג"ל, – נ׳ 18 און 19); „אַן אָנדענק דעם ווילנער בעל־הבית׳ל" (נ׳ 19); „דער ווילנער בעל־הבית׳ל" (נ׳ 20); „דער גר צדק" (נ׳ 21 און 22); „יאָרצייט פון ווילנער בעל־הבית׳ל", „דער אַלטער בית עולם" (23); „די בהלה" (די „גזירה" פון ניקאָלאַי I, וואָס האָט אין תקצ"ה (1835) פערבאָטען חתונה צו האָבען: בחורים – יונגער פון 18 יאָר און מיידלעך – יונגער פון 16 יאָר, – נ׳ 24); „די ערשטע סליחות" (דער ערשטער נאַבאָר אין תקפ"ז – 1827, – נ׳ 29 און 30); „אַ ווילנער סוכות׳דיגע מעשה׳לע", „20 יאָר משמרת חו׳ים" (נ׳ 32); „די שמחת־תורה׳דיגע מנהגים אין ווילנא", „דער נעפסלטער אתרוג" (33); „חנוכה אין דער אמאָליגער ווילנא" (41).

אין „ווילנער וואָכענבלאַט" 1911: „ווער איז שולדיג?" (אַ נאָטיץ וועגען מעטריקעס, נ׳ 1); „צוליב אַ שלח־מנות־טאָרט" (אַמאָליגער פורים, – נ׳ 8); „מצה באַקען אַמאָל אין ווילנא" (נ׳ 14); „דער דובאָוונער קאָנצערט פון ה׳ שטיינבערג" (נ׳ 18); „דער ערשטער שבועות אין טהרת הקודש" (נ׳ 20); „ווילנער לעגענדעס: רב מאָניש" נ׳ (28 און 29); „די קצב׳ישע ישיבה (ישיבה דו"ץ, – נ׳ 34); „די פערשטערטע תקיעות" (פון דער רוסיש טערקישער מלחמה, – נ׳ 36); „אַלעקסאַנדער II אין ווילנא יום כפור תרי"ט – 1858", „אַ יום־כפורדיגע ווילנער מעשה׳לע" (פון פוילישען אויפשטאַנד, – נ׳ 37); „די אמאָליגע סוכה" (אַ ווילנער מעשה׳לע, – נ׳ 38 און 39); „דער נייער בנין פון משמרת חולים" (נ׳ 49).

אין „ווילנער וואָכענבלאַט" 1912: „אַ היסטאָרישער שבת (וועגען ערשטען פריזיוו, – נ׳ 6); „אַ היסטאָרישער פורים" (וועגען לעצטען נאַבאָר לויט דער אַלטער סיסטעמע, – נ׳ 7 און 8); „צו דער חזנים־פראַגע" (נ׳ 18 און 20); „מאָנטעפיאָרע אין ווילנא תרל"ב" (נ׳ 25).

אין „ווילנער וואָכענבלאַט" 1913: „גייסטיגע נגינה", – „וועגען לעוואַנדע׳ן" (נ׳ 8); „גייסטיגע נגונים" (נ׳ 10); „ווילנער ראַבינער־שול" (נ׳ 11); „אַ וואונדער־קינד (וועגען אביאסף בערנשטיין, – נ׳ 24); „ווילנער חזנים" (אין 14 המשכים פון נ׳ 24 כסדר ביז נ׳ 37); „פון ווילנער געשיכטע" (וועגען כמעלניצקי׳ן – נ׳ 29); „צום 10־יאָריגען יובילייַ פון טהרת הקודש" (אין 12 המשכים פון נ׳ 38 כסדר ביז נ׳ 49); „מיין זיידענס סוכה" (אוטאָביאָגראַפיש, – נ׳ 41); „פערשטערטע חנוכה־לאַטקעס" (אַוטאָביאָגראַפיש, – נ׳ 51).

אין „טאָג" 1912: „גאַפּאָלעאָן אין ווילנא" (פון נ׳ 131 ביז 201, – ניט פערענדיגט); „יום כפור תרנ"ג אין ווילנא" (וועגען דער גרינדונג פון דער בילינער קיך – נ׳ 196).

אין „פריינד" (ווילנא 1914): „דער אַלטער (ווילנער) בית־עולם און די מלחמה" (נ׳ 107).

אין „ווילנער זאַמעלבוך", ערשטער באַנד, אַ נעקראָלאָג וועגען מאָהילעווער (אברהם חיים עפּרון).

פון די דאָזיגע אַלע דורכאויס וויכטיגע אַרטיקלען האָבען אַ בעזונדערע בעדייטונג פאַר דער קולטור־געשיכטע פונ׳ם ווילנער יודענטום די שוין דערמאָנטע דריי גרויסע ווערק: וועגען דעם „ווילנער בעל־הבית׳ל", וואו בראַז האָט אין העלע פאַרבען און רירענדיגע שטריכען געשילדערט די צאַפּעלדיגע נשמה פון דעם יונגען תמימות׳דיגען געטאָ־קינד אין דער ערשטער העלפט פונ׳ם פאָריגען יאָרהונדערט, אין וועמען ס׳האָבען זיך אָהן רחמנות געראַנגעלט צוויי כוחות – דער כוח פון דער היסטאָרישער טראַדיציע

מיט׳ן כוח פון קינסטלערישען גאון, וואָס האָט זיך געריסען צו נייע ווייטע האָריזאָנטען און איז סוף כל סוף אומגעקומען אָהן אַ צייט אין דער דאָזיגער גייסטיגער מלחמה; וועגען די „ווילנער חונים", וואו בראַז האָט געגעבען אַן אויספירליכע געשיכטע פון דער ווילנער חונות – אַ ווינקעל, וואָס די היסטאָריקער האָבען איהם נאָך עד היום נאָר ניט בעריהרט, – און ענדליך וועגען „טהרת הקודש", וואָס האָט אַ גרויסען ווערט פאַר דער געשיכטע פון דער השכלה אין ווילנא און וואו בראַז האָט איבערגעגעבען אַ סך נייע אומבעוואוסטע פרטים וועגען אד״ם הכהן, מרדכי אהרן גינצבורג, אייזיק מאיר דיק און בנימין מאַנדעלשטאַם.

חוץ דעם האָט בראַז געאַרבייט אַלס כראָניקער אין די אויבענדערמאָנטע צייטונגען און אויך אין „הזמן", „פאָלקסבלאַט" (1911), „שטערן" (1913), „כל-בוניק" (1913) און „דאָס פאָלק" (1915).

אַ סך אַרטיקלען און זכרונות האָט בראַז איבערגעלאָזען אין כתב-יד, אָבער, צום בעדויערן, האָט זיין פאַמיליע זיי ניט געקענט אַיינהיטען און זיי זיינען פערלאָרען געגאַנגען.

דעם גאַנצען לעבען האָט בראַז דורכגעשטופּט אין צער, דחקות און הונגער. ער האָט געהאַנדעלט מיט האָלץ און ס׳האָט איהם ניט געגליקט, ער האָט זיך פערנומען מיט העברעאישער לערערייא און ס׳איז איהם ניט געגאַנגען און אויך די ליטעראַרישע און זשורנאַליסטישע אַרבייט האָט איהם אין קיין פרט לחלוטין גאָרנישט געגעבען. ער האָט זיך בפועל-ממש געצאַפּעלט און געשלאָגען ווי אַ פיש אָן אייז, אומלויפענדיג פון פריהמאָרגען ביז שפּעט ביינאַכט אויף גראָשענע לעקציעס פון העברעאיש, נאָכדעם אַלס נובה און שפעטער אַלס זאַמלער פון כראָניקעס און מודעות פאַר די צייטונגען, וועלכע האָבען איהם אויפ׳ן אַכזריות׳דיגסטען אופן עקספּלואַטירט און אויסגעזויגען.

די לעצטע צייטען האָט בראַז אפילו די דאָזיגע אַלע „פרנסות" שוין אויך ניט געהאַט, און אַזוי איז ער מיט אַ שוואַכע הארץ, פער׳חלש׳ט און פערשמאַכט, אומגע-גאַנגען ווי אַ שאָטען, פערגעסען און פערלאָזען פון אַלעמען, ביז וואַנען ער איז אויס-געגאַנגען פון דחקות.

**א. י. גאָלדשמידט.**

## הרב הד״ר אברהם גאָרדאָן.

כ׳ אדר תרע״ז (14 מערץ נ. ס. 1917) איז אין דער שטיל אַוועק פון אונז ראַבינער ד״ר אברהם מענדיל גאָרדאָן. טרויעריג און איינזאַם זיינען געוועזען די לעצטע צעהן יאָר פון זיין לעבען, און אַזוי איז געוועזען אויך זיין טויט.

פון דער מאַמעס צד אַ אייניקעל פון הר״ר יאַנקעלע פיעסקין, דעם גרויסען ראש-ישיבה פון ר׳ מיילא׳ס קלויז (תקנ״ו-תרל״ה), איז ד״ר גאָרדאָן געבאָרען אין ווילנא 1 פעברואַר 1841 (לויט אַ אַנדער דאָקומענט – דעם 5 דעצעמבער 1843). אין די יונגע יאָרען זיינע, בעת ער האָט געלערענט ביי זיין זיידען אין ישיבה, האָט ער שוין אַרויסגעוויזען גלענצענדע פעהיגקייטען און גרויס התמדה. צו 20 יאָר האָט ער געהאַט סמיכה אויף רבנות.

ווי דער מנהג איז דעמאָלט געוועזען, האָט ער יונג חתונה געהאַט, פאַר זיינע אַ שטיפשוועסטער, האָט אָנגעהויבען האַנדלען און ניך גע׳פּטרט דעם נדן. דאַן האָט ער געוואָרפען דעם מסחר און איז אַוועקגעפאָרען קיין ברעסלוי שטודירען.

דאָ האָט זיך פאַר׳ן יונגען גאָרדאָנען געעפענט אַ נייע וועלט מיט חכמות און וויסענשאַפט. מיט התלהבות האָט ער זיך גענומען אויף ס׳ניי צום לערנען. אין אַפּריל 1870 בעקומט ער אַ שיין פון דער קעניגליכער קאַטוילישער לערער-סעמינאַר, אַז ער קאָן ווערען אַ יודישער עלעמענטאַר-לערער. דעם 24 נאָוועמבער 1874 – נאָכדעם ווי ער

האָט דערלאַנגט זיין געדרוקטע דיסערטאַציע װעגען שפּינאָזאַן *) — בעקומט ער אַ דיפּלאָם פון ברעסלויער אוניװערזיטעט אויף דאָקטאָר־פילאָזאָפיע. ערשט דעמאָלט קומט ער אָן אין ברעסלויער ראַבינער־סעמינאַר. געענדיגט דעם סעמינאַר, בעקומט ער אַ דיפּלאָם אין העברעאיש מיט דער התימה פון אליעזר לאַצאַרוס,—און מ׳שרייבט אויף אים: „רב ומורה בישראל הוא יורה ידין ידין". דעם 27 יאַנואַר 1878 בעקומט ער אויך אַ דיפּלאָם אין דייטש, װאָס גיט אים רעכט צו זיין אַ פּריידינער און ראַבינער. אויפ׳ן דיפּלאָם ויינען—אויסער לאַצאַרוס׳ן—גע׳התמ׳עט פּראָפעסאָר גרעץ צוזאַמען מיט נאָך יודישע גדולים.

אין 1879 יאָר איז ד"ר נאָרדאָן געקומען צוריק קיין װילנא און געשטעלט זיין קאַנדידאַטור צו װערען „קאַזיאָנער רב" אָנשטאָט שעפּטעל קליאַטשקא. ס׳האָט זיך אָנגע־הויבען אַן אַגיטאַציע פון ביידע צדדים. אַפילו „װילענסקי װיעסטניק" האָט געדרוקט אַרטיקלען פון די „קליאַטשקיסטען" און „נאָרדאָניסטען". אָבער קליאַטשקאס רעפּוטאַציע, װי אַ טשינאָװניקס, איז שוין געװען גענוג בעפלעקט דורך לעװאַנדאס פּאַמפלעט אין „יעװרייסקאיאַ ביבליאָטעקאַ" (פּט"ב). די פּאַרטיי פון ד"ר נאָרדאָן, צו װעלכער ס׳ויינען צוגעשטאַנען די דעמאָלדיגע װילנער אינטעליגענץ און אַפילו די אָרטאָדאָקסען (אַנדערע רבנים האָבען אַפילו מורא געהאַט פאַר נאָרדאָנס לומדות) האָט מנצח געװען, און װילנא האָט בעקומען אַ אייראָפּייאיש־געבילדעטען קאַזיאָנעם רב, אַ למדן.

ד"ר נאָרדאָנס 16־יאָריגע רבנות אין װילנא (1879—1894) האָט אַ גרויסע שייכות צו דער געשיכטע פון די װילנער יודען בפרט און די יודען אין רוסלאַנד בכלל.

אין די 70־ער יאָרען פון פאָריגען יאָרהונדערט ויינען די רוסישע יודען נאָך געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער השכלה און אַסימילאַציע. די שולען, די גימ־נאַזיעס און די אוניװערזיטעטען ויינען געװען פריי פאַר יודען, אָהן „פּראָצענטען", און די יודישע יוגענד האָט געשטרעבט אַהין אין די ברייטע שטראָמען. די עלטערען, אַפילו די אָרימסטע טאַטעס, פון די קליינע שטעטלעך, האָבען נור געחלומט און געקװיקט זייער איינגל אין אַ גימנאַזיע אָדער אין אַ רעאַלנע אוטשילישטשע, כדי ער זאָל װערען אַ דאָקטאָר, אַן אַדװאָקאַט, אָדער אַ אינזשענער. װילנא איז געװען פול מיט אַזעלכע יודישע איינגלעך אין מונדירען מיט מעשענע, װייסע און געלע קנעפּלעך. אַפילו אין די מיידעלשע גימנאַזיעס ויינען שוין געװען אַהיבש ביסעל יודישע קינדער; צווישען דער װילנער יודישער אינטעליגענץ ויינען שוין געװען אַזעלכע, װאָס האָבען געענדיגט רוסישע הויכשולען. אין װילנא איז דעמאָלט געװען אַ גאַנצע גרופּע יודישע משכילים, געלעהרטע און ליטעראַטען, װי יהושע שטיינבערג, װאָל, שמואל יוסף פין, לעװאַנדא, אייזיק מאיר דיק, גערשטיין, פרידלענדער, אַלבערט סירקין, ד"ר טראַכטענבערג א. א. דער יודישער לערער־אינסטיטוט אין די פיל יודישע פאָלקסשולען האָבען געהאַט בראש אַ גאַנצע מעננע פון לערער. װאָס ויינען געשטאַנען אונטער דער פאָהן פון השכלה. צו זיי האָבען נאָך געהערט אַ געװיסע צאָל געבילדעטע סוחרים, באַנקירען, אָנגעשטעלטע, װאָס האָבען געשטרעבט צו אַ נייעם גרויססטעטישען לעבען, צו אַ „אייראָפּעאישער" פּיהרונג. די אויבערשטע שיכטען פון די װילנער יודען ויינען אַלץ מעהר געװאָרען אָבגעריסען פון דער מאַסע, האָבען זיך אַלץ מעהר רוסיפיצירט (אָדער אַ מאָל זיך גערמאַניזירט) און געזוכט צו האַלטען זייער „רעליגיאָן" לויט דעם דייטשען שטייגער.

ביי אַזאַ געזעלשאַפטליכער עװאָלוציע פון דער יודישער קהילה האָבען שוין אַפילו די װילנער רעדעלפירער זיך ניט געקענט בעגנוגענען מיט אַ „קאַזיאָנעם רב", װי שעפּטעל קליאַטשקא, װאָס האָט נור געפירט די מעטריקעס און געװען תקיף ביי נאַטשאַלסטװא. זיי האָבען געװאָלט האָבען טאַקי אַ „ראַבינער", װי ס׳האָט אָדעס אָדער רינא. אין הער הינזיכט איז געװיס די פּאַסענדסטע פּערזאָן געװען ד"ר נאָרדאָן.

---

*) Spinoza's Psychologie der Affekte mit Rücksicht auf Descartes. Breslau 1874.

מיט גרויס ענערגיע און עהרליכקייט איז ד"ר גאָרדאָן צוגעטראָטען צו זיין אַמט. ער האָט אַריינגעבראַכט אַ סדר אין דער פיהרונג פון די מעטריקעס, האָט שטאַרק אַכטונג געגעבען, אַז די יודישע נעמען זאָלען ריכטיג זיין פערשריבען, ווייל די פערשיידענע אָרטאָגראַפישע פעהלערן און צונעמענעס האָבען אַ סך געשאַדט די יודען; האָט געזאָרגט, אַז ביי יודען זאָל'ען ניט זיין קיין נעלמים, און אַז אַלע געשטאָרבענע זאָלען זיין אַריינגעטראָגען אין די ביכער. ווער עס קען דעם יודישען לעבען אין רוסלאַנד, ווייס, וויפיל בעשולדיגונגען ס'זיינען אַרויפגעוואָרפען געוואָרען אויף יודען, דער עיקר בנוגע צו דער מיליטערדינסט, צוליב דער ניט ריכטיגקייט פון די יודישע מעטריקעס ביי די קאַזיאָנע רבנים. אָבער די נויטיגע שטרענגקייט און דער פעדאַנטיזם פון ד"ר גאָרדאָן אַלס אַ קאַזיאָנער רב האָט אַרויסגערופען אַן אומצופרידענהייט ביי דעם ווילנער עולם, וואָס איז תמיד פאַר אַ דרייוובעלדיגע געוועהנט געווען צו פערנאַכלעסיגן זיין חוב.

ד"ר גאָרדאָן האָט זיך געגעבען טרחה אַריינצומישען זיך אין געזעלשאַפטליכען לעבען פון דער יודישער ווילנא, וועלכער איז דעמאָלט געווען זעהר פּריטיטיוו. די אינטעליגענץ פלעגט אָפט קומען צונאַסט איינער צו דעם אַנדערען, און גאַנצע אָווענטען פלעגט מען פערברייגען אין קאָרטען=שפּיל. ד"ר גאָרדאָן האָט געפירט אַ קאַמף קעגען אַזאַ לעבען, פלעגט צוזאַמענקלייבען ביי זיך די בעסטע יודישע קרעפטען, כדי זיך צו אונטערהאַלטען וועגען פערשיידענע וויסענשאַפטליכע און געזעלשאַפטליכע פראַגען. אין איינעם פון אַזעלכע אָווענטען איז געבילדעט געוואָרען לויט דער איניציאַטיווע פון ד"ר גאָרדאָן דער ערשטער ווילנער יודישער דאַמען-פעראיין, וואָס האָט גענומען אויף זיך צו זאָרגען פאַר אָרימע אינגלעך און אָבגעגעבען זיי צו בעלי=מלאכות.

אַ סך צייט האָט דער „נייער ראַבינער" אָבגעגעבען דער ווילנער צדקה=גדולה, אָבער פיל אָרדענונג דאָרט אַריינצוטראָגען איז איהם, דוכט זיך, ניט געלונגען. מעהר האָט ויך איהם איינגעגעבען אויפצוטאָן פאַר די דינים, מורי-הוראות, שוחטים. ער האָט געפאָדערט פאַר זיי פון דער צדקה=גדולה מעהר אַכטונג און מעהר שבירות.

אָבער הויפּטזעכליך איז ד"ר גאָרדאָן געווען בעקאַנט צוליב זיינע דרשות. ביז איהם האָט נאָך ווילנא קיין מאָל ניט געהערט אַ דרשה פון אַ רב אָהן פּלפּול, הגם מיט גרויס למדנות, אַ דרשה אין אַ גלענצענדער פאָרם, אין אַ פליסענדער שפראַך, מיט אַן אויסגעהאַלטענעם פּלאַן. צום בעדויערן איז קיין זכרון ניט געבליבען פון זיינע הונדערטע מוסטערהאַפטע דרשות. אַ פּאָר יאָר פאַר זיין טויט, שוין ווינענדיג שטאַק בלינד, האָט ד"ר גאָרדאָן נאָך געהאַלטען אַ דרשה אין טהרת=הקודש, ציטירט אויסווענינ לאַנגע פסוקים און אויפגעדעקט זייער טיפען פילאָזאָפישען זין.

וואָס ווייטער ווילנא איז געוואָרען רוסיפיצירט, אַלץ שווערער איז געוואָרען פאַר גאָרדאָנען צו האַלטען זיינע דייטשע דרשות. גיט קענענדיג די רוסישע שפראַך, האָט גאָרדאָן אויך ניט געקענט זיין קיין פאָרשטעהער פון די יודען פאַר דער רוסישער מאַכט. זיין דיפלאָם האָט דאָס רוסישע מיניסטעריום אפילו בעשטעטיגט; מיט דער צייט האָט ער זיך אויף אַזוי פיל אויסגעלערנט רוסיש, אַז ער האָט געקענט האַלטען עקזאַמען פון 4 קלאַסען, אָבער פריי רוסיש האָט ער דאָך ניט געקענט און האָט אַלץ געמוזט בלייבען אויסערליך אויפ'ן צווייטען פלאַן. אויך אַנדערע סבות האָבען געשטערט גאָרדאָנען צו פערנעהמען דעם אָרט אין דער קהלה אויבנאָן, וועלכער ס'האָט איהם געפאַסט לויט זיין הויכער בילדונג און למדנות.

אַזוי איז געווען, אַז ווינענדיג אַ גלענצענדער פריידיגער אין אַ שיינעם דייטש, איז ד"ר גאָרדאָן בעצם געווען פערשטענדליך פאַר'ן עולם פון דער בערלינער שול „טהרת-הקודש" און ניט דער ערך קנאַפער צוטריטליך צום המון. פעדאַנטיש ערליך און שטאָלץ, איז ד"ר גאָרדאָן קנאַפּ=וואָס געווען צוגעפאַסט הן צום ברייטען עולם, הן צו די אַלטע מנהיגים און גבאים פון צדקה=גדולה. הגם אַ געבאָרענער אַ ווילנער, איז ד"ר גאָרדאָן דורך זיין דייטשער בילדונג און אייראָפּייאישען אָרט לעבען תמיד געשטאַנען ווייט פון ווילנער

אַלטעגליכען לעבען, סיי פון דער יודישער גאס, סיי פון די גבירישע הייזער. און אַזוי איז געבליבען כמעט ניט אויסגעניצט פאַר ווילנא די הויכע בילדונג, דער פילאָזאָפישער גייסט, די גרויסע לומדות און דער שטאלצער ערליכער כאראַקטער פון ד"ר גאָרדאָן.

נעוואָרען אויס ראַבינער, האט זיך ד"ר גאָרדאָן גענומען צו ריין וויסענשאפטליכער ארבייט פון זיין פאַך און איז אבגעפאָרען קיין בערלין. אין 1906 איז אַרויס אויף דייטש נארדאנס ספר *) ווענען דעם מהות פון די דינים. דער בוך האט געזאלט זיין א התחלה פון א גאַנצער סעריע חקירות, אבער דא האט ד"ר נארדאנען געטראפען אַ אומגליק: ס'האבען אנגעהויבען קאַלע צו ווערען ביי אים די אויגען. מיט 10 יאר צוריק, שוין שטאק-בלינד, האט ער זיך אומגעקערט קיין ווילנא. די לעצטע יארען זיינע האט ער אבגעשטופּט כמעט פערגעסען פון מענשען. זיין זון, אַדוואקאַט איזידאר גארדאן און די עלטערע טאָכטער זיינען געבליבען אין רוסלאַנד, און אַ צווייטע טאָכטער אין פראַנקרייך. די לעצטע צוויי יאר איז ער געווען פערוואָרפען און האט אַלץ געהאפט, אַז די מלחמה וועט אַמאל נעמען אַ סוף און ער וועט זוכה זיין צו הערען די שטימען פון זיינע קינדער. אָבער ניט בעשערט איז געווען ד"ר נארדאנען זיך צו דערוואַרטען אויפ'ן שלום. שלום האט אים געבראַכט דער קבר.

ד"ר צ. שאַבאַד.

<ooooooooo>

# עלילת-דם.

דאָס איז געווען דעם 30-טען מערץ 1916 זעקס אינאָווענט אויף גרויס פאָהוליאַנקע 16, ביי דער שטאָטישער קראָם פון קאַרטאָפעל, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ קעלער פון נאַס און פון וועלכער איך בין געווען אַ עהרען-פערוואַלטער מצד דעם יודישען קאָמיטעט. ווי געוועהנליך האָט זיך פערענדיגט דער פערקויף, און מיין פרוי אסתר האָט פערשלאָסען דעם קעלער און געבעטען דעם עולם, וועלכער איז געשטאַנען אין אַ „אָטשערעד" (יודען מיט קריסטען), קומען מאָרגען פריה. דער עולם דאָט גענומען פונאַנדערגעהן זיך. מיט אַמאָל האָט אַ קריסטין גענומען טענה'ען, אַז זי האָט געהערט, ווי אין קעלער שרייט אַ קליין קינד און אַז ס'איז געוויס אַ קריסטליך קינד, און היות ווי מען באַקט איצט די יודישע מצות, האָט מען בלי ספק אַריינגעכאַפּט צו דעם צוועק דאָס קינד. אַרום דער קריסטין האָט זיך גענומען קלייבען אַן עולם. ס'האָבען זיך אָנגעקליבען אַן ערך 100 קריסטען און מען האָט געשיקט רופען דריי קריסטליכע מיליציאַנטען. די מיליציאַנטען זיינען דאַן משמעות צופעליג געווען אויף פאָהוליאַנקע. מיין פרוי איז געשטאַנען אויפ'ן נאַס מיט די שליסלען. מען האָט אויף איר אָנגעוויזען, און דער המון האָט זיך אַלאָז געטאָן צו איר, נור די מיליציאַנטען האָבען אָבגעהאַלטען דעם המון און האָבען געבעטען זיך האַלטען רוהיג: זיי וועלען אַליין חוקר ודורש זיין דעם ענין זיי האָבען

*) Die Bezeichnungen der pentateuchischen Gesetze. Ein Beitrag zur Charakteristik verschiedenen Gesetzesklassen des Mosaismus. Frankfurt a. M. Verlag von J. Kauffmann. 1906.

נעהייסען מיין פרוי עפענען דעם קעלער. די מיליציאַנטען זיינען אַריין אין קעלער, האָבען אויסנעזוכט אין אַלע ווינקעלעך און האָבען נאָרניט נעפונען. זיי זיינען אַרויס צום עולם און נעבעטען אים פונאַנדערנעהן זיך.

איך בין נראָד נעווען אין שטאָט, און ווען איך האָב. זיך אומנעקערט, אַרום 7 אינאָווענט, האָב איך שוין פון ווייטען דערזעהן דעם נרויסען עולם ביים קעלער. איך זאָג צו מיין בענלייטער ה׳ זאַבעזשינסקי: „וואָס קען דאָס זיין, לאָמיר נעהן גיכער"! מיר נעהען צו, הער איך ווי קריסטען ריידען, אַז מען האָט נעווים דאָס קינד אַרויסנעטראָגען דורך דער הינטערטיר. איך נעה צו צום קעלער, - מיין פרוי שטעהט דערשראָקען, בלאַס, - און דערצעהלט מיר די נעשיכטע. אויף מיין פראַגע, וואו איז די קריסטין, ווייזט זי מיר אָן אויף איר פון ווייטען צווישען המון. די מיליציאַנטען האַלטען אין אַוועקגעהן. בין איך צו מיט ה׳ זאַבעזשינסקי׳ן צו די מיליציאַנטען און נעבעטען אַרעסטירען די קריסטין. ווילען זיי ניט. האָבען מיר איר אָנגענומען און נעבעטען געהן אין פּאָליציי-צירקעל, האָבען די מיליציאַנטען מיט׳ן עולם זיך אַלאָז נעטאָן צו אונז. נור צום גליק זיינען אין דעם מאָמענט נראָד אָנגעקומען דייטשע סאָלדאַטען. מיר האָבען זיי דערצעהלט די מעשה,—האָבען זיי תיכף צוטריבען דעם המון און נעהייסען נעהן אין פּאָליציי-צירקעל. צוויי מיליציאַנטען זיינען ניט נעוואָרען. נור איין מיליציאַנט האָט זיך ניט נעקאָנט אַרויסדרעהען, ווייל מיר האָבען אים צונעהאַלטען. און אַזוי זיינען מיר אַוועק אין פּאָליציי-צירקעל, וועלכער נעפינט זיך אויף קאָנע נאַס אין סטרומילאָס הויף. אויפ׳ן וועג האָט דער מיליציאַנט צונערופען קריסטען און אַניטירט זיי פאַר עדות און אונז האָט ער נעשראָקען, אַז מיר וועלען האָבען בייליסעס געשיכטע. ווען מיר זיינען צוגעגאַנגען צום צירקעל, האָט זיך דער מיליציאַנט נעשטעלט אין טיר און זיינע קריסטען (וועלכע זיינען נעגאַנגען אַלס עדות) האָט ער אַרויפגעלאָזען און אונזערע עטליכע יודען—ניט. דאַן בין איך אַריין צום דייטשען אינספּעקטאר פון דער פּאָליציי, וועלכער וואוינט דאָרט ביי דעם 1-טען צירקעל, און האָב אים דערצעהלט די געשיכטע. ער האָט גלייך נעהייסען אַרויפלאָזען מיינע עדות און האָט זיי אויסנעפרעגט, נאָכדעם האָט ער מיט גרויס כעס געפרעגט ביי דער קריסטין פאַרוואָס האָט זי אויפגעטאָן די גאַנצע זאַך. זי האָט זיך נענומען פערטיידיגען, אַז איר האָט זיך באמת נעדוכט, אַז אַ קינד שרייט און אַז מיר האָבען איר שטאַרק געשלאָגען.

דער סוף איז נעווען, אַז מען האָט אונז נעהייסען נעהן אַהיים, און אין איינינע טעג אַרום האָב איך בעקומען אַ פּאַפּיר, די קאָפּיע פון וועלכען איך לייג דאָ ביי. די קריסטין האָט מען אָבנעמשפּט צו 300 מאַרק שטראָף אָדער 100 טעג נעפענגעניש.

איך וויל אויפמערקזאָם מאַכען, אַז ס׳האָט נעקענט זיין עהנליך

צו בײליסעס געשיכטע, װײל מיר רופט מען אויך „מענדעל", איך בין א ליובאװיטשער חסיד און מײן פרױ הײסט אסתר.

מענדעל לעװין.

װילנא, גרױס פאהוליאנקע 16/9

## די קאפיע פון פסק־דין.

Deutsche Polizeiverwaltung
Tagebuch № Stfl. F 11/16.

Wilna, den 31 März 1916
Dominikanerstrasse 3.

## Strafverfügung.

**Die** Ehefrau Vinzenta Franzewitsch, 32 Jahre alt, wohnhaft in Wilna, Sakretstrasse 36, Katholischer Konfession, welche am 30 März 1916 abends gegen 6 Uhr in Wilna vor der städtischen Verkaufstelle Grosse Pohulankastrasse 16 eine öffentliche Beunruhigung ohne jeden Grund dadurch erregte, dass sie in die Menschenmenge hineinrief:

„Die Juden haben in den Keller ein Kind geschlossen; sie haben Passahfest und gebrauchen Menschenblut für ihre Matzen; sie wollen Christen schlachten",

und welche durch das Verbreiten dieses falschen Gerüchtes eine Volksbewegung veranlasste, wird auf Grund von § 263 des russ. St. G. B. und von § 15 der Strafrechtsordnung vom 14 Januar 1916 zu einer Geldstrafe von 300 Mark, in Worten dreihundert Mark, bei Zahlungsunfähigkeit zu einer Gefängnisstrafe von 100 Tagen verurteilt.

J. V.
Kühl.

**Die Richtigkeit der Abschrift**
bescheinigt Stukau, Vizewachtmeiste
Stempel

**איבערזעצונג:** דײטשע פאליצײ־פערװאלטונג. טאג־בוך נומ' שטראפליסטע פ' 11/16. װילנא, דעם 31 מערץ 1916. דאמיניקאנער גאס 3. פסק־דין. די פרױ װינצענטא פראנצעװיטש, 32 יאר אלט, װאוינט אין װילנא, זאקרעט 36, קאטױלישער גלױבען, װעלכע האט דעם 30 מערץ 1916 אינאװענט ארום 6 אזײגער ארױסגערופען אהן יעדען גרונט אן עפענטליכען טומעל אין װילנא בײ דער שטאדטישער קראם אויף גרױס פאהוליאנקע 16 דורכדעם, װאס זי האט געשריען צװישען המון:

„די יודען האבען אין קעלער פערשלאסען א קינד; בײ זײ איז פסח און זײ דארפען האבען מענשענבלוט פאר זײערע מצות; זײ װילען קריסטען קײלענען",

און װעלכע האט דורך דער פערשפרײטונג פון דאזיגען פאלשען קלאנג גורם געװען א פאלקס־בעװעגונג, װערט אויפ'ן סמך פון § 263 פון רוס. שטראף־קאדעקס און פון § 15 פון שטראפרעכטסארדנונג פון 14 יאנואר 1916 פערמשפט צו א געלט שטראף פון 300 מארק,—אין װערטער: דרײ הונדערט מארק,—בײ א ניט מעגליכקײט צו צאלען צו א טורמע־שטראף פון 100 טעג. — אין פערטרעטונג קיהל. די ריכטיגקײט פון דער קאפיע בעשטעטיגט שטוקױ. — שטעמפעל.



# דער צענטראַל-קאָמיטעט.

## פון סוף דעצעמבער 1915 ביז אָקטאָבער 1917.

(לויט די פּראָטאָקאָלען).

### I.

אינמיטען דעצעמבער 1915, אַ חדשים דריי נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע, איז די לאַגע פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג געוואָרען זעהר קריטיש. דער ארויס-פיהר און אריינפיהר האָבען זיך איינגעצען אָבגעשטעלט, און דאָס האָט פּאַראַליזירט דעם האנדעל. געשעפטען האָבען זיך צוגעמאַכט איינער נאָך דעם אַנדערען, דער גרויסער עולם איז געבליבען אָהן פּרנסה, און די אָרימקייט האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. נאַטירליך האָט זיך דאָס באַלד אָבגערופען אויף די שטאָטישע געזעלשאַפט-ליבע אַנשטאַלטען מיט די וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס. די דאָזיגע אַנשטאַלטען האָבען די לעצטע צייט געצוינגען זייער גאַנצע יניקה פון די סומען, וועלכע זיינען צוגעשיקט געוואָרען פון דעם פּעטערבורגער הילפס-קאָמיטעט. אין אָנהויב דעצעמבער זיינען זיי כמעט אַלע פערבליבען אָהן שום געלט-מיטלען, אַזוי, אַז זיי האָבען זיך געהאַלטען ביים צושליסען.

אין יענער צייט זיינען אראָבגעפאָהרען קיין ווילנא פון בערלין דער וויצע-פּרעזידענט פון דעם „הילפס-פעראיין" ד"ר פּ ו י ל נ ת ן מיט דעם סעקרעטער פון דער חברה ד"ר ב ע ר נ ה א ר ד ק א ה ן. דער צוועק פון זייער קומען איז געווען צו בע-טראַכטען אויף אָן אָרט דעם מצב פון די ווילנער יודען און זייערע בעדערפנישען ביי די נייע לעבענס-בעדינגונגען אין דעם אָקופּירטען געביט. ביי דער געלעגענהייט האָט ד"ר פּויל נתן מיטגעטיילט די הינע כלל-טוער, אַז דאָס אַמעריקאַנער יודענטום האָט זיך היים אָבגערופען אויף דער נויט-לאַגע פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג און האָט אויסגעדריקט זיין גרייטשאַפט אונטערצוהאַלטען פאַר דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה בעזונדערס די פעראָרימטע צדקה-אינסטיטוציעס מיט געוויסע געלט-סומען, וועלכע וועלען מאָנאַטליך צוגעשיקט ווערען דורך דעם בערלינער „הילפס-פעראיין". די נויטיגע אינסטרוקציעס בנוגע דעם פונאַנדערטיילען פון די געלט צווישען די פערשיידענע אַנשטאַלטען וועט מען איינינבען בעקומען דורך דעם פעלד-ראַבינער ד"ר ש. ל ו י.

דעם 26 דעצעמבער 1915 האָט דער פעלד-ראַבינער ד"ר לוי איינגעלאַדען צו זיך אויף אַ זיצונג 17 פּערזאָן, פאָרשטעהער פון פערשיידענע וואוילטעטיגע אינסטיטוציעס. ד"ר לוי האָט אָנגעוויזען די פערזאַמעלטע אויף דער נויטינקייט צו גרינדען אַ צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער זאָל פעראייניגען אונטער זיין השגחה און קאָנטראָל אַלע ווילנער יודישע צדקה-אַנשטאַלטען און זאָל רעגולירען די פונאַנדערטיילונג פון די אַמעריקאַנער אונטערשטיצונגס-געלטער. די פערזאַמלונג האָט דעם פאָרשלאָג פון ד"ר לוי דעבאַטירט, און האָט אָנגענומען די פאָלגענדע בעשלוסען: א) צו גרינדען אַ צענטראַל-קאָמיטעט, וועלכער זאָל איבערנעהמען אויף זיך די אויבערשטע אַלגעמיינע לייטונג פון אַלע וואוילטעטיגע אַנ-שטאַלטען, דערביי זאָל אָבער יעדע איינציגע פון זיי בלייבען זעלבשטענדיג אין אירע מעשים; ב) צו בעשאַפען אַ שטענדיגע פערטרעטונג פון דער יודישער קהלה הן פאַר דער דייטשער מאַכט והן פאַר דעם מאַגיסטראַט, וועלכער איז געלעגען איינגאַנצען אין פוילישע הענט.

אין דערזעלבער זיצונג זיינען פאָרגעקומען וואַהלען צום צ. ק. און עס זיינען אויסגעקליבען געוואָרען פאָלגענדע פערזאָנען:

1) הרב רובינשטיין — פאַר רעליגיעזע ענינים.
2) ב. עפשטיין } פון צדקה גדולה.
3) ש. לעווין }
4) ד"ר גרשון — פון מושב-זקנים.
5) אינזשענער א. קלעבאַנאָוו — פון „הילף דורך אַרבייט".
6) ד"ר ראַכמילעוויטש — ווירטשאַפטס-און קיבענפראַגען.
7) ד"ר ראָם — פון די קאָאָפּעראַטיווען.
8) ד"ר שאַבאַד — פון „קינדער-פערזאָרגונג" און פון „מפיצי השכלה".
9) א. סופר — פון „משמרת-חולים".
10) ש. ראָזענבוים } פון הילפס-קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון מלחמה.
11) ד"ר ויגאָדסקי }

חוץ דעם איז בעשלאָסען געוואָרען איינצולאַדען אין צ. ק. א פערטרעטער פון די פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען, וועלכע האָבען צייטווייליג דעלעגירט ה' יוסף ציפקין. צו דער אַנדער זיצונג איז אויך איינגעלאַדען געוואָרען דער אויבער-דאָקטאָר פון דעם יודישען שפּיטאָל ד"ר וו. זאַלקינד.

אין אַ זיצונג פון 30 דעצעמבער 1915 האָט זיך דער צ. ק. קאָנסטיטואירט. הרב רובינשטיין האָט זיך געווענדעט צו די אָנוועזענדע מיטגלידער מיט אַן ערנסטען וואָרט וועגען דעם זעהר טרויעריגען היסטאָרישען מאָמענט, וואָס די ווילנער יודישע קהלה לעבט איבער, וועגען דער גענעגוואַרטיגער שווערער לאַגע פון דער בעפעלקערונג אין דער אומבעוואוסטער צוקונפט, וואָס ערוואַרט איהר. און געענדיגט האָט הרב רובינשטיין זיינע ווערטער מיט אַ וואַרימען אויפרוף צו די מיטגלידער פון קאָמיטעט, אַז זיי זאָלען פערשטעהן און פיהלען די גרויסע פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס זייער אַרבייט לייגט אויף זיי אַרויף, און זאָלען זעהן ווי ווייט מעגליך אָבהיטען זיך פון פערזענליבע צאַנקערייען און אַרומרייסענישען און האַלטען זיך אַלע פעסט פעראייניגט, וואָרום נור אין אחדות ליגט די ערבות פון יעדער פרוכטבאַרער געזעלשאַפטליכער טעטיגקייט.

אין דערזעלבער זיצונג איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ בעזונדערע קאָמיסיע פון פינף פערזאָן, דריי פון זיי זיינען בעפולמעכטיגט געוואָרען אַלס פאָרשטעהער פון דער יודישער בעפעלקערונג פאַר דער דייטשער מאַכט, און די אַנדערע צוויי — אָנצופיהרען מיט די ווירטשאַפטליכע-בעל-הבתישע ענינים פון דער קהלה און צו פערטרעטען אירע אינטערעסען פאַר'ן מאַגיסטראַט; ס'איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז אויב מ'וועט בעדאַרפען, ווי, למשל, ביי אַ עקסטע וויכטיגער השתדלות, זאָל די קאָמיסיע איינלאַדען צו בעטייליגען זיך אין דעם אויך אַנדערע מיטגלידער פון צ. ק. אַלס פאַך-לייט. אויב עס וועט זיך האַנדלען אין דער קאָמיסיע וועגען בעזונדערס וויכטיגע אינטערעסען, איז זי מחויב אַריינצוטראָגען קודם די בעהאַנדלונג פון די דאָזיגע ענינים אין דער אַלגעמיינער זיצונג פון צענטראַל-קאָמיטעט.

נאָכדעם זיינען פאָרגעקומען וואַהלען און עס זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען:
הרב רובינשטיין — אַלס פאָרזיצענדער פון צ. ק. און פון אַלע קאָמיסיעס.
ב. עפשטיין, אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים, ד"ר ראַכמילעוויטש, ד"ר ראָם און ד"ר ווינאַדסקי — אַלס מיטגלידער אין דער פאָרשטעהערשאַפט-קאָמיסיע.
ד"ר ג. גרשון, אינזש. א. קלעבאַנאָוו, ש. לעווין און א. סופר (אַלס פאָרזיצענדער) - אַלס מיטגלידער אין דער קאָנטראָל-קאָמיסיע.
שפּעטער האָט מען צו דער קאָנטראָל-קאָמיסיע צוגעגעבען אַלס מיטגליד אויך דעם ד"ר זאַלקינד. ה' ב. עפשטיין איז אויסער דעם אויסגעקליבען געוואָרען אויך אַלס קאַסיר.

אין דער דאַזיגער ערשטער זיצונג פון צ. ק. האָט מען מודיע געווען, אַז דער אָבערבירגערמייסטער האָט אַרויסגעגעבן אַ בעפעהל אַריבערצופירען דעם יודישע שעכטהויז קיין שירווינט, וועלכע איז ווייט פון ווילנא אַ 5 מייל בערך.

נעהמענדיג אין אַכט, אַז די פערווירקליכונג פון דעם דערמאָנטען בעפעל וואָלט ביי דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג צוגענומען די מעגליכקייט צו האָבען צודערצייט כשרה פלייש, האָט דער צ. ק. בעפולמעכטיגט דעם רב רובינשטיין מיט׳ן ד״ר ראַכמילעוויטש משתדל צו זיין זיך פאַר דער דייטשער מאַכט, מ׳זאָל דעם שעכטהויז לאָזען אויף זיין שטענדיגען אָרט אין ווילנא.

ס׳איז צו בעמערקען, אַז די השתדלות האָט נעהאַט אַן ערפאָלג, און די גזרה וועגען אַריבערטראָגען דעם שעכטהויז קיין שירווינט איז בטל געוואָרען.

## II.

צו יענער צייט האָבען זיך נאָך אויפגעהאַלטען אין ווילנא 5000 אַנטרונענע יודען, וועלכע זיינען אונטערשטיצט געוואָרען פון דעם יודישען הילפס-קאָמיטעט פאַר די געליטענע פון מלחמה. אין דער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין צ. ק. דעם 6 יאַנואַר 1916, האָט ד״ר ווינאָדסקי מיטגעטיילט, אַז דער הילפס-קאָמיטעט געפינט זיך אין זעהר אַ טרויעריגער לאַגע. אויסער וואָס ער האָט אַ דעפיציט פון 8000 רובל פעהלען איהם אויך אוים נויטיגע מיטלען אויף צו קויפען ברויט פאַר די אַנטרונענע. דער הילפס-קאָמיטעט וועט זיך מוזען צומאַכען, און מיט איהם וועלען צוגעשלאָסען ווערען די ביליגע קיך, די קינדערשע און די פראָפעסיאָנעלע קיך, און אויך די אַנדערע געזעלשאַפטליכע אינסטיטוציעס, וועלכע בעקומען פון איהם שטיצע. האָפען אויף גיכע הילף מצד די דייטשע יודען איז ניטאָ וואָס. דערביי האָט ד״ר ווינאָדסקי פאָרגעלייגט: א) מ׳זאָל אויף וואָס ס׳איז פאַר אַן אופן מודיע זיין טעלעגראַפיש קיין אַמעריקא, אַז די ווילנער יודישע קהלה געפינט זיך אין גרויס נויט און מוז געהאָלפען ווערען תיכף; ב) מ׳זאָל זיך ווענדען מיט אַ השתדלות צו דער שטאָט-פערוואַלטונג, אַז זי זאָל זעהן אויסהעלפען די ווילנער יודישע בעפעלקערונג. מ׳קען ניט אַרויפוואַרפען אויף דער יודישער קהלה אַליין אַזאַ משא ווי אויסהאַלטען 5000 אַנטרונענע. די שטאָט-פערוואַלטונג איז מחויב צו געבען שטיצע די קיבוץ; ג) דער צ. ק. זאָל זיך תיכף פערנעהמען מיט קלייבען געלט צווישען די ווילנער יודען.

פון די דעבאַטען האָט זיך אַרויסגעוויזען אַ שרעקליכער בילד פון דעם ווילנער יודישען עלענד. דער יקרות אויף די נויטיגסטע לעבענס-מיטלען שטייגט פון שעה צו שעה. דעם אומבעמיטעלטען קומט אָן זעהר שווער צו בעקומען ברויט, גרויפען, זאַלץ, הערינג וכדומה און ער ליידט דורך דעם גרוים החקות, צווישען די איינוואוינער פון די ביליגע דירות האָט זיך געוועזט פערשפרייט דער הונגער-טיפוס, נאָך דעם ווי מ׳האָט זיי אַביסעל פערזאָרגט מיט פלייש, האָלץ און שטרוי, האָבען זיך די טיפוס-צופאַלען שטאַרק פערמינערט. אונערטרעגליך איז בעזונדערס דער מצב פון די אַרבייטער. אין דער פראָפעסיאָנעלער קיך בעקומט מען שוין ניט קיין הייסע שפייזען. ניט בעסער האַלט עס מיט דער ביליגער און מיט דער קינדער-קיך. די ליידען פון דער יודישער בעפעלקערונג זיינען אומבעשרייבליך. עס זיינען געווען צופאַלען, ווען מוטערס האָבען זיך אָבגעזאָגט צו נעהמען אין „משמרת-חולים“ רעצעפטען פאַר זייערע קראַנקע קינדער, האַלטענדיג, אַז דער טויט איז שוין פאַר זיי פיל גלייכער... דערביי האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז יודען איז אַ סך ערגער פון די פאָליאַקען. די פאָליאַקען בעקומען אַלע נויטיגע לעבענסמיטלען, אויך היי, שטרוי, קעראָסין. די יודען אָבער בעקומען גאָרניט.

ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען:

א) צו שיקען דעם בערלינער הילפס-פעראיין אַ נעגויעם מעמאָראַנדום

וועגען דער לאַגע פון דער ווילנער יודישער קהלה מיט אַ בקשה וועגען ניכער הילף.

ב) צוזאַמען מיט די פּאָליאַקען מיתדל זיין זיך פאַר דער דייטשער מאַכט מ׳זאָל ביליגער מאַכען די מקחים פון די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען און מען זאָל לייכטער מאַכען בכלל די תקנות, וועלכע זיינען אָנגענומען בנוגע צום מסחר און צו דער בעפעלקערונג.

ג) תיכף צו אָרגאַנירען אַ נעלט־זאַמלונג צווישען דער בעמיטעלטער יודישער בעפעלקערונג און צו בענוצען זיך דערצו מיט די מאַטעריאַלען, וועלכע געפינען זיך אין צדקה גדולה. ס׳איז וויכטיג, אַז צו צו דער זאַך זאָלען צוגעצויגען ווערען בעזונדערס די רבנים, און אַז דער צ. ק. זאָל אַרויסלאָזען צו דער בעפעלקערונג אַ הייסען אויפרוף אויף יודיש, אַז קיינער זאָל זיך ניט אָבזאָגען מנדב צו זיין, איטליכער נאָך זיין פערמעגען, לטובת די נויטליידענדע ברידער.

דער גאַנצער ענין פון דער דאָזיגער געלט־זאַמלונג איז איבערגעגעבען געוואָרען אַ בעזונדערער קאָמיסיע, אין וועלכער ס׳זיינען אריין: ב. עפשטיין, ש. לעווין און אינושענער א. קלעבאַנאָוו.

די פערמיטלונג צווישען דער יודישער קהלה מיט דעם הילפס־פעראיין האָט אויף זיך איבערגענומען ד״ר לוי, וועלכער האָט וועגען דעם תיכף דעפעשירט קיין בערלין.

אין דערזעלבער זיצונג האָט דער צ. ק. בעפולמעכטיגט ד״ר ווינאָדסקי׳ן צוזאַמענצורעדען זיך מיט די פּאָליאַקען וועגען אויסאַרבייטען אַן אַלגעמיינע פּראָגראַם בנוגע דער געמיינזאַמער דעפוטאַציע, וועלכע דאַרף זיך פאָרשטעלען פאַר דער דייטשער מאַכט.

די דאָזיגע מיסיע פון ד״ר ווינאָדסקי האָט אָבער ניט געהאַט קיין ערפאָלג. די דייטשע מאַכט האָט דערקלערט, אַז די נויטיגע לעבענס־מיטלען קענען ניט ביליגער ווערען, ווייל דאָס אַראָבבריינגען פון די דאָזיגע פּראָדוקטען קומט אָן זעהר שווער. אין דער הינויבט שטעהט ווילנא אין פיל ערגערע בעדינגונגען פון די אַנדערע שטעט, עס פונקציאָנירט נור איין באַהן, וועלכע האָט גענוג אַרבייט אָהן דעם. פון דער אַנדער זייט אָבער, כדי אַביסעל לייכטער צו מאַכען די לאַגע, האָט דער בירגערמייסטער מודיע געווען, אַז ער וועט געבען פאַר דער אָרימער שטאָטישער בעפעלקערונג 10,000 ברויט־קאַרטען, וועלכע זאָלען צוטיילט ווערען אומזיסט צווישען די אַנטרוגענע, אַרבייטסלאָזע אַרבייטער, אלמנות און ווייבער פון די זאַפּאַסנע.

ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען פונאַנדערצוטיילען די צאָל אומזיסטע ברויט־קאַרטען, וועלכע קומען אָן אויפ׳ן יודישען חלק, אויפ׳ן פאָלגענדען אופן: 50 פּראָצענט פאַר די אַנטרוגענע, 35 פּראָצ.—אין רשות פון צדקת גדולה פאַר די שטאָטישע אָרימע לייט און 15 פּראָצ.—דעם פּראָפעסיאָנעלען אַרבייטער־פעראיין. לויט דעם פּאָרשלאָג פון ד״ר שאַבאַד נעהמט אַריין צדקה גדולה אין איהר רשימה אויך די פאַמיליעס, וועלכע תעלען אָנגעוויזען ווערען דורך די קינדער־הייטען און קיכען.

*

אַרום ענדע יאַנואַר 1916 האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעמערקען געהיימע אינטריגעס מצד די פּאָליאַקען געגען די יודען. צום אָנהויב האָבען זיך די דאָזיגע רייבונגען אַרויסגעוויזען אין קליינינקייטען. ס׳איז דאַן געווען אַ מעשה, אַז דער יודישער הילפס־קאָמיטעט האָט בעקומען צוגעשיקט דורך ה׳ דוטעמס סימאָן (פּאָרזיצענדער פון בערלינער הילפס־פעראיין) 10,000 מאַרק. לויט די דעמאָלטיגע בעדינגונגען האָבען די יודישע פאָרשטעהער איינגעטיילט 1000 מאַרק פון דער דאָזיגער סומע דעם פּוילישען קאָמיטעט, 400 מ׳ דעם ליטווישען קאָמיטעט, 200 מ׳ דעם ווייסרוסישען קאָמיטעט און 400 מ׳ דעם רוסישען פּראַוואָסלאַוונעם קאָמיטעט. אין דערזעלבער צייט האָבען די

פּאָליאַקען בעקומען צוגעשיקט פון שווייץ 100,000 מאַרק: 10,000 רובל פאַר דער שטאָדט ווילנא און 50,000 רובל פאַר די קליינשטעטלעך און קרייז-שטעט אין ווילנער גובערניע. אָבער לויט א פריהער אָבגעמאַכטען הסכם זיינען די דאָזיגע סומען צוטיילט געוואָרען נור צווישען פּאָליאַקען און ליטווינער, יודען האָבען דערפון קיין פעניג ניט בעקומען.

כדי צו געבען פערדינסט דער פוילישער בעפעלקערונג האָט מען אין מאַגיסטראַט זיך בעמיהט מיט אַלע מעגליכקייטען צו פערגרעסערען דעם שטאַט אין די פערשיידענע אַנשטאַלטען, וואָס געהערען צו דער שטאָט-פערוואַלטונג און צו בעזעצען די נייע נעצאָהלטע שטעלעס נור מיט פּאָליאַקען. בעזונדערס האָט זיך אַרויסגעוויזען די פוילישע רשעות גענען יודען אין דער שטאָטישער אַרבייט-צענטראַלע. דאָרט האָט מען אָנגעווענדט אַלע מיטלען צו דערווייטערן יודען פון יעדער שטאָטישער אַרבייט און צו רעקאָמענדירען אויף זייער אָרט נור פּאָליאַקען. זי האָט געבראַכט דערצו, אַז אויפ'ן אייזענבאַהן נעהמט מען אָן נור פוילישע רעקאָמענדאַציעס. די אַרבייטער-צענטראַלע טוט אָן כל-ערליי נגישות אויך דעם יודישען פּראָפעסיאָנעלען אַרבייטער-פעראיין. 5 יודישע קליינ-הענדלערקעס, וועלכע האָבען געפונען זייער חיונה ביים וואָקזאַל, האָבען געמוזט אָבטרעטען זייער אָרט אַנדערע און אַליין פערבלייבען אָהן פרנסה.

די דאָזיגע אַלע פאַקטען זיינען בעהאַנדעלט געוואָרען אין א זיצונג פון צ. ק. און נאָך לאַנגע דעבאַטען איז מען געקומען צום בעשלוס, אַז כדי צו קענען פערטיידיגען די יודישע אינטערעסען, דאַרף מען זעהן, אַז אין דער אַרבייט-צענטראַלע זאָלען זיצען אויך צוויי פאָרשטעהער פון יודען. די פּאָליאַקען האָט דאָס זעהר ניט געשמעקט, און בשעת ד"ר ראַכמילעוויטש איז געקומען אין דער אַרבייט-צענטראַלע און האָט מודיע געווען, אַז אַלס פאָרשטעהער פון דער יודישער בעפעלקערונג זיינען אויסגעקליבען געוואָרען ד"ר אָלשוואַנגער און ווילענסקי, האָט איהם דער פאָרזיצענדער פון ביוראָ, מאַלינאָווסקי, עפענטליך פאַר דער גאַנצער צענטראַלע זעהר גראָב בעליידיגט. צוליב דעם דאָזיגען אינצידענט האָבען אַנדערע געוועזט פאָרגעלייגט, אַז יודען זאָלען זיך לגמרי אָבזאָגען פון צו בעטייליגען זיך אין דער אַרבייט-צענטראַלע. פון דער אַנדערער זייט האָט מען אָבער געפונען, אַז דאָס קען זיך שעדליך אָברופען אויף די יודישע אינטערעסען. אַנדערע האָבען אויסגעדריקט א מורא, אַז ווען יודען וועלען ניט זיצען אין ביוראָ, קען גרייליך זיין, אַז מען וועט אוועקשיקן יודישע אַרבייטער קיין דייטשלאַנד אויף שווערע צוואַנגס-אַרבייט, און דאָ אויפ'ן אָרט וועט מען יודישע אַרבייטער ניט דערלאָזן צו קיין אַרבייט. ס'איז געווען ווער ס'האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל קלאָר מאַכען דעם בירגערמייסטער וועגען דער פוילישער פיינדליכער בעציהונג צו יודען, און משתדל זיין זיך, אַז ער זאָל רעאָרגאַניזירען די גאַנצע אַרבייט-צענטראַלע דורך אַנדערע מיטגלידער. צום סוף איז אָנגענומען געוואָרען דער פאָרשלאָג פון אַדוואָקאַט ראָזענבוים, אַז דער צ. ק. זאָל בעפולמעכטיגען צוויי פון זייגע מיטגלידער אַוועקצוגעהן אויף די זיצונג פון ביוראָ און אויסדריקן א שאַרפען פּראָטעסט געגען דער בעליידיגונג פון ד"ר ראַכמילעוויטש און פאָדערן א בעפרידיגונג. אויב קיין בעפרידיגונג וועט ניט געגעבען ווערען, זאָל מען אַריין אין א הסכם מיט די ליטווינער און צוזאַמען מיט זיי משתדל זיין זיך פאַר'ן בירגערמייסטער צו בעשטימען א נייע ביוראָ. דער צ. ק. האָט דערצו בעפולמעכטיגט די ה"ה ד"ר זאַלקינד און ד"ר ראָם. אויב עס וועט אויסקומען צו פיהרען אונטערהאַנדלונגען מיט די ליטווינער, זאָלען דאָס אויף זיך נעהמען אַדוו. ראָזענבוים און ד"ר וויגאָדסקי. נעענדיגט האָט זיך דער אינצידענט מיט אַן עהרען-געריכט, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען ד"ר ראַכמילעוויטש מיט דעם פאָרזיצענדען פון דער אַרבייטס-צענטראַלע. לויט דעם פסק-דין פון עהרען-געריכט האָט ד"ר ראַכמילעוויטש נעדאַרפט בעקומען א בעפרידיגונג. דער פּאָליאַק האָט זיך אָבער אַרויסגעדרעהט און האָט ניט מקיים-פסק געווען...

ס'איז אַריבער א קורצע צייט און די פויליש-יודישע אינטערעסען האָבען זיך

ווידער אָנגעשטויסען. כדי קומען צו הילף דער אָרימער ווילנער בעפעלקערונג האָט די דייטשע מאַכט ערלויבט איינצואָרדנען אַ בלומען־טאָג לטובת די אָרימע פון גאַנץ שטאָט. אין דער זאַמלונג פון די נדבות האָבען זיך גערדאַרפט בעטייליגען יודען, פּאָליאַקען און ליטווינער. דער אָבערבירגערמייסטער האָט אַרויסגעלאָזען אויפרופען, אין וועלכע ער האָט איינגעלאַדען די בעמיטעלטע פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען אָנטייל צו נעהמען אין דער דאָזיגער וואוילטעטיגער זאַך. דער בלומען־טאָג איז בעשטימט געוואָרען אויפ׳ן 30 אַפּריל 1916. מיט אַ טאָג פריהער האָט מען זיך אָבער דערוואוסט, אַז די פּאָליאַקען זאָגען זיך אָב פון דעם גאַנצען ענין, ווייל ס׳איז פערבאָטען געוואָרען צו פערקויפען וועלכע ניט איז נאַציאָנאַלע פאַרבען און עמבלעמעס. אַז מ׳האָט פאָרגעלייגט, דאָס מ׳זאָל פערקויפען דעם ווילנער שטאָט־הערב, האָבען די פּאָליאַקען דערצו אויך ניט מסכים געווען מיט דעם אויסרייד, אַז דער ווילנער הערב איז אַ ריין ליטווישער. זיי האָבען פערלאַנגט, אַז דער הערב זאָל זיין בעצירט מיט די פּוילישע נאַציאָנאַלע פאַרבען. אין דער שטיל האָבען די פּאָליאַקען פערלאַנגט פון די יודען, אַז זיי זאָלען מיט זיי געהן אין דער זאַך האַנט ביי האַנט. דער צ״ק האָט דאַן נאָך לאַנגע ויכוחים בעשלאָסען, אַז אָהן די פּאָליאַקען דאַרפען די יודען זיך אויך אָבזאָגען פון בעטייליגען זיך אין בלומען־טאָג, מסכים זיינענדיג אין דעם מיט ד״ר ווינאַדסקי, וועלכער האָט געפיהרט די אונטערהאַנדלונגען וועגען דער זאַך. אַזוי אַרום האָט זיך פון דעם בלומען־טאָג גאָרנישט אויסגעלאָזען.

## III.

בעת די געלט־סומעס פון בערלינער הילפס־פעראיין האָבען אָנגעהויבען אָנצוקומען רעגולער און פונאַנדערגעטיילט ווערען צווישען די פערשיידענע ערנעהרונגס־אַנשטאַלטען, האָט ד״ר ש אַ ב אַ ד אַריינגעטראָגען אַ פאָרשלאָג אין צ. ק. (אין דער זיצונג פון 3 אַפּריל 1916), אַז מ׳זאָל פון די ערהאַלטענע סומעס אָבגעבען 15 פּראָצ. אויף קולטורעלע צוועקען און פאַר דער חברה „הילף דורך אַרבייט“. ד״ר שאַבאַד האָט מאָטיווירט זיין פאָרשלאָג מיט דעם, אַז מ׳דאַרף אויך זאָרגען וועגען ראַטעווען אונזער יוגענד פון אַ מאָראַלישען אונטערגאַנג, ס׳האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבען געגען דעם געטענה׳ט, אַז בשעת דער עולם האָט קאַרג וואָס צו עסען, דאַרף די ערנעהרונגס־פראַגע שטעהן אויפ׳ן ערשטען פּלאַן. פון אַן אַנדער זייט האָט מען אָנגעוויזען, אַז די אָנגעקומענע געלט־סומעס דעקען נאָך דערווייליגע ניט די הצטרכות׳ן פון די קיכען. ד״ר שאַבאַד האָט דעם מאָל נעפונען פאַר נויטיג אַראָבצונעהמען זיין פאָרשלאָג. ער האָט אָבער נעבעטען, אַז ביי די שפּעטערדיגע געלט־פערטיילונגען זאָל מען נעהמען אין אַכט אויך די בעדערפעניש פון די קולטורעלע אַנשטאַלטען.

דעם 19 אַפּריל, בשעת ס׳איז בעטראַכט געוואָרען אין צ. ק. די פראַגע וועגען דער איינטיילונג פון די 100,000 מאַרק, וועלכע זיינען דעמאָלט אָנגעקומען פון בערלין, האָט ד״ר שאַבאַד בעניייט זיין פאָרשלאָג. אויף דעם מאָל האָט זיך דער פאָרשלאָג אָנגעשטויסען אויף נעגנער. די הויפּט־טענה איז געווען, אַז דער הילפס־פעראיין איז קאַטעגאָריש געגען געבען געלט אויף קולטורעלע צוועקען. אַ האַלבע שטאָט הונגערט, און דעריבער מוז דאָס גאַנצע געלט אװעקגעגעבען ווערען נור אויף ערנעהרונג. אויב מ׳וועט אַזוי ניט טאָן, וועט דאָס אַרויסרופען אַ שאַרפען פּראָטעסט הן מצד די נותנים והן מצד די מקבלים. ד״ר ג ר ש ו ן האָט פערלאַנגט, אַז מ׳זאָל תיכף אין דער זיצונג פערענטפערען די פראַגע אין פּרינציפּ: צו מ׳זאָל די גאַנצע סומע אָבגעבען נור אויף עסען, אָדער מ׳זאָל דערפון איינטיילען אויך אויף בילדונג, כדי די קאָנטראָל־קאָמיסיע זאָל האָבען פאַר זיך בעוואוסטע דירעקטיוען. מיט אַ מעהרהייט געגען 4 שטימען איז אָנגענומען געוואָרען דער פאָרשלאָג פון אַדוואָקאַט ר אָ ז ע נ ב ו י ם ניט צו פערענטפערען

לעת עתה די פראַגע אין פּרינציפּ, נור אַריינטראָגען זי אין דער קאָנטראָל־קאָמיסיע.

אין דער זיצונג פון 3 מאַי האָט די קאָנטראָל־קאָמיסיע אריינגעטראָגען אַן ער־קלערונג, אַז ניט פערנעהמענדיג זיך נעגוי מיט דעם, אויף וויפיל ס׳זיינען נויטיג, נוצליך און צייטמעסיג יענע קולטורעלע אַנשטאַלטען, וועלכע האָבען זיך געווענדעט צום צ. ק. נאָך שטיצע, זאָגט זי איינפאַך אַרויס איהר מיינונג, אַז ביי היינטיגען מאָג קענען וייערע השתדלות׳ן ג י ט ערפילט ווערען.

די דאָזיגע ערקלערונג פון דער קאָנטראָל־קאָמיסיע האָט ווידער אַרויסגערופען דעבאַטען, און דעם מאָל בעזונדערם הייסע, ווענען דער שול־פראַגע. אָנגעהויבען האָט ד״ר ש אַ ב אַ ד. ער האָט אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג, וואָס עס געפינען זיך מענשען, וועלכע צווייפלען אין דער נויטינקייט פון שולען. אודאי זיינען די צדקה־אַנשטאַלטען זעהר וויכטיג; די פאָלקס־בילדונג קען מען אָבער אויך ניט אוועקמאַכען אונטער׳ן האַנט. עהנליך צו דעם האָבען זיך אַרויסגעזאָגט אויך ד״ר ר אַ כ מ י ל ע ו ו י ט ש און ד״ר ו ו י נ אָ ד ס ק י. אַרויסגעטראָטען געגען זיי איז בעזונדערס ד״ר ז אַ ל ק י נ ד. ער האָט געזאָגט: מיר זעהען דעם הונגער אויף יעדען טריט. די קאַרטעקע פון „גיבע הילף״ ברענגט טעגליך אין שפּיטאָל מענשען אויסגעצאַרטע פון ניט דערעסען. פּ ס ח זיינען געקומען קינדער און האָבען געגעסען ברויט, וואָס דער דינער פון שפּיטאָל האָט זיי געגעבען. קולטור איז אַ נויטיגע זאַך, אָבער מיר האָבען ניט דאָס רעכט אָבצוגעבען דאָס געלט פון די הונגעריגע אויף בילדונג.

אַדוואקאַט ר אָ ז ע נ ב ו י ם האָט אונטערגעשטיצט דעם פאָרשלאַג פון ד״ר שאַבאַד. לויט זיין מיינונג איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט געוואָרען ניט אויפ׳ן געווינשטען אופן. מיר האָבען פאַר זיך אַ פאַקט: טויזענטער קינדער בלייבען אָהן אַ שום ערציהונג, אהן אַ שום בילדונג, דרייהען זיך ארום איבער די גאַסען און ווערען פערדאָרבען. דער יאָך פון די אַנטרונענע איז שוין פון אונז אַראָב, און דורך דעם איז פריי געוואָרען אַ געוויסע געלט־סומע. אַז עס שטאַרבען 100 יודען פון הונגער, איז דאָס געוויס אַנ׳אומגליק. אָבער אַז מאַסען יודישע קינדער פערבלייבען אָהן אַ השגחה, אָהן ערציהונג און אָהן בילדונג, איז דאס אַ נאַציאָנאַלער אומגליק. אין פיל פאַמיליעס, וועלכע בעקומען שטיצע, זיינען דאָ קינדער; פאַר די עלטערען איז דער גורל פון זייערע קינדער פיל וויכטיגער איידער די נויט און ברויט. ס׳קען דאך די קינדער ניט אַרויסוואַרפען אויף דער גאַס. מיר יודען האבען פון תמיד שטאַלצירט מיט אונזער בילדונגס־דורשט. און וואס זעהען מיר איצט? ווי ווערט אויסוויזען אונזער צוקונפט? די שול־פראַגע דאַרף פון אונז בעזונדערס ברייט און גענוי אַרומגערעדט ווערען. מיר מוזען בעשטימען אַ געוויסע סומע פאַר בילדונגס־צוועקען.

צולעצט האט ד״ר ש אַ ב אַ ד נאָך אַמאל גענומען דאס וואָרט. ער האט געזאָגט: די שול־פראַגע איז אַ נאַציאָנאַלע פראַגע. אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען אינטערעסירען זיך זעהר מיט זייערע שולען, נור מיר בעציהען זיך צו אונזערע שולען נאַנץ אינדי־פערענט. פאַר ארימע קען מען קלייבען נדבות פון פריוואַטע מענשען; אויף שולען וועט קיינער אַ פעניג ניט געבען. פאַר דעם דאַרף זאָרגען דער צ. ק.

ביסלעכווייז איז די אַלגעמיינע שטימונג געוואָרען געניינטער צו דעם פאָרשלאַג פון ד״ר שאַבאַר. דא האט זיך אבער דערוועקט אַן אַנדער פראַגע: אויף ווי ווייט די עקזיסטירענדע שולען, וועלכע פערלאַנגען שטיצע פון צ. ק., פעדרינען דאס לויט זייער פּראָגראַם און לויט די טענדענצען פון דער ערציהונג, וואס עס ווערט אין זיי געגעבען די קינדער. דאָס האָט געבראַכט צו ויכוחים ווענען די ריכטונגען פון די איינצעלנע שולען. אַנדערע האָבען אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז צווישען די שולען זיינען דאָ אַזעלכע, וועלכע זאָרגען ניט ווי נעהעריג פאַר דער נאַציאָנאַלער ערציהונג פון דער יודישער יוגענד. אַנדערע ווידער האָבען פאָרגעלייגט, אַז כדי צו געבען דער יוגענד אַן אמת׳ע נאַציאָנאַלע ערציהונג, דאַרפען געעפענט ווערען נייע נעזעלשאַפטליכע שולען אין

חדר'שען טיפ. מ'דאַרף אויף דעם האָבען ניט קיין גרויסע סומעס. דער דעפיציט וועט זיין אַ קליינער; אַז מען וועט דאַרפען, וועט דערלייגען דער צ. ק.

עס האָט שיער ניט געהאַלטען, אַז דורך די דאָזיגע אַלע ויכוחים אין פאַרשלאָגען זאָל פערפלאָנטערט ווערען די גרונד-פראַגע און זאָל גאָר קיינמאָל צו קיין סוף ניט קומען. דאַן האָט ה' ראָזענבוים געמאַכט פאָלגענדען פאָרשלאָג: אַפריהער דאַרף מען אסיגנירען געלט, און דערנאָך וועט זיך דער צ. ק. ארויסזאָגען פאַר דעם אָדער פאַר יענעם טיפ שול. מען דאַרף אויף דעם איסקלייבען אַ בעזונדערע שול-קאָמיסיע. מ'קען אָבער ניט זאָגען, אַז מיר מוזען האָבען נור דוקא חדרים. וועגען דער ריכטונג פון דער שול וועט בעשליסען דער צ. ק.

הרב רובינשטיין (דער פאָרזיצענדער) און הרב איינעס האָבען פערטיידיגט דעם שטאַנדפונקט, אַז מען דאַרף אַסיגנירען אַ געוויסע געלט-סומע פאַר אַלע ווילנער שולען, ניט מאַכענדיג קיין אונטערשייד צווישען די ריכטונגען.

צום סוף זיינען אָבגעשטימט געוואָרען די דאָזיגע פראַגען:

א) צו עס ווערט אָנערקענט אין פרינציפּ, אַז דער צ. ק. דאַרף אַסיגנירען אַ געלט-סומע אויף בילדונגס-צוועקען?

ב) צו עס ווערט אָנערקענט אין פרינציפּ, אַז מען דאַרף שטיצען אַלע יודישע שולען אָהן אונטערשייד פון ריכטונג?

ג) צו אנערקענט דער צ. ק., אַז די אונטערשטיצונג מעג ארויסגעגעבען נור געוועהנליך שולען אין חדרים אין דעם טיפ פון אָנפאַנגס-שולען?

ד) צו דאַרף דער צ. ק. אויסקלייבען אַ בעזונדערע קאָמיסיע, וועלכע זאָל גענוי אויספאָרשען די שול-פראַגע און בעקענען זיך ריכטיג מיט דעם אינערען לעבען פון די פערשיידענע שולען?

ה) צו מ'זאָל, ביז עס וועט געגרינדעט ווערען די שול-קאָמיסיע און עס וועט אויסגעפאָרשט ווערען דער מצב פון די שולען, ארויסגעבען שטיצע יענע שולען, וועלכע האָבען זיך נאָך וועגען דעם ניט משתדל געווען (תלמוד-תורות און ישיבות*).

די ערשטע 4 פראַגען זיינען איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. די לעצטע פראַגע איז אָבגעוואָרפען געוואָרען פון דער מעהרהייט (נעגען 2 שטימען).

איינשטימיג איז אָנגענומען געוואָרען דער בעשלוס, אַז אויף קולטור-צוועקען דאַרף אָבגעגעבען ווערען 10 פראָצענט פון די סומען, וועלכע דער צ. ק. בעקומט פון בערלין.

# IV.

אין דער זיצונג פון 2 סעפּטעמבער 1916 האָט מען מיטגעטיילט, אַז פּריוואַט (דעם 1-טען סעפּטעמבער) פאַראַכט איז געקומען קיין ווילנא דער בעוואוסטער כלל-טוער ד"ר מאַגנוס פון אמעריקא, וועלכער איז געשיקט געוואָרען קיין איירָאָפּא פון די גרעסטע יודישע חברות כדי צו בעקענען זיך מיט דער לאַגע פון די יודען אין די אָקופּירטע געביטען. ער קלערט צו פערברענגען אין ווילנא עטליכע טעג, אום צו זעהן אויף וויפיל עס איז גרויס די נויט פון די ליטווישע יודען, און פון דאַנען וועט ער פאָרען צוליב דעם זעלבען צוועק קיין גאַליציע. די היינטיגע זיצונג פון צ. ק. איז ספּעציעל איינגערופען געוואָרען מקבל פנים צו זיין ד"ר מאַגנוס, וועלכער האָט אויסגעדריקט זיין וואונש צו בעקענען זיך מיטן צ. ק. און צוזאַמען מיט איהם בעטראַכטען די יודישע לאַגע און אויסזוכען די נעהעריגע מיטלען ווי אַזוי זי צו פערבעסערען.

*) שפּעטער-צו האָבען אויך די תלמוד-תורות און די ישיבות זיך געווענדעט נאָך שטיצע, וועלכע ס'איז זיי אויך ארויסגעגעבען געוואָרען.

8 אַ זייגער אינאָווענט איז געקומען אין צ. ק. ד"ר מאַגנוס אין דער בעגלייטונג פון ד"ר לוי און ד"ר קאַלנער, און איז וואַרים אויפגענומען געוואָרען פון אַלע מיטגלידער. נאָך די געוועזייטיגע בעגריסונגען האָט ד"ר מאַגנוס אָבגעדאַנקט פאַר דעם הייסען קבלת-פנים, וואָס מ'האָט איהם געמאַכט, און האָט געבעטען די פערזאַמעלטע איהם בעקאַנט צו מאַכען מיט דער נויט פון דער ווילנער יודישער קהלה און פון אַלע ליטווישע יודען ווי אויך מיט יענע מיטלען, וועלכע ווערען געפונען פאַר נויטיג אום אויסצובעסערן דעם מצב וואָס ניבער. דערביי האָט ד"ר מאַגנוס פאָרגעלייגט דעם צ. ק. אַ גאַנצע רייהע פראַגען, ווי למשל, ווענען דעם ווי דער צ. ק. האָט אָרגאַניזירט די הילפס-אַרבייט אין די קליינע שטעטלעך, וויפיל ליטווישע יודען האָבען געליטען פון דער מלחמה און וויפיל טרעפען אָן די הזיקות. צום סוף האָט ד"ר מאַגנוס געגעבען צו פערשטעהן, אַז ס'קען אָנקומען אַזאַ מאָמענט, ווען די ווילנער יודען וועלען פערבלייבען אָהן פרעמדער הילף און וועלען זיך מוזען אַליין אויסהעלפען (דאָס איז געווען אַ וואונק, אַז ס'איז מעגליך, דאָס עס זאָלען זיך איבעררייסען די דיפלאָמאַטישע בעציהונגען צווישען דייטשלאַנד מיט אַמעריקא).

פון די ויכוחים, אין וועלכע ס'האָבען זיך בעטייליגט אַ רייהע מיטגלידער, האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז ביי היינטיגען טאָג מוז די הילפס-טעטיגקייט קאָנצענטרירט ווערען אין פאָלגענדעם:

א) אָנגרייטען פאַר דער אָרימער יודישער בעפעלקערונג האָלץ און שוכוואַרג אויף ווינטער.

ב) די פאָלקס-ערנעהרונג דאַרף אַוועקגעשטעלט ווערען אויפ'ן ערשטען פלאַן. דעריבער דאַרפען אַלע הוצאות פון די יודישע גאַסען-קיכען געדעקט ווערען פון די געלט-מיטלען, וועלכע קומען דורך דעם בערלינער הילפס-פעראיין.

ג) מ'דאַרף זאָרגען פאַר דער פערבעסערונג פון עקאָנאָמישען מצב פון די אַרבייטער און בעלי-מלאכות.

ד) מ'דאַרף עפענען אַ ליי-קאַסע, פאַר די פערזאָנען, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלען אין אַ צייטווייליגער נויט, און פאַר האַנטווערקער.

ה) מ'דאַרף בעפרידיגען די קולטורעלע בעדערפעניש פון דער יודישער מאַסע.

ד"ר מאַגנוס האָט געבעטען די פערזאַמלונג, אַז מ'זאָל פאַר איהם צוזאַמענשטעלען אַ קורצען מעמאָראַנדום ווענען אַלע בעדערפענישען פון דער קהלה און איבערגעבען דאָס איהם מאָנטאַג, בעת ער וועט זיך צוריקקעהרען פון דעם סמאַרגאָנער פראָנט. נאָכדעם האָט ד"ר מאַגנוס מודיע געווען, אַז די סומען, וועלכע ווערען געשיקט פון דעם בערלינער הילפס-פעראיין פאַר דער אָרימער יודישער בעפעלקערונג פון ליטא און פוילען, זיינען אַ מ ע ר י ק אַ נ ע ר ג ע ל ט, און דער הילפס-פעראיין שפּילט דאָ נור די ראָלע פון אַ פערמיטלער. ווייטער האָט ד"ר מאַגנוס ערקלערט, אַז דער צ. ק. איז דער גאַנצער דעה-זאָגער אויף דאָס געלט, וואָס ער בעקומט פון בערלין, און ער קען עס פערברויכען ווי ער וויל, ניט רעכענענדיג זיך מיט דער מיינונג פון הילפס-פעראיין. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט ה' מאַגנוס אויפמערקזאַם געמאַכט די פערזאַמלונג אויף דעם, אַז לויט דעם וואונש פון די אַמעריקאַנער מנדבים דאַרף דאָס גאַנצע געלט פערברויכט ווערען נור אויף פאָלקס-ערנעהרונג און אויף דער קינדער-ערנעהרונג. מ'דאַרף די קינדער האַלטען אין דער וואַרים, אין בעזונדערע אַנשטאַלטען, מ'דאַרף זיי בעזאָרגען מיט בגדים און מיט שוכוואַרג, אָבער עפענען שולען מיט דעם געלט — דאָס טאָר מען ניט. פאַר שולען דאַרף די געמיינדע אַליין געבען.

צום סוף האָט ד"ר מאַגנוס איבערגעגעבען די פאָרשטעהער פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג אַ גערוס פון די אַמעריקאַנער ברידער און אַ פייערליכע הבטחה פון זייער זייט, אַז זיי זיינען גרייט צו העלפען אין אומגליק מיט אַלע מעגליכע מיטלען, און האָט געבעטען דעם צ. ק. צונויפקלייבען זך מאָנטאַג 8 אין

דערפריה א צווייטען מאָל, בדי נעניי און אויספיהרליך צו בעטראכטען אלע פראגען. באבדראנקענדיג נאך אמאל די מיטגלידער פון צ. ק. פאר זייער הייסען קבלת־פנים, איז ד"ר מאגנוס אוועק.

די איבעריגעבליבענע מיטגלידער פון צ. ק. האָבען בעשלאָסען, אז צוליב דער זיצונג, וועלבע דארף פארקומען מאָנטאָג (4 סעפּטעמבער) 8 אין דער פריה, זאָל מען בעשטימען אויף זונטאָג אן אָוועט־זיצונג, אין וועלבער מ'זאָל ענדגילטיג בעשליסען וועגען אלע פראגען, וואָס דארפען בעהאנדעלט ווערען, און אויסקלייבען צו דער מאָנטאגדיגער בעראטונג א בעזונדערען רעפערענט.

באלד ווי די זונטאָגדיגע זיצונג האָט זיך געעפענט, האָט זיך ארויסגעוויזען פון די ערשטע רייד, אז כמעט אלע מיטגלידער האָבען ארויסגעטראָגען דעם איינדרוק, דאָס די נעכטיגע זיצונג, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט דער פארשטעהער פון די אמעריקאנער יודען ד"ר מאגנוס צוזאמען מיט דעם ד"ר לוי און ד"ר קאלנער, איז ארויס ניט גענוג געלונגען. דעריבער האָט די איצטיגע זיצונג די אויפגאבע צו בעטראכטען די דאָזיגע צוויי פראגען: ערשטענס, ווער וועט אין דער מאָרגענדיגער זיצונג ארויס־טרעטען ריידען אין נאָמען פון דער קהלה? און צווייטענס, וואָס פאר א פּראָגראם זאָל מען אויסארבייטען אויף מארגען?

דער פאָרזיצענדער (אדוו. ראָזענבוים) האָט אריינגעטראָגען פאָלגענדע צוויי פאָרשלאָגען:

א) מ'זאָל איהם בעפולמעכטיגען ארויסצוטרעטען מאָרגען דעם ערשטען אין נאָמען פון דער קהלה.

ב) אָנווייזען דעם ד"ר מאגנוס, אז די ווילנער אָרימע יודישע בעפעלקערונג האָט ניט פאר זיך קיין שום הילפס־קוועלע און איז אינגאנצען אָנגעוויזען נור אויף אמעריקא. אויך מוז מען איהם געבען א גאנץ גענויע פארשטעלונג, ווי ווייט ס'איז נעטטיגען דער יקרות אויף די נויטיגסטע לעבענס־מיטלען. בעזונדערס דארף אונטערגעשטריכען ווערען, אז מיר נויטיגען זיך אין בעדייטענדע געלט־מיטלען אויף הילף פאר ארבייטער, אויף ליי־קאסעס און אויף שולען. אין דעם אנדער טייל פון בעריכט דארפען אָנגעוויזען ווערען פאקטען בנוגע דער בעציהונג צו יודען בכלל.

ד"ר שאבאד האָט בעדויערט, וואָס מ'האָט ניט אָבגערעדט אפריהער ווער עס האָט אין דער פאָריגער זיצונג נעדארפט רעדען דער ערשטער. ער האלט, אז מ'דארף אויסארבייטען און צושטעלען א מעמאָראנדום וועגען דעם מצב פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג בכלל און פון די מעהר נרעסערע יודישע חברות און אנשטאל־טען בפרט. פון סתם קלאָגען זיך וועט נאָרנישט ארויסקומען. דער הויפּט־צוועק דארף זיין צו דערקלערען, אז מיר נויטיגען זיך אין הילף צוויי מאָל אזוי פיל וויפיל מיר בעקומען, און אָט איבער וועלבע טעמים: ערשטענס – דער שרעקליכער יקרות, און צווייטענס, ווייל דאָס אמעריקאנער געלט קומט ניט אָן בשלימות, א קליינע סומע דערפון פאלט איין. חוץ דעם דארף מען פאָרלייגען דעם ד"ר מאגנוס פערעפענטליכען אין די אמעריקאנער ציימונגען וועגען אונזער לאָיאליטעט צו רוסלאנד.

ד"ר גרשון האָט פאָרגעלייגט, אז מ'זאָל דעם ד"ר מאגנוס דערקלערען פאָל־גענדעס: די בילינע קיך זאָגט אָב טעגליך 500 פערזאָן, וועלבע קומען בעטען מיטאָגען; די פראָפעסיאָנעלע קיך זאגט אָב ביז 900 מיטאָגען א טאָג; די קיך פון פרוייען־קאָמיטעט – 300 מיטאָגען. די 2־טע קינדער־קיך ניט ארויס שוין צוויי חדשים פארעווע וכו'. די בעפעלקערונג דערהאַלט קוים די נשמה. די פריוואטע צדקה איז אינגאנצען נעפאלען: די אלע אנדערע הילפס־קוועלען האָבען זיך לגמרי נעפעהלט. די פלייש־טאקסע (קאָראָבקע), וועלבע האָט אין נאָרמאלע יאָהרען נעטראָגען 145,000 רובל א יאָהר, איז ביי היינטיגען טאָג אינגאנצען בטל געוואָרען. טעגליך ניט מען ארויס פון 15 ביז 16 טויזענט אומזיסטע מיטאָגען, און העכער פון 5000 פערזאָן בלייבען טעגליך אָהן מיטאָגען.

קיין קערָאסין איז גיטאָ און עס וועט ניט זיין. עס נעהמט צו ווינטער, און מען דאַרף האָבען גרויסע געלט-סומען אויף האָלץ און אויך אויף שוכוואַרג פאַר 10,000 באָרוועסע קינדער. עס זיינען דאָ פיל בעלי-בתים, וואָס זייערע קאַפּיטאַלען זיינען פערבליבען אין רוסלאַנד אָדער ליגען אין הייזער און אַנדערע אומבעוועגליכע גיטער, און דערווייל זיינען זיי אַריינגעפאַלען אין גרויס נויט. פאַר די מענשען דאַרף מען עפענען אַ בעזונדערע לייַ-קאַסע, וואָס וועט זיי אַרויסגעבען הלוואות אויף קורצע אָדער לענגערע טערמינען. ווייטער מוז מען האָבען געלט אויף אויסצוהאַלטען די פערשיידענע בילדונגס-אַנשטאַלטען.

ס'איז אויך אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאָג (דורך ה' ס ו פ ר), אַז וויבאַלד ס'איז דאָ אַ סכנה, אַז עס וועלען זיך איבעררייסען די דיפּלאָמאַטישע בעציהונגען צווישען דייטשלאַנד און אַמעריקא, זאָל מען בעטען דעם ד"ר מאַגנוס צו פועל'ן, אַז די אַמעריקאַנער הילפּס-געלטער זאָלען אָנקומען פאַר 5—6 חדשים מיט אַמאָל און אַפריהער.

עס זיינען אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג פאָלגענדע בעשלוסען:

א) אין נאָמען פון דער קהלה זאָל אין דער מאָרגעדינער זיצונג אַרויסטרעטען אדוואָקאַט ראָזענבוים.

ב) אין זיין רעדע דאַרף זיך ראָזענבוים האַלטען אין די ראַמען פון דער פראָגראַם, וואָס איז פאָרגעלייגט געוואָרען דורך ד"ר גרשון.

ג) צוצושטעלען ד"ר מאַגנוסען דעם יעהרליכען חשבון וועגען דער טעטיגקייט פון אַלע ווילנער יודישע צדקה-חבֿרות און קלויזען פון 1-טען סעפּטעמבער 1915 ביז דעם 1-טען סעפּטעמבער 1916.

ד) אויב עס וועט זיין די מעגליכקייט, זאָל יעדער גרויסע חבֿרה בעזונדער אויסאַרבייטען און צושטעלען דעם ד"ר מאַגנוס אַ מעמאָראַנדום וועגען איהר טעטיגקייט.

ה) אויסאַרבייטען און צושטעלען ד"ר מאַגנוסען אַ קורצען מעמאָראַנדום וועגען דער נויט-לאַגע פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג.

דעם 4 סעפּטעמבער 8 אַ זייגער אין דער פריה, ווי נור ד"ר מאַגנוס איז געקומען אין צ. ק., האָט דער פאָרזיצענדער, הרב רובינשטיין, געעפענט די זיצונג, און האָט געגעבען דאָס ערשטע וואָרט דעם אַדוואָקאַט ר אָ ז ע נ ב ו י ם. ראָזענבוים האָט זיך אין זיין רעדע שטרענג געהאַלטען אָן דער פּראָגראַם, וואָס איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין דער פאָריגער זיצונג, און האָט געגעבען ד"ר מאַגנוסען אַן אויספיהרליכע ערקלערונג וועגען אַלע נויטען און בעדערפעניסען פון דער ווילנער יודישער קהלה.

קודם-כל האָט ראָזענבוים אָנגעוויזען אויף דעם שרעקליכען יקרות. די מקחים פון די נויטיגסטע לעבענס-מיטלען זיינען זעהר געשטיגען, די אָרימע יודישע בעפעלקערונג קען דאָס בשום אופן ניט אַריבערטראָגען. מיט ציפער אין די הענט האָט ער אויפגעוויזען די צאָהל פערזאָנען, וואָס עסען אין די פאָלקס-קיכען און אויך דעם גרויסען קאָנטינגענט, וועלכער בלייבט טעגליך אָהן מיטאָגען. מיט גענויע דאַטען האָט ער אויפגעוויזען אויף וויפיל עס זיינען פערקלענערט געוואָרען די געלט-רעסורסען פון דער קהלה דורך דעם, וואָס די קאָראָבקע האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, און די ביזהעריגע שטיצע פון דער שטאָט-קאַסע און פון פריוואַט-נדבות האָט זיך אינגאַנצען געפעהלט. בעזונדערס האָט דער רעדנער אויפמערקזאַם געמאַכט ד"ר מאַגנוסען אויף די דאָזיגע בעדערפעניסען: א) בעזאָרגען די קיכען מיט די נויטיגע געלט-מיטלען לטובת דער פאָלקס-ערנעהרונג; ב) פערזיכערען דער יודישער אָרימער בעפעלקערונג מיט האָלץ אויף ווינטער און די קינדער מיט שיך; ג) עפענען אַ קרעדיט פאַר האַנדווערקער און מיטעלע בעלי-בתים, ווי אויך פאַר די פערזאָנען, וועלכע זיינען אַריינגעפאַלען אין אַ צייטווייליגער נויט; ד) מיטלען אויף בילדונג און ערציהונג פון די קינדער. צום סוף האָט ראָזענבוים געבעטען ד"ר מאַגנוסען, אַלס פאָרשטעהער פון אַמעריקאַנער יודענטום, אַז ער זאָל נעהמען אין אַכט די הויפּט-יסודות פון זיין

פּאָרטראַג און זאָל זעהן מיטהעלפען, אז די עקזיסטירענדע בעדערפעניסען זאָלען וואָס צום שנעלסטען ערפילט װערען, כדי צו ראַטעווען די ווילנער אָרימע יודישע בעפעלקערונג פון הונגער-נעפאַהר. נעענדיגט האָט ראָזענבוים זיין רעדע מיט א גרויסען ישר-כח די אַמעריקאַנער יודען ניט אליין פאַר דער הילף, וועלכע זיי בעוויזען דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג, נאָר אויך פאַר דעם, וואָס דורך זיי איז „אונז פערשאַפט געוואָרען דאָס פערגעניגען צו זעהן ד"ר מאַגנוסען ביי אונז אין ווילנא".

נאָך ראָזענבוימס רעדע האָט מען איבערגעגעבען ד"ר מאַגנוסען א דין-וחשבון פון אַלע ווילנער יודישע צדקה-חברות און קלויזען פאַר חדש יולי און אויך בעזונדערע מעמאָראַנדומען פון צדקה-גדולה, פון דער חברה „הילף דורך ארבייט", פון האַנטווערקער-פעראיין, פון „מפיצי השכלה", פון אַלע אַנשטאַלטען פון „קינדער-פערזאָרגונג".

ד"ר מאַגנוס האָט אָבגעדאַנקט דעם צ. ק. פאַר די צוגעשטעלטע ידיעות, פאַר ראָזענבוימס גאַנץ אָביעקטיווען און אויסשעפּענדען פּאָרטראַג, וועלכען ער האָט אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, און האָט מבטיח געווען, אַז פון זיין זייט וועט ער מיטהעלפען אויף וויפיל עס וועט איהם נור מעגליך זיין. איבערגעבענדיג דער ווילנער קהלה זעהר א הייסען גערוס פון די אַמעריקאַנער יודען, האָט ד"ר מאַגנוס געבעטען זיין גאַנץ זיכער אין דעם, אַז אַזוי ווי די אַמעריקאַנער יודען האָבען ביז איצט ניט פערגעסען, אַזוי װעלען זיי אויך ווייטער ניט פערגעסען זייערע אומגליקליכע ברידער אין אייראָפּא, און וועלען פאַר זיי טאָן אַלץ, וואָס זיי וועלען נור קענען.

ד"ר מאַגנוסעס ווערטער האָבען געמאַכט אויף אַלע אָנוועזענדע זעהר א שטאַרקען רושם. דער פּאָרזיצענדער, הרב ר ו ב י נ ש ט י י ן, האָט אָבגעדאַנקט אין א הייסער רעדע אין דער פערזאָן פון ד"ר מאַגנוסען אַלע אַמעריקאַנער יודען פאַר דער גרויסער הילף, וועלכע זיי האָבען ביז אהער ארויסגעוויזען זייערע אומגליקליכע, עלענדע ברידער, און האָט אויסגעדריקט ד"ר מאַגנוסען די טיפע אַכטונג, וואָס די פערזאַמלונג פיהלט צו איהם פערזענליך מיט דער האָפנונג, אז ער וועט פערטיידיגען די ווילנער יודישע בעפעלקערונג פאַר די אַמעריקאַנער ברידער אויך אויף װייטער. די רעדע פון הרב רובינשטיין האָט אויף ד"ר מאַגנוסען געמאַכט זעהר א טיפען איינדרוק, און ער האָט איהם לאַנג געדריקט די האַנט. נאָך דעם ווי די זיצונג האָט זיך געענדיגט, זיינען געקו-מען אין צ. ק. איינינע דעפּוטאַציעס: פון דער אָרטיגער יודישער פּרעסע, פון פער שיידענע געזעלשאַפטען, פון די פּראָפעסיאָנעלע ארבייטער-פעראיינען א. א. צו בעגריסע-דעם ד"ר מאַגנוס און פאָרצולייגען פאַר איהם זייערע בעזונדערע בעדערפעניסען [ ד"ר מאַגנוס האָט אויפגענומען די דעפּוטאַציעס זעהר פריינדליך, און האָט זיי אויסגע-הערט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט.

פון צ. ק. איז ד"ר מאַגנוס געפאָהרען צוזאַמען מיט די מיטגלידער א. סופר און אינזשענער קלעבאַנאָוו בעזוכען די שול פון דער חברה „הילף דורך ארבייט" און אַנדערע יודישע אַנשטאַלטען. נור אויף ברייטער גאַס האָבען זיך די פערד פאַר עפּיס איבערגעשראָקען, האָבען זיך צוטראָגען און האָבען ד"ר מאַגנוסען אַרויסגעשלייֿדערט פון עקיפּאַזש. ד"ר מאַגנוס האָט זיך שטאַרק צושלאָגען דאָס געזיכט מיט דער רעכטער פוס. תיכף האָט מען איהם אָבגעפיהרט אויף דער סטאַנציע פון דער „גיבער הילף". און פון דאָרט האָט מען איהם אַװעקגעפיהרט אין „משמרת-חולים", וואו ער איז אָבגעלעגען א טאָג 10 בערך. נאָך ניט אינגאַנצען אויסגעהיילט איז ד"ר מאַגנוס אָבגעפאָהרען קיין בערלין, און אין עטליכע טעג אַרום פון דאָרט צוריק קיין אַמעריקאַ. דער דאָזיגער טרויעריגער צופאַל האָט ביי דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אַרויסגערופען א שטאַרקע בעדויערונג, און פון אַלע זייטען האָט מען ד"ר מאַגנוסען אויסגעדריקט טיפע מיטלייד-געפיהלען. דאָס האָט שוין, ווי פון זיך אליין, געגעבען אייניגע פאָרשטעהער פון דער יודישער בעפעלקערונג און מאַגנוסען גופא די מעגליכקייט צו בעקאָנען זיך וואַרים און פריינדליך איינע מיט די אַנדערע, און מאַגנוס האָט זיך נאָך נעהנטער בעקאַנט

מיטן יודישען לעבען פון ליטא. מען דארף בעמערקען אז די דייטשע פערוואלטונג האט ארויסגעוויזען צו מאנכסען, ווי צו א פארשטעהער פון א נייטראלען לאנד, גרויס אויפמערקזאמקייט און פריינדליכען זין.

## V.

3 יאנואר 1917 איז פארגעקומען אונטער דעם פארזיץ פון הרב רובינשטיין א פעראייניגטע זיצונג, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט די מיטגלידער פון צ. ק. צוזאמען מיט די פארשטייהער פון אלע יודישע וואוילטעטיגע אנשטאלטען, - אינאיינעם א מאן 80 בערך. אויף דער טאג-ארדענונג איז געשטאנען די פראגע וועגען **זעלבסט-בעשטייערונג**.

הרב **רובינשטיין** האט געעפענט די זיצונג מיט א ווארעמער רעדע, אין וועלכער ער האט אנגעוויזען אויף דעם זעהר קריטישען מאמענט, וואס די ווילנער יודישע בעפעלקערונג לעבט איבער. ער האט מיטגעטיילט אז עס איז אנגעקומען א ידיעה, דאס די הילף פון אן דער זייט האט אינגאנצען אויפגעהערט. ווי מ'וועט דאס איבערלעבען — ווייס מען ניט, וואס וועט זיין, ווען די צדקה-אנשטאלטען וועלען זיך, בלייבענדיג אהן געלט-מיטלען, מוזען צומאכען, — דאס איז זיך שווער אפילו פארצושטעלען. ס'איז שרעקליך ווען מען נעמט אין אכט, דאס אין די שולען דארף מען די מיטאג-צייט בעשטימען אויף 10 אזייגער אינדערפריה, כדי די קינדער זאלען ניט זיצען פערחלש'טע, פערשמאכטע ביי די לעקציעס. „מיר האבען אייך איינגעלאדען אהער, כדי צו זאגען אייך, אז עס איז אנגעקומען אזא מאמענט, ווען יעדערער פון אונז איז מחויב מקריב צו זיין זיך, אום כאטש עטוואס צו פערגרינגערען די נויט און די ליידען פון די הונגעריגע. איצט איז שוין שפעט צו קלערען וועגען נדבות. ניט קיין נדבות, נור קרבנות פערלאנגען מיר פון אייך. מיר דארפען איינפיהרען א זעלבסט-בעשטייערונג. מיר בעטען דעם עולם ארויסצוזאגען זיך וועגען דער דאזיגער ברענענדער פראגע".

געגען דעם עצם געדאנק פון זעלבסט-בעשטייערונג איז קיינער ניט געווען. פערשיידענע מיינונגען זיינען ארויסגעזאגט ווערען נור בנוגע דער פראגע, ווי אזוי די זאך זאל ארגאניזירט ווערען. אנדערע האבען זיך ארויסגעזאגט, אז פרייוויליגע נדבות וועלען גאנץ ווייניג אריינטראגען, און דעריבער מוז איינגעפירט ווערען א צוואנגס-זעלבסט-בעשטייערונג. אנדערע האבען געפונען, אז דער אבצאל דארף זיין נור א פרייוויליגער, אבער דער צ. ק. דארף זיך מיט דעם ניט פערנעהמען. דערצו דארף געגרינדעט ווערען א ספעציעלע ארגאניזאציע, אין וועלכער עס זאלען אריינגעהן פארשטעהער פון אלע עקזיסטירענדע ארגאניזירטע געזעלשאפטען. געגען דעם האבען איינינע געטענה'ט, אז בעת עס רעדט זיך וועגען ראטעווען מענשען פון הונגער-טויט, איז ניט קיין צייט צו גרינדען נייע ארגאניזאציעס. איצטער איז א צייט נור פון ארבייט. ס'מוז תיכף ארגאניזירען די זעלבסטבעשטייערונג און צוגלייך מיט דעם משתדל זיין זיך פאר דער ארטיגער מאכט, אז זי זאל געבען די ערלויבעניש איינצופיהרען א צוואנגס-שטייער. פון דעם איז נאך אבער ניט געדרונגען, אז מ'וועט אננעהמען צוואנגס-מיטלען געגען אלעמען. צוואנגס-שטייער וועט ארויפגעלייגט ווערען נור אויף דעם, וואס וועט זיך אבזאגען פון צו פאלגען דעם אלגעמיינעם בעשלוס. איינער פון די רעדנער האט דערצעהלט, אז אין צדקה-גדולה איז די טעג געקומען א דעפוטאציע, געשיקט פון דער מאסע, וועלכע האט קאטעגאריש מודיע געווען, אז אויב עס וועלען ניט אנגענומען ווערען תיכף קיין מיטלען צו ראטעווען די בעפעלקערונג פון הונגער, וועט דאס פאלק אליין נעהמען אין זיין האנט די פערטיידיגונג פון זיינע אינטערעסען, און וועט זיך פאר קיין זאך ניט אבשטעלען. דעריבער האנדעלט זיך דא ניט וועגען צדקה, נור וועגען זעלבסט-שוץ. אויב מיר וועלען ניט געבען פרייוויליג, וועט אונז דאס פאלק דערצו צווינגען.

ד"ר שאַבאַד האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען אַ צוואַנגס-זעלבסטבעשטייערונג. לויט זיין מיינונג דאַרף מען מאַכען אַ גרויסע אַגיטאַציע צווישען דער בעפעלקערונג אין דעם זין, אַז עס איז אָנגעשטאַנען אַזאַ מאָמענט, ווען די זאַך נעהט דאָ וועגען ראַטעווען לעבענס, און ניט וועגען אָבלעגען געלט אויף שפּעטער. די בעשטייערונג דאַרף זיין אַ שטענדיגע און אַ מאָראַלישע אָהן דער מיטהילף פון דער מאַכט. נעהמען דאַרף מען ביי אַלעמען אָהן אַן אויסנאַהם. חוץ דעם איז וויכטיג, וואָס פאַר אַן אָרגאַן עס וועט איבערנעהמען אין זיין רשות די זאַמלונג און די פערטיילונג פון דעם אויפגעזאַמעלטען געלט. ער לייגט פאָר צו בעשטימען 9 מיטגלידער פון צ. ק. און צוגעבען צו זיי 6 פאָרשטעהער פון די פערשיידענע אָרגאַניזאַציעס, און די דאָזיגע 15 מענשען זאָלען פונקציאָנירען אַלס בעזונדערער קאָמיטעט, וועלכער וועט זיך בעשעפטיגען מיט דער געלט-זאַמלונג און מיט דעם פונאַנדערטיילען פון דעם געלט צווישען די אַנשטאַלטען.

ד"ר ווינאָדסקי האָט מיט דעם ניט מסכים געווען. ער האָט געפונען פאַר גלייכער, אַז די אָרגאַניזאַציע פון דער געלט-זאַמלונג זאָל בעשטעהן פון 25 פערזאָן. אין דער אָרגאַניזאַציע דאַרפען אַריינגעהן 6 פאָרשטעהער פון סוחרים, 6 פאָרשטעהער פון אַרבייטער, האַנדווערקער און אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, און די איבעריגע פון אַנדערע אָרגאַניזאַציעס באופן, אַז אַלע פאָלקס-שיכטען זאָלען האָבען זייערע פערטרעטער. מען דאַרף בעסער אויפוואַרטען אַ פּאָר טעג און גוט אָרגאַניזירען זיך, איידער צוצוטרעטען צו אַזאַ וויכטיגען ענין אין אַיילעניש און ניט צוגעגרייט.

אַדוו. ראָזענבוים האָט אויפמערקזאַם געמאַכט די פערזאַמלונג, אַז אויף הילף פון דרויסען איז שוין נאָרנישטאָ וואָס צו האָפען. עס איז געקומען די שעה, ווען מיר דאַרפען זיך רעכענען מיט אונזערע אייגענע קרעפטען און שאַפען אונזערע הכנסות פון אונז גופא. מיר דאַרפען געבען אונזער קהלה די מעגליכקייט צו קלייבען געלט ביי אונזערע אייגענע מיטגלידער. געוויס וועלען מיר פאָדערן פון דער אָרטיגער מאַכט, אַז אַ טייל פון אונזערע הוצאות זאָלען געדעקט ווערען דורך די אַלגעמיינע שטאָטישע געלט-מיטלען; נור זיין זיכער אין דעם, אַז אונזערע צדקה-אַנשטאַלטען וועלען אויסגעהאַלטען ווערען אויף דעם חשבון פון דער שטאָט, קען מען ניט. עס דאַרף איינגעפירט ווערען אַ צוואַנגס-שטייער; אָבער דאָס רעכט צו צווינגען דאַרף געהערען נור דער קהלה. אַ פרייוויליגע זעלבסט-בעשטייערונג איז שוין ביי אונז געווען אין יאָר 1914, זי האָט אָבער געגעבען מעהר ניט ווי גראָשענס. מיר מוזען אָבער האָבען העכער פון 100 טויזענט מאַרק מאָנאַטליך.

ה' איזביצקי האָט פולקום מסכים געווען מיט דער מיינונג פון אַדוו. ראָזענבוים, אַז מען דאַרף בעפולמעכטיגען די קהלה צו דערשלאָגען זיך ביי דער אָרטיגער מאַכט אַן ערלויבעניש איינצומאָנען די הכנסה פון דער קהלה מיט צוואַנגס-מיטלען. דאָס קען טאָן דער צ. ק. אויף דעם סמך האָט איזביצקי פאָרגעלייגט איינצופיהרען די זעלבסט-בעשטייערונג לויט אַ בעזונדערען רייסטער, און תען עס וועט זיך אַרויסווייזען, אַז דער אָדער יענער מיטגליד זאָגט זיך אָב איינצוצאָהלען פרייוויליג די סומע, וועלכע איז אויף איהם אַרויפגעלייגט געוואָרען, קען איהם דאַן נויטען די קהלה אַריינצוטראָגען די בעשטימטע סומע אויפ'ן יסוד פון געזעץ. די געלט-זאַמלונג קען איבערגעגעבען ווערען אין פינאַנצען אין די הענט פון צ. ק., וועלכער דאַרף בייים פונאַנדערטיילען דאָס געלט איינלאַדען פאָרשטעהער פון אַלע גרויסע יודישע חברות מיט שטים-רעכט.

ס'איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאָג, מ'זאָל ניט צונויפמישען די פראַגע וועגען דעם צוואַנגס-שטייער מיט דער פראַגע וועגען דער אָרגאַניזאַציע פון דער געלט-זאַמלונג, נור בעטראַכטען זיי יעדערע בעזונדער. געגען דעם איז אַרויסגעטראָטען ה' ב. עפּשטיין, וועלכער האָט אויפגעוויזען, אַז די דאָזיגעביידע פראַגען זיינען אייגע מיט דער אַנדערער ענג פערבונדען. אויב עס וועט ווערען אַ צוואַנגס-בעשטייערונג, ווערט דעמאָלט די אויפגאַבע פון דער געלט-זאַמלונג פיל פערגרינגערט. מיר דאַרפען

גור נעגוי בעשטימען די סומע, וועלכע ווערט אויסגעגעבען מאָנאַטליך אויף אונזערע צדקה-אַנשטאַלטען. און די דאָזיגע סומע דאַרף אײַנגעמאָנט ווערען דורך אַ צוואַנגס-בעשטייערונג. מ'זאָגט, אַז מיר זיינען נאָך ניט דערוואַקסען צו זעלבסט-בעשטייערונג. נאָך אויפ'ן קאָהנער צוזאַמענפאָר, וועלכער איז פאָרגעקומען אין אַ נאָרמאַלער צייט, בעת די קאָראָבקע און די אַנדערע פינאַנץ-מקורים פון דער קהלה האָבען נאָך עקזיסטירט, האָט מען שוין איינשטימיג בעשלאָסען, משתדל זיין זיך, אַז די קהלה זאָל בעקומען די ערלויבעניש איינצופיהרען אַ צוואַנגס-בעשטייערונג פון איהרע מיטגלידער אויף צו דעקען די הוצאות פון איהרע אַנשטאַלטען. מכל-שכן איז נויטיג איינצופיהרען אַ צוואַנגס-שטייער איצט, בעת די קאָראָבקע און די אַנדערע קהל'שע הכנסות זיינען אינגאַנצען בטל געוואָרען. מיר דאַרפען זיך בענוצען מיט דעם איצטיגען מאָמענט אויפצובויען אונזער קהלה און געבען איהר די מעגליכקייט אַרויפצולייגען אויף איהרע מיטגלידער דעם נויטיגען אָבצאָל.

ד"ר שאַבאַד געפינט דעם מאָמענט פאַר זעהר פאַסענד צו פערשטאַרקען אין איהם דעם אַווטאָריטעט פון דער קהלה. מיר האָבען שוין אַפילו אַ פאָרשטעהערשאַפט פון דער קהלה, דאָס איז דער צ. ק. ער איז אָבער אויסגעקליבען ניט פון דער גאַנצער בעפעלקערונג; עס זיינען פאַרהאַן אַ סך, וואָס זיינען מיט איהם אומצופרידען. מען קען דורכפירען אַן אַנדער פרינציפּ: בעשאַפען אַ נייעם אָרגאַן פון דער קהלה, וועלכער זאָל האָבען דאָס רעכט צו בעשטייערען אַלע אירע מיטגלידער. עס וואָלט געווען זעהר גוט, ווען אַלע אַנשטאַלטען פון דער קהלה וואָלטען געקענט שעפּען אַלע זייערע הכנסות פון איין קוועלע. נאָר דאָס איז מעגליך ניט איצטער, און געלט מוזען מיר האָבען תיכף; דעריבער מוז מען באַלד דורכפיהרען אַ פרייוויליגע געלט-זאַמלונג.

מיט דעם האָבען זיך געענדיגט די דעבאַטען.

דער פּאָרזיצענדער האָט געשטעלט צו דער אָבשטימונג די דאָזיגע פאָרשלאָגען:

א) צו עס ווערט אָנערקענט אין פּרינציפּ אַ צוואַנגס-בעשטייערונג?

דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג.

ב) צו מ'זאָל אײַנפיהרען די צוואַנגס-בעשטייערונג תיכף?

מיט אַ רוב שטימען איז דער פאָרשלאָג אָבגעוואָרפען געוואָרען.

נאָכדעם האָט זיך דעבאַטירט די פראַגע וועגען אויסקלייבען ביים צ. ק. אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר די ענינים פון דער זעלבסט-בעשטייערונג.

אַז ס'האָבען זיך געענדיגט די דעבאַטען, האָט דער פּאָרזיצענדער אָבגעשטימט פאָלגענדע פאָרשלאָגען:

א) צו מ'זאָל אויסקלייבען אין דער קאָמיסיע פאַר זעלבסט-בעשטייערונג 14 פּערזאָן.

דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ מעהרהייט שטימען.

ב) אין דער קאָמיסיע ווערען אויסגעקליבען: 6 פאָרשטעהער פון סוחרים, 1 פון די פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען, 1 פון די בעלי-בתים האַנטווערקער און 6 פון אַלע איבעריגע אַנשטאַלטען.

דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג.

נאָכדעם האָט זיך דעבאַטירט די פראַגע: וועלכע אַנשטאַלטען דאַרפען קלייבען אין דער קאָמיסיע 6 פּערזאָן און וויפיל פאָרשטעהער פון יעדער אַנשטאַלט?

ס'איז אַריינגעטראָגען געוואָרען אַזאַ פאָרשלאָג: די תלמוד-תורות, ישיבות און חדרים 1, „מפיצי השכ׳ ה"— 1, קינדער-פערזאָרגונג — 1, „אחיעזר" — 1, „משמרת-חולים— 1 און די נאַסען-קיבען - 1.

מיט אַ מערהייט שטימען איז דער דאָזיגער פאָרשלאָג אָבגעוואָרפען געוואָרען.

דאַן האָט מען אָבגעשטימט דעם פאָרשלאָג פון ד"ר שאַבאַד: „אחיעזר" — 2, תלמוד-תורות, ישיבות און חדרים — 1, „מפיצי השכלה" — 1, קינדער-פערזאָרגונג — 1 און די נאַסען-קיבען — 1.

דער פאָרשלאָג פון ד"ר שאַבאַד איז אָנגענומען געוואָרען מיט אַ מעהרהייט פון 16 געגען 5.

צום סוף האָט די פערזאַמלונג אַרויסגעטראָגען פאָלגענדע רעזאָלוציע:

„בעטראַכטענדיג די פראַגע וועגען אויסזוכען מיטלען אויף צו בעפרידיגען די נויטיגסטע בעדערפעניש פון די ווילנער יודישע צדקה-אַנשטאַלטען, וואָס צוליב מאַנגעל אין אייגענע מיטלען און ווייל עס האָט זיך אָבגעשטעלט די געלט-הילף פון דעם בערלינער הילפס-פעראיין, געפינען זיי זיך בײַ איצטיגען מאָמענט אין זעהר אַ קריטישער לאַגע, האָבען מיר, כדי צו ראַטעווען די יודישע בעפעלקערונג פון הונגער-סכנה און כדי די צדקה-אַנשטאַלטען זאָלען ניט צוגעמאַכט ווערען, בעשלאָסען פרינציפיעל אײַנצופיהרען אַ צוואַנגס-זעלבסטבעשטייערונג אויף די מיטגלידער פון דער ווילנער יודישער קהלה לויט יעדערענס פערמעגען. כדי צו פערווירקליכען דעם דאָזיגען בעשלוס, ווערט אויסגעקליבען בײַם „צ. ק." אַ בעזונדערע קאָמיסיע פאַר דער זעלבסטבעשטייערונג, אין וועלכער עס נעהמען אַריין 14 פאָרשטעהער פון אַלע יודישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס עקזיסטירען אין ווילנא. גלייכצייטיג בעפולמעכטיגען מיר דעם צ. ק. משתדל צו זיין זיך בײַ דער אָרטיגער מאַכט, אַז עס זאָל געגעבען ווערען דאָס רעכט אַרויפצולייגען אַ בעזונדערען צוואַנגס-שטייער אויף איטליכען מיטגליד פון דער קהלה לויט זיין פערמעגען, און אײַנצופיהרען דעם דאָזיגען שטייער, בעת ער, דער צ. ק. צוזאַמען מיט דער אויסגעוועהלטער קאָמיסיע פאַר זעלבסטבעשטייערונג, וועלען דאָס אנערקענען פאַר נויטיג"

*

העכער פון אַ חדש צייט איז אַריבער, זינט ס'איז אָנגענומען געוואָרען די אויבענאיבערגעגעבענע רעזאָלוציע, און די זאַך האָט זיך נאָך ניט אַ ריר געטאָן פון אָרט. ס'האָט זיך אונטערגערוקט דער ענין פון דער „שטאָטישער הלואה" פון 1 מיליאָן רובל, און דאָס האָט אַלעמען אַזוי צודולט די מחות, אַז מ'האָט שוין ניט געקענט קלערען וועגען דער זעלבסטבעשטייערונג. דערמאָנט האָט מען זיך אָן דעם נאָהענט צו פסח-צייט, בעת דער דוחק אין געלט איז געוואָרען אומגעהויער גרויס, און ס'איז ניט געווען פון וואַנען אַ פעניג צו נעהמען. דאַן איז נאָר אויף דאָס ניי אויפגעשוואומען דער ענין פון זעלבסט-בעשטייערונג און דעם 6 פעברואַר איז וועגען דעם אָבגעהאַלטען געוואָרען אַ בעזונדערע אַסיפה פון צ. ק. אין דער דאָזיגער אסיפה האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז מיט די אַלע החלטות, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען אין די פאָריגע אסיפות, הויבט זיך גאָר קיינער ניט אָן צו רעכענען. דער עולם האָט נאָר פון דאָס ניי גענומען דעבאַטירען וועגען די אַלטע פראַגען: צו די זעלבסטבעשטייערונג זאָל זיין אַ פרייווילינע, אָדער אַ צוואַנגס-שטייער? פון וויפיל מיטגלידער דאַרף בעשטעהן די קאָמיסיע פון דער זעלבסטבעשטייערונג און פון וועלכע שיכטען זאָלען זיין די דאָזיגע מיטגלידער. ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען אַ מיינונג, אַז דיזעלבע קאָמיסיע, וואָס פערנעמט זיך מיט דער „הלואה", זאָל איבערנעהמען אויף זיך אויך די אָנפיהרונג מיט דער זעלבסט-בעשטייערונג. אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז איידער וואָס ווען, זאָל מען אין אַ בעזונדערען מעמאָראַנדום אָנווייזען דער דייטשער מאַכט אויף דעם קריטישען מאָמענט, וואָס די ווילנער יודישע בעפעלקערונג לעבט איבער, און פערלאַנגען פון איהר, אַז די יודישע קיכען זאָלען אויסגעהאַלטען ווערען פון דער שטאָטישער קאַסע. דער סוף איז געווען, אַז מ'האָט בעפולמעכטיגט די ה"ה ד"ר ראַכמילעוויטש און ב. עפשטיין צונויפשטעלען דעם מעמאָראַנדום און צוזאַמען מיט הרב רובינשטיין איבערגעבען איהם דעם אָבערבירגערמייסטער. אין דער זעלבער זיצונג איז אויסגעקליבען געוואָרען די קאָמיסיע פאַר דער זעלבסט-בעשטייערונג, אין וועלכער ס'זיינען אַריין: ש. לעווין (אַלס פאָרזיצענדער). א. קלעבאַנאָוו, ד"ר גרשון, י. איזביצקי און מ. סווירסקי.

ס'זיינען אַוועק דריי וואָכען, און דער ענין איז ווייטער איינגעשלאָפען. אין דער

זיצונג פון 25 פעברואַר איז די פראַגע וועגען זעלבסטבעשטייערונג ווידער אַרויף אויף דער טאָג-אָרדענונג. די מיטגלידער פון צ. ק. האָבען איינער דעם אַנדערען פאָרגעוואָרפען פאַרוואָס דער פראָיעקט פון זעלבסטבעשטייערונג איז געבליבען ליגען אונטער'ן טישטוך. אַנדערע האָבען זיך אַרויסגעזאָגט, אַז גיט דער צ. ק. וועט די זאַך קענען פערווירקליכען.

ד"ר שאָבאַד האָט אַריינגעטראָגען אַזאַ פאָרשלאָג: 1) עס ווערט אויפגערופען אַ ספעציעלע פערזאַמלונג צו קלייבען אַ נייעם צענטראַל-קאָמיטעט פון 34 פערזאָן. יעדע צדקה-אַנשטאַלט שיקט אויף דער פערזאַמלונג איהר פאָרשטעהער. וועלכער ווערט צו דעם צוועק אויסגעוועהלט פון דער אַנשטאַלט. 2) דער איצטיגער צ. ק. דאַרף זיך משתדל זיין פאַר דער מאַכט צו בעקומען אַן ערלויבעניש אויף איינצופיהרען צוואַנגס-שטייער, און די דאָזיגע ערלויבעניש וועט ער דאַרפען איבערגעבען דעם נייעם צ. ק.

ד"ר גרשון האָט זיך אַרויסגעזאָגט געגען דעם פאָרשלאָג פון ד"ר שאַבאַד. ער געפינט, אַז וועגען נייע וואַהלען קען מען אין דער איצטיגער מינוט נאָר ניט רעדען. די זעלבסטבעשטייערונג מוז מען תיכף דורכפיהרען. די קאָמיסיע פאַר זעלבסטבעשטייערונג דאַרף צו זיך קאָאָפּטירען 5 מיטגלידער פון דער הלואה-קאָמיסיע, וועלכע זיינען גוט בעקאַנט מיט דער שטאָט. אַז מ'וועט דאַרפען פונאַנדערטיילען די געלט-סומען צווישען די אַנשטאַלטען, וועט מען דעמאָלט קענען בעטראַכטען די פראַגע וועגען קלייבען אַ נייעם קאָמיטעט.

ה' ב. עפשטיין האָט אויך געפונען פאַר ווינשענסווערט, אַז מ'זאָל איינלאַדען די בעסטע מיטגלידער פון דער הלואה-קאָמיסיע אַלס פאַך-לייט אין דעם ענין פון דער זעלבסטבעשטייערונג. ער האָט אויך נאָרנישט נעגענדעם, אַז מ'זאָל רעאָרגאַניזירען דעם צ. ק.

דער פאָרזיצענדער (הרב רובינשטיין) האָט פאָרגעלייגט, אַז מען זאָל די פראַגע וועגען רעאָרגאַניזירען דעם צ. ק. לאָזען אָפען ביז דער קומענדינער זיצונג, אין וועלכער די דאָזיגע פראַגע וועט בעטראַכט ווערען גרינדליך. איצט דאַרף מען נור בעטראַכטען די פראַגע וועגען קאָאָפּטירען מענשען אין דער קאָמיסיע פאַר זעלבסטבעשטייערונג.

מיט אַ מעהרהייט שטימען איז אָנגענומען געוואָרען דעם פאָרשלאָג פון אינוש. קלעבאַנאָוו: איינצולאַדען פון דער הלואה-קאָמיסיע 5 פערזאָן און פון סוחרים 3 אויף צו נעמען אַנ'אַנטייל אין דער אַרבייט פון דער קאָמיסיע פאַר זעלבסטבעשטייערונג.

נאָכדעם איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז די פריהערדינע רעזאָלוציע פון צ. ק. משתדל צו זיין זיך וועגען איינפיהרען אַ צוואַנגס-זעלבסטבעשטייערונג פון די קהלה-מיטגלידער בלייבט ביי איהר קראַפט.

עס איז אַריבער אַ געוויסע צייט, און די זעלבסטבעשטייערונג איז נאָך אַלץ געבליבען מעהר ניט ווי אַ „פרומער וואונש". דער פאָרשטעהער פון דער קאָמיסיע האָט ערקלערט, אַז די אַרבייט האָט זיך איבערגעריסען צוליב דעם, וואָס דאָס רעגי-סטראַציאָנס-ביוראָ, וועלכע שטעלט אויף די רייסטערס פון דער זעלבסטבעשטייערונג, איז געווען פערנומען מיט דער רעגיסטראַציע פון די אָרימע לייט, וואָס דאַרפען בע-קומען אומויסטע מצה. ד"ר שאַבאַד האָט זיך געהאַלטען פעסט ביי זיין ערשטער מיינונג, אַז די סבה דערפון, וואָס די אַרבייט לטובת דער זעלבסטבעשטייערונג ענטוויקעלט זיך אַזוי שוואַך, ליגט נור אין דעם, וואָס עס פעהלט דער זאַך די סימפּאַטיע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט. כדי די זעלבסטבעשטייערונג זאָל געבען גוטע רעזולטאַטען, איז נויטיג, אַז די קאָמיסיע זאָל האָבען אַ געוויסען אווטאָריטעט אין דער געזעלשאַפט. אום אויפצוהויבען דעם פרעסטיזש פון דער קאָמיסיע דאַרפען זיך אין איהר בעטייליגען 20 פערזאָן, אָדער נאָך מעהרער, ד. ה. פאָרשטעהער פון אַלע אינדוסטריעלע און האַנדעלס-שיכטען. וואָס די קאָמיסיע וועט זיין גרעסער, וועט זי אַלץ מעהר קענען אויפטאָן. די דאָזיגע מיינונג פון ד"ר שאַבאַד איז אונטערשטיצט געוואָרען אויך פון איינינע אַנדערע מיטגלידער, וועלכע האָבען אויך איינגעפונען, אַז דער צ. ק. ביי זיין איצטיגער

נעשטאַלט וועט די זעלבסטבעשטייערונג ניט קענען דורכפיהרען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז מ'האָט אָנגעהויבען שטאַרק צו קלערען וועגען דער רעאָרגאַניזאַציע פון צ. ק.

*

דעם 24 אַפּריל איז אין קריינעלס זאַל פאָרגעקומען אַ גרויסער פאָלקס-מיטינג, אויף וועלכען דער צ. ק. איז שטאַרק קריטיקירט געוואָרען, און עס איז אַרויסגעטראָגען געוואָרען פאָלגענדע רעזאָלוציע: עס איז נויטיג, אַז עס זאָל בעשאַפען ווערען אַ ריכטיג-אָרגאַניזירטע יודישע קהלה. אין צוויי טעג אַרום האָט זיך אין אַ בעזונדערער זיצונג פון צ. ק. בעהאַנדעלט די פראַגע, צו עס זיינען נויטיג צו מאַכען נייע וואַהלען און ווי אַזוי די זאַך זאָל אויסגעפיהרט ווערען.

הרב רובינשטיין האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז נעווים דאַרף מען פאָלגען דעם אַלגעמיינעם בעשלוס, כדי צו דערהאַלטען דעם שלום אין דער קהלה. די פראַגע איז נור: פאָרשטעהער פון וועלכע אָרגאַניזאַציעס און אין וואָס פאַר אַ צאָל קענען זיך בעטיילינען אין די דאָזינע וואַהלען?

ד"ר נרסון האָט דערקלערט, אַז די פראַגע וועגען בעשטימען נייע וואַהלען איז זעהר אַ וויכטיגע. פאָרשטעהער פון אָרגאַניזאַציעס דאַרפען ניט צוגעלאָזען ווערען צו די וואַהלען, כדי עס זאָלען צוליב דעם צוועק ניט בעשאַפען ווערען מעכאַניש קיין נייע אַנשטאַלטען. אום צו בעטיילינען זיך אין די וואַהלען דאַרף מען האָבען אַ צענז. אומעטום פראַקטיצירט זיך, אַז די פערזאָנען, וועלכע בעקומען שטיצע פון דער קהלה, ווערען אויסגעשלאָסען פון די וואַהלען. דאָס רעכט אָנטייל צו נעהמען אין די וואַהלען קענען האָבען די מיטגלידער פון די קלויזען, וועלכע בעקומען ניט קיין שטיצע, די וואָס זיינען מנדב מעות חטים פאַר פסח, אָדער די וואָס טראָגען אַריין מיטגלידס-אָבצאָהלונגען אין די פערשיידענע יודישע צדקה-חברות. דער וואַהל-מאָדוס מוז אויסגעאַרבייט ווערען נור דורכ'ן צ. ק. אַליין אָהן אַ שום בעטיילינונג פון זיינע געגנער.

נאָך די דעבאַטען איז אָנגענומען געוואָרען פאָלגענדער בעשלוס:

אָנערקענענדיג אין פּרינציפּ, אַז עס איז נויטיג צו מאַכען נייע וואַהלען צוליב דער אָרגאַניזאַציע פון דער יודישער קהלה, איז בעשלאָסען געוואָרען אויפצורופען דעם קומענדיגען זונטאָג אַ ספּעציעלע זיצונג אַרומצורעדען וועגען די אופנים, אויף וועלכע די דאָזיגע וואַהלען קענען דורכגעפיהרט ווערען.

אינמיטען דער זונטאָגדיגער זיצונג, בעת אין צ. ק. איז אויף דאָס ניי בעהאַנדעלט געוואָרען די וואַהל-פראַגע, זיינען געקומען 6 דעלעגאַטען, געשיקטע פון אַ גרופּע מענשען, וועלכע האָבען זיך מיט אַ טאָג פריהער צוזאַמענגעקליבען אין „צדקה גדולה", און האָבען פאָרגעלייענט פאָלגענדען פּראָטאָקאָל:

„ווילנאָ דעם 28 אַפּריל 1917. מיר אונטערגעשריבענע (29 פערזאָן), וועלכע האָבען זיך צונויפגעקליבען אין צדקה-גדולה און אויסגעהערט די מיינונגען פון פערשיידענע מענשען וועגען צ. ק., האָבען בעשלאָסען, צו בעטען דעם צ. ק., אַז ער זאָל אויך אויף ווייטער פערבלייבען אויף זיין אָרט, נור ער זאָל זיך פערגרעסערען דורך נייע 14 מיטגלידער, וועלכע דאַרפען אויסגעקליבען ווערען פון סוחרישען קלאַס, פון די וואוילטעטיגע אַנשטאַלטען און פון בעלי-מלאכות בעלי-בתים. מיר פערלאַנגען, אַז וועגען די אופנים ווי דער קאָמיטעט זאָל פערגרעסערט ווערען, זאָל זיך דער צ. ק. בעראַטען מיט דער קאָמיסיע, וועלכע איז פון אונז אויסגעקליבען געוואָרען און אין וועלכער ס'געהען אַריין די פאָלגענדע 8 ה"ה: ש. לעווין, מתתיהו גאָרדאָן, ג. מייטעס, אברהם אַלפּעראָוויטש, א. אַבראַמאָוויטש, א. בעלעם, ע. שעסקין און ק. שקאָלניצקי".

נאָך דעם ווי די זעקס דעלעגאַטען האָבען בעקומען פון פאָרזיצענדען אַ צוזאָג, אַז זייער פּראָטאָקאָל וועט גענוי בעטראַכט ווערען פון צ. ק. און זיינען אַוועקגעגאַנגען, איז אַריין אין זאַל אַן אַנדער דעלעגאַציע פון די דאָזיגע ה"ה: ד"ר בלאָך, ח. פינעס און רעמאָנאָלסקי, וועלכע האָבען דערקלערט, אַז זיי זיינען בעפולמעכטינט פון אַ גרופּע פאָרשטעהער פון אייניגע געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און צדקה-חברות פאָרצולייענען פאָלגענדע רעזאָלוציע פון זייער פערזאַמלונג:

„פּראָטאָקאָל פון דער פריוואַטער בעראַטונג, וועלכע איז פאָרגעקומען מיט דער בעטייליגונג פון פאָרשטעהער פון געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און צדקה-חברות דעם 13|26 אַפּריל. עס איז בעשלאָסען געוואָרען פאָרצולייגען דעם צ. ק., אַז ער זאָל אָרגאַניזירען איינגיכען אַ צייטווייליגע פאָרשטעהערשאַפט פון דער ווילנער יודישער קהלה, וואָס דאַרף בעשטעהן פון אויסגעוועהלטע דורך די פאָלגענדע סאָציאַלע גרופּעס, געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און צדקה-חברות: I א) פון כלי-קדש -- 2; ב) פון פאַבריקאַנטען און בעלי-בתים פון זאַוואָדען - 4; ג) פון סוחרים — 4; ד) פון קליינהענדלער—4; ה) פון האַנדווערקער בעלי-בתים — 4; ו) פון האַנדעלס-אָנגעשטעלטע - 4; ז) פון אַרבייטער -- 4; ח) פון איטעליגענטע פּראָפעסיעס — 4; ט) פון צדקה גדולה — 2. II פון געזעלשאַפטליכע אַנשטאַלטען: א) פון „אחיעזר" - 2; ב) פון „אגודת אחים" - 1; ג) פון „אחוה" - 1; ד) פון אַלע פאָלקס-קיכען — 4; ה) פון קינדער-פערזאָרגונג און יוגענד-פעראיין - 1; ו) פון אַלע וועלטליכע שולען (יודישע און העברעאישע) — 2; ז) פון „מושב-זקנים" און „משמרת-חולים" - 1; בס"ה 44 פערזאָן. דער צייטווייליגער קאָמיטעט, וואָס ווערט אויסגעקליבען אויף אַזאַ אופן, אָרגאַניזירט אַלגעמיינע וואַהלען פאַר אַ שטענדיגען אָנפיהרענדען אָרגאַן פון דער יודישער קהלה, און ביז די וואַהלען פיהרט ער אָן מיט אַלע ענינים, וועלכע זיינען נוגע דער קהלה. פאָרצולייגען די דאָזיגע החלטות דעם צ. ק. זיינען אויסגעקליבען געוואָרען די דאָזיגע ה"ה: ד"ר בלאָך, ח. פינעס און רעמאַנאָלסקי".

נאָך דעם ווי די דעלעגאַציע איז אַוועק, האָט ד"ר שאַבאַד אַרויסגעזאָגט אַזאַ מיינונג: מיט דעם צ. ק. זיינען פיל ניט צופרידען, מען קריטיקירט איהם אומעטום: אויף מיטינגען, אין שולען און אויך אין אַנדערע ערטער. דורך דעם ווערט די וואַהל-פּראַגע אַ ברענענדע. נור איידער מיר וועלען זיך דערשלאָגען צו נייע וואַהלען, איידער עס וועלען אויסגעאַרבייט ווערען די סטאַטוטען, וועלען אַוועקגעהן אַ פּאָר חדשים. דער צ. ק. קען אין זיין היינטיגער מיטגלידער-צאָהל ניט פערבלייבען. מען דאַרף דערווייל מאַכען צייטווייליגע וואַהלען. די סאָציאַלע גרופּעס, געזעלשאַפטליכע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטען קלייבען אויס פון זיך פאָרשטעהער, וועלכע געהען אַריין אין צ. ק., אַרבייטען אויס די סטאַטוטען פון דער קהלה און זיינען זיך משתדל וועגען די וואַהלען. דער פּראָיעקט, וואָס די צווייטע דעלעגאַציע האָט אונז פאָרגעלייגט, נעהמט אַרום אַלע שיכטען פון דער שטאָטישער בעפעלקערונג.

דיזעלבע מיינונג האָט אונטערגעהאַלטען אויך ה' איזביצקי, דערצו האָט ער נאָך אונטערגעשטריכען, אַז דער צ. ק. האָט ניט דאָס רעכט אַליין אויסצואַרבייטען די סטאַטוטען פון דער נייער קהלה. אין דעם מוזען זיך בעטייליגען פאָרשטעהער פון אַלע פאָלקס-שיכטען.

דער פאָרזיצענדער (אַדוו. ראָזענבוים) האָט אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אַז ווען עס וועט זיין די מעגליכקייט צו בעשאַפען אין ווילנא א יודישע קהלה, וועט געוויס דער צ. ק. שטרעבען די דאָזיגע מעגליכקייט צו פערווירקליכען. נור אויב עס וועט אוממעגליך זיין דורכצופיהרען נייע וואהלען אין עטליכע וואָכען אַרום, דאַרף מען ניט רעאָרגאַניזירען דעם צ. ק. אָדער בילדען א נייעם אָרגאַניזאַציאָנס-קאָמיטעט. מיר דאַרפען קודם כל אויסקלייבען א קאָמיסיע, וועלכע וועט אָנמערקען דעם פּראָעקט צו די סטאַטוטען, און דאַן ערשט וועט מען קענען איינלאַדען פאָרשטעהער פון

די פערשיידענע אָרגאַניזאַציעס אויף דער ענדגילטיגער אויסאַרבייטונג פון די סטאַטוטען פאר דער קינפטיגער קהלה.

אין דער זעלביגער זיצונג איז אָנגענומען געוואָרען א בעשלוס, ניט אָבצוּוואַרטען ביז עס וועט פערענטפערט ווערען די פראגע וועגען דער רעאָרגאַניזאַציע פון צ. ק. און פאַרלייגען דער קאָמיסיע פאר זעלבסטבעשטייערונג זי זאָל תיכף צוטרעטען צוריק צו איהר אַרבייט, נעהמענדיג אין אַכט, אַז די נויט פון דער יודישער בעפעלקערונג וואַקסט פון טאָג צו טאָג (די קאמיסיע איז צוגעטראָטען צו דער אַרבייט, אָבער אויך שפּעטער, נאָך אַלע אָנגענומענע מיטלען, האָט די זעלבסטבעשטייערונג ביז סוף יאָר 1917 כמעט ניט געגעבען קיין רעזולטאַטען).

די קאָמיסיע, וועלכע איז אויסגעקליבען געוואָרען צו בעטראַכטען דעם ענין פון די וואַהלען צו דער נייער קהלה, האָט דערקלערט אין א בעזונדערער זיצונג פון צ. ק., אַז זי איז געקומען צום בעשלוס, אז ביז וואַנען עס וועט אויסגעקליבען ווערען די נייע קהלה, זאָל מען צוציהען צו דער אַרבייט פון צ. ק. נייע געוועל־שאַפטליכע טוער. דערביי האָט די קאָמיסיע אַריינגעטראָגען דעם פאָלגענדען פאָרשלאָג: מ׳זאָל אויסקלייבען: פון הויז־ווירטען 1; פון סוחרים, פאַבריקאַנטען און זאַוואָדטשיקעס—2, פון קליינהענדלער — 2, פון האַנדווערקער בעלי־בתים — 2 פון אַרבייטער — 1, פון האַנדעלס־אָנגעשטעלטע — 1, פון „אחיעזר” — 2, פון „אגודת־אחים”, „אחוה”, „לחם לרעבים”, „תמיכה”, „עזרה מהירה” — 2, פון די קיבען — 2, פון די לעהרער־געזעלשאַפטען — 2, פון תלמוד־תורה — 1, פון מלמדים און הדרים — 2, און פון די קלויזען — 3; בס״ה 23 פערזאָן. צוגלייך נעפינט אָבער די קאָמיסיע, אַז אויב די ניי צוגעקומענע 23 מיטגלי־דער צוזאַמען מיט די אַלטע 13, וועלכע מאַכען אויס אינאיינעם 36, וועלען זיך בע־טיילינען אין דער אַרבייט פון צ. ק., וועט דורך דעם די גאַנצע אַרבייט פון צ. ק. פּאַראַליזירט ווערען. דעריבער קומט אויס פאר נויטיג אויסצוקלייבען א בעזונדערען עקזעקוטיווען אָרגאַן.

אינמיטען דער זיצונג האָט ד״ר גרשון אַרויסגעזאָגט די מיינונג, אז נאָך דער רעוואָלוציע, וועלכע איז אַרויסגעטראָגען געוואָרען דורך דער אסיפה אין קרייזגעלס זאל, קען דער איצטיגער צ. ק. ניט בלייבען אויף זיין פּאָסטען.

דאָס האָט בעוועגט דעם פאָרזיצענדען אָבצושטימען דעם פאָלגענדען פאָרשלאָג: צו געפינט די פערזאַמלונג פאר מעגליך צו עפענען דעבאַטען וועגען דער פראגע, צו דאַרף זיך דער צ. ק. אָנגעבען אין דעמיסיע? מיט א מעהרהייט פון 6 געגען 5 שטימען איז דער פאָרשלאָג אָבגעוואָרפען געוואָרען.

נאָך דעם ווי דער צ. ק. האָט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג פון דער קאָמיסיע וועגען דער קאָאָפּטירונג פון 23 נייע מיטגלידער, האָט דער פאָרזיצענדער אָבגעשטימט די פאָלגענדע פאָרשלאָגען:

א) צי די נייע קאָאָפּטירטע מיטגלידער האָבען אַלע רעכט פון די אַלטע מיטגלידער? דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג.

ב) צי דאַרף מען אויסקלייבען א בעזונדערען פּרעזידיום? דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג.

ג) ווער קלייבט אויס דעם פּרעזידיום: צי דער איצטיגער אָדער דער נייער צ. ק.? מיט א מעהרהייט שטימען איז אָנגענומען געוואָרען דער פאָרשלאָג, אז דעם פּרעזידיום קלייבט אויס דער ניי אויפגעשטעלטער צ. ק.

ד) צי עס ווערען איבערגעקליבען אויף דאָס ניי די אַלטע מיטגלידער פון פּרעזידיום? מיט א מעהרהייט שטימען איז בעשלאָסען געוואָרען, אז מ׳זאָל ערקלערען די נייע מיטגלידער, אז די איצטיגע מיטגלידער פון פּרעזידיום, אַלס בעשטעטיגטע פון דער מאַכט, דאַרפען פערבלייבען, נור צו זיי קענען אויסגעוועהלט ווערען נאָך עטליכע מיטגלידער.

ס'זיינען אריבער עטליכע טעג, און אין צ. ק. האבען אנגעהויבען אנצוקומען פראטעסטען און פאדערונגען בנוגע דער קאאפטאציע פון די נייע מיטגלידער. די ארגאניזאציע פון די ווילנער סוחרים האט געפאדערט, אז מ'זאל פון איהר אויסקלייבען אין צ. ק. 7 מיטגלידער; די קליינהענדלער האבען פערלאנגט, אז מען זאל קאאפטירען פון זייערע 3; די האנדווערקער בעלי-בתים האבען געפאדערט, אז מ'זאל פון זייערע מוסיף זיין כאטש נאך 2 מיטגלידער; י. איזביצקי האט אין נאמען פון די פראפעסיאנעלע ארבייטער-פעראיינען אריינגעטראגען א פאדערונג, אז מען זאל זיי אויך געבען א געוויסע פערטרעטונג אין צ. ק.

נאך לאנגע דעבאטען איז מען געקומען צו א קאמפראמיס, דורך וועלכען אלע בעזונדערע בראנזשען זיינען בעפרידיגט געווארען. אלס אויסגעקליבענע פון די בראנזשען זיינען קאאפטירט געווארען צום צ. ק. די פאלגענדע ה"ה:

ה. פינעס, א. בעלעס, א. אלקעניצקי, א. אלפעראוויטש, א. וויינשטיין, מ. נארדאן, מ. וואלאזשינסקי, ל. קרוק, ש. קלייט, א. שאפיר, נ. פופס, ל. זאקהיים, מ. גראסמאן, ד"ר א. מ. בלאך, א. אבראמאוויטש, פרוי וו. נ. געצאוו, ע. שעסקין, ש. ברוידא.

דעם 24 מאי 1917 איז פארגעקומען די ערשטע זיצונג פון צ. ק. מיט דער בעטייליגונג פון די אויבענאויסגערעכענטע קאאפטירטע מיטגלידער.

## VI.

סוף זומער 1917 נאכדעם ווי ס'איז בעוואוסט געווארען, אז ס'גרינדעט זיך א ליטווישער לאנדראט, האט זיך דערוועקט די פראגע צווישען די יודישע כלל-טוער, ווי זאל זיין די בעציהונג פון יודען צו דער דאזיגער פאליטישער אינסטיטוציע. די פראגע איז געווארען פיל אינטענסיווער נאך דעם. ווי מ'האט געמאכט יודען א פארשלאג צו בעטייליגען זיך אין לאנדראט. 5 קליינע זיצונגען זיינען אפגעהאלטען געווארען וועגען דעם ענין, און דער ענדגילטיגער בעשלוס איז געווען, אז דער צ. ק. אליין קען אויף זיך ניט נעהמען די אחריות פאר אזא וויכטיגע פראגע ווי די זעלבסטפערוואלטונג פון ליטא און מען מוז אויסהערען די מיינונג פון דער יודישער בעפעלקערונג, וואס איר געזונטער אינסטינקט וועט זיך א סך בעסער פונאנדערקלייבען אין דער פראגע, ווי די עטליכע כלל-טוער, וועלכע האבען ניט דאס רעכט אריינצוטרעטען אין נאמען פון דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג. ס'איז בעשלאסען געווארען אויפצורופען א בעזונדערע זיצונג, אין וועלכער ס'זאלען זיך בעטייליגען, חוץ די מיטגלידער פון צ"ק, פארשטעהער פון די פערשיידענע ארגאניזאציעס, כדי דער בעשלוס זאל זיין אן אלגעמיינער.

די דאזיגע זיצונג איז פארגעקומען דעם 30 סעפטעמבער בייטאג, אונטער דעם פארזיץ פון הרב רובינשטיין. מיט איינגע טעג פאר דעם האבען די פערשיידענע ארגאניזאציעס צוגעשיקט צוויי מיטגלידער אויף בעראטונגען. אויף די דאזיגע בעראטונגען האט יעדע ארגאניזאציע אויסגעארבייט איהר מיינונג וועגען דער פראגע, און האט בעפולמעכטיגט פון זיך איינעם צו צוויי פארשטעהער צו פערטרעטען די געהעריגע ארגאניזאציע אין צ. ק. אין דער דערמאהנטער זיצונג פון צ. ק. האבען זיך בעטייליגט פאלגענדע פערזאנען אלס פארשטעהער פון ארגאניזאציעס: פון ציוניסטען — מ. שאליט און ד"ר א. ווירשובסקי; פון די פראפעסיאנעלע ארבייטער-פעראיינען (בונד) — י. פראנקפורט; פון אלגעמיינעם ארבייטער קולטור-פעראיין — ר. גינצבורג; פון יודישען קולטור-פעראיין — א. הייפערין; פון האנדווערקער-בעלי-בתים — ש. הורוויץ; פון צענטראל-פערבאנד פון די קאאפעראטיווען — ז. הערשמאן; פון די קליין-הענדלער — ש. אנטאקאלסקי; פון די סוחרים — א. זיידשנור; פון די הויזבעזיצער — ד"ר א. ווירשובסקי און ד"ר ע. כהן; פון די לערער — ג. פלודערמאכער און י. נורעוויץ.

נאָך פערשידענע דעבאַטען איז אָבגעשטימט געוואָרען דער פאָרשלאָג: צו דאַרפען יודען בײ די איצטיגע בעדינגונגען פון לאַנד=ראַט בעטײליגען זיך אין איהם.

**דער פאָרשלאָג איז אײנשטימיג אָבגעוואָרפען געוואָרען.**

לויט די מיטגעטײלטע ידיעות פון אײניגע מיטגלידער האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז די פּאָליאַקען און די ווײסרוסען האָבען אויך בעשלאָסען **ניט** צו געהן אין דעם ליטווישען לאַנד=ראַט.

ס'איז אַרײנגעטראָגען געוואָרען אַ פאָרשלאָג אויסצוקלײבען אַ קאָמיסיע, וועלכע זאָל אויסאַרבײטען דעם נוסח פון דער רעזאָלוציע מיט איהרע מאָטיוען.

וועגען דעם דאָזיגען פאָרשלאָג האָט זיך אַרויסגעזאָגט ה' **י. איזביצקי.** ער האָט אויסגעדריקט אַ ספק, צו די איצטיגע פערזאַמלונג האָט דאָס רעכט אַרויסצוטראָגען אַ בעשלוס אין אַזאַ וויכטיגער פראַגע, וואָס בעריהרט די אינטערעסען פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אין ליטא. לויט זײן מײנונג דאַרף מען צוזאַמענרופען אַ קאָנפערענץ פון פאָרשטעהער מצד אַלע יודען פון ליטא. די דאָזיגע קאָנפערענץ וועט דאַרפען אַרויסטראָגען אַן ענדגילטיגען בעשלוס. זי וועט זײן וויכטיג אויך דורך דעם, וואָס זי וועט געבען די מעגליכקייט צו פעראײניגען די גאַנצע איצטער פונאַנדערגעוואָרפענע יודישע בעפעלקערונג פון ליטא.

געגען דעם האָבען אַנדערע אָנגעוויזען, אַז ווען יודען זאָלען פערלאַנגען אַ קאָנפערענץ אין דעם זין, וועט דאָס קענען בעטראַכט ווערען אַלס אַנדירעקטער הסכם מיט'ן איצטיגען לאַנד=ראַט. מיר דאַרפען אַליין אויסאַרבײטען אַ מײנונג און געבען אַן ענטפער.

**מ. שאַליט** האָט אַרויסגעזאָגט די מײנונג, אַז אין די מאָטיווען פון דער רעזאָליוציע דאַרף אָנגעוויזען ווערען, אַז מיר קענען ניט געהן אין לאַנד-ראַט, ניט זײענדיג אויסגעקליבען דורך דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג פון ליטא. דערצו איז נויטיג אַ יודישע קאָנפערענץ פון די מיליטער־פערוואַלטונגען ליטא און ביאַליסטאָק־גראָדנא. די קאָמיסיע דאַרף בעהאַנדלען אַלע פראַגען און פאָרלײגען פאַר דער אַלגעמײנער זיצונג איהרע רעזאָליוציעס. זי דאַרף אויך בעאַרבײטען און פאָרלײגען דעם גאַנצען מאַטעריאַל, וואָס איז שײך צום ענין.

**ר. ניִנצבורג** האָט פאָרגעלײגט, אַז מען זאָל אין די מאָטיווען פון דער רעזאָליוציע אָנווײזען אויך אויף דעם, אַז מיר קענען געהן אין לאַנד-ראַט נור מיט דער בעדינגונג, ווען דער לאַנדראַט וועט אויסגעקליבען ווערען אויפ'ן יסוד פון אַלגעמײנע, דירעקטע, געהײמע און גלײכע וואַהלען. חוץ די רעכט פון די פּאָליאַקען, יודען און ווײסרוסען דאַרפען אויך גאַראַנטירט ווערען די רעכט פון די קלײנע נאַציאָנאַלע מינדערהייטען, וואָס וואוינען אין דעם קאַנט (רוסען א. א.).

ס'איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ קאָמיסיע אויסצואַרבײטען די נעהעריגע רעזאָלוציע און אָנצוגעבען איר צוזאַמען מיט די רעזאָלוציעס פון זעלבען נוסח מצד די פּאָליאַקען און ווײסרוסען. שפּעטער האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז געמײנזאַם אָנגעבען די רעזאָליוציע איז געוואָרען אונמעגליך, מחמת די פּאָליאַקען האָבען שוין אָנגעהויבען סונדערליכע פערהאַנדלונגען און אַז אויך די בעלאָרוסען האָבען דערלאַנגט אַ רעזאָליוציע. די יודען איז אַלזאָ אויסגעקומען צו געבען אַן ענטפער בעזונדער.

דעם 4 און דעם 22 אָקטאָבער זײנען פאָרגעקומען אונטער דעם פאָרזיץ פון אַדוו. ש. ראָזענבוים ווײטערדיגע צוויי זיצונגען פון צ"ק מיט די פאָרשטעהער פון די אָרגאַניזאַציעס. נאָך אַ רײהע אינפאָרמאַציעס (פון ד"ר ראָם, ד"ר שאַבאַד און אַדוו. ש. ראָזענבוים) און ויכוחים זײנען אָנגענומען געוואָרען די הויפּט-פונקטען פון דער רעזאָליוציע, וועלכע דאַרף פאָרגעלײגט ווערען דורך דעם צ"ק צוזאַמען מיט די פאָרשטעהער פון די אָרגאַניזאַציעס, און ס'איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ קאָמיסיע פון 7 מיטגלידער, וועלכע ס'איז איבערגעגעבען געוואָרען ענדגילטיג צונויפצושטעלען די רעזאָליוציע און בכלל דורכצופירען די זאַך. אין דער דאָזיגער קאָמיסיע זײנען אויסגעקליבען געוואָרען:

אַדוו. ש. ראָזענבוים, מ. שאַליט, ד״ר צ. שאַבאַד, ד״ר ג. ראָם, יוסף אײזנביצקי, ד״ר ע. כהן און א. הײלפּערין.

די קאָמיסיע האָט איר אַרבײט דורכגעפירט. די אויסגעאַרבײטע רעזאָלוציע האָט פאָלגענדען נוסח:

„געמענדיג אין בעטראַכט, אַז מען האָט בדעה צו פערגרעסערען דעם ליטווישען לאַנדראַט דורך דער בעשטימונג פאַר מיטגלידער פון לאַנדראַט פאָרשטעהער פון דער ירדישער, ווײסרוסישער און פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, האָבען מיר, פערטרעטער פון אַלע פּאָליטישע און סאָציאַלע ריכטונגען, ווי אויך פון קולטורעלע, עקאָנאָמישע און פילאַנטראָפּישע אָרגאַניזאַציעס פון די יודען אין ווילנא, בעטראַכט די פראַגע און נאָך אַ גענויעם ישוב-הדעת האָבען מיר אָנגענומען פאָלגענדען בעשלוס:

1) היות ווי דער ליטווישער לאַנדראַט איז ענטשטאַנען ניט פון אַלגעמײנע וואַהלען, נור אויסשליסליך פון דער ליטווישער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 18 – 20 סעפּטעמבער ה. י. און ער איז אַלזאָ בעשטימט געוואָרען בלויז פון אײן נאַציאָנאַליטעט, וואָס בעוואוינט ליטאַ;

2) און, ווײטער, היות ווי די טעריטאָריע, אויף וועלכער דער ליטווישער לאַנדראַט זאָל האָבען זײן קאָמפּעטענץ, איז קינסטליך אויסגעשניטען פון דעם אָקופּירטען געביט פון ליטאַ, און גרויסע טײלען לאַנד, ווי דער פערוואַלטונגס-בעצירק ביאַליסטאָק-גראָדנא, וועלכע זײנען אין פּאָליטישער און עקאָנאָמישער הינזיכט ענג פערבונדען מיט איהם, זײנען אויסגעשלאָסען פון איהם,

קען דער אַזוי בעשאַפענער ליטווישער לאַנדראַט אין קײן פאַל ניט אָנערקענט ווערען אַלס די ריכטיגע פערטרעטונג פון דער גאַנצער בעפעלקערונג פון ליטאַ.

מיר זײנען, פערקערט, איבערצײגט, אַז נור אַן אמת׳ע זעלבסטפערוואַלטונג, וואָס זאָל פרײ געוועהלט ווערען פון אַלע שיכטען פון דער בעפעלקערונג פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען פון ליטאַ, קען אַרויסהעלפען אונזער לאַנד פון עלענד און פון דער אומגעהויער נויט, וואָס די בעפעלקערונג לײדט.

די בעדינגונגען, בײ וועלכע די יודען פון ליטאַ וואָלטען קענען מיטהעלפען בײ דער גרינדונג פון אַזאַ אמתער זעלבסטפערוואַלטונג, קענען נור בעשטימט ווערען דורך אַ נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון די יודען פון די מיליטער-פערוואַלטונגען ליטאַ און ביאַליסטאָק-גראָדנא, וואָס זאָל זײן פרײ אויסגעוועהלט פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג און וואָס זאָל צונויפגערופען ווערען אין ווילנא“.

די דאָזיגע רעזאָלוציע איז אונטערגעשריבען געוואָרען פון די מיטגלידער פון צענטראַל-קאָמיטעט און פון די פאָרשטעהער פון די אָרגאַניזאַציעס.

דערבײ האט די קאמיסיע בעפולמעכטיגט דעם הרב י. רובינשטײן, אַדוו. ש. ראזענבוים און ד״ר צ. שאַבאַד דערלאַנגען אין מיליטערפערוואַלטונג ליטא די רעזאָלוציע צוזאַמען מיט אַ בקשה, אונטערגעשריבען פון זײ אַלס בעפולמעכטיגטע, וועגען ערלויבען צונויפרופען אין ווילנא די דערמאנטע יודישע קאנפערענץ.

דעם 29 אקטאבער 1917 האבען זײ די רעזאלוציע און די בקשה דערלאַנגט אין מיליטערפערוואַלטונג ליטא. דארט האט מען זײ פרײנדליך אויפגענומען און מען האט זײ מבטיח געווען צו געבען אַ שריפטליכען ענטפער.



# כראָניק.

קינדער-פערזאָרגונג. אין אָקטאָבער 1917 איז ערשינען א געדרוק־טער פינאַנץ־בעריכט פון דער ווילנער יודישער געזעלשאַפט פאַר קינדער־פערזאָרגונג פון סעפטעמבער 1915 ביז סעפט. 1917. דעם 20 אָקטאָבער 1917 איז פאָרגעקומען די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם זיינען געלייענט געוואָרען אַ ריי בעריכטען וועגען אַלע אַנשטאַלטען פון דער חברה.

אין 1917 האָט די חברה געהאַט פאָלגענדע קינדער-אינסטיטוציעס: די ערשטע קינדער-קיך, די צווייטע קינדער-קיך, אַ יתומים-הויז, אַ קינדער-היים פאַר מיידלעך, אַ קינדערהיים פאַר אינגלעך, אַ קינדערהיים אויף כיווער גאַס (שניפישאָק), אַ אָוונט-שול פאַר דערוואַקסענע מיידלעך, אַ שול אויף באַקשט און אַ קינדער-ביבליאָטעק.

אין 1915 האָבען געאַרבייט נור פיר אינסטיטוציעס פון דער חברה (די ביידע קינדער-היימען, די מיידעל-שול אויף באַקשט און די קינדער-ביבליאָטעק). די קינדער-קיך אויף פאָהוליאַנקע, וואָס עקזיסטירט שוין פון סעפטעמבער 1914, פלעגט קריגען שטיצע פון הילפס-קאָמיטעט און איז אַריבער אין רשות פון דער חברה ערשט פון יאַנואַר 1916. אין דעם זעלבען יאָר עפענט די חברה שוין די צווייטע קינדער-קיך אויף שניפישאָק (31 יאַנואַר), אויף זומער 1916 האָט זי איינגעאָרדענט אַ שפיל-פּלאַץ פאַר קינדער און אין אָקטאָבער אנשטאָט דעם קינדער-פלאַץ—אַן אָוונט-היים פאַר מעהר דערוואַקסענע מיידלעך אין עלטער פון 9 ביז 14 יאָר. ווינטער 1916—17 זיינען אויך איינגעאָרדענט געוואָרען פאָרלעזונגען פאַר קינדער, מיט ליכטבילדער. אָנהויב יאָר 1917 האָט די חברה געעפענט די דריטע קינדער-היים אויף כיוועער גאַס.

אין די אַלע 9 אינסטיטוציעס ווערען בעזאָרגט טויזענטער קינדער פון דער אָרימסטער יודישער בעפעלקערונג. אין דער קינדער-קיך אויף פאָהוליאַנקע בעקומען צוויי מאָל אַ טאָג עסען בערך 1700 קינדער. פאַר דעם לעצטען יאָר (סעפט. 1916—סעפט. 1917) איז אַרויסגעגעבען געוואָרען 590.231 פאָרציעס. אין קינדער-קיך אויף שניפישאָק, וואו ס'עסען בערך 300 קינדער, איז אַרויסגעגעבען געוואָרען 128.864 פאָרציעס.

אין דער קינדער-היים פאַר אינגלעך אויף נאָווע גאַס זיינען פאַרהאַן בערך 250 קינדער, פון 7 ביז 14 יאָר, וועלכע פערברייננען דאָרט דעם גאַנצען טאָג, קריגען 3 מאָל אַטאָג עסען און לערנען אין 5 קלאַסען. אין דער קינדער-היים פאַר מיידלעך געפינען זיך 360 קינדער פון 5 ביז 13 יאָר, וועלכע זיינען פערטיילט אין אַ קינדערגאָרטען און אין 4 קלאַסען. די קינדער-היים אויף כיוועער גאַס איז איינגעאָרדענט נור פאַר קליינע קינדער

(בערך 140) אין עלטער פון 2 ביז 9 יאָר. דאָ איז איינגעאָרדענט אַ קינדער־גאָרטען און איין קלאַס פאַר עלטערע.

די יתומים־הויז אויף אָסטראָבראָם וואַקסט וואָס פון טאָג, און די צאָל קינדער איז פון עטליכע און צוואַנציג געשטיגען ביז 160. די קינדער וואוינען דאָרט און ווערען פערזאָרגט מיט עסען, שוך־און־קליידונג און למודים.

די אָוועגט־היים אויף קאָנע גאַס בעזוכען בערך 100 מיידלעך, וועלכע בעקומען דאָרט, אויסער למודים אין 2 קלאַסען, 2 מאָל אַטאָג עסען.

אין דער שול אויף באַקשט זיינען דאָ 6 קלאַסען, וואו ס'לערנען זיך 270 מיידלעך אין עלטער פון 7 ביז 14 יאָר; אַ העלפט פון די קינדער בעקומען אויך עסען.

די קינדער־ביבליאָטעק אויף טראָקער גאַס האָט אין 1916 יאָר איינגעאָרדענט אויך אַ לעזעזאַל: אין ביבליאָטעק זיינען אין משך פון לעצטען יאָר (סעפט. 1916 סעפט. 1917) אַרויסגעגעבען געוואָרען 26895 ביכער. בעזוכט די ביבליאָטעק האָבען אין משך פון דער דאָזיגער צייט 1569 לעזער. ווינטער 1916–17 זיינען געלייענט געוואָרען בערך 20 לעקציעס אויף פערשיידענע טעמעס.

אויף אַזאַ אופן ווערען פון דער חברה פערזאָרגט 3280 קינדער, ניט רעכענענדיג די, וואָס בענוצען די ביבליאָטעק, דעם לעזע־זאַל און די לעקציעס. די נויט איז אָבער אַזוי גרויס. אַז הגם ס'עקזיסטירען אין שטאָט נאָך אַנשטאַלטען, וואָס זאָרגען וועגען קינדער, פערבלייבען נאָך טויזענטער יודישע קינדער, יתומים און פון אָרימע עלטערען, אָהן פערזאָרגונג.

ד״ר צ. שאַבאד.

די קינדערהיים פון „אחיעזר". די קינדערהיים פון „אחיעזר" איז געגרינדעט געוואָרען לויט דער אינציאַטיווע פון מרכז „אחיעזר" (דער הויפט אַ דאַנק דער אַרבייט פון די ה״ה גראָסמאַן, אָלקעניצקי א. א.) אין יוני 1917 ספּעציעל פאַר די אָרימע יודישע קינדער, וואָס האָבען געבעטעלט אויף די גאַסען. אָנהויב זומער 1917 האָט זיך געמערקט אַ בעזונדערע ערשיינונג: די שאַרפע נויט האָט אַרויסגעוואָרפען אויפ'ן גאַס אַ סך יודישע קינדער, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו בעטען נדבות. די דאָזיגע קינדער פלעגען ליגען אויסגעלייגט אויף די לאַוועס און פלעגען פערהילכען מיט זייערע געשרייען און געוויין די גאַסען.

צום אָנהויב האָט דער מרכז געהאַט בדעה צו גרינדען אַ היים, וואו די דאָזיגע קינדער זאָלען זיין נור ביי טאָג און זאָלען דאָרט אויך קריגען עסען. אָבער באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דער גרעסטער טייל פון די קינדער זיינען יתומים, וואָס האָבען קיין היים ניט און האָבען ניט וואו צו נעכטיגען. דאַן איז דער מרכז צוגעטראָטען צו גרינדען אַ

אינטערנאַט, און בײַ דער מיטהילף פון דער אָרטיגער יודישער בעפעל־קערונג און דער געהעריגער מאַכט האָט ער אָרגאַניזירט אַ פערמאַכטען אינטערנאַט, וועלכער האָט זיך אָפיציעל געעפענט דעם 4 אָקטאָבער נ. ס. 1917 אויף סוואָראָווער גאַס נומ׳ 9.

איידער דער אינטערנאַט איז געעפענט געוואָרען, האָט זיך די בײַטאָגיגע קינדערהיים געפונען אויף ברייטער גאַס נומ׳ 17. נאָך אַ גענויער רעגיסטראַציע פון אַלע קינדער, בײַ וועלכער ס׳האָט אַ סך מיטגעהאָלפען די רעגיסטראַציאָנס־ביוראָ פון צדקה־גדולה, און נאָך אַ גרינטליכען קאָנטראָל אויף די ערטער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז פון די 268 קינדער פון קינדערהיים נויטינען זיך אין אַ אינטערנאַט 158, וועלכע מען האָט אַריבערגעפירט אויף סוואָראָווער גאַס נומ׳ 9 אין איטערנאַט, וואָס איז אײַנגעאָרדענט געוואָרען מיט אַלע בעקוועמליכקייטען. לויט מעגליכקייט האָט מען די קינדער בעפרייט פון די שמאַטעס, אין וועלכער זיי פלעגען זיך וואַלגערען אויף די גאַסען, און מען האָט זיי איבערגעטאָן אין נייע קאָסטיומען לויט אַ בעשטימטען מוסטער. 18 פּראָצענט קינדער האָבען געהאַט הויט־קראַנקהייטען, דערהויפּט פערכלעך, און ס׳איז אויסגעקומען אַ סך צו אַרבייטען, איידער מען האָט דעם דאָזיגען פּראָצענט קראַנקע דערפירט ביז אַ מינימום. די קינדער בעקומען 4 מאָל אַ טאָג עסען. פאַר זייער ערציהונג זאָרגט אַ פעדאַגאָגישער פּערסאָנאַל, וועלכער געפינט זיך בײַ זיי פון אינדערפריה ביז בײַנאַכט.

פון די 158 קינדער, וואָס האָבען זיך געפונען אין אינטערנאַט צום 4־טען אָקטאָבער 1917, זיינען געווען אינגלעך־65 פּראָצ., מיידלעך 35 פּראָצ.; יתומים אָהן טאַטעס און מאַמעס (אינגאַנצען אָהן אַ היים) — 46 פּראָצ., אָהן טאַטעס — 84 פּראָצ., אָהן מאַמעס — 51 פּראָצ. פון די קינדער אָהן טאַטעס זיינען 5 פּראָצ. פערלאָזענע (ניט בעוואוסט ווער זיינען די עלטערען), 45 פּראָצ. טאַטעס זיינען געשטאָרבען, 15 פּראָצ. זיינען אויף מלחמה, 10 פּראָצ. — אויף צוואַנגסאַרבייט און 25 פּראָצ. זיינען אַרויס־געפאָרען (קיין רוסלאַנד, דייטשלאַנד, אַמעריקא, פּראָווינץ). פון די קינדער אָהן מאַמעס זיינען 9 פּראָצ. פערלאָזענע, 67 פּראָצ. מאַמעס זיינען געשטאָרבען און 34 פּראָצ. זיינען אַוועק אויף דער פּראָווינץ. דער עלטער פון די קינדער איז בערך פון 5 ביז 15 יאָר; אינגלעך ביז 6 יאָר — 22 פּראָצ., ביז 9 — 40 פּראָצ., ביז 12 — 33 פּראָצ., ביז 15 — 5 פּראָצ. מיידלעך ביז 6 יאָר — 30 פּראָצ., ביז 9 — 46 פּראָצ., ביז 12 — 20 פּראָצ., ביז 15 — 4 פּראָצ.

ר. בוניאַק.

די יתומים־הויז אויפ׳ן נאָמען פון גערטרוד מאַרקס איז געגרינדעט געוואָרען דעם 4 אָקטאָבער 1917 פון ה׳ קאָמערציענראַט געאָרג מאַרקס פון קעניגסבערג (פּרייסען) צום ערשטען יאָרצייט פון זיין פרוי גערטרוד, געבאָרענע סימאָן.

אין יאַנואַר 1916, ווי נור ס׳איז געעפענט געוואָרען די פּאָסט-פערבינדונג צווישען ווילנא און דייטשלאַנד, האָט ה׳ געאָרג מאַרקס זיך געווענדעט מיט אַ נענויעם בריוו צו איינעם פון די קהלה-פאָרשטע-הער אין ווילנא, נאָכפרעגענדיג זיך וועגען דעם מאַטעריעלען מצב פון די יודען אין שטאָט און פאָרשלאָגענדיג זיין הילף. פון דאַן אָן האָט זיך ה׳ מאַרקס געפונען אין שטענדיגער קאָרעספּאָנדענץ מיט ווילנא, און אַרומטראָגענדיג זיך מיט דעם געדאַנק צו פעראייביגען דעם זכרון פון זיין פרוי, וואָס איז געשטאָרבען י״ח תשרי תרע״ז, האָט ער זיך געווענדט אין ווילנא מיט אַ בקשה מען זאָל אים מאַכען קאָנקרעטע פאָרשלאָגען; נאָך אַ ישוב-הדעת אין אַ איינגען קרייז, האָט מען אים דעם 24 אויגוסט 1917 פאָרגעשטעלט דעם פארשלאג צו גרינדען אין ווילנא אַ היים פאַר 40 יתומים. דער דאָזיגער פאָרשלאָג איז תיכף אַקצעפּטירט געוואָרען פון ה׳ מאַרקס, וועלכער האָט דערביי אויסגע-דריקט דעם וואונש, אַז די היים זאָל געעפענט ווערען אויף זיינע הוצאות ניט נור פאַר 40, נור פאַר אַ גרעסערער צאָל קינדער (60). אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ה׳ מאַרקס איבערגענומען די פאָרמעלע התחייבות (ניט נור פאַר זיך, נור אויך פאַר זיינע קינדער און יורשים) צו געבען „דער יודישער קהלה אין ווילנא פאַר די יאָרען 1918—1920 די אַלגעמיינע סומע פון 100000 מאַרק, צאָלענדיג פּאָראויס צו 8000 מ׳. יעדען פערטעל יאָר״.

נאָכדעם, ווי די געלט-מיטלען זיינען אויף אַזאַ אופן גאַראַנטירט געוואָרען, איז געבילדעט געוואָרען אין ווילנא אַ קאָמיטעט פון 12 מיט-גלידער, וועלכער איז צוגעטראָטען צו דער פערווירקליכונג פון דער זאַך און פינקטליך צום ערשטען יאָרצייט פון גערטרוד מאַרקס איז שוין געוועזן די מעגליכקייט איבערצוגעבען די ניי-געגרינדעטע יתומים-היים דער יודישער קהלה אין ווילנא, ביי אַ פייערליכער עפענונג אונטער דער צאָלרייכער בעטייליגונג פון פערטרעטער פון אַלע יודישע צדקה-אַנשטאַלטען אין שטאָט.

לויט דעם פערלאַנג פון גרינדער טראָגט די יתומים-הויז אַ שטרענג-רעליגיעזען יודישען כאַראַקטער.

די יתומים-הויז געפינט זיך אויף פּאָרטאָווע נומ׳ 22 און האָט איצט 48 קינדער אין עלטער פון 2 ביז 6 יאָר. די אַנשטאַלט איז אין אַלע הינזיכטן אַוועקגעשטעלט אויפ׳ן בעסטען אופן. פאַר די קינדער זיינען פאַרהאַן 3 אויפזעהערינס און 1 לערערין (קינדערגערטנערין) מיט פעדאַגאָגישער בילדונג, וועלכע גיט 4 שעה אַ טאָג: פון 9 ביז 11 און פון 4 ביז 6. די למודים בעשטעהען פון קלעפּען, פלעכטען, נייהען, געזאַנגען, שפּילען און ערצעהלונגען פון דער יודישער געשיכטע און וועגען יודישע ימים-טובים. די

קינדער ווערען ערצויגען אין גייסט פון דער יודישער רעליגיעזער טראדיציע: תפלות, וואשען די הענט פארן עסען, בענשען וכדומה. פרייטאגצונאכט ווערען אנגעצונדען ליכט. שבת בעקומען די קינדער חלה. עסען בעקומען די קינדער 4 מאל א טאג; שבת — א עקסטרע-שפייז; צוויי מאל א וואך פלייש.

די מעדיצינישע השגחה איבער דער אנשטאלט האט ד"ר פאטשטער, וועלכער קומט צוויי מאל א וואך, און חוץ דעם — א געניטע פעלדשערין, וועלכע קומט יעדען טאג.

בעזונדערס שווער איז געווען צו בעקומען דעם נויטיגען אינווענטאר. די וועש און קליידער האבען ביים איצטיגען יקרות אבגעקאסט זעהר א סך געלט.

דער פערסאנאל פון יתומים-הויז בעשטעהט פון 3 אויפזעהערינס, 1 קעכין, 1 דינער, 1 פערוואלטערין, 1 לערערין און 1 בוכהאלטער מיט א אלגעמיינעם געצאלט פון 380 מארק א חדש.

הרב ש. פריד האט די רעליגיעזע השגחה איבער דער אנשטאלט.

די אנשטאלט איז לויט איר כאראקטער גלייכצייטיג א שטרענג-יודישע און דערביי א גאנץ אייראפעאישע.

א. ראבמילעוויץ.

טעכנישע קורסען. די טעכנישע קורסען זיינען געגרינדעט געווארען לויט דער איניציאטיווע פון ד"ר צ. שאבאד און אינזש. ליטויער אין אקטאבער 1917. די טעכנישע קורסען פון „מפיצי השכלה", וואס האבען עקזיסטירט אין 1916 (ז. „ווילנער זאמעלבוך", ערשטער באנד), האבען בעוויזען, אז דער געדאנק וועגען טעכנישער בילדונג פאר יודען איז זעהר וויכטיג בעזונדערס אין די צייטען, וועלכע מיר לעבען איבער, און אז זיין פערווירקליכונג דארף דורכגעפירט ווערען אויף א סך בריימערע יסודות.

אויף א רייהע בעראטונגען, וואס זיינען פארגעקומען וועגען דער גרינדונג פון דעם נייעם בילדונגס-אנשטאלט, האבען הן די פאך-לייט והן די כלל-טוער אנגעוויזען, אז מען דארף עפענען אין ווילנא אויף ברייטע יסודות יודישע טעכנישע קורסען, וועלכע זאלען זיך מיט דער צייט אויסבילדען אין א טעכניקום. די קורסען דארפען זיין אויסגערעכענט אויף א קאנטינגענט צוהערער, וואס בעזיצען שוין אלגעמיינע בילדונג אין א קורס פון לכל הפחות 4 קלאסען גימנאזיע. דער געצאלט איז 10 רובל א חדש.

דער אינטערעס, וואס די גרינדונג פון אזוינע קורסען האט ארויסגערופען איז זעהר גרויס. די זאך גופא איז אונגעהויער וויכטיג. ס'איז נויטיג אויסצובילדען א קאדר יודישע טעכניקער, וואס זאלען זיין צוגעגרייט צום לעבען און בפרט אין דעם מאמענט פון דער איבערגאנגס-

ווירטשאַפט, וואָס וועט אָנקומען מיט׳ן שלום, ווען די שטאָט און די געגענט וועלען אָבגעבויט און אויפגעריכט ווערען. דער נאָכפרעג אויף געבילדעטע טעכניקער איז איצט זעהר גרויס און זייער צאָל צווישען יודען איז זעהר קליין. די קורסען זיינען אַ מין ספעציעלע מיטעלשול אויף אַ געוויסע צייט מיט געוויסע צילען.

אין נאָוועמבער 1917 האָבען שוין די קורסען רעגעלמעסיג פונקציאָנירט ביי 7 לערער פאַר די טעאָרעטישע און פראַקטישע למודים (מאַטעמאַטיק, מעכאַניק, אַרכיטעקטור, כעמיע, צייכענען, עלעקטראָטעכניק) און איבער 100 שילער.

די קורסען בעזיצען אַ רייהע לאָבאַראַטאָריעס, אַ עלעקטרישע סטאַנציע און אַ אויסגעצייכענטען בנין, וואָס איז צוגעפאַסט צו דער אַנשטאַלט. אַלע למודים ווערען געפירט פון פאַך-לייט.

דער מאַטעריעלער יסוד פון די קורסען איז געלעגט געוואָרען דורך אַ גרופּע כלל-טוער, וועלכע האָבען אַריינגעטראָגען די ערשטע סומע געלט אַלס פייען. די ווייטערדיגע הכנסה איז דערהויפּט דער שכר-למוד.

די קורסען ווערען אָנגעפירט דורך אַ קאָמיטעט, וואָס איז אויסגעוועהלט געוואָרען פון דער גרינדונגס-פערזאַמלונג, און פון פעדאַגאָגישען ראַט. דער דירעקטאָר פון די קורסען איז אינזש. ליטויער. אין קאָמיטעט געהען אַריין חוץ די מיטגלידער, וואָס זיינען אויסגעוועהלט געוואָרען אויף דער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, אויך פאָרשטעהער פון די פּראָפעסיאָנעלע אַרבייטער-פעראיינען, פון פעראיין האַנדווערקער בעלי-בתים און פון די עלטערען פון די שילער.

ס׳ווערט פּראָיעקטירט צו גרינדען ביי די קורסען וואַרשטאַטען פאַר בעלי-מלאכות. מ.

· יודישער קולטור-פעראיין. אין מאַי 1917, נאָך דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, האָט אויפגעלעבט דער געדאַנק (וועלכער איז ענטשטאַנען נאָך אַ סך פריהער) וועגען פעראייניגען די ניט אָרגאַניזירטע יודישע דעמאָקראַטישע און סאָציאַליסטישע עלעמענטען אויף אַן אַלגעמיינער פּראַקטישער פּראָגראַם. ה׳ ב. היילפערין האָט פונאַנדערגעשיקט צו די ווילנער יודישע עסקנים אַ בריוו מיט אומגעפעהר פאָלגענדען אינהאַלט:

„אַזוי ווי נאָך די גרויסע געשעהענישען אין רוסלאַנד שטעהט אונז פאָר אַ וויכטיגע שאַפערישע אַרבייט, מוז קודם כל געגרינדעט ווערען אַזאַ יודישער צענטער, אַרום וועלכען עס זאָלען זיך קענען גרופּירען אַלע עלעמענטען פון יודישען פאָלק אָהן אונטערשייד פון ריכטונג און שטרעבונג, אַלע לעבעדיגע קרעפטען אָהן אונטערשייד פון מעמד און קלאַס. די אויפגאַבע ווי אַיינצוואָרדענען זיך פּאָליטיש דאָ אויף

אַן אָרט מוז פערנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ, ווייל זייענדיג איבער=
צייגט, אַז נאָך דער מלחמה וועט אונז אין די גרעניץ-לענדער פון רוס-
לאַנד פּאָרקומען אויסצוהאַלטען אַ גרויסען קאַמף מיט די איבעריגע נאַציעס,
מוז דאָס יודישע פאָלק זיין גרייט אויפצונעהמען דעם דאָזיגען געראַנגעל
און אַרויסווייזען זיין פּאָליטישע רייפקייט. מיר קענען דערלאָזען, אַז
אין אַלגעמיין-מלוכה׳שע פראַגען אָדער פּאָליטיש=סאָציאַלע זאָלען מיר
זיך, לויט אונזערע איבערצייגונגען, דיפערענצירען אויף פערשיידענע
פּאַרטיעס, און גאַנץ מעגליך, אַז אונזערע צילען און אונזערע וועגען
וועלען זיך פונאַנדערגעהן, אָבער אין די פראַגען פון דער אָרטיגער
אַרבייט מוזען מיר זיך פעראייניגען, ווייל דאָס איז אַ לעבענס-פראַגע
פאַרן יודישען פאָלק אין די גרעניץ=לענדער פון רוסלאַנד בנוגע צו
יענע יודיש-פיינדליכע עלעמענטען פון די נאַציעס, וועלכע בעוואוינען
די געגענדען. וואָס עס זאָלען ניט טענה׳נען די אָנהענגער פון אינטער=
נאַציאָנאַליזם, אָבער איינס איז קלאָר, אַז מיר לעבען און מיר וועלען
נאָך אפשר לאַנג לעבען אין אַ ניט געזונטער סביבה פון שאָוויניזם
און אָט אין דער סביבה שטעהט אונז פאָר אַ שווערער קאַמף. אַלזאָ,
לייג איך פאָר שאַפען אַזאַ פּאָליטישען צענטער, וועלכער זאָל אַרומ=
נעהמען אַלע לעבעדיגע און אַקטיווע קרעפטען פון אונזער פאָלק, אום
מיר זאָלען אויף אַ בכבוד׳יגען אופן נעהמען אַן אָנטייל אין דער
גרויסער אַרבייט פון נייעם בנין, ווייל דאָס פאָדערט פון אונז דער
איצטיגער מאָמענט“.

אויף דעם דאָזיגען בריוו פון ה׳ היילפערין האָבען זיך אָבגערו=
פען אייניגע כלל=טוער. זיי האָבען אָבגעהאַלטען אַ רייהע בעראַטונגען,
וואו נאָך לאַנגע דעבאַטען האָבען זיי בעשלאָסען צו גרינדען ניט אַ
פּאָליטישע פּאַרטיי מיט אַ בעשטימטער פּראָגראַם, נור אַ פּאָליטישען
קלוב מיט אַזאַ אַלגעמיינער פּלאַטפאָרמע, אויף וועלכער אַלע דעמאָקראַ-
טישע עלעמענטען זאָלען זיך קענען צונויפגעהן.

דער גרינדונגס=קאָמיטעט האָט תיכף נאָכדעם אַרויסגעגעבען אַ פלוג-
בלעטעל מיט בערך פאָלגענדען אינהאַלט: „די מלחמה האָט געמאַכט
גרויסע איבערקערענישען אין דער גאַנצער וועלט און ביי אַלע פעלקער.
די וועלט ווערט בעגייט, עס איז געפאַלען אין רוסלאַנד דער צאַריזם;
אַלע פעלקער אַרום אונז גרייטען זיך צו בויען אַ נייעם לעבען און אָר-
גאַניזירען זיך, נור אויף דער יודישער גאַס איז שטיל, נור ביי יודען
איז געבליבען אַלץ ווי פריהער: די זעלבע צוריסענקייט און צופליטערט-
קייט; נור דער קלענסטער טייל פון יודישען פאָלק איז אָרגאַניזירט:
די יודישע אַרבייטער=מאַסען. עס איז געקומען די צייט, אַז די איבעריגע
יודישע דעמאָקראַטישע עלעמענטען — בעלי=מלאכות, קרעמער, אינטעלי-
גענץ און אַזוי בעלי=בתים—זאָלען זיך אויך אָרגאַניזירען. ס׳זיינען פאַרהאַן

פראגען, וועלכע מען טאָר ניט אָבליינען. מיר מוזען זיך גלייך אָנהויבען פונאנדערקלייבען אין די דאָזיגע פראַגען און געבען אויף זיי אַן ענטפער, כדי אַרום זיי צו אָרגאַניזירען זיך. אויסער די אַלטעגליכע פראגען שטעהען פאַר אונז אויפ׳ן סדר היום די פאָלגענדע ברענענדיגע שאלות: א) ווי דאַרף פּאָליטיש אייגגעאָרדנעט ווערען ליטא. ב) די אָרטיגע זעלבסטפערוואַלטונג אין ליטא. ג) קולטור-נאַציאָנאַלע אַווטאָנאָמיע. ד) די קולטור-נאַציאָנאַלע איינריכטונגען ביי יודען (קהלה). ה) די מיטלען צום אויפבוי און ענטוויקלונג פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט ביי יודען״.

נאָך דער דאָזיגער פלוג-בלעטעל האָבען די גרינדער צונויפגערופען דעם 3-טען יולי 1917 אַ גרינדונגס-פערזאַמלונג. אין דער איינלאַדונגס-קאַרטע איז געווען געזאָגט: „ס׳גרינדעט זיך אַ יודישער קולטור-פעראיין, וועלכער שטעלט זיך די אויפגאַבע צו ענטוויקלען דעם זעלבסטבעוואוסטזיין און די זעלבסט-טעטיגקייט פון די יודישע מאַסען און צו אָרגאַניזירען זיי אויף דעמאָקראַטישע און נאַציאָנאַלע יסודות״. ה׳ ב. הייללפערין איז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר אַ פאָרזיצענדען פון פעראיין.

דער פעראיין פערמאָגט דריי סעקציעס: א) אָרגאַניזירענדיגע—צו אָרגאַניזירען די יודישע מאַסען. ב) עקאָנאָמישע—אויפצוקלערען דעם עקאָנאָמישען מצב פון דער יודישער בעפעלקערונג. ג) אויפקלערונגס-סעקציע—צו בעלויכטען די בעציהונג פון יודען צו די פּאָליטישע געשעהענישען.

אַדאַנק די בעמיהונגען פון דער אָרגאַניזאַציאָנס-סעקציע האָבען זיך אָרגאַניזירט די לאהדים-קרעמער, די מאַנופאַקטוריסטען, ווי אויך דראָגיסטען.

די עקאָנאָמישע סעקציע האָט אויסגעאַרבייט אַ פראַגע-בויגען, לויט וועלכען מען האָט בדעה צו מאַכען אַן אַנקעטע צווישען דער יודישער בעפעלקערונג, דער עיקר אום פעסטצושטעלען די הזיקות, וואָס די יודישע בעפעלקערונג האָט געליטען פון דער מלחמה סיי דירעקט סיי אונדירעקט.

די אויפקלערונגס-סעקציע איז אַריינגעטראָטען אין בעציהונגען מיט די פאָרשטעהער פון אַנדערע נאַציעס, וועלכע האָבען געגעבען עפענטליכע עבקלערונגען אויף די אַלגעמיינע פערזאַמלונגען פון פעראיין בנוגע זייערע בעציהונגען צו דער יודישער פראַגע.

דער פעראיין האָט בערך 150 פעררעגיסטרירטע מיטגלידער.

אין יודישען קולטור-פעראיין קומען פאָר פעריאָדיש, אַלע וואָך, פערזאַמלונגען, אויף וועלכע מען האַלט רעפעראַטען איבער פערשיידענע יודישע, פּאָליטיש-געזעלשאַפטליכע פראַגען, וועלכע ווערען בעלויכטען פון פערשיידענע יודישע נאַציאָנאַל-סאָציאַלע שטאַנדפּונקטען. דער פעראיין אָרדענט אויך איין עפענטליכע אַרויסטרעטונגען.

יצחק ברוידעס.

**דער אַלגעמיינער אַרבייטער קולטור-פעראיין.** אונטער אַזאַ נאָמען האָט אין מערץ 1916 בעניײַט זיין טעטיגקייט דער „וועסטניק זנאַניאַ", וואָס האָט זיך געעפענט אין ווילנא אין יאָר 1913 דורך אַ גרופּע דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ פון פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען. די קולטורעלע טעטיגקייט פון „וועסטניק זנאַניאַ", אַזוי אויך פון „אַל-געמיינעם אַרבייטער קולטור-פעראיין" ווערט כאַראַקטעריזירט מיט אַ בולטען שטעמפּעל פון אינטערנאַציאָנאַלע טענדענצען.

לויט דער נאַציאָנאַליטעט זיינען דאָס רוב מיטגלידער יודען. אין משך פון זומער 1916 און ווינטער 1917 האָט דער פעראיין איינגעאָרדענט אַ רייהע ליטעראַרי-שע, קינסטלערישע און מוזיקאַלישע אָווענטען, רעפּעראַטען, געשפּרעכען, וואָס זיינען געווען געווידמעט פערשיידענע פאָרשטעהער פון ליטעראַטור און קונסט: שלום-עליכם, אַש, עליזאַ אָרזשעשקאַ, טאָלסטאָי, גאָרקי, קאַמיסאַרזשעווסקאַ א. א., אויך 5 עפענטליכע „אָווענטען פון אינטערנאַציאָנאַלער קונסט" מיט כאַראַקטעריסטישע אַנאָנסען, וואָס זיינען געווען געדרוקט אויף פינף שפּראַכען. סוף 1916 האָט דער פעראיין געעפענט ביי זיך אין לאָקאַל אַן אומזיסטע ביבליאָטעק און אַ לייען-זאַל אויפין נאָמען פון אָנגעזעהענעם טוער פון דער היגער אַרבייטער-בעוועגונג סטאַניסלאַוו רולקאָווסקי.

אום צו פערלייכטערן די מאַטעריעלע לאַגע פון זיינע מיטגלידער האָט דער פעראיין סוף יוני 1917 געעפענט ביי זיך אין לאָקאַל אַ „אינטערנאַציאָנאַלע קיך" פון אַ פאָלקס-טיפּ. די בעזונדער – אויסשליסליך אַרבייטס-עלעמענטען – בעשטייהען כמעט גלייך אויף גלייך פון יודען און קריסטען. די פערוואַלטונג און דער פערסאָנאַל פון קיך בעשטייהען אויך פון פאָרשטייהער פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען פון אונזער געגענט. ביי דער מאַלערישער צוזאַמענמישעניש פון פעלקער און לשונות – הערשט אַ פולשטענדיגע גלייכבערעכטיגונג פון שפּראַכען. די פרוכטבאַרע השפּעה פון אַלגעמיינעם קולטור-פעראיין און פון זיינע אינסטיטוציעס אויף דער נאַציאָנאַלער התקרבות און אויף דער געגענזייטיגער בעקאַנטשאַפט מיט פערשיידענאַרטיגע קולטורען איז בלי שום ספק.

אין אויגוסט 1917 האָט דער פעראיין געהאַט העכער 350 מיטגלידער, פון זיי 241 יודען, 84 פּאָליאַקען, 9 בעלאָרוסען, 7 ליטווינער, 5 רוסען, 4 מאַלאָרוסען, 1 דייטש און 1 אַרמענער. דער פּאָרזיצענדער פון פעראיין איז דער אַרבייטער-ליטווינער א. יאַקוטיס, זיין ממלא-מקום – דער זשורנאַליסט-יוד ר. גינצבורג. ר ע ו א ל.

**די יודישע לערער-געזעלשאַפט.** צוליב פערשיידענע סבות זיינען אין ווילנא פערבליבען ביי דער אָקופּאַציע אַ געוויסע צאָל לערער מיט אַ ספּעציעלער פעדאַגאָגישער בילדונג; אין ווילנע האָבען זיך אויך אָנגע-קליבען אַ סך לערער, וועלכע זיינען אָנגעפאָרען פון די אַרומיגע שטעט און שטעטלעך. די לאַגע פון די אַלע לערער איז געווען זעהר אַ טרויעריגע. אויף אַ רייהע פערזאַמלונגען איז אַרויסגעזאָגט געוואָרען דער געדאַנק, אַז ס'איז זעהר נייטיג צו גרינדען אַ געזעלשאַפט, וואָס איר אויפגאַבע זאָל זיין צו אָרגאַניזירען די לערער, כדי עס זאָלען קענען פערטיידיגט ווערען זייערע אינטערעסען סיי עקאָנאָמישע, סיי קולטורעלע. דער דאָזיגער געדאַנק איז פערווירקליכט געוואָרען דורך דער גרינדונגס-פערזאַמלונג, וועלכער איז פאָרגעקומען דעם 11/24 סעפּטעמבער 1915.

שוין אויף די ערשטע זיצונגען איז אָנגענומען געוואָרען אַ בע-שלוס, אַז מיטגלידער פון לערער-געזעלשאַפט קענען זיין נור לערער, וועלכע האָבען געאַרבייט אָדער אַרבייטען אין יודישע וועלטליכע שולען.

ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרען דער כּלל, אז אין די יודישע שולען דאַרפען די לימודים געפירט ווערען אויף דער מוטערשפּראַך.

די צילען פון דער לערער-געזעלשאַפט זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרען צווייערלייאיגע:

א) געגענזייטיגע הילף (שטיצע, הלואות, עסען, קליידונג וכדומה).

ב) קולטורעלע אויפגאַבען (גרינדען שולען, צוגרייטען לערער, שאַפען לערער-ביכער, קינדער-ליטעראַטור, אויסשטעלונגען פון לערער-ביכער, מכשירים, אויסאַרבייטען טערמינאָלאָגיע פון פערשיידענע געגענשטאַנדען וכדומה).

די צאָל מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט איז געשטיגען פאַר דער צייט, וואָס די געזעלשאַפט עקזיסטירט, פון 60 ביז 140.

די אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט קלייבט אויס אַ פערוואַלטונג פון 7 מיטגלידער און אַ רעוויזיאָנס-קאָמיסיע פון 3 מיטגלידער.

די פערוואַלטונג פירט אָן מיט דער אַרבייט פון דער געזעלשאַפט. אין אַלע וויכטיגע פראַגען האָט דעם ענדגילטיגען וואָרט די אַלגעמיינע פערזאַמלונג.

די פערוואַלטונג האָט לויט די צילען פון דער געזעלשאַפט געשטרעבט צו אַרבייטען אויףביידע געביטען: אויף דעם עקאָנאָמישען און קולטורעלען.

I. קולטורעלע אַרבייט: א) פאָרטראָגען וועגען דער יודישער פאָלקס-שול, אירע יסודות, אויפגאַבען און פּראָגראַם; וועגען אַ רייהע וויסענשאַפטליכע און געזעלשאַפטליכע פראַגען; אָוועטען צום אָנדענקען פון י. ל. פּרץ און שלום-עליכם; פאַמיליען-אָוועטען. ב) בעטייליגונג אין דער קאָמיסיע פון „מפיצי השכלה" וועגען אויסאַרבייטען אַ פּראָגראַם פון אַ נאָרמאַלער יודישער פאָלקשול, סוף יאָר 1915. ג) דיסקוסיעס אויף פעדאַגאָגישע טעמען. ד) אַ פּערטרעטער אין שול-ראַט. ה) אויסאַרבייטונג פון אַ טערמינאָלאָגיע אויף אריטמעטיק, וועלכע איז אָבגעדרוקט אין רעכענבוך פון ש. באַסטאָמסקי און ל. הורוויץ. ו) לערער-קורסען.

די ווילנער יודישע לערער-געזעלשאַפט האָט שוין לאַנג פאָראויסגעזעהן די סכּנה פון דוחק אין צוגעפּאַסטע לערער, און האָט אין 1916 געגרינדעט קורסען. די קורסען האָבען עקזיסטירט 9 חדשים און האָבען אַרויסגעלאָזען אַן ערך 50 לערער און לערערינס. די צוהערער זיינען געוועזען דאָס רוב שילער פון ווילנער לערער-אינסטיטוט און געענדיגטע גימנאַזיסטינס. אַלע פון זיי האָבען זיך שוין איינגעאָרדענט אויף שטעלעס. די קורסען האָבען געהאַט דעם ציל צוצוגרייטען יודישע לערער פאַר דער יודישער פאָלקס-שול. די קורסיסטען האָבען אויסגעהערט פאָלגענדע קורסן: יודישע ליטעראַטור—מ. שאַליט; יודישע שפּראַך—ז. רייזען; געשיכטע פון דער יודישער בילדונג פאַר דעם לעצטען יאָרהונדערט—ג. פּלודירמאַכער; פּעדאַגאָגיק און פּסיכאָלאָגיע—י. מיצקון;

מעטאָדיק פון אַריטמעטיק — י. גורעוויץ; מעטאָדיק פון נאַטורוויסענ־שאַפט — י. ס. כאַצקעלס; דידאַקטיק און היגיענע — מ. שור; יודישע לער־ביכער און אויסשטעלונג פון פערשיידענע לער־ביכער — ש. באַסטאָמסקי; העברעאישע לער־ביכער — ל. טורבאָוויץ; מעטאָדיק פון געשיכטע — א. היילפערין; התחלה שרייבען און לייענען — ג. ריינעס; גימנאַסטיק — מ. מזא"ה; געזאַנג — ש. קוידאַנאָווסקי. ס'איז אויך איינגעאָרדענט געוואָרען אַ ספּעציעלע אויסשטעלונג פון יודישע און העברעאישע לער־ביכער. די לערער־געזעלשאַפט האָט סוף 1917 בעשלאָסען איבערצוחזרן די קורסען לויט אַ ברייטערער פּראָגראַם.

ז) גרינדונג פון פערשיידענע קאָמיסיעס פאַר אַלערליי געגענ־שטאַנדען: נאַטורוויסענשאַפט, אַריטמעטיק, געאָגראַפיע, געשיכטע; פאַר נאַציאָנאַליזירען די מיטעל־שולען; פאַר אַ פערדאַגאָגישען זאַמעל־בוך; וועגען דער שול אויף דער פּראָווינץ; וועגען אַ פערלאַג פון לערביכער.

II. עקאָנאָמישע אַרבייט: א) אַרויסגעבונג פון ברויט פאַר די מיטגלידער פון דער געזעלשאַפט, איידער ס'זיינען איינגעפירט געוואָרען די ברויט־קאַרטעס. ב) אַרויסגעבונג פון זאַלץ, גרויפּענס, אַרבעס און אַנדערע שפּייז־פּראָדוקטען. ג) אַרבייט־ביוראָ. ד) פּראָצענט־אָבצאָל לטובת די נויטבעדערפטיגע לערער. ה) די פערטיידיגונג פון די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון די לערער אין די שולען. ו) שטיצע פאַר די נויט־בעדערפטיגע לערער. אין 1916 איז אַרויסגעגעבען געוואָרען שטיצע 2130 מאַרק, הלואות — 425 מאַרק, בסך־הכל 2555 מאַרק. אין 1917 — שטיצע 2000 מאַרק, הלואות — 500 מאַרק, בסך־הכל 2500 מאַרק.

ז) אַ ווענדונג צום צענטראַל־קאָמיטעט מיט אַ פאָרשלאָג צו הע־כערען דאָס געהאַלט פון די לערער. כּדי דער לערער זאָל האָבען דעם עקזיסטענץ־מינימום און די מעגליכקייט פּראָדוקטיוו צו אַרבייטען, מוז דאָס ביזאיצטיגע געהאַלט (15 רובל אַ מאָנאַטליכע שעה) פערגרע־סערט ווערען לכל־הפחות אויף 3—4 מאָל; נור רעכענענדיג זיך מיט די בעזונדערע בעדינגונגען, אין וועלכע ס'געפינט זיך איצט ווילנא, בעשליסט די אַלגעמיינע פערזאַמלונג, אַז פון דעם 1 נאָוועמבער 1917 מוז דאָס געהאַלט פון די לערער פאַר אַ מאָנאַטליכער שעה אין אַלע געזעלשאַפטליכע שולען (פאָלקס־שולען, קינדער־היימען, תלמוד־תורות, יתומים־הייזער א. א.) פיקסירט ווערען אויף 25 רובל.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס די געזעלשאַפט עקזיסטירט, האָט די פערוואַלטונג געהאַט 102 זיצונגען. אַלגעמיינע פערזאַמלונגען זיינען געווען 27. — (די העברעאישע לערער האָבען אין 1917 געגרינדעט אַ בעזונדערע העברעאישע לערער־געזעלשאַפט).

ב. זילבערבאַך.

**סטודענטען־פעראיין.** אין פעברואַר 1916 איז אין ווילנא לויט דער איניציאַטיווע פון אייניגע סטודענטען געגרינדעט געוואָרען אַ פעראיין פון יודישע סטודענטען און אביטוריענטען. דער פעראיין האָט זיך געשטעלט דעם ציל צו געבען זיינע מיטגלידער די מעגליכקייט צו בעפרידיגען זייערע קולטורעלע, געזעלשאַפטליכע און עקאָנאָמישע בעדערפעניסען.

במשך פון די $1\frac{1}{2}$ יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער פעראיין איינגעאָרדענט אַ גאַנצע רייהע און ציקלען פון רעפעראַטען אויף פערשיידענע וויסענשאַפטליכע, געזעלשאַפטליכע און ליטעראַרישע טעמעס, וועלכע זיינען געלייענט געוואָרען פון אדוו. ש. ראַזענבוים, ד"ר רעגענסבורג, ד"ר אלשוואַנגער, יוסף איזביצקי, דוד רויבעל און אַנדערע, דער גרעסטער טייל פון די לעקציעס זיינען געווען געווידמעט יודישע פראַגען.

צו יעדען יום־טוב פלעגט דער פעראיין איינאָרדענען מוזיקאַליש־ליטעראַרישע אָווענטען מיט אַ נאַציאָנאַל־יודישען אינהאַלט. כדי צו בעערען דעם אָנדיינקען פון די פערשטאָרבענע יודישע שריפטשטעלער פרץ, שלום־עליכם און פרוג, זיינען אין פעראיין פאָרגעקומען טרויער־אָווענטען.

דער פעראיין האָט רעאַגירט אויף פערשיידענע געשעהעניסען אין יודישען געזעלשאַפטליכען לעבען; אַזוי, למשל, איז דער פעראיין שאַרף אַרויסגעטראָטען געגען דער רעזאָלוציע פון דער וואַרשויער פוילישער סטודענטענשאַפט, וועלכע האָט ניט צוגעלאָזען די יודישע קאָלעגען צו האָבען אַ פאָרשטעהערשאַפט אין דער הנהגה פון דער אַלגעמיינער סטודענטענשאַפט. די מיטגלידער פון פעראיין פלעגען זיך בעטייליגען אין פערשיידענע געזעלשאַפטליכע אַרבייטען פון דער יודישער ווילנא, צ. ב. אין דער פאָלקס־ציילונג, אין פערזאָרגונג מיט מצה די אָרימע יודישע בעפעלקערונג און אין מיטווירקען לטובת פערשיידענע וואָלטעטיגע אָווענטען וכדומה.

ביים פעראיין זיינען געווען געגרינדעט קאָמיטעטען פאַר אייניגע הינע פאָלקסשולען.

ביים פעראיין האָט זיך געפונען אַ לעזע־זאַל, וואו ס'פלעגען זיך בעקומען ציימונגען און זשורנאַלען און ס'האָט עקזיסטירט אַ הילפס־קאַסע, וועלכע האָט אַרויסגעגעבען הלוואות און שטיצע די נויטבעדערפטיגע חברים.

די אָפיציעלע שפראַכען פון פעראיין זיינען געווען יודיש און העברעאיש.

אין יוני 1917 האָט זיך די טעטיגקייט פון פעראיין אַזוי גוט ווי אָבגעשטעלט.

ל.

**„הזמיר".** דער אונפּאַרטעאישער פעראיין „הזמיר" האָט זיך געגרינדעט דעם 10־טען אָקטאָבער 1917 מיט'ן ציל צוצוציהען די יודישע יוגענד צו דער יודישער קולטור דורך פאָרלעזונגען, ליטעראַרישע אָווענטען, פאָרשטעלונגען, בעהאַנדלונגען פון פערשיידענע וויסענשאַפטליכע פראַגען וכדומה. שוין אויף דער גרינדונגס־פערזאַמלונג האָט זיך דער פעראיין קאָנסטרואירט אַלס אַ יודישע מוזיקאַליש־דראַמאַטישע געזעלשאַפט. דעם 3־טען נאָוועמבער איז פאָרגעקומען ביי אַ גרויסען עולם (איבער 350 געסט), צווישען וועלכען ס'זיינען געווען אַ רייהע פאָרשטעהער פון דער ווילנער יודישער אינטעליגענץ און געזעלשאַפטליכקייט, די פייערליכע עפענונג פון דער נייער געזעלשאַפט.

תיכף נאָכדעם האָט זיך דער פעראיין גענומען צו דער פערווירקליכונג פון זיין פּראָגראַם. ס'זיינען געגרינדעט געוואָרען אַ כאָר אונטער דער לייטונג פון קאַנטאָר א. בערנשטיין, אַ דראַמאַטישע סעקציע אונטער דער אָנפירונג פון אַרטיסט א. שטיין, אַ מוזיקאַלישע ליטעראַרישע און וויסענשאַפטליכע סעקציע.

דער פעראיין האָט איינגעאָרדענט אַ אָווענט לכבוד דעם 100־יאָריגען יובילייע פון פראָפ. צבי הירש גרעץ, אַ זעהר געלונגענעם חנוכה־אָווענט און אַ רייהע רעפעראַטען. פון צייט צו צייט ווערען אויך איינגעאָרדענט בעשפּרעכונגען מיט דיסקוסיעס ווענען פערשיידענע פראַגען פאַר אינגערע קרייזען פון די מיטגלידער.

פאַר דער קורצער צייט פון 1 1/2 חדשים, וואָס דער פעראיין עקזיסטירט, האָט ער אַרויסגעוויזען אַ גאַנץ לעבעדיגע און נוצליכע טעטיגקייט. די פּראָגראַם פון דער ווייטערדיגעד אַרבייט איז נאָך ברייטער: מען איז צוגעטראָטען אַיינצוואָרדענען אַ רייהע ליטעראַרישע אָווענטען, געווידמעט די יודישע און העבראישע שרייבער, די יודישע דיינקער, מוזיקער א. א., וואָס זאָלען טראָגען אַן אויפקלערונגס־כאַראַקטער; אַ רייהע אָווענטען צו בעהאַנדלען פראַגען פון יודישער עקאָנאָמיק, סטאַטיסטיק, געשיכטע, וויסענשאַפט וכדומה, מוזיקאַלישע און דראַמאַטישע פאָרשטעלונגען; ליטעראַרישע אויסגאַבען.

ביים פעראיין איז פאַרהאַן אַ לעזע־זאַל פון צייטונגען און אַ קליינע ביבליאָטעק פון יודישע ביכער.

דער פעראיין בעשטעהט איצט פון 160 מיטגלידער (60 פּראָצ. פרויען און 40 פּראָצ. מענער), וואָס לויט בעשעפטיגונג זיינען זיי: לערערינען — 55 פּראָצ.; אינטעליגענטע פּראָפעסיעס און פערשיידענע — 35 פּראָצ. און אָהן בעשעפטיגונג — 10 פּראָצ.

של. גארדאן.

לאחדים־קרעמער. די לאַגע פון די קליינע בשמים־קרעמער איז געוועזען זעהר אַ שלעכטע נאָך אין דער צייט, איידער ווילנא איז פערנומען געוואָרען דורך די דייטשען. ווייל די באַהנען זיינען געוועזען פערנומען מיט דער עוואַקואַציע פון ווילנא, האָט געהערשט אַ דוחק אין סחורה. און צוליב דעם האָבען די פּרייזען אויף די בשמים־סחורות גענומען שטייגען וואָס פון טאָג. און גלייך ווי די דייטשען זיינען אַריין אין ווילנא, האָבען זיך געפונען ספּעקולאַנטען, וועלכע האָבען אויפגעקויפט סחורות און האָבען די סחורות בעהאַלטען אום אַרויפצוציהען די פּרייזען נאָך מעהר. די קליינע בשמים־קרעמער, וועלכע לעבען איצט נור פון זייערע קרעמלעך (ביז די דייטשען זיינען אַריין אין ווילנא פלעגען נאָך די מאַנען פערדינען בעזונדער, ווער אויף אַ שטעלע אין אַ געשעפט, און ווער אַלס בעל־מלאכה; די גרויסע געשעפטען זיינען אַרויסגעפאָרען ביי דער עוואַקואַציע און די בעלי־מלאכות פערדינען איצט אויך ניט), האָבען אום צו דערהאַלטען זייער חיונה, געמוזט אַיינקויפען זייער סחורה ביי די ספּעקולאַנטען און צאָלען הויכע פּרייזען און מחמת דעם אויך פערקויפען צו הויכע פּרייזען. אין די אַגולנעס, וואו די קרעמער פלעגען קויפען, איז קיין סחורה ניט געווען, ווייל די גאַנצע סחורה האָט זיך געפונען גאָר ביי זייטיגע מענשען, ניט קיין בשמים־קרעמער, וועלכע זיינען מיט אַ מאָל געוואָרען הענדלער. אויך די אַגולניקעס האָבען געקויפט ביי די ספּעקולאַנטען. די ווילנער בעפעלקערונג, מיינענדיג, אַז די הויכע פּרייזען מאַכען די קרעמער אליין, האָבען זיך פעראייניגט אין קאָאָפּעראַטיווען און האָבען געעפענט אייגענע בשמים־קראָמען און האָבען פערקויפט צו ביליגערע פּרייזען, ווייל די קאָאָפּעראַטיווען האָבען כמעט ניט געהאַט קיין הוצאות אויף זייערע געשעפטען: קיין שטייערען צאָלען זיי ניט, קיין פערקויפערס האַלטען זיי ניט, קיין דירה־געלט האָט זיי אויך ניט געקאָסט וכדומה. די סחורה האָט זיי אויך געקאָסט ביליגער, ווייל זיי האָבען אַיינגעקויפט אין גרויס־

פּאַרטיעס, וואָס דער קליינער קרעמער קאָן דאָס ניט. אַזעלכע קאָאָפּע־ראַטיוועז האָבען זיך געגרינדעט אין ווילנא 25 יודישע מיט העכער 20 טויזענט מיטגלידער, וואָס מאַכט אויס אַ דריטעל פון דער גאַנצער ווילנער יודישער בעפעלקערונג *). אויסער קריסטליכע קאָאָפּעראַטיווען און אויסער די שטאָטישע קראָמען, וואָס דער בירגערמייסטער האָט געעפענט אין ווילנא. דאַן איז געוואָרען די לאַגע פון די קליינע בשמים־קרעמער אונערטרעגליך. זיי זיינען פשוט געבליבען זיצען מיט ליידיגע פּאָליצעס, ווייל די גאַנצע סחורה האָבען זיי אליין אויפגעגעסען. האָבען זיי גע־נומען זוכען מיטלען ווי צו פערבעסערען זייער לאַגע. אַ טייל קרעמער זיינען געגאַנגען בעטען ביי די רבנים פון שטאָט, אַז זיי זאָלען זעהען צו ווירקען אויף די קאָאָפּעראַטיוועז, אַז זיי זאָלען ניט האַלטען אַלע סחורות, נור די סחורות, וואָס דער בירגערמייסטער גיט זיי; נור דאָס האָט גאָר ניט געהאָלפען, ווייל דער צענטראַל־פערבאַנד פון די קאָאָפּע־ראַטיוועז איז אויף דעם ניט איינגעגאַנגען. נאָך אַ טייל קרעמער האָבען איינגעזעהן, אַז אום צו פערבעסערען זייער לאַגע, מוז מען זיך פער־איינינגען אין אַ פעראיין, אום מען זאָל קענען איינקויפען סחורות אין גרעסערע פּאַרטיעס צו האָבען די מעגליכקייט צו פערקויפען ביליגער און מען זאָל קענען בייזשטיין געגען די קאָאָפּעראַטיוועז. דער געדאַנק פון פעראייניגען זיך, וואָס ביז איצט איז ער געווען פרעמד ביי די קליינהענדלער (יעדער קרעמער האָט נור געוואוסט און האָט זיך נור אינ־טערעסירט אין די ד׳ אמות פון זיין קרעמעל און מיט זיין שכן דעם קרעמער איז ער געווען אַ שונא צוליב אַ קאָפּיקע פרנסה), איז זעהר אָנגענומען געוואָרען ביי די בשמים־קרעמער באופן, אַז אין אַ משך פון עטליכע טעג האָבען זיך פערשריבען 240 מיטגלידער מיט אַ קאַפּיטאַל פון 26000 מאַרק, וועלכער איז צוזאַמענגעקליבען געוואָרען פון פּאַיעס, יעדער פּאַי צו 50 רובל (87 מאַרק 50 פ.),—יעדער מיטגליד קען איינ־צאָלען ניט מעהר ווי פּאַר 5 פּייעס. אָט אַזוי איז געגרינדעט געוואָרען דער ערשטער ווילנער פעראיין פון די לאחדים־קרעמער פון קאָלאָ־ניאַל־סחורות.

אויף דער ערשטער אַלגעמיינער פערזאַמלונג, וואָס איז געווען דעם 21 דעצעמבער 1915, איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ פערוואַלטונג פון 10 מיטגלידער און 5 קאַנדידאַטען, און 3 מיטגלידער אין רעוויזיאָנס־קאָמיסיע.

די פערוואַלטונג האָט געמאַכט אַ בעשטעלונג ביי דעם בירגער־מייסטער אויף סחורה אויף אַ סומע פון 35000 רובל און האָט אויך גענומען איינקויפען סחורה אין גרעסערע פּאַרטיעס פאַר אירע מיטגלידער. פאַר דעם ערשטען יאָר, ד״ה ביז דעם 1 יאַנואַר 1917 האָט דער פער־איין פערקויפט פאַר 671000 מאַרק סחורה און אַזוי ווי דער פעראיין

*) ז. „ווילנער זאַמעלבוך", ערשטער באַנד.

פערקויפט די סחורות זיינע מיטגלידער במעט אָהן ריוח (אויף 1—2 פראָצ.), האָבען די מיטגלידער פערדינט, רעכענענדיג אַז די זעלבע סחורות וואָלטען זיי געקויפט אין אַנדערע שטעלען און יענע וואָלטען פערדינט נור 8—10 פראָצ., 5368 מאַרק אָדער 19 מאַרק אויף יעדען פּיי. אויסער דעם איז נאָך געבליבען ריינער ריוח 2559 מאַרק 64 פ׳, וואס דאס מאַכט אויס 9.15 מאַרק אויף יעדען פּיי.

פון 1-טען יאַנואַר 1917 ביז דעם 1 יולי 1917 האט דער פערַ־אין געמאַכט אַ אומזאַץ פון 1.105.881 מארק. איינגעקויפט פאַר 506.052 מ׳, פערקויפט פאַר 539.829 מאַרק, פערדינט האט דער פעראַיין נור 268 מאַרק, וואָס דאָס מאַכט אויס ½ פראמיל, ווייל דער פעראיין פער־קויפט זיינע מיטגלידער די סחורות כמעט אויף קרן, נור אַרויפרע־כענענדיג אויף הוצאות פאַר דעם לאָקאַל מיט שכירות פאַר די אָנגע־שטעלטע אין פעראיין.

די פערוואַלטונג פון פעראיין האָט אויך געזעהן צו פערטיידיגען די אינטערעסען פון אַלע בשמים-קרעמער פון גאַנץ שטאָט. אַזוי האָט זי זיך משתדל געווען ביי דער דייטשער מאַכט, אַז מען זאָל ערלויבען צו האַלטען פערמאַכט די געשעפטען שבת, וואָס מען האָט טיילוויז ערלויבט (פריהער פלעגט מען מוזען האַלטען אָפען די שפייז-געשעפטען אַ גאַנצען שבת, און נאָך דער השתדלות—נור 1 שעה). די פערוואַל-טונג האָט אויך געפּועלט, אַז אין דער שטייער-קאָמיסיע ביי דעם בירגערמייסטער אויף צו פערטיילען די שטייערען זאָלען זיין מיטגלידער פון דעם פעראיין, וואָס דאָס ברענגט פיל נוצען אַלע קרעמער פון גאַנץ שטאָט. ס׳האָט זיך אויך איינגעגעבען אַראָבצונעמען דעם פערבאָט פון זאַלץ-פערקויף פאַר די קרעמער וכדומה. דער פעראיין איז צוגעטראָטען איינצואָרדענען אַ הילפס-קאַסע פאַר זיינע מיטגלידער, אין וועלכער זיי זאָלען קענען בעקומען אַ געלט-שטיצע און הלואות אָהן פראָצענט. אום צו בעפרידיגען די קולטורעלע אינטערעסען פון די מיטגלידער אָרדענט איין דער פעראיין לעקציעס אויף די טעמעס פון קאָאָפּעראַציע און היגיענע וכדומה.

אויסערדעם האָט די פערוואַלטונג פון פעראיין זיך אינטערעסירט מיט די אַלגעמיינע שטאָטישע ענינים, ווי צ״ב מיט דער פאָרשטעהער-שאַפט אין יודישען צענטראַל-קאָמיטעט. אַזוי ווי פון די אָגולניקעס פון שטאָט, ד״ה פון די גרוים-הענדלער פון אַלע בראַנזשעס זיינען אַריין אין צ. ק. 4 פאָרשטעהער, און פון די קליינהענדלער קיין איינער ניט, האָט מען געפאָדערט, אַז מען זאָל צולאָזען פון די קליינהענדלער אויך 4 פאָרשטעהער, הגם די צאָל לאחדים-קרעמער איז אַ סך מאָל מעהר ווי די צאל אגולניקעס. צו דעם צוועק האָט די פערוואַלטונג פון פער-איין איינגעאָרדענט איניגע פערזאַמלונגען, אויף וועלבע ס׳זיינען אַיינ־

געלאַדען געוואַרען די ווילנער לאחדים-קרעמער פון אַלע בראַנזשעס, און מען האָט זיי ערקלערט די נויטיגקייט פון ארגאַניזאַציע בכלל און די וויכטיגקייט פון דעם, אַז זיי זאָלען שיקען פאַרשטעהער פון זיך אין צ. ק. בפרט. נור אַזוי ווי די ווילנער לאחדים-קרעמער, אויסער די בשמים-קרעמער, זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט, און מחמת דעם איז געווען זעהר שווער דורכצופירען די וואַלען אין צ. ק., האָט די פערוואַלטונג געזעהן מיט אַלע מעגליכקייטען מיטצוהעלפען די איבעריגע בראַנזשעס צו ארגאַניזירען זיך, אום זיי זאָלען קאָנען אויסקלייבען פון זיך פאַרשטעהער אין צ. ק. דאס האט זיך זיי טיילוויז איינגעגעבען און איינגע בראַנזשעס האבען זיך ארגאַניזירט.

דניאל געצילס.

דער האַנדווערקער-פעראיין. שוין לאַנג האָט זיך געשפירט צווישען די ווילנער האַנדווערקער אַ פערלאַנג צו פעראייניגען און צו אָרגאַניזירען זיך. ס'איז שוין איינגע מאָל געמאַכט געוואָרען דערצו אַ פּרוב, נור צוליב פערשיידענע סבות האָט זיך די זאַך אונזער אינטעליגענץ ניט איינגעגעבען. די האַנדווערקער אַליין האָבען אויך צוליב דעם אונצוטרוי איינער צום צווייטען זיך ניט געוואָלט פעראייניגען. יעדער האָט געקוקט אויף זיין חבר ווי אויף אַ קאָנקורענט. ער האָט שטענדיג בעהאַלטען פון זיין חבר ווי טייער און וואו ער האָט געקויפט זיין רוי-מאַטעריאַל, ווי אויך פאַר וועמען און פאַר וועלכען פרייז ער פערקויפט זיינע אויסאַרבייטונגען. דער פועל-יוצא דערפון איז געווען, אַז דער האַנדווערקער האָט שטענדיג אַ סך איבערגעצאָהלט פאַר זיין רוי-מאַטעריאַל און ביליג פערקויפט זיין אַרבייט. אַלס בעוויז דערצו קאָן דינען דער פאַקט, אַז יעדער קרעמער, וואָס האָט פערקויפט דעם רוי-מאַטעריאַל, אָדער וואָס איז געווען דער אָבנעמער פון דעם האַנדווערקערס אַרבייט, האָט שטענדיג בעסער געלעבט ווי דער האַנדווערקער אַליין; פון דער אַנדער זייט האָט דער קוק פון דער אַזוי-גערופענער געזעלשאַפט אויף דעם האַנדווערקער ביז די לעצטע יאָרען, ווען דער גרעסטער יחוס איז געווען ניט צו האָבען אין משפחה חס וחלילה קיין בעל-מלאכה, אויך געשאַפען צווישען בעל-מלאכה אַזאַ לאַגע, אַז ווי דער בעל-מלאכה האָט זיך נור געקאָנט צופאַסען צו אַ וועלכען עס איז מסחר, זאָגאַר ניט קיין גאַנץ כשרען, איז ער באַלד אַוועק פון דער מלאכה און געוואָרען אַ סוחר.

די איינציגע זאַך, וואָס האָט פעראייניגט דעם בעל-מלאכה, איז געווען די קלויז, און כמעט יעדער פאַך האָט טאַקע אַ איינענע קלויז, וואו ער האָט געהאַט דאָס רעכט צו זיין אַ גבאי און צו זאָגען אַ וועלכע עס איז דעה. אין אַלגעמיין-קהל'שע ענינים האָט מען דעם האַנדווערקער קיין מאָל קיין עצה ניט געפרעגט. ביי דער בערירונג

מיט דער אַרומיגער אָרגאַניזירטער וועלט, ווי אַרבייטער און סוחרים, איז ער געווען צובּרעקעלט.

ס׳פערשטעהט זיך, אַז דערפון האָבּען זיינע אינטערעסען תמיד געליטען.

נור אָט איז געקומען די גרויזאַמע מלחמה און האָט געטראָפען דעם האַנדווערקער ניט אָרגאַניזירט, און אין דערצייט, ווען יעדער סוחר האָט לאַנג ספּעקולירט אויף זיין לאַגער סחורה, וואָס איז פילפאַך געשטיגען, האָט זיך בּיים האַנדווערקער מיט אַמאָל אָבּגעשטעלט זיין גאַנצע פּראָדוקציע. ער איז געבּליבּען אומבּעהאָלפען און אין דעם ערשטען ווינטער פון דער אָקופּאַציע איז ער דערגאַנגען צו אַזאַ קריטישער לאַגע, אַז אויספערקויפענדיג אַלץ, וואָס ס׳האָט נור געהאַט אַ ווערט, איז ער געצוואונגען געווען צו פערקויפען זיינע געציייג. אַ סך האָבּען צוהאַקט זייערע האַרשטאַטען אויף בּרענהאָלץ, אום ניט דערפראָרען צו ווערען. פון די פיל צדקה-חברות, וואָס האָבּען זיך געגרינדעט, האָט זיך קיין איינע ניט געשטעלט פאַר איר אויפגאַבּע צו שאַפען וועלכע עס איז אַרבּייט פאַר דעם בּעל-מלאכה. אויף אויסצושטעלען אַ האַנט נאָך צדקה איז דער בּעל-מלאכה קיין מאָל קיין בּעלן ניט געווען. ער איז געוויינט געווען צו זיין אין אַלע חברות אַ נותן, אָבּער ניט קיין מקבּל און אין אַזאַ מאָמענט, ווען די פערצווייפלונג האָט דערגרייכט איר העכסטע מדרגה, האָט אַ קליינע גרופּע פון די בּעוואוסטזיניגע האַנדווערקער אָנגעהויבּען טראַכטען מיט וואָס פאַר אַ מיטלען וואָלט מען קענען פערבּעסערען די לאַגע פון האַנדווערקער, מען האָט אָנגעהויבּען צו קלאַפּען אין די טירען פון אונזערע געשוואָרענע כּלל-פערזאָרגער, מען זאָל זעהן מיטצוהעלפען און ניט לאָזען פאַלען דעם האַנדווערקער אין אַזאַ קריטישער צייט.

דער צ. ק. האָט דאַן אָבּגעשיקט די איינציגע האַנדווערקער צו אַ פערטרעטער פון צ. ק., וועלכער האָט געדאַרפט זיי אָנווייזען פּראַקטיש ווי צו אָרגאַניזירען זיך און ווי צו פערבּעסערען זייער לאַגע. נור גענוי אויסהערענדיג די האַנדווערקער וועגען זייער לאַגע, האָט דער פערטרעטער זיי געגעבּען אַ קורצען ענטפער, אַז מער ווי מיט אַ קרעכץ קאָן ער זיי ניט העלפען.

איינזעהענדיג, אַז פון אונזערע כּלל-פאַרזאָרגער קאָן דער האַנדווערקער קיין הילף ניט דערוואַרטען, האָט ריזעלבּע גרופּע זיך געווענדעט צום צ. ק. מיט אַ פאָדערונג, אַז מען זאָל בּכבוד׳דיג אונטערשטיצען אויף פסח די געדריקטע האַנדווערקער, און דאַן איז דער צ. ק. איינגעגאַנגען אויף אַרויסצוגעבּען שטיצע די האַנדווערקער דורך די איינציג עקזיסטירטע דאַן אָרגאַניזאַציעס פון האַנדווערקער, ד. ה., דורך די גבּאים פון די קלויזען. ניט בּעפרידיגענדיג זיך מיט דער אַלטער סיסטעם פון גבּאים-פערזאָרגער, האָבּען די גרינדער אָנגעהויבּען מאַכען

פאַכאַווע פערזאַמלונגען, אויף וועלכע ס׳זיינען געקליבען געוואָרען דעלעגאַטען פון יעדען פאַך. ווען ס׳זיינען שוין געווען אויסגעקליבען דעלעגאַטען פון מער אַלס 30 פאַכען, איז אויסגעוועהלט געוואָרען די ערשטע פערוואַלטונג פון דעם נייגעגריינדעטן אַלגעמיין יודישען האַנד־ווערקער־פעראיין.

די ערשטע אויפגאַבע פון דער פערוואַלטונג איז געווען אויסצו־אַרבייטען סטאַטוטען פאַר דעם פעראיין און לעגאַליזירען זיי ביי דער רייטשער מאַכט. דורכפירענדיג די דאָזיגע אַרבייט, האָט די פערוואַל־טונג צונויפגערופען אַ פערזאַמלונג פון אַלע דעלעגירטע, אויף וועלכער ס׳איז אויסגעאַרבייט געוואָרען פאָלגענדע פראָגראַם: א) עפענען אַ איינענעם לאָקאַל, וואו יעדער האַנדווערקער זאָל קענען אַרומריידען זיינע אינטערעסען. ב) דורכפירען אַ אַנקעטע אין ווילנא אום צו וויסען די צאָל און דעם מעמד פון אַלע האַנדווערקער. ג) עפענען אַ קאָאָפּע־ראַטיווע קראָם אויף איינצוקויפען מאַטעריאַלען פאַר דעם האַנדווערקער ווי אויך אַ מאַגאַזין, וואו ס׳זאָלען פערקויפט ווערען די אויסאַרבייטונגען פון די האַנדווערקער.

די פערוואַלטונג איז גלייך צוגעטראָטען צו פערווירקליכען די אויפגאַבען און דעם 30-טען יולי 1916 איז פאָרגעקומען די פייערליכע עפענונג פון פעראיין, אויף וועלכער ס׳זיינען געווען, אויסער אַ גרויסער צאָל פאָרשטייהער פון אַלע פאַכען האַנדווערקער, אויך פאָרשטייהער פון דער יודישער אינטעליגענץ און כלל־טוער, וועלכע האָבען וואַרים בעגריסט דעם ניי־געשאַפענעם פעראיין.

די פערוואַלטונג האָט דאַן דורכגעפירט די אַנקעטע, פאַר וועלכער ס׳זיינען אויסגעפילט געוואָרען 2600 בויגען פון העכער אַלס 50 פער־שיידענע פאַכען און דאַן איז מען אויך צוגעטראָטען צו פערשרייבען מיטגלידער, וועלכע האָבען אין דעם ערשטען יאָהר שוין אַריבערגע־שטיגען 1000. די ערשטע אַרבייט צו שטיצען די נויטבעדערפטיגע מיטגלידער איז בעשטאַנען אין פערקויפען ברויט צו אַ ביליגען פרייז. אויסגעבענדיג אויף דעם צוועק מעהר ווי 2000 מאַרק און איינגעפינענ־דיג, אַז זיינע מיטגלידער זיינען מיט אַזאַ אַרט אונטערשטיצונג ניט בעפרידיגט, האָט דער פעראיין בעשלאָסען צו עפענען אַ קאָאָפּעראַטיווע קראָם פון לעבענסמיטלען, וועלכע זאָלען פערקויפט ווערען אירע מיט־גלידער צו ביליגע פרייזען (קיין רויע שטאָפען איז ניט מעגליך געווען צו בעקומען). די קראָם איז געעפענט געוואָרען אין אָקטאָבער 1916 און האָט גלייך אָנגעהויבען צו מאַכען גרויסע אומזאַצען.

אַביסעל שפעטער, ווען עס איז אָנגעקומען דער שווערער ווינטער, האָט דער פעראיין געעפענט אַ קיך פאַר זיינע מיטגלידער, וועלכע איז אויסגע־קומען 3 מאָל צו פערגרעסערען. אין קיך זיינען פעררעגיסטרירט 1450 פערזאָן.

קיין מאַגאַזין צו פערקויפען די אויסאַרבייטונגען פון די האַנד־ווערקער איז ביז איצט ניט געלונגען צו עפענען צוליב דעם מאַנגעל אין רוי־שטאָפען. דער בעל־מלאכה מאַכט נור בעשטעלטע אַרבייט.

די פּראָעקטען, וואָס דער פעראיין האָט אויסגעאַרבייט, אום אונטערצושטיצען זיינע מיטגלידער דורך פּראָדוקטיווער ארבייט, איז ניט געלונגען צו פערווירקליכען, מחמת דוחק אין געלט־מיטלען. בכלל איז צוליב טאָג־פראַגען אויסגעקומען אָבצולייגען אַלע אַרבייט פאַר דעם עתיד. דאָס וויכטיגסטע, וואָס דער פעראיין האָט ביז איצט געשאַפען פאַר דעם האַנדווערקער אין ווילנא, איז דאָס, וואָס די געזעלשאַפט האָט זיך אָנגעהויבען צו רעכענען מיט דעם האַנדווערקער. ווי מיט אַ בעזונדערער אָרגאַניזירטער גרופּע, וועלכע האָט אייגענע אינטערעסען, און כמעט אין יעדער אַלגעמיין־יודישער אָרגאַניזאַציע (בתוכם אויך אין צ. ק.) טרעפט מען שוין איצט פערטרעטער פון האַנדווערקער.

אל. קרוק.

**תורה וחכמה.** נאָך פון אָנהויב מלחמה, בעזונדערס נאָכ׳ן גרויש קאָוונא וואַמ׳ט און דער עוואַקואירונג פון פיל יודישע שטעט און שטעטלעך, האָבען זיך אין ווילנא אויפגעזאַמעלט ביי אַ צוויי הונדערט ישיבה־לייט פון די פערשיידענע צושטערטע ישיבות. די דאָזיגע יונגע לייט האָבען אָבער ניט געוואָלט נור איבערקומען די צייט; מיט גרויס התמדה האָבען זיי פאָרגעזעצט זייערע פריהערדיגע למודים. אַ סך פון זיי האָבען גע־שטרעבט צו ערלערנען דאָס, וואָס זיי איז נאָך פרעמד געווען און זיי האָבען אײנגע־לאַדען ד״ר רעגענסבורגען (וועלכער בעזיצט אויך ראַבינער־בילדונג) צו זיך אין לאָקאַל (ביים יודישען דאַמען־קאָמיטעט). ד״ר רעגענסבורג האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און אום שבת נחמו תרע״ו האָט ער געהאַלטען פאַר זיי אַ קורצע רעדע, אין וועלכער ער האָט געשילדערט דעם נייעם יודישען קהלה־לעבען און אָנגעוויזען דעם פּאָסטען, וועלכען דער רב וועט דאַרפען פערנעמען. ער האָט אָנגעוויזען אויף דאָס, וואָס פעהלט אונזערע רבנים — דהיינו: איירָאָפּעאיזירונג (אָבער ניט אין דעם זין פון קליידער און פּאות־פערקירצונג, נור אין וויסענשאַפטליכען זין) און דורכויפּט־הכמת ישראל. ד״ר רעגענסבורג האָט ווייטער אָנגעוויזען, אַז ס׳איז נויטיג צו גרינדען ראַבינער־קורסען ביי די ישיבות, אום דער נייער רב זאָל האָבעןביידע זאַכען: תורה פון אַ רוסישען רב און בילדונג פון אַן אויסלענדישען. און דאָס איז געלונגען. מיט בעגייסטערונג האָבען די יונגע תלמודיסטען בעגעגענט די דאָזיגע רעדע און באַלד נאָכדעם האָט זיך געבילדעט אַ גרופּע פון די עלטערע פון זיי, וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו בעזוכען ד״ר רעגענס־בורגען, וואָס האָט מיט דער ערלויבעניש פון דער מאַכט געגרינדעט דעם פעראיין „תורה וחכמה“, און האָט געהאַלטען פאַר זיי פערשיידענע פאָרטראָגען איבער פילאָסאָפיע, נאַטורוויסענשאַפט, געשיכטע און דער עיקר איבער חכמת ישראל און כללי הדרוש (האמילעטיק).

דער דאָזיגער פעראיין איז לכתחלה בעשטאַנען נור פון די עלטערע ישיבה־לייט, — און איינינע, אויך זעהר פעהיגע און מיט גרויסע קעלטנישען (אויך מוסמכים), זיינען געבליבען אויסען צוליב זייער יונגקייט. נור שפעטער, איבערציינענדיג זיך אין זייערע פעהיגקייטען און קענטנישען, האָט ד״ר רעגענסבורג, איינגעפונען, אַז זייער עלטער 18—19 יאָר קען קיין מניעה ניט זיין צוצונעהמען זיי אויף די קורסען. אָבער די ערשטע האָבען שוין געהאַט א סך געלערנט און דעריבער האָט ער געגרינדעט אַ

צווייטען קורס, אומגעפעהר חנוכה תרע"ז. אין ערשטען קורס זיינען געווען 25, אין צווייטען 12. פסח-צייט תרע"ז האָבען זיך ביידע קורסען פעראייניגט. ד"ר רעגענסבורג האָט פאַח די לערנער אויך געשאַפען די נויטיגע ביכער צו די אַלע למודים, און די יונגע לייט האָבען אַ סך אויפגעטאָן.

אָבער צוליב זייער שווערער לאַגע מאַטעריעל, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער לאַגע אין שטאָט, האָבען פיל פון זיי געמוזט צופאָהרען אויף דער פראָווינץ און די למודים זיינען אויף אַ קורצער צייט איבערגעריסען געוואָרען. נור אַ דאַנק דער איבערגעבענקייט צו דער זאַך מצד די איבערגעבליבענע, וועלכע פערנעהמען זיך מיט די דאָזיגען למודים נעגען אַלע „שוועריגקייטען", עקזיסטירען די קורסען אויך איצט. בעזונדערס ווערט געלייגט אכט אויף האמילעטיק. נאָך איניגע פארטראגען און מוסטער-דרשות פון ד"ר רעגענסבורגען, קומען פאָר איבונגען.

לויט יעדער וואָך-פרשה האַלט איינער פון די יונגע לייט אַ דרוש. אַלע איבריגע קריטיקירען. דער דרשן פערטיידיגט זיך, דערנאָך גיט ד"ר רעגענסבורג אַ קורצען רעזיומע פון גאנצען ענין. אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט ווערט אָבגעגעבען דער שפראַך-שענקייט אין דעם אינהאַלט פון דער דרשה און אויך דער רעדנער-קונסט פון דרשן.

ברוך רוביק.

אחוה. די חברה „אחוה" ביי „טהרת הקדש" האָט זיך געגרינדעט אין אָקטאָבער 1915 דורך דער איניציאַטיווע פון די ה"ה מ. בערמאַן, א. שיבאָווסקי און א. בליום.

דער ציל פון „אחוה" ביי דער גרינדונג איז געווען—געבען דעם ווייניג-בעמיטעלטען עולם די מעגליכקייט צו בעקומען שפייז-פראָדוקטען צו מעסיגע פרייזען; און אַזוי ווי די ברויט-פראַגע איז דאַן געווען זעהר פערשאַרפט, האָט די חברה אין נאָוועמבער 1915 אָנגעהויבען איר טעטיגקייט מיט פערקויפען ברויט צו ביליגע מקחים. די אַרבייטסלאָזינקייט, אָבער, פון יענער צייט האָט געצוואונגען די חברה אַרויסצוגעבען אַ טייל ברויט אינגאַנצען אומזיסט. אַזוי ווי די לאַגע, וואָס מען האָט דאַן גערעכענט, אַז זי וועט ניט לאַנג דויערן, האָט זיך פערצויגען, און די וואַקסענדע נויט האָט דרינגענד געפאָדערט צו פערגרעסערען דעם סכום אומזיסטע ברויט, האָט „אחוה" אירע גאַנצע מיטלען אויסגעגעבען אויף דעם לעצטען אופן שטיצע און האָט זיך ביי דעם אָבגעשטעלט ביז היינט, פערטיילענדיג מאָנאַטליך ביז 2500 באָנעס אויף צו בעקומען ביים בעקער די וועכענטליכע ברויט-פאָרציע אומזיסט.

„אחוה" בעקומט איהר הכנסה פון פאָלגענדע קוועלען: מיטגלידער-אָבצאָלונגען; איינצייטיגע נדבות; הכנסות פון אונטערנעהמונגען און שטיצע פון צענטראַל-קאָמיטעט.

פאַר די 2 יאָר פון איר עקזיסטענץ (1 נאָוועמבער 1915—31 אָקטאָבער 1917), האָט „אחוה" געהאַט: הכנסה 37168 מ׳., הוצאה—39511 מ׳.

די דורכשניטליכע מאָנאַטליכע הכנסה פאַר די 2 יאָר—איז 1548 מ׳. הוצאה—1646 מאַרק. בעזונדערס גרויס איז געווען די הוצאה (אין פערגליך מיט דער הכנסה) אין די שווערע ווינטער-חדשים: דעצעמבער

1916, יאַנואַר און פעברואַר 1917 — צו 2500 מאַרק. דער סכום שטיצע האָט זיך געביטען אין צוזאַמענהאַנג מיט די פּרייזען אויף ברויט און מיט דער בעשטימטער וואָכענטליכער פּאָרציע ברויט פאַר אַ פּערזאָן, און לויט דעם איז די העכסטע שטיצע פאַר אַ פאַמיליע אין אַ חדש געווען צווישען 15—26 מאַרק, די קלענסטע צווישען 2,50—3,25 מ.

דער גרעסטער טייל נתמכים פון „אחוה" זיינען בעלי-מלאכות, טאָג-אַרבייטער און טרעגער (גאַסמענשען)—91 פּראָצענט: שוסטער—31 פּראָצ.; שניידער—29 פּראָצ.; טרעגער—15 פּראָצ.; פורמאַנעס—6 פּראָצענט; מוליאַרעס—4 פּראָצ.; סטאָליאַרעס—3 פּראָצ.; קוימענקערער—2 פּראָצ.; קירזנער—1 פּראָצ.; פערשיידענע פּראָפעסיעס — 9 פּראָצענט.

אין אויגוסט 1916, ווען אויף צו בעקומען שטיצע האָט זיך, לויט דער פעראָרדענונג פון דער מאַכט, געפאָדערט אַ בעשייניגונג, אַז דער נתמך איז ניט אַרבייטספעהיג—האָבען אַזעלכע מעדיצינישע בעשייניגונגען בעקומען 57 פּראָצענט.

צום 31 דעצעמבער 1616 איז די צאָל אַלמנות געווען 4,8 פּראָצ.; און צום 30 יוני 1917 איז די ציפער געשטיגען ביז 18,3 פּראָצענט.

פּ.

די לאַנדווירטשאַפטליכע שול אין ווילוציאַני ביי נאָוואָ-ווילייסק איז געעפענט געוואָרען אין מאַי 1916 לויט דער איניציאַטיווע פון דעם דייטשען אַרמיי-ראַבינער ד"ר ס. לעווי. ס'זיינען אָנגענומען געוואָרען בערך 40 געזונטע יודישע יונגע לייט פון ווילנא, אויף אַלעם פאַרטיגען (וואוינונג, בגדים, עסען וכדומה). אויסער אַלגעמיינע למודים און רעליגיעזער ערציהונג, ווערען דאָרט מיט די תּלמידים געלערנט אַלע נוטיגע ערד-און גאָרטען-אַרבייטען. דעם ערשטען יאָר איז דער פּער-וואַלטער געווען אַ ווילנער ציוויל-פּערזאָן, דערנאָך האָט זיך די שול געפונען אונטער דער הנהגה פון אַ דייטשען מיליטערישען פאַכמאַן. צום אַנדער יאָר האָט שוין די שול געהאַט אייגענע פּראָדוקטען, וועלכע זיינען בעקומען געוואָרען בלויז דורך דער אַרבייט פון די תּלמידים. צום סוף יאָר זיינען שוין אַ סך שילער אַזוי אויסגעלערענט געוואָרען, אַז זיי קענען זעלבסטשטענדיג אָנגעשטעלט ווערען אין אַ ווערלכען ס'איז גוט. אַנשטאָט די, וואָס זיינען אָבגעפאָרען אויף שטעלעס, ווערען אָנגענומען נייע תּלמידים.

די ערשטע געלדמיטלען אויף אויסצוהאַלטען די שול איז בעקומען געוואָרען פון דעם ברעסלויער יודישען הילפספעראיין און נאָכדעם פון די אַמעריקאַנער יודען דורך דעם ד"ר מאַגנוס, בעת ער איז געווען אין ווילנא.

צ.

די היסטאָרישע קאָמיסיע. זומער 1917 איז בײַ דער ווילנער אָבטײלונג פון דער חברה „מפיצי השכלה" נאָך אַ רײהע פריהערדיגע זיצונגען און ישוב-הדעת׳ען געגרינדעט געוואָרען אונטער דעם פּאָרזיץ פון מ. שאַליט אַ היסטאָרישע קאָמיסיע מיט׳ן ציל אײפצוזאַמלען, סיסטעמאַטיזירען און בעאַרבײטען אַלע מאַטעריאַלען, וואָס האָבען אַ שײכות צום לעבען אין ווילנא אין משך פון דער אָקופּאַציע-צײט.

דעם 25 אַווגוסט 1917 איז פאָרגעקומען אַ גרױסע פערזאַמלונג, אױף וועלכער ד״ר שאָבאַד, ד״ר ווירשובסקי און מ. שאַליט האָבען בעקאַנט די פערזאַמעלטע מיט די צילען, אױפגאַבען און אַרבײטען פון דער קאָמיסיע, וועלכע האָט שוין צו יענער צײט געהאַט העכער 400 דאָקומענטען.

דער פּלאַן פון דער אַרבײט איז בערך פאָלגענדער: זאַמלען אַלע (אָהן אױסנאַם) דרוקזאַכען אין ברײטסטען זין פון וואָרט, וואָס זײנען אַרױס אין ווילנא אין משך פון דער אָקופּאַציע: דערצו געהערען פול-שטענדיגע קאָמפּלעקטען פון אַלע היגע צײטונגען אױף אַלע שפּראַכען; פולשטענדיגע ײנג עקזעמפּלאַרען פון אַלע בעקאַנטמאַכונגען, פעראָרדענונגען, בעפעלען, מערקבלעטער, טאַבעלען אין אַלע שפּראַכען, אױף וועלכע זײ זײנען ערשינען; אַלע מודעות וועגען שולען, חדרים, תלמוד-תורות, געזעלשאַפט-ליכע און פּריוואַטע בילדונגס-און ערציהונגס-אַנשטאַלטען פון וועלכען מין זײ זאָלען ניט זײן; אַלע אַנאָנסען וועגען טעאַטער-פאָרשטעלונגען, ספּעקטאַקלען, קאָנצערטען, ליטעראַרישע אָווענטען, לעקציעס, פערוויילונגען, מיטינגען און פערזאַמלונגען; אַלע אױפרופען און מעלדונגען פון פעראײנען, געזעלשאַפטען, פּאַרטײען, חברות און מוסדים; אַלע בעריכטען פון אַנשטאַלטען און אָרגאַניזאַציעס; אַלע ביכער, בראָשורען, לוחות און בלעטלעך.

ס׳דאַרפען אױך געזאַמעלט ווערען אַלע דרוקזאַכען, וואָס טראָגען אַ פּריוואַט-געזעלשאַפטליכען כאַראַקטער: אַלע מינים אײנלאַדונגען, בילעטען, צירקולאַרען, זשורנאַלען, געשעפטס-ביכער און דאָקומענטען פון קאַנצעלאַריעס, ביוראָס, קאָנטאָרען פון אַנשטאַלטען, פעראײנען, חברות און בילדונגס-אינסטיטוציעס. זײ זײנען אַלע אױך זעהר וויכטיג, ווײל אין דער צײט פון אָקופּאַציע האָבען זיך לחלוטין געביטען ניט נור די פאָרמען פון עפענטליכען לעבען, נור אױך פון אינוועניגסטען פּריוואַטען לעבען פון אַלע חברות און מוסדים. חוץ דעם האָבען זיך אין דער צײט פון אָקופּאַציע געגרינדעט אַ רײהע נײע אַנשטאַלטען, און אין אַ סך אַלטע אַנשטאַלטען זײנען בלויז געבליבען די פריהערדיגע נעמען בײ אַ לחלוטין נײעם אינהאַלט.

ס׳דאַרפען אױך געזאַמעלט ווערען די מאַסען מאַטעריאַלען אין כתב-יד, די טאָג-ביכער, די העקטאָגראַפירטע פּאַפּירען און געדרוקטע אױף אַ שרײב-מאַשין.

אַ בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט דאַרף אָפּגעגעבן ווערען דעם ווילנער שולהויף און די קלויזען, וואו ס'איז פון קדמונים אָן דער פלאַץ פאַר אַלערליי מודעות, אויפרופען און מעלדונגען,—אָפט עכט־פאָלקס־טימליכע,—וואָס האָבן ניט נור אַ געזעלשאַפטליכען, נור אויך אַ פּסיכאָלאָגישען ווערט.

בכלל טאָר מען ניט לאָזען פערלאָרען געהן דעם קלענסטען פּאַפּירל, ווי נישטיג ער זאָל ניט אויסווייזען פון ערשטען בליק.

ווייטער דאַרפען געזאַמעלט ווערען אַלע גראַפישע דאָקומענטען,—פאָטאָגראַפיעס, בילדער. ראַדירונגען, צייכענונגען, אילוסטראַציעס, קאַריקאַטורעס וכדומה.

מען דאַרף זיך אויך פערנעמען מיט דעם אייגענאַרטיגען פאָלקלאָר, וואָס האָט זיך געשאַפען אין דעם משך פון די עטליכע יאָר מלחמה, און זאַמלען אַלע ווערטלעך, אויסדריקען, לידער, ערצעהלונגען וכדומה.

די אַלע דאָקומענטען און מאַטעריאַלען דאַרפען פּינקטליך רעגיס־טרירט ווערען, דערנאָך סיסטעמאַטיזירט ווערען לויט רובריקעס און אָבטיילונגען, און שפּעטער־צו ביסלעכווייז בעאַרבייט ווערען. די גאַנצע אַרבייט דאַרף בכלל געפירט ווערען לויט אַ פריהער אויסגעאַרבייטען גענויעם פּלאַן.

די ווילנער היסטאָרישע קאָמיסיע האָט געמאַכט דעם ערשטען פּרוב אין דער דאָזיגער אַרבייט. אַ סך האָבן מיטגעהאָלפען דער אַרבייט די מיטגלידער פון דער קאָמיסיע: דער בוכהענדלער יעקב הירשאַווסקי. ח. פעקלער (סעקרעטאַר), ליב יאָסעל, א. הורוויץ.

די קאָמיסיע דאַרף שאַפען דעם יודישען אַרכיוו פון אונזער צייט,— און דערנאָך, דורך חפצים, דעם יודישען מוזיי. אַזוינע קאָמיסיעס דאַרפען זיך געפינען אויך אויף דער פּראָווינץ, אין יעדער יודישער שטאָט און שטעטעל. די צייט פון אָקופּאַציע דאַרף פערבלייבען פאַר אונז אין זכרון ניט דורך קלאַנגען און השערות, נור דורך דאָקומענטען, מאַטע־ריאַלען, חפצים און פאַקטישע ראיות, וואָס זאָלען ליגען דעם יסוד פאַר דער געשיכטע פון דער דאָזיגער לחלוטין נייער, אומגעהויער וויכטיגער און איבערקערענדער עפּאָכע פון אונזער לעבען.

מ.

⊰OOOOOO⊱

צ-ן.

# די חברה „הילף דורך ארבייט" אין דער צייט פון מלחמה.

I.

די חברה „הילף דורך אַרבייט", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין ווילנא מיט 14 יאָר צוריק, האָט פאַר דער צייט פון איהר עקזיסטענץ בעוויזען אויסצובילדען הונדערטער האַנדווערקער ספּעציאַליסטען, יעדערען אין זייער פאַך,—אַלץ קינדער, אינגלעך און מיידלעך, פון אָרימע עלטערען, וועלכע וואָלטען געדאַרפט אַרויסגעוואָרפען ווערען אויפ'ן גאַס און אונטערגעהן פיזיש און מאָראַליש. פיל האָט די חברה אויפגעטאָן צו דערהויבען בכלל דעם מצב פון דער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג, און געבען יודישע בעלי-מלאכות די מעגליכקייט צו קאָנען קאָנקורירען מיט זייערע ניט-יודישע חברים. איהרע נויטיגע מיטלען האָט די חברה בעקו־מען פון דער פעטערבורגער „יקא" און פון געוויסע אָרטיגע קוועלען.

פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע אין יאָר 1915, בעת דער וואויל-האַבענדער טייל פון דער ווילנער יודישער בעפעלקערונג איז זיך צו-פאָהרען, און צווישען דעם אויך איינינע פאָרשטעהער פון דער אַנשטאַלט, האָט זיך דאָס באַלד זעהר שלעכט אָבגערופען אויף דעם מאַטעריעלען צושטאַנד פון דער חברה. עס האָט לאַנג נאָך דעם ניט געדויערט, און אונטער דעם דרוק פון דער רוסישער מאַכט האָט זיך די האַנדווערקער-שול פון דער חברה מיט כמעט איהר גאַנצען אינווענטאַר עוואַקואירט פון ווילנא. אין איהר גרויסען בנין אויף סובעטשער גאַס זיינען פערקלאַפּט געוואָרען טיר און פענסטער; דערנאָך האָט מען דאָס הויז אָבגעגעבען פאַר היימלאָזע יודען און פון דער גאַנצער זעהר וויכטיגער אינסטיטוציע האָט געהאַלטען אַ תל צו ווערען, אַ חורבן.

דערווייליע האָט זיך צווישען דער יודישער בעפעלקערונג אין ווילנא זעהר געשטאַרקט די אָרימקייט, און דעם מאָל האָט זיך די נויט אָריינ-געכאַפּט אויך אין פיל בעל-הבתישע הייזער פון די אָט דאָ ערשט ניט לאַנג געוועזענע פערמעגליכע לייט. די עקזיסטענץ פון טויזענטער יודישע פאַמיליעס איז צורואינירט געוואָרען, און דאָס האָט געבראַכט אַ גאַנץ גרויסע מאַסע פון דער יודישער יוגענד אין דער סכנה צו פטר'ן זייערע בעסטע יאָרען אין גאָרנישט, אָהן אַ שום אויפטו פאַר זייער עתיד, און אַזוי אַרום גאַנץ ניט ווילענדיג אַראָבצוגעהן פון דרך הישר.

נעהמענדיג אין אַכט דעם דאָזיגען קריטישען מצב, האָט זיך ביי איינינע פון די איבערגעבליבענע קאָמיטעטס-מיטגלידער פון דער חברה „הילף דורך אַרבייט" דערוועקט דער רעיון צוריק אויפצולעבען דעם אומגעפאַלענעם מוסד. אַ בעזונדערס גרויסע ענערגיע האָבען אין דעם

אַרויסגעוויזען אינזשענער א. קלעבאַנאָוו און ה' ש. ווילענסקי. קעמפּפענדיג מיט די גרעסטע מניעות און שוועריגקייטען האָבען זיי געבראַכט דערצו, אַז אין אָקטאָבער 1915 האָט די חברה „הילף דורך אַרבייט" ווידער אָנגעהויבען איהר טעטיגקייט, און אין נאָך אַ פיל אַ גרעסערען מאַסשטאַב ווי אין שלום-צייט. אין אַ צייט פון יאוש און אַראָבגעפאַלענקייט האָט זיך די חברה נאָך פיל מעהר ענטוויקעלט, האָט אויפגעעפענט אַן אָבטיילונג נאָך אַן אָבטיילונג פאַר פערשיידענע מלאכות, איטליכע פון זיי מיט איהרע בעזונדערע אויסגעבילדעטע לעהרער און מייסטערס ספּעציאַליסטען. אנשטאָט די פריהערדיגע עפּים מעהר פון הונדערט, געפינען זיך ביי היינטיגען טאָג אין דער אנשטאַלט קרוב צו 400 תלמידים און תלמידות, וועלכע זיינען איינגעטיילט אין די פאָלגענדע 13 אָבטיילונגען:

1) מענער-שניידער—1-טע גרופּע, 2) מענער-שניידער—2-טע גרופּע, 3) דאַמען-שניידער—1-טע גרופּע, 4) דאַמען-שניידער 2-טע גרופּע, 5) וועש-נייהעריי, 6) האַפּטעריי, 7) קלעפּעריי, 8) קאָרסעטען-אָבט., 9) שטריקעריי, 10) שילדען-מאָלעריי, 11) גראַווירעריי, 12) האָלץ-שניצעריי, 13) סקולפּטור.

די תלמידים און די תלמידות בעקומען אין דער אַנשטאַלט אויך אַן אַלגעמיינע בילדונג אויף וויפיל זיי איז דאָס נויטיג לויט זייער בערוף; זיי לערנען: חשבון, רייטש, געאָגראַפיע, אויך העברעאיש און יודישע געשיכטע. עס ווערט אויך געזאָרגט פאַר דער מאַטעריעלער בעדערפעניש פון די תלמידים און תלמידות. זיי ווערען דאָרטען בעקעסטיגט, און בעקומען אויך קליידונג און שוכוואַרג.

פיל, זעהר פיל קינדער זיינען נאָך פערבליבען, וואָס די אַנשטאַלט האָט זיי ניט געקענט אויפנעהמען, ווייל עס איז מעהר קיין אָרט ניטאָ.

עס איז צו בעמערקען, אַז אַ גרויסער קאָנטינגענט פון די תלמידים און נאָך מעהר פון די תלמידות, האָבען געענדיגט פראָגימנאַזיעס, אָדער 3 צו 4 קלאַסען גימנאַזיע.

אום צו קאָנטראָלירען די ערפאָלגען, וואָס די שילער און די שילערינס מאַכען אין דער אַרבייט, קומט פאָר אין דער אַנשטאַלט איין מאָל אין צוויי וואָכען, אום זונטאָג, אַן אויסשטעלונג, צו וועלכער עס ווערען איינגעלאַדען די בעסטע ווילנער האַנדווערקער און מייסטערס, יודען און קריסטען צו בעטראַכטען די פערשיידענע אַרבייטען, און אַרויסצוזאָגען ווענען זיי זייער מיינונג. אַלערליי אָנווייזונגען פון די פערשיידענע ספּעציאַליסטען ווערען פון די לערער און אויך פון די שילער גענומען אין אַכט.

אויפ'ן צווייטען יאָר, נאָכדעם ווי די אַנשטאַלט „הילף דורך אַרבייט" האָט זיך פון ס'ניי רעסטאַווירט (אין 1917), האָבען שוין די תלמידים און

די תּלמידות אין אַלע אָבטײלונגען, און בעזונדערס אין דער מענער־און־דאַמען־שניידערײ געקענט אויספיהרען די פעראַנטוואָרטליכסטע אַרבײטען. דעמאָלט האָבען זיך די פאָרשטעהער פון דער חברה גע־װענדעט צום עולם מיט אַן אויפרוף, אין װעלכען די פערמעגענדע בעפעלקערונג װערט געבעטען צו מאַכען בײ דער אַנשטאַלט בעשטע־לונגען אויף פערשײדענע חפצים, כּדי צו פערזיכערען דורך דעם איהר עקזיסטענץ, און מיט אַ גרויס בעדויערען מוז מען קאָנסטאַטירען דעם פאַקט, אַז פון דער יודישער בעפעלקערונג האָט מען זיך אויף דעם גאַנץ װײניג אָבגערופען. גענען דעם האָט די אַנשטאַלט בעגעגענט אַ גרויסע סימפּאַטיע מצד די פּוילישע און דײטשע דאַמען. די שענקײט פון דער אַרבײט, דער שניט, די טעכניק איז זײ שטאַרק געפעלען געװאָרען, באופן, אַז די פּוילישע און דײטשע דאַמען האָבען אײנע די אַנדערע רעקאָמענדירט זײערע בעשטעלונגען צו מאַכען בײ דער אַנ־שטאַלט פון „הילף דורך אַרבײט".

אין פריהלינג 1917 האָט די אַנשטאַלט אין איהר מאַגאַזין אויף דײטשע גאַס אײנגעאָרדענט אַן אויסשטעלונג פון די פערשײדענע חפצים, װאָס װערען אויסגעאַרבײט אין אַלע איהרע אָבטײלונגען. די אויס־שטעלונג איז טעגליך בעזוכט געװאָרען פון פיל מענשען, צװישען זײ אויך מבינים און פאַך־לײט, און אַלע האָבען פון איהר אַרויסגעטראָגען די בעסטע מײנונגען. אַלטע, געניטע האַנדװערקער האָבען אויסגעדריקט זײער בעװאונדערונג איבער די ערפאָלגען, װאָס די תּלמידים און די תּלמידות פון דער אַנשטאַלט האָבען בעװיזען צו מאַכען אין אַזאַ קורצער צײט, בערך.

דעמזעלבען זעהר גוטען אײנדרוק האָט דער עולם אַרויסגעטראָ־גען אויך פון דער אויסשטעלונג, װעלכע די חברה „הילף דורך אַרבײט" האָט אײנגעאָרדענט אינמיטען זומער 1917 אין בערנאַרדינער גאָרטען. ניט איבערטרײבענדיג קען מען זאָגען, אַז די דאָזיגע אויסשטעלונג איז געװען, ממש, אַן אַפּאָפּעאָז פאַר דער יודישער אַרבײט, פאַר דער יודישער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.

דעם 6־טען יאַנואַר 1918 זײנען אין דער אַנשטאַלט פאָרגעקומען עקזאַמענס פון 20 תּלמידות, װעלכע האָבען געענדיגט דעם קורס פון קאָרסעטען־אַרבײט און פון נאָך 20 אַנדערע שילערינס, װאָס האָבען געענדיגט דעם קורס פון שפּיצען־אַרבײט. דער עקספּערט און ספּע־ציאַליסט פון קאָרסעטען־אַרבײט, ה' נ אָ ז אַ ל ע ר, האָט בעװאונדערט די גרויסע פאָרשריט, װאָס די תּלמידות האָבען געמאַכט אין אַזאַ קורצער צײט. דערבײ האָט ער בעמערקט, אַז יעדע פון די תּלמידות איז אויף אַזױ פיל אויסגעבילדעט קינסטלעריש, טעכניש און פּראַקטיש, אַז

זי איז ביכולת אָנצופיהרען מיט דעם גרעסטען וואַרשטאַט פון קאָרסעטען אַלס ערשט-קלאַסיגע קראַפט.

עס פערדינען אָנגעמערקט צו ווערען אויך די דאָזיגע פאַקטען: ביי דער גרונדונג פון דער האָלץ-שניצעריי-אָבטיילונג האָט זיך איינגעגעבען צו פועלין ביי דער אָרטיגער מאַכט, אַז זי זאָל בעפרייען עטליכע פון די בעסטע שילער פון צוואַנגס-אַרבייט.

פון דער אַנדערער זייט, אָבער, האָבען אין ווינטער פון 17—1916-טען יאָר פיל פון די עלטערע פייהיגסטע תלמידים אין די פערשיידענע אָבטיילונגען געמוזט צוליב דער צוואַנגס-אַרבייט איבעררייסען דעם לערנען.

כדי אויסצופילען די ליידיגע ערטער האָט די פערוואַלטונג פון „הילף דורך אַרבייט” געמוזט צונעהמען יונגערע שילער, דאָס רוֹב דרייצעהן-יאָריגע. און די קליינע האָבען אויך אין גאַנץ ווייניג צייט געמאַכט גרויסע ערפאָלגען אין דער אַרבייט, און מען זעהט שוין אין זיי, דאָס זיי וועלען זיך אויסבילדען פאַר ערשט-קלאַסיגע מייסטערס.

די הוצאות פון דער אַנשטאַלט טרעפען אָן 8000 מאַרק מאָנאַטליך.

צו דער ווידער-אויפלעבונג פון דער חברה „הילף דורך אַרבייט” האָט מיטגעווירקט דער פעלד-ראַבינער ה' ד"ר ס. לוי פון ברעסלוי. בכלל ווערט אַ טייל פון די הוצאות געדעקט דורך דעם צענטראַל-קאָמיטעט; נאָך אַ טייל בעקומט זיך פון די פערשיידענע אויסגעאַרביי-טע חפצים, וועלכע ווערען פערקויפט, און דאָס מותר בעקומט זיך פון פערשיידענע קוועלען. נאָך אַלעם דעם, האָט נאָך די חברה יעדען מאָנאַט אַ געוויסען דעפיציט, וועלכער האָט שוין ביי היינטיגען טאָג דערגרייכט צו אַ גאַנץ גרויסער סומע.

## II.

אין מאָנאַט פעברואַר 1916 האָט דער שטאָט-הויפטמאַן איינגע-לאַדען צו זיך פאָרשטעהער פון יודען, פאָליאַקען, ליטווינער און בעלאָרוסען און האָט זיי מודיע געווען, אַז די שטאָט-פערוואַלטונג האָט בעשלאָסען צו עפענען אַרבייט-הייזער, אין וועלכע עס זאָלען פערקויפט ווערען די חפצים, וואָס ווערען אויסגעאַרבייט אין די פערשיידענע אַנשטאַלטען צו לערנען מלאכות. דערביי האָט ער אָנגעפרעגט ביי די פאָשטעהער פון די פערשיידענע נאַציאָנאַליטעטען, אויב זיי קענען צושטעלען צו דער פראָיעקטירטער אויסשטעלונג אַזעלכע חפצים. אויף דעם האָבען

געענטפערט די פּאָליאַקען, אַז זיי האָבען די והותר; די ליטווינער האָבען געזאָגט, אַז זיי קענען בעזונדערס צושטעלען אויסאַרבייטונגען פון הויז-אינדוסטריע. די יודישע פאָרשטעהער אינזשענער א. קלעבאַנאָוו און ד"ר וויגאָדסקי זיינען די ערשטע מינוט אַריין אין אַ פערלעגענהייט. פון יודישע אַרבייט-לעהרהייזער איז מעהר אין שטאָט ניט געווען ווי „הילף דורך אַרבייט", וועלכע האָט זיך ערשט אָקאָרשט אָנגעהויבען צוריק צו בעלעבען. מען האָט זיך נאָך ערשט דעמאָלט אַרומגעטראָגען מיט פּלענער וועגען די נייע אָבטיילונגען, וואָס מען דאַרף עפענען,—פּאַקטיש איז נאָך דער מצב געווען ניט אַזוי גלענצענד. די יודישע פאָרשטעהער האָבען אָבער געענטפערט: יע, מיר קענען צושטעלען חפצים פון שניצעריי און דרעקסלעריי-אַרבייט. נאָכדעם האָט דער הויפּטמאַן געזאָגט, אַז די אויסשטעלונג וועט זיך עפענען אין מאָנאַט מאַי, און האָט פאַרגעליינט די פאָרשטעהער, אַז איטליכער פון זיי זאָל פריהער בעשטעלען די צאָל צימערען, וועלכע עס וועלען איהם נויטיג זיין פאַר די אויסגעשטעלטע חפצים. דער יודישער קאָמיטעט האָט צו דעם צוועק פערלאַנגט 5 חדרים. ס'איז זעהר וויכטיג געווען צו בעווייזען די אַרבייט פון יודישע הענט, פון יודישען שווים און פון יודישען קונסט-געפיהל.

מען האָט געוואוסט, אַז יודישע טאָקערס, האָלץ-שניצערס, האַפטערקעס און שטריקערקעס זיינען געבליבען אָהן פּרנסה און געפינען זיך, ממש, אין גרוים נויט. דער יודישער קאָמיטעט האָט זיי צונויפגערופען און האָט זיי פאָרגעשלאָגען, אַז זיי זאָלען תיכף אָנהויבען צו אַרבייטען פאַר דער אויסשטעלונג (עס זיינען געווען זייערע אַ מאַן 50) און דורך אַוואַנסען אויף מאַטעריאַל צוצוטרעטען באַלד צו דער אַרבייט. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען און דער ענין איז זעהר געלונגען: אַלע פון די בעלי-מלאכות האָבען אויף דער אויסשטעלונג גאַנץ גוט געלייזט. די לעצטע וואָכען, בעזונדערס פאַר חגאות, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבען געלייזט פון 300 ביז 1000 מאַרק.

דער איינציגער שטענדיגער ליפעראַנט פאַר דער אויסשטעלונג פון דער יודישער אָבטיילונג איז געווען „הילף דורך אַרבייט".

די אַנשטאַלט האָט אויסגעשטעלט חפצים פון האָלץ-שניצעריי, לויט די מאָדעלען פון די סקולפּטאָרען אַנטאָקאָלסקי, אַראָנסאָן און אַנדערע, און אויסערדעם 50 אייגענע אויסגעאַרבייטע מאָדעלען פון די לערער פון „הילף דורך אַרבייט" און פון די אויסגעצייכענטערע טאַלאַנטפולע תלמידים.

די שניצעריי-אַרבייט האָט אויף די בעזוכער פון דער אויסשטעלונג געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען איינדרוק. פון יעדען חפץ האָבען זיך פערקויפט העכער פון 60 עקזעמפּלאַרען.

זעהר אויסגענומען האָט די האַפטעריי דורך איהר קינסטלערישער בעאַרבייטונג, דורך דער טעכניק און דער פאַרבענרייכקייט.

די שפּיצען זיינען דעם עולם זעהר געפעלען געוואָרען דורך דער געשמאַקפולער און פיינער טעכנישער אויסאַרבייטונג.

זינט עס האָט זיך געעפענט די אויסשטעלונג ביז דעם 15-טען דעצעמבער 1917 (19 חדשים) זיינען אין דער יודישער אָבטיילונג פערקויפט געוואָרען חפצים אויף 44613 מארק.

צווישען די גרויסע פּערזענליכקייטען, וואָס האָבען געקויפט פערשיידענע חפצים פון דער אַנשטאַלט „הילף דורך אַרבייט", זיינען געוועזען דער זאַקסישער קעניג, פּרינץ אָסקאַר, דער פּרעזידענט פון רייכסטאג ד"ר קעמף, דער געוועזענער מיניסטער העלפפעריך און אַנדערע.

די יודישע אָבטיילונג אויף דער אויסשטעלונג איז בעזוכט געוואָרען פון פערשיידענע רייכסטאַג-אָבגעאָרדנעטע, פאָרשטעהער פון דער דייטשער פּרעסע, פון דער גאַנצער אָבער-אָסט פּרעסע און פון דער נייטראַלער פּרעסע. אויך אַמעריקאַנער זשורנאַליסטען האָבען בעזוכט די יודישע אָבטיילונג און אויף אַלעמען האָט זי געמאַכט דעם גלענצענדסטען רושם.

פאַבריקאַנטען פון לאָדז, וואַרשא און ביאַליסטאָק, וועלכע האָבען בעזוכט די אויסשטעלונג, האָבען זיך ניט געקענט אָבלויבען פון דער יודישער אָבטיילונג.

אָט אַזוי האָט די חברה „הילף דורך אַרבייט" אַדאַנק דער ענערגישער אַרבייט פון דעם אינזש. קלעבאַנאָוו אין דער שווערסטער מלחמה-צייט געהאַלטען פעסט און אין דער הויך די פאָהן פון דער יודישער אַרבייטס-פעהיגקייט אַרבייטס-קראַפט און פון דער יודישער פּראָפעסיאָנעלער בילדונג.



מ. א. מילייקאָווסקי.

# די בילינגע קיך פאַר אָרימע יודען אין ווילנא

(היסטאָרישע נאָטיץ צום 25 יאָריגען יובילייי: 1892–1917).

די יידישע בילינגע קיך הייבט אָן איר עקזיסטענץ אין 1892 יאָר (תרנ"ב), ווען אין ווילנא האָט זיך בעוויזען כאָלערע און אויף נאָוואָגאָראָד האָט זיך געטראָפען אַ צופאַל אויף דער קראַנקהייט. אַלע האָבען זיך דאַן אויפגעכאַפּט ווי פון אַ לעטאַרגישען שלאָף און האָבען גענומען טאָן וואָס ס'איז פאַר דעם אָרימען עולם. דערצו האָט דער

דעמאָלטינער „ווילענסקי וויעסטניק" געמאַכט אַ געוואַלד וועגן דער נאַכלעסיגקייט פון יודען אין האָט אַרויפגעוואָרפען די גאַנצע אַחריות אויף די גבירים און אינטעליגענטען: זיי מוזען זעהן, וואָס ס'איז צו טאָן, כדי די אַנשטעקענדע קראַנקהייט זאָל זיך ניט פערשפּרייטען.

אַזוי ווי אין יענער צייט האָט מיט אַלע יודישע ענינים אָנגעפירט צדקה-גדולה, האָט זי צוזאַמענגערופען די שמאָט-גבאים, די אַזוי אָנגערופענע „דעפּוטאַטען", אויף אַ ספּעציעלער זיצונג, אויף וועלכער ס'איז בעשטימט געוואָרען צו גרינדען פאַר דער אָרימער בעפעלקערונג פון נאָוואָגראָד אַ טיי-הויז אויף אַרויסצוגעבען טיי אומזיסט.

מ'האָט אויסגעקליבען אַ קאָמיטעט פון פאָלגענדע פערזאָנען: מאיר גאָרדאָן, אריה ניישול, שמואל סאָלין, יעקב פּרנס, ס. וואַלערשטיין, ישראל בונימאָוויטש, פייטל פּאַפּירנא, יוסף שאַבאַד (ד"ר צ. שאַבאַדס פאָטער), ש. ווילענקין, ליב הילדס, אשור גורוויטש, דניאל אַפּאַטאָוו, ירחמיאל ברוידא, מאקאווער, ד. גורלאַנד, העניך קעניגסבערג, ניקאָלאַי וויגאָדסקי, מאַקסים ראָם, וו. מאַרקעלס, סעפּטי קליאַטשקאַ, משה לעווין און פ. פּרומקין.

דער קאָמיטעט האָט בעשלאָסען, אַז ביי דער טיי-הויז זאָל מען אויך עפענען אַ בילינע קיך. ער האָט אין פראַנציסקאַנער הויף געדונגען אַ גרויסען לאַנגען קאָרידאָר, האָט צוגעריכט טישען און בענק, האָט איינגעאָרדענט אַ קיך, און דעם 10 יאַנואַר 1893 האָט זיך די קיך געעפענט מיט גרויס פּאַראַד. די אָרימע פלעגען בעקומען אַ זעטיגען מיטאָג פון אַ פונט ברויט אָדער אַ האַלב פונט בולקע מיט אַ שיסעל זופּ פאַר 3 קאָפּיקעס. דיזעלבע פּאָרציע מיט פלייש פאַר 4 קאָפּ. די אָרימע בעפעלקערונג האָט די נייע אַנשטאַלט אָנגענומען מיט גרויס צופרידענהייט.

אויסער דעם אויבענדערמאָנטען קאָמיטעט האָט אויך פונקציאָנירט אַ דאַמען-קאָמיטעט, וועלכער האָט זעהר פיל מיטגעהאָלפען לטובת דער קיך.

די דאַמען האָבען אין קיך איינגעאָרדענט אַ בופעט פאַר רייכע, וועלכע פלעגען קומען בעקוקען די קיך. זיי פלעגען מוזען פערזוכען די שפייזען, וועלכע די דאַמען האָבען זיי אונטערגעטראָגען און האָבען געמוזט דערפאַר בעצאָלען גוטע געלט. דער בופעט האָט געגעבען דער קיך אַ גרויסע הכנסה. ער האָט פונקציאָנירט אַ יאָר צייט (1893-1894).

דעם 24-טען אָקטאָבער 1893 איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ שטענדיגע פערוואַלטונג, וועלכע האָט אָנגעפירט מיט אַלע ענינים פון דער קיך.

קודם כל האָט די פערוואַלטונג בעשטימט, אַז מען זאָל איינאָרדענען אַ קעסעל פאַר די נאָוואָגראָדער איינוואוינער, וועלכע געפינען זיך אין שול, ד. ה. די, וועלכע האָבען ביי זיך אַ קראַנקען אויף כאָלערע. זאָל מען יעדערען אַרויסגעבען אַ פּאָרציע זופּ מיט פלייש און אַנדערע אויך מיט ברויט. אויף אויסצוהאַלטען די טיי-הויז זאָל מען אויסקלייבען אַ בעזונדערע קאָמיסיע, וועלכע זאָל זעהן צו שאַפען די נויטיגע מיטלען דערצו.

אין דערזעלבער צייט האָט די פערוואַלטונג געקויפט אַ שטיק ערד מיט אַלטע געביידעס אויף נאָוואָגראָדער גאַס, וואו ס'געפינט זיך איצט די בילינע קיך. אויסער דעם הויף, האָט שוין די קיך פערמאָגט נאָך בּאַרעס געלט, פאַר וועלכע מ'האָט געקויפט די ערשטע ווערט-פּאַפּירען.

דעם 23 יאַנואַר 1894 איז פאָרגעקומען די ערשטע רעוויזיאָנס-קאָמיסיע. די „רעוויזאָרען" זיינען געווען די ה"ה וואַלערשטיין, י. בונימאָוויטש און שעפּטל קליאַטשקאַ. די רעוויזיע איז אַריבער מיט גרויס פייערליכקייט, פונקט ווי מ'וואָלט רעווידירען די קייזערליכע קאַסע.

אין 1894 האָט מען מיט גרויס פּאַראַד איינגעאָרדענט דעם ערשטען פסח פאַר די אָרימע לייט,—מיט די פיינסטע מצה, פיש און פלייש, וויין און צימעס.

די ביליגע קיך האָט פונקציאָנירט אונטער דעם פליגעל פון צדקה-גדולה. די פערוואַלטונג האָט אָבער געוואָלט זיין זעלבסטשטענדיג, האָט מען אויסגעאַרבייט סטאַ-טוטען, וועלכע מען האָט צוגעשטעלט צום לעגאַליזירען. ווען די סטאַטוטען זיינען אָנגעקומען צום גענעראַל-גובערנאַטאָר אָרזשעווסקי, האָט ער אַריינגעשיקט צום גובער-נאַטאָר פאָלגענדע רעזאָלוציע: אַזוי ווי אין ווילנא איז שוין דאָ אַ געזעלשאַפט „דאָברואָכאָטנע קאָפּייקאַ", וועלכע זאָרגט פאַר אַלע אָרימעלייט און וועלכע פערמאָגט אַ פאָרזיצענדען און קוראַטאָרען, אַלזא פעראָרדענט ער, אַז גאָר די געלט מיט די חפצים, וואָס די ביליגע קיך פערמאָגט, זאָל מען איבערגעבען דער געזעלשאַפט „דאָבּ-ראָכאָטנע קאָפּייקאַ", וועלכע וועט שוין אַליין זאָרגען פאַר אַלע יודען, און די ביליגע קיך זאָל מען פערמאַכען.

מיט גרויס מיה און מיטערנעש האָט זיך קוים איינגעגעבען דעם מיטגליד פון פערוואַלטונג ה' ס. וואַלערשטיין, וועלכער האָט נעהאַט פערבינדונגען צווישען די העכסטע קריסטליכע קרייזען, אַז מ'זאָל די קיך ניט פערמאַכען און מ'זאָל די סטאַטוטען איבערשיקען צום אינערן-מיניסטער. ערשט דעם 15-טען יוני 1898 זיינען די סטאַטוטען פון דער ביליגער קיך בעשטעטיגט געוואָרען פון מיניסטער.

די חנוכת-הבית פון דעם נייעם בנין איז פאָרגעקומען דעם 4-פעברואר 1896 מיט גרויס פייערליכקייט און גרויס שמחה.

נאָכ'ן בעשטעטיגען די סטאַטוטען איז פארגעקומען דאָס 8-טען און 9-טען סעפּ-טעמבער 1898 די ערשטע אַלגעמיינע פערזאמלונג, וועלכע האָט אויפגעריהרט אַלע ווילנער גבירים און אינטעליגענטען. אין דער ערשטער פעדוואלטונג זיינען אויסגעקליבען געוואָרען: ר' מאיר נאָרדאָן, אריה ניישול, פ. פאַפּירנא, נ. ווינאַדסקי, ס. וואלערשטיין יוסף שאַבאַד, ה. קעניגסבערג, ש. סאָלץ, י. פּיראָזשניקאָוו, מ. לעווין, א. ליפּסקי, ש. קליאַטשקא, ש. ווילענקין, ד. גורלאנד. א. דאַנציג, מ. ראָם, י. בוניטאַוויטש, ד. סלאָנימסקי י. קאַבאַטשניק, א. ח. ראָוענבליום, ל. מייזעלס.

דעם 15 סעפּטעמבער 1898 האָט דער קאָמיטעט פארמעל דורך אַ נאָטאַריוס איבערגעגעבען דעם הויף מיט דעם אינווענטאר אויף דעם נאָמען פון דער נייער פערוואַלטונג.

אין דער זעלבער צייט האָט די פערוואַלטונג ערלויבט צו לערנען אין זאַל פון קיך אַלע שבת מיט די תלמידים פון שבת-שול, וואָס צדקה-גדולה האָט געגרינדעט. זי האָט אויך ערלויבט די יודישע דאָקטוירים צו לייענען דאָרט פּאָפּולערע לעקציעס.

דעם 31 אָקטאָבער איז אין זאַל פון קיך פארגעקומען אַ גרויסע אסיפה פון דאָקטוירים, אַדוואָקאַטען און פאָלקס-לערער צו גרינדען עפּעטליכע לעזונגען לטובת דער קיך.

אין 1899 האָט מען זיך אַרומגעזעהן, אַז דער זאַל פון קיך איז ניט אינגאַנצען צוגעפּאַסט צו מאַכען קאָנצערטען. און מען האָט גענומען טראַכטען ווי די פעלערע צו פערריכטען.

אַדאַנק דער אַרבייט פון די מיטגלידער פון דער פערוואַלטונג, אַדוואָקאַטען סלאָנימסקי און וואַלערשטיין און נאָכדעם רודנין און אוצעכאָווסקי האָט די אופּראַווע דעם 9-טען פעברואר 1904 איינגעשטימט צו בעצאָלען דער ביליגער קיך פאַר די אַלטע געביידעס מיט דער ערד, וואָס אַרום דער קיך, ניין טויזענט רובל.

בעקומענדיג אַזאַ סומע געלט, האָט די פערוואַלטונג אָנגעהויבען בויען אַ נייעם זאַל פאַר דער קיך, און דער פריהערדיגער זאַל איז איבערגעמאַכט געוואָרען אויף דעם איצטיגען זאַל „פילהאַרמאָניע".

אין 1899 האָט מען איינגעאָרדענט „אינטעליגענטע מיטאָגען", אין אַ בעזונדערען צימער מיט אַ פיינער זויבערער אויסשטעלונג, מיט פיינע געשיר. דאָ האָבען טעגליך גע-געסען איבער 100 יונגע לייט פון דער שטודירענדער יוגענד.

ביז 1901 זיינען ניט פאָרגעקומען קיינע שום שנויים.

אין ווילנא איז געווען נאך א חברה „מענגי-שבת", וועלבע פלעגט איינאָרדענען שבתים און יום-טובים פאר אָרימע לייט און יודישע סאָלדאַטען.

דעם 29-טען יוני 1901 איז בעשלאָסען געוואָרען, אז די אויפגאַבען פון דער חברה „מענגי-שבת" זאָלען אַריבער צו דער בילינער קיך.

ביז 1908 איז די פערוואלטונג געווען פערנומען מיט'ן אויסבעסערען דעם אינערליבען לעבען פון דער קיך.

אין דער צייט האָבען די יודישע דאָקטוירים געלייענט עפענטליכע לעקציעס, אָפט זיינען פאָרגעקומען פערזאַמלונגען און דערהויפט איז מען געווען פערנומען מיט אויפראַמע מכח דער ערד. ערשט אין 1908 האָט מען בעשלאָסען צו פערגרעסערען די קיך, דאָס הייסט, מ'זאָל די קיך איינאָרדענען לויט די נייע פאָדערונגען. מען האָט בעשלאָסען אויסצובויען א נייע קיך לויט די פאָדערונגען פון דער נייער צייט, און פון דעם געוועזענעם זאל זאָל מען איינאָרדענען א יודישען זאל פאר פערזאַמלונגען. אין 1909 האָט זיך אָנגעהויבען און ביז ענדע 1910 איז פאַרטיג געוואָרען די אַרבייט פון דעם אויבענדערמאָנטען בנין.

בעקומענדיג פון זאל א נייע הכנסה, האָט מען זיך גענומען צו אויסבעסערען די שפייזען און איינצואָרדענען א בעזונדערען זאל פאר אינטעליגענטען.

אין 1908, ווען מען האָט זיך ווידער געריבט אויף דער עפּידעמיע פון כאָלערע, האָט די בילינע קיך געעפענט אויף נאָוואָגראָד גופא אַן אָבטיילונג, וועלבע האָט פונקציאָנירט פון 8-טען סעפּטעמבער ביז 21 דעצעמבער 1908.

די קיך איז אַריבער אין דעם איצטיגען נייעם זאל דעם 1-טען פעברואַר 1910. אינדערצייט האָט מען איבערגעבויט דעם אַלטען זאל. דעם 15-טען נאָוועמבער איז דער זאל פאַרטיג געוואָרען און מ'האָט אים א נאָמען געגעבען „פילהאַרמאָניע". דעם 21-טען דעצעמבער איז דער זאל געעפענט געוואָרען מיט א מוזיקאַלישען אָוונט לטובת דער קיך. ביז דער מלחמה האָט „פילהאַרמאָניע" געגעבען א היבשע הכנסה לטובת דער קיך.

אַדאַנק דער הכנסה פון זאל האָט מען גענומען אויסבעסערען דעם אינערליבען לעבען פון קיך גופא. צו דעם צוועק איז בעשטימט געוואָרען צו גרינדען א שטענדיגען דאַמען-קאָמיטעט, און אויף דער אַלגעמיינער פערזאַמלונג פון 8-טען אַפּריל 1912 זיינען צום ערשטען מאָל אויסגעקליבען געוואָרען אין פערוואַלטונג פון קיך צוויי דאַמען: א. שאַסקאַלסקי און פ. ב. נאַרקאַווי.

דעם 22-טען מאַי 1914 איז געווען א בלימעל-טאָג לטובת דער קיך און קינדער פערזאָרגונג. מיט די געלט האָט מען געדעכענט אויסצובעסערען דעם אינערליבען לעבען פון דער קיך און עפענען א נייעם זאל פאר אינטעליגענטען. נור אין יולי איז פאָרגעקומען די ערשטע מאָביליזאַציע מיט אירע קלאָגען און פלאָנען און זי האָט צושטערט אַלע פלענער; ס'זיינען אָנגעקומען די אַנטרונענע און אַרויסגעטריבענע. די קיך האָט זעהר פיל מיטגעהאָלפען צו פערגרינגערען זייער לעבען מיט שפייזען, האָט מקריב געווען דעם זאל „פילהאַרמאָניע" פאר זיי און די גאַנצע צייט פון דער מלחמה האָט די בילינע קיך אָנגעשטרענגט גאָר די קרעפטען לטובת די מלחמה-געליטענע.

אין 1914 יאָר האָט מען אַרויסגעגעבען מיטאָגען 192469; 1915 – 751422; 1916 – 777692; 1917 – 865042; בסך-הכל 2586625.

פאר די גאַנצע 25 יאָר, וואָס די בילינע קיך עקזיסטירט, האָט זי אַרויסגעגעבען 5781979 מיטאָגען. פאר די 21 יאָר ביז דער מלחמה האָט מען אַרויסגעגעבען 3195354, וואָס דאָס מאַכט אויס דורכשניטליך צו 152159 מיטאָגען א יאָר.

ווען די מלחמה וואָלט ניט געווען, וואָלט די צאָל מיטאָגען פון די 4 מלחמה-יאָרען קלעקען אויף 13 יאָר.

אין ניט אַזא איבערגעוויינליכער צייט, ווי איצט, וואָלט אין ווילנא דער יובילײ פון דער בילינער קיך געטראָגען א פייערליבען כאַראַקטער און וואָלט פערנומען א גרויסען, בכבודיגען אָרט. נור ביי אַזא צייט און ביי דער אָבוועזענהייט פון אַלע

הויפט-נדיבים פון דער בילינגער קיך ווערט דער יובילי נופא אָבגעלייגט אויף א מער ,ינסטינער צייט און די פערוואַלטונג פון קיך בענוגענט זיך דערמיט, וואָס אין טאָג פון יובילייי, דעם 23-טען יאַנואַר 1918, וועט מען פאַר די פעררעגיסטרירטע עסער ארויסגעבען אַ אויסטערגעווענליכען יום-טוב'דיגען מיטאָג פון ברויט, פיש, זופּ און פלייש אהן ברויט-טאַלאָנען, אויף וואָס די פערוואַלטונג האָט אַן ערלויבעניש פון שטאָטהויפטמאַן.

## דער מושב זקנים אין 1916—1917.

אין דער צייט פון אָקופּאַציע איז דעם מושב זקנים אויסגעקומען אויסצו- האַלטען 400 זקנים וזקנות, בעת אין דער צייט פון שלום האָט ער אויסגעהאַלטען בלויז 260—280. אין דער דאָזיגער שווערער צייט האָט דער וויכטיגער מוסד אַרויסגעוויזען אַ סך ענערגיע און האָט גובר געווען די גרויסע שוועריגקייטען.

אין 1916, ווען די בעפעלקערונג האָט ניט געהאַט קיין בעלייכ- טונג, און ברויט האָט זי געקראָגען מיט סכנת-נפשות, — האָט זיך דאָך דער הנהגה אײַנגעגעבען אַוועקצושטעלען דעם מושב זקנים אין אַזוינע תנאים, אַז די אַלטע זאָלען ניט ליידען קיין דוחק אין לעבענס- מיטלען און זאָלען לעבען אין גרויסע, היגיענישע צימערען מיט עלעקטרישער בעלייכטונג, כמעט ווי אין שלום-צייטען.

אָנהויב 1917 ווערט די לאַגע פון מושב זקנים ערגער. זיינע רעזערווען פון שפּייז-פּראָדוקטען זיינען שוין געווען אויסגעשעפּט און דער יקרות איז אַלץ געשטיגען. געבענדיג גוט עסען (5 פונט ברויט וועכענטליך, 2 מאָל טעגליך נעדיכטע זופּ, 3 מאָל וועכענטליך פיש, 2 מאָל וועכענטליך פלייש א. א.) אין פערגלייך מיט דער גרויסער דחקות אין שטאָט, איז דער הנהגה אויסגעקומען אין 1917 אָנצו- שטריינגען אַלע כחות און צו מאַכען אַ רייהע הלואות. דער מושב זקנים האָט זיך פערשולדיגט אויף העכער 40000 רובל.

הגם די הנהגה פון מושב-זקנים האָט געטאָן אַלץ וואָס נור מעגליך, אום צו פערבעסערען דעם מצב פון די זקנים, איז דאָך די שטערבליכקייט דאָרט וואָס פון יאָר געוואָרען גרעסער, אין 1916—37,5 פּראָצ., אין 1917—53,4 פּראָצ.

די הנהגה פון מושב זקנים בעשטעהט פון ד"ר גרשון, ב. עפּ- שטיין און ש. י. ווילענסקי. דער פערוואַלטער איז ז. נ. קליינשטיין. דער בודזשעט פון מושב זקנים האָט אין 1917 אָנגעטראָפען 65986 רובל. די הכנסה האָט זיך דערהויפּט גענומען פון אַמעריקאַנער הילף דורך דעם „הילפספעראיין" אין בערלין (25225 רובל), הלואות (29962), פער- שיידענע הכנסות (9778); די הוצאה איז דערהויפּט געגאַנגען אויף שפּייז-פּראָ- דוקטען (49649), מעדיצינישע הילף און געהאַלט דעם פּערסאָנאַל (6636), אַסעניזאַציע און רעמאָנט פון די הויפען פון מושב זקנים (3514), וועש און קליידונג (2290).

# צו דער ביבליאָגראַפישער איבערזיכט (ז. 177) (קינדער-ליטעראַטור).

אין דעם משך צייט, וואס ס'איז אויסגעזעצט געוואָרען די ביבליאָגראַפישע איבערזיכט (אויגוסט 1917) ביז איצט (סוף דעצעמבער 1917) זיינען ערשינען איינינע נייע ביכלעך, וואס געהערען צו די אבטיילונגען קינדער-ליטעראטור*) אין אלערליי**). די „אלערליי" געהערען צו דעם טיפ, וואס איז כאראקטעריזירט צום סוף פון דער ביבליאגראפישער איבערזיכט. די קינדער-ליטעראטור, אבער, פערדינט א בעזונדערע אויפמערקזאמקייט.

רוויכעלס אילוסטרירטע קינדער-ביבליאטעק שטעהט אויף דער נויטיגער הויך, דערהויפט ווען מען זאל נעמען אין בעטראכט די שווערע צייט, אין וועלכער זי ערשיינט. די אויסערליכע זייט איז דורכגעפירט אויסגעצייכענט: גוטע פאפיר, שיינע אילוסטראציעס, א ליכטיגער שריפט און דרוק. און ביים אונגעהויערען יקרות פון אונזער צייט איז אויך דער פרייז גיט קיין הויכער.

איבערזעצט זיינען די ביכעלעך זעהר גוט. דוד רוויכעלס יודיש איז א ריינער און א פינקטליכער, וואס איז א גרויסע מעלה פאר קינדער. דאס שענסטע ביכעלע פון די דריי איז עדמאנדא ד'אַמיטשיסעס, וואס איז דורכגעדרונגען מיט א טיפער ליבע צום מענשען. די הייסע געפילען פון טשיטשיליאָ, זיין איבערגעבענקייט, זיינע גוטע מעשים וועלען געוויס געפינען אן אבקלאנג אין די ווייכע קינדערשע הערצלעך, וועלען שטארק רירען זייער צארטען דמיון און וועלען דערוועקען אין זיי די בעסטע געפילען. אזוינע ווערק האבען די טיפסטע ערציהערישע בעדייטונג.

בכלל פערדינט רוויכעלס אילוסטרירטע קינדער-ביבליאטעק די פולסטע אנערקענונג.

---

*) נומערן 4,3 און 5 פון רוויכעלס אילוסטרירטער קינדער-ביבליאָטעק: דוימעלע, פון האַנס אַנדערסען, איבערזעצט אויף יידיש פון ד. רוויכעל; ווי אַזוי אַ ייִנגל איז אַרומגעוואַנגען אַרום זיין קראַנקען טאַטן, פון עדמאַנדאָ ד'אַמיטשיס, יידיש פון ד. רוויכעל; אַ מעשה וועגן פעטער קוואַק, ווי ער האָט געלעבט און וואָס ס'האָט זיך מיט אים פאַרלאָפן, באַאַרבייט פון דוד רוויכעל. אַלע ערשינען אין ווילנא, 1917. פרייז 25, 10 און 25 קאָפּ. זייטען 36, 16 און 24. 16°. ס'דרוקען זיך: נומ' 6. פייגעלאַך — דאָס הונגעריקע פייגעלע, אונזערע ווינטערפייגעלאַך, דאָס טויטע פייגעלע, דאָס וואַלד-פייגעלע, באַאַרבייט פון ד. רוויכעל. - נומ. 7. ד'אמיטשיס. דער קליינער פלאָרענטינישער איבערשרייבער. יידיש פון ד. רוויכ על.

יידישע פאָלקסרעטענישן, געזאַמלט און דערקלערט פון ש. באַסטאָמסקי. סעריע „פאָלקלאר", נומ' 1. פאַרלאַג „די נייע יידישע פאָלקסשול". ווילנע, 1917. ז. 16, פרייז 20 קאָפּ. 16°. ס'דרוקט זיך: יעקעלע נאַר, אַ מעשה פאַר קלענערע קינדער, באַאַרבייט פון ש. באַסטאָמסקי.

**) צ. נ. גאָלאָמב „מעשה הצדקה אין ווילנא", מיט די נעמען פון אַלע חברות און אגודות (פעראיינען). אויך די נעמען פון אַלע אונטערנעהמער, דורכצופיהרען די פיעלע צדקות — צום איי בינען אָנדענק. והיה מעשה הצדקה-שלום (ישעיה, לב, יז). שנת „עורת" — ווילנא. ז. 48. 16°

ס'דרוקט זיך: „די ריינע אידישע האַרץ", קופּלעטען און מאָנאָלאָגען, וואָס בעלויכטען דעם אידישען לעבען פון אַלע זייטען. ריכטיגע בילדער פון דער לעצטער שטירמישער צייט. פערפאַסט און הערויסגעגעבען פון יעקב זיזמאַר (מטיף לאומי בשי־) המכונה דער „זעזמער".

ביי שווערע בעדינגונגען, אין א טרויעריגער צייט, ווערט שטיל און רוהיג געארבייט אויף דעם אריסען פעלד פון דער יודישער קינדער־ליטעראטור,—און יעדער אזא ניי ביכעלע דארף אויפריכטיג בעגריסט ווערען.

ש. באסטאמסקי'ס יודישע פאלקס־רעטענישען געהערען בלי ספק צו די נויטינסטע און בעסטע קינדער־ביכעלעך. דער יונגער פערפאסער, וואס האט שוין מיט ערפאלג דעביוטירט אין „לעבען און וויסענשאפט" און אין די „גרונינקע בוימעלעך", איז איצט ארויסגעטראטען מיט איינינע ווערק אין זעלבסטשטענדיגע אויסגאבען*) און וויזט ארוים א גאנץ געלונגענע און דורכגעטראכטע ארבייט.

ס'איז איבעריג אויפצווייזען די בעדייטונג פון פאלקסרעטענישען ווי בכלל פון פאלקלאר ביים ערציהען קינדער אין א פאלקסשול. די רעטענישען דארפען אבער אויסגעקליבען און דורכגעזיפט ווערען לויט דעם עלטער פון די קינדער, און א סך פון זיי זיינען בכלל לחלוטין ניט צוגעפאסט פאר אונגערע און אפילו פאר מיטעלע קינדער. אין באסטאמסקי'ס „פאלקסרעטעניטען" איז געמאכט געווארען דער פעלער, ואס צוזאמען מיט פאלקסרעטענישען, וואס זיינען זעהר צוגעפאסט צו די צילען פון א נוטער ערציהונג אין פאלקסטימליכען זין, זיינען אויך נעבראכט אזעלכע, וואס זיינען איבערנעשפיצט, צווידייטיג און זיינען בלויז מסוגל צו פערדרעהען דעם מח, אדער אזוינע, וואס זיינען העכער פון קינדערשען שכל און אפילו אזוינע, וואס זיינען צו וואולגאר און גראב (די רעטענישען 74, 81, 82, 90, 131 וכדומה). מען דארף גע־דיינקען, אז ניט אלעמאל און ניט אומעטום איז „פאלקס־", דאס־זעלבע וואס „פאלקס־טימליך", און אויך ניט אלץ, וואס ס'איז פאלקסטימליך, האט א ארט אין א פאלקס־שול. מען דארף שארף אבטיילען פון „פאלק" און „המון",—און בכלל היטט נאך ניט, אז אלץ, וואס ס'איז פערשפרייט און איז פאפולער, אדער אפילו, וואס איז אויסגעוואקסען צווישען פאלק, איז שוין א פאסיגער אביעקט פאר קינדער.

ביי די ווייטערדיגע אויסגאבען וועט דער פעלער מוזען פערריכט ווערען. די רעטענישען וועט מען על כל פנים דארפען ספעציעל אויסקלייבען, סארטירען לויטן אינ־האלט און פונאנדערליינען אין פערשיידענע אבטיילונגען אדער אין פערשיידענע אויסגאבען פאר אינגערע און עלטערע קינדער וכדומה. א סך פון די פאלקסרעטענישען פונקט ווי פון די שפריכווערטער וועט מען מוזען איבערלאזען בלויז פאר דער־וואקסענע מענשען.

בכלל, אבער, דארף באסטאמסקי'ס ארבייט בעגריסט ווערען פון גאנצען הארצען.

---

אריטמעטישער רעכנבוך. ברוכצאלן, פערפאסט צוזאמען מיט ל. הורוויץ; צום סוף רעכנבוך איז ביינעלענט א יודישע טערמינאלאגיע פון אריטמעטיק, צום בעדויערן אהן דער נעהעריגער אנווייזונג פון די טערמינען אויף אנדערע שפראכען, וואס לאזט איר ניט נרינטליך קאנטראלירען, מאכט איר אפט פשוט אונפערשטענדליך, אדער צו אוטא־ריטעטיש, אדער צו־ווייפעלהאפט; דער רעכנבוך בכלל איז גוט בעארבייט און פערדינט א גרויסע פערשפרייטונג. – א רייהע קינדער־ביכלעך, וואס די ערשטע צוויי פון זיי—איינער איז שוין ערשינען, דער אנדערער דרוקט זיך – (פאלקס־רעטענישען; יעקעלע נאר) ווערען דא נענוי אנגעוויזען.

ווי ס'בעוויזען זיינע אויסגאבען, בעציהט זיך דער פּראָפעסאָר צו זיין ארבייט מיט ערנסטקייט און ליבע צו דער זאך און מיט א קלארער פערשטענדניש פון זיינע צילען, וועלכע ער דריקט אויס (אין דער הקדמה צו די פאלקסרעטענישען) אויף זיין אייגענארטיגען לשון אין פאלגענדע ווערטער: „אין דעם נייעם גן-עדן פון דער יידישער פאלקסשול וועט דעם לערער, און דערהויפּט דעם לערער פון דער יידישער שפּראך, אויסקומען צו שטעהן ביום ברונעם און באגיסען די יונגינקע ביימעלעך מיטן לעבעדיגען וואסער פון אייביגען קוואל פון דער יידישער פאלקסשאפונג. דער לערער מוז זעהר גוט זיין בעקאנט מיט דער יידישער פאלקסשאפונג. ער מוז זיין א פאלקסמענש. א ניט וועט ער זיך גאר ניט קענען דערנענטערען צום יידישען קינד".

אין די דאזיגע ווערטער ליגט א שטיק אמת. מען דארף זיי אבער ניט איבער-טרייבען און ניט ארויסלאזען פון אויג די נאציאנאלע גיטער, וואס דארפען גיין האנט ביי האנט מיט דער פאלקסטימליכקייט ביי דער ערציהונג אין דער יידישער פאלקסשול.

מ. ש.

<0000000000>

# אליהו הלוי לעווין.

(נעקראָלאָג.)

ז' טבת תרע"ח (21 דעצעמבער 1917), פרייטאָג צונאכט האלב נײַן אַ זייגער, איז אין ווילנא נאָך אַ דרייצעהן-חדשים'דיגער שווערער קראַנקהייט און מאוימדיגע יסורים געשטאָרבען דער בעוואוסטער פּעדאַגאָג און העברעאיש-יודישער שריפטשטעלער און דיכטער אליהו בן נחמיה הלוי לעווין.

געבאָרען אין דענעבאָרג אַרום יאָר 1874 אין אַ פאַמיליע פון אַ מוכר-ספרים, האָט אליהו לעווין בעקומען אַ טראַדיציאָנעלע ערציהונג אין חדר און ישיבה. ער האָט אַרויסגעוויזען גרויסע כשרונות און צו דרייצעהן יאָר האָט ער געש"סט פאַר אַן עילוי,— אַזוי האָט מען אים אויך גערופען: „דער דענעבאָרגער עילוי". נאָכדעם איז ער אַוועק אין וואָלאָזשין, וואו ער האָט אַ סך און בהתמדה געלערענט. דאָרט האָט ער זיך בעקענט מיט דער השכלה-ליטעראַטור און האָט זיך שפּעטער פערנומען מיט זעלבסטבילדונג.

אַז לעווין האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין דענעבאָרג, האָט ער געפּרובט זיינע כוחות אויפ'ן ליטעראַרישען געביט און אין דער סביבה פון די דענעבאָרגער משכילים מיט'ן משורר יהודה ליב גמזו בראש האָט ער שוין געהאַט אַ נאָמען פון אַ פּאָעט.

צום בעדויערן האָט אָבער אליהו לעווין ניט געהאַט די מעגליכקייט אָפּצוגע-בען זיך אינגאַנצען דער ליטעראַטור. גאָר פריה, נאָך אין די יונגסטע יאָרען זיינע, איז ער געצוואונגען געווען צו פערנעמען זיך מיט געבען שטונדען אויף העברעאיש.

דאָך האָט ער אין זיינע ווייניג פרייע מינוטען געשריבען און פון צייט צו צייט האָבען זיך גענומען בעווייזען אין פערשיידענע העברעאישע אויסגאַבען זיינע שירים און ספּורים, וואָס האָבען אַרויסגעוויזען אַן אמת'ן דיכטערישען און דערציילערישען טאַלאַנט.

היבשע יארען, שוין אַ חתונה-געהאַטער, האָט ער געוואַנדערט איבער פערשיי-דענע שטעט און שטעטלעך פון פוילען און דרום-רוסלאַנד (לאָדז, זגערזש, בראַאילאָוו, זשמערינקע א. א.), וואו ער איז געווען לערער אין העברעאישע שולען און האָט זיך נאָך אָבגעגעבען מיט פּריוואַטע שטונדען. צום סוף, אין 1908, איז ער געקומען קיין ווילנא און האָט זיך דאָ בעזעצט מיט זיין פאַמיליע אויף שטענדיג. ער איז דאָ געווען לערער אין פערשיידענע העברעאישע שולען, ווי די העברעאישע מיידעל-שול „יהודיה", די

מיידעל-שול „מפיצי השכלה", „שיעורי ערב", „גמנסיה עברית" און אנדערע, און האָט דאָ אויך געגעבען פריוואַטע שטונדען אויף העברעאיש.

פון 8 אינדערפריה ביז שפעט אין אָוועט איז ער טאָג איין טאָג אויס און אַזוי יאָר איין יאָר אויס נעווען פערהאָרעוועט, כדי אויסצואַרבייטען דאָס שטיקעל ברויט פאַר זיין פאַמיליע. די דאָזיגע שווערע אַרבייט פון אַ לערער ביי יודען האָט לאַנגואַס, אָבער זיכער צוטרייסעלט זיין אָרגאַניזם, נעמאַכט ריסען אין זיין ברוסט, אין זיינע לונגען און ער האָט ביסלעכווייז, נור אַלץ שטאַרקער געוומען הוסטען...

און דאָך - האָט אליהו לעווין ניט אויפגעהערט, צו שרייבען, צו שרייבען פאַר די גרויסע און צו שרייבען פאַר די קליינע.

אָט איז אַ רשימה, ניט נאָר קיין פולשטענדיגע, פון אליהו לעווינס געדרוקטע זאַכען:

אין „השלוח": תרנ"ז באַנד 2 - „לטובת הפועלים" (אַ שיר, דוכט זיך, דער ערשטער); תרנ"ט-תר"ס, ב. 6 - „יקר מוולל" (ספור); תרס"ב, ב. 9 - „פרצופים" (אַ שיר).

אין „לוח אחיאסף": תרנ"ח - „אגדה" (שיר); תרס"א - המשורר (שיר) און „עד מתי ?" (שיר).

אין „הדור" תרס"א - תרס"ב (1901) „בבציר" (שיר).

אין „ספר השנה" תרס"ו: „מרה שהורה" (אַ פסיכאָלאָגישער עטיוד).

אין „העולם" 1907: נומ' 10 - „היצירה" (ספור); נומ' 12, 14, 15 - „מצוה נוררת עברה" (ספור); - נומ' 38 - „נקם ברית" (שיר, נאָך די פּאָגראָמען); נומ' 39 - „על חוף הים (שיר); נומ' - 44 „סבית תולי הרוח" (ספור).

אין „עולם קטן" 1902, נומ' 50: „חג הטבע" (שיר).

אין „החיים והטבע" תרס"ה: „ברחוב היהודים" (שיר, זייט 405), „הוריז" (שיר, ז. 463), „לתשעה באב" (אגדה, שיר, ז. 871), „הבגד" (פּאָעמע. ז. 1043).

אין ווילנער „החבר" 1908 „סודות מבית המערכת" (אין פראָזע און פערזען) אין אַ סך המשכים; „בצאת ישראל ממצרים" (שיר).

אין רינער „החבר" 1909: „בינינו לבין עצמנו" (פעלעטאָן-שיר) במעט כסדר אין די ערשטע 35 נומערן; נומ' 2 - „ברכת סבא" (שיר), „מיוחס של יום המיוחס" (ספור), אונטערגעשריבען מיט'ן פסעוודאָנים „בן נחמיה"; נומ' 4 - „התזכור?" (שיר); נומ' 7 - „מלך והדיוט" (אַ מין היסטאָרישע לעגענדע) אין עטליכע המשכים. אונטער'ן פסעוודאנים „אהל"ל" (אליהו הלוי לעווין); נומ' 12 - „הנרות הללו" (שיר); נומ' 12 און 13 - „בלילות חנוכה" (ספור פאַר קינדער); פון נומ' 18 און ווייטער - „נחת של צער" (ספור) אין עטליכע המשכים.

אין „החבר" איז ער געווען הויפּט-מיטאַרבייטער.

אין קרינסקים „השחר" 1911: נומ' 4—3 - „כוכב בודד", נומ' 9—8 - „הכנסת אורחים", נומ' 17 - 18 - עוד מעט ויקיצו ; 23—24 - אורב ליל (שירים).

אליהו לעווין האָט זיך אויך בעטייליגט אין „הצופה" און „הצפירה", וואו ער איז געווען שטענדיגער קאָרעספּאָנדענט פון לאָדז. ער האט זיך בעטייליגט אויך אין „העברי" און „הזמן", וואו ער האט געשריבען ערצעהלונגען און פעראַגאָגיש-קריטישע אַרטיקלען. צווישען אַנדערע האט ער אין „הזמן" 1913 פּובליקירט צוויי גרעסערע ספורים: „לאחר שנתים" (נומ' 142 און 143) און „תכלית" (177, 178 און 179).

פון ה"ת ניסן ביז ח' אייר תרע"ג (26 מערץ - 2 מאַי 1913) האט ער מיט דער מאַטעריעלער הילף פון א. אַבעלסאָן אַרויסגעגעבען אין ווילנא אַ קינדער-זשורנאַל „הנוער", וואס פון אים זיינען אַרויס בלויז 6 נומערן. אין אַלע נומערן איז ווידער געגאַנגען אַ המשך פון זיין „בינינו לבין עצמנו". דא האט זיך אויך אבגעדרוקט זיינער אַ שטראַלענדיגער שיר „עם שחר האביב".

אין יאר 1907 האט ער אין ארעס אבגעדרוקט אַ שיינע אילוסטרירטע כרעסטאָמאַטיע „השפה והחיים".

ער האָט אויך געדרוקט שירים און פעלעטאָנען אין יודישע אויסגאַבען, ווי „דער פריינד", „די בין", „אידישע צייטונג" 1909 (נומ' 60: „פּסחדיגע שידוכים" - ערציילונג; נומ' 88: „אַ פּאַרל" - ערציילונג; און נ' 126: „שבעה עשר בתמוז" - שיר), „דער טאָג"

1912 (אין די נומערן 200, 201 און 203: „אַ יריד אויפ'ן הימעל" — אַ חסידישע הושענא־רבה'דיגע מעשה, געווידמעט זיין מוטער אסתר־רבקה), „לעצטע נייס" 1917 (ע' 212: „תקיעת שופר" — אַ שיר) און אַנדערע.

אליהו לעווינס ספורים זיינען שילדערונגען פון לעבען, דורכגעדרונגען מיט אַ פסיכאָלאָגישען הויך. די שירים זיינע זיינען בכלל ווייכע און האַרציגע. די שפּראַך — אַ רייכע, זאַפטיגע און לייכט־פליסענדיגע. די שירים „המשורר", „עד מתי", „עם השחר האביב", „על חוף הים" „או להט המערב" און „בבציר" קענען זיך רעכענען פון די בעסטע.

אָבער בעזונדערס האָט אַ בעדייטונג אליהו לעווינס שאַפונג אויפ'ן געביט פון דער קינדער־ליטעראַטור. דאָ האָט ער זיך געפילט אין זיין אמת'ער סטיכיע. דאָ איז ער אַ לוסטיגער, פריילעכער פריינד פון דער קליינער לעבעדיגער חברה געווען, וואָס האָט אים פון האַרצען געליבט און געאַכט.

זיין „בינינו לבין עצמנו", אונטער וועלכען ער האָט זיך אונטערגעשריבען מיט'ן פסעוודאָנים „אַ מזיק", איז איינע פון די בעסערע זאַכען אין דער העברעאישער קינדער־ליטעראַטור; ער שילדערט דאָ דאָס לעבען פון יודישען קינד אין אַלע צייטען פון יאָר, ביי טאָג און ביי נאַכט, אימדערוואָכען, אין די שבתים, ימים־טובים און יומי דפגרא און אַלץ אין אַ לייכטען, ליכטיגען לעבעדיגען טאָן. ער איז דא אַ חבר פון די קליינע תמים'תדיגע קונדסים און פירט געמיטליך־שטיפערישע שמועסען מיט זיינע ליבע ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס קוקען אויף אים מיט זייערע פרייע ליכטיגע קינדער־אויגען און הערען ניט אויף צו שמייכלען, גרייטע צו הערען און הערען כאָטש אַ טאָג מיט אַ נאַכט.

ער איז געווען אַ פעדאַגאָג, וואס איז אַריינגעדרונגען בראשו ורובו אין דער קינדערשער וועלטעל, אין דער קינדערשער פסיכאָלאָגיע, און איז איבערגעגעבען געווען דער פעדאַגאָגישער טעטיגקייט מיט לייב און מיט לעבען. בעת'ן לערנען איז ער געווען אין דער בחינה פון „כל עצמותי תאמרנה",—און דאס האט זיך טראַגיש אָבגערופען אויף זיין געזונט.

ער איז געווען איינער פון די בעסטע העברעאישע פעדאַגאָגען און האט אַ סך געאַרבייט פאַר דער העברעאישער שול. ער פלעגט אויך אפט אַרויסטרעטען אַלס רעדנער אין העברעאיש. אין פאלקס־אוניווערזיטעט (ז. „ווילנער זאמעלבוך, ערשטער באַנד) האט ער געהאַלטען אַ רייהע לעקציעס אויף העברעאיש וועגען די נביאים, די לעקציעס, וועלכע זיינען געלייענט געוואָרען אויף אַן אויסגעצייכענטער און לעבעדיגער שפּראַך, האבען געהאַט גרויס ערפאלג. ער האט זיך געטראָגען מיט אידעאַלען פון אַ בעסערער צוקונפט פאַר זיין פאלק. ער האט געטאן, ער האט ניט גערוהט און ניט געראַסט און אומדערמידליך געאַרבייט, ביז ער האט זיך איבערגעאַרבייט, און ס'האט ניט אויסגעהאַלטען דער צוטרייסעלטער אָרגאַניזם זיינער און ער איז ווי אַ כנאָפּ צו בעט אַנידערגעפאַלען, אויף וועלכער ער איז גאַנצע דרייצעהן חדשים אבגעלעגען אין פיינליכע פערשיידענע מחלות, וואָס האבען זיך אין אים אבגערופען. און אין דתקות, נאך אַ לאַנגער גסיסה, איז דער חולה־מסוכן סוף כל סוף געשטאַרבען.

צו דער לויה זיינען געקומען דערהויפּט לערער, לערערינס, תלמידים און תלמידות פון שולען.

ס'האט דעם נפטר מספיד געווען (אויך לערער: י. ד. גאָרדאָן, מ. אליצקי און מ. נאַדעל) אין האַרציגע רירענדיגע רעדעס (אין העברעאיש).

נאָך דער קבורה איז דער עולם טיף גערירט און מיט טרערען זיך פונאַנדער־געגאַנגען אין טיפען טרויער.

אַזוי איז אָהן אַ צייט אַוועק פון דער וועלט אַ טאַלענטפולער מענש, וואָס האָט געשטרעבט צו הויכע שיינע וועלטען פון קונסט און פּאָעזיע, וואו ער וואָלט זיכער געקענט אַ סך געבען, נור דער אומגערעכטער סדר־העולם האָט אים געמאַכט פאַר אַ לערער, וואָס האָט געמוזט מקריב זיין די בעסטע כוחות זיינע אויפ'ן מזבח פון טרדת־הפרנסה און אויסבייטען די שענסטע בלומען פון זיין נשמה — אויף אַ שטיקעל ברויט.

א. י. גאָלדשמידט.

בן-זומא.

# פון היסטארישען ארכיוו

## (דער ערשטער יאר מלחמה).

### I.

אין די ערשטע טעג פון דעם וועלט־קריג איז די ווילנער יודישע בעפעלקערונג געווען זעהר פּאַטריאָטיש געשטימט. אַ פּאָר טעג נאָך דעם ווי עס איז פערעפענטליכט געוואָרען דער קייזערליכער מאַניפעסט וועגען דער מלחמה מיט דייטשלאַנד, האָבען זיך הרב רובינשטיין מיט די פאָרשטעהער פון דער ווילנער יודישער קהלה אַדאָלף גאָרדאָן, ישראל בונימאָוויטש, עליאַסאָן, סירקין און אַנדערע פאָרגעשטעלט פאַר דעם קאָמאַנדיר פון דער 10־טער אַרמיי גענעראַל רענענקאַמף, פאַר וועלכען הרב רובינשטיין האָט אין אַ קורצער רעדע אויסגעדריקט די טרייקייט פון דער יודישער בעפעלקערונג. אין זיין ענטפער האָט גענ. רענענקאַמף געזאָגט, אַז צו יודען האָט ער צוטרוי מעהר ווי צו אַנדערע. דערביי האָט ה׳ א. גאָרדאָן דערלאַנגט 1000 רובל דער פרוי פון גענ. רענענקאַמף, וועלכע איז דעמאָלט געווען די פאָר־זיצענדע אין הילפס־קאָמיטעט לטובת די זאַפּאַסנע סאָלדאַטען. פון דאָרטען איז דיזעלבע דעפּוטאַציע אַוועק צום גובערנאַטאָר וועריאָווקין, און האָט ביי איהם אויך בעגעגענט אַ גאַנץ פריינדליכען קבלת פנים. דעמזעלבען טאָג, 4 אַ זייגער נאָכמיטאָג, איז אין דער גרויסער שול פאָרגעקומען אַ תפלה פאַר דעם ערפאָלג פון רוסישען חיל. די שול איז געווען פול געפּאַקט און גאָר ניט דער ערך אַ סך אַ גרעסערער עולם איז געשטאַנען אויפ׳ן שול־הויף און אין די אַרומיגע גאַסען. די שטימונג איז ביי אַלעמען געווען זעהר אַ געהויבענע. נאָכדעם ווי ס׳זיינען געקו־מען אין שול גענ. רענענקאַמף און גובערנאַטאָר וועריאָווקין מיט זייערע פרויען, מיט נאָך אַנדערע גרויסע שררות, האָט הרב רובינשטיין גע־האַלטען אַ פייערליכע רעדע, אין וועלכע ער האָט דערקלערט די בעדייטונג פון דעם אָנגעשטאַנענעם מאָמענט פאַר יודען און די בעציהונג פון די יודען צו דער ערפילונג פון זייער חוב פאַרן פאָטערלאַנד אַלס רעליג־יעזען חוב און אַלס פליכט פון זייערע לעבענס־אינטערעסען און האָט אויסגעדריקט די האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט פאַר די יודען אין רוסלאַנד.

נאָכדעם האָט געהאַלטען אַ קורצע פּאַטריאָטישע רעדע אַדאָלף גאָרדאָן.

גענ. רענענקאַמף האָט אין אַ קורצער רעדע צו די פערזאַמעלטע היים בעדאַנקט די יודען פאַר זייערע אויסגעדריקטע פּאַטריאָטישע גע־פיהלען, און האָט נאָך אַמאָל אונטערגעשטריכען זיין אונבעגרענצטען

צוטרוי צו יודען. אין דעמזעלבען גייסט האָט געזאָגט עטליכע ווערטער אויך דער גובערנאַטאָר. דאָרטען אויף אַן אָרט האָט הר׳ רובינשטיין מיט די גדולים איבערגעגעבען געג. רעגענקאַמפען אַ טעלעגראַם וועגען דער אָבגעהאַלטענער תּפילה, און האָט איהם געבעטען, ער זאָל זי איבערשיקען אויפ׳ן אַלערהעכסטען נאָמען. אַזאַ תּפילה מיט אַ פייער־ליכע דרשה פון הר״י רובינשטיין איז אויך פאָרגעקומען אין טהרת הקודש בײַ אַ גרויסען עולם און אין געגענוואַרט פון די שררות.

אין דעמזעלבען אָוונט האָבען זיך די יודישע פאָרשטעהער צו־זאַמענגעקליבען אין „משמרת־חולים" אויף אַ עקסטרע זיצונג, אין וועלכער עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו עפענען אויף די קאָסטען פון דער יודישער קהלה אַ לאַזאַרעט פון 40 בעטען פאַר פערוואונדעטע סאָלדאַטען אָהן אונטערשייד פון גלויבען. אויף מאָרגען איז אין אַ ספּעציעלער זיצונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין צדקה־גדולה, אָנגענומען געוואָרען אַ בעשלוס צו גרינדען אַ בעזונדערען קאָמיטעט צו העלפען די מלחמה־געליטענע. אויך זיינען וועגען דעם ענין אויסגעקלעפּט געוואָרען אין גאַנץ שטאָט אויפרופען אין העבּרעאיש און יודיש.

אין אויפטראָג פון דער פערזאַמלונג זיינען הרב רובינשטיין און די גבאים בונימאָוויטש און עליאַסאָן אַוועק צום גובערנאַטאָר און אויף זייערע נעמען בעקומען די ערלויבניש צו גרינדען דעם ציטווייליגען קאָמיטעט צו העלפען די געליטענע פון מלחמה, וועלכע האָט עק־זיסטירט כּמעט דעם גאַנצען ערשטען מלחמה־יאָר.

אין יענע טעג פלעגט די קאַנצעלאַריע פון הר׳ רובינשטיין פול זיין אַ גאַנצען טאָג, און אויך אַ שטיק אין דער נאַכט, מיט יודישע סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געקומען בעטען, מ׳זאָל זיי זיין מסדר „תּנאי־גטי׳ן". דאָס אינערן־מיניסטעריום האָט וועגען די דאָזיגע תּנאי־גט׳ן געמאַכט אַ געהיימע אָנפראַגע אין „גובערנסקע פּראַוולעניע". און דער פּריסטאַוו סאָקאָלאָווסקי איז דעמאָלט געקומען זעהן אין הר׳ רובינשטיינס קאַנצעלאַריע די ביכער, צו מען מאַכט טאַקי אַזעלכע תּנאי־גטי׳ן אין וויפיל. וועגען דער אָנפראַגע פון מיניסטעריום האָט דער וויצע־גובערנאַטאָר אַליין דערציילט דעם הרב רובינשטיין.

---

אין עטליכע טעג אַרום איז אין „טהרת־הקדש" פאָרגעקומען אַ תּפילה פאַר די יודישע שילער פון אַלע ווילנער שולען לויט דער בקשה פון די שילער גופא. אויסער פאָרשטעהער פון דער בירגערליכער מאַכט און די מיטגלידער פון „טהרת־הקדש" זיינען געקומען שורות׳ווייז די יודישע שילער פון יעדער שול בעזונדער מיט אייניגע פון די לערער בראש. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין „טהרת־הקדש" האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אַ מאַסע קינדער, איז געווען אין דער גאַנצער צייט

פון דער תפלה שטיל און רוהיג. דעם הר׳ רובינשטיינס רעדע, וועלכע איז געווען צוגעפאסט צום קינדערשען פערשטאַנד, האָבען אַלע אויס-געהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. עס האָט זיך געפיהלט אַ בעזונדערס געהויבענע שטימונג. נאָכדעם ווי מ׳האָט שוין אָבגעזאָגט „הנתן תשועה" און געענדיגט זינגען דעם פאָלקס-הימן, איז פלוצלונג צושטערט גע-וואָרען די שטילקייט. ס׳האָט זיך געפיהלט ווי אַ אונרוהיגקייט אין די לעצטע שורות, ס׳האָט זיך געהערט אַ לויפעריי פון פאָליציאַנטען, עפּיס אַזוי ווי זיי וואָלטען געכאַפּט אַ געפעהרליכען פערברעכער. נאָך דער תפלה האָט דער פריסטאַוו סאָקאָלאָווסקי געהייסען די פּאָליציאַנטען פערשליסען די סינאַגאָגע און קיינעם ניט אַרויסלאָזען. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום הר׳ רובינשטיין און צו די גבאים און האָט זיי דער-צעהלט, אַז איינער אַ שילער האָט אַ פייף געטאָן בשעת מ׳האָט געזונגען דעם הימן. הר׳ רובינשטיין האָט אָבגעלייקענט דעם פאַקט און האָט געזאָגט, אַז ער האָט קיין שום פייף ניט געהערט, און ביי אַזאַ מוסטערהאַפטער אָרדענונג האָט דאָס גאָר ניט געקענט זיין. דער פריסטאַוו האָט זיך אָבער איינגעשפּאַרט און האָט זיך געהאַלטען ביי זיינס, אַז כל זמן ער וועט ניט געפינען דעם פערברעכער, וועט ער קיינעם ניט אַרויסלאָזען פון שול. די פּראַוואָסלאַווּנע לערער, כמעט אַלע רעכטע מאָנאַרכיסטען, וועלכע זיינען דערביי געווען, האָבען זיך זעהר אויפגע-רעגט, צוקוקענדיג זיך ווי דער פריסטאַוו וויל דערפיהרען די קינדער, אַז זיי זאָלען מסר׳ן איינער אויף דעם אַנדערען. סאָקאָלאָווסקי האָט געפאָדערט ביי די קינדער, אַז זיי זאָלען אַרויסגעבען דעם שולדיגען. הרב רובינשטיין מיט די גבאים האָבען אָבער בשום אופן ניט איינגעזעהן, אַז דער פאַקט זאָל געווען מעגליך זיין. דער פריסטאַוו האָט אַלעמען געהאַלטען איינגעשפּאַרט אין שול, און צווישען די קינדער איז געוואָרען אַ טומל. צום סוף האָט ער דריי יונגלעך אַוועקגעפיהרט אין „אוטשאַסטאָק". הרב רובינשטיין מיט דעם דירעקטאָר פון דער יודישער גימנאַזיע פ. כהן און מיט די גבאים פון שול זיינען אַוועק צוזאַמען מיט די וויינענדיגע קינדער אין „אוטשאַסטאָק", און מיט גרויס מיה האָט זיך זיי אַנגעגעבען צו בעפרייען די קליינע „פערברעכער".

## II.

די פּאַטריאָטישע שטימונג פון דער יודישער בעפעלקערונג, וועלכע האָט זיך אויסגעדריקט אין פערשיידענע מאַניפעסטאַציעס, פערזאַמלונגען, תפלות, רעדעס וכדומה האָט געפונען איהר גרעסטען אויסדרוק אין די גרויסע געלט-סומעס, וואָס די יודישע קהלה האָט מנדב געווען. אויסער דעם לאַזאַרעט פאַר פערוואונדעטע, וועלכען זי האָט געעפענט אויף אירע קאָסטען, אויסער די מתנות, וואָס יודישע פרויען פלעגען

אָנטראָגען די פערוואונדעטע סאָלדאַטען אויף די וואקזאַלען און אין די שפּיטאָלען,—האָט די יודישע קהלה נאָך אַיינגעאָרדענט אין אַ געוויסען שבת אַן איינמאָליגע געלט-זאַמלונג אין אַלע שולען. אַלע, וואָס האָבען אין יענעם שבת עולה לתורה געווען, האָבען מנדב געווען לטובת דעם „רויטען קרייץ". יעדע שול בעזונדער האָט אָבגעטראָגען דאָס געלט דעם גובערנאַטאָר און גענומען ביי איהם אַ קבלה. בסך-הכל האָט זיך צוזאַמענגעקליבען זעהר אַ היבשע געלט-סומע. ס'האָבען מנדב געווען אפילו די מתפללים פון די אָרימסטע שולען. חוץ דעם מאַטעריעלען ערפאָלג איז די דאָזיגע געלט-זאַמלונג געווען אַ גרויסע פאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציע.

אָבער די דאָזיגע געהויבענע שטימונג און די ליכטיגע האָפענונגען אויף דער צוקונפט, וועלכע האָבען זיך אַרויסגעוויזען פון אָנהויב מלחמה, האָבען זיך באַלד אומגעביטען אויף אַ אונרוהיגע שטימונג. ס'האָבען זיך אָנגעהויבען פערשפּרייטען קלאַנגען, אַז ס'גרייט זיך צו אַ פּאָגראָם געגען יודען. צווישען די נידעריגע קריסטליכע שיכטען האָבען קעכינס און סטרוזשען אָנגעהויבען דערצעהלען בבא-מעשיות וועגען יודען, וואָס לאָזען אַראָב אין טייך פלעשעלעך מיט מיליטערישע סודות, וועגען יודען אין לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס לאָזען זיך אַראָב פון אַעראָפּלאַנען, וועגען יודען, וואָס פאָהרען פאַראויס די דייטשען אויף אַ וויסען פערד און וויזען זיי די וועג, וועגען יודען, וואָס פיהרען אַריבער די דייטשען גאָלד אין מטות פון מתים וכדומה. אין פערשיידענע ערטער האָט מען געפונען אויפרופען נקמה צו נעהמען פון יודען און רודפ'ן זיי. שוואַרצ-מאה'דיגע אַגיטאַטאָרען פון דער קריסטליכער אָרטיגער בעפעלקערונג, וועלכע זיינען געשטאַנען אין נאָהענטע בעציהונגען מיט סאָלדאַטען, האָבען פאַר זיי אָנגערעדט אויף יודען אַלערליי מיני שקרים. אין דער אַרמיי, און בעזונדערס צווישען די אָפיצערען, האָט זיך ענטוויקעלט אַ שטאַרקע אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציע. די לאַגע איז געוואָרען בעזונדערס אונער-טרעגליך נאָך דער ערשטער מפלה פון דער רוסישער אַרמיע אין מזרח-פרייסען, ווען זי האָט גענומען אָבטרעטען אין סובאַלקער גובערניע. מען האָט געדאַרפט האָבען אַ שעיר לעזאזל, און מ'האָט זיך גענומען צום יודען. ס'האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבען אָנגעהויבען צו דערצעהלען די סאָלדאַטען, אַז יודען האַלטען די לעבענס-מיטלען פאַר די דייטשען. פון די ערטער, פון וואַנען מ'האָט דעם פיינד פער-טריבען, האָבען גענומען פליהען מסירות אויף יודען, אַז זיי האָבען די דייטשען אויסגעהאַלטען מיט עסען און טרינקען, אַז זיי האָבען זיך מיט זיי געברידערט, אַז זיי האָבען זיי געוויזען די וועג וכדומה. בעזונדערס געפעהרליך איז געוואָרען פאַר יודען דער פאַקט, וואָס די דייטשען קענען זיך מיט זיי צונויפרעדען אויף זייער שפּראַך. די יודען אין צפון-

מעריב-קאַנט האָבען זיך געפיהלט אַזוי ווי אויף אַ וואולקאַן, וואָס דאַרף זיך באַלד פונאַנדערפלאַקערן. אין דער שוואַרצ-מאה'דיגער פרעסע, און אפילו אין די אָפיציעלע בלעטער, האָבען זיך גענומען דרוקען אַרטיקלען, אין וועלכע עס איז אָבגעמעלט געוואָרען די פערעטערישע ראָל פון די יודען. דער שרעקליכער שטראָם פון שנאה און רכילות אויף יודען, וועלכער איז געגאַנגען אין צוויי ריכטונגען: פון בעוואוסטע קרייזען אין פאָלק צו דער אַרמיי און פון דער אַרמיי אין פאָלק, האָט געדראָהט צו פערטרינקען דאָס גאַנצע רוסישע יודענטום אין בלוט. ס'זיינען אויפגעטרייסלט געוואָרען פאַר שרעק אַלע רוסישע יודען. בעזונדערס שרעקליך איז אָבער געווען די לאַגע פון די יודען, וועלכע וואוינען נאָהענט צום מלחמה-פלאַץ.

---

אין אַ געוויסען פרייטאָג-צו-נאַכט, דאָס איז געווען צווישען יום-כפור און סוכות, איז הרב רובינשטיין איינגעלאַדען געוואָרען צו דער עפענונג פון'ם דוואָריאַנסקען און שטאָטישען לאַזאַרעט, וועלכער איז פאָרגעקומען אין שטאָט-זאַל. דער זאַל איז געווען פול מיט די גרעסטע מיליטער-בעאַמטע מיט זייערע פרויען; דוואָריאַנעס, בעאַמטע, שטאָטישער אַריסטאָקראַטיע און גייסטליכע פון אַלע אמונות. נאָך דער תפלה איז צוגעגאַנגען דער גובערנאַטאָר צום רב רובינשטיין, האָט איהם אָנגענומען פאַר'ן האַנט און האָט געזאָגט: „איך דאַרף מיט אייך עפּיס ריידען". ער איז מיט איהם דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען גרויסען זאַל און דעם לאַנגען קאָרידאָר. אַריינפיהרענדיג איהם אין אַ וויטען צימער, האָט איהם דער גובערנאַטאָר איבערגעגעבען פאָלגענדעס: „דער הויפּט-נאַטשאַלניק פון דעם ראַיאָן, פירסט טומאַנאָוו, האָט מיר בעפולמעכטיגט אייך איבערצוגעבען, אַז איהר זאָלט אין אייערע דרשות אויפמערקזאַם מאַכען פון בימה אַראָב אייערע יודען, אַז זיי זאָלען אומבייטען זייער אונפּאַטריאָטישע בעציהונג צו רוסלאַנד, ווייל ער איז דערגאַנגען פון אַ ריכטיגער קוועלע, אַז די יודען פרייהען זיך איבער די רוסישע מפּלות און איבער די דייטשע נצחונות". הערענדיג די ווערטער איז הרב רובינשטיין בלאַס געוואָרען ווי די וואַנט און איז ווי פערציטערט געוואָרען. ער האָט זיך אָבער ניט פערלאָרען, און האָט באַלד אויפ'ן אָרט געענטפערט גאַנץ פשוט און שטאָלץ: „אייער עקסעלענץ ווייס אין וואָס פאַר אַ בעגייסטערטער שטימונג די יודען האָבען בעגעגענט די מלחמה. איהר אַליין זייט געווען אַן עדות פון די פילע מאַניפעסטאַציעס, אין וועלכע עס האָט זיך גאַנץ בולט אויסגעדריקט די יודישע בעגייסטערונג. איהר ווייסט אויך, אַז די יודען האָבען אַרויסגעוויזען זייער פּאַטריאָטיזם ניט אין ווערטער אַליין, נור אויך דורך גרויסע מעשים און דורך קרבנות. אויסער דעם, שטעהענדיג גאַנץ נאָהענט צו דעם געפיהלס-לעבען פון מיין פאָלק, בין איך, אַלס זיין רעליגיעזער פאָרשטעהער, מיט מיין גאַנצער נשמה

פעסט איבערצייגט, אז דאס איז אלץ שקר און רכילות. איך וועל קיינ-מאל ניט מאכען מיין געמיינדע פון דער בימה אראב אזא שענדליכען און אונפערדינטען פארוואורף אין דעם זין, וועלכער וואלט ארויסגע-רופען די גרעסטע ערביטערונג. איך קען מיין געמיינדע ניט בעליידיגען אין דעם איינציגען ארט, וואו זי איז פון בעליידיגונג געשיצט. דעראיבער קען איך אייער פארשלאג ניט ערפילען״. דער גובערנאטאר איז קענטיג געריהרט געוועזען פון הר׳ רובינשטיינס ווערטער, און האט איהם ווייך געענטפערט: „איך רייד דאס ניט פון זיך אליין; איך גיב אייך נור איבער דעם פארשלאג פון דעם קאמאנדירענדען ראיאן-נאטשאלניק. ער איז נאך דא אין זאל, רעדט מיט איהם״. אויף דעם האט ה׳ רובינשטיין נור בעוויזען צו זאגען: „ניט דא איז דער ארט און ניט איצטער איז די צייט פארצוזעצען דעם דאזיגען געשפרעך; ערלויבט מיר אריינצוגעהן צו אייך מארגען אין דער פריה נאך אן „עצה״. אויף דעם האט דער גובערנאטאר געענטפערט: „דאס איז גאנץ אומזיסט; אלץ הייננט אב פון דעם ראיאן-נאטשאלניק; נור אויב איהר ווילט צו מיר אריינגעהן, קומט, איך בעט אייך אריין״.

נאך דעם ווי הר׳ רובינשטיין האט איבערגעגעבען זיינע חברים אין דער דעפוטאציע דעם געשפרעך, וואס ער האט געהאט מיט׳ן גובערנאטאר, איז בעשלאסען געווארען אויפצוקלייבען זיך נאך דעמזועלבען אוונט צו בעטראכטען צוזאמען די לאגע. די אונרוהיג-קייט און די שרעק פון די קהלה-פארשטעהער זיינען בעזונדערס גרויס געווען דורך דעם, וואס דער נייער מיליטער-קאמאנדיר, וועלכער האט געהאט אזא אומבעגרענצטע ממשלה אויפ׳ן גאנצען ראיאן, וואס הינטער דעם פראנט פון פסקאוו ביז ווארשע, האט שוין פון דער ערשטער מינוט אן אנגענומען אזא מין בעציהונג צו יודען. ס׳איז געבליבען מ׳זאל געהן צום גובערנאטאר און בעטען איהם אן עצה און הילף. אויף מארגען איז הרב רובינשטיין מיט די ה״ה א. ליפעץ און אראלף גארדאן אוועק צום גובערנאטאר. דער גובערנאטאר האט די דעפוטאציע אויפגענומען זעהר פריינדליך; אין זיינע ווערטער אבער האט זיך גע-הערט א גאנץ ערנסטער טאן. הרב רובינשטיין האט דערקלערט דעם גובערנאטאר צוליב וועלכען צוועק די דעפוטאציע איז צו איהם געקומען און די גרויסע סכנה, אין וועלכער יודען געפינען זיך, און האט ביי איהם געבעטען הילף. אויף דעם האט דער גובערנאטאר געענטפערט, אז ער אליין האט גארנישט בכח צו טאן, ווייל אלץ ווענדט זיך אן דעם ראיאן-נאטשאלניק. דערביי האט דער גובערנאטאר געגעבען אן עצה דער דעפוטאציע, אז זי זאל זיך אליין פארשטעלען פאר דעם ראיאן-נאטשאלניק און פערזענליך איבערצייגען איהם, אז זיין מיינונג וועגען יודען איז ניט קיין ריכטיגע. דאן האט די דעפוטאציע געבעטען דעם

גובערנאַטאָר, אַז ער זאָל איר געבען אַ רעקאָמענדאַציע צום נייעם נאַטשאַלניק. דער גובערנאַטאָר האָט דאָס געפונען פאַר אונמעגליך, און ער האָט געראַטען דער דעפּוטאַציע, אַז זי זאָל זיך ווענדען צום שטאַב-נאַטשאַלניק גענ. מעדוועדיעוו מיט אַ בקשה, דאָס ער זאָל זיך משתדל זיין פאַר'ן פירסט טומאַנאָוו ער זאָל איהר אויפנעמען אויף אַן אוידיענץ. פון דעם גובערנאַטאָרס תשובה האָבען די מיטגלידער פון דער דעפּוטאַציע אַרויסגעטראָגען דעם איינדרוק, עפּיס אַזוי ווי ער אַליין וואָלט נאָך אויך ניט געווען פעסט איבערצייגט אין דער אונשולדיגקייט פון די יודען, און האָבען איהם דעריבער נאָך אַמאָל גענומען אויפווייזען באותות ומופתים ווי פאַלש עס זיינען אַלע זאַכען, אין וועלכע דער פירסט בעשולדיגט די יודען. אויף דעם האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט: „איהר אַגיטירט אַן איבערצייגטען; ניט מיט מיר דאַרפט איהר ריידען, נור מיט איהם, געהט צו איהם". אויף מאָרגען האָט הר' רובינשטיין געבעטען דעם שטאַב-נאַטשאַלניק גענ. מעדוועדיעוו איבערצוגעבען דעם פירסט, אַז די פאָרשטעהער פון דער יודישער קהלה פערלאַנגען פאָרגעשטעלט צו ווערען פאַר אים, און מיטצוהעלפען, אַז דער פירסט זאָל זיי וואָס גיכער אָננעהמען. דער גענ. האָט זיי מבטיח געווען צו ערפילען די בקשה, און האָט צוגעזאָגט מאָרגען, 12 אַ זייגער בייטאָג, צו געבען אַ תשובה.

זונטאָג, ערב סוכות, 12 אַ זייגער, האָט הרב רובינשטיין בעקומען אַ תשובה פון גענ. מעדוועדיעוו, אַז דער פירסט ערוואַרט די יודישע דעפּוטאַציע שוין אין אַ שעה אַרום, ד. ה. 1 אַ זייגער. גיך האָט זיך צוזאַמענגעשטעלט די דעפּוטאַציע, אין וועלכער עס זיינען אַריין די יודישע גלאַסנע פון דומע און די גבאים פון צדקה-גדולה. דער פירסט האָט שוין די דעפּוטאַציע דערוואַרט. עס זיינען שוין אויך געווען אויסגעשטעלט אין אַהאַלב-קרייז די שטולען, וועלכע זיינען בעשטימט געווען פאַר די מיטגלידער פון דער דעפּוטאַציע. דער פירסט האָט אויפגענומען די דעפּוטאַציע זעהר העפליך, האָט יעדען מיטגליד בעזונדער פריינדליך בעגריסט און געבעטען זיך זעצען,—גאָר ניט ווי מ'האָט זיך ווענען איהם פאָרגעשטעלט אין דמיון.

דער ראַבינער רובינשטיין האָט געהאַלטען פאַר'ן פירסט זעהר אַ הייסע און בעהאַרצטע רעדע. אָנגעהויבען האָט ער וועגען דער גרויסער פּאַטריאָטישער בעגייסטערונג, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופען ביי יודען, וועגען די גרויסע קרבנות, וואָס זיי האָבען געבראַכט אין בלוט און אין געלט, פערבינדענדיג זייער גורל מיט'ן גורל פון רוסלאַנד. פון דעם איז הרב רובינשטיין אַריבער צו די אונרוהיגע מאָמענטען, וואָס די יודען לעבען איצט איבער דורך דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, וועלכע ווערט געגען זיי געטריבען אין פאָלק און

אין דער אַרמיי און אויפוויזענדיג די שקרים פון די אַלע בעשולדיגונגען, וואָס מען שטעלט אַרויס געגען יודען, האָט ער געבעטען דעם פירסט, אַז מיט זיין אַווטאָריטעט און מאַכט זאָל ער בעשיצען די יודען פון דער סכנה, אין וועלכער זיי געפינען זיך איצטער.

נאָך הר' רובינשטיין האָבען אויך א. גאָרדאָן און די אַנדערע מיטגלידער פון דער דעפוטאַציע געגעבען ערקלערונגען. דער פירסט האָט געענטפערט, אַז ער וואַרפט ניט אַרויף די שולד אויף אַלע יודען אָהן אַן אויסנאַהם; אָבער לויט די ידיעות, וואָס ער האָט, געפינען זיך צווישען יודען ניט קיין לאָיאַלע עלעמענטען, אויף וועלכע די יודישע פאָרשטעהער דאַרפען ווירקען. בעת די יודישע דעפוטאַציע האָט אָבגעלייקענט די ידיעות, וואָס ער האָט וועגען יודען, האָט דער פירסט געזאָגט, אַז נאָך דעם ווי ער וועט צונויפקלייבען און וועט מברר זיין די ידיעות וועגען די אונלאָיאַלע יודען, וועט ער צו זיך איינלאַדען דעם הר' רובינשטיין און וועט איהם אין דעם איבערצייגען. דערצו דאַרף מען בעמערקען, אַז די גאַנצע צייט, וואָס דער פירסט האָט פערבראַכט אין ווילנא, האָט ער מיט דעם הר' רובינשטיין וועגען די אונלאָיאַלע יודען קיינמאָל ניט גערעדט, און ביי קיין שום וויזיט, וואָס ער, הר' רובינשטיין, האָט געמאַכט ביי איהם וועגען פערשיידענע כלל-ענינים, האָט ער איהם וועגען זיי ניט דערמאָנט. אויך ניט דאַן, ווען ער האָט זיך דעם פירסט צומאַנאָוו בעקלאָגט אויף די פיל אַרעסטען און אַרויסשיקונגען פון אונשולדיגע יודען אין סיביר. נור איינמאָל אין רעכטען פלאַקער פון די יודישע פערפאָלגונגען, בעת הרב רובינשטיין האָט מיט'ן פירסט געהאַט זעהר אַן ערענסטען און פער-ביטערטען געשפּרעך וועגען דער לאַגע, האָט איהם און די איבריגע מיטגלידער פון דער דעפוטאַציע דער פירסט ווידער עראינערט וועגען די אונלאָיאַלע יודען און וועגען דער איינגעשפּאַרטער תשובה, אַז אַזעלכע זיינען צווישען יודען גאָר ניטאָ.

בכלל האָט זיך דעם פירסטס בעציהונג צו יודען נאָך דעם דערמאָנטען בעזוך פון דער יודישער דופוטאַציע אומגעביטען צו גוטען, דאָך אָבער האָט ער ניט געוואָלט נאָכגעבען אָפּען, אַז צווישען יודען געפינען זיך ניט קיין אונלאָיאַלע עלעמענטען. מיט דעם האָט זיך גע-ענדיגט דער געשפּרעך. פאַר'ן אַוועקגיין האָט הרב רובינשטיין איבערגעגעבען דעם פירסט אַן אויספירליכען מעמאָראַנדום, וועלכער האָט ענטהאַלטען אַ בילד פון די יודישע ליידען דורך די אַנטיסעמי-טישע העצעס, צוזאַמען מיט אַ בקשה וועגען הילף און פערטיידיגונג.

---

* די אַנטיסעמיטישע העצע האָט אָבער דערוויילע בעוויזען צו פערשפּרייטען אירע גיפטיגע קערענדלעך געגען דער יודישער בעפעל-

קערונג אין צפון-מעריב-קאַנט, און איז דערביי אין אַ גרויסער מאָס אונטערגעשטיצט געוואָרען דורך מיליטער-בעאַמטע. אינוויינוג אין דער אַרמיי האָט זיך די ערביטערונג געגען יודען. געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. נאָך דער מפלה אין מזרח-פרייסען זיינען אָנגעשטאַנען פאַר די יודען די צייטען פון חמעלניצקען און די מסעי-הצלב. פון אַ גאַנצער רייהע שטעט און שטעטלעך פון סובאַלקער גובערניע זיינען אָנגעקומען בעאונרוהיגענדע ידיעות. אין סובאַלק, אַווגוסטאָוו און אין אַנדערע ערטער זיינען פאָרגעקומען געגען יודען פּאָגראָמען און רויבערייען. פאָרשטעהער פון די געליטענע יודען אין יענע ערטער זיינען געקומען קיין ווילנא מיישב צו זיין זיך וואָס צו טאָן און צו בעטען הילף. אָבער אויך די יודישע געזעלשאַפטליכע טוער אין ווילנא האָבען זיך פערלאָרען און האָבען גאָרנישט ניט געקענט טאָן. עס זיינען פאָרגעקומען בעראַטונגען, מ'האָט אויסגעהערט אונצייליגע בעשרייבונגען פון דער יודישער מאַרטירָאלאָגיע, מ'האָט אויסגעדריקט מיטלייד מיט די יודישע קרבנות, מ'האָט זיך געשראָקען פאַר דעם אייגענעם גורל, נור קיינע ממשות'דיגע רעזולטאַטען זיינען דערפון ניט אַרויסגעקומען, און האָבען אויך ניט געקענט אַרויסקומען. אויך די פעטערבורגער טוער האָבען גאָרנישט געקענט טאָן, ווייל פעטערבורג האָט קיין ווירקונג ניט געהאַט אויף דעם פראָנט. סכּות האָט מען דערהערט אין ווילנא מיט גרויס שרעק די אַכזריות'דיגע מעשים, וואָס געג. רענענקאַמף האָט אָבגעטאָן געגען יודען אין אַ גאַנצע רייהע שטעט און שטעטלעך פון סובאַלקער גובערניע. ער האָט אַרויסגעגעבען אַ בעפעל, אַז אַלע יודען אָהן אַן אויסנאַם, פון מאַריאַמפּאָל, קאַלוואַריע און אַנדערע ערטער זאָלען אַרויסגעהן אויף שאָסיי-אַרבייטען, דערפאַר וואָס זיי האָבען מקרב געווען די דייטשען. דעם ערשטען טאָג סכּות זיינען אַלע יודען פון די-דערמאָנטע שטעט פון קליין ביז גרויס, קראַנקע, אַלטע און קינדער, די שענסטע בעלי-בתּים, אינטעליגענטען און אפילו רבנים, אַרויסגעגאַנגען אויף דער אַרבייט עטליכע צענדליג וויאָרסט פון שטאָט מיט לאָפּעטעס און רידלען. דער דאָזיגער אומברחמנות'דיגער פאַקט, וואָס זיין גאַנצער צוועק איז געווען צו דיסקרעדיטירען יודען אין די אויגען פון דער אַרמיי און דער אַרומיגער בעפעלקערונג, האָט געמאַכט אויף דער יודישער בעפעלקערונג זעהר אַ ערשיטערענדען איינדרוק. אַ שרעקליכען רושם האָט געמאַכט די ערצעהלונג פון דעם קאַלוואַריער רב, ווי ער איז צוזאַמען מיט דער גאַנצער קהלה אַוועק דעם ערשטען טאָג סכּות אויף דער אַרבייט אונטער דעם בייטש פון פּאָליציאַנטען פון קאַלוואַריע קיין סימנע. קומענדיג דעם ערשטען טאָג יום-טוב אַ שטיק אין דער נאַכט צוריק אין שטעטעל, האָט זיך די גאַנצע יודישע בעפעלקערונג צולייגט אויפ'ן מאַרק, און דער רב האָט אויסגעזוכט

ער־גיץ װאו אין אַ װינקעל אַ סוכּה, און מיט אַ קול דערשטיקט פון גע־װײן האָט ער קידוש געמאַכט. בײ די װערטער „אשר בּחר בּנו מכּל עם ורוממנו מכּל לשון" האָט זיך די גאַנצע געמײנדע בּעגאָסען מיט בּיטערע טרערען, בּעטראַכטענדיג אויף װיפיל די דאָזיגע װערטער זײנען װײט פון דער װירקליכקײט, װען מען מאַכט יודען אַזוי ערני־דעריגט, אַזוי מבוזה אין די אויגען פון לײטען.

עס האָבען אָנגעהויבען אָנקומען שרעקליכע ידיעות אויך פון פערשײדענע שטעטלעך אויף יענער זײט ניעמאַן: פון דרוזגעניק, פון מערעטש און אַנדערע, און די לאַגע איז געװאָרען אַלץ ערגער און ערגער.

---

אײנמאָל איז הרב רובּינשטײן אײנגעלאַדען געװאָרען צו קומען צו דעם געהילף פון דעם הויפּט־נאַטשאַלניק פון דװינסקער מיליטער־ראַיאָן, גענעראַל קורלאָװ. גענ׳ קורלאָװ האָט אויפגענומען הרב רובּינשטײנען זעהר פרײנדליך, און האַלטענדיג אין האַנט דעם מעמאָ־ראַנדום, װעלכען די יודישע פאָרשטעהער האָבּען דערלאַנגט דעם פירסט טומאַנאָװ, האָט ער געזאָגט: „דער הויפּט־נאַטשאַלניק האָט מיר איבּער־געגעבּען צו רײדען מיט אײך װעגען אײער בּקשה; װעגען װאָס אײגענטליך, בּעט איהר?" אויף דעם האָט געענטפערט הר׳ רובּינשטײן, אַז די יודישע פאָרשטעהער האָבּען דערלאַנגט דעם פירסט טומאַנאָװ ניט אַ בּקשה אין געװײנליכען זין פון װאָרט, נור אַן אויספירליכען מעמאָראַנדום װעגען דער געפערליכער לאַגע, אין װעלכער יודען געפינען זיך צוליב די שקרים, װאָס אַנטיסעמיטישע אַגיטאַטאָרען טראַכטען אויף זײ אויס. דערבּײ האָט הר׳ רובּינשטײן בּאריכות בּעלויכטען דעם יודישען מצב און אויספירליך געשילדערט די שרעקליכע מעשים, װאָס זײנען אָבּ־געטאָן געװאָרען געגען יודען אין פערשײדענע ערטער גאָר ניט פּעררדינטערהײט, און האָט געענדיגט זײן װאַרימע רעדע מיט אַ הײסער בּקשה, אַז די העכּערע מיליטערישע מאַכט זאָל אָנװענדען די נויטיגע מיטלען אָבּ־צוהיטען די יודישע בּעפעלקערונג פון די טויט־סכּנות, אין װעלכע זי געפינט זיך.

גענ. קורלאָװ האָט זיך די גאַנצע צײט צוגעהערט צו הר׳ רובּינשטײנס װערטער גאַנץ אויפמערקזאַם, און נאָכדעם האָט ער גע־ענטפערט װײך און הערצליך, אַז ער האָט װעגען יודען אַ גוטע מײנונג, אַז די יודען ערפילען װי עס בּעדאַרף צו זײן זײער בּירגערליכען חוב אין דער איצטיגער מלחמה, אַז די יודען צײכענען זיך אפילו אויס אין דער אַרמײ א. אז. װ., אַז אין די דאָזיגע אַלע בּעשולדיגונגען געגען יודען גלויבּט ער ניט, אַז פּראָצענטמעסיג זײנען אונלאָיאַלע און פערדעכטיגע מענשען דאָ בּײ יודען ניט מעהר װי בּײ אַנדערע פעל־

קער, אַז די מאַכט האָט קיינמאָל די דאָזיגע בעשולדיגונגען ניט אַרויפגעוואָרפען אויף דעם גאַנצען יודישע פאָלק, אַז ער זעהט, בכלל, ניט קיין גרונד צו דער אונרוהיגקייט און צו די שרעקפון די יוָדען, אַז ער איז נאָך אין ווילנא אַ נייער מענש, איז ניט בעקאַנט מיט די פאַקטען, וועלכע ווערען אַרומגעשריבען אין מעמאָראַנדום, נור ער וועט וועגען דעם, וואָס די יודען בעקלאָגען זיך און פאַר וואָס זיי שרעקען זיך, ווי אויך זייער בקשה אָבצוהיטען זיי פון געפאַהר, מיטטיילען דעם הויפט-נאַטשאַלניק פון ראַיאָן. הר' רובינשטיין האָט פייערליך ערקלערט דעם גענ. ק., כדי איהם צוביגדען צו זיינע ווערטער אין דער אָבגעגעבענער ערקלערונג לטובת די יודען, אַז אַלץ וואָס ער האָט איהם געזאָגט ביחידות ביי זיך אין קאַבינעט, וועט ער איבערגעבען די פאָרשטעהער פון דער קהלה. אויף דעם האָט ק. בפה מלא מסכים געווען, און מוסיף געווען: „איר קענט אַריינקומען צו מיר, ווען נור איהר וועט נויטיג האָבען און מיט וועמען איהר ווילט“.

ווייל דער דאָזיגער ערשטער בעזוך פון הר' רובינשטיין ביי קורלאָווען איז געווען אַ אונערוואַרטעטער, און עס האָבען דערביי נאַטירליך ניט געקענט אויסגעניצט ווערען אַלע מאַטעריאַלען און ידיעות וועגען יודישע רדיפות, האָבען די יודישע פאָרשטעהער אָנגעהויבען ענערגיש צו גרייטען זיך צו אַ צווייטען בעזוך ביי קורלאָווען. ס'איז בעשלאָסען געוואָרען צו בעטען קורלאָווען, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין ביי דעם גרויס-פירסט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דאָס ער זאָל אויפ-נעמען אַ יודישע דעפוטאַציע, אום בעקאַנט צו מאַכען אים מיט דעם רייכען מאַטעריאַל וועגען דער יודישער מאַרטירלאָגיע פון אָנהויב מלחמה אָן צוזאַמען מיט דער געהעריגער בעלייכטונג פון אירע געהיימע סבות. ס'איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז אויך דעם מאָל זאָל הר' רובינשטיין אַליין געהן צו קורלאָווען.

אויף דעם צווייטען מאָל האָט גענ. קורלאָוו אויפגענומען דעם הר' רובינשטיין זעהר פריינדליך, האָט צוגענומען דעם געדרוקטען מאַטעריאַל, האָט עס תיכף אויפ'ן אָרט גענומען לייענען און האָט איינינע מאָל געבעטען אויספירליכע ערקלערונגען. דעם מאָל האָט שוין קורלאָוו ניט געזאָגט, אַז יודען האָבען קיין סיבה ניט זיך אויפצורעגען און זיך צו בעקלאָגען. זיינע ענטפערען האָבען געמאַכט גיכער דעם איינדרוק, אַז ער קען ניט פיל טאָן, אַרויסגעבען אַ בעפעל צו דער אַרמיי ליגט ניט אין זיין מאַכט, און אפילו צו פערעפענטליכען אַן אויפרוף צו דער בעפעלקערונג געפינט ער פאַר אונמעגליך. עס בלייבט נור איינס: אַז די קהלה-פאָרשטעהער זאָלען איהם אָנווייזען די פער-רעכטיגע פערזאָנען, וואָס אַגיטירען געגען די יודען.

## .III

איינמאָל האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די מיליטערישע מאַכט האָט בעשלאָסען אויסצובויען שטאַלען פאַר פערד אויפן אַלטען יודישען בית-עולם אין שניפּישאָק. די ידיעה האָט אויף דער יודישער בעפעלקערונג געמאַכט זעהר אַ שטאַרקען רושם. דער דאָזיגער בית-עולם עקזיסטירט שוין 300 יאָר; אויף איהם ליגען די גרעסטע גאונים, און ער ווערט דעריבער גערעכענט פאַר אַ היסטאָרישען הייליג-טום. מען האָט געפּרובט אויסנוצען אַלערליי איינפלוסען, בעקאַנט-שאַפטען און כל מיני מיטלען מבטל צו מאַכען דעם בעשלוס; עס האָט אָבער קיין זאַך ניט געהאָלפען. הרב רובינשטיין איז אַוועק צו דעם גענעראַל, וואָס אונטער זיין פערוואַלטונג האָט זיך געפונען דער אָרט און וואָס דער גאַנצער פּלאַן וועגען אויסבויען די שטאַלען האָט גע-וואַקסען פון איהם. דער גענעראַל האָט אויסגעהערט הרב רובינשטיינען גאַנץ אויפמערקזאַם, און ער איז שוין געווען געוועזט נוטה צו ערפי-לען די בקשה און אויסצובויען די שטאַלען אויף אַן אַנדער אָרט, וועלכען די יודישע קהלה האָט זיך אָנגעשלאָגען צו קויפען פאַר איהר געלט נאָהנט דערביי. נור אין דער לעצטער מינוט האָבען זיך אין דעם ענין אַריינגעמישט איינינע אָפיצערען, וועלכע האָבען דאָרט געאַר-בייט, און איינער פון זיי וואָס איז, קענטיג, געווען פון די אינציאַטאָרען פון גאַנצען פּלאַן, האָט זיך בעזונדערם האַרט אַוועקגעשטעלט און מיט גרויס ענערגיע און שטייפקייט האָט ער אויפגעוויזען דעם גענעראַל, אַז די שטאַלען מוזען שטעהן דוקא אויפ'ן בית-עלמין. דערביי האָט ער נאָך געמאַכט עטליכע שטעכעדיגע בעמערקונגען בנוגע צו יודען, אַז זיי פעלט אויף אַזוי ווייט דער פּאַטריאָטישער געפיל, אַז זיי ווילען אפילו ניט שיינקען עטליכע קלאַפטער ערד פאַר אַזאַ גרויסען צוועק ווי די פערטיידיגונג פון פאָטערלאַנד. אויף דעם האָט הרב רובינשטיין געענטפערט: „ווען דאָ וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען בויען פאָרטיפיקאַציעס וואָלטען די יודען דעמאָלט לאַנג ניט געקלערט, נור תיכף אָהן שום רייד אָבגעגעבען אויף דעם אפילו דעם גאַנצען בית-עולם, ווי טייער און הייליג ער זאָל ניט זיין. עס זיינען שוין געווען אַ סך אַזעלכע ביישפּילען. איר אָבער קומט דאָך ניט בויען אַ פעסטונג צום פערטיידיגען דאָס פאָטערלאַנד, נור אַן איינפאַכען שטאַל, וואָס זיין צוועק איז זעהר ניט פּאַסיג פאַר דער הייליגקייט פון בית-עלמין, און וואָס קען ניט מיט קיין קלענערע נוצען געבויט ווערען אויף אַן אַנדער אָרט". דער אויבענדערמאָהנטער אָפיצער האָט זיך שטאַרק איינגעשפּאַרט, אַז דעם שטאַל מוז מען אַוועקשטעלען ניט אַנדערש, ווי נור אויפ'ן אַלטען יודישען בית-עולם, און מ'האָט אַנטקעגען איהם גאָר-ניט געקענט מאַכען. „אגב—אַזוי האָט זיך אָבגערופען אַן אַנדער

אַפּיצער—איז גלאַט אומזיסט די רייד; דער פּלאַן איז שוין אונטערגע-שריבּען פון דעם הויפּט ראַיאָן-נאַטשאַלניק, און מאָרגען 6 אַ זייגער אין דער פריה וועט מען שוין צוטרעטען צו דער אַרבּייט. אייגענטליך האָט מען שוין די אַרבּייט אָנגעהויבּען, און איצטער איז שוין צושפּעט צו ריידען וועגען אומענדערען דעם פּלאַן". מיט אַ צובּראָכענעם געמיט האָט הר׳ רובּינשטיין איבּערגעגעבּען זיינע חברים דעם גענעראַלס תשובה. אויף די פאָרשטעהער פון דער קהלה האָט די דאָזיגע תשובה געמאַכט זעהר אַ ערשרעקענדען איינדרוק. אַ ווייטאָג אין האַרצען איז געוועזען דער געדאַנק, אַז אַזאַ הייליגטום ווי דער ווילנער אַלטער בּית-עולם, וועלכער געהערט דעם גאַנצען יודישען פאָלק, זאָל פערבּרוּיכט ווערען צו אַזאַ צוועק. אַ לאַנגע צייט האָט מען אַרומגעטראַכט, וואָס מ׳האָט דאָ צו טאָן. נור איין פונקט האָפנונג איז נאָך געבּליבּען: משתדל צו זיין זיך וועגען דעם פּאַר טומאַנאָווען, צו וועלכען הרב רובּינשטיין איז 8 אַ זייגער אינאָווענט אַוועקגעגאַנגען.

הרב רובּינשטיין האָט איבּערגעגעבּען טומאַנאָווען די געשיכטע פון דעם אַלטען בּית-עולם און זיין בּעדייטונג אַלס פאָלקס-הייליגטום. דערבּיי האָט ער איהם דערצעהלט, אַז די יודישע געזעלשאַפט איז זעהר אונרוהיג פון דער ידיעה וועגען די שטאַלען, וואָס די מיליטערישע מאַכט האָט בּעשלאָסען צו בּויען אויפ׳ן בּית-עלמין, און האָט איהם געבּעטען, אַז ער זאָל זעהן אָבּהאַלטען די זאַך.

די ווערטער פון הרב רובּינשטיין האָבּען געמאַכט אַן איינדרוק אויף טומאַנאָווען. ער האָט אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג פאַר וואָס ער וויים ניט, וואו דער בּית-עלמין געפינט זיך. ער איז צוגעגאַנגען צום שרייבּטיש, האָט פון דאָרטען אַרויסגענומען אַ גרויסע, אַלטע קאַרטע פון ווילנא און האָט אויף איהר אָנגעהויבּען צו זוכען דעם אָרט פון בּית-עולם. געפינענדיג דעם בּית-עולם אויף דער קאַרטע, האָט דער פירסט רוהיג און קאַטעגאָריש געזאָגט: „איהר קענט זיין רוהיג; אויפ׳ן בּית-עולם וועט מען קיין זאַך ניט בּויען". אַז הר׳ רובּינשטיין האָט איהם געזאָגט, אַז זיין בּעשלוס קען אַרויסקומען צושפּעט, ווייל מאָרגען 6 אַ זייגער אין דער פריה הויבּט זיך שוין אָן די אַרבּייט, האָט ער נאָך אַמאָל גאַנץ קאַטעגאָריש געזאָגט: „אויב מ׳וועט דאָך בּויען, וועט מען דאָס געבּויטע אַראָבּוואַרפען".

ווי מ׳האָט זיך דערנאָך דערוואוסט, האָט מען אויפ׳ן אַנדער טאָג די אַרבּיים ניט אָנגעהויבּען, ווייל בּיז 6 אין דער פריה איז שוין אָנ-געקומען אַ טעלעגראַם פון פירסט טומאַנאָוו מיט דעם בּעפעהל, קיין זאַך אויפ׳ן שניפּישקער אַלטען בּית-עולם ניט צו בּויען.

IV.

צווישען די אַלע פאַלשע בלבולים, וועלכע מ׳האָט געמאַכט אויף יודען, האָט פערנומען אַ בעזונדערס בעדייטענדען אָרט דער בלבול בנוגע דעם „עירוב". די העצער האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן „עירוב" ווי אָן אַ שטאַרקער ראיה, אַז די יודען ריידען זיך אין פערבאָרגעניש צונויף מיט דעם שונא און גיבען אים איבער אַלע מיליטערישע סודות. זיי האָט ניט געאַרט דאָס, וואָס דער דראָט, אָדער אַמאָל די שטריקעל פון „עירוב", גייט בעהאַלטענערהייט פון ערגיץ ניט אַרויס און גייט אין ערגיץ ניט אַריין, אַז פאַר אַלעמען אין די אויגען הויבט ער זיך אָן און פאַר אַלעמען אין די אויגען ענדיגט ער זיך. אין ווילנא זיינען אָנגעקומען ידיעות פון פערשיידענע שטעטלעך, אַז מען זוכט דאָרטען „עירובים", און אַז דאָס וואַרפט אַרויף אַ גרויס שרעק אויף דער יודישער בעפעלקערונג. אין אַנדערע שטעטלעך האָבען יודען אַליין צוריסען די „ערובים"; בעזונדערס האָבען דערפון געליטען די פוילישע יודען. דאָרטען האָט מען זיך ניט בענוגענט מיטן זוכען אַליין. דאָרטען האָט מען פאַר געפינען אַן עירוב אַרעסטירט גאַנצע קהלות און די רבנים האָט מען בעשולדיגט אין בגידה נעגען דער מלוכה.

איינמאָל איז צו הרב רובינשטיין געקומען אַן אָפיצער און האָט אים איינגעלאַדען אין נאָמען פון דעם ראַיאָנעס הויפט-קאָמאַנדיר צו קומען אין שטאַב 6 אינאָווענט צו איינעם אַ גענעראַל. קומענדיג אַהין אין דער בעשטימטער צייט, האָט דעם הרב רובינשטיין בעגעגענט אַ קאָרפּוסנער גענעראַל, וועלכער האָט איהם ערקלערט, אַז לויט דעם בעפעהל פון דעם ראַיאָנעס הויפט-קאָמאַנדיר האָט ער איהם איינגעלאַדען אַלס עקספערט. דער גענעראַל האָט זיך געקווענקעלט ווי זיין פראַגע צו שטעלען. ער האָט, קענטיג, באַלד ניט געוואָלט אַרויסזאָגען אין וואָס בעשטייט די עקספערטיזע, כדי הר׳ רובינשטיין זאָל זיך תיכף ניט אָנשטויסען צו וועלכען צוועק זי זאָל דינען. צום סוף האָט ער זיך אָבגערופען: „וואָס פאַר אַ בעדייטונג האָט ביי יודען אַ דראָט-שנור?" אַז הרב רובינשטיין האָט איהם געבעטען, אַז ער זאָל איהם זיין פראַגע דייטליכער פאָרמולירען, האָט דער גענעראַל געזאָגט: „איך פרעג, וואָס פאַר י רעליגיעזע בעדייטונג האָט דראָט פאַר יודען". הרב רובינשטיין האָט תיכף פערשטאַנען וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך און האָט געזאָגט: „אויף דער פראַגע קען איך ענטפערען. דראָט בענוצען יודען אויף אַן „עירוב". דערביי האָט הר׳ רובינשטיין דערקלערט דעם גענעראַל אויספיהרליך און בעגרינדעט צו וועלכע צוועקען מאַכט מען אַן „עירוב" לויטן יודישען דין. די ערקלערונג איז געווען מיט אַלע פּרטים. אויב אַזוי—האָט דער גענעראַל אינמיט׳ן איבערגעריסען—טאָ פאַרוואָס בענוצען

די יודען אין אַנדערע ערטער אַ דראָטענע נעץ אָנשטאָט אַן עירוב־דראָט? הר' רובינשטיין האָט אים ערקלערט, אַז אין פּוילען בענוצט מען זיך אין אַנדערע ערטער מיט אַ דראָטענער נעץ צום זעלבען צוועק, ווי אַן עירוב. און האָט אויף דעם אויך געגעבען אַ געהעריגע ערקלערונג, בעגרינדעט לויטן דין. די ערקלערונגען האָבען געהאַט אַ ווירקונג, און דער גענעראַל האָט געזאָגט: „איצטער איז פאַר מיר אַלץ קלאָר. איך בין פולקום צופרידען. איך וועל דאָס אַלץ איבערגעבען דעם ראַיאָנעם הויפּט־קאָמאַנדיר".

וואָס ס'האָט גורם געווען, אַז מ'זאָל הרב רובינשטיין אַרויסרופען צו דער דאָזיגער עקספּערטיזע, און וואָס פאַר אַ רושם זיינע ערקלערונגען האָבען געמאַכט, — דאָס האָט מען זיך דערוואוסט אין עטליכע טעג אַרום.

אין צוויי טעג אַרום נאָך דער דאָזיגער עקספּערטיזע איז צום הרב רובינשטיין געקומען אַ דעפּוטאַציע פון דער שטעטעל ג א וו א ר א ו ע, לאָמזשער גובערניע, וועלכע איז בעשטאַנען פון דעם שטעטעלדיגען רב און פון איינעם פון די דאָרטיגע קהלה־פאָרשטעהער. זיי זיינען געקומען קיין ווילנא צו דערגעהן וואָס עס הערט זיך מיט זייער משפּט, און צו בעטען, אַז מ'זאָל זיך פאַר זיי משתדל זיין. דער רב האָט דערצעהלט פאָלגענדעס: איינמאָל פרייטאָג נאָך האַלבע נאַכט, בעת די גאַנצע שטעטעל האָט שוין לאַנג געשלאָפען, איז געקומען דער קאָמענדאַנט, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטען 7 וויאָרסט פון שטעטעל, מיט אַ ראָטע סאָלדאַטען און האָט געמאַכט אַן אבלאַווע אויף דער דראָטענער נעץ, אויף וועלכער ס'האָבען איהם, אָהן אַ ספק אָנגעוויזען די שטעטעלדיגע קריסטען. געפינענדיג די פערדעכטיגע „סיעטקע", האָט ער תיכף גע־הייסען אויפוועקען אַלע שטאָט־גבאים און צוזאַמענטרייבען זיי אויף אַ חקירה ודרישה. בעאונרוהיגטע און דערשראָקענע האָבען זיי אַלע גע־ענטפערט, אַז די „סיעטקע" האָט געמאַכט דער רב. דער רב האָט מודה געווען, אַז ער האָט דאָס געמאַכט לויט דער פאָרדערונג פון דער „רעליגיע". דער אָפיצער איז אָבער אויף אים אַרויפגעפאַלען מיט מאוים'דיגע קולות: „דו האָסט געמאַכט אַן אונטערערדישען טעלעפאָן מיט בעריקאַדען און דרייסט אַ מח מיט דיין רעליגיע. דו וועסט מיר ניט אָפּנאַרען; דו האָסט ניט געפונען קיין נאַר". 70 פון די גאָוואָראָווער יודען האָט מען אַרעסטירט און אַוועקגעטריבען אין דער פינסטערער נאַכט אין דער קאָמענדאַנטור 7 וויאָרסט פון שטעטעל. אַזוי ווי פאַר אַלעמען האָט דאָרטען געפעהלט אָרט, האָט מען זיי אָבגעהאַלטען אַ קורצע צייט, און מ'האָט זיי צוריק אָבגעלאָזען אין שטעטעל נאָך דעם, ווי מ'האָט זיי מודיע געווען, אַז ס'ווערט געפירט אַ משפּט, און זיי האָבען קיין רעכט ניט צו פערלאָזען די שטעטעל. דער משפּט איז

צווישען אַנדערע אַזעלכע משפטים איבערגעגעבען געוואָרען דעם פירסט טומאַנאָוו, וועלכער האָט בעפוילען דעם גענעראַל, וואָס האָט די זאַך אונטערזוכט, אַרויסצופאָדערען וועגען דעם ערקלערונגען פון הרב רובינ־שטיין, און פון דעמאָלט אָן האָבען די דאָזיגע משפטים אויפגעהערט.

לויט ווי דער גאָוואַראָווער רב האָט דערציילט, איז אויף מאָרגען נאָך דער עקספּערטיזע דער אויבענדערמאָנטער גענעראַל געקומען צו־פאָרען קיין גאָוואַראָווע צו אונטערזוכען די זאַך אויפ׳ן אָרט. שיקענדיג רופען צו זיך דעם ראַבינער, וועלכער האָט מיט גרויס שרעק און ציטערניש איבערגעחזר׳ט זיין ערשטע תשובה: „דאָס איז לויט דער רעליגיע", האָט צו איהם דער גענעראַל געזאָגט: „איך ווייס שוין אָהן דיר, אַז דאָס איז לויט דער רעליגיע". דער גענעראַל האט בעפוילען פון די 12 אַרעסטערטע „געפעהרליכע" סיעטקעס 11 צוריק אָבגעבען דעם רב, און איינע זאָל מען אָבשיקען קיין ווילנא. בעאונרוהיגט איבער דער אָבגעשיקטער סיעטקע, איז די דעפּוטאַציע געקומען קיין ווילנא.

אַז מ׳האָט זיך דערוואוסט אין שטעטעל, אַז דער משפט איז בטל געוואָרען, איז דאָרט געוואָרען ששון ושמחה, אַן אמתער יום־טוב.

## V.

נאָך אין יאַנואַר האָט זיך אין פּעטראָגראַד אויפגעהויבען די פראַגע וועגען בעזאָרגען מיט מצה די יודישע סאָלדאַטען אין דער אַרמיי, אַזוי ווי מ׳האָט געטאָן בשעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. דער פּעטראָגראַדער קאָמיטעט האָט אויף דעם צוועק אַסיגנירט זעהר אַ גרויסע סומע געלט. ס׳איז בעשלאָסען געוואָרען צו אָרגאַניזירען די זאַך בעזונדער פאַר׳ן צפון־מעריב׳דיגען און דרום־מעריב׳דיגען פראָנט. אַזוי ווי הינטער דעם צפון־מעריב־פראָנט איז ווילנא געווען דער גרעסטער צענטער וועלכער איז נאָהנט צום מלחמה־פּלאַץ, איז בעשלאָסען גע־וואָרען צו באַקען דאָרטען די מצות און פונאַנדערצושיקען זיי אויפ׳ן נאַנצען פראָנט. צוליב דעם צוועק זיינען געקומען קיין ווילנא דער פּע־טערבורגער ראַבינער אַ י י ז ע נ ש ט אַ ט, מ אַ ר ק אָ ן און ט ר י י נ י ן. די לעצטע צוויי האָבען בעזאָרגט די יודישע סאָלדאַטען מיט מצה אויך אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

קודם כל האָט מען געדאַרפט בעקומען פון דער מאַכט פון איין זייט אַן ערלויבעניש אויף זאַמלען געלט, און פון דער אַנדער זייט אויף צו באַקען די מצה און פונאַנדערצושיקען אויפ׳ן פראָנט. די ערשטע זאַך האָט זיך געווענדט פון דער ציווילער מאַכט, און די אַנדערע פון דער מיליטערישער מאַכט. הרב רובינשטיין מיט ליפּעצען זיינען אַריבערגעגאַנגען צום גובערנאַטאָר און האָבען ביי איהם געבעטען די

ערלויבעניש צו קלייבען געלט; הגם דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעדריקט אַ ספק, צי עס פּאַסט די זאַך לויט די בעדינגונגען פון דער צייט, האָט ער פונדעסטוועגען מבטיח געווען צו געבען דעם הסכם בתּנאַי, אויב די מיליטערישע מאַכט וועט בכלל ערלויבען אָבצושיקען די מצה אין דער אַרמיי. כּדי צו בעקומען די דאָזיגע ערלויבעניש, איז הרב רובינשטיין אַוועק צום שטאַב־נאַטשאַלניק פון מיליטער־ראַיאָן, גענעראַל מעדוועדיעוו, וועלכער האָט אים אָבגעשיקט גלייך צו דעם פירסט טו־מאַנאָוו. טומאַנאָוו האָט זיך זעהר גוט בעציגען צו דער זאַך, און האָט תּיכּף אויפ'ן נאָמען פון הרב רובינשטיין געגעבען די ערלויבעניש צו באַקען מצה און אַוועקצופיהרען אין דער אַרמיי. תּיכּף נאָך דעם האָט דער גובערנאַטאָר אויך געגעבען די ערלויבעניש אויף די נעמען פון הר' רובינשטיין, ליפּעץ און פּרנס, וועלכע האָבען איהם דערלאַנגט די בקשה, אײַנצואָרדענען אין ווילנער גובערניע אַ געלט־זאַמלונג אויף באַקען מצה פאַר די יודישע סאָלדאַטען, וואָס געפינען זיך אויפ'ן פראָנט. דער קאַסירער איז געווען הרב ר' ח"ע גראָדזענסקי, וועלכער האָט זיך דער זאַך זעהר איבערגעגעבען. די געלט־נדבות אויף דעם צוועק האָבען פּשוט געדרעגנט. מען האָט אָבער געהאַט גובר צו זיין אַ סך שאַוועריגקייטען. ערשטענס האָט מען געדאַרפט בעקומען די לעצטע ערלויבעניש פון דער הויפּט־קוואַרטיר אויף אַריבערצופיהרען די מצה אויפ'ן פראָנט. נאָכדעם האָט מען פיל געהאַט צו טאָן מיט די העברעע אײַזענבאַן־בעאַמטע, ביז זיי האָבען בעקומען די נויטיגע וואַגאָנעס. צום סוף האָט הר' רובינשטיין געפּועל'ט ביים נאַטשאַלניק פון דער פּעטערבורג־וואַרשעווער אײַזענבאַן ער זאָל געבען וואַגאָנעס מחוץ דער „אָטשערעד". ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז דעם פירסט טומאַנאָווס ערלויבעניש אויף אַרויסצופיהרען מצה גילט נור אין דעם ראַיאָן, וואָס געפינט זיך אונטער זיין השגחה, אָבער אויף אַרויסצופיה־רען די מצה אויף דער מלחמה־ליניע דאַרף מען האָבען אַן ערלויבעניש פון דער הויפּט־קוואַרטיר. מ'האָט פאָרגעלייגט דעם הר' רובינשטיין, אַז ער זאָל זיך אַהין ווענדען מיט אַ טעלעגראַפישער בקשה. אַזוי אָבער ווי די צייט איז געווען קורץ, האָט הר' רובינשטיין בעשלאָסען אַליין אַריבערצופאָהרען אין דער הויפּט־קוואַרטיר. דער פירסט טומאַנאָוו האָט אויף דעם געגעבען דעם הסכם. דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך די הויפּט־קוואַרטיר, האָט מען דעמאָלט געהאַלטען בסוד, נור דעם הרב רובינשטיין האָט מען געגעבען אַלע נויטיגע ידיעות וועגען דעם, וואוהין ער האָט צו פאָרען און צו וועמען צו ווענדען זיך. די הויפּט־קוואַרטיר פון דעם צפון־מערב פראָנט איז דעמאָלט געווען אין סיעדלעץ, און אַהין איז אַוועקגעפאָרען הר' רובינשטיין מיט דער געהעריגער ערלוי־בעניש. די יודישע קהלה אין סעדליעץ האָט ניט געהאַט קיין שום

בעציהונג צו דער מיליטערישער מאַכט. דעריבער האָט הר׳ רובינשטיין פון די דאָרטיגע יודען ניט געקענט בעקומען קיין שום ידיעה ווי און ווען און צו וועמען ער דאַרף זיך ווענדען. מחמת דעם איז הר׳ רובינ־שטיין דירעקט אַוועק צום שטאַב פון דער הויפּט-קוואַרטיר. ער האָט דאָרט געוויזען זיינע פּאַפּירען און מען האָט איהם אַהין צוגעלאָזען צו דערוויסען זיך וואו און ווען ער קען זיך דערשלאָגען אַן אודיענץ ביים הויפּט־פּראָוויאַנטירונגס־נאַטשאַלניק פון דעם צפון־מעריב־פראָנט גענעראַל דאַנילאָוו, צו וועלכען ער האָט זיך געדאַרפט ווענדען לויט די אָנווייזונגען פון פירסט טומאַנאָוו. דאָרטען האָט זיך הר׳ רובינשטיין דערוואוסט, אַז גענעראַל דאַנילאָוו האַלט זיך אויף אין אַ בעזונדערען צוג, וועלכער שטעהט אויף אַ בעזונדערער פּלאַטפאָרם. תיכף איז הר׳ רובינ־שטיין אַהין אַוועק. נאָכדעם ווי ער האָט געוויזען זיינע פּאַפּירען דער פעלד-זשאַנדאַרמעריע, וועלכע האָט אָבגעהיט דעם צוגאַנג צו דעם פּלאַט־פאָרם, האָט מען איהם צוגעלאָזען אויף דער פּלאַטפאָרם, און פון דאָרטען האָט מען איהם אַריינגעפירט אין אַ וואַגאָן, וואו עס איז גע־זעסען דעם גענעראַלס אַדיוטאַנט. דאָס איז געווען אַ גרויסער סאַלאָן־וואַגאָן מיט ברייטע פענסטער און מיט גלעזערנע טירען, וועלכער האָט געדינט פאַר אַ קאַנצעלאַריע פון אַדיוטאַנט און פאַר אַן אויפנעהמונגס־זאַל פאַר די בעזוכער אָדער, ריכטיגער, פאַר די מיליטערישע בעאַמטע, וועלכע פלעגען אַהין קומען מיט ראַפּאָרטען. ערקלערענדיג דעם אַדיו־טאַנט דעם צוועק פון זיין קומען, האָט הר׳ רובינשטיין געבעטען דעם אַדיוטאַנט, אַז ער זאָל איבערגעבען דעם גענעראַל זיין בקשה וועגען אַן אודיענץ. דער אַדיוטאַנט האָט וועגען דעם מודיע געווען דעם גענעראַל, און תיכף האָט ער זיך צוריקגעקערט און האָט הר׳ רובינ־שטיינען אַריינגעפירט אין אַ צווייטען סאַלאָן־וואַגאָן, וועלכער איז געשטאַנען דערבייַ. הר׳ רובינשטיין האָט אויספיהרליך דערקלערט וועגען וואָס ער איז געקומען. פון אָנהויב האָט די בקשה אַרויסגערופען ביים גענעראַל דאַנילאָוו אַ ספק, צו די זאַך קען אויסגעפיהרט ווערען, ווייל דער טראַנספּאָרט איז פערבונדען מיט אַ סך שוועריגקייטען. „די פּראַוואָסלאַווע סאָלדאָטען וועלען היינטיגען פּסח אויך ניט בעקומען די פּסח׳דיגע חלות“—האָט ער געזאָגט. נור אַז הר׳ רובינשטיין האָט איהם דערקלערט די בעדייטונג, וואָס מצה האָט פאַר יודישע סאָלדאַטען, האָט דער גע־נעראַל געזאָגט, אַז מען וועט די מצה צולאָזען אויפ׳ן פראָנט, דערבייַ האָט ער מבטיח געווען צו בעזאָרגען זי זאָל אָנקומען צו דער ריכטיגער צייט, און זאָל מיט יושר פונאַנדערגעטיילט ווערען צווישען אַלע יודישע סאָלדאַטען, וועלכע געפינען זיך אין אַלע אַרמייען. דער גענעראַל האָט אויך ממלא געווען די בקשה פון הר׳ רובינשטיין און האָט איהם גע־געבען די מעגליכקייט איבערצופיהרען די מצה אומזיסט, וואָס דאָס

האָט אײנגעשנאָרט עטליכע טויזענט רובל. אַזוי ווי צו פסח איז שוין געבליבען ווייניג צייט, האָט דער גענעראַל געראַטען הר׳ רוּבינשטײנען וואָס גיכער אָבצושיקען די מצה. בכלל האָט זיך גענעראַל דאַנילאָוו בעציגען זעהר ווארים צו דער בקשה פון הר׳ רובינשטיין און אַ לאַנגע צייט האָט ער מיט איהם אַרומגערעדט אַלע פּרטים ווי אַזוי מ׳קען די זאַך בעסער אויספיהרען. קיין אַלגעמיין פּאָליטישע פראַגען האָט דער גענעראַל די גאַנצע צייט פון זיין שמועס מיט הר׳ רובינשטײנען ניט בערירט; נור צום סוף האָט איהם דאַנילאָוו געזאָגט עטליכע אנגענעהמע ווערטער. „אײערע יודען—אַזוי האָט דער גענעראַל געזאָגט—צייכענען זיך ביי אונז אויס. יודען האָבען די ערשטע פון מיר בעקומען מעדאַ-לען פאַר העלדישקייט. די ביאַליסטאָקער פעלד-דרוזשינעס אַרבייטען זעהר גוט אין די געפעהרליכסטע ערטער". הר׳ רובינשטיין האָט אָב-געדאַנקט הערצליך דעם גענעראַל פאַר זיין אָפענהערציגקייט און עהרליכקייט, בעת די אַנדערע מיליטערישע בעאַמטע, וועלכע זיינען איבערצייגט אַזוי ווי ער אין דער יודישער טרייקייט און גבורה אויפ׳ן פראָנט, מאַכען וועגען דעם אַ שווייג, און אַנדערע פון זיי אונטערשטיצען נאָך די, וועלכע פירען די געפעהרליכסטע אַגיטאַציעס געגען יודען. דערביי האָט הר׳ רובינשטיין דערציילט דעם גענעראַל וועגען אַלע קרבנות פון די יודען הינטער דעם פראָנט און פון די יודען אין דער מלחמה-אַרמיע, און מיט וועלכע העצעס און בלבולים מען צאָלט זיי דערפאַר אָב. דער גענעראַל, וועלכער איז קענטיג געריהרט געוועזן פון די ווערטער, האָט געענטפערט, הגם זעהר פאָרזיכטיג, אָבער מיט׳ן גאַנצען האַרצען: „איך האָב נור צו בעזאָרגען די פראָוויאַנטירונג פון דער אַרמיי, און צו מיר געהערט נור דער טיל. איך האָב אַייך דערציילט נור דאָס, וואָס איך האָב אַליין געזעהן; אָבער איך צווייפעל ניט, אַז מיט אַזאַ גבורה און טרייקייט קעמפפען די יודען אויך אויפ׳ן פראָנט". ביי די ווערטער האָט זיך גענעראַל דאַנילאָוו זעהר פריינדליך צוזעגענט מיט׳ן הרב רובינשטיין.

נאָך אַ צווייטען מאָל איז הר׳ רובינשטײנען אויסגעקומען צו ריידען מיט׳ן גענעראַל דאַנילאָוו וועגען די געברענטע ליידען, וואָס די יודען שטעהען אויס אין דער אַרמיי און הינטער דער פראָנט דורך די פאַלשע בלבולים און אינסינואַציעס. און אויך דעם מאָל האָט גענעראַל דאַנילאָוו איבערגעחזרט זיין גוטע מיינונג, וואָס ער האָט וועגען יודען. ער האָט געזאָגט, אַז צווישען די „דיעלעס", וואָס געפינען זיך אין זיינע הענט וועגען פערשיידענע פערדעכטיגע עלעמענטען, זיינען דאָ יודישע ניט אין קיין גרעסערען פראָצענט פון די אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען. יודישע פערברעכער זיינען דאָ וועניג אפילו צווישען די פּאָדריאַטשי-קעס, וועלכע שטעלען צו דער אַרמיי פערשיידענע פּראָוויאַנטען, הגם

דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען יודען. הר׳ רובינשטיין האָט ערקלערט, אַז ער וועט איבערגעבען זיין מיינונג וועגען יודען דער ווילנער קהלה, כדי זי זאָל פאַר זיך געפינען אַ שטיקעל טרייסט פאַר די עגמת־נפש, וואָס זי האָט דורך דעם ים מיט שקרים, וועלכע מ׳גיסט פון אַלע זייטען אוים אויף יודען.

אָט אויף דעם אופן האָט זיך איינגעגעבען אויסצופיהרען דורך דער הילף פונ׳ם גענעראַל דאַנילאָוו דעם גאַנצען ענין פון די מצה.

VI.

אַז הר׳ רובינשטיין האָט זיך צוריקגעקעהרט פון זיין נסיעה צו דאַנילאָווען, האָט ער געפונען אין ווילנא וואַרטענדיג אויף איהם אַ דעפּוטאַציע פון וואַרשא. אין יענער צייט איז דער מצב פון די פּוילישע יודען געווען שרעקליך. פון פיל גרויסע שטעט און שטעטלעך האָט מען זיי אַרויסגעטריבען. אין גאַנצע מאַסען האָבען זיי זיך צונויפגעקליבען אין וואַרשא, און דאָרטען האָבען זיי געליטען קעלט און הונגער. דערצו נאָך האָט מען זיי פון וואַרשא געהאַלטען אַרויסצושיקען אין די דרום־גובערניעס מיט דעם אויסרייד, אַז דורך זיי ווערען פערשפּרייט אַלערליי עפּידעמישע קראַנקהייטען. די וואַרשעווער יודען האָבען ניט געהאַט קיין שום צוטריט צו די העכערע מיליטערישע בעאַמטע, פאַר וועמען זיי וואָלטען זיך געקענט בעקלאָגען אויף די אַכזריות׳דיגע בעציהונגען, וועלכע מען ווייזט צו זיי אַרויס. דעריבער האָבען די וואַרשעווער כלל־טוער בעשלאָסען צו שיקען פון זיך צוויי רבנים און צוויי בעלי־בתים קיין ווילנא, אום צו דערלאַנגען דורך די ווילנער יודען זייערע בקשות צו דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דעם דווינסקער מיליטער־ראַיאָן פירסט טומאַנאָוו, וואָס אָן איהם הייגגט אָב זייער גורל. אַז הר׳ רובינשטיין איז געקומען קיין ווילנא, איז ער תיכף מיט די צוויי רבנים אוועק צום פירסט טומאַנאָוו. פאָרשטעלענדיג איהם די צוויי רבנים, האָט הר׳ רובינשטיין אין אַ וואַרימער רעדע אויפגעקלערט דעם פירסט די שרעקליכע לאַגע פון די פּוילישע יודען, האָט איהם דערציילט וועגען די גירושים און אַלערליי צרות, וואָס זיי שטעהען אוים. דער פירסט טומאַנאָוו איז געווען זעהר געריהרט. די רבנים האָבען נאָך איבערגעגעבען פערשיידענע פּרטים וועגען דעם שרעקליכען לעבען פון די יודען אין פּוילען. אויף דעם האָט דער פירסט געענטפערט, אַז די אַלע בעפעהלען געהען פון איהם ניט אַרוים, און אַז אַלץ ווענדט זיך אָן זיין נאַטשאַלניק דעם גענעראַל דאַנילאָוו. דערהערענדיג דאַנילאָווס נאָמען, האָט איהם הר׳ רובינשטיין דערציילט ווי ער איז מיטן גענעראַל בעקאַנט געוואָרען, און וועגען זיין גוטער מיינונג וועגען יודען. דאַן האָט פירסט טומאַנאָוו געזאָגט: „גאַנץ גוט; פאָהרט צו איהם אַריבער, און דערצעהלט איהם וועגען די אַלע צרות, וואָס אייער פאָלק

שטעהט אויס. אין זיין רשות געפינט זיך די גאַנצע געגענד, וואָס הינטער דער פראָנט״. מעהר האָט דער פירסט וועגען דעם ענין ניט געהאַט וואָס צו זאָגען. נור הר׳ רובינשטיין האָט זיך בענוצט מיט דעם צופאַל אויפצוקלערען דערוויילע דעם פירסט איבער די צרות פון די ליטווישע יודען. אין יענער צייט האָט מען אין ליטא פיל יודען אַרעסטירט און פערשיקט קיין סיביר פאַר פאַלשע בלבולים, ווי אומזיסטע בעשולדיגונגען אין שפּיאָנאַזש וכדומה. פירסט טומאַנאָוו האָט געפאָדערט פון הר׳ רובינשטיין, אַז ער זאָל איהם אָנווייזען געוויסע פאַקטען.

„ווען איך וואָלט געקענט אייך גלייך איבעררעכענען די אַלע פאַקטען פון אונגערעכטיגקייט, איבערציילען די אַלע אונשולדיג אַרעסטירטע און אַרויסגעשיקטע, וואָלט דאָס נור געווען אַ צרה און אונרעכט בנוגע צו יחידים. דער אונגליק איז אָבער, וואָס די אַרויסשיקונגען און אַרעסטען האָבען אָנגענומען אַ מאַסען־כאַראַקטער און מען קאָן זיי גאָר ניט איבערציילען. דאָך קען איך אָנרופען איינינגע פאַלען, וועלכע זיינען עהנליך צו די אַנדערע אונצאָליגע, וועלכע איך קען ניט איבער־רעכענען״. דאָ האָט הר׳ רובינשטיין איהם איבערגעגעבען איינינגע פאַקטען, דער פירסט האָט איהם מבטיח געווען אויסצופאָרשען די זאַך.

כאָטש דעם הר׳ רובינשטיין איז געווען זעהר ניט אַנגענעהם צו פאָהרען אַ צווייטען מאָל צו דאַנילאָווען, נאָכדעם ווי ער האָט מיט איהם ניט לאַנג וועגען אַלץ גערעדט, פונדעסטוועגען האָט ער בעשלאָסען פאָהרען צו איהם נאָך אַמאָל. אויסער די צוויי רבנים, פערעלמוטער און לעווינסאָן, וועלכע זיינען געווען מיט איהם ביי טומאַנאָווען, איז אַהין געקומען אויך דער לאָמזשער רב און דער נאָווידוואָרער רב, וועלכער האָט זיך דאַן צופעליג געפונען אין ווילנא. וויסענדיג שוין פון פריהער אַלע פרטים און אַלע אופנים, איז איהם שוין דעם מאָל גאַנץ לייכט געווען צוצוקומען צום גענעראַל דאַנילאָוו. דערזעהענדיג הר׳ רובינ־שטיינען, איז איהם דער גענעראַל געגאַנגען אַנטקעגען, האָט זיך מיט איהם גאַנץ פריינדליך בעגעגענט מיט די ווערטער: „מיר זעהען זיך ווידער״. נאָך דעם, ווי הר׳ רובינשטיין האָט פאָרגעשטעלט דעם גענעראַל די מיטגלידער פון דער דעפּוטאַציע, האָט זיי דאַנילאָוו אָנגעוויזען אַן אָרט צו זעצען זיך אַרום טיש אין זיין סאַלאָן־וואַגאָן. דערנאָך האָט איהם הר׳ רובינשטיין אָבגעמאָלט אויספיהרליך און אין אַ כראָנאָלאָגישער אָרדענונג אַלע פאַקטען פון די יודישע צרות, די אַגיטאַציע, וועלכע ווערט געפיהרט געגען יודען און איהרע רעזולטאַטען, די גירושים, די אַרעסטען פון די זאַלאָזשניקעס וכדומה. פון די ספּורים איז ער געווען טיף ערשיטערט. גענעראַל דאַנילאָוו האָט פאָרגעלייגט הר׳ רובינשטיינען, אַז ער זאָל זיך ווענדען צו דעם הויפּט־קאָמאַנדירענדען איבער די אַרמייען פון צפון־מעריב־קאַנט גענעראַל רוזסקי. דערביי איז ער צו־

געגאַנגען צום טעלעפאָן און האָט אָנגעקלונגען צו דעם גענעראַל רוזסקי'ן, וועלכען ער האָט געבעטען אָנצונעמען די דעפּוטאַציע, וואָס געפינט זיך איצטער ביי איהם. נור פון דאָרטען האָט מען איהם געענטפערט, אַז גענעראַל רוזסקי איז קראַנק און ליגט אין בעט. גענעראַל דאַנילאָוו האָט אונז מודיע געווען וועגען רוזסקי'ס קראַנקהייט (איבעריגענס, איז ער, רוזסקי, צוויי טעג נאָך דעם אַרויס אין דימיסיע), און האָט געזאָגט: „אינגיכען איז דאָך פּסח (דאָס איז געווען דריי טעג פאַר פּסח), נאָך פּסח קומט נאָך אַמאָל און איך וועל אייך פאָרשטעלען דעם הויפּט-קאָמאַנדיר, וועלכען איהר וועט פאָרלייגען אייערע טענות. אייערע טענות זיינען נוגע וואַרשא, און איך בין דאָס רוב אין וואַרשא, וועל איך שוין די וואַרשעווער יודען מודיע זיין וועגען דעם רעזולטאַט פון אייער השתדלות". זיי זיינען זיך צופאַהרען אין אַ געהויבענער שטימונג. די וואַרשעווער יודען האָבען דורך הרב פּערעלמוטער בעקומען פון גען. דאַנילאָוו פאָלגענדע טעלעגראַם: דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון צפון-מערב-פראָנט האָט פעראָרדענט צו פערלייכטערען די בעגרענצונגען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען געגען יודען.

אָבער עס איז אַוועק אַ געוויסע צייט און עס האָט זיך ניט געפיהלט קיין שום דערלייכטערונג. נאָך פּסח האָט זיך אין פּוילען אָנגעהויבען אַ נייע שורה פון גירושים. די סבה פאַרוואָס עס איז ניט ערפילט געוואָרען דער בעפעהל וועגען דער ערלייכטערונג פון דער יודישער לאַגע, האָט מען דעמאָלט איינגעזעהן אין דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אַ שנוי אין דער אויבערשטער הנהגה פון דער אַרמיי. רוזסקי איז אַוועק, און אויף זיין אָרט איז בעשטימט געוואָרען גענעראַל אַלעקסייעוו. די אומענדערונג איז פאָרגעקומען נאָך אונזער בעזוך ביים גענעראַל דאַנילאָוו. עס איז קלאָר געוואָרען, אַז מען מוז אויסנוצען דאַנילאָווס בעקאַנטשאַפט און זיין עצה צו קומען צו איהם באַלד נאָך פּסח נאָך אַמאָל.

גלייך נאָך פּסח איז הר' רובינשטיין געפאָהרען קיין סיעדלעץ, און פון וואַרשא איז אַהין געקומען די אויבען-דערמאָנטע דעפּוטאַציע.

קומענדיג קיין סעדליעץ, האָט הר' רובינשטיין אָנגעפרעגט דעם אַדיוטאַנט, ווען ער קען מיט דער דעפּוטאַציע קומען צום גענעראַל דאַנילאָוו. דער גענעראַל האָט זיי אָבער געשיקט זאָגען דורך זיין אַדיוטאַנט, אַז זיי זאָלען קומען מאָרגען אַ זייגער 12. לסוף האָט זיך דערפון אויסגעלאָזען אַ טובה. הר' רובינשטיין האָט געפונען אַ דעפּעש פון ווילנא, אין וועלכער מ'איז איהם מודיע, אַז מ'טרייבט אַרויס אַלע יודען פון טראָקער אויעזד, פון אַ טייל לידער אויעזד און פון סאָקאָלקער אויעזד, ד. ה. פון גאַנצען רעכטען ברעג ניעמאַן, פון קאָוונע ביז איבער גראָדנע.

שפעט אין אָווענט האָט דער פּאָליצמייסטער אָנגעפרעגט דורכן טעלעפאָן ביי דעם בעל־הבית פון האָטעל, צו עס איז פערפאַהרען צו איהם דער ווילנער רב הר׳ רובינשטיין. די דאָזיגע פראַגע האָט דעם הר׳ רובינשטיין און זיינע חברים אַביסעל בעאונרוהיגט. דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט, אַז די אָנפראַגע האָט מען געמאַכט פון דער הויפּט־קוואַרטיר. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, איז דאָס נויטיג געווען צוליב פאָלגענדען צוועק.

12 אַזייגער, בעת די דעפּוטאַציע איז שוין געשטאַנען פאַרטיג צו געהן צום גענעראַל דאַנילאָוו, האָט מען גאָר אָנגעקלונגען פון דער הויפּט־קוואַרטיר. דאָס האָט געקלונגען דעם גענעראַלס אַדיוטאַנט, וועלכער האָט געבעטען צום טעלעפאָן הר׳ רובינשטיינען, און איהם איבערגעגעבען, אַז דאַנילאָוו פערלאַנגט, אַז ער זאָל צו איהם קומען אליין, אָהן די פּוילישע רבנים. הר׳ רובינשטיין איז אַוועק אַליין.

גענעראַל דאַנילאָוו האָט אויך דעם מאָל דעם הר׳ רובינשטיינען זעהר פריינדליך אויפגענומען. הרב רובינשטיין האָט אויסגעדריקט זיין פערוואונדערונג און זיין גרויס צער, וואָס זיין מיטיילונג וועגען דעם בעפעהל, וועלכער איז איבערגעגעבען געוואָרען אום לייכטער צו מאַכען די יודישע לאַגע אין פּוילען, איז נאָך ניט מקוים געוואָרען. דאָרטען האָבען זיך נאָך, פערקעהרט, אָנגעהויבען נייע גירושים פון יודען.

דאָ האָט דער גענעראַל אָבגעשטעלט הר׳ רובינשטיינען מיט די ווערטער:

— פון באַלבירישאָק און פון פּרען? יע. איך האָב דאָך ערהאַלטען אייער דעפּעש. אָבער די דאָזיגע גירושים קומען פאָר אין דעם קריגס־ראַיאָן, וועלכער געפינט זיך אין דעם רשות פון דער אויבערשטער מיליטערישער פירונג. איך האָב וועגען דעם אָנגעפרעגט ביי דעם הויפּט־קאָמאַנדיר, און בעפולמעכטיגט פון איהם האָב איך געמאַכט אַן אָנפראַגע ביים קאָמאַנדיר פון דער צעהנטער אַרמיי גענעראַל ראַד־קעוויטש, אויף וועלכען גרונד האָט ער דאָס אַרויסגעגעבען דעם בעפעהל וועגען נייע גירושים, נאָך דעם ווי דער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט זיי געהייסען אָבשטעלען. אויף דעם האָט ער געענטפערט, אַז קיינער קען זיך ניט אַריינמישען אין זיינע בעפעהלען, ווייל נור ער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם חיל, וואָס איז איהם אָנפערטרויט, און זעלבסטשטענדיג נעהמט ער אָן די מיטלען, וועלכע ער געפינט פאַר נויטיג. איך פערזיכער אייך אָבער, אַז אין דעם הינטערען פראָנט־ראַיאָן, וואָס געפינט זיך אונטער מיין השגחה, וועלען שוין קיין גירושים ניט פאָרקומען.

— וואו הויבט זיך דען אָן די קריגס־ליניע? — האָט געפרעגט הר׳ רובינשטיין.

— די ניעמאַן-ליניע איז איצטער די גרעניץ פון דעם „טיל“,— האָט געענטפערט גענעראַל דאַנילאָוו.

— אויב אַזוי — האָט געזאָגט הר׳ רובינשטיין — טאָ פאַרוואָס שיקט מען אַרויס יודען פון טראָקער און סאָקאָלקער אויעזדען און פון אַ טייל לידעך אויעזד, וועלכע געפינען זיך אויף יענער זייט ניעמאַן?

דערביי האָט הרב רובינשטיין געוויזען דעם גענעראַל די דעפּעש, וואָס ער האָט ערהאַלטען פון ווילנא.

— „עס קען ניט זיין! — האָט אויסגערופען דער גענעראַל — דער שרעק האָט גרויסע אויגען. די יודען שרעקען זיך אַליין“.

הר׳ רובינשטיין האָט אָבער אויפגעוויזען דעם גענעראַל, אַז עס איז ניטאָ קיין שום גרונד צו צווייפלען אין דער דאָזיגער ידיעה, ווייל אין ווילנא ווייס מען, אַז ער וועט זיך צו איהם ווענדען, און בוודאַי וואָלט מען איהם ניט געוואָלט פאַלען צו לאַסט מיט ניט קיין ריכטיגע ידיעות.

דער גענעראַל האָט אַרויסגענומען פון שרייבטיש אַ פּעקעל טע־לעגראַפישע בלאַנקען, און שרייבענדיג אויף אַ בלאַנק האָט ער אין אַ נערוועזישער אויפרעגונג, אָבער מיט אַ פעסטער שטימע, געזאָגט: „זייט רוהיג, אין טיל-ראַיאָן, וועלכער געפינט זיך אין מיין רשות, וועלען קיין גירושים פון יודען ניט פּאָרקומען“. דאָס האָט ער טעלעגראַפיש אָנגעפרעגט ביים פירסט טומאַנאָוו, צי עס איז ריכטיג די ידיעה וועגען דעם יודישען גירוש פון די אויבענדערמאָהנטע אויעזדען. אויף דעם האָט איהם געענטפערט דער פירסט טומאַנאָוו, אַז דער בעפעל וועגען דעם יודישען גירוש איז אַרויס פון דעם קאָמאַנדיר איבער דער 10-טער אַרמיי גענעראַל ראַדקעוויטש.

דאַן האָט הר׳ רובינשטיין געפרעגט: אויב עס קענען פּאָרקומען גירושים נאָהענט צו ווילנא, איז, אפשר דאָ אַ גרונד מורא צו האָבען פאַר׳ן גורל פון ווילנא גופא?

— ווי איך האָב אייך שוין איינמאָל פערזיכערט, איז כל זמן ווילנא געפינט זיך אין מיין רשות — האָט אויף דעם געענטפערט דער גענעראַל — וועט מען פון דאָרטען קיין יודען ניט אַרויסטרייבען.

אַריבערגעהענדיג צו דער פראַגע וועגען וואַרשא. האָט דאַנילאָוו ערקלערט, אַז ס׳וועט ניט פּאָרקומען קיין גירוש פון די אַנטרוננעגע און היימלאָזע יודען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען אויפגעקליבען אין גרויסע מאַסען און וואָס די אָרטיגע פאַטריאָטען האָבען ניט אויפגעהערט צו שרייען וועגען זיי, אַז זיי פערשפרייטען פערשיידענע עפּידעמישע קראַנקהייטען. וועגען די איבעריגע אונגערעכטיגקייטען דורך די אָרטיגע פערהעלטני־

שען אין וואַרשא האָט ער געראַטען זיך קערען צום גענ. גובערנאַטאָר אין וואַרשא.

נאָך אַמאָל אָנריהרענדיג די פראַגע וועגען די יודישע גירושים פון די ערטער, וואו ער, דאַנילאָוו, האָט די מאַכט ניט געהאַט עפּיס צו טאָן וועגען זייער טובה ווענען, האָט איהם הר' רובינשטיין געפרעגט, צי ראַט ער איהם ניט צו ווענדען זיך אין דער אנגעלעגענהייט צום אויבערשטען הויפּט-קאָמאַנדיר.

— איך וויים ניט,—האָט דער גענעראַל געענטפערט.

— איך רעכען—האָט געזאָגט הר' רובינשטיין—אַז מיט דעם, וואָס איך וועל זיך צו איהם ווענדען, וועל איך דאָך עפּיס דערגרייכען.

— איך מיין אויך אַזוי—האָט געזאָגט דער גענעראַל—וואַסער צורייכט אויך אַ שטיין. געהט און דערציילט איהם אַלץ, וואָס איהר האָט מיר דערציילט.—דאָס איז געווען דעם גענעראַלס תשובה.

— פיליייכט קענט איהר אונז געבען אַ רעקאָמענדאַציע,—האָט הר' רובינשטיין געזאָגט.

— ניין, דאָס דאַרף מען ניט,—האָט דער גענעראַל געענטפערט.

— פאַר דעם גענעראַל רוזסקין—האָט געזאָגט הר' רובינשטיין—זייט איהר דאָך יע אַזוי גוט געווען פאָרצושטעלען אונז דורכ'ן טעלעפאָן און געבעטען איהם אויפצונעהמען אונז. און איצטער זיינען מיר דאָך אַהער געקומען צו פאָהרען לויט אייער עצה, כדי פאָרצושטעלען זיך פאַר דעם הויפּט-קאָמאַנדיר, האָפענדיג אויף אייער מיטהילף.

נאָכדיינקענדיג אַ ביסעל, האָט אויף דעם גענעראַל דאַנילאָוו געענטפערט פעסט: „געהט צום הויפּט-קאָמאַנדיר 4 אַ זייגער; ער וועט אייך אויפנעהמען".

הר' רובינשטיין האָט געפּרובט נאָך אַמאָל בעטען דעם גענעראַל, אַז ער זאָל מודיע זיין וועגען זיין בעזוך דעם הויפּט-קאָמאַנדיר (דעמאָלט איז דער הויפּט-קאָמאַנדיר געווען אַלעקסייעוו). דער גענעראַל האָט געענטפערט: „געהט צו איהם פּונקט 4 אַ זייגער גאַנץ רוהיג. ער וועט אייך אָננעהמען". דורך דעם טעלעפאָן האָט ער געגעבען צו וויסען דעם הויפּט-קאָמאַנדיר וועגען הר' רובינשטיינס בעזוך, און האָט איהם געבעטען אויפצונעהמען איהם. פאַרן אַוועקגאַנג האָט הר' רובינשטיין געשילדערט די יודישע צרות און פּיין.

הר' רובינשטיין האָט בעשלאָסען צו געהן צו אַלעקסייעווען מיט די איבעריגע רבנים. קומענדיג 4 אַ זייגער אין דער הויפּט-קוואַרטיר האָט הר' רובינשטיין געוויזען זיינע פּאַפּירען די קאָזאַקען, וועלכע האָבען אָבגעהיט דעם אַריינגאַנג אין הויף. אַז ס'זיינען אַריבער עטליכע מינוט, האָט זיי בעגעגענט אַן אָפיציר, וועלכער האָט זיי מודיע

געווען, אַז דער הויפּט־קאָמאַנדיר וועט זיי אויפנעהמען אין 20 מינוט אַרום.

אַז הר׳ רובינשטיין מיט די רבנים זיינען אַריין אין דער אַלעע, וואָס געפינט זיך פערביי דער הויפּט־קוואַרטיר, איז צו זיי צוגעלאָפען אַ סאָלדאַט און האָט זיי געזאָגט, אַז אין 10 מינוט אַרום וועלען זיי אויפגענומען ווערען. ס׳זיינען ניט אַריבער קיין גאַנצע צעהן מינוט און מ׳האָט זיי געבעטען אַרויפגעהן אויבען גלייך צום הויפּט־קאָמאַנדיר.

דער וואַרשעווער רב פּערלמוטער האָט געהאַט אַ מנהג, ווען עס פלעגט איהם נור אויסקומען צו שטעהן פאַר אַ הויכען בעאַמטען, צו מאַכען די ברכה „ברוך שחלק מכבודו לבשר ודם״, אַזוי האָט ער געטאָן אויך דעם מאָל ביי אַלעקסייעוו. גענעראַל אַלעקסייעוו, וועלכער האָט ניט גוט פערשטאַנען, ווייזט אויס, ווענען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, האָט געענטפערט: „איך דאַנק אייך פאַר אייערע תפלות און וואונשען״. ריידענדיג אַזוי, האָט ער זיך שוין גענומען אָבשיידען פון דער דעפּו-טאַציע, רעכענענדיג, אַז איהר ראָל האָט זי שוין אָבגעטאָן. דער גענעראַל האָט שוין געמאַכט אַ בעוועגונג צוצוגעהן צו זיין שרייב-טיש און נעהמען זיך פאַר זיין איבערגעריסענער אַרבייט. אַז הרב רובינשטיין האָט דערזעהן, אַז באַלד איז אַלץ פערלאָרען, און אַז די אוידיענץ, צו וועלכער ער האָט זיך דערשלאָגען נאָך אַזוי פיל מיה און מיט אַזעלכע נסים, וועט אַוועק אומזיסט, האָט כמעט מיט די לעצטע כחות אויסגערופען: „ערלויבט, אייער עקסעלענץ, צו דערציילען, וועלכע שרעקליכע צושטאַנדען האָבען אונז געגויט צו ווענדען זיך צו אייך. אנערקענענדיג גאַנץ גוט, וועלכע גרויסע און פעראַנטוואָרטליכע אויפ-גאַבען עס ליגען פאַר אייך און הויכשעצענדיג אייער צייט און אייער רוה, וועלכע זיינען אַזוי נויטיג אונזער פאָטערלאַנד, האָבען מיר זיך פונדעסטוועגען בעשלאָסען צו בעאונרוהיגען אייך מיט אונזער בעזוך, ווייל די שרעקליכע ליידען, וועלכע זיינען אויסגעפאַלען אויף אונזער גורל, צווינגען אונז צו קערען זיך צו אייך נאָך שוץ פון דער מוראדיגער געפאַהר״. די דאָזיגע ווערטער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָר׳ען מיט אַזאַ קראַפט, און אין דער שטים האָט אָבגעקלונגען אַזאַ יאוש און אַזאַ ענטשלאָסענהייט, אַז אויף דעם גענעראַלס געזיכט האָט זיך געפיהלט אַן נערוועזער ציטער, ער איז צוגעגאַנגען צו הר׳ רובינשטיין און האָט געזאָגט: „נו. רעדט, איך בעט אייך״.

דאָ האָט הר׳ רובינשטיין געהאַלטען פאַר׳ן גענעראַל אַלעקסייעוו אַ לאַנגע, בעגייסטערטע רעדע וועגען דער יודישער לאַגע. דאָס איז געווען אַ מין „מגילת איכה״, פאָרגעטראָגען אין פייערדיגע ווערטער און אויסדריקען. גענעראַל אַלעקסייעוו האָט זיך מיט דער רעדע זעהר פעראינטערעסירט, און האָט יעדען וואָרט אויסגעהערט מיט גרויס

אויפמערקזאַמקייט. בעת ער האָט אינמיטען דער רעדע איבערגעריסען הרב רובינשטיינען דורך אַ פראַגע, און ער, ענטפערענדיג איהם האָט אויך אַ ווײַלע אויפגעהערט צו ריידען, האָט דער גענעראַל געזאָגט: „איך בעט אײַך, ראַבינער, זעצט פאָרט אייער רעדע, רעדט ווייטער, איך הער אײַך". הרב רובינשטיין האָט ווייטער גערעדט מיט אַ גרעסע־רער התלהבות. דער רושם פון הרי רובינשטיינס רעדע אין געווען אַ געוואַלטיגער. די רבנים, וועלכע זיינען נעבען איהם געשטאַנען, האָבען זיך פונאַנדערגעוויינט. אַלעקסייעוו איז אויך געווען טיף גערירט, און אין זיינע אויגען האָבען זיך בעוויזען טרעהרען. ער איז געשטאַנען ווי אַ פערשטיינערטער, און האָט ניט געפונען וואָס צו ענטפערען. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צום הר' רובינשטיינען, האָט איהם געגעבען די האַנט און האָט איהם געזאָגט: „רעדט ניט אַזעלכע שרעקליכע ווערטער; גאָט וועט געבען און אַלץ וועט איבערגעמאַכט ווערען צו גוטען. איך וועל אַלץ טאָן". עטליכע מאָל האָט ער איבערגעחזר'ט: „איך וועל אַלץ טאָן". נאָכדעם האָט ער געזאָגט: „שרייבט מיר אויף אייער רעדע, זייט מוסיף פאַקטען, און שיקט מיר אַ מעמאָראַנדום, אָדער ברייננט איהם אַליין". אויף דער בעמערקונג פון רב פערעלמאַן: „מיר וועלען אײַך פון וואַרשא אויך שיקען אַ מעמאָראַנדום", האָט אַלעקסייעוו גע־ענטפערט: „ניין, מ'דאַרף ניט. דער ווילנער ראַבינער וועט שוין פאַר וואַרשא אויך אָנשרייבען". אויף דער בקשה פאָרצושטעלען די דעפו־טאַציעס פאַר דעם גרויספירסט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשען, האָט ער געענטפערט, דאָס בשעת ער וועט זיך מיט איהם זעהן, וועט ער איהם איבערגעבען דעם אינהאַלט פון דעם מעמאָראַנדום.

זינט דער בעקאַנטשאַפט מיטן הויפט־קאָמאַנדיר אַלעקסייעוו, איז הרב רובינשטיין אין יענער ליידענפולער צייט געווען ביי איהם פיל מאָל.

אין פערשיידענע מאָמענטען איז דער רעזולטאַט פון די בעזוכען געווען פערשיידען.

לויט דער בקשה פון די יודישע עסקנים אין פוילען, איז הרב רובינשטיין געקומען קיין וואַרשא. דאָרטען האָט הר' רובינשטיין גענומען אויפשטעלען דעם מעמאָראַנדום פאַרן גענעראַל אַלעקסייעוו. אין דעם מעמאָראַנדום האָט געדאַרפט אַריינגעהן דער אינהאַלט פון דער רעדע, וועלכע ער האָט געהאַלטען פאַר אַלעקסייעווען, מיט פאַקטישען מאַטע־ריאַל וועגען דער לאַגע אין די איינצעלנע ערטער. אין אַ זיצונג פון די וואַרשעווער בלל־טוער, האָט הר' רובינשטיין פאָרגעלייגט די הויפט־טעזיסען פון זיין רעדע. אין יענער זיצונג האָט אָנטייל גענומען אויך דער פעטראָגראַדער געשוואָרענער אַדוואָקאַט סליאָזבערג. ס'איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז סליאָזבערג צוזאַמען מיט הרי רובינשטיין זאָלען אויסאַרבייטען דעם אינהאַלט פון דעם מעמאָראַנדום. סליאָזבערג

האָט אויסגעאַרבייט יענעם טייל פון דעם מעמאָראַנדום, אין וועלכען עס געהט אַריין דער פאַקטישער מאַטעריאַל. דעם ערציילענדען טייל, די בעשרייבונג און דעם אַנאַליז פון די דאָזיגע פאַקטען, די ערקלערונג פון די סבות און ווייערע רעזולטאַטען, די הקדמות און די שלום-ווערטער צו יעדער גרופע פאַקטען,—זיינען דורך הרב רובינשטיין צוגעגעבען געוואָרען צום אינהאַלטסרייכען און אַלזייטיגען מאַטעריאַל פון ה׳ סליאָזבערג. אין דער צוזאַמענשטעלונג און אין דער רעדאַקציע פון דעם מעמאָראַנדום האָט גענומען אַ גרויסען טייל אויך דער שריפטשטעלער גרינבוים. דער מעמאָראַנדום איז נאָך אַ מאָל איבערגעקוקט און בעהאַנדעלט געוואָרען אין די יודישע פּאָליטישע קרייזען, דערנאָך אויך אין ווילנא.

פון וואַרשא האָט הר׳ רובינשטיין געוואָלט אָבפאָהרען מיט דעם מעמאָראַנדום צו אַלעקסייעווען. אין יענער צייט זיינען אָבער אָנגעקומען ידיעות וועגען די גרויסע מיליטערישע ערפאָלגען, וואָס די דייטשען האָבען אין ליטא און אין קורלאַנד. מ׳האָט זיך אויך דערוואוסט, אַז וואָס ווייטער די דייטשען דרינגען אַריין אויפ׳ן רוסישען געביט, ווערט אַלץ שטאַרקער די שנאה צו יודען און ווערט אַלץ ענערגישער געפיהרט די העצע געגען זיי. אין אַזאַ צייט האָט מען גאָר ניט געקענט האָפען, אַז ווער ס׳איז פון די מיליטערישע בעאַמטע זאָל פערוואַרפען אַ גוט וואָרט פאַר יודען, ווייל אַלע זיינען זיי אומגעגאַנגען ווי צוטומעלטע, אַלע זיינען געווען העכסט נערוועייאיש און אַריינגעטאָן נור אין די געשעהנישען פון מאָמענט. דעריבער האָט זיך נאָך אין וואַרשא דערוועקט די פראַגע, צי עס לוינט זיך בכלל אין אַזאַ מאָמענט צו פאָהרען צו אַלעקסייעווען. עס איז אָבער בעשלאָסען געוואָרען צו נעהמען אין אַכט דעם געפעהרליכען מצב פון די יודען און די נסיעה ניט אָבצולייגען. אין זעהר אַ געדריקטער שטימונג איז הר׳ רובינשטיין אָבגעפאָהרען פון וואַרשא קיין סעדלעץ. דאָרטען האָט ער געפונען אַ לאַנגע דעפעש פון ווילנא, אין וועלכער מ׳איז איהם מודיע, אַז די אַרויסגעשיקטע פון פוילען צווינגט מען צו בעזעצען זיך אויפ׳ן לינקען ברעג פון דניעפּער, אַז עס קלעקען ניט קיין וואַגאָנעס אויף אַריבערצופיהרען זיי, און דעריבער וואַלגערען זיי זיך אין די עטאַפּנע פונקטען אין ענגשאַפט און ניט-דערעסען, און געפינען זיך אין געפאַהר קראַנק צו ווערען אויף אַלערליי עפּידעמישע קראַנקהייטען. דער ווילנער קאָמיטעט, דער איבערשיקער פון דער טעלעגראַמע, לייגט פאָר פאַר הר׳ רובינשטיין, אז ער זאָל, ערשטענס, זעהן פועל׳ן, אַז מ׳זאָל די פּוילישע יודען ערלויבען אויסצוקלייבען זיך אַן אָרט, וואו צו בעזעצען זיך לויט זייער איינענעם ווילען, און צווייטענס, אַז מ׳זאָל זיי געבען די נויטיגע צאָל וואַגאָנעס צו זייער נסיעה. וועגען דעם אַלעם האָט מען זיך שוין געפּרובט משתדל זיין ביים פירסט טומאַנאָוו; ער האָט אָבער געענטפערט,

אַז מיט דער דאָזיגער השתדלות דאַרף מען זיך ווענדען צום גענעראַל דאַנילאָוו. ווענגען דעם איז אויך געשיקט געוואָרען צו דאַנילאָווען אַ טעלעגראַמע, נור דערווייל אָהן ערפאָלג.

אין סעדלעץ האָט הר׳ רובינשטיין תיכּף דערקענט, אַז ער איז אַהין געקומען ניט אין קיין גוטען מאָמענט. צוצוקומען אין הויפּט-קוואַרטיר איז געווען אונמעגליך, די וואַך האָט ניט דערלאָזען. דאַן איז הר׳ רובינשטיין אַוועק צום גענעראַל דאַנילאָוו. דאָרטען איז אויך געווען קענטיג אַ בעזונדערע אונרוהיגקייט און אַן אויפגערעגטקייט. גענעראַל דאַנילאָוו איז געווען זעהר אויפגערעגט און נערוויִיאיש. פונדעסטוועגען האָט ער הר׳ רובינשטיינען אויפגענומען, און האָט מיט איהם פערפיהרט אַ לאַנגען שמועס. דער גענעראַל האָט געוויזען הר׳ רובינשטיינען אַ טעלעגראַמע, וועלכע ער האָט נאר וואָס ערהאַלטען פון די שטעטלעך וואָס אַרום גראָדנא, פון נאָווידוואָר און פיל אַנדערע, און אין וועלכער מ׳בעט איהם מבטל צו זיין די נייע גזרה, וואָס איז אַראָבגעקומען אַרויסצוטרייבען, די דאָרטיגע יודען. הר׳ רובינשטיין האָט וואַרים אונטערשטיצט די דאָזיגע השתדלות, און דער גענעראַל האָט די גזרה תיכּף אָבגעשאַפט. נאָכדעם האָט איהם הר׳ רובינשטיין בעוויזען די אויבענדערמאָהנטע ווילנער דעפּעשע ווענגען די פּוילישע יודען, וואָס מען נויט זיי צו בעזעצען זיך אויפ׳ן לינקען ברעג דניעפּער און וועלכע מען גיט ניט קיין אומזיסטע וואַגאָנעס אויף עוואַקואַציע. אויך די דאָזיגע השתדלות האָט געגנ. דאַנילאָוו ממלא געווען, תיכּף האָט ער אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַפישען בעפעהל צו ערלויבען די פּוילישע יודען צו בעזעצען זיך וואו זיי ווילען און צו געבען זיי אָהן געלט די נויטיגע וואַגאָנעס פון ווילנא אָן. דערנאָך האָט איהם הר׳ רובינשטיין דערציילט אין וואָס פאַר אַן אונאַנגענעהמער לאַגע ער געפינט זיך. לויט דעם פאָרשלאָג פון דעם הויפּט-קאָמאַנדירענדען האָט ער איהם געבראַכט אַ מעמאָראַנדום, אבער ער קאָן צו איהם ניט צוקומען. אויף דעם האָט געענטפערט גענעראַל דאַנילאָוו: „בײַ אײַך אין האָטעל איז דאָך דאָ אַ טעלעפאָן; בעט דורכ׳ן טעלעפאָן דעם אַדיוטאַנט, ער זאָל אײַך בעשטימען ווען צו קומען“.

נאָך גרויסע שוועריגקייטען האָט זיך איהם אײַנגעגעבען צו בעקומען די טעלעפאָנישע פערבינדונג מיט דער הויפּט-קוואַרטיר אויפצורייידען זיך מיט אַלעקסייעווס אַדיוטאַנט, וועלכער האָט איהם בעשטימט די צייט צו קומען. פונקט אין דער בעשטימטער שעה האָט איהם שוין אָבגעוואַרט דער אַדיוטאַנט פון דעם הויפּט-קאָמאַנדיר, גראַף קאַפּניסט, וועלכער איז געווען דערבײַ בשעת הר׳ רובינשטיין האָט בעזוכט אַלעקסייעווען דעם ערשטען מאָל און האָט די-מאָלט געהערט זיין רעדע. מיט אַ גרויסען מיטגעפיהל האָט זיך דער גראַף בעצויגען צו די טענות,

וואָס הר׳ רובינשטיין האָט איהם נאָך אַמאָל און נאָך פיל וואָרימער און ענערגישער פאָרגעלייגט, בעטענדיג איהם, אַז אַלס דער נאָהענטסטער מענש פון דער הויפּט-קאָמאַנדיר, זאָל ער איבערגעבען אַלעקסייעווען וועגען זיין קומען, און אויך וועגען דעם, וואָס ער האָט איהם מבטיח געווען. אָבער אויף דער בקשה פון הר׳ רובינשטיין, אַז ער זאָל איהם געבען די מעגליכקייט צו זעהן זיך פערזענליך מיט דעם הויפּט-קאָמאַנדיר, האָט איהם דער אַדיוטאַנט געענטפערט: „איך ראַט אייך ניט איצטער; ער איז אינגאַנצען אַריינגעטאָן אין די מיליטערישע אינטערעסען, און מיט אַנדערע זייטיגע ענינים קען ער זיך ניט בעשעפטיגען. דאָרטען ווערען אָבגעטאָן גרויסע מעשים; ער שלאָפט קיין נעכט ניט“. דער אַדיוטאַנט האָט דעריבער פאָרגעלייגט הר׳ רובינשטיינען, אַז ער זאָל דעם מעמאָראַנדום איהם איבערגעבען, ווייל סיי ווי סיי דאַרף ער איהם בעאַרבייטען און צוזאַמענשטעלען וועגען איהם אַ ראַפּאָרט. הרב רובינשטיין האָט אָבער געפונען פאַר נויטיגער צו בעקומען די מעגליכקייט פערזענליך דורכצוריידען זיך מיט׳ן הויפּט-קאָמאַנדיר, און דעריבער איז בײ איהם געבליבען צו פאָהרען קיין ווילנא, און צו קומען אַהער אין עטליכע טעג אַרום נאָך אַמאָל. דער אַדיוטאַנט האָט דאָס געפונען פאַר גלייך, און האָט מבטיח געווען הר׳ רובינשטיינען תיכף צוזאַמענצושטעלען דעם ראַפּאָרט וועגען זיין מעמאָראַנדום.

אין ווילנא האָט הר׳ רובינשטיין צוזאַמען מיט די פּאָליטישע טוער מוסיף געווען צום מעמאָראַנדום נייע פאַקטען וועגען די יודישע אַרויסגעטריבענע פון סובאַלקער גובערניע, און אין עטליכע טעג אַרום איז ער צוריק אַוועקגעפאָהרען קיין סעדליעץ. די ערוואַרטעטע פערבעסערונג פון דער אַלגעמיינער לאַגע איז אָבער ניט געקומען. די אומרוהיגקייט אין דער הויפּט-קוואַרטיר איז געוואַקסען פון טאָג צו טאָג, און מיט דעם צוגלייך איז שטאַרקער געוואָרען די פערביטערונג געגען יודען. הרב רובינשטיין האָט געבעטען דעם אַדיוטאַנט, ער זאָל זעהן אויסווירקען פאַר איהם אַ אודיענץ בײ אַלעקסייעווען. דער אַדיוטאַנט איז אָבער בעשטאַנען אויף זיינס, אַז היינט איז דאָס אונמעגליך. ער האָט צוגענומען דעם מעמאָראַנדום און האָט איהם אין די אויגען פון הר׳ רובינשטיינען איבערגעלייענט, און האָט מבטיח געווען תיכף איבערצוגעבען איהם אַלעקסייעווען מיט זיין מיינונג דערבײ.

בשעת דער מעמאָראַנדום איז אויסגעאַרבייט געוואָרען אין ווילנא, איז פאָרגעקומען צווישען די דאָרטיגע כלל-טוער אַ מיינונגס-פערשיידענהייט בנוגע דעם טאָן פון די ווערטער. אַנדערע האָבען געהאַלטען, אַז מ׳קען פאַר די העכסטע מיליטער-בעאַמטע ניט אויפדעקען אַזוי אָפען דעם גאַנצען אמת, ווייל דאָס איז אַ בעליידיגונג פאַר דער אַרמעע. אַזאַ טאָן איז געפעהרליך און אוננוצליך, ווייל ער קען נאָך

אַרויסרופען אַ פערקערטע ווירקונג. דעריבער האָט הר׳ רובינשטיין בע-שלאָסען דאָרט אויף אַן אָרט מחליט צו זיין, אויב עס איז מעגליך אַזוי שאַרף צו שרייבען. דער גראַף קאפניסט האָט איבערגעקוקט דעם דאָזיגען מעמאָראַנדום. וועגען שאַרפען טאָן האָט ער נור געמאַכט די בעמערקונג: יאָ, דאָס איז דאָך אַ בקשה וועגען הילף, און בפרט, אַז וועגען אַנדערע פאַקטען, וועלכע ווערען דערמאָהנט אין דעם מעמאָראַנדום, האָט ער שוין אַליין פריהער געהערט. דערביי האָט דער אַדיוטאַנט מבטיח געווען צוצוגעבען צום מעמאָראַנדום עטליכע מונדליכע הוספות, וועגען וועלכע מ׳האָט זיך פאָרט ניט בעשלאָסען צו שרייבען ווי וועגען בעוואוסטע אַכזריות׳דיגע מעשים און גוואַלדטאַטען. פאַר זיין אַוועקגעהן האָט דער גראַף געזאָגט הר׳ רובינשטיינען בזה הלשון: „איהר קענט איבערגעבען אייערע שיקער, אַז דער הויפט-קאָמאַנדיר איז זעהר אַן עהרליכער מאַן, און דאָס, וואָס ער וועט נור קענען טאָן,—וועט ער טאָן״.

אויף מאָרגען איז הר׳ רובינשטיין אַוועק צום הויפט-קאָמאַנדיר. דער אַדיוטאַנט האָט ממלא געווען דעם פערלאַנג מודיע צו זיין אַלעקסייעווען זיין בקשה אויפגענומען צו ווערען פון איהם פערזענליך. אָבוואַרטענדיג אַ ביסעל, איז הרב רובינשטיין אויפגענומען געוואָרען פון גענעראַל. עס איז קענטיג געווען אָן איהם, אַז מיט גרוים מיה האָט ער, זיך אָבגעריסען פון זיין אַרבייט, און אין זיין מינע האָט זיך געפילט, אַז דאָס איז פאַר איהם אַ קרבן, „נו, וואָס פאַר אַ נייס?״— האָט אַלעקסייעוו געפרעגט, אויפשטעהענדיג און דערלאַנגענדיג די האַנד. הר׳ רובינשטיין האָט איהם אָבגעדאַנקט פאַר זיין מיטגעפיל, וואָס ער האָט דעם ערשטען מאָל אַרויסגעוויזען צו דעם ביטערען גורל פון די יודען און צו זייערע ליידען. אָבער—דאָ האָט דער גע-נעראַל איבערגעריסען הר׳ רובינשטיינען און האָט נאָכגעזאָגט מיט אַ קליינער ערביטערונג אין טאָן: „אָבער?״

— „אָבער—האָט הר׳ רובינשטיין געזאָגט—מיר פיהלען ניט קיי-שום ערלייכטערונג״.

— „ערלייכטערונג״—האָט דער גענעראַל איבערגעחזר׳ט,—וואָס קען איך אָבער טאָן? זעהט נור וועלכע שרעקליכע מיטטיילונגען מיר קומען אָן וועגען יודען פון די פערשיידענע מיליטער-קאָמאַנדירען״.

דערביי האָט ער גענומען פאַר׳ן הר׳ רובינשטיינען אָנוואַרפען אַזעלכע פאַפירען, וואָס זיינען געווען אַ היבשע ביסעל. „מ׳מסרט—האָט ער ווייטער געזאָגט,—אַז אין קאָוונער גוּבערניע קען מען איצטער צוליב זיי ניט אַרבייטען. אַלע שפּיאָנען קריגט מען מען נור צווישען יודען״.

הערענדיג אַזעלכע ווערטער, איז הר׳ רובינשטיין בלאַס געוואָרען

פּאַר שרעק, און ער האָט זיך קוים געקענט האַלטען אויף די פיס. איהם האָט זיך דעמאָלט אויסגעדוכט ווי ער וואָלט אויסגעהערט אַ פּסק־דין איבער׳ן גאַנצען יודישען פאָלק. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט און האָט פעסט געענטפערט: „דאָס איז אַ געזעלשאַפטליכער און אַ מיליטעריש׳ער פּסיכאָז, און אויף איהם זיינען געבויט אַלע ידיעות, וועלכע איהר האָט ערהאַלטען. יודען האָט מען בעשולדיגט אַפילו אין כּטיכישע אומגליקען. אין מיטעל־אַלטער, אין דער צייט פון דעם שוואַרצען טויט, האָט מען יודען בעשולדיגט, אַז זיי פערסטען די ברינימער, כּדי צו פערשפּרייטען די מגפה. איך בין גאַנץ זיכער, אַז אויך דעמאָלט האָבען אַזעלכע קאָמפּעטענטנע בעאַמטע איבערגעגעבען „ריכטיגע״ ידיעות, אַז אימיצער האָט געהערט, אימיצער האָט דערציילט, איימיצער האָט געזעהען מיט זיינע אויגען, ווי יודען האָבען אַריינגעלייגט טראָפּענס פון שוואַרצע סם אין די ברינימער, פון וועלכע זיי טרינקען אַליין״.

אין דעם זעלבען גייסט האָט הר׳ רובינשטיין אָבגערעדט אַ היבשע ווייל, אויפוויזענדיג, ווי די גאַנצע יודישע געשיכטע איז רייך מיט אַזעלכע פאַלשע בלבולים.

ווי איהר זעהט — האָט אויף דעם געזאָגט אַלעקסייעוו — זיינען דאָ פאַרהאַן צוויי צדדים: איין צד זאָגט אויף בעשטימט: אומשולדיג, און דער אַנדער צד טענה׳ט פונקט פערקעהרט. מ׳דאַרף זיך אין דעם פונאַנדערקלייבען.

וואָס קען איך מאַכען! — האָט דער גענעראַל אויסגערופען, אַוועקזעצענדיג זיך אויפגערעגט צום טיש.

אויף דעם האָט געענטפערט הר׳ רובינשטיין:

— אייער עקסעלענץ קען אָפּשטעלען די דאָזיגע מלחמה געגען די אומבעשיצטע יודען.

— וואָס קען איך טאָן? — האָט געפרעגט דער גענעראַל — טאָמער וועט דאָרטען וואָס צו גרונד געהען, וועט מען זאָגען אויף מיר, אַז איך האָב דערצו גורם געווען מיט מיין אַריינמישען זיך אין אונזערע בעפעהלען.

— איך האָף — האָט געענטפערט אויף דעם הר׳ רובינשטיין — אַז די אויבערשטע מיליטער־הנהגה וועט געבען איהר טאָן און איהר ריכטונג, ניט רעכענענדיג זיך מיט דעם, וואָס מ׳וועט זאָגען.

אויף ווי ווייט די פּאָראַורטיילען געגען יודען זיינען אַריינגעדרונגען אין דער אַרמיי — בעוויזט דער דאָזיגער פאַקט. צום הר׳ רובינשטיינען זיינען אין אַ געוויסען טאָג געקומען צו לויפען יאַנאָווער יודען זעהר בעאונרוהיגט און מיט גרויס שרעק און האָבען איהם דערציילט אַזאַ געשיכטע: אַז אין שטעדטל זיינען אַריין סאָלדאַטען, וועלכע זיי

האָבען אויף זייער לעבען אין די אויגען ניט געזעהן, און וועלכע זיי האָבען, געוויינליך, מחמת דעם ניט געקענט פעררעטען, האָט דער קאָמענדאַנט צונויפגערופען אַלע יודען, און האָט זיך צו זיי אויפגע־רופען מיט גרויס רוגז: „איהר זייט אַלע פעררעטער און שפּיאָנעם. איך טרייב אייך תּיכּף אַלעמען אַרויס, אָדער גיט מיר ערב׳ניקעס״.

די דאָזיגע געשיכטע האָט הר׳ רובינשטיין דערציילט אַלעקסייעווען.

— פאַר וואָס האָבען זיי אַזוי מורא ערב׳ניקעס צו זיין? — האָט געפרעגט דער גענעראַל.

הר׳ רובינשטיין האָט אויף דעם געענטפערט:

— אויסער דער דערנידערונג און די אומגערעכטיגקייט פון דער זאַך, וועלכע ווערט גערעכענט אַלס בזיון פאַר׳ן גאַנצען פאָלק און רופט זיך אָפּ ביטערלעך אויף אַלע יודען, ליגט נאָך אויך אין דעם די סכנה, וואָס צוליב אַ מסירה פון אַ וועלכען ניט איז נידערטרעכטיגען מענשען קען נאָך דער ערב׳ניק בעצאָלען מיט׳ן לעבען.

— נו, בערוהיגט אייערע יודען; אָהן מיר, ד. ה. אָהן אַ געריכט, דערשיסט מען קיינעם ניט, — האָט געזאָגט אַלעקסייעוו.

צום סוף האָט הר׳ רובינשטיין געפרעגט:

— וואָס קען איך ענטפערען די יודען, וועלכע האָבען מיר אַהער געשיקט, און וואָס אין זייער נאָמען טרעט איך איצטער אַרויס פאַר אייך?

— גיט זיי איבער — האָט געענטפערט אַלעקסייעוו — אַז איך וועל טאָן אַלץ, וואָס עס וועט נאָר זיין מעגליך. דאָס איז אַלץ, וואָס איך קען אייך זאָגען.

## VII.

אין ווילנא זיינען אָנגעקומען ידיעות, אַז אין די שטעטלעך פון טראָקער און ווילנער אויעזדען נעהמט פּאָליציע ביי יודען ערב׳ניקעס און אַרעסטירט זיי.

הר׳ רובינשטיין מיט עטליכע פון די ווילנער כּלל־טוער האָבען אין דעם נאָמען פון די אַרעסטירטע יודען געשיקט אַ דעפּעש צו דעם הויפּט-קאָמאַנדירענדען גענעראַל אַלעקסייעוו און צום גענעראַל דאַנילאָוו מיט דער בקשה, צו בעפרייען די ערב׳ניקעס פון געפענגעניש.

אַזעלכע טעלעגראַמעס זיינען געשיקט געוואָרען אויך פון די פּאָנעוועזשער יודען און פון אַנדערע ערטער.

אַ טיפע טראַגעדיע האָבען דעמאָלט איבערגעלעבט די אַרויסגע־טריבענע יודען פון די שטעדטלעך און אויך די ווילנער יודען, וועלכע האָבען זיי געגעבען אַנ׳אָרט ביי זיך. עס איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ גרויסע בעראַטונג, אין וועלכער עס האָבען זיך בעטייליגט אויסער די אָרטיגע כּלל-טוער, אויך פאָרשטעהער פון די קהלות, פון וועלכע מ׳האָט

די יודען אַרויסגעטריבען. עס איז בעהאַנדעלט געוואָרען די פראַגע, צו מ׳זאָל אָננעהמען די בעדינגונג וועגען געבען ערב׳ניקעס פאַר דער ערלויבניש צוריקצוקעהרען זיך אויף די ערטער, אָדער ניט. די דאָזיגע פראַגע האָט אַרויסגערופען הייסע ויכוחים, און צום סוף האָט דער רוב אָנגענומען דעם בעשלוס ניט אָנצוטאָן זיך די חרפה און ני ט צו געבען קיין ערב׳ניקעס.

ס׳איז אויך בעשלאָסען געוואָרען צו פרובען משתדל זיין זיך פאַר דער מאַכט, אַז זי זאָל מבטל מאַכען די גזרה וועגען די ערב׳ניקעס און זאָל פערלייכטערען די לאַגע פון די אַרויסגעטריבענע דורך דעם, וואָס מען וועט זיי ערלויבען אַראָפצופאָרען אויף עטליכע טעג אין זייערע שטעטלעך צו ליקווידירען דאָרטען זייערע געשעפטען.

דער דומע-דעפוטאַט פרידמאַן איז אַוועקגעפאָהרען משתדל צו זיין זיך וועגען דעם ביי׳ם קאָוונער גובערנאַטער. וועלכער האָט דעמאָלט געוואוינט אין פאָנעוועזש. אין קאָוונע גופא האָט מען קיינעם ניט אַריינגעלאָזען. דעמאָלט האָט אַ בעראַטונג פון ווילנער כלל-טוער בעפולמעכטיגט הר׳ רובינשטיינען צו פאָהרען צום הויפט-קאָמאַנדיר מיט דער השתדלות, אַז מ׳זאָל, ערשטענס, מבטל מאַכען די גזרה פון די ערב׳ניקעס, און צווייטענס, אַז מען זאָל אַריינלאָזען אין קאָוונע און אין דעם ראַיאָן פון קאָוונער פעסטונג די אַרויסגעטריבענע יודען צו ליקווידירען דאָרטען זייערע געשעפטען און מיטצונעהמען זייערע איבער-געלאָזענע זאַכען.

אין יענער צייט האָט זיך אויף די מאַסען מגורשים, וועלכע האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין די גרעסערע שטעדט, אויסגעגאָסען גאָר אַ נייע תוכחה. ס׳איז אַרויס אַ בעפעהל פון דעם אויבערשטען הויפט-קאָמאַנדיר אַרויסצוטרייבען פון פיל שטעדט, ווי: וואַרשא, גראָדנע, בריסק, און נאָך דעם אויך פון ווילנא, אַלע פערזאָנען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט נאָך דעם 30-טען יולי 1914. דער דאָזיגער בע-פעהל איז אַפילו געווען ניט געגען יודען אַליין, נאָר מ׳האָט געזעהן, אַז געמיינט האָט מען בעזונדערס צו טרעפען מיט דעם יודען. וואָלט די דאָזיגע גזרה אויסגעפירט געוואָרען און די הונדערטער טויזענטער יודען וואָלטען אַרויסגעטריבען געוואָרען פון וואַרשא און פון ווילנא, איז אויסער דעם גרויסען עקאָנאָמישען אומגליק, וואָס דאָס וואָלט מיטגעבראַכט, וואָלט דאָס נאָך אויך געווען אַ גרויסער מאָראַלישער קלאַפּ פאַר דעם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען, וועלכער ציהט זיין יניקה פון ליטא און פוילען.

דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס דער דאָזיגער בעפעהל פון דעם אויבערשטען הויפט-קאָמאַנדיר האָט אויפגערעגט׳ט דאָס גאַנצע וואַרשעווער יודענטום. אויף אַן אַלגעמיינער בעראַטונג פון פערשיידענע

כלל-טוער איז בעשלאָסען געוואָרען אַרויסצורופען הר׳ רובינשטיינען דורך אַ טעלעגראַם קיין סעדלעץ. בעת הר׳ רובינשטיין האָט זיך מכין געווען צו פאָרען צום אויבערשטען הויפט-קאָמאַנדיר לויט דעם בעשלוס פון דער ווילנער בעראַטונג, האָט ער בעקומען פאָלגענדע דעפּעש פון וואַרשא: „ס׳איז נויטיג אַ דעפּוטאַציע פון רבנים. קומט קיין סעדלעץ כאָטש אום שבת". געהתמ׳עט אויף דער טעלעגראַמע זיינען געווען דער גערער רבי (ר׳ אלתר), הרב פערלמוטער, הרב לעווינסאָן, דאַווידסאָן און וואַגמייסטער.

הר׳ רובינשטיין האָט אָבער פריהער פאַר דינסטאָג פון ווילנא ניט געקענט אָבפאָרען, און קומענדיג קיין סעדלעץ, האָט ער דאָרטען פון די וואַרשעווער דעלעגאַטען קיינעם ניט געפונען. דאַן איז הרב רובינשטיין אַליין אַוועקגעגאַנגען צום גענעראַל דאַנילאָוו. הר׳ רובינשטיין האָט איבערגעגעבען דעם גענעראַל, אַז ער איז צו איהם געקומען לויט דער ביטע פון די וואַרשעווער יודען און פון יודען אין אַנדערע שטעט, אויף וועלכע עס בעציהט זיך די גזרה פון דעם אויבערשטען הויפט-קאָמאַנדיר אַרויסצוטרייבן אַלע יודען, וועלכע האָבען זיך דאָרטען בעזעצט נאָך דעם 30-טען יולי 1914. „ניין—האָט זיך אָפּגערופען דער גענעראַל—דער דאָזיגער בעפעהל איז נוגע אַלעמען, און ניט נור יודען אַליין". דאַן האָט הר׳ רובינשטיין דערקלערט דאַנילאָווען וועלכע שרעקליכע רעזולטאַטען דער דאָזיגער בעפעהל קען האָבען פאַר די איינמאָל שוין אַרויסגעטריבענע יודען, ווען מ׳וועט זיי ווייטער רירען פון זייערע איינגעזעסענע ערטער. „וואָס בעט איר עפּיס נור פאַר וואַרשא, און ניט פאַר ווילנא?"—האָט דאַנילאָוו אַ פרעג געטאָן. הערענדיג די דאָזיגע פראַגע, איז הר׳ רובינשטיין אינגאַנצען צוטומעלט געוואָרען. ווענען ווילנא איז ביז יענעם מאָמענט גאָרנישט געווען בעקאַנט. אין בעפעהל האָט זיך אַלץ גערערט נור וועגען וואַרשא, בריסק, און נאָך אַנדערע שטעדט, אָבער ניט וועגען ווילנא. „דער בעפעהל בעציהט זיך דאָך ניט אויף ווילנא"—האָט הר׳ רובינשטיין געזאָגט. אַלס ענטפער אויף דעם האָט דאַנילאָוו אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און האָט געזאָגט: „אָט האָב איך שוין אַן ערקלערונג, אַז דער בעפעהל בעציהט זיך אויך אויף ווילנא". „אויב אַזוי—האָט הר׳ רובינשטיין געזאָגט—בין איך זיך משתדל פאַר ווילנא קודם כל". „זעהט איהר—האָט דאַנילאָוו געזאָגט—אָט ערשט היינט דאַרף איך לויט דעם פאָרשלאָג פון דעם הויפט-קאָמאַנדיר צוזאַמענשטעלען אַן ערקלערונג בנוגע צום דעם בעפעהל פון דעם אויבערשטען הויפט-קאָמאַנדיר. גוט, וואָס איהר זייט מיט אייער השתדלות גראַד היינט געקומען. וואָס פערלאַנגט איהר?"—האָט ער געפרעגט,—האַלטענדיג אין האַנט אַ בליי-פעדער און מכינ׳דיג זיך או פצושרייבן זיינע בעמערקונגען צו דער פראַגע. „איך בעט

איער עקסעלענץ — האָט הר' רובינשטיין געענטפערט — צו ערקלערען דעם בעפעהל אין דעם זין, אַז ער בעציהט זיך ניט צו די, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין די אויסגערעכענטע שטעט נאָך דעם 30-טען יולי 1914 צוליב די קריגס-געשעהענישען מיטן גוטען ווילען אָדער דורך צוואַנג".

דאנילאָוו האָט פערשריבען הר' רובינשטיינס בקשה וואָרט ביי וואָרט און האָט מבטיח געווען צו ערפילען איהר נאָך דעם, ווי דאָס וועט בעשטעטיגט ווערען פון דעם הויפט-קאָמאַנדיר. אַז הר' רובינשטיין האָט איהם געזאָגט, אַז ער האָט בדעה צו ווענדען זיך וועגען דעם פערזענליך צום הויפט-קאָמאַנדיר, האָט דער גענעראַל אויף דעם געגעבען זיין הסכמה.

דערנאָך איז הרב רובינשטיין אַריבערגעגאַנגען צו דער פראַגע וועגען די גירושים און די ערב'ניקעס. בנוגע צו די גירושים האָט דער גענעראַל מבטיח געווען, אַז „מעהר וועט שוין דאָס ניט זיין". בנוגע אָבער צו די ערב'ניקעס האָט דאנילאָוו געזאָגט, אַז אין דעם קען ער גאָרנישט העלפען, און אַזאַ השתדלות ביים הויפט-קאָמאַנדיר וועט אויך קיין נוצען ניט ברייננען. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען פון זיינע רייד האָט מען אין דעם, וואָס אנשטאָט די גירושים נעהמט מען ערב'ניקעס, געגלויבט צו זעהען אַ בעזונדערען חסד מיט יודען.

איבערצייגענדיג זיך, אַז גענעראַל דאנילאָוו קען אין דעם גאָר-נישט טאָן, האָט הר' רובינשטיין בעשלאָסען צו ווענדען זיך צום הויפט-קאָמאַנדיר.

צולעצט האָט הרב רובינשטיין פאָרגעלייגט דאנילאָווען זיין בקשה, אַז מען זאָל ערלויבען די אַרויסגעטריבענע אַריינצופאָהרען אויף עטליכע טעג אין קאָוונא און אין אַנדערע ערטער צו ליקווידי-רען דאָרטען זייערע געשעפטען. דאנילאָוו האָט מבטיח געווען די זאַך צו ערפילען.

צו אַלעקסייעווען האָט מען הר' רובינשטיינען תיכף צוגעלאָזען. אין אַ קורצער, אָבער אַ שטאַרקער רעדע האָט ער איהם געשילדערט די שרעקליכע לאַגע פון די אַרויסגעטריבענע. פון דעם איז ער אַריבערגעגאַנגען צו די ערב'ניקעס, וועלכע מ'נעהמט אָנשטאָט די אַרויסגעטריבענע און מ'האַלט זיי אַרעסטירט, און מ'וואַרפט אַרויף אויף זיי די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר יעדען איינציגען יודען. דערמיט טוט מען אָן דעם גאַנצען יודישען פאָלק אַ גרויסע מאָראַלישע חרפה און אונרעכט. געענדיגט האָט הר' רובינשטיין מיט דער בקשה, אַז מ'זאָל בעפרייען די ערב'ניקעס, און מען זאָל די אַרויסגעטריבענע ערלויבען צוריקקעהרען זיך אויף זייערע ערטער אָהן ערב'ניקעס.

אויף דעם האָט אַלעקסייעוו געענטפערט:

— וואָס האָט איהר אַזוי מורא פאַר ערב'ניקעס? איך וועל זעהן צו טאָן וואָס עס איז מעגליך. מיט דער ערלויבניש צוריקקערען זיך איז איצטער די זאַך פערפלאָנטערט געוואָרען, ווייל אין קאָוונער גובערניע ענטוויקלען זיך גרויסע געשעהענישען".

— ערלויבט דערווייל צוריקקעהרען זיך צייטווייליג אום מיט־צונעהמען די איבערגעלאָזענע זאַכען,—האָט הר' רובינשטיין געבעטען.

דער גענעראַל האָט געענטפערט:

— אַלעמען צוריקקעהרען זיך איז אונמעגליך. בעפולמעכטיגטע וועל איך אָבער ערלויבען.

דערנאָך האָט הר' רובינשטיין אָנגעריהרט די פראַגע וועגען דעם בעפעהל פון דעם אויבערשטען הויפט־קאָמאַנדיר אַרויסצוטרייבען פון וואַרשא, ווילנא און פון אַנדערע שטעדט די, וואָס האָבען זיך דאָרטען בעזעצט נאָך דעם 30־טען יולי 1914, „טו וואָס פערלאַנגט איהר?"— האָט אַלעקסייעוו געפרעגט.

הר' רובינשטיין האָט אים פאָרגעלייגט דיזעלבע בקשה, מיט וועלכער ער האָט זיך שוין אַפריהער געווענדעט צו דאַנילאָווען. אַלעקסייעוו האָט דאָס ביי זיך פערשריבען, און האָט מבטיח געווען איהר ממלא צו זיין.

אין אַ פאָר טעג אַרום איז אין די צייטונגען געדרוקט געווען די דערקלערונג פון דעם הויפט־קאָמאַנדיר צו דעם בעפעהל פון דעם אויבערשטען הויפט־קאָמאַנדיר, און די דערקלערונג איז געווען פונקט ווי הר' רובינשטיין האָט פאָרגעלייגט דאַנילאָווען.

עס איז אָבער אַריבער אַ געוויסע צייט און פון אַלעקסייעווען זיינען נאָך ניט אָנגעקומען די אַזוי היים־דערוואַרטעטע בעפעהלען וועגען בעפרייען די ערב'ניקעס און די ערלויבניש פאַר די אַרויסגעטריבענע אַריינצופאָהרען קיין קאָוונע נאָך זייערע זאַכען. כדי צו דערמאָנען אַלעקסייעווען זיין הבטחה, האָבען די קרובים פון די ערב'ניקעס און פון די קאָוונער מגורשים אין זייער נאָמען געשיקט אַ טעלעגראַפישע בקשה צו אַלעקסייעווען וועגען בעפרייען די ערב'ניקעס און לאָזען פאָהרען אָפנעהמען די זאַכען. די ביידע טעלעגראַפישע בקשות האָבען געהאַט אַן ערפאָלג. אין עטליכע טעג אַרום איז הר' רובינשטיינען אָנגעקומען אַ דעפעש פון דאַנילאָווען, וועלכער איז איהם מודיע, אַז דער הויפט־קאָמאַנדיר האָט זיין בקשה ערפילט אין די גרעניצען, וועלכע ער האָט אָנגעוויזען דעם קאָמענ־דאַנט פון דעם קאָוונער פעסטונגס־ראַיאָן. בכן דאַרף מען זיך וועגען דעם ווענדען צום קאָמענדאַנט.

דער קאָוונער קאָמענדאַנט האָט אָבער אַזוי פיל פערצויגען די זאַך, אַז ס'איז שוין קיין מעגליכקייט ניט געווען אויסצוניצען די ער־לויבניש. אינגיכען האָט דער שונא אָנגעהויבען צו בעשיסען די פעסטונג,

און דער אַריינפאָהר אין שטאָט איז געוואָרען אונמעגליך. ס׳איז גאַנץ מעגליך, אַז דאָס ניט אויסניצען פון דער ערלויבעניש אַריינצופאָהרען אין קאָוונע איז גאָר געווען פאַר יודען אַ טובה, ווייל דורך דעם האָבען די שונאים ניט געהאַט קיין סמך צו זאָגען, אַז נאָר די יודען זיינען שולדיג אין דעם פאַלען פון דער קאָוונער פעסטונג.

---

אַקורצע צייט פאַר ראש-השנה 1915, אַ פּאָר וואָכען אַנ׳ערך איידער די דייטשען זיינען אַריין אין ווילנא, האָט מען אין אַ געוויסען פרייטאָג פאַרנאַכט בעמערקט אַ גאַנצע ראָטע סאָלדאַטען מיט ביקסען אין די הענט, וועלכע האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף די טראָטואַרען אַרום דער וואוינונג פון הר׳ רובינשטיין. עס האָט לאַנג ניט געדויערט און אין הר׳ רובינשטיינס קוואַרטיר איז אַריין אַ זשאָנדאַרמסקער פּאָלקאָווניק, און נאָך איהם עטליכע סאָלדאַטען. איין סאָלדאַט האָט געטראָגען פאַרטיגע קייטען... אַ וואָרט ניט איבערריידענדיג מיט הר׳ רובינשטיינען און מיט וועמען עס איז פון זיינע הויזיגע, האָט מען אַרומגעזוכט זיין וואוינונג. אַזאַ שטרייגגע רעוויזיע איז געמאַכט געוואָרען אויך אין הויף און אין וואוינונג דערביי, וואו מ׳האָט דעם קלענסטען שפּעלטעל ניט איבערגעלאָזען. נאָך דעם זיינען זיי אַוועקגעגאַנגען.

די סיבה פון דער דאָזיגער פּלוצלינגער אונטערזוכונג איז געבליבען אַ רעטעניש עד היום. מ׳איז נאָר משער, אַז דאָס איז געווען אַ נקמה-אַקט מצד אַ געוויסען הויכען מיליטערישען בעאַמטען, פאַרוואָס מ׳האָט מבטל געמאַכט זיינע גזירות וועגען די גרושים און די ערב׳ניקעס...

---

דער אַרטיקעל איז צונויפגעשטעלט לויט די מאַטעריאַלען פון הרב רובינשטיינס טאָגבוך.

## הוספה

### צום אַרטיקעל פון מ. ש. „אַבאַסט“.

די מיליטערפערוואַלטונגען סובאַלק און ליטא.

פון 1-טען יאַנואַר 1918 זיינען אָבגעשאַפט געוואָרען די מיליטערקרייזען סובאַלק און אַווגוסטאָווא, אָנשטאָט זיי איז געגרינדעט געוואָרען אַ זעלבשטענדיגע מיליטערקרייז-פערוואַלטונג ס ו ב אַ ל ק בראש מיט אַ קרייזהויפטמאַן. אין פערוואַלטונגס-טעכנישען זין שטעהט די מיליטערקרייזפערוואַלטונג סובאַלק דירעקט אונטער דעם אָבערבעפעהלהאבער אָסט.

פון 1-טען פעברואַר 1918 זיינען די מיליטערפערוואַלטונגען ליטא און ביאַליסטאָק-גראָדנא פעראייניגט געוואָרען אין אַן איינהייטליכער פערוואַלטונג אונטער דעם נאָמען „מיליטערפערוואַלטונג ליטא“ מיט דער הנהגה אין ווילנא. די מיליטערפערוואַלטונג ליטא טיילט זיך אויף צוויי בעצירקען: „ליטא, בעצירק צפון“ אין די גרעניצען פון דער ביזאַהעריגער פערוואַלטונג ליטא און „ליטא, בעצירק דרום“ אין די גרעניצען פון דער ביזאַהעריגער פערוואַלטונג ביאַליסטאָק-גראָדנא.

# אינדעקס.

# אינהאלט:



<OOOOOOOOOOO>

# „ווילנער זאַמעלבוך"

## אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר צ. שאַבאַד.

### קולטור-היסטאָרישע ביכער וועגן יודישען לעבען אין דער צייט פון אָקופּאַציע.

### 1-טער און 2-טער באַנד.

### פּרייז פון יעדען באַנד 10 מאַרק.

### אינהאַלט פון ערשטען באַנד:

הקדמה—ד"ר צ. שאַבאַד; אין קינדער-היים—גאָלדע פּאַין; די קינדער-היימען—י. פראַנקפורט: די קינדער-קיך – א–ר; שפּיל-פּלאַץ פאַר קינדער—א. בולקין;. ווילנער ביבליאָטעקען (שטראַשונ'ס, מפיצי השכלה, קינדער-פערזאָרגונג) – ם. שאַליט; ווילנער קהלה – ש. ל. ציטראָן; אַ בריוו צו יהודה ליב גאָרדאָן (צום ערשטען מאָל פערעפענטליכט) – ש. י. פין; פון דער טעגליכער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ליטווישע יודען—ד"ר א. ווירשובסקי; שטערבליכקייט פון די יודען אין ווילנע אין די לעצטע 5½ יאָר – ד"ר צ. שאַבאַד: יורידישע הילף – געשוו. אַדוו. ש. ראָזענבוים; בלעטלעך פון אַ טאָג-בוך—ד"ר י. וויגאָדסקי; די בני הגולה—י. ח. ראָזענבוים; ספרי-תורות – חיים טאַבּרים; נאָטיצען (דער אַלטער קאָמיטעט, דער נייער, דער ערשטער קאָאָפּעראַטיוו) – אַ ווילנער בעל-הבית; ווילנער שולען (נעגויע איבערזיכט איבער אַלע ווילנער געזעלשאַפטליכע שולען) – ם. שאַליט; דער פאָלקס-אוניווערזיטעט – מ. ש.; קאָנספּעקטען פון די לעקציעס, וואָס זיינען געהאַלטען געוואָרען אין פאָלקס-אוניווערזיטעט; אוניווערזיטעט פאַר אַלעמען – ג. וו. פופּס; טעכנישע קורסען—ש.; היים פאַר יתומים – ג. פ.; היימען פאַר קינדער פון דער געזעלשאַפט „הילף דורך אַרבייט" – ח–ן; הילף דורך אַרבייט; די אויסשטעלונג פון די ווילנער אַרבייט-הייזער; די יודישע פאָלקס-קיכען (נאַסען-קיכען) – י. ציפּקין; די קיך פון יודישען דאַמען-קאָמיטעט; די קיך „בנות יהודה"; די ביליגע קיך; די ערשטע אַרבייטער-קיך ביי די פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען – י. ציפּקין; די יודישע צדקה-טעטיגקייט אין ווילנע פאַרן לעצטן יאָר – ליובּיטש; זכרונות: א) וועגען י. ל. פּרץ, ב) וועגען שלום-עליכם – ש. ל. ציטראָן; אַ בריוו צו יהודה ליב גאָרדאָן (צום ערשטען מאָל פערעפענטליכט) - שלום-עליכם; ד"ר י. ל. קאַנטאָר – ש. ל. ציטראָן; נעקראָלאָגען (ד"ר לאַפּידעס, ד"ר עפּשטיין, ר' א"ח עפרון, ר' מ. עפּשטיין, ר' מ"ל פּיעסקין); כראָניק (אַחיעזר, אַגודת אחים, מושב זקנים, שטאָטישע קראָמען, קאָאָפּעראַטיווען, דאַמען-קאָמיטעט, שולען, שטערבליכקייט, ליטעראַטור, הזכרות און אָווענטען); ביודושעט פון דער ווילנער קהלה; אינדעקס.

דער „ווילנער זאַמעלבוך" איז פולשטענדיג אומפּאַרטייאיש און טראָגט בכלל אַ וויסענשאַפטליך-אָביעקטיווען כאַראַקטער. אין איהם נעהמען אָנטייל די בעדייטענדסטע ווילנער כלל-טוער, ווי אויך בכלל פאַך-לייט און ליטעראַטען. דער ערשטער באַנד האַלט 272 זייטען (מיט אַ רייהע טאַבעלען, דאַטען, לעהרפלענער און אַז. וו. אין טעקסט) און גיט צום ערשטען מאָל אַ סיסטעמאַטיזירטען, בעאַרבייטען סכום מאַטעריאַלען וועגען לעבען פון אַלטען, גרויסען יודישען צענטער - ווי, נא – און בפרט אין די מלחמה-יאָרען, אַ סך פון די מאַטעריאַלען האָבען אַ אַלגעמיין-יודישען אינטערעס.

די פּרעסע האָט בעגעגענט דעם „ווילנער זאַמעלבוך" מיט די שענסטע בעגריסונגען און האָט אָנערקענט זיין וויכטיגע געזעלשאַפטליכע און ליטעראַרישע בעדייטונג.

# די פרעסע וועגן ערשטן באנד פון „ווילנער זאמעלבוך":

דער „ווילנער זאמעלבוך" אונטער דער רעדאקציער פון ד"ר צ. שאבאד ברייננט אונז א גרוס פון דער אלטער ירושלים דליטא, און דער ד"ר שאבאד פערדינט א ווארימען דאנק פאר דעם אויספיהרליכען בעריכט פון ווילנער יודישען געזעלשאפטליכען און קולטורעלען לעבען, וואס ער ברייננט אונז אין זיין זאמעלבוך. דא געפינען מיר אינטערעסאנטע בעשרייבונגען פון די ווילנער קינדער־היימען, שולען, ביבליאטעקען, קיכען, ארבייט־הייזער, קורסען, פראפעסיאנעל־אינסטיטוציעס א. א. וו. דא האבען מיר אויך עטליכע גרעסערע אויפזאצען, וואס שילדערען די טרויעריגע איבערלעבונגען פון דער ליטווישער הויפט־שטאדט פאר און נאך דעם היסטארישען איבערגאנג (בלעטלעך פון א טאג־בוך, ד"ר י. ווינאדסקי; די בני הגולה, י. ה. ראזענבוים; נאטיצען פון א ווילנער בעל־הבית א. א.) און בכלל א רייכען מעמואַרען־מאטעריאל, וואס האט א בעדייטענדען ווערט ניט בלויז פאר דער געשיכטע פון ווילנא, נור אויך פאר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראטור. צו דעם מאטעריאל געהערען דער בריוו פון שמואל יוסף פין צו יהודה ליב גארדאן פון יאהר 1861 וועגען מאנטעפיארעס רייזע אין רוסלאנד; דער העברעאיש־יודיש־רוסישער בריוו צו דעם אייגענעם יל"ג פון שלום־עליכן (1888) וועגען דער אויסגאבע פון זיין „גאנץ גרויסען סבארניק כמין זשורנאל להבדיל איף זשארגאן, נישט צוליב א געשעפט ח"ו (איך האב אין קיעוו בעסערע געשעפטען), נאר להרים קרן שפת יהודית, צו הויבען דעם האָרן פון אָרימען זשארגאן" און די אינטערעסאנטע זכרונות פון ש. ל. ציטראן וועגען י. ל. פרץ, שלום־עליכם און ד"ר י. ל. קאנטאר.— דער זאמעלבוך ברייננט אויך צוויי אינטערעסאנטע וויסענשאפטליכע ארטיקלען: „די פסיכאפאטאלאגיע פון די ליטווישע יודען" פון ד"ר א. ווירשובסקי און די „שטערבליכקייט פון די יודען אין ווילנא" פון ד"ר צ. שאבאד. דער בוך האט נאך א מעלה ספעציעל פאר אונז (ווארשויער יודען): ווי עס איז אלע מאל געווען, וועלען אונזערע עסקנים און שריפטשטעלער זיך איצט אויך שעמען פאר ווילנא, און אפשר וועט עס ברייננען דערצו, אז מיר וועלען סוף כל סוף האבען אויך א ווארשויער אלמאנאך מיט א גענויעם פראטאקאל פון דער פילזייטיגער יודישער טעטיגקייט אין דער פוילישער הויפט־שטאדט פאר די לעצטע היסטארישע יאהרען. אפשר. די שיינע ווייכסעל־שטאדט איז צו לייכטזיניג און צו „ליטעראריש" אום אויסצופיהרען אזא זאכליכע און סאלידע אונטערנעהמונג, וואס פאדערט נישט אזוי פיל גייסט, וויפיל ארבייט, און נישט אזוי פיל שטימונגען און פרעטענזיעס, וויפיל ערנסטע פעראנטווארטליכקייט פאר דער איצטיגער גרויסער צייט און פאר די קומענדיגע דורות.

(„מאמענט", ווארשוי, 1917, נומ' 47).

דער דאזיגער בוך איז א דאקומענט פון א יודישער געמיינדע. דער בוך האלט 272 זייטען און דערצעהלט וועגען דעם, וואס די ווילנער יודען האבען אין דיביידע מלחמה־יאהרען געשאפען. דער בוך בעשטעהט גרעסטענטיילס פון זאכליכע, אויסגעצייכענט אינפארמירענדע בעריכטען וועגען קינדער־היימען, קינדער־קיכען, קינדער־שפילפלעצער, ביבליאטעקען, שולען, פאלקס־אוניווערזיטעטען, יתומים־הייזער, טעכנישע שולען, פאלקס־קיכען, ארבייטער־קיכען, בילינע קיכען און צדקה־חברות פון פערשיידענע מינים. זעהר ריהרענד איז דער קאפיטעל וועגען די פאלקס־אוניווערזיטעטען, וואס ניט קוקענדיג אויף די גרויסע מאטעריעלע נויט האבען זיי געהאט א שטארקען ערפאלג. בעזונדערס בעלערענד זיינען די ארטיקלען וועגען דער שטערבליכקייט צווישען די ווילנער יודען (ד"ר שאבאד), וועגען פסיכאפאטאלאגיע פון די ליטווישע יודען (ד"ר ווירשובסקי), וועגען די ווילנער שולען (מ. שאליט). חוץ די ארטיקלען, וואס בעהאנדלען די וואוילטעטיגקייט וכדומה, אנטהאלט נאך דער זאמעלבוך צוויי זעהר שיינע ארטיקלען וועגען פרץ'ן און שלום־עליכם (פון ש. ל. ציטראן).

(„דאס יודישע עכא", מינכען, 1917, נומ' 9).

דער בוך באַווייזט אונז אַ בילד פון עכט־יודישען גײַסטיגען און סאָציאַלען שאַפען אין אַ שווערער היסטאָרישער צייט. דאָס איז אַ סאָלידער, שען־געדרוקטער באַנד. קיים אַ וועלבער ניט איז צווייטער יודישער יאָרבוך פון אונזער צייט איז אַזוי רייך מיט וויכטיגע און אינטערעסאַנטע מאַטעריאַלען, ווי דער דאָזיגער בוך. דער בוך גיט מעהר ווי ער זאָגט צו. ער איז אַ דאָקומענט פון יודישען לעבען, וואָס וועט האָבען אַ שטענ־דיגען ווערט. ס'איז צו באַוואונדערען וויפיל די דאָזיגע שטאָדט, וואָס איהר איז אויס־געקומען אַזוי נוט צו דערקענען די יסורים פון דער מלחמה, האָט געשאַפען אויפ'ן סאָציאַלען געביט. אָבער אויך דער ליטעראַרישער טייל פון זאַמעלבוך איז זעהר אינ־טערעסאַנט. מיר געפינען דאָ ווערטפולע דאָקומענטען צו דער געשיכטע פון דער צייט און גוטע ליטעראַרישע אַרטיקלען. אויסגעצייכענט און ערשעפּענד איז די אַרבייט פון מ. שאַליט וועגען די ווילנער ביבליאָטעקען, גרינטליך און אינפאָרמירענד איז די אַרבייט פון ש. ל. ציטראָן וועגען דער ווילנער קהלה אין אַלטער און נייער צייט, אינטערע־סאַנט און בעלערענד איז די שטודיע פון ד"ר א. ווירשובסקי וועגען דער טעגליכער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ליטווישע יודען. ד"ר שאַבאַד האָט געגעבען חוץ דער הקדמה אַ גרינטליכע סטאַטיסטישע אַרבייט וועגען דער שטערבליכקייט פון די יודען אין ווילנא און ד"ר ווינאָדסקי באַווייזט אונז אין אַ טאָג־בוך, ווי אַזוי די מלחמה־געשעהענישען האָבען געווירקט אויף די יודישע נשמה. אַ רייהע בריוו פון ליטעראַרישע גדולים און פיינע נאָטיצען דערגאַנצען דעם ווערט פון בוך. און וואָס ס'ווירקט זעהר אַנציהענד איז דאָס, וואָס פון אַלע אַרטיקלען פליסט די יודישע וואַרימקייט.

(„איזראַעליטישעם פאַמיליענבלאַט", האַמבורג, 1917, נומ' 11).

דאָס איז אַ בוך מיט אַ ברייטען פּלאַן און אַ רייכען אינהאַלט, וואָס ווייזט ווער זיינען די מזרח־יודען און ווי זיי אַרבייטען. דער דאָזיגער גוט־אַרויסגעגעבענער, שען־געדרוקטער בוך גיט צו דערקענען דעם יודען פון ווילנא, פון ירושלים דליטא, וואָס איז דער באַדייטענדסטער פאָרשטייהער פון מזרח־יודענטום, ביי באַדינגונגען, ביי וועלכע מען קען תמיד אויפ'ן בעסטען אופן דערקענען מענשען און פע/קער: ביי דער אַרבייט. דעם צענטראַלען אָרט פון בוך פערנעהמען אַרטיקלען וועגען דער יודישער נויט און סאָציאַלער הילפס־אַרבייט. אין די פשוט'ע און מחמת דעם אַזוי ווירקענדע בלעטלעך פון אַ טאָג־בוך (פון ד"ר ווינאָדסקי) און אין די „נאָטיצען פון אַ ווילנער בעל־הבית" געהט פאָרביי פאַר אונזערע אויגען דער גרויזאַמער מלחמה־אומגליק און ס'איז אַ נחמה, ווען מען זעהט פון בוך, אַז מען גיט ניט נור איינמאָליגע און פאָריבערגייהענדע הילף, נור מען האָט אויך געשאַפען אַ שטענדיגערען און פעסטערען בנין, וואָס דורך די גרינדונג און אויסהאַלטונג פון קינדער־היימען (וועגען וועלכע אין זאַמעלבוך זיינען פאַרהאַן אַ רייהע גוטע אַרטיקלען) שטיצט ער די וואָרצלען פון אונזער פאָלקס־קראַפט. אָבער, הגם דער בוך איז דער עיקר אַרויסגעוואַקסען פון די מלחמה־געשעהענישען, דאָך פערשווייגט ער ניט די שלום־צייט. דאָס איז בכלל אַ באַזונדערס אַנגענעהמער שטריך פון „ווילנער זאַמעלבוך". דער אַרטיקעל פון ש. ל. ציטראָן וועגען דער ווילנער קהלה גיט אַ קורצען איבערבליק וועגען דער מעהר ווי 600־יאָריגער געשיכטע פון דער ווילנער געמיינדע. די סטאַטיס־טישע אַרבייט פון רעדאַקטאָר „די שטערבליכקייט פון די יודען אין ווילנא אין די לעצטע 1½ יאָהר" באַווייזט די ווירקונג פון דער מלחמה אויף די שטערבליכקייט און געבורטען. די זעהר גענויע באַריכטען פון מ. שאַליט וועגען די ביבליאָטעקען און שולען, חוץ פאָלקס־אוניווערזיטעט און קורסען, נעהמען אַרום די צייטען פון מלחמה און שלום און באַווייזען דעם גייסטיגען לעבען פון די יודישע קרייזען. צום דאָזיגען גייסטיגען געביט געהערען אויך די ליטעראַרישע אַרטיקלען אין דער פאָרם פון זכרונות און געקראָגען (וועגען י. ל. פרץ, שלום־עליכם, ד"ר קאַנטאָר און אַנדערע) פון ציטראָן, שאַבאַד און אַנדערע. דער אינטערעסאַנטער אַרטיקעל פון בוך איז ד"ר ווירשובסקי'ס „פון דער טעגליכער פּסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ליטווישע יודען". אַ דאָקטאָר און פּסיכיאַטער פרובט דאָ תופס צו זיין די פּסיכאָלאָגיע פון ליטווישע יודען און אַלס סאַמע באַדייטענסטען און כאַראַקטעריסטישען שטריך אַנאַליזירט ער די תשוקה פון יודען צו גריבלען זיך, צו

חקר'נען זיך. אַ בעזונדערען אינטערעס רופט אויך אַרויס דער אַרטיקעל פון אַדוואָקאַט ש. ראָזענבוים „יורידישע הילף“, וואו ס'ווערט דערצעהלט וועגען אַ רייהע שפּיאָנאַזש-פּראָצעסען.

(„יודישע פּרעסע“, בערלין, 1917, נומ' 19 און 20).

אַ בוך פון ליבע איז דער „ווילנער זאַמעלבוך“. און דאָך איז ער פול מיט די גורלות פון מלחמה. דער בוך דערצעהלט וועגען לעבען פון אַ גרויסער און חשוב'ער יודישער קהלה. וואָס דאָ ווערט דערצעהלט וועגען יודישען קינדער-לעבען און קינדער-ליידען אין מלחמה-צייטען, וועגען קינדער-הייטען, קינדער-קיכען, קינדער-שפּילפּלעצער, קינדער-שטערבליכקייט ווירקט אין איין און דערזעלבער צייט ווי אַ שרעק און אַ טרייסט. גענוי איבערצוגעבען דעם רייכען אינהאַלט פון בוך מוזען מיר זיך, פאַרשטעהט זיך, אָבזאָגען. מיר מוזען אָבער אויסטיילען אַ רייהע אַרטיקלען. פון די ליטעראַרישע אַרבייטען: ש. ל. ציטראָנ'ס זכרונות וועגען י. ל. פּרץ און שלום-עליכם. פּערלען פון ביאָגראַפישער אַנעקדאָטיק! דאָ געפינען מיר אויך אַ ווערטפולען בריוו פון שלום-עליכם צום דיכטער י. ל. נאָרדאָן, צום ערשטען מאָל פערעפענטליכט. פון די אויסגעצייכענטע אינסטרוקטיווע אַרטיקלען, צום טייל פון אַ שטענדיגען וויסענשאַפטליכען ווערט, זיינען אין בוך: „ווילנער ביבליאָטעקען“ און „ווילנער שולען“ פון מ. שאַליט, „ווילנער קהלה“ פון ציטראָן, „יודישע צדקה-טעטיגקייט אין ווילנא פאַר'ן לעצטען יאָהר“ פון ליוביטש, „פון דער אַלטענגליכער פסיכאָפּאַטאָלאָגיע פון די ליטווישע יודען“ פון ד"ר א. ווירשובסקי און אַ ווערטפולע אַרבייט וועגען דער „שטערבליכקייט פון די יודען אין ווילנא אין די די לעצטע 1½ יאָהר“ פון ד"ר צ. שאַבאַד. דערמיט איז אָבער דער רייכטום פון דעם „ווילנער זאַמעלבוך“, וואָס אַנטהאַלט 272 זייטען, איז געשמאַקפול אַרויסגעגעבען און איז געשריבען אין אַ שענעם, עכט-ליטוויש-ווילנער יודיש נאָך ניט אויסגעשעפּט.

(„נייע יודישע מאָנאַטסהעפטע“, בערלין, 1917, נומ' 10).

„אַז די איצטיגע מלחמה וועט מיט איהרע גרויסע איבערקעהרענישען עפענען אַ נייעם קאַפּיטעל פון אונזער פּאַסיווער געשיכטע איז זיכער. צו וועט אָבער די שאַפערישע געשיכטע פון יודישען פאָלק מיט דער מלחמה בעקומען אַ שטאַרקע ענטוויקלונג, דאָס הייגגט אָב פון דעם, צו די יודישע מענשען האָבען איבערגעלעבט די דאָזיגע מלחמה ניט בלויז אַלס אַ צייט פון עלענד, נור אַלס אַ צייט פון מעשים“. ווען הוגא בערגמאַן האָט אין ערשטען העפט פון ערשטען יאָרגאַנג „דער יודע“ געשריבען די דאָזיגע ווערטער, האָט ער ניט געקאָנט משער זיין, אַז נאָך אין זעלבען יאָהר וועט ערשיינען אַ בוך, וואָס וועט אויף זיין אַלטערנאַטיווע געבען אַ קאַטעגאָרישען ענטפער. די ווילנער יודען האָבען אין זייער „ווילנער זאַמעלבוך“ פערענטפערט פאַר ווילנא די פראַגע: צו דער אַנטרונענער אָדער דער העלד וועט געבען דעם פנים דער יודישער געשיכטע פון דער צייט. און דער ענטפער פון ווילנא איז — און ווייט איבער די גרעניצען פון ווילנא - דער ענטפער פון יודישען פאָלקסגייסט, וואָס נור ער אַליין איז בערופען צו אַנטשיידען די זאַך... דער העלפער האָט אַרויסגעשטופּט דעם אַנטרונענעם, דער לערנענדער — דעם ליידענדען. די צייט פון עלענד איז געוואָרען די צייט פון מעשים. אָט דאָס איז די מ, המה-צואה פון ווילנא, וואָס זי לאָזט איבער דער געשיכטע (דורך דעם „ווילנער זאַמעלבוך“).

(„דער יודע“, בערלין, אַפּריל-מאַי 1917).

גרעסערע ציטאַטען און גאַנצע אַרטיקלען פון ערשטען באַנד „ווילנער זאַמעלבוך“ זיינען איבערגעדרוקט אין אַ רייהע צייטונגען און זשורנאַלען [„יודישע רונדשוי“ (בערלין, 1917, נומ' 15—14); „מאָמענט“ (וואַרשוי, 1917, נומ' 47, 59); „נייע יודישע מאָנאַטסהעפטע (בערלין, 1917, נומ' 10, 13, 18) און אַנדערע].

* * *

---

